סוכאוואליע
גאניאנדז
אסאוויעץ
קאריצין
סאקאלקא
סאמדור
אדעלסק
קרינקי
טיקטין
וואשילקאוו
סופראס
זלאטאריא
כאראשץ
ביאליסטאק
טאראסיעליץ
טייך סופראסל
האראדאק
זאבלודאווע
מיכאלאווע
לאפי
סאקאלי
טייך נארעוו
נארעוו
נארעווקע
טייך נארעווקע
ביעלסק
אגוסטאוויא
ברייננסק
ארלע
באטקי




מאַפּע פון זאַבלודאָווע ביי ביאַליסטאָק מיט די שכנותדיקע יידישע שטעטלעך, וואָס זענען אַלע דורך די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן. — געצייכנט פון שלום וואַסילעווסקי.

# זאַבלודאָווע

## יזכור־בוך

די געשיכטע פון דער ידישער קהילה זאַבלודאָווע
פון איר בראשית ביז איר פאַרטיליקונג
דורך די נאַצישע רוצחים



אַרויסגעגעבן פון דעם יזכור־בוך־קאָמיטעט צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג
פון די ערשטע ידישע קרבנות פון חורבן־זאַבלודאָווע
יולי 1941 — יולי 1961

**בועננאָס־איירעס תשכ"א — 1961**

# רעדאַקציע און קאָמיטעט פון יזכור־בוך

רעדאַקציע־קאָלעגיע:

שמואל צעסלער, יוסף רעזניק, יצחק צעסלער

רעדאַקציאָנעלע קאָנסולטאַציע:

מרדכי וו. בערנשטיין

קאָמיטעט:

אליהו געלערשטיין (תל־אביב) — ערן־פּאָרזיצער

שמואל צעסלער — פּאָרזיצער
יוסף רעזניק — וויצע־פּאָרזיצער
יצחק צעסלער — סעקרעטאַר

זלמן רעזניק — פּראָ־סעקרעטאַר
חיים יאַכנוק — קאַסיר
אברהם ראָפּע — פּראָ־קאַסיר

מיטגלידער:

דוד זאַבלאָדאָווסקי
שעפּסל ברעסלאַווסקי
אברהם רעזניק
שמואל שערמאַן
משה צעסלער

חיים שלעסער
אברהם קאַשטאַן
גדליה בעזרוק
אברהם שעפּס
אברהם לאַפּעטשיי

סוב־קאָמיטעט אין מדינת ישראל:

מיכאל ליפשיץ (בן בנימין שרגא), אַבישי דאָלינסקי, שמואל (מוליע) בערנשטיין

# אינהאַלט

## 3) צווישן ביידע וועלט־מלחמות

## 4) זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין דער וועלט



## 5) חורבן און אומקום

## מאַפּעס און קונסט-צייכענונגען

# הקדמה

צוויי וויכטיקע סיבות האָבן אונדז באַוויגן אַרויסצוגעבן דעם י ז כ ו ר־ב ו ך לזכרון אונדזער פאַרשניטענער היימשטאָט ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ע. איינע אַ סענטימענטאַל־מענטשלעכע — דער רצון פון ווען פאַראייביקן אונדזער גייסטיקן עבר און קיום און שטעלן אַ דענקמאָל, וואָס זאָל זיין אַ לעבעדי־קער עדות, וואָס זאָל דערציילן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וועגן אונדזער לעבן און שאַפן אין דער אַלטער היים, וועגן אונדזערע עלטערן — זיידעס און עלטער־זיידעס; וועגן זייער שווערן אומאויפהערלעכן קאַמף פאַר ווירדיקער עקזיסטענץ; וועגן דעם שטאָלץ און ביטחון אין טאָג־טעג־לעכן געראַנגל פאַרן המשך פון די צוקונפטיקע דורות, וואָס מיר האָבן טאַקע אַריבערגעטראָגן אויך אין די נייע היימען, וווהין מיר זענען אַוועק. זאָלן אונדזערע יונגע דורות זען און דערקענען זייער אָפּשטאַם, — זאָלן זיי מיט אים שטאָלצירן, זאָל עס זיי פעסטיקן און סטימולירן צו וועבן ווייטער די זעלביקע פעדים פון המשך, וואָס טאָרן קיינמאָל נישט איבערגעריסן ווערן.

די צווייטע סיבה איז אַ געזעלשאַפטלעך־געשיכטלעכע: זאַבלודאָווע איז געווען איינע פון די עלטסטע ייִדישע ייִשובים אין דער אַמאָליקער אויסגעשפרייטער פוילישער דאָמיניע. דאָ אין זאַבלודאָווע האָט אין 17טן יאָרהונדערט אָפּגעהאַלטן אַ טייל פון זיינע סעסיעס דער באַרימטער „וועד מדינת ליטע" — דער ייִדישער פּאַרלאַמענט פון דער ליטווישער מדינה. יאָרהונדערטער האָט זיך געפירט אַ קאַמף צווישן די גרויסע פירנדיקע קהילות — גראָדנע און טיקטין — וועגן אונדזער זאַבלודאָווע, צו וועמען זאָל די דאָזיקע קהילה געהערן.

די היסטאָרישע זאַבלודאָווער שול מיט איר פיל־הונדערטיעריקער גע־שיכטע, וואָס איז געווען פון די וויניק־פאַרבליבענע וווּנדערלעכע רעליק־וויעס פון אַלטער ייִדישער אַרכיטעקטאָנישער קונסט. זאַבלודאָווע פון גרויסן גאון ר' בענדעט — דער מחבר פון „נר תמיד"; פון דעם לעגענדאַרן צדיק ר' יאָסעלע; פון ר' חיים־זעליק סלאָנימסקי, דעם השכלה־פירער, מאַטעמאַ־טיקער און רעדאַקטאָר פון „הצפירה"; פון דעם שרייבער און קעמפער יעקב קרעפּליאַק און אַנדערע, האָט נישט געטאָרט פאַרגעסן ווערן פון אונדזער געשיכטע, הגם די נאַצים, ימח־שמם, האָבן דאָס שטעטל מיט אירע ייִדן פאַרטיליקט.

די דאָזיקע קהילה האָט געמוזט פאַראייביקט ווערן אין אַ ספר וואָס זאָל קענען דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער דינען ווי אַ ווערטפולער מאַ־טעריאַל צו דער געשיכטע פון ייִדישן לעבן אין מיזרח־אייראָפּע; צו דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון די ייִדישע ייִשובים אין ליטע, פוילן, ווייסרוסלאַנד.

צוליב אָט די דאָזיקע צוויי וויכטיקע מאָטיוון האָבן מיר אין משך פון יאָרן געאַרבעט, געזוכט און גענישטערט מאַטעריאַלן, געפונען די פאַרשטענ־דעניש פון פערזענלעכקייטן, קאָמפּעטענטע יחידים, געזעלשאַפטן, היסטאָ־רישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער

אויפגאַבע און אַנטקעגן געקומען אונדז מיט מיטהילף ביים צונויפזאַמלען דעם נייטיקן און ווערטפולן מאַטעריאַל פאַרן „יזכור־בוך".

ווילן מיר טאַקע ביי דער געלעגנהייט האַרציק דאַנקען דעם שרייבער און פאָרשער מרדכי וו. בערנשטיין פאַר זיין כסדרדיקער מיטאַרבעט מיט אונדזער רעדאַקציע; דעם קינסטלער־לאַנדסמאַן בען (בן־ציון ראַבינאָוויטש) פאַר זיינע ספּעציעל־צוגעשיקטע פאַרן יזכור־בוך עקספּרעסיווע קונסט־צייכענונגען; דעם לאַנדסמאַן און ערן־פאָרזיצער פון קאָמיטעט אליהו געלער־שטיין פאַר זיין איבערגעגעבענער אַרבעט אין ישראל און אין אַנדערע ישובים לטובת דעם יזכור־ספר; דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ אין ניו־יאָרק און דעם ייוואָ אין בוענאָס־איירעס; דעם „יד־ושם" און העברעישן אוניווערסיטעט און נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים און אַנדערע פאַר זייער אַרויסווייזן דעם מאַקסימום פון פריינטלעכער באַציִונג און פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער אַרבעט, דורך צושיקן אונדז קאָפּיעס פון מאַנוסקריפּטן, דאָקומענטן, מיקראָפילמען און בילדער אין וועלכע מיר האָבן זיך גענויטיקט און טאַקע זיי אויסגענוצט אין אונדזער ספר.

אונדזער אָנערקענונג דער קליינער גרופּע אַקטיוויסטן פון „יזכור־בוך־קאָמיטעט", פאַר זייער יאָרנלאַנגער אַרבעט און די זאַבלודאָווער אין מדינת ישראל פאַר זייער מאָראַלישער הילף.

מיר מיינען, אַז הגם אונדזער זאַבלודאָווער משפחה אין אַרגענטינע איז קליין אין צאָל, האָבן מיר דאָך, ביי די שווערע באַדינגונגען, באַוויזן אַרויסצוגעבן דעם דאָזיקן היסטאָריש־וויכטיקן „יזכור־בוך", וואָס איז אַ באַשיידענע, סימבאָלישע מצבה פאַר אונדזערע קדושים וטהורים, און גלייכצייטיק דערפילט אַ גרויסן מאָראַלישן ערן־חוב לגבי אַלע זאַבלודאָווער אין דער גאָ־רער וועלט און לגבי די על־פי־נס און על־פי־צופאַל געראַטעוועטע.

רעדאַקציע

יצחק צעסלער

# יזכור...

דאָס האַרץ בלוטיקט... טרערן שטיקן אין האַלדז אַרויף... זייער שווער צום שרייבן, ווען מען ווייס אַז די דאָזיקע ווערטער זענען אַן אַריינפיר — צו אַ ספר וואָס דאַרף אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון אַ סך הונדערטער יאָרן פון אַזאַ וויכטיקער יידישער קהילה ווי ס'איז געווען דאָס שטעטל זאַבלודאָווע — ווען מען ווייס אַז דאָס דאָזיקע יזכור־בוך וועט זיין נאָר אַ בלייכער אָפּשיין פון יידישן פולסירנדיקן לעבן פון דורות, פון אַזאַ אַלטן היסטאָרישן ישוב, וואָס איז בוכשטעבלעך אָפּגע־מעקט און פאַרברענט געוואָרן ביז צום גרונט דורך די נאַצישע האָרדעס בימי היט־לער — ימח שמם וזכרם!

דאָס דאָזיקע יזכור־בוך פון אונדזער באַליבטער שטאָט זאַבלודאָווע ברענגען מיר ווי אַ צושטייער צו דער אַזוי־גערופענער חורבן־ליטעראַטור און יזכור־ביכער וואָס דערמאָנען — יידישן געוועזענעם לעבן פון די יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן און איז צום גרויס באַדויערן רעדוצירט געוואָרן בלויז אין — ספרים, וואָס אין זייערע זייטן וועט כאָטש פאַר די קומענדיקע דורות און קומענדיקן היסטאָרי־קער, דערציילט ווערן אַ ב י ס ל פון דאָס וואָס אונדזערע שטעט און זייער לעבן איז געווען אין דער אמתן און איז אַזוי אומברחמנותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה 1939 — 1945.

אונדזער יזכור־בוך איז אויך די מ צ ב ה — דער באַשיידענער מאָנומענט און אָ נ ד ע נ ק נאָך אונדזערע פאַרשניטענע טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער — ק ד ו ש י ם ו ט ה ו ר י ם — נאָך אַלע אונדזערע טייערע און ליבסטע וואָס זע־נען אומגעקומען על קדוש השם ועל קדוש העם! יונגע און אַלטע, פרויען און מע־נער, אומשולדיקע קינדערלעך און עופּהלעך — וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן מיט אַלע מיתות משונות — דערשאָסן, דערהרגעט און צעשטיקלט — פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן — און מיר ווייסן נישט ווו זייער געביין און אַש איז אַהינ־געקומען.

פאַר די אַלע וואָס זענען דאָ דערמאָנט אין בוך און וואָס זענען נישט דערמאָנט, זאָגן מיר אונדזער י ז כ ו ר ! און זאָל זייער הייליקער אָנדענק לייכטן אויף אַלע אייביקייטן!

יעדער אות פון בוך זאָל ברענען ווי אַן אָנגעצונדן ליכט נאָך די נשמות פון אונ־דזערע קדושים און זאָלן זיך צוזאַמענגיסן אין איין גרויסן ברענענדיקן פלאַם, ווי אַ גליִענדיקער, בלוטיקער קין־צייכן לעולם ועד, אויף די פאַרשאָלטענע דייטשישע מערדער און רוצחים פון אונדזער פאָלק פאַר זייערע גרויזאַמע קאַלטבלוטיקע אכזריותן!

---

# דער זכר לחורבן אויפן הר ציון

די מצבה לזכרון דער קהילה־קדושה פון זאַבלודאָווע און אירע פאַרפייניקטע מאַרטירער און קדושים, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין דעם מרתף־השואה (דעם קעלער פון אומקום) אויפן הר־ציון אין ירושלים.




דער דאָזיקער זכרון־דענקמאָל איז געשטעלט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו פון ערן־פאַר־זיצער פון אונדזער יזכור־בוך אליהו געלערשטיין אין נאָמען פון „ארגון יוצאי זבלודובה" אין ישראל און די צעזייטע און צעשפרייטע זאַבלודאָווער משפחות אין דער גאָרער וועלט.

אין דער לינקער זייט פון שטיין איז איינגעמויערט די מגילה מיט דער רשימה פון די קדושים וטהורים פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה.



זאַבלודאָווער היסטאָרישע שול. — טינט־צייכענונג פון יצחק צעסלער.

מרדכי וו. בערנשטיין

# אַלט־זאַבלודאָווע

**אַריינפיר. — א. די מחלוקת צווישן גראָדנע און טיקטין. — ב. פון זאַבלודאָוועער פּנקס. — ג. די סעסיעס פון „ועד מדינת ליטא" אין זאַבלודאָווע.**

## אַ ר י י נ פ י ר

די ווייטערדיקע שורות פּרעטענדירן בשום אופן נישט צו זיין די געשיכטע פון דעם קאָליִרפולן יידישן ישוב, די קהילה־קדושה זאַבלודאָווע. דאָס וועלן נאָר זיין צושטייער־פראַגמענטן צו דער געשיכטע פון דער קהילה וואָס האָט הינטער זיך געהאַט אַ גאָר פיינעם יחוס וואָס ציט זיך פון אָנהייב פון דעם 4טן יאָרהונדערט פון דעם אלף השׂשי. וואָלט נישט געקומען דער היטלער־חורבן וואָלט זיכער די זאַבלודאָוועער קהילה געפייערט איר 400 יאָריקן יידישן יחוס.

אָבער אנשטאט יובל־פייערונגען קומט גאָר אויס צו ריידן וועגן איכה־קלאַנגען, קינות נאָך אַ פאַרשניטענעם, פאַרשוווּנדענעם לעבן.

די ווייטערדיקע קאַפּיטלען זענען ווי געזאָגט פראַגמענטן צו יענער צייט ווען זאַבלוּדאָווע איז געווען אין בלי פון איר יוגנט, ווען פאַר זאַבלודאָווע האָט מען געפירט מלחמות. וועגן יענער בראשיתדיקער זאַבלודאָווע וועלן מיר דאָ איבערגעבן אַ ריי פּרטים וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער די פאַרשיידענע אַרכיוון, זאַמלביכער און ווערק ווי עס ווערט דערציילט וועגן דעם דאָזיקן פיינעם עבר.

איינע פון די אַלטע קהילות אין ליטע, וואָס איז בשעתה אַריבערגעגאַנגען פון איין ליטווישן שׂררה צו אַ צווייטן. דאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ יידיש לעבן וואָס איז פאַראייביקט געוואָרן אין פאַרשיידענע כראָניקעס און דאָקומענטן.

און דאָקומענטן האָט נאָך זיך די דאָזיקע קהילה איבערגעלאָזן, פאַרהעלטנישמעסיק זייער פיל. נישט נאָר דעם מאָנומענט פון אַרכיטעקטור, די זאַבלודאָוועער שול, וואָס איז געוואָרן אַ שם־דבר. (וועגן איר ווערט דערציילט אין אַן אַנדער פּלאַץ פון היינטיקן פּנקס). וועגן זאַבלודאָווע דערציילט דער פּ נ ק ס מ ד י נ ת ל י ט א, ווייל דאָ זענען פאָרגעקומען אַ ריי סעסיעס פון דעם ליטווישן ועד. וועגן זאַבלודאָווע דערציילן די פּסקים פון דעם ו ע ד א ר ב ע א ר צ ו ת, ווו עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן די ענינים וועגן דער אָנגעהעריקייט פון דער קהילה זאַבלודאָווע. וועגן זאַבלודאָווע דערציילט איר אַלטער פּנקס וואָס איז דורך אַ צופאַל געראַטעוועט געוואָרן.

וועגן די ווייטערדיקע דריי פראַגמענטן וועלן מיר איבערגעבן אין אונדזער היינטיקער אַרבעט:

א) דער סיכסוך צווישן גראָדנע און טיקטין וועגן זאַבלודאָווע.
ב) פון זאַבלודאָוועער פּנקס.
ג) די סעסיעס פון „ועד מדינת ליטא" אין זאַבלודאָווע.

מיר האָבן די באַזונדערע פּרטים צו יעדן פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל אַרויסגענומען פון אַ ריי מקורים: טייל געבראַכט אין זייער אָריגינעלן אויסזען; פאַרזען די דאָקומענטן מיט די



ערשטער דף פון דעם אַלטן זאַבלודאָווער פנקס, וואָס געפינט זיך אין ירושלימער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק. די ערשטע צוויי פאַרצייכענישן האָבן צו טאָן מיט דעם אופן פון סאַנקציעס קעגן מחללי־שבת און ווי־דערשפעניקע קעגן קהל. די דאָזיקע תקנות זענען פון זאַבלודאָווער קהל־שמש איבערגעשריבן פון דעם טיקטינער פנקס. אויף דער דאָזיקער בלאַט איז פאַראַן דער קאַטאַלאָג־שטעמפּל: בית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי ירו־שלים. די און די ווייטערדיקע פאָטאָסטאַטן פון פנקס זענען אונדז צוגעשיקט געוואָרן פון ירושלים.

נויטיקע באַמערקונגען און אויפקלערונגען. מיר זענען זיכער, אַז דערמיט האָבן מיר אַרויס־געהויבן פון פאַרגעסנקייט אַ שטיק געשיכטע נישט נאָר פון דער קהילה קדושה זאַבלודאָווע, נאָר טאַקע פון אַ גרויסן טייל פון מזרח־אייראָפּעאישן קיבוץ, ווו זאַבלודאָווע האָט געשפּילט איר אייגענע, אָנזעעוודיקע ראָלע.

## א) די מחלוקת צווישן גראָדנע און טיקטין פאַר זאַבלודאָווע.

די דאָזיקע מחלוקת האָט אָנגעהאַלטן פון יאָר שפ״א (1621) ביז ת״ס (1700). זאַבלו־דאָווע איז געווען בכלל אַריינגעשלאָסן אינעם גראָדנער גליל, אַהין פלעגט זי צאָלן די שטייערן, פון דאָרטן פלעגן קומען די פאַרשיידענע אָנווייזונגען פאַר דעם קהל. איז אויס־געבראָכן אַ מחלוקת צווישן טיקטין (טיקאָצין אין רוסיש און פויליש) און גראָדנע וועגן דעם, אונטער וועמענס דירעקטער אָרגאַניזאַציאָנעלער אויפזיכט זאבלודאָווע זאָל געהערן. די דאָזיקע וויכטיקע פראַגע איז אין משך פון די קרוב הונדערט יאָר באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ ריי צוזאַמענקונפטן פון דעם ועד ארבע ארצות. טאַקע פון די אָפּגעפונענע, אויפגע־היטע פּראָטאָקאָלן, פון די פאַרשיידענע פּסקים און די קאָרעספּאָנדענץ וואָס עס איז דאָן וועגן דעם ענין געפירט געוואָרן, ווערט אונדז קלאָר דער גאַנצער פאַרנעם פון סכסוך.

דער ערשטער דאָקומענט וועגן דעם דאָזיקן סכסוך איז אַ פּסק פון „גאוני ארץ הקדמו־נים", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר שע״ד (1614). גענויער אין וואָס דער פּסק באַשטייט איז נישט באַוווּסט, מען פאַרופט זיך נאָר אויף אים.

דעם ערשטן פולן דאָקומענט וועגן דאָזיקן סכסוך איז פון יאָר שפ״א (1621). דער ענין איז באַטראַכט געוואָרן אויף דער סעסיע פון ועד ארבע ארצות וואָס איז פאָרגעקומען אין לובלין (דאַן זענען עס נאָך געווען ג׳ ארצות) אויפן „יריד תמוז". צוויי פּסקים זענען עס געווען און אָט איז דער ווערטלעכער אינהאַלט 1): (די הערות זענען צום סוף פון קאַפּיטל).

דאָקומענט נומער 1

„על אודות החילוקים שהיו בין אנשי ק״ק (קהילה קדושה) טיקטין ובין אנשי ק״ק זבלודאווי מצאנו ופסקנו, שהפסק הראשון שפסקו ביניהם הגאו־נים הוא בתקפו, שהק״ק זבלודאב היא שייכת ומצורפת לק״ק טיקטין לכל דברים הנזכ־רים בפסק הראשון2). אך לע״ע (לעת עתה) מצאנו שהם פטורים ממסים ועולים שאינם מחוייבים ליתן לק״ק טיקטין, בהיות שיש להם ב״ה (בית הכנסת) חזן ושמש ובית הקברות; חוץ מצרכי רבנות הם מחוייבים ליתן לק״ק טיקטין ככל שאר הסביבות השי־כים לק״ק טיקטין.

דברי ראשי המדינות דשלש ארצות יום ו׳ י״ט אדר שפ״א לפק.

נאם מאיר בלא״א כהר״ר דוד זצ״ל ה״ה שמש דק״ק לובלין, הכותב וחותם בצ־ווי ראשי אלפי ישראל דג׳ ארצות יצ״ו (ישמרהם צורם וגואלם) פק ק״ק לובלין".

די ראשי־המדינות שטעלן פעסט אין דאָזיקן דאָקומענט, אַז אין אַלע ענינים פון ערשטן פּסק (פון יאָר שע״ד — 1614), געהערט זאַבלודאָווע צו טיקטין, אָבער היות איצט פאַר־מאָגט שוין זאַבלודאָווע אַ בית־הכנסת, אַ חזן, אַ שמש און אַ בית־הקברות דאַרפן זיי בכן אַ ריי אַנדערע שטייערן נישט צאָלן צו טיקטין, נאָר אַזויפיל וויפל די אַנדערע קהילות פון דער סביבה וואָס געהערן צו טיקטין. דער פּסק איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין לובלין אין יאָר שפ״א — 1621.

דאָקומענט נומער 2

„על אודות שנתעצמו לפנינו לדין יושבי ק״ק הארדנא והאלוף כהר״ר שמואל במהר״ר משה מבריסק עם מבוררי יושבי ק״ק טיקטין עבור הישובים זבלודאווי וחוואָרשטש והארדק והאריכו למעניתם

בטענותיהן. והנה ראה ראינו שתי ראיות: פסק האלופים הגאונים יצ״ו2) ופסק ראשי ומנהיגי הארצות יצ״ו. ועיינו היטב בדבריהם, מצאנו שכדבריהם כן הוא, כוונו כדת וכהלכה כנתנה מסיני ככה הפסקנו והחזקנו. ואף שדברי הגאונים אינן צריכין חיזוק, שהפסק הראשון שפסקו הגאונים הוא בתקפו ובגבורתו ואין שום פקפוק בעולם ונגישה, ובפרט שהגאון האלוף המרומם ר״מ (ריש מתיבתא) ואב״ד (ואב בית דין) מהר״ר דוד אב״ד בריסק הוא אחד מהגאונים שפסקו בין יושבי ק״ק הארדנה ובין יושבי ק״ק טיקטין; וגם הפסק השני3) שפסקו ראשי אלופי ארצות יצ״ו, שהק״ק זבלודאווי וחווארשטש והארדק הם שייכים ומצורפים לק״ק טיקטין לכל דברים הנזכרים בפסק הראשון של הגאונים יצ״ו. אך את זה מצאנו שהק״ק זבלודאווי הם פטורים ממסים ועולים שאינם מחויבים ליתן לק״ק טיקטין, בהיות שיש להם ב״ה וחזן ובית הקברות; חוץ מצרכי הרבנות מחוייבים הם ליתן לק״ק טיקטין ככל שאר הסביבות השייכים לק״ק טיקטין, כנזכר בפסק מנהיגי הארצות יצ״ו, גם כן הוא בתקפו ובגבורתו. ואין לשום אדם לפקפק על הפסקים הנ״ל (הנזכרים לעיל). כל הנ״ל יקויים בח״ח (בחרם המור) ובקנס אלף זהובים הגריים4) ואיזו איש אשר ימרה את פיהו ולא ישמע את דברינו ככל אשר כתבנו ילכד בחרם לפרע, והרשות נתונה לרדוף אותו בכל מיני רדיפות בעולם.

כה דברינו הנועדים ביריד תמוז5) השפ״א לפ״ק פה ק״ק לובלין.
נאום הק' יעקב בלא״א אברהם ר״י זצלה״ה משעברשין.
ונאום משה בלא״א החסיד מהר״ר שמואל הלוי זלה״ה מפפר״ט (פראנקפורט?).
ונאום יצחק בלא״א הגאון החסיד מוהר״ר פנחס הלוי זצ״ל הורוויץ מקראקא.
ונאום מרדכי בלא״א מהר' יודא ליאן זלה״ה.
ונאום יצחק ב״ר משה ז״ל איש פוזנא.
שמואל ב״ר יהושיע סג״ל איש הורוויץ״.




אַ ווינקל פון דער לאַנד־קאַרטע פון די יידישע ישובים אין דער צייט פון דעם וועד ארבע ארצות. מיר האָבן דאָ דעם טייל אַרום וועלכן עס איז פאָרגעקומען דער סיכסוך צווישן דער גראָדנער קהילה און דער טיק־טינער, ווי דאָס הייסט אויף דער מאַפּע: שטח מריבה בין טיקטין ובין הארארנא. דער דאָזיקער ווינקל פון דעם סיכסוך איז אַרומגערינגלט מיט אַ דינעם שטרייכן־רינג און נעמט אַרום די קהילות: זאַבלודאָווע, האָראָדעק, וואַסילקאָוו, כוואָראַשטש. די מאַפּע איז פון ישראל היילפּערינס „פנקס ארבע ארצות״.

דער דאָזיקער דאָקומענט נומער 2, איז אַ פּסק וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן זעל־ביקן ועד פון לובלין. ער באַשטעטיקט אין יסוד דעם פריערדיקן פּסק אַז די קהילות זאַבלו־דאָווע, כוואַראשטש, האראדאק געהערן צו טיקטין, אָבער זאַבלודאָווע דאַרף באַפרייט ווערן פון אַ ריי שטייערן צוליב דעם, וואָס זי האָט אַ ריי אייגענע קהלשע איינריכטונגען. אין דאָ־זיקן דאָקומענט איז אָבער פאַראַן די דראָאונג פון חרם פאַר די וואָס וועלן נישט אויס־פאָלגן דעם דאָזיקן פּסק.

דער ענין איז געוועזן פון אַזאַ וויכטיקייט, אַז די אלופים פון די דריי מדינות האָבן געמוזט באַשטעטיקן דעם פריערדיקן פּסק פון די גאונים. זיי האָבן דעם דאָזיקן פּסק באַ־צייכנט ווי אַ הלכה וואָס איז געגעבן געוואָרן פון סיני. עס נויטיקט זיך אָבער אַ געוויסע אויפקלערונג וועגן די דאַטעס פון די דאָזיקע צוויי דאָקומענטן. דאָקומענט 1 איז פון י״ט אדר און דער צווייטער דאָקומענט, וואָס פאַררופט זיך אויפן ערשטן איז גאָר פון אַ שפּעטער־דיקער דאַטע: פון תמוז. ווי זאָל מען עס פאַרשטיין. די ווייטערדיקע מעגלעכקייט קאָן דאָ זיין: דער ערשטער דאָקומענט איז אַן אויסצוג וואָס עס האָט געמאַכט דער „שמש דק״ק לוב־לין״, ער האָט עס געטאָן „בציווי ראשי אלפי ישראל״. קאָן גרייליך זיין, אַז ער האָט אויף דעם פּסק געשטעלט די דאַטע נישט ווען ער איז אָנגענומען געוואָרן, נאָר די דאַטע ווען ער האָט געמאַכט די קאָפּיע, ווען ער האָט עס אַרויסגעשריבן פון דעם פּראָטאָקאָל פון דעם ועד. וואָס שייך דעם בית־הכנסת וואָס עס ווערט דערמאָנט איןביידע דאָקומענטן האָט עס נישט קיין שייכות צו דער באַרימטער זאַבלודאָווער הילצערנער שול וואָס איז אויסגע־בויט געוואָרן אין יאָר ת״ו (1645).*) מען דאַרף אָבער פאַרשטיין, אַז צווישן דעם יאָר שע״ד, ווען עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער ערשטער פּסק און דעם פון „יריד תמוז״ אין לובלין, איז די קהילה אין זאַבלודאָווע אויסגעוואַקסן. דאָס וואָס עס ווערט אין ביידע דאָקומענטן אונטערגעשטראָכן, אַז איצט איז די לאַגע אַנדערש, ווייל די קהילה פאַרמאָגט אַ בית־הכנסת, אַ חזן, אַ שמש און אַ בית־הקברות. משמעות, אַז אין יאָר שע״ד איז עס אַזוי נישט געוועזן. אגב איז אינטערעסאַנט נאָך אַ פּרט. ביידע דאָקומענטן זענען פון זעלביקן ענין אין תוך, פון דעם פּסק. אָבער דער שמש וואָס האָט איבערגעשריבן דעם פּסק „בציווי״ האָט צווישן די זאַכן וואָס זאַבלודאָווע פאַרמאָגט צוגעגעבן אויך דעם שמש. ער געפינט זיך נישט אין דעם פּסק וואָס איז דורך די רבנים און מנהיגים אונטערגעשריבן געוואָרן. ער, דער שמש, האָט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער אַמט איז אַזוי וויכטיק ווי דער חזן, ווי דער בית־הכנסת און דער בית־הקברות.

ווי עס זעט אויס זענען די גראָדנער מנהיגים נישט געוועזן צופרידן מיט דעם פּסק פון „יריד תמוז״ אין לובלין און האָבן נישט מקיים געוועזן די דאָרטן אָנגעוויזענע כללים. די טיקטינער ראשים האָבן ווידעראַמאָל אָנגעקלאָגט גראָדנע צום ועד פון די מדינות. דער דאָזי־קער ועד האָט אויף זיין סעסיע אין יאָר שפ״ב, ווידער אין לובלין, באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַ זייער שאַרפע וואָרענונג צו דער גראָדנער קהילה. אָט איז דער טעקסט פון דעם בריוו:

### דאָקומענט נומער 3

„רב שלומים ואורך ימים, טובים ונעימים, לעד ולעולמים, יהיו מקויימים, לאהו־בינו אחינו היקרים והנעימים — — — שלמים ראשי ומנהיגי עדה הקדושה אבן הראשה ק״ק הארדנא יצ״ו. וע״ש (ועם שלום) מלכם בראשם האלוף המרומם עטרת

---

*) באמערקונג פון רעדאקציע:

וואָס שייך דער דאַטע וועגן דער באַרימטער הילצערנער שול וואָס דער מחבר שרייבט אַז זי איז אויסגעבויט געוואָרן אין יאָר ת״ו (1645), מוז פעסטגעשטעלט ווערן, אַז דער יאָר איז געוועזן אויפגעשריבן אויף איינע פון אירע ווענט פון די אַרומיקע צוגעבויטע פליגלען (קהל־שטיבלעך) פון דער שול — אָבער דער צענטראַלער טייל פון איר הויפּט־געביידע איז אויסגעבויט געוואָרן אַ סך פריער — טאַקע אַ סברא צווישן די יאָרן 1614 און 1621.

תפארת ישראל ר״מ (ריש־מתיבתא אָדער ראש־מדינה) ואב״ד מהר״ר י ה ו ד א יצ״ו.

הנה לשלום יצאנו לקראת מכ״ת (מעלת כבוד תורתכם), כדי שמענו תלונות ישראל אחינו יושבי ק״ק ט י ק ט י ן אשר המה מלינים עליכם. שמעכ״ת מערערים על פסק הגאונים והגבול שגבלו ראשונים ורוצים להרס המצב אשר גבלו ורוצים ליקח ביד חזקה. ובאמת פליאה נשגבה בעינינו למה זה המכשלה הזאת יצא מתחת ידיכם הלא ידוע למכ״ת פסקי הגאונים ודבר זה וכיוצא בזה לא נהיית מיום הוסדה על הארץ לעלות על דעת ראש הקהלה לערער על פסקי הגאונים ולהתנגד נגדינו ולהפיל דברינו ארצה. וגם מקרוב פעם שנית החזיקו בכל תוקף גזרתינו אחר שערערו על פסק הרא־



פאַרצייכעניש אין אַלטן פנקס פון זאַבלודאָווע, ווו עס רעדט זיך וועגן די חובות פון קהל, וואָס זענען נישט געדעקט געוואָרן און דעם אופן ווי אַזוי זיי אויסצוצאָלן. די נאָטיץ איז פון מאָנטיק, כ״ב כסלו, תל״ט (1679).

שון. על כן אהובינו באנו כמזכירין, שאל תעשו כזאת ותמשכו ותסלקו את ידיכם מהם ותשבו בשלום במחניכם, ואל נא תהא מריבה בינינו. ואם לא תשגיחו לדברי הגאונים ולא תשימו לבכם לדברינו ותאמרו נואש לדברינו, אזי תדעו נאמנה שנצא לקראתכם בקשת נחושה זרועותינו ונעקל הסחורות שלכם ב ל ו ב ל י ן ובכל מקום שידינו מגעת, עד שבהכרח תשמעו לקולינו ותצייתו לדברינו. לכן אהובינו אל תחזקו במחלקת וכלך מדרך זה, ואז כל העם יבא על מקומו בשלום. ודי בהערה זו לחכמים ונבונים ובכז תשבו בטח ושאנן כזית רענן ותזכו לביאת ששמו ינון.

כה דברינו יום ב׳ ר״ח טבת שפ״ב לפ״ק הנועדים לפה ק״ק לובלין.

ואם יש לכם איזו טענות ודברים, הלא היריד הסמוך לפניכם, אשר יתאספו שמה בעלי תריסין ומי בעל דברים יגש אליהם, ושלום.

נאם מאיר בן לא״א כהר״ר דוד זצלה״ה שמש דק״ק לובלין, כותב וחותם בציווי ראשי אלופי ישראל דג׳ ארצות יצ״ו״.

דער דאָזיקער דאָקומענט נומער 3, איז אַ זייער שאַרפע דראָאונג צו דער קהילה אין גראָדנע און איר רב זיי זאָלן נישט וואַגן צו ברעכן „ביד חזקה״, מיט גוואַלד, די באַשלוסן און די פּסקים אין דעם ענין פון טיקטין. עס ווערט דאָ אָנגעזאָגט און געוואָרנט זיי זאָלן מיט גוטן זיך צוריקציען פון דעם קריג. אויב אָבער זיי וועלן זיין איינגעשפּאַרט וועט מען קעגן זיי אַרויסגיין מיט דער גרעסטער קראַפט און מ׳וועט ק אַ ל י ע מ אַ כ ן ד י מ ס ח ר י ם פון די גראָדנער אין ל ו ב ל י ן און א ו מ ע ט ו ם ווו עס וועט נאָר ג ר ײ כ ן ד י ה אַ נ ט פון דעם ועד. (דער פּסק איז פון יאָר שפ״ב — 1622).

מיר ווייסן נישט וואָס עס האָבן געענטפערט די מנהיגים פון גראָדנע אויף דעם אויבנ־דערמאָנטן בריוו, ווו עס איז געווען סיי גרויס כבוד און לויב־געזאַנגען מיט שיינער מליצה פאַר דער קהילה־קדושה ה א ר ד נ א , סיי פאַר אירע פיינע ראשים און מנהיגים און ספּע־ציעל פאַר דעם „מלך און אלוף״ דעם רב. מיר האָבן נישט קיין באַווייזן צי זיי האָבן טאַקע צוגעשטעלט תביעות און טענות צום נאָענטן „יריד״ פון שפ״ב; מיר ווייסן אויך נישט צי עס איז געקומען צו רעפּרעסיעס מצד דעם ועד קעגן די גראָדנער סוחרים. דערפאַר אָבער האָבן מיר גאָר אַ שאַרפן בריוו צו די קהילות אין זאַבלודאָווע, כוואַראָשטש און האָראָדאָק פאַר זייער נישט אויספאָלגן די פּסקים פון די ועדים. אָט וואָס מיר לייענען:

ד אָ ק ו מ ע נ ט נ ו מ ע ר 4

„השוכן סנה, שלומכם יענה, בכל עת ועונה, לאהובינו יושבי ק״ק ז ב ל ו ד א ו ו ח ו ו א ר א ש ט ש ו ה א ר ד ק יצ״ו.

לעצור במלין לא נחשה מקרוא בגרון אליכם שזה פעמים ושלש אמרתם נואש לדברי הגאונים ומנהיגי הארצות יצ״ו ולא שמעתם לדברי המורים ונתתם כתף סוררת כנגדם וכן לא יעשה. ולא עלה יעלה על שום דעת קהלה מיום הוסדה הארץ לחלוק וליצא לריב נגד הגאונים ונגד מנהיגי הארצות יצ״ו. ע״כ (על כן) באנו להזהיר אתכם שעל ארבע6) לא תשיבו שום דבר ושימו יד לפה, דבר א׳ מן הפסקים שיש בידי אנשי ק״ק ט י ק ט י ן לא יפול ארצה וכל דבריהם יהיו שרידין וקיימין, הן שפסקו כבר הגאונים, הן שפסקו מנהיגי הארצות יצ״ו ביריד גראָמניץ5) שפ״א וביריד דהאידנא. וכל אשר ימרה את פינו ויפעור את פיו לחלוק וליצא לריב ולהחרחר מדון נגדינו, אזי תדעו נאמנה שקנאין פוגעים בו בכל עונשים וקנסות. לכן מהיום והלאה לא ירים שום איש ידו ורגלו לחלוק על דברינו ומכ״ש (ומכל שכן) על דברי הגאונים בח״ת (בחרם חמור), שיהא מופרש ומובדל מכל קדושת ישראל, פתו פת כותיים, יינו יין נסך, בעילתו בעילת זנות, ולא יצרפו אותו לשם דבר שבקדושה, ולא יעשו לבניו חופה וקידושין, ולא ימולו את בניו, ויהיה גדול עונשם מנשוא, ומצודתו מצודת נח״ש (נדוי, חרם שמתא) יהא פרוסה למפרע עליו, ולא יוכל להיות נמלט, ונפרסם קלונו ברבים. והרשות נתונה ביד

יושבי ק״ק טיקטין לרדוף את העובר עד חרמה. כדי שלא יהיה עוד קצף לפני עדת בני ישראל ראשי ומנהיגי הארצות יצ״ו. השומע לדברנו ולגזרתינו לקיים יזכה לחיים.
כה דברי הנועדים ביריד תמוז השפ״ב לפ״ק, פה ק״ק ל ו ב ל י ן.
נאם הק׳ יעקב בלא״א אברהם ר״י זצלה״ה משעברשין,
ונאם משה בלא״ה החסיד מוהר״ר שמואל הלוי זלה״ה מפפור״ט,
ונאם יצחק בלא״א הגאון החסיד מוהר״ר פנחס הלוי זצ״ל הורוויץ מקראקא,
ונאם מרדכי בלא״א מהר״ר יודא ליאן זלה״ה,
ונאם יצחק בר משה איש פוזנא,
ונאום שמואל בר יהושיע סג״ל איש הורוויץ״.

עס איז אַ בריוו פון זעלביקן ועד פון שפ״ב — 1622 צו די קהילות פון זאַבלודאָווע, כוואראשטש און הארדאק. מען זאָגט זיי אָן זיי זאָלן זיך האַלטן ביי דעם פסק פון די קדמו־נים, אַז זיי געהערן צו טיקטין. עס ווערט געוואָרנט, אַז ווער עס וועט אַרויסטרעטן קעגן דעם וועט אַריינגעלייגט ווערן אין אַ ח ר ם ח מ ו ר — ער וועט זיין אָפּגעטיילט פון יעדער דבר שבקדושה, זיין ברויט וועט באַטראַכט ווערן ווי גויאיש ברויט, זיין ווייַן ווי יין־נסך, זייע־רע חתונות זענען קיין חתונות נישט, די קינדער ממזרים, מען וועט זייערע קינדער נישט געבן קיין חופה וקדושין און נישט מל זיין זיי.

העכער דרייסיק יאָר, פון שפ״א (1621) ביז תי״ג (1653) איז געווען שטיל מיט דער גראָדנע־טיקטין־זאַבלודאָווער מחלוקת. עס דערציילן דערוועגן נישט די דאָקומענטן. אָבער אָט איז אויף דער סעסיע פון דעם ועד הארצות וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר תי״ג אויפן יריד אין י ע ר אָ ס ל אַ ו ווידער אַרויפגעשווומען דער ענין. דאָ ווערט שוין, אויסער די דריי קהילות אַרום וועמען די מחלוקת איז געגאַנגען, דערמאָנט אַ פערטע קהילה ו אַ־ ש י ל ק אָ ו ע. מיר וועלן זיך באַקענען מיטן

דאָקומענט נומער 5:

„כרם נחמד, נטעי שעשועים, אבירי הרועים, לאומתם נשיאים, ה״ה (הלא המה) אהובינו אחינו האלופים החכמים, תורה וגדולה וכל יקר ותפארת — — מסויימים, ההרים הרמים; המנושאים כקרני ראמים, הרוזנים וקצינים ראשי ומנהיגי עדה הקדושה דק״ק ה א ר ד נ י יצ״ו, ותפארת מלכם בראשם האלוף המרומם הגאון, משקה ומרוה לצמאון, צניף הטהור — — נ״י ע״ה מוהר״ר משה ש״י ר״מ ואב ב״ד דק״ק הנ״ל.

בעצם היום הזה נשמע באזנינו הצעת דברי קובלנא האלופים הקצינים ומנהיגי דק״ק ט י ק ט י ן יצ״ו ע״י (על ידי) שלוחם כמותם למאוד מאוד על מעלתכם, בענין אשר מעלתם אינכם מתנהגים עמהם לפי תוקף הכתבים ופסקים שבידם מהאלו־פים הגאונים הרבנים בצירוף הרוזנים מנהיגי הארצות יצ״ו, עד אשר רום מעכ״ת (מעלת כבוד תורתכם) מתאמצים למשוך לבי דינא רבה דמעלתכם, את הישובים שלהם, דהיינו ק״ק ז א ב ל ו ד ב ה, ח וו א ר ש ט ץ ו̈ה א ר ד ק וגם ו ס י ל ק א וו, אשר חדשים מקרוב נתישבו בתוכם אנשי חוואראשטץ השייך להם לפי הפסקים שבידם, לא יאומן כי יסופר הדבר הזה, כי תמיה נפלאה על ב״ד יפה רמה ונשאה ביש־ראל כמעלתכם אשר אינם מקיימים דברי חכמים רוזנים מנהיגי הארצות בצירוף גאוני ארץ ולפרוץ חלילה את אשר גבלו הראשונים. ואם כן מה הועילו חכמים בתקנתם? ע״כ (על כן) נא אהובינו, בקשתינו שחלילה למעלתכם לשלוח יד בהישובים הנ״ל בשום דבר בעולם. רק שאלופים מנהיגי דק״ק טיקטין יצ״ו יהיו מוחזקין בהיישובים כנ״ל והם שייכים להם כמאז ומקדם, כפי תוקף דברי הכתובים ופסקים שבידם מהרוזנים מנהיגי ארצות בצירוף גאוני ארץ. ואם יהיה למעלתכם איזה דין ודברים על זאת הלא יש ת״ל (תודות לאל) אלקים ושופטים בישראל, ותשלחו כתב מכם ובכם לפני השלחן הטהור מושב זקנים גאוני ארץ ליריד גראמניץ הסמוך תי״ד לפ״ק ושמה יקוב הדין לפני



**פראָטאָקאָל** וועגן רעזולטאַט **פון די וואַלן פון מנהיגים פון קהל פאַר דער צייט פון חול־המועד פסח תצ״ה ביז חול־המועד פסח תצ״ו** (1735 — 1736). **פון דאָזיקן פראָטאָקאָל איז צו זען, אַז עס זענען געוויילט געוואָרן:** אלופים ראשים; **אלופים** טובים; אלופים בוררים; אלופים עיקרים; אלופים גבאים; **חוץ דעם נאָך אויך** ארץ־ישראל־גבאים **און שאַצערס.**

הגאונים כנהוג שביניכם ולהקריב את משפטיכם עמהם עבור הישובים הנ״ל. ותוקף גזרתנו על השני צדדים הנ״ל שיבואו לצ״ד (לציית דינא) זה לזה וזה לזה ביריד גראמ־ניץ הנ״ל ושמה יקוב הדין את ההר ביניכם. וביני לביני יגבה כל צד את עדותו וזכיותיו ויביאו ליריד גראמניץ הנ״ל. ועד המשפט חלילה למעלתכם לשלוח יד בהישובים הנ״ל. ובזה יהיה למעלתכם שלום מא״ה (מאם השם) ומאתנו האלופים הרוזנים והקצינים מנהיגי ארצות יצ״ו.

היום יום ד׳ י״א אלול תיג״ל פה יריד י ע ר ס ל ב.
נאם הצעיר אשר הנקרא ענז״ל בן לא״א האלוף החסיד מהר״ר צבי כץ זצ״ל,
ונאם יהודה אברהם בן לא״א ישראל הענדליש,
ונאם אברהם ר׳ ליפמנש היילפרין,
ונאם עזריה בנימין וואָלף בן לא״א הר״ר אברהם זלה״ה מלאדמיר,
ונאם יצחק בלא״א מוהר״ר צבי הירש זלה״ה.

אין דאָזיקן דאָקומענט 5, דער בריוו צו גראָדנער קהל און זייער רב וואָס איז געשריבן פון דעם ועד פון יעראָסלאוו אין יאָר תי״ג — 1653 ווערט ווידער אַפּעלירט אָפּצוהיטן די פריערדיקע באַשלוסן און נישט צעברעכן דעם פסק פון קדמונים. דאָ ווערט שוין אויך דער־מאָנט וואשילקאָווע. עס ווערט פאָרגעשלאָגן, אַז די גראָדנער קהילה זאָל צושיקן אירע שלי־חים וואָס זאָלן קומען אויפן נאָענטסטן „יריד גראמניץ" אין לובלין און אַרויסלייגן זייערע טענות און תביעות.

הכלל נאָך דעם דאָזיקן רוף, אַז די גראָדנער קהילה זאָל קומען צום בית־דין אויפן „יריד גראמניץ", איז טאַקע אין לובלין אין דעם יאָר תי״ד פאָרגעקומען די דין־תורה. אין בית־דין זענען געזעסן פינף דיינים, דריי פון ועד הארצות און צוויי פון ועד מדינת ליטא. אָט ווי עס האָט אויסגעזען דער פסק:

ד אָ ק ו מ ע נ ט נ ו מ ע ר 6

„על אודות החילוקים אשר היו בין האלופים הרוזנים ראשי ומנהיגי דק״ק ה ר א ד נ א ובין האלופים הרוזנים ראשים ומנהיגים ט י ק ט י ן יצ״ו, ע״ד (על דבר) הפסק הקדום שביניהם שנפסק מפי גאוני ארץ הקודמים ונפלו חילוקים ביניהם בפירוש דברי הפסק הנ״ל, איך יתנהגו בדין שבין איש לחברו בק״ק ז א ב ל ו ד אָ ו ו י יצ״ו. ואנחנו ח״מ (חתומי מטה) נתבררנו לדון ביניהם על כל החילוקים. ובכן זאת אשר מצאנו בענין הזה לבל יפול דבר ארצה: דהיינו כל החילוקים שיהיה בק״ק זאבלודאָווי מחמת עסק הנהגת האורנדא דק״ק הנ״ל הן הנהגת חזקת האורנדא הן הנהגת וסדר שיתנהג האורנדר עם יחידים מהקהל, באם שלא יתנהגו כסדר שנעשה להם כבר, וכן בענין הנהגות עשיות התמנות הקהל בענין זה שייך ק״ק זאבלודאָווי לק״ק הארדנא; וזולת זה לכל דבר שבעולם שייך ק״ק זבלודאָווי לק״ק טיקטין והם ב״ד (בית דין) הגדול של ק״ק זבלודאָווי. וכל הכנסות שכר ב״ד שיהיה ע״י (על ידי) עסק הארנדי הנ״ל וע״י עסק התמנות הקהל שייך לק״ק הארדנא. והפסקים הקודמים מגאוני ארץ וכן פסקי הארצות יצ״ו על ק״ק זבלודאָווי הם בתקפם ובגבורתם לכל הדברים הפרטיים הנזכרים שם. וכן כל הכנסות שכר ב״ד שבק״ק זבלודאָווי שייך לק״ק טיקטין הב״ד הגדול שלהם, זולת שכר ב״ד מעשיות התמנויות הקהל ועסקי האורנדא שייך לק״ק הארדנא כנ״ל. ובענין המשפטים שבין אדם לחברו בדיני ממנות שיהיו בין אנשי ק״ק זבלודאָווי יתנהגו ככה: עד סך שלשים זהובים יש רשות ביד אנשי ק״ק זבלודאָווי לדון בעירם בפני הב״ד שלהם, ומי בעל דברים יגש אליהם, וכל אחד מבעלי דינים מחייב לצ״ד (לצייתא דינא) שם בעירם בפני הב״ד שלהם; ומסך שלשים זהובים ומעלה רשות ביד כל אחד הן התובע הן הנתבע לקרב משפטים לק״ק טיקטין לב״ד הגדול שלהם. והב״ד דק״ק טיקטין יכולים ורשאים לקנוס ולענוש את אנשי ק״ק זבלודאווי בממון ובשאר

עונשים כפי שיראה ביניהם לפי העת והצורך. רק להעביר א׳ ממבוררי הקהל ממנוי שלו או להעניש אחד מהם לגזור עליו שיהא אסור לבא במנוי הקהל. בדבר הזה אין כח ביד הב״ד דק״ק טיקטין להעניש אחד מאנשי זבלודאווי עונש כזה. זאת אשר מצאנו לפרש דברי פסק הגאונים הנ״ל וכפי פירוש הזה יתנהגו עד כלות חמש שנים מהיום, ויקויים כל הנ״ל בכל תוקף ועונשים שבעולם. זה הדבר אשר יצא מפינו אנחנו המבוררים הנ״ל ביומא דשוקא ביריד גראמניץ יום ב׳ ה׳ ניסן תי״דל פה ק״ק לובלין יצ״ו.

נאם הטרוד יהושע העשיל בן לא״א הגאון מוהר״ר יעקב זצלה״ה;
ונאם דוד הוא הקטן בלא״א מוהר״ר שמואל לוי זלה״ה;
ונאם יונה בן מהר״ר ישעיה ז״ל תאומים מפראגא;
ונאם משה בן מהר״ר יצחק מקראקא;
ונאם הצעיר באלפי יודא בלא״א הח״ר בנימין וואלף איש טראפא״.

אין דאָזיקן פסק פון תי״ד — 1654 וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין לובלין ווערט קלאָר פאָרמולירט אויף וויפל און אין וועלכע ענינים עס איז זאַבלודאָווע זעלבשטענדיק און ווו עס מישט זיך אַריין טיקטין, און אין וואָסערע ענינים זי געהערט צו גראָדנע. עס ווערט רע־גולירט די פראַגע פון ארענדעס און אַרענדאַרן. אויך ווערט פעסטגעשטעלט אַ געוויסע גראַ־דואציע אין משפטים, וואָס פאַר אַ סיכסוכים עס קענען דערליידיקט ווערן אין זאַבלודאָווע און וואָס דאַרף אַריבערגעפירט ווערן קיין טיקטין. טיקטינער קהל האָט אויך דאָס רעכט צו באַשטראָפן די זאַבלודאָווער קהילה מיט פאַרשיידענע געלט־קנסים אָדער אַנדערע שטראָפן. טיקטין קאָן זיך אָבער נישט אַריינמישן אין די אינערלעכע קהל־ענינים פון זאַבלודאָווע, דהינו אַראָפּנעמען וועמען פון די מנויי הקהל וכדומה.

פון דעם דאָזיקן פסק איז צו זען, אַז די מחלוקת איז געווען אַרום דעם אופן ווי אויס־צוטייטשן דעם פריערדיקן, ערשטן, פסק פון די גאונים. עס זענען געווען מיינונג־פאַרשידנ־קייטן וועגן די קאָמפּעטענצן פון דער אָרטיקער קהילה און די אַנדערע צוויי, גראָדנע און טיק־טין, צו וועמען זאַבלודאָווע האָט געהערט. דער דאָזיקער פסק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף פינף יאָר. מיר האָבן נישט קיין שום דאָקומענטן וועגן דעם צי נאָך די פינף יאָר האָט מען דעם זעלביקן פסק באַנייט, צי עס זענען איינגעפירט געוואָרן אַנדערע כללים אין דער קעגנזייטי־קער באַציאונג צווישן די דאָזיקע קהילות. ערשט מיט 14 יאָר שפּעטער, איז דער ענין נאָך אַמאָל געשטאַנען פאַרן ועד פון די ארצות, אויף דער סעסיע וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם יאָר תכ״ח (1668) אין ל ע ב ט ש נ ע. און אָט וואָס מיר לייענען אין דעם

ד אָ ק ו מ ע נ ט נ ו מ ע ר 7:

„האלופים הקצינים המנהיגים דק״ק הוראדנא יצ״ו המשולחים מק״ק ההוא נגשו לפנינו לדין לדבר משפט נגד האלוף הראש מהר״ר יעקב במהר״ר שמואל מק״ק טיקטין משולח בעסקי הקהלה יצ״ו, ע״פ (על פי) ההזמנה אשר השיגו ק״ק הוראדנא ביריד גראמניץ תכ״ח לפ״ק על ק״ק טיקטין מכבוד המאורות הגדולים הרבנים, ומהר״ר יעקב הנ״ל השיב מה שהשיב. בכן פסקנו שאין מקום למשפט הנ״ל בפנינו, רק בק״ק לובלין ביריד גראמניץ תכ״ט לפ״ק בזבל״ש וזבל״ש (בזה בורר לו שנים וזה בורר לו שנים),7) ואם ירצו ק״ק הורדנא שהב״ד ההוא יפסקו ביניהם באם שיתערער להבא ביניהם בעסק הישובים הנ״ל, אם ידונו בזבל״ש וזבל״ש דוקא ביריד לובלין או בזבל״ש וזבל״ש באיזה קהלה אחרת, אזי יזדקקו הב״ד ההוא שידונו ביניהם בלובלין איך יתנהגו להבא, אם ידונו להבא בלובלין בזבל״ש וזבל״ש או בקהלה אחרת בזבל״ש וזבל״ש. וכל משך זמן אשר עדיין לא יקוב הדין ההר בין הצדדין הנ״ל בעסק הישובים זבלודוו וחוואָרשטש, יתנהגו בעסק הישובים הנ״ל כמבואר בפסקים מהגאונים הרבנים, ולא יכנס שום אדם בתחום שאינו שלו כמבואר בפסקים הנ״ל בהוספת כח וחיזוק לכל צד לפי זכיותיו. כ״ד (כה דברי) המאורות הגדולים

בלאַט פון אַלטן פנקס מיט דער דאַטע פון דאָנערשטיק, ד׳ אב על אמ״ת (תקמ״א — 1761) וו עס ווערט דערציילט, אַז דער האלוף המרומם כהר״ר מרדכי בה״דר שלמה האָט מנדב געווען 300 גילדן וואָס מען זאָל איינלייגן ביי אַ בטוח און די ריווחים דערפון (די פראָצענטער) זאָל מען נוצן כדי צו קויפן האָלץ און ליכט פאַרן בית המדרש. אונטערן כתב איז צווישן אַנדערע אויך אונטערגעשריבן דער אָב־בית־דין ברוך בענדעט.

הרבנים מ״צ (מורי צדק) היושבים כסאות למשפט בין קציני רוזנים מנהיגים ד״א (דלד ארצות) יצ״ו ומדינות ליטא. היום יום ד׳ ג׳ מנחם (אב) תכח״ל בוועד קודש פה ק״ק ל ע נ ט ש נ י.

נאם משה בן מהר״ר יצחק ז״ל מקראקא;
ונאם הק׳ בא״א מוהר״ר בנימין וואלף ז״ל חונה בק״ק אפטא;
הצעיר מרדכי בלא״א מוהר״ר בנימין וואלף גינצבורג;
נאום יוסף (ר׳ דודש)״.

אין דעם דאָקומענט נומער 7 ווערט דערציילט אַז די אלופים און קצינים פון גראָדנאָ האָבן ווידער געבראַכט דעם ענין פון זייער סיכסוך מיט טיקטין וועגן זאַבלודאָווע און כוואָ־ראָשטש. דער דאָזיקער ועד פון לענטשנע וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר תכ״ח (1668) האָט זיך אָבער נישט געפונען קאָמפּעטענט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג און האָט דעם ענין אָפּגע־לייגט אויף אַ וויטערדיקער סעסיע וואָס וועט פאָרקומען אין לובלין אין יאָר תכ״ט — 1669.

מיר ווייסן אָבער גאָרנישט צי דער ענין איז דאָרטן טאַקע באַטראַכט געוואָרן. מיר האָבן אַ פסק וואָס האָט אַ שייכות צו טיקטין וואָס איז דאַן אָנגענומען געוואָרן אָבער דאָס האָט נישט צו טאָן מיט דער מחלוקת אַרום זאַבלודאָווע. ערשט פון יאָר ת״ס (1699) הערן מיר ווידער וועגן דעם אויף אַ סעסיע פון דעם ועד הארצות, וואָס איז פאָרגעקומען אין יערא־סלאַוו. עס דערציילט וועגן דעם דער

ד אָ ק ו מ ע נ ט נ ו מ ע ר 8:

„שרי צבאות ישראל, מוכתרים בהוד והדר כיקותיאל, חוקם ומשפטם בישראל, כעת יאמר להם מה פעל אל, ה״ה (הלא הם) אהובינו אחינו ורעינו האלופים רוזנים והקצינים ראשי מנהיגי דהקהלות ראשי ד׳ מדינות ליטא יצ״ו, ובראשיהם כבוד מאורות הגדולים הרבנים ממלכת כהנים, הדרת פניהם כשרפים ואופנים, יקרים מפנינים, נ״י (נר ישראל) פ״ה (פטיש החזק) עמ״ה (עמוד האש) ר״ג (ריש גלותא) אב״ד מ״צ (אב בית דין מורה צדק), מר כאתריה ומר כאתריה, נרם יזרח לעד, אמן כי״ר (כן יהי רצון).

נלאנו נשוא גודל העברת הדרך שהאלופים קצינים ק״ק ה ו ר א ד נ א יצ״ו מעברין ומעקמין נגד ק״ק ט י ק א ט י ן בנדון הישובים ז ב ל ו ד א ו ו י ה א ר ד ק ו ח ו ו א ר ש ט ץ, וכל הפסקים הקודמים מאת גאוני ארץ הרבנים הקדושים דמדינת ליטא מאפס ותהו נחשבו להם. שלחנו אליהן השכם ושלוח שנה בשנה לבלי יפרצו גדר וגבול עולם, באשר אין להם על הישובים הנ״ל זולת שני דברים בלבד, היינו עסקי אורנדש והתמנות ותו לא מידי; ועתה מתנכלים ומתאנים תואנה מבקשים להשתרר ולהשתעבד בהם בכח וביד חזקה בהמצאות ותחבולות, וכן לא יעשה. הנה הדבר הוחלט בוועד ל ו ב ל י ן תכ״ח לפ״ק ו ב ל ע נ ט ש נ י, שבאם יאמר שיש להם איזה דין ודברים יקרבו למשפט בארצינו בזבל״ש וזבל״ש, וכב״ד הרב המאור הגדול במוהר״ר ה ל ל נ״י אב״ד ור״מ בק״ק ו ו י ל נ א יצ״ו שהוא הוא נבחר למכריע כתבונתו; מאחר שלא באו למיצוי הדין אזי הדבר כדקאי קאי, לא הורע כח הפסקים וכתבים הקודמים בנדון הכבוד והתנשאות של קציני ק״ק טיקטין שהם הם הבדה״ג (הבית דין הגדול) שלהם בישובים הנ״ל, כפי שבידם רשום בכתב אמת וצדק. וכל זאת לא הועיל, נעוינו משמוע נבהלנו מראות, כי לא נשמע ולא נראה כזאת בכל תפוצות ישראל. יש לאל ידינו הרמה למעבד דינא לנפשינו בכל מיני יכולת, אך באנו מקודם להודיע הדבר לרום הוד מכת״ר (מעלת כבוד תורתו) אשר שבט המושלים ממשלת הצדיקים ביד רום מכת״ר להסיר המכשלה הגדולה הזאת. ובקשתינו מאת רום מכת״ר למען האמת והשלום יוכיחו על פניהם תוכחת מגולה בשבט אנשים ולהפריע אותם ממעשיהם, רק יתנהגו כפי הפסקים הקודמים בלי שום השתנות כלל, כל אימת

שלא יקוב הדין את ההר ביניהם בזבל״ש וזבל״ש בארצותינו במקום המוכשר לוועד דד״א (דדלד ארצות) יצ״ו. מובטחים אנו ברום הוד מכת״ר עשו יעשו כדת וכראוי והגון להסיר כל מכשול וכל פוקה, כדי שלא יהיה לקציני ק״ק טיקטין מקום ללון אפילו תלונה אחת. ואהרי הודיע אותם כל זאת נקיים אנחנו מה׳ וישראל, כי הרבה נכנסנו לפני ולפנים משורת הדין עם ק״ק הוראדנא ופתחנו בשלום כדרכינו תמיד, ומעתה נדע כדת מה לעשות ולא נוותר מכבודינו אפילו... בשום ענין, ונעשה מה שביכלתנו ובכחינו היפה שבודאי יתחרטו ק״ק הוראדנא. ומה לנו להרבות דברים, מובטחים אנחנו בחכמתם ובתבונתם שיגדרו גדר ויעמדו בפרץ, ובזה תנצלו מכל כליון וחרץ. והיה כי יגיעו דברי קדשיכם אלינו כדברי חפץ נכבדם ועטרה לראשינו נענדם, והיה זה שלום. כ״ד המאורות הגדולים הרבנים האיתנים דד״א יצ״ו היום יום ו׳ ז׳ חשון תסמ״ך לפ״ק ביומא דשוקא בהתוועדות קודש פה ק״ק י ע ר ס ל ב.

הק׳ אריה יהודא ליב חונה ק״ק קראקא;\
ונאם נפתלי הכהן החונה בק״ק פויזין יע״א והגליל יצ״ו;\
הק׳ שאול החונה בג׳ ק״ק קראקא יצ״ו;\
ונאם הקטן מרדכי זיסקינד רוטנבורג חונה ק״ק לובלין והגליל יצ״ו;\
ונאם הק׳ נפתלי הירץ אשכנזי חונה ק״ק קאוולא לע״ע;\
ונאם הצעיר יואל היילפרין;\
ונאם זכריה מענדיל החונה בק״ק בעלזא יצ״ו״.

אין דעם דאָזיקן בריוו צו גראָדנאָ וואָס איז באַטיטלט מיט די גרעסטע עפיטעטן און שבחים פאַר דעם קהל און זייערע מנהיגים ווערט אָבער זייער שאַרף געטאַדלט זייער האַנד־לונג אין נישט אויספירן די פסקים פון די פריערדיקע ועדים. פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון דער דעמאָלטיקער מליצה וועלן מיר פרוון איבערטייטשן אין יידיש דעם אַריינפיר פון דאָ־זיקן בריוו:

די הארן פון ישראלס מחנה, באַקרוינט מיט שיינקייט און פרעכטיקייט, וואָס זייער געזעץ און משפט ביי ישראל איז אַזוינס ווי גאָט האָט עס געטאָן. דאָס זענען אונ־דזערע געליבטע ברידער און פריינט די אלופים, די פירשטן און אַדעליקע, די קעפ און פירער פון די ליטווישע קהילות און אין זייער שפיץ געפינען זיך די גרויסע לייכטער, די רבנים. אַ קיניגרייך פון כוהנים, זייער שיינקייט איז ווי פון מלאָכים און שרפים, טייערער פון דימענטן, די ליכט פון ישראל, די שטאַרקע האַמערס, די פייערדיקע זיילן, די עלטסטע פון גלות אאַז״וו.

נאָך דעם דאָזיקן אַריינפיר קומט אין טעקסט די וואָרענונג, אַז מען האָט צופיל זיך גע־לאָזט פון דער גראָדנער קהילה פירן און אויב זיי וועלן נישט אויספאָלגן וועט מען ש ו י ן ו ו י ס ן ו ו אָ ס צ ו ט אָ ן א ו ן ז י כ ע ר וועט די גראָדנער קהילה־קדושה ח ר ט ה ה אָ ב ן...

## באַמערקונגען:

1) ביים פאַרעפנטלעכן די אָריגינעלע דאָקומענטן האָבן מיר איבערגעלאָזן זייער שפּראַך און אויסלייג הגם נישט זעלטן געפינען זיך דאָרטן שפּראַכלעכע און גראַמאַטיקאַלישע פעלערן. מיר האָבן נאָר דערגאַנצט געוויסע ווערטער וואָס זענען פאַרצייכנט מיט קיצורים, דהיינו: מחויבי׳ — מחויבים; השייכי׳ — השייכים; הכו׳ — הכותב; החו״ — החותם; זהו״ — זהובים און דאָס גלייכן. ווו עס זענען פאַראַן ראשי־תיבות האָבן מיר די ראשי־תיבות געלאָזן און אין קלאַמערן געגעבן די פולע ווערטער. ביים איבערחזרן זיך פון די זעלבע ראשי־תיבות האָבן מיר שוין די ווייטערדיקע איבערגעלאָזט אָן אויסטייטשונג. מיר האָבן אויך דעם נאָמען

פון דער שטאָט נישט געענדערט, נישט אויסגעבעסערט און נישט פאַראייניטלעכט אין די דאָקומענטן. מהאי טעמא זעען מיר טאַקע ווי זאַבלודאָווע ווערט געשריבן: ז א ב ל ו ד אָ־ ווי, ז א ב ל ו ד א ב, ז א ב ל ו ד א ו ו, ז א ב ל ו ד ב ה. נאָך יעדן דאָקומענט־ אָריגינאַל ברענגען מיר אַ קיצור אין יידיש.

2) געמיינט דעם פסק פון יאָר שע״ד (1614), וואָס ווערט כסדר דערמאָנט אין די ווייי־ טערדיקע דאָקומענטן.

3) געמיינט דעם פסק פון אַ דאָקומענט נומער 1.

4) אונגערישע גילדן. אין די אַלטע יידישע דאָקומענטן האָט די דאָזיקע מטבע געהייסן א ד ו ם ה ג ר י, אָדער סתם ה ג ר י. אין יאָר תי״ז (1657) איז דער ווערט פון אַ אונגערישן גילדן געווען 5 פוילישע גילדן מיט 30 גראָשן (לויט וועטשטיינס „קדמניות מפנקסאות" סימן כ״ו) אין 18טן יאָרהונדערט האָט שוין אַ אונגערישער גילדן געהאַט די ווערט פון 18 פוילישע גילדן (לעווין וועגן ועד ארבע ארצות, דייטש).

5) די סעסיעס פון דעם ועד ארבע ארצות פלעגט ווי אַ כלל פאָרקומען בעת די ירידים אין די גרויסע שטעט. אַהער פלעגן זיך, צוליב זייערע געשעפטן, צוזאַמענקומען זייער פיל פון די יידישע כלל־טוער וואָס זענען געווען די קצינים, אלופים, די גבירים פון די קהילות. דאָס פלעגן אויסנוצן די רבנים כדי צו דערליידיקן די לויפנדיקע ענינים פון די באַזונדער׳ע ארצות. אין לובלין פלעגן די סעסיעס פאָרקומען בעת די דאָרטיקע ירידים: א) „ י ר י ד ת מ ו ז" וואָס האָט אויך צווישן די יידן געהייסן „ י ר י ד ש וו א נ ט ק י", אָדער פאַרגרייזט „שוואָנקי". אויסגעפאַלן איז דער דאָזיקער יריד אין דעם ערשטן זונטיק נאָך דער זיבעטער וואָך פון דער קריסטלעכער פאסכע. געהייסן „שוואָנטקי" נאָכן יום־טוב „זיעלאָנע שוויאָנטקי" — דער גרינער יום־טוב. דער יריד פלעגט דויערן 16 טעג. אין אַנדערע דאָקו־ מענטן ווערט דער דאָזיקער יריד אָנגערופן „יריד סיון", ווייל נישט שטענדיק פאַלן אויס די וועלטלעכע דאַטעס אין דער זעלביקער צייט פון דעם יידישן קאַלענדאַר.

ב) „ י ר י ד א ד ר" וואָס האָט אויך געהייסן „ י ר י ד ג ר א מ נ י ץ". דער דאָזיקער יריד האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם קריסטלעכן יום־טוב „גראמניץ" (מאַטקאַ באָסקא גראמניטשעי) וואָס פאַלט אויס דעם 2טן פעברואַר און ער פלעגט דויערן 16 טעג.

6) געמיינט די פריערדיקע 4 פסקים.

7) אַ געוויסע ארביטראַזש־פאָרמולע — „זה בורר לו שנים וזה בורר לו שנים", וואָס מיינט, יעדער צד ברענגט צוויי בוררים פון זיין צד. עס איז אויך פאַראַן אַ פאָרמולע פון „זבל״א וזלב״א" וואָס מיינט „זה בורר לו אחד, וזה בורר לו אחד", אַז יעדער צד ברענגט נאָר צו איין בורר.

## ב. פון זאַבלודאָווער פנקס

דער אַלטער זאַבלודאָווער פנקס געהערט צו די זעלטנסטע היסטאָרישע מקורים צו דער געשיכטע פון אַ גרויסן טייל יידישע קהילות פון מדינת ליטע. אין דאָזיקן פנקס זענען פאַר־ אייביקט געוואָרן נישט נאָר פרטים און געשעענישן וואָס האָבן אַ שייכות צו זאַבלודאָווע — אויף די דפים פון פנקס געפינען זיך תקנות סיי פון דעם ועד מדינת ליטא, סיי פון סעסיעס פון דעם ועד ארבע ארצות און אויך ענינים וואָס האָבן אַ שייכות צו שטעטלעך אין דער סביבה פון זאַבלודאָווע, ווי כאָראָשטש, וואַשילקאָווע, האָראָדאָק, לעווקאָווע, נאַרעווקע.

דער פנקס געפינט זיך איצט אין דער ביבליאָטעק פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט (קאַטאַלאָג נומער 103־4 — העבר.) און הגם עס פעלן אַ ריי בלעטער פון אָנהייב און פון סוף זענען נאָך אין פנקס פאַראַן 280 דפים, וואָס הייסט העכער 500 זייטן. די פאַרצייכענונגען אין דאָזיקן פנקס זענען פון די יאָרן ת״ו ביז תקע״ו (1646 ביז 1816), דאָס הייסט פון אַ משך 170 יאָר. ווי אַזוי דער פנקס איז מגולגל געוואָרן אין ירושלים איז אַ באַזונדער גע־

שיכטע. דעם גרעסטן פאַרדינסט האָט דערביי דער ד״ר י. כאַזאַנאָוויטש פון ביאַליסטאָק וואָס האָט אויך דעם טיקטינער פנקס, צוזאַמען מיט אַ ריי אַנדערע מאַטעריאַלן בשעתו איבערגע־געבן דעם קדוש, פּראָפעסאָר ש. דובנאָוו.

פון דעם דאָזיקן פנקס זענען בשעתו שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאַרשיידענע פראַג־מענטן. פאָרשער און וויסנשאַפטלער האָבן צו זייערע אַרבעטן אויסגענוצט די תקנות פון פנקס און אויף זייער סמך אָנגעשריבן אַ ריי אַרבעטן.

פּראָפעסאָר ש. ד ו ב נ אָ ו האָט אין זיין אַרבעט „ועד ארבע ארצות בפולין״, וואָס איז דערשינען אין דעם „ספר היובל לנ. סאָקאָלאָוו״ אויסגענוצט דעם זאַבלודאָווער פנקס.

פּראָפעסאָר ש מ ח ה א ס ף האָט אין זיין ווערק „בתי הדין וסדריהם״ אויך אויס־גענוצט די תקנות פון זאַבלודאָווער פנקס.

ווייטער ברענגען מיר פון זאַבלודאָווער פנקס אַ סעריע מיט תקנות וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשיידענע זאַמלביכער. וואָלטן מיר געהאַט אונטערן האַנט דעם גאַנצן פנקס וואָלט זיכער געווען אַ יושר גדול אַרויסצוקלייבן אַ נאָך גרעסערע קאָלעקציע. ליידער איז עס דאָך אַ תפילת שוא און מיר באַנוגענען זיך מיט די ווייטערדיקע 22 תקנות און דאָ־קומענטן.

זיי זענען גענומען געוואָרן:

1. ש מ ח ה א ס ף — „מפנקס זבלודבה״ — פאַרעפנטלעכט אין דער ביבליאָגראַ־פישער צייטשריפט פון העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים „קרית ספר״, שנה א׳ חוברת ד׳, שבט תרפ״ה, 1925;

2. א. ט ש ע ר י ק א ו ו ע ר — „דער אַרכיוו פון שמעון דובנאָוו״, 2טער באַנד היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ, ווילנע 1937.

3. י ש ר א ל ה יי ל פ ר י ן — „פנקס ועד ארבע ארצות״, ירושלים תש״ה, 1945.

מיר ברענגען די דאָקומענטן אין זייער אָריגינעלער שפּראַך און אויף וויפל עס פאַר־לאַנגט זיך, באַגלייטן מיר יעדן דאָקומענט מיט די נויטיקע אויפקלערונגען.

אויסער די תקנות וואָס מיר ברענגען פון די פריערדיקע מקורים ווילן מיר דאָ ציטירן אַ פּאָר זאַצן ווי אַן איבערליפערונג בעל־פה. מיר נעמען עס אַרויס פון דער אַרבעט פון מ י כ א ל ל י פ ש י ץ „אונדזער אַלטע זאַבלודאָווער שול״, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „זאַבלודאָווער פנקס״, אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1925. מיכאל ליפשיץ גיט איבער: 1)

„...אויפן גרויסן שטיין וואָס ליגט האַרט ביי דער שול, דערציילט מען, פלעגט מען אַמאָל געבן מלקות איטלעכן, וואָס איז איבערגעטראָטן אַ מינדעסטן מנהג אָדער דין. אין אַלטן פנקס איז טאַקע פאַראַן אַ מעשה מיט אַ בחור אַ קצב, וואָס האָט גע־געסן אין אַ תענית ביי אַ קריסט אין נאָענטן דאָרף טרעשטשאַנקי. האָבן אים צו מנחה־צייט אָפּגעוואַרט דער רב מיט די שמשים און די פני העיר, געשלאָגן אים אויפן שטיין מלקות און נאָכדעם אַריינגעשטעלט אין קונע. נאָך מנחה האָט אים איטלעכער געשפּיגן אין צורה, און אַזוי איז אים פאַרגעבן געוואָרן דער חטא.

אין פנקס איז אויך איינגעשריבן אַ מנהג פון גרויסן גאון רב ב ע נ ד ע ט, מחבר פון „ נ ר ת מ י ד ״, אַז די שטאָט טאָר קיינמאָל נישט נעמען קיין חזן־שוחט צוזאַמען צוליב דעם, וואָס דער חזן־שוחט וואָס איז דעמאָלט אין גאנוס צייטן געווען, מיט העכער 100 יאָר צוריק, איז איינגעשלאָפן אין אַ כל־נדרי־נאַכט ביים עמוד, זייענדיק זייער אויסגעמאַטערט פון שעכטן אַ גאַנצן טאָג די כפרות.

די תקנה נישט צו באַגראָבן דאָ קיין מתים אין טליתים איז אויך פאַרשריבן פו־נעם זעלביקן גאון אין פנקס.



פראָנט פון דער זאַבלודאָווער היסטאָרישער שול. רעכטס דער גרויסער שטיין, וואָס אויף אים פלעגט מען געבן מלקות.

מחמת דעם, וואָס איינמאָל יום־כיפור איז אין שול געוואָרן שרעקלעך ענג, נישט איבערצוטראָגן, דער עולם האָט דעמאָלט געשריען נישט אַנדערש, עס זענען אָנגעקומען אין שול מתים, וועלכע מען קען נישט דערקענען, ווייל אַלע גייען גלייך אין טליתים..."

עד־כאן די בעל־פה „ציטאַטן" פון פנקס און מיר קומען צו די געדרוקטע מקורים, לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר:

## קאָלעקציע פון ש. אסף

1. תי"ט (1659):

„אתם היקרים תושבי ישוב וו א ס י ל ק ו ב יצ"ו (ישמרהם צורם וגואלם) ...2) מפי אלופים ר"מ (ראשי מדינה) יצ"ו להחזיק ישיבה בכל קהילה שיש להם מורה ובכן ע"פ (על פי) הדברים הנ"ל הזהרו באם ישלח לכם הרב אב"ד (אב בית דין) דק"ק זאבלודאָווי איזה מספר נערים מבית ישיבתו אזי עליכם להחזיק אותם, כנהוג תוך ערי סביבותינו. הזהרו בגזרתנו לשמור ולקיים כנ"ל בלי דחיות והתנצלות. ושלום ד"ה יום א' דראש־חודש אדר שני תי"ט פה בוועד סעלץ.

נאם הצעיר משה שפירא.

העתק אות באות מגוף הכתב דהאלוף הגאון ר"מ אב"ד מ"צ (מורה צדק) דק"ק הוראדנא יצ"ו.

נאום יהודא־ליב בן הד"ר יעקב הלוי עפשטיין שמש דק"ק הנ"ל".

דער דאָזיקער דאָקומענט, אַ בריוו פון דער סעלצער סעסיע פון מדינת ליטא, איז משמעות פעלערהאַפט איבערגעשריבן. עס דאַרף זיין די דאַטע נישט תי"ט נאָר תט"ו, ווי עס איז פאַראַן אין דעם פנקס מדינת ליטא. עס האַנדלט זיך אין דעם בריוו צו דעם וואַשילקאָווער ישוב, אַז זיי זענען מחויב אויסצוהאַלטן אַ ישיבה, יעדנפאַלס דאַרפן זיי אויפנעמען די יעניקע בחורים וואָס עס וועט זיי צושיקן דער אב־בית־דין פון זאַבלודאָווע. וואַשילקאָווע האָט געהערט, ווי דאָס איז צו זען פון אַ ריי אַנדערע נאָטיצן אין פנקס, צו דער זאַבלודאָווער קהילה. אין יאָר תקכ"ו (1766) זענען אין וואַשילקאָווע געווען 138 יידן.

***

2. תי"ט (1659):

„ראה ראינו שתי ראיות באנשים האלו היקרים כמ' מאיר ב"ר דוד כץ וגיסו כמר מרדכי......2) שהיו מתעסקים בקבורת מתים ב"מ (בר־מינן) בשעת עיפוש היו מתעסקין......2) בכן נתנו להם לכל אחד מקום בבה"כ (בית־הכנסת), דהיינו בספסל אמצעי נגד הבימה, המקום הראשון של כמ' מאיר הנ"ל והמקום השני סמוך לו של כמ' מרדכי. לכמ' מרדכי הנ"ל נתנו לו חזקת ישוב בקהילתינו שיהא כתושב מהקהל. גם פטרו אותם ממסים ועולים שיתהוו על שנה תמימה מן פסח תח"י עד פסח תי"ט לפ"ק. זאת כתבנו למשמרת שלא תהי' נעדרת..."

אין דער דאָזיקער פאַרצייכענונג ווערט דערציילט ווי אַזוי 2 פערזאָן מאיר בן דוד און זיין שוואָגער מרדכי, האָבן זיך מתעסק געווען מיט בר־מיננס אין דער צייט פון דעם „ע י פ ו ש". משמעות ווען אַנדערע האָבן עס נישט געוואָלט טאָן. דערפאַר האָבן זיי באַקומען חשובע ערטער אין דער שול, אויף דער מיטלסטער באַנק קעגנאיבער דער בימה. חוץ לזה האָט מען געגעבן מרדכין רעכט פון חזקה אין שטעטל אוןביידן האָט מען באַפרייט אויף אַ גאַנץ יאָר פון די פאַרשיידענע שטייערן און לאַסטן וואָס דער קהל לייגט אַרויף.

***

3. תכ״א (1661):

„עלה ונגמר במוסכם אלופים וראשים וטובים, ובצירוף עדה הקדושה ושאר אנשי מעשה שבקהל, שקבעו התענית קבועה לדורי דורות על כל מי שהתחיל להתענות על יום י״ג בטבת ולהרבות בסליחות ולקרא ויחל כמו בשאר תענית צבור. נעשה פה ק״ק זאבלודאָוו יצ״ו היום יום עשרה בטבת את״ך לפ״ג. הכותב וחותם בפקודת כל המנהיגים הנ״ל.

נאום שמואל שמש דק״ק הנ״ל לע״ע.״

אין דער תקנה רעדט זיך וועגן אַ ספּעציעלן אָרטיקן תענית וואָס עס איז באַשטימט געוואָרן אויף י״ג טבת. דאָס האָט אַ שייכות מיט די שחיטות וואָס אַ טייל שטעט און שטעטלעך זענען אויסגעשטאַנען בעת דער רוסיש־פּוילישער מלחמה וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין סוף 1659. דאָס רוסישע מיליטער, אין אונדזערע היסטאָרישע כראָניקעס אָנגערופן די „מאָסקוויטער״, האָבן אין זייער מאַרש חרוב געמאַכט אַ סך קהילות. פון די גרעסטע שחיטות האָט געליטן ב י כ אָ וו וואָס איז נאָך אַ באַלאַגערונג פון 29 וואָכן איינגענומען געוואָרן כ״ט כסלו פון יאָר ת״ך (1650). די רוסן האָבן דאָרטן דערהרגעט בערך 300 יידן. משמעות אַז אין צוויי וואָכן שפּעטער, דעם 13טן טבת איז מן־הסתם ענלעכעס געשען אין זאַבלודאָווע. אָפּקלאַנגען פון די געשעענישן האָבן מיר אין אַ ריי ווייטערדיקע דאָקומענטן.

**
*

4. תכ״א (1661):

„קושט דברי אמת חפצנו להודיע ולהתודע על דבר שהציע לפנינו המשולח דק״ק זאבלודאב יצ״ו, באמרו שאין לאל ידם ליתן הסכומים בכסף מלא, מאחר שנגעה בהם יד ה׳ מחמת השונא, כידוע וכמפורסם... ובכן אמרנו עם הספר, שתמידין כסדרן כשיבא בתוך הבאים המשולח לגבות הסכומים... אזי יקח מהם פחות ששית ממה שמגיע עליהם לפי הרשום בכתב אמת בריסטר... וכן יהיה וכן יקום מהיום עד שנה תמימה. כל הנ״ל יצא מפינו על דבר אמת וצדק היום יום כ״א טבת את״ך לפ׳ (ק? ג?).

נאום קיים המכונה קדש;
נאום יעקב טראפא;
נאום שמואל בן לא״א קלונימוס זלה״ה;
נאום אהרן בלא״א יעקב זלה״ה.
העתק אות באות מגוף הכתב של האלופים רוזנים החתומים הנ״ל.
נאום שמואל בא״א מרדכי שמש דק״ק זבלודאב לע״ע.

די דאָזיקע תקנה איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַן אינסטאַנץ פון גראָדנער קהל. דאָס איז צו זען פון די אונטערשריפטן. אין דער דאָזיקער תקנה זאָגט זיך, אַז היות דער משולח פון זאַבלודאָווע האָט געשילדערט דעם שווערן מצב פון דער קהילה אין שייכות מיט די שאָדנס פון דעם שונא (זע דעם פריערדיקן דאָקומענט) איז פאַר דער קהילה פון זאַבלודאָווע געמאַכט געוואָרן אַ הנחה — זיי וועלן דאַרפן צאָלן די שטייערן פאַר דער מדינה מיט אַ זעקסטל ווייניקער.

**
*

5. תכ״ג (1663):

„שלום לכם היקרים והנעימים ראשי אלפי עדה היקרה דק״ק זבל/ודאווא/, יצ״ו. כהיום הגיע לנו כתב, מכתב מהאלוף הרב המרומם מורה צדק מהר״ר אברהם שהיה בקהלתכם, על אודות פדיון כסף שניתן להשונא מסקוויטר שהלוה לכם, וזה זמן רב וימים רבים שאין בידו להוציא, וכבר סלקו את רבים מנותני כסף הנ״ל ע״פ (על־

אויף די צחיי זייטלעך געפינט זיך די עטאַט־פּאַרטיילונג, וואָס די פירער פון קהל אין זאַבלודאָווע האָבן פאַנאַנדערגעלייגט אויף די מיטגלידער פון דער קהילה פאַרן ביודזשעט־יאָר תקל״ג (1773). די באַשטימטע סומע פאַר יעדן יחיד איז אין הסכם מיט זייער מאַטעריעלן מצב. העלפט פון דעם שטייער איז לויט די הייזער און העלפט לויט דעם מעשר (אַ באַשטימטן פּראָצענט פון פאַרמעגן).

די רשימה נעמט אַרום בסך־הכל בערך 160 שטייער־צאָלערס. דער רוב פון די נעמען זענען דער נאָמען און פאָטערס נאָמען, אָבער ביי טייל ווערט נאָך צוגעגעבן אַ פּרט, וואָס דערציילט וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון זאַבלודאָווער קהל אין יענעם יאָר, אין יאָר 1773. אַזוי געפינען מיר ביי טייל אָנגעגעבן זייער באַשעפטי־

קונג חי: וויינער, שניידער (חייט), גאָלדשמיד (צורף), קירזשנער, סופר, שמוקלער, פאַרבער, שוחט, דאָקטאָר, מלמד, רופא, משרת, מגיד, פורמאַן.

ביי טייל ווערט אָנגעגעבן דער נאָמען פון אַ ישוב (לרוב אַרומיקע דערפער) פון וואַנען זיי שטאַמען משמעות, אָדער ווינען נאָך דאָרטן און געהערן צו דער קהילה. מיר האָבן דאָרטן למשל:

ר׳ מרדכי נאָוואָסאַדר; ר׳ יצחק מוואזנה; ר׳ אייזיק מטאפליאן; ר׳ אברהם פאָטאָקר; ר׳ ישעיה מסאָלניקי; ר׳ שמעון מקאליעווינאווה; ר׳ מרדכי מאָסטראָווקה; ר׳ יעקב מפאָדוואָרקה; ר׳ לייב האָראָדניקער; ר׳ לייב מליזה; ר׳ אהרן דאַנציקר; ר׳ משה קאַרלינר; ר׳ משה מראַחוואַלאָווקא; ר׳ הושע מקרעניץ.

פי) הפסק שיצא מאתנו לשלם לכל נותני כסף כנ״ל, ועליכם מוטל לשלם חמשים שוק ליטאז3) להרב הנ״ל. בכן הזהרו והזהרו בכל תוקף גזרתנו נח״ש (נדוי, חרם שמתא — דריי סינאָנימען פאַרן חרם) לסלק חמשים שוק הנ״ל ע״פ הש״ח (על־פי השטר חוב) שתתנו להרב הנ״ל להתפרע תוך שנה תמימה עד ר״ה (ראש השנה) תכה״ל כפי הזמנים שתעשו ביניכם...

ד״ה (דברי החותמים) ביום ב׳ ב׳ דר״ח (דראש חודש) אלול תכג״ל פה ק״ק הוראדנא. /חתומים שבעת אנשים מראשי קהל הוראדנא/.״

דער דאָזיקער דאָקומענט איז אַ ווייטערדיקער פּרט צו דער געשיכטע מיט דער רוטישער אינוואַזיע וועגן וואָס עס רעדט זיך אין די פריערדיקע דאָקומענטן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז כדי איינצוצאָלן אַ געוויסע סומע ״פדיון״, משמעות קאָנטריבוציע, פאַר דעם ״שונא די מאָס־קוויטער״ האָט מען געמוזט מאַכן הלוואות. איינער פון די מלווים, דער אלוף אאַז״וו אברהם האָט געמאָנט זיין חוב און מען האָט אים נאָך אַלץ נישט באַצאָלט. ווענדן זיך די גראָדנער ראשים מען זאָל דעם חוב איינצאָלן, לכל־הפחות אין אַ שטר־חוב, אַ וועקסל וואָס זאָל אויס־געלייזט ווערן אין משך פון אַ יאָר צייט, אין טערמינען וואָס מען זאָל צווישן זיך אַדורכקוי־מען. דערביי ווערט געוואָרנט אַז עס וועט לגבי דער זאבלודאָווער קהילה אָנגעווענדט ווערן די גזירה פון נח״ש — פון חרם.



6. תכ״ג (1663):

״שלום לכם היקרים והנעימים ראשי אלופי מנהיגי עדה הקדושה דק״ק זאבלו־דאווי יצ״ו. כהיום בא לפנינו האלוף הישיש המרומם... משה בהגאון הגדול מוהר״ר אברהם שהיה מורה צדק דק״ק בריסק. עינו ולבו שם לשום לדרך פעמיו לאדמת קודש, כאשר נתנו עדיהם אלופי ק״ק בריסק ושאר אלופי גאוני מדינתנו, והדרך רחוקה וצריך לסעד כאשר ידענו ומפורסמות לשלמים ורבים, בכן יצא מאתנו שתתנו להאיש המרומם הנ״ל עשרים זהובים מיד בלי שום דחיה והתנצלות, ולא יהיה לו שום עכוב ואחור בדבר נתינה הנ״ל. הזהרו והזהרו בכל אלה בצירוף כבוד מביקש מעלת הרב דקהלתכם לסלק נתינה הנ״ל מיד, ועלינו לקבל מכם בחשבון, אך אל תאחרו. והיה זה שלום. החותמים בעצם היום יום ג׳ י׳ אלול תכ״ג פה ק״ק הוראדנא.

/שבעה חתומים/.״

דאָס איז אַ בריוו פון גראָדנער קהל צום זאַבלודאָווער וועגן דעם אלוף אאַז״וו משה בהגאון אברהם פון בריסק, וועלכער האָט באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין דעם הייליקן לאַנד. אַזוי ווי דער וועג איז ווייט און מען דאַרף אים אַרויסהעלפן איז באַשטימט געוואָרן אַז די זאַבלו־דאָווער קהילה דאַרף אים אויף דעם געבן 20 גילדן. תיכף זאָל די דאָזיקע סומע געגעבן ווערן אָן וועלכן נישט איז אָפּהאַלט און אויסרייד. עס ווערט אויך געבעטן אַז דער רב זאָל בייהיל־פיק זיין, אַז די דאָזיקע סומע זאָל תיכף אויסגעצאָלט ווערן, כדי אים נישט פאַרהאַלטן, ער זאָל זיין וועג נישט פאַרשפּעטיקן.



7. תכ״ד (1664):

״היום ה׳ ב׳ דר״ח (דראש חודש) חשון תכ״ד תבע הראש־עירון פראקאפ יון את האלופים מנהיגים יצ״ו חגורה של כסף ד׳ זקוקים4) כסף טוב, באמרו שהקהל התחייבו עצמם לפדות החגורה. ואמת נגזלה מהשונא מסקוויטר ימ״ש (ימח שמו), וע״פ פשר התחייבו עצמם המנהיגים יצ״ו לשלם סך ארבעים זהובים. זמן פרעון קודם חגה ניטל יוונית תכד״ל. ע״ז (על זה) נתנו האלופים יצ״ו משכון״.

אויך דער דאָזיקער דאָקומענט האָט צו טאָן מיט נאָכווייענישן פון די ״מאָסקוויטער״. אגב זעט מען, אַז זיי האָבן אָנגעטאָן גאָר גרויסע צרות די יידן, ווייל ביי זיי געפינט זיך די

באַצייכענונג ימח שמם. אין דעם איצטיקן פאַל האַנדלט זיך עס וועגן אַ זילבערנעם גאַרטל, וואָס זיין וואָג איז געוועזן 4 זקוקים גוטן זילבער4) וואָס דער שונא האָט צוגערויבט ביים ראש־עירון, דעם פאָרשטייער פון דער שטאָט, אַ געוויסן פראקאפּ אַ יון, נישט קיין קאַטאָ־ליק; די אלופים פון קהל האָבן זיך פאַרפליכטעט אויסצולייזן דעם גאַרטל. נאָך אַ פשרה האָבן זיי זיך מתחיב געוועזן צו געבן 40 גילדן וואָס עס דאַרף איינגעצאָלט ווערן ביז דעם יונישן ניטל, דאָס מיינט דעם פּראַוואָסלאַוונעם ניי־יאָר. די אלופים האָבן אויף דעם געגעבן אַ משכון.

**
*

8. תכ״ד (1664):

„הפסק שיצא מפי אלופים המבוררים מנהיגים דקהילתנו יצ״ו אודות עסק פדיון נפשות ישראל מיד שונא מסקוויטר ימ״ש (ימח שמם) בעת ההפכה שהיתה בק״ק זבלו־דאווי, בכן הגיע ערך הערכה על קהל הנ״ל שש מאות זהובים מן האנשים שהיו לפי דבריהם בעת הצרה בק״ק הנ״ל, הלא המה כמר פייביש מרודאוו וגיסו כמר... יחזקאל וכמר נח ב״ר זלמן וכהר״ר מאיר בהר״ר משה, מחויבים הם ליתן ערך נתינה לצרה ע״פ (על פי) מה שיעריכו עליהם מנהיגי ק״ק זבלודאווי בצירוף כבוד הרב מ״צ (מורה צדק) דקהילתם, ובאם שיאמרו שיש להם איזה תביעה בדבר הנ״ל אזי מחויבים הפקודים הנ״ל להשליש משכנות כפי ערך שיגיע עליהם ביד הרב מ״צ דשם. כל הנ״ל יקוים בכפיות... ויתר עונשים. ד״ה (דברי החותמים) יום ג׳ ז״ך חשון תכ״ד פה ק״ק הוראדנא.

הצעיר באלפי יהודא איש טראפא,
יצחק סגל,
שמואל בן לא״א קלונימוס״.

אויך דער דאָזיקער בריוו פון גראָדנע צום זאבלודאָווער קהל האָט אַ שייכות צו דער אַקציע פון די „מאָסקוויטער ימח שמם״. עס האַנדלט זיך, אין דעם, וואָס בעת דער דאָזיקער איבערקערעניש האָט מען געדאַרפט אין זאַבלודאָווע אויסלייזן אַ ריי יידישע נפשות פון זייע־רע הענט. איצט איז געקומען די צייט אַז מען זאָל דאָס געלט אויסצאָלן. די סומע פון 600 גילדן דאַרף קהל איינמאָנען ביי אַ ריי פּערזאָנען. ווי אַזוי פונאַנדערלייגן דאָס געלט ווערט באַפולמעכטיקט דער זאבלודאָווער קהל צוזאַמען מיט זייער רב. אָבער עס מוז אויפגעמאָנט ווערן מיט אַלע צוואנגען און שטראָפן.

**
*

9. תכ״ז (1667):

„גזרנו על כל הקהילות דארצות5) ועל כל האלופים ראשים ועל כל אדם בעונשים ובקנסות גדולות שלא לעקל ולתפוס משל איזה יחיד און רבים מתושבי הקהלה או הגליל בשביל איזה חוב יחיד או רבים, ואפילו בשביל כרגא דמלכא, רק שאותן יחידים או רבים הנתפסים והמעוקלים ישבעו או יבררו כמה הוא ערך סכום שלהם, ואז לא יקחו מהם המעוקלים יותר ממה שמגיע עליהם לפי סכום שלהם לפרעון חוב ההוא, אפילו כרגא דמלכא, וזאת עשינו מפני תיקון העולם, כדי שתהא הארץ רחבת ידים לפניהם, ולא יהא אחד נתפס בשביל חבירו, ולא תהא הארץ סגורה ומסוגרת באין יוצא ואין בא בפני החוטפים.

כל הנ״ל העתקתי מסימן רב 6) אשר נתיסד מפי אלופים רוזני ומנהיגי הארצות

5) בצירוף הרבנים יצ״ו ביריד גראָמניץ תכ״ז לפ״ק.

נאום אברהם בן לא״א דוד ז״ל מק״ק לובלין,
ונאום יעקב לוי ספרא מטאמשוב,
כל הנ״ל העתקנו מגוף העתקתן שהועתק.״

דאָס איז אַ תקנה פון דעם ועד ארבע ארצות קעגן דעם איינגעשטעלטן איינפיר צו פאַר־כאַפּן ביי עמיצן אַ בעל־חוב, אָדער ביי זיינעם אַ שותף סחורה, אָדער מזומן פאַר געוויסע אָפּצאָלן פאַר קהילות אָדער אפילו פאַר מלוכהשע שטייערן. די תקנה זאָגט אָן, אַז מען זאָל נעמען נאָר ביי די וואָס זענען שולדיק און נאָר אַזויפיל וויפל זיי זענען שולדיק, כדי נישט פאַריאָגן מענטשן פון לאַנד, דאָס לאַנד זאָל זיין אָפן פאַר אַלעמען, אַז מען זאָל נישט מורא האָבן פאַר די כאַפּערס. דער ענין איז געשטאַנען אויף ועד ארבע ארצות אַ פאָר מאָל.

**
*

10. תל״ה (1675):

„זאת היתה לפנים בקהלתינו, מחלקי פתקאות הנבררים מפי בוררים בשעת התמנות (הקהל), והנה זה כמה שנים נתבטל הדבר, ששום איש אינו רוצה לקבל המינוי, מאחר שמשא כבידה היא ועבודה רבה, שנתוספו עניים בתוספת מרובה על העיקר לסיבת הרעש והרעב, וידל ישראל עד מאד. בכן יען וביען ראה ראינו בעינינו ושמענו באזנינו הכצעתקה הבאה אלינו משוד עניים ומאנקת אביונים קמנו ונתעוררנו להשקיף עליהם בהשקפה זו לטובה וביקשנו בהפצרות גדולות באיש חשוב, האלוף מוהר״ר נחום במהר׳ טוביה, שיתן על לבו לחלקם ביעקב ולהפיצם בישראל עפ״י (על פי) פתקאות, שלא ינועו וינודו עוד ברחובות ובשוקים. וחלף עבודתו תהיה לו קלפי בפסח הסמוך בשעת הבוררות הבע״ל (הבא עלינו לטובה) תיו למ״ד הי״א כאחד מעדה הקדושה ושום איש לא ימחה בידו. כל הנ״ל עלה ונגמר בקהל עם ה׳ בצירוף הגאון המופלג הרב אב ב״ד (בית דין) נר״ו, ולזכרון ולאמת אמת שיהיה למשמרת כתבתי בספר הזה בפקודת האלופים ראשי ומנהיגי קהל עם ה׳ בצירוף הגאון המופלג מו׳ אב ב״ד נר״ו.
דוד בהר״ר יוסף ז״ל הכהן, שמש דזאבלודאווי.״

אין דאָזיקן דאָקומענט קומט צום אויסדרוק דער טרויעריקער מצב פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין יענער צייט. אָרעמעלייט זענען צוגעקומען, די נויט איז גרעסער געוואָרן און דעריבער זענען נישט געווען קיין בעלנים אָנצונעמען די אַמטן פון קהל־עסקנים. הכלל מען האָט געפּועלט ביי איינעם אַ חשובן באַלעבאָס, רב נחום ב״ר טוביה, ער זאָל אָנהייבן זיך פאַרנעמען מיט די אָרעמעלייט, געבן זיי קוויטלעך צו באַלעבאַטים, דערפאַר האָט מען אים צוגעזאָגט אַז ביי די נאָענטסטע וואַלן פון די ראשי הקהל וועט מען אים אויסוויילן.

**
*

11. תמ״ד (1684):

„(אנו) מזהירים לנזהרים ששום בעל־הבית מק״ק הנ״ל אינו רשאי למכור ביתו לשום ערל... בשאר רחובות ומכל שכן ברחוב היהודים וגם בשוק בלי ידיעת בית־דין הגדול שק״ק הוראדנא.״

די דאָזיקע פאַרצייכעניש ברענגט ש. אסף אין זיינער אַ באַמערקונג אין דעם אויבן ציטירטן אַרטיקל אין „קרית ספר״. פון דער נאָטיץ איז קלאָר, אַז עס איז געווען אַ נייגונג צו פאַרקויפן נישט־יידן יידישע הייזער. די צייט פון דער דאָזיקער תקנה פאַלט זיך צונויף מיט דער צייט צווישן די יאָרן תמ״א — תמ״ח (1681 — 1688) ווען מצד דער נישט־יידישער באַפעלקערונג איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַן אָנקלאַגע צו דער פירשטין קאַראָלינא ראַדזיוויל, די אייגנטימערין פון דער שטאָט, אויף די יידן, אַז זיי האַלטן נישט די געגעבענע זיי, פון די עלטערן פון דער פירשטין, תקנות. אין זייער אָנקלאַגע גיבן זיי אָן, אַז די יידן האַנדלען נישט אין הסכם מיט דער געגעבענער זיי פּריווילעגיע פון די ראַדזיווילס, אַז זיי נעמען צו ביי די שטאָטישע איינוווינער די ברויערייען, דעם האַנדל און די מלאכות; זיי, די יידן, באַזעצן זיך אויך אין די גאַסן און שטאָט־טיילן, וואָס איז זיי פאַר־

באַטן דורך דער פּריווילעגיע. אַזוי האָבן די יידן וואָס עס איז זיי געווען דערלויבט צו וווינען נאָר אין ס ו ר אַ ז ע ר גאַס אויך זיך אַריינגעצויגן אין כ אַ ב אָ ר אַ ז ו ע ר און ב י ע ל ס ק ע ר גאַסן; די יידן פּנחס און סענדער האָבן אפילו אויסגעבויט הייזער נאָענט פון דעם קלויסטער. די באַקלאָגער האָבן געבעטן דער פירשטין, אַז זי זאָל זען אַז די יידן זאָלן אָפּהיטן די תקנות וואָס עס זענען אויף זיי פון קדמונים אַרויפגעלייגט געוואָרן.

**

12. תנ״ז (1697):

„להרב הגדול המופלג ומופלא בתורה כבוד שמו מו״ה אברהם נר״ו אב״ד ומ״ץ דק״ק זאבלודאווי יצ״ו.

הנה אחר פריסת ודרישת שלום באנו עד הלום אודות עסקי קהלתו עם רוזני ק״ק טיטקין יצ״ו שמעלו מבחוץ בעניניהם ומילתא חדתא היא לפניו. וזה עָברו וחלפו למו שלשה שנים שהתחילו ק״ק טיטקין להעביר עליהם שורת הדין והם התחילו לפרוץ גדר וגבול הגאונים הקדמונים ופסקים שלהם, באשר ידוע להמאורות גאונים הרבים שהיו בק״ק הוראדנא בעסק הנ״ל, ואין הם אדונים בדבר זה לצאת /בגבול/ קהלתו בשום חרם ונידוי, וכבר שדינו בהו נרגא בכל הכתבי־חרמות שיצאו מהם, הן על כלל והן על הפרט, יחידים, ואנחנו תמיד מפקיעים אותם מחרמות ונדוים שלהם ע״פ תוקף ממשלת עוז שבידנו תה״ל (תהילה לאל). בכן כאז כן עתה באנו להודיע למעלותו שלא לחוש לדבריהם כלל, ולא ישמע לקול המולן שאון המון דבריהם, להבחיל כדרכיהם, מה שאין להם שרש וענף... להשתדר עליכם בשום חרם ונידוי. ומעלתו יבין דבר ששמו מחסום לפיהם בעוד שהגאון הגדול מוה״ר אריה יהודה ליב אב״ד בקהלתם שהוא היה בפנים בעסק הנ״ל ולא הסכים למעשיהם. אך יצא ופנה זיו הדרו של הגאון נר״ו מק״ק הנ״ל התעוררו בכתבם מה שאין בכחם לפרוש מצודתם במקום שאין היד שולטת, ולחכם כמותו די בזה... שלום לתורתו וכסאו יהיה נכון כנפשו הרחבה והמליאה מא״ה ומאתנו היום יום י״ב אדר תיו נון זיין לפ״ק פק״ק הוראדנא יצ״ו.

דברי פה חכם הרב הגאון ומאת לציי״ד (לציית דין) מוכנים רוזני הקהלה רפה כפי המעמד.

/על החתום האב״ד ר׳ שמחה הכהן רפאפורט ועוד עשרה אנשים ממנהיגי הוראדנא/.״

דער דאָזיקער בריוו פון גראָדנער אב בית דין און צען מנהיגים, האָט אַ שייכות מיט דעם סיכסוך צווישן גראָדנע און טיקטין וועגן דעם אונטער וועמענס השגחה עס געפינט זיך זאַבלודאָווע. אין דעם פריערדיקן אָפּטייל אין דער היינטיקער אַרבעט איז פאַראַן דער גאַנצער פּעקל מאַטעריאַלן וואָס האָט אַ שייכות צום דאָזיקן סיכסוך. דער איצטיקער בריוו איז גע־שריבן צוויי יאָר פאַר דעם לעצטן פּסק, וואָס מיר האָבן אין אונדזער באַזיץ, וועגן דעם דאָ־זיקן סיכסוך (דאָקומענט נומער 8) וואָס איז פון יאָר 1699. אין דעם היינטיקן בריוו ראָטן די גראָדנער אַז די זאַבלודאָווער זאָלן נישט מורא האָבן פאַר די חרמים און נדוים וואָס עס וועלן קומען פון טיקטין, זיי זאָלן זיך האַלטן פעסט און נישט נתפעל ווערן.

**

13. תס״ג (1703):

„להאלופים ראשים המנהיגים דק״ק זאבלודאוי יצ״ו.

הנה שמענו צעקת אלופים יחידי קהלתכם מחמת שעברתם כמה תקנות לענין קלפי בוררים, שלא הנחתם הפתקאות השייכים לקלפי בוררים, גם צעקתן על הבוררים שעברו כמה תקנות לענין התמנות ומנוי, כאשר ראינו כתוב וחתום הצע״ד (הצעת דברים)

שלהם, ותשובתם דחיה בעלמא היא, בכן גזרנו נח״ש (נדר, ח״ם, שמתא) וקנס שתשלחו שנים מכם ובכן למי שיתרו ויבאו בעצמם בלי ב״כ (באי כוח) כלל תוך ג׳ ימים מהתראה ורשות להיחידים לגבות ב״ד בעסק הנ״ל לברר זכויותיהם, הן לענין תקנות ע״פ פנקס ואיך שיוכלו להוציא לאור זכויותיהם בלי מוחה ומעכב כלל. וביני וביני אין להקהל ולהעדה לעשות דבר מאומה עד אחר משפט לפנינו, ובביטול מעשה לגמרי. וגזרתינו בחרם על השמש שמחויב לציית להתרות, וליתן כתוב וחתום ליחידים בלי דחיות. ומורא לא יעלה על ראשיכם, ולא להזדקק לעסקי העדה כנ״ל עד אחר המשפט. וחלילה לפנות לעש״ג (לערכאות של גוים) היום יום א׳ אייר תסג״ל פה ק״ק הוראדנא יצ״ו.

/על הכתב חתום ר׳ שמחה כהן ראפאפורט אבדק״ק הוראדנא ועוד ששה ממנהיגי הקהל/.״

דאָס איז אַ זייער שטרענגער בריוו פון דעם גראָדנער אב בית דין און קהל צו רעם זאַבלודאָווער קהל אין שייכות מיט די דורכגעפירטע וואַלן צום אָרטיקן קהל. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַ טייל יחידים האָבן זיך פאַרקלאָגט פאַר גראָדנער קהל, צו ווען זאַבלודאָווע האָט געהערט אין די דאָזיקע ענינים, אַז עס זענען באַגאַנגען געוואָרן אומפּינקטלעכקייטן, אַז עס זענען נישט אָפּגעהיט געוואָרן די נויטיקע תקנות בעת די וואַלן. דער גראָדנער אב בית דין פאָדערט אויף די זאַבלודאָווער זיי זאָלן אין משך פון דריי טעג זיך צושטעלן לדין. עס איז זיי ביז דאַן פאַרווערט געוואָרן אָנצוגיין מיט די ענינים פון דער קהילה. אונטער דער דראָונג פון חרם ווערט דער שמש אויפגעפאָדערט אַרויסרופן די קהל־לייט צום דין.

**
*

**14.** תק״ח (1748):

„בעצם היום הזה בא האלוף הראש הקצין כמוהר״ר יהושע העשיל במהר״ר מנחם, מחזיק אורנדי דקהלתנו וצעקתו כי רבה על הר״ר אריה ליב בהר״ר יצחק סג״ל שהכה אותו בשעת יריד בפני עם, והראה לפני האלופים הקהל עדות פ״ה (פרנס החודש) הנעלה כהר״ר אשר לעמיל והגיד בת״ע באל״י ונ״ע בזה״ל 7):

איז געקומין ר׳ ליב סג״ל הנ״ל אפצי נעמן נתינת יריד־געלט אצל שני אנשים ממדינת ליטא מתבואה, האט ר׳ ליב הנ״ל גיוואלט נעמן צו גילדנר מעגלה תבואה, אזו איינה התחדשות וואס קיין מאָל איז גיוועזין. האָט מהור״ר העשיל הנ״ל גיזאָגט צו ר׳ ליב פארבער: דוא פיינר ברי׳, פון וואנין קומט דאס דיר אז דו זאלסט רייסין לייט און פר טרייבין ירידין און התחדשות מאכין. האט דער ליב פארבער משיב געווע: וואס ארט אייך דאס, וואס פרעגי איך דער נאך איך וועל נעמן שני גילדנער מעגלה. האט מהור״ה גיזאגט: איך וועל דיך שלאגין פיר אזו איינה זאכין צו פר טרייבין ירידין, און האָט זיך גיחאפט צו שלאגין און האט ניט געשלאגין. איז גיגנגין ר׳ ליב פארבר הנ״ל און האט גישלאגין מיט איין שטעקין למהור״ר העשיל הנ״ל בפני כל המון עם בשעת יריד. שוב העיד הנעלה כהר״ר אליעזר ליפמאַן בה״ר אַהרן בת״ע באל״י ונ״ע7) כתבניתו וכצורתו אות באות שלא הוסיף ולא גרע. כל הנ״ל קבלנו אנחנו האלופים הקהל עדים הנ״ל כדת וכדין שלא בפני הצדדין. ושלחנו לגובה שלנו הנעלה כמ׳ שמואל לר׳ ליב פארבר הנ״ל, להזמינו לפני הקהל למשפט, ולא רצה לבא והכה להגובה הנ״ל מבלי הגיד כי ברוח הוא, ואחרי שקלי וטריא כי למוד אותו יד להכות לב״ב (לבעלי בתים) מסוימים, כאשר היה כמה פעמים לפני הקהל המשפט, בכן פסקנו אנחנו האלופים הקהל לפי ד״ת הק׳ (דין תודתנו הקדושה): היד שהכה יהיה בקונא עכ״פ (על כל פנים) ביום השבת הראשון שיבא, מעת התחלת התפלה עד אחר גמר התפלה, ולהכות אותו על האבן מלקות ל״ט לפני בה״כ (בית הכנסת) בפני כל, ושלא לקרותו בשם חבר לשים



צוויי פאַרצייכענונגען אין אַלטן פנקס פון זאַבלודאָווע, וואָס האָבן אַ שייכות צום יאָר תקנ״ז (1797).

די אויבערשטע נאָטיץ דערציילט, אַז איינער פון די 5 בוררים, וואָס זענען אויסגעוויילט געוואָרן בעת דער קלפּי (וואַלן) חול־המועד פסח תקנ״ז (1797) הרבני הראש מ״ה חיים במ״ה שמריה׳ האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם מאַנדאַט און דערפון זענען אַרויסגעקומען אין דער קהילה גרויסע מחלוקות. עס האָט זיך אין דעם אַריינגעמישט דער האדון מהחצר, דאָס הייסט דער פּריץ פון דעם הויף, צו וועמען זאַבלודאָווע האָט געהערט.

די צווייטע נאָטיץ דערציילט, אַז אויף דער אַסיפה פון די אלופים, ראשים, מנהיגים און שבעה טובי העיר איז מען דורכגעקומען מיט דעם מרומם מ״ה יצחק ב״ר מנחם פון דעם מלון איוואַניסקי (?) וועגן דעם איינגעצאָלטן דורך אים חזקה־געלט ער זאָל אָנגענומען ווערן אין זאַבלודאָווער קהל. עס איז פעסטגעשטעלט אין דער נאָטיץ, אַז דער דערמאָנטער יצחק האָט פון דעם טאָג אָן און ווייטער דאָס רעכט צו קויפן נחלאות, צו בויען הייזער סיי אין גאַס סיי אויפן מאַרק; האָט דאָס רעכט צו האַלטן אַ שענק און זיך פאַרנעמען מיט האַנדל צוגלייך מיט אַלע היגע באַלעבאַטים געבוירענע און אַלטגעזעסענע פון דור־דורות.

פאַרשריבן אין פנקל הקהל אַכט טעג אין חודש מנחם־אב תקנ״ז (1797).

דבר, וימחק מפנקס החברה הק׳ דנ״ת8) עד עולם, שלא לקבל אותו לחברה הנ״ל ולא לשום חברה שבעולם, ויוכרז עליו כרוז ברמה על אותו מעשה שעשה, למען ישמעו ויראו, ויכתב הפסק הזה בפנקס הקהל לחוק ולמשמרת ימים רבים.

היום יום א״ך סיון תקחי״ת לפ״ק פה ק״ק זאבלוּדאווי יצ״ו״.

אין דער דאָזיקער פאַרשרייבונג זענען אינטערעסאַנט צוויי פּרטים — סיי די געשיכטע, סיי דער אופן ווי אַזוי דער ענין איז פאַרצייכנט געוואָרן. די געשעעניש — איינער פון די שטייער־מאָנערס אויפן יריד האָט געוואָלט איינקאַסירן מער געלט ווי די תקנה וועט פאַרויס. איז געקומען צו אַ ווערטער־אויסבייט מיט אַ צווייטן ביז איינער האָט דעם צווייטן געשלאָגן. ווען קהל האָט אים אַרויסגערופן האָט ער אויך דעם שליח געשלאָגן. אונטער די אויגן האָט אים דעריבער קהל באַשטראָפט מיט שטיין אין דער קונע אין ערשטן שבת, אין דער צייט פון גאַנצן דאַווענען; חוץ דעם זאָל ער באַקומען 39 מלקות אויפן שטיין וואָס איז פאַראַן פאַר דער שול בפני כל עם, פאַר אַלעמען אין די אויגן; מען זאָל אים ווייטער אויסשטרייכן פון דער חברה „נר תמיד״ און זאָל לעולם ועד נישט קענען געהערן צו קיין שום חברה — דעם דאָזיקן פסק זאָל מען אויסרופן אין דער עפנטלעכקייט און זאָל פאַרשריבן ווערן אויף דור׳ דורות אין פנקס.

אין דער פאַרצייכעניש איז כאַראַקטעריסטיש דער אופן ווי עס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן די גבית־עדות אין יי ד י ש אַזוי ווי דער עדות האָט געזאָגט. מיר האָבן איבערגעלאָזן דעם אויסלייג ווי אַזוי ער איז אין אָריגינאַל.

***

15. תק״י (1850):

ראשית חכמה יראת ה׳.

א. בהיות שמאז ומקדם היה התקנה של פנקס דפה ק״ק יצ״ו כדין וכדת ופשיטא כפי ארדינץ מהדוכס יר״ה (ירום הודו) נאמרה ונשנית, ולא נשנו התקנות הללו אלא בשביל דבר שנתחדש בהן דהיינו שלא יהיו בין הקהל פסולים9) עד רביעי ברביעי וגם בין עדה הק/דושה/ יהיו כשרים כדי שיהיו ט״ו, דהיינו חמשה עשר אנשים, כשרים בעדה עם אלופי הקהל.

ב. מי שאינו רוצה להחזיק פלעטין10) אזי תיכף בבוא עני בקובלנא על האיש ההוא, אזי מחויב הפ״ח (הפרנס חודש) ליישב הקהל בצירוף הרב לענוש האיש ולפרסם קלונו ברבים, וליקח מאכלו אשר הכין לו ע״י (על ידי) משרתי הקהל ולתת לעני ההוא, וגם יהי׳ בהעברה מהתמנות כפי ראות עיניהם, זולת שאר עונשים וקנסים.

ג. אין נקי הפלעטין זולת פרנס החודש בחדשו, רח״ש (רב חזן שמש) ומקבל קצבה ומשרתי הקהל פטורין מלהחזיק פלעטין. והראשים שלא בחדשם מחויבים להחזיק פלעטין.

ד. אין לעשות התמנות מהקהל רק שלשה ראשים ושני טובים ושני עיקורים ושני במקומות11), דהיינו במקום פה״ח ובמקום כל איש. ויהיו הבמקומות כשרים עם המנהיגים, ויהיו הבמקומות תמיד באספות הקהל. ובאם שירצו הבוררים לעשות ארבעה ראשים אזי אינם רשאים לעשות שני במקומות רק במקום אחד, דהיינו במקום פה״ח. ובאם שלא ירצה איזה פה״ח להחזיק החדש שלו אזי יהיה בהעברה כל השנה, והבמקום יחזיק החדשים שלו.

ה. הפה״ח בחדשו מחויב להחזיק על שולחנו בשבתות ויו״ט שלשה בעלי דרשנים. ובאם שיהיה יותר אזי רשות להפה״ח לשלח אותם לשארי ב״ב (בעלי בתים) כפי ראות כבודם ובאם שיהיה ש״ץ (שליח ציבור) עם שני משוררים אזי רשות להפה״ח לשלוח אחד מהמשוררים לאחד מב״ב.

ו. באם שירצה איזה איש לקבוע דירתו, באם שיהיה בעל משפחה ומבדה״ג12) אזי יתן להקהל דמי־חזקה סך שני אדומים13). ושארי אנשים לפי ראות עיני הקהל והרב, להוסיף או לגרוע. ולא יהיה להם שום קלפי, ופשיטא איזה התמנות, עד עשרה שנים מיום סילוק דמי חזקה שנכתב בפנקס הקהל, אף שיהיה בידו כתב חזקה, אזי יהיה הכתב בטל ומבוטל, וגם אם יהיה לו איזה התמנות — ההתמנות שלו בטל ומבוטל, והתקנה הנ״ל נאמרה על העבר ולהבא.

ז. הבוררים אינם רשאים לעשות לעצמם איזה התמנות רק באתו מינוי שהיה להם מקודם. ומי שהיה ראש שלש שנים רצופות אינו רשאי להיות שנה רביעית, רק מנהיג, הן שיהיה בעצמו הן ע״י בוררים אחרים.

ח. להקלפי מי שיש לו „מורינו״14), כשיתן עשרה זהובים לקרופקי15), יש לו קלפי והתמנות. ומי שיש לו „חבר״16) יתן עשרים זהובים לקרופקי אז יהיה לו קלפי והתמנות כתקון, ובלא חבר לא יהיה לו קלפי כלל, אף שיהיה בעל סכום גדול.



פראָטאָקאָל אין אַלטן זאַבלודאָווער פנקס פון דאָנערשטיק 17 טעג אין חודש אדר־שני תקס״ב (1802), ווו עס ווערט דערציילט, אַז עס איז זיך צוזאַמענגעקומען אַן אַסיפה פון די אלופים, ראשים מיט דעם רב און דעם בית־דין, ווו עס זענען אויך געווען פאַרבעטן אויך די זצים (געמיינט די קצבים, ז״ץ איז זבחי צדק). אויף דער אסיפה איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די קצבים טרייבערן נישט אויס גוט דאָס פלייש, אַז עס ווערט געפונען חלב און טריפהנע גידים (אָדערן). עס זענען אָנגענומען געוואָרן תקנות, אַז אַזוינס זאָל זיך מער נישט איבערחזרן.

ט. בסעודת נשואין וברית מילות — בעל סכום גדול דהיינו שנותן חמישים זהובים לקרופקי, רשות ינתן להפ״ח לחתום על ריסטור שיקרא ב״ב (בעלי בתים) לסעודה חמשה מנינים בכל משתה, זולת פסולי דאוריתא ורח״ש ולומדי תורה ועניים ואביונים, והשמש אינו רשאי לקרוא על המשתה בלתי רשות והרמנא הפה״ח בחדשו, והבינונים — שלשה מנינים, מלבד פסולים כנ״ל, וקטנים שני מנינים.

י. מי שסומך על שלחן אביו או חמיו מחויב לילך בכל ערב ובקר מדי יום ויום לבה״כ להתפלל.

יא. בעלי חנויות אינם רשאים לפתוח החנויות עד אחר יציאת מבה״כ. ובחול־המועד אינם רשאים לפתוח התריסין מהחנויות רק הפתח. והשני אנשים שיבחרו הבוררים על אמיתת המדות והמשקלות יתנו עינם גם/על/ הנ״ל. וכשיבורר ע״פ עדים כשרים שימדדו או ישקלו בלא אמת וצדק, הן לפריצים והן ליהודים, הן למי שיהיה אזי יתן קנס ארבעה זהובים על בה״כ ושני זהובים על בה״מ (בית המדרש) ושני זהובים על החצר17), ובאם שילך איזה יושבי בעלי חנויות עם איזה סחורות לפונדיקאות בלתי ידיעת הב״ב אזי יוקנס בקנס הנ״ל.

יב. ז״צ (זובחי צדק) אינם רשאים לחלק הבשר עד אחר יציאת מבה״כ, ואינם רשאים להיות בשותפות18) זולת מפסח עד עצרת, ואינם רשאים להשהות הבשר רק שני מעל״ע (מעת לעת), ותיכף אחר שני מעל״ע מחויב למלוח הבשר ושלא להשרות במים.

יג. ביום א׳ דסליחות מחויבים הקהל לחלק תפילות ולסדר תקיעות, כדי שכל בעל תפילה ובעל תקיעה יהיו בקיאים ויהא שגורה בפיהם. וגם בעל תקיעות ובעלי תפילות יפנו א״ע (את עצמו) מכל עסקיו וישב בבה״מ ללמוד עכ״פ (על כל פנים) שלשה ימים קודם ר״ה (ראש השנה).

יד. אכסניא שבא לפונדקי אינו רשאי ב״ב אחר למכור ש״ש (שבולת שועל) ושחת וכל הצטרכות לאורח, יהיה מי שיהיה, בלתי ידיעת בעלים, בקנס הנכתב בתקנה דיושבי חנויות, בתקנה יוד אלף.

טו. מי שאינו בעל מחיה אינו רשאי לעשות מאלצין ומו״מ (ומקח וממכר), זולת שיינק רשאי לעשות מו״מ מאלצין.

טז. השעוה של נרות מיו״כ (מיום כפור) אינם רשאים למכור לשום סוחר, רק שימכרו בתנאי שיחזיק השעוה ולמכור על נרות ייאָר צייטין או לבה״כ.

יז. בעלי קרופקי אינם רשאים להחזיק חכירות ארונדי, ומחזיקי אורנדי אינם רשאים להחזיק הקרופקי.

יח. ומי שאינו מכניס לנדן סך שש מאות זהובים פול׳ אינו רשאי לעשות החתונה בשבת רק דווקא בימי החול.19)

כל הנ״ל נעשה בהסכמת כולם ובצירוף הרב בקנסות עצומים כאשר יושת מהאד״ן יגמ״פ (יעגאמאשץ פאן) קמיסאר דחצר.20)

אין די אויבנגעבראַכטע תקנות האָבן מיר אַ כמו קאָנסטיטוציע פון דער זאַבלודאָווער קהילה. מיר וועלן טאַקע איבערגעבן די 18 תקנות אין יידיש.

א. פון שטענדיק און פריער זענען די תקנות פון פנקס געווען כדת וכדין אַ פשיטא, שוין נאָך דעם ווי עס פאַרלאַנגט דער אָרדינאַנץ פון דעם פירשט. די תקנות ווערן גישט

געענדערט נאָר ביי געוויסע חידושים ווי דאָס, אַז צווישן די אויסגעוויילטע זאָלן נישט זיין קיין פסולים, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס זענען צווישן זיך קרובים. אויסגעוויילט דאַרפן ווערן 15 מאַן כשרים.

ב. ווער עס וויל נישט האַלטן קיין פלעטין, צעטלעך צו נעמען אָרעמעלייט אורחים, איז ווען עס קומט אַן אָנקלאַגע פון אַן אָרעמאַן אויף אים איז מחויב דער פרנס חודש צוזאַמען מיט קהל און דעם רב אויסרופן אין דער עפנטלעכקייט זיין שאַנד. די קהל־משרתים דאַרפן צונעמען ביי דעם דאָזיקן באַלעבאָס די צוגעגרייטע מאכלים און דאָס אָוועקגעבן דעם אָרעמאַן, חוץ דעם וועט ער נאָך געקנסעט ווערן, און אויך אַראָפּגענומען ווערן פון זיינע קהלשע אַמטן.

ג. פריי פון „פלעטן" איז נאָר דער פרנס־חודש אין זיין חודש. אויך דער רב, דער חזן און דער שמש, די משרתים פון קהל און די וואָס נעמען קצבה זענען פריי פון „פלעטן". די ראשים, נישט אין זייער חודש, דאַרפן האַלטן פלעטן.

ד. פון קהל דאַרפן אויסגעוויילט ווערן נאָר דריי ראשים, צוויי טובים, צוויי עיקורים און צוויי פאַרטרעטער, איינער פאַרן פרנס־חודש און איינער פאַר די איבעריקע. די פאַרטרעטער דאַרפן זיין „כשרע", ד"ה נישט קיין קרובים מיט די איבעריקע אויסגעוויילטע. די פאַרטרעטער דאַרפן שטענדיק זיין בעת די אסיפות פון קהל. אויב די בוררים וועלן אויסקלייבן 4 ראשים דאַן דאַרף אויסגעוויילט ווערן נאָר איין פאַרטרעטער, פאַרן פרנס־חודש. אויב אַ פרנס־חודש וועט נישט וועלן האַלטן דעם חודש ווען עס קומט זיין צייט נעמט מען ביי אים צו דעם אַמט און דער פאַרטרעטער נעמט איבער זיינע חדשים.

ה. דער פרנס־חודש דאַרף אין זיין חודש אויסהאַלטן אויף זיין טיש אין די שבתים און יום־טובים דריי בעלי דרשנים. אויב עס וועלן זיין מער, האָט דער פרנס־חודש רשות די איבעריקע צוצושיקן צו אַנדערע באַלעבאַטים לויט זייער כבוד. אויב עס וועט זיין אַ חזן און צוויי משוררים האָט דער פרנס־חודש רעכט איין משורר צוצושיקן צו איינעם פון די באַלעבאַטים.

ו. אויב עמיץ וועט זיך וועלן באַזעצן אין דער קהילה, אויב ער איז אַ בעל־משפחה און פון בית־דין הגדול (געמיינט גראָדנע) דאַרף ער געבן דעם קהל חזקה־געלט צוויי רויטהאַלער. אַנדערע מענטשן ווערן באַהאַנדלט נאָכן איינזען פון דעם קהל און דעם רב, זיי באַשליסן צו נעמען מער צי ווייניקער. דער נייער האָט נישט קיין רעכט צו שטימען אָדער געוויילט ווערן ערשט נאָך דעם ווי עס זענען אַריבער 10 יאָר נאָכן באַצאָלן זיין חזקה־געלט וואָס עס ווערט פאַרשריבן אין פנקס. און יענער מענטש, זאָל עס זיין ווער נישט איז, וואָס זיין כתב־חזקה איז נישט פאַרשריבן אין פנקס פון קהל, הגם ער האָט אויפן האַנט זיין כתב־חזקה, איז דער דאָזיקער כתב בטל. אויב ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף אַן אַמט פון קהל איז זיין אויסוויילן בטל. די דאָזיקע תקנה איז געזאָגט געוואָרן סיי פאַר די פאַרגאַנגענע צייטן, סיי פאַר דער צוקונפט.

ז. די בוררים האָבן נישט קיין רעכט זיך צו באַשטימען וועלכע נישט איז קהל־אַמטן, סיידן דעם אַמט וואָס זיי האָבן געהאַט פון פריער. ווער עס איז שוין געוועזן דריי יאָר אַ ראש אָן איבעררייס קאָן נישט זיין קיין ראש אַ פערטן יאָר, נאָר אַ מנהיג, הן ער וועט עס זיין אַליין אָדער דורך אַנדערע בוררים.

ח. ביי די וואַלן איז דער וואָס האָט דעם טיטל „מורנו"14) אויב ער גיט צען גילדן אויף דער קאָראבקע15) האָט שטים־רעכט און אויך רעכט אויסגעוויילט צו ווערן און ווער עס האָט דעם טיטל „חבר"16) דאַרף געבן 20 גילדן אויף דער קאָראבקע און דאַן וועט

ער האָבן שטים־רעכט און רעכט אויסגעוויילט צו ווערן. אָן דעם טיטל „חבר" קאָן ער בכלל זיך נישט באַטייליקן אין די וואַלן ווען ער איז אפילו אַ גרויסער גביר.

ט. צו אַ חתונה־סעודה אָדער צו אַ ברית פון אַ פאַרמעגלעכן, דאָס הייסט וואָס ער צאָלט 50 גילדן אויף דער קאַראבקע, האָט דער פּרנס־חודש רשות אונטערצושרייבן אַ רעגיס־טער אַז ער האָט דאָס רעכט צו רופן צו דער סעודה 5 מנינים צו יעדער מאָלצייט, חוץ די נאָענטע קרובים, דעם רב, חזן און שמש, לומדי־תורה און אָרעמעלייט. דער שמש

נאָטיצן אין אַלטן זאַבלודאָווער פּנקס וועגן די הלוואות וואָס קהל האָט גענומען, אָדער איז שולדיק אַ ריי פּריצים און וועגן די פּראָצענטער וואָס קהל האָט געצאָלט פאַר די דאָזיקע חובות.

די ערשטע נאָטיץ דערציילט, אַז קהל האָט געבאָרגט ביי דעם אדון הגדול והבישוף האַריקער יחי' צען טויזנט פּוילישע גילדן אויסצוצאָלן יערלעך, פאַר וועלכע מען וועט יערלעך צאָלן 700 גילדן פּראָצענט. דערביי ווערט געזאָגט, אַז דאָס געלט ווערט געבאָרגט אין שייכות מיט דעם טומל (שערוריה) וואָס איז דאַן געווען און מען זאָל האָבן געלט כדי זיך קענען אין דער צייט פון דער סכנה זיך אויסקויפן (שיהא תמיד מצוי פדיון נפש...).

ווייטער ווערט דערציילט, אַז פון דער דאָזיקער הלוואה האָט מען אָפּגעצאָלט:

אַ חוב פון 2.000 גילדן און 10 פּראָצענט פאַר דער פּריצטע פּאַני באָרדאָנאָווא.

אַ חוב מיט פּראָצענטער דעם פּאַן סטאָלניק.

פון דעם האָט מען אויך באַצאָלט די קאָנטריבוציע־געלטער און די הוצאות פון עקזעקוציע, וואָס עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף קהל.

(אויף דעם דף איז נישטאָ קיין דאַטע).

האָט נישט קיין רעכט צו פאַרבעטן צו די סעודות אָן די דערלויבעניש און התימה פון דעם פרנס־חודש. די מיטעלע באַלעבאַטים האָבן דאָס רעכט צו פאַרבעטן דריי מנינים, חוץ די יעניקע ווי פריער. די גאָר קליינע באַלעבאַטים קענען פאַרבעטן צוויי מנינים.

י. דער וואָס עסט קעסט ביי זיין פאָטער אָדער שווער איז מחויב טאָג־טעגלעך יעדן אינ־דערפרי און אָוונט גיין אין שול אַריין דאַוונען.

יא. די קרעמער האָבן נישט קיין רעכט צו עפענען זייערע קראָמען איידער מען גייט פון שול. חול־המועד האָבן זיי נישט קיין רעכט צו עפענען די לאָדנס, נאָר די טירן פון דער קראָם. די צוויי מענטשן וואָס די בוררים וועלן אויסקלייבן אַכטונג צו געבן אויף דער ריכטיקייט פון די מאָסן און וואָגן דאַרפן אויך אויף דאָס פריער־געזאָגטע האָבן אַן אויג. אויב עס וועט דורך כשרע עדות פעסטגעשטעלט ווערן, אַז עס ווערט געגעבן אַ נישט־ריכטיקע וואָג אָדער מאָס, ס׳ייַ צו פריצים, סיי צו יידן, סיי צו ווערמען נישט איז, דאַן ווערט דער דאָזיקער באַשטראָפט מיט 4 גילדן פאַר דער שול, 2 גילדן פאַר דעם בית־המדרש און 2 גילדן פאַרן פריצישן הויף. אויב ווער פון די קרעמער וועט מיט פאַר־שיידענע סחורות גיין איבער ד׳ אַריינפאָר־הייזער אָן דעם וויסן פון די באַלעבאַטים, וועט ער געקנסעט ווערן מיט דע׳ זעלביקער שטראָף ווי פריער.

יב. די קצבים האָבן נישט קיין רעכט צו טיילן דאָס פלייש ביז וואַנען מען גייט נישט אַרויס פון שול. עס איז זיי פאַרווערט צו זיין צווישן זיך שותפות18) אויסער פון פסח ביז עצרת. זיי טאָרן נישט פאַרהאַלטן דאָס פלייש נאָר 2 מעת־לעת. תיכף נאָך די 2 מעת־לעת זענען זיי מחויב דאָס פלייש זאַלצן און נישט ווייקן.

יג. אין דעם ערשטן סליחות־טאָג דאַרף שוין קהל פאַרטיילן די תפילות און מסדר זיין די בעל־תקיעות, כדי יעדער בעל־תפילה און בעל־תקיעה זאָל זיין בקי און צוגעגרייט. די בעל־תפילות און בעל־תקיעות דאַרפן זיך באַפרייען פון אַלע זייערע געשעפטן און זיצן אין בית־המדרש און לערנען, לכל הפחות דריי טעג פאַר ראש־השנה.

יד. אַן אורח וואָס איז פאַרפאָרן אין אַן אַריינפאָר־הויז האָט קיין שום באַלעבאָס נישט דאָס רעכט אים צו פאַרקויפן האָבער, שטרוי אָדער אַנדערע באַדערפענישן, זאָל דער אורח זיין ווער דאָס איז, אָן דעם וויסן פון דעם אייגנטימער פון אַריינפאָר־הויז. פאַר עובר זיין קומט אַ שטראָף ווי פאַר די קרעמער וואָס איז אויסגערעכנט אין דער תקנה י״א.

טו. ווער עס איז נישט קיין בעל־מחיה האָט נישט קיין רעכט צו מאַכן מאַלצן (צום ביר) און אַנדערע געשעפטן. אויסער די שענקער, זיי איז עס דערלויבט.

טז. די וואַקס וואָס עס בלייבט פון די יום־כיפור־ליכט טאָר מען נישט פאַרקויפן צו קיין שום סוחר נאָר מיטן תנאי אַז פון דעם דאָזיקן וואַקס וועלן געמאַכט ווערן יאָרצייט־ליכט אָדער ליכט פאַר דער שול.

יז. די וואָס האַלטן די קאַראבקע טאָרן אין דער זעלביקער צייט נישט זיין קיין אַרענדאַרן (פון פריצישע געשעפטן) און אַרענדאַרן טאָרן נישט האַלטן די קאַראבקע.

יח. דער וואָס גיט נדן ווייניקער פון 600 פוילישע גילדן האָט נישט קיין רעכט צו מאַכן די חתונה אין שבת. ער דאַרף עס מאַכן נאָר אין אַ וואָכנטאָג.19)

דאָס אויבנדערמאָנטע איז געמאַכט געוואָרן מיטן אַלגעמיינעם הסכם צוזאַמען מיטן רב און פאַרזיכערט מיט די גרעסטע שטראָפן וואָס עס וועט אַרויפגעלייגט ווערן פון דעם אדון, דעם יעגאמאשטש פאַן קאָמיסאַר פון דעם הויף.20)

**
*

16. אָן אַ דאַטע:

רש־מה המתנות שהיה הקהל נותן לכמרים ולפקידים לפני ימי אידיהם.

די ווייטערדיקע רשימה ברענגען מיר גלייך מיט דער יידישער איבערזעצונג און זי ווייזט וועמען אַלץ און וואָס אַלץ מען האָט געדאַרפט געבן כדי צו לעבן בשלום מיט די פאַר־שיידענע קרייזן און יחידים.

**לגלח פולין:**

א״ל פלפל לו״ג.21)
א״ל אינגבר חי״ג
א״ל קימל א׳ זהובים
א׳ לויט זפרין ב״ז
א׳ לויט נעגליך חי״ג
ד׳ טעפ דבש
על בשר — מזומן ב׳ זהובים
עוד ב׳ זהובים על צוקיר במזומן
ב׳ טעפ יי״ש פשוט וב׳ ליטרות ענים(?)
שניי שטיוולוא קטנים לשנה

**צום פוילישן גלח (קאַטוילישן):**

איין ליטרא (פונט) פעפער פאַר 36 גדולים21)
איין פונט אינגבער פאַר 18 גדולים
איין פונט קימל פאַר 1 גילדן
איין לויט זאפראן, 2 גילדן
איין לויט נעגעלעך, 18 גדולים
פיר׳ טעפ האָניג (מעד?)
2 גילדן מזומן אויף פלייש
נאָך 2 גילדן מזומן אויף צוקער
צוויי טעג בראָנפן און צוויי פונט ענים(?)
צוויי קליינע שטיוועלעך פאַר אַ יאָר.

**לשילר22)**

ח״ל פלפל חי״ג
חצי פונט אינגבר ט״ג

**פאַר די שילער22)**

אַ האַלבן פונט פעפער, 18 גדולים
אַ האַלבן פונט אינגבער, 9 גדולים

---

---

**לפקיד:**

ב׳ רביעים בשר ג׳ זהובים

**דעם באַאַמטן:**

2 פערטלען פלייש, 3 גילדן

**לגלח דבאבאווי**

א״ל פלפל לו״ג
א״ל קידה חי״ג״פ
א״ל ראזין כז״ג
בשר כ׳ ג״פ
יי״ש טוב חצי טאָפ כד״ג
ס״ה ד׳ זהובים חג״פ

**דעם באבאווער גלח (פּראַוואָסלאַוו)**

איין פונט פעפער 36 גדולים
איין פונט צימערינג 18 פוילישע גדולים
איין פונט ראָזשינקעס 27 גדולים
פלייש פאַר 20 פוילישע גדולים
גוטן בראָנפן אַ האַלבן טאָפ 24 גדולים
צוזאַמען 4 גילדן און 8 גדולים

**לעוונט...?**

א׳ ליטרה פילפל לו״ג
א׳ ליטרה קידה חי״ג
חצי טאָפ יי״ש כדג״פ
בשר בעד זהוב
ס״ה ג׳ זהובים ח״י ג״פ

**לעוונט...?**

איין פונט פעפער 36 גדולים
איין פונט צימערינג 18 גדולים
אַ האַלבן טאָפ בראָנפן 24 גדולים פוילישע
פאַר איין גילדן פלייש
צוזאַמען 3 גילדן און 18 גדולים פוילישע

**לדערוויצקי:**

א״ל פילפל לו״ג
א״ל קידה חי״ג
ב״ל ראזין נד״ג
א׳ לויט זפרן ב׳ זהובים
א׳ לויט נעגליך חי״ג
ג׳ חתיכות בשר בעד זהוב
ס״ה ז׳ זהובים ו״ג.

**דערוויצקין:**

איין פונט פעפער, 36 גדולים
איין פונט צימערינג, 18 גדולים
צוויי פונט ראָזשינקעס 54 גדולים
איין לויט זאַפראַן 2 גילדן
איין לויט נעגעליך, 18 גדולים
דריי שטיקער פלייש פאַר 1 גילדן
צוזאַמען 7 גילדן און 6 גדולים.

**לראש עירון:**

לשניהם עור שחור בעד ו׳ זהובים
א״ל פלפל
עוד א׳ טאפ דבש
ס״ה ז׳ זהוב כ״ו ג״פ

**דעם שטאָט־עלטסטן:**

ביידן אַ שוואַרץ פעל פאַר 6 גילדן
איין פונט פעפער
נאָך 1 טאָפּ האָניג
צוזאַמען 7 גילדן 27 גדולים פוילישע.

**לכותב נעווירזווסקי:**

בשר בעד כג״פ

**דעם שרייבער נעווירזווסקי:**

פלייש פאַר 20 גדולים פוילישע

**להשר פאן סוד טשאשי(?)**

א״ל פלפל לו״ג
א״ל קידה חיג״פ
ב״ל ראזין נ״ד ג״פ
א׳ לויט זפרן ב׳ זהובים
א׳ לויט נעגליך ח״י ג״פ
א הוט צוקר ד׳ זהובים
ס״ה י״ב(?) זהובים

**צום פאַן סוד טשאשי (סטאַרשי?)**

איין פונט פעפער, 36 גדולים
איין פונט צימערינג, 18 גדולים פוילישע
2 פונט ראָזישנקעס 54 גדולים פוילישע
איין לויט זאַפראַן, 2 גילדן
איין לויט נעגעלעך, 18 גדולים פוילישע
איין הוט צוקער, 4 גילדן
צוזאַמען 12(?) גילדן.

ווי מיר זעען האָט קהל געהאַט אַ גאַר גרויסע חברותא וועמען מען האָט געדאַרפט מהנה זיין. מיר זעען אויך אויף וואָס די דאָזיקע לייט, די גייסטלעכע און די וועלטלעכע זענען געווען בעלנים: פעפער, נעגעלעך, זאַפראַן, צימערינג, ראָזשינקעס, בראָנפן, צוקער, האָניג (משמעות מעד), פלייש, שטיוועלעך, פעל און מזומנים. פון די דאָזיקע רשימות קען מיר אויך האָבן אַן אָנונג וועגן די פרייזן אויף די דאָזיקע אַרטיקלען אין יענע צייטן.

***

17. אָן אַ דאַטע

„בהיות שראה ראינו אחר כל הכרוזים ואזהרות גדולות שעשינו, שאין לשום בר ישראל לעשות שום /עסק עם/ גנבים בעניני גניבות / ובכל זאת רבו בעונותינו הגנבים הגונבים / ומוכרים ליהודים, ובכן יצא קול כרוז מי ומי, יהיה מי שיהיה, שיתעסק בעסקים / הנ״ל אחת דתו / להיות נדחה מקהלתנו ויאבד חזקה מתוך הקהל תיכף ומיד, וכהיום עשה משה ב״ר מרדכי רעה בעסק קנית בהמה מדרייגונר ונתפס בכבלים מהמבצר מה שהוא למכשול ולפוקה לכל הקהלה, בכן חרצנו עליו הדין שתוך

שלשה מע״ע (מעת לעת) מחויב ליסע מקהלתנו עם אשתו וכב״ב (וכל בני ביתו), ולא ישוב לכאן לדור כלל וכלל כל ימיו. כ״ז נעשה בוועד ובמוסכם אלופים ראשים וטובים יצ״ו היום יום ד׳ ו׳ טבת...

נאום שמואל בא״א מרדכי זצ״ל שמש דק״ק זבלודאב לע״ע״.

דעם דאָזיקן לעצטן דאָקומענט פון ש. אספס קאָלעקציע וועלן מיר איבערזעצן ווי ער שטייט און גייט. עס וואַרפט אַ שטיקל שיין פאַר די פאַרהעלטענישן פון דעם קהל אין יענע צייטן. אין דאָזיקן כ ר ו ז זאָגט זיך:



דריי נאָטיצן אין אַלטן זאַבלודאָוועער פנקס ווו עס ווערט רעגולירט דער ענין, אַז די פרנסי־החודש באַקומען געוויסע סומעס וואָס זיי דאַרפן אויסצאָלן פאַר פורן און צידה לדרך פאַר בעלי־דרשנים, חזנים און מוכיחים וואָס קומען פון דער פרעמד. די ערשטע נאָטיץ איז פון מאָנטיק כ״א חשוון תקכ״ב (1762) און די לעצטע (דריטע) איז פון ערשטן טאָג חול־המועד פסח תקכ״ח (1768). לכתחילה איז פאַר דעם צוועק באַשטימט געוואָרן 20 פוילישע גילדן אַ חודש. לסוף איז עס געענדערט געוואָרן אויף 16. אונטער דער לעצטער נאָטיץ זענען אונטערגעשריבן: אליעזר בהר״ר אברהם ז״ל שמש דק״ק זאבלודאָוואַ; חיים בהר״ר פנחס זצ״ל ש״ץ ונאמן דק״ק זאבלודאָווא.

אַזוי ווי מיר האָבן געזען נאָך אַלע כרוזים און וואָרענונגען וואָס מיר האָבן געמאַכט, אַז קיין שום ייד זאָל נישט האָבן קיין שום עסקים אין גנבהשע ענינים. פונדעסטוועגן זענען ליידער פאַרגרעסערט געוואָרן די גנבים וואָס גנבענען און פאַרקויפן די גניבות צו יידן. דעריבער האָבן מיר אויסגערופן, אַז ווער עס זאָל נישט זיין אויב ער וועט זיך באַשעפטיקן מיט די ענינים איז איין געזעץ פאַר אים פאַראַן — אַרויסגעשטויסן צו ווערן פון אונדזער קהילה און ער וועט פאַרלירן זיין חזקה תיכף ומיד. היינט האָט משה ב״ר מרדכי אָפּגעטאָן אַ שלעכטע זאַך וואָס ער האָט געקויפט אַ (געגנבעטע) בהמה פון די דראַגונער און זיצט איצט אין פעסטונג אַ געשמידטער אין קייטן. ער האָט פאַר אונדזער גאַנצער קהילה גע־בראַכט אַ שטרויכלונג און אַ שאַנדע. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן אַז ער מוז אין משך פון דריי מעת־לעת פאַרלאָזן צוזאַמען מיט זיין פרוי און זיינע בני־בית אונדזער קהילה. ער טאָר זיך אַהער צוריק נישט אומקערן אַלע זיינע יאָרן. דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן אין הסכם פון דעם וועד, צוזאַמען מיט די אלופים, ראשים און טובים...

אויפן כרוז איז נישטאָ דאָס יאָר. אָבער פון דער אונטערשריפט פון דעם שמש — ש מ ו א ל ב ״ ר מ ר ד כ י — קאָן מען זיך משער זיין, אַז דאָס איז געשען אומגעפער אין יאָר תכ״א (1661). און עס קאָן אויך זיין אַז די „דראַגונער״ מיינט מען יענע מיליטער־טיילן וואָס האָבן זיך געפונען אין דער געגנט בעת דער דעמאָלטיקער מלחמה. אויף די איינ־שרייבונגען פון יענעם יאָר געפינט זיך דער אויטענטישער אונטערשריפט.

## קאָלעקציע פון פּראָפעסאָר ש. דובנאָוו

די ווייטערדיקע דאָקומענטן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך א. טשעריקאָווער וואָס האָט עס אַרויסגענומען פון גאָר אַ גרויסער זאַמלונג. די ערשטע דריי דאָקומענטן פון דער זאַבלודאָווער קאָלעקציע וואָס ער ברענגט אין דעם צווייטן באַנד פון די היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ זענען כרוזים, אין יידיש, וואָס האָבן צו טאָן מיט ענינים פון יידישע פרנסות, פראַגן פון חזקה, קאָנקורענץ וכדומה. ווי מיר וועלן זען שטאַמען זיי אַלע פון אָנהייב פון 18טן יאָר־הונדערט. דער ערשטער כרוז איז געווענדעט קעגן די וואָס „ווייזן מחיות לערלים״, דאָס הייסט די יעניקע וואָס לערנען אויס די יידישע פאַכן און מלאכות צו נישט־יידן און זענען דורך דעם מקפח אין חיונה די יידן. די ווייטערדיקע 2 כרוזים פון דער דאָזיקער קאָלעקציע האָבן צו טאָן מיט אינעווייניקסטע קאָנקורענץ־ענינים צווישן יידישע סוחרים. לסוף, דער פערטער דאָקומענט, איז אַ תקנה וועגן אַ סיכסוך צווישן צוויי זאַבלודאָווער יידישע בעל־מלאכהשע חברות, וואָס טיילן זיך צווישן זיך אָפּ אפילו מיט באַזונדערע תפילה־ערטער. דעם אויסלייג פון דעם פאַרצייטיקן יידיש האָבן מיר נישט געענדערט.

18. ת״ס (1700):

„הערט צו כל הקהל הק/דוש/, דאָ לאָזין אלופים מנהיגים מודיע זיין, באשר עס איז מפורסם לכל דז נתמעט גיוואָרין מחיות של יהודים בעו״ה (בעוונותינו הרבים) ונתרבה מחיות דערלים, ועל זה מחמת יהודים זיא ווייזן צו מחיות ערלים און זעהן ניט וואש דר סוף איז, און זיינן עובר חרמות ותקנות גאונים, און ווייזן מחיות חדשות לערלים און זיינן מחזיק מחיות שלהם, ומפני זה איז דער יהודי געשלאָגן במחיות, און זיינן עובר עד״ת (על דברי תורה) איש את אחיו יעזרו. בכן כהיום גיט מען חרם הגדול יב״ן (יהושע בן נון) אַז קיין בן אדם זאָל נישט נעמען שכר23) אַז איין טון בייא איין ערל בכל שבוע, און פשיטא מחיה חדשה וואָס קיין לעביג טאָג נישט גיווערין און זאָל ניט ווייזן דהיינו יי״ש (יין שרף — בראָנפן), רק מזאל נעמען מיהודים, כדי לקיים מה שכתוב בתורה כנ״ל. און ווער וועל עובר זיין איז מוחרם ומנודה ומופרש מכל קדושת

ישראל ויבוא עליו כל צ״ט קללות משנ׳ בתורה ובמשנה תורה24), ופשיטא איז חל עליו כל קללות שבתורה ווער וועט מגלה זיין איזה נסתרות ומ״ש (ומכל שכן) הכרוז הלז בפני ערלים, מלבד שאר עונשים אשר ישית עליו אב״ד שלמטה בקנסות בתפיסה ובקוהנ״ע (שטעלן אין קונע) בהעברת מינוי וכו׳... וכל העם ישמעון ויראון.

חתמנו י״ב טבת תי״ו סמ״ך לפ״ק. ק״ק זבלודאווי״.

19. תקי״ד (1754):

„הערט צו כל הקהל הק/דוש/, דאָ לאָזין אלופים ראשים ומנהיגים מכריז ומודיע זיין, דאש מען האָט כמה פעמים מכריז גיוועזין אז יושבי חנויות הן איש ואשה זאָל זיך ניט דרוועגן אָפּ צורופין פון די קראמען און פשיטא ניט צו שטיין בייא פרעמדע קראָמען און אָפּצורופין צו זיך אין קראָם און ניט צו ריידין דברים רעים איינם דעם אַנדערן... און כמה אנשים ונשים זיינן ניט משגיח דעראויף. מהראוי ווער געוועזין מען זאָל זיא שטראָפין בעונשים קשים ומרים ובחרפות וביושים, אך מתונים אנו בדין בפעם הזאת. מהיום והלאה איז מען מכריז בחרם הג/דול/ ב״ן (בן נון) אַז קיינר זאָל זיך ניט דערוועגן אָפּצורופין פון די קראמען, און ניט שטיין ביי פרעמדע קראָמען, און ניט לויפין אין די הארבריגין25) אַז מען רופט ניט, און פשיטא קיין דברים צו ריידין... און ווער וועט עובר זיין... (יתן קנס ממון ב׳ ישנים26) להקהל וב׳ ישנים להחצר לבד חרפות וביושים).

ג׳ כ״ב תמוז תקי״ד״.

20. תקט״ז (1756):

„הערט צו כל הקהל, דאָ לאזין האלופים הקהל ועדה ובצירוף בעלי הסכומות27) מכריז ומודיע זיין, שאין רשאי שום בעל הבית או איזה אורח שרוצה לדור בקהילתנו לעסוק בשום מחיה בשום סחורות ולשב בחנויות של ר א ט ה ו י ז מחמת רעות הקהילה. ויוכרז בביה״כ וביה״מ (בבית הכנסת ובית המדרש) בחרם הגדול וכו׳.

ד׳ אדר תקט״ז, זבלודאוו״.

אין דעם דאָזיקן כרוז ווערט געוואָרנט יעדער, סיי אַן אַלטער תושב פון דער קהילה סיי נייע, זיי זאָלן נישט אָננעמען קיין שום געשעפטן און קראָמען אין די געוועלבער פון דעם ראַטהויז ווייל דאָס איז לרעה פון דער קהילה.

21. תקי״ב (1752):

„ע״ד (על דבר) קטטות ומריבות שהיו בין האלופים החברה חייטים וקירזנר כשהיו ביחד, כפי תיקון הכתב והאלופים דפה ק״ק יצ״ו, ותרבו ביניהם המחלוקות ...ובקשו מאתנו הקהל לעשות שתי חברות, כהיום עשינו אנחנו ח״מ (חתומי מטה) למען ישקיט הריב ע״פ (על פי) אופנים דלמטה. וזאת אשר יצא מאתנו: שבה״כ (שבית הכנסת) של מעלה, שהיה שייך לשתי החברות, ניתן לחברה קירזנר לבדם, עם הארון הק/דוש/ והשולחן, ולהם יפוי כח ליקח ס״ת (ספר תורה) מבה״כ... רק שמחויבים להעמיד קורא הגון ולעשות לארון הק׳ פרוכת כנהוג ומענטליך ושלא ידברו דברים בטלים ולא יתקוטטו בשעת קה״ת (קריאת התורה)... ואינם רשאים לקבל בחברה הנ״ל שום חייט... ובנידון מלאכת קירזנריי ואונטר נאין עם פוטער יתנהגו כפי התקנות הקודמות... היום יום ג׳ ח״י אייר למ״ד תקיו״ד בי״ת״.

אין וואָס דער סיכסוך עס איז באַשטאַנען ווערט נישט איבערגעגעבן. פון אינהאַלט איז קלאָר, אַז די פירער פון דער חברה שניידער און קירזשנער וואָס זענען געוועזן צוזאַמען האָבן זיך געקריגט און זיי האָבן זיך געווענדט צו קהל אַז ער זאָל אויסגלייכן, אייגנטלעך, אַז ער

זאָל זיי צעטיילן. דער פסק איז געווען, אַז מען האָט באַשלאָסן, אַז דער אייבערשטער בית־הכנסת וואָס איז געווען פון דער גאַנצער חברה גייט אַריבער  א ו י ס ש ל י ס ל ע ך  פאַר די קירזשנער. זיי נעמען אויך דעם ארון־קודש, דעם שולחן, זיי דאַרפן נאָר מאַכן אַ פרוכת און מענטעלעך צו דער ספר־תורה. זיי דאַרפן האָבן אַ גוטן בעל־קריאה, נישט קריגן זיך בעתן לייענען און נישט ריידן קיין דברים בטלים. זיי דאַרפן אויך נישט אַריינגעמען קיין שום שניידער אין זייער חברה. פון דער תקנה איז קלאָר אַז  ק י ר ז ש נ ע ר  מיינט מען דאָ פוטער־אַרבעטער.

***

לסוף ברענגען מיר דעם לעצטן דאָקומענט אַרויסגענומען פון  י ש ר א ל ס  ה יי ל־פ ר י נ ס  „פנקס ועד ארבע ארצות".

22. תמ"ד (1684):

„אודות הלוואות בריוחים גדולים איך להתנהג הלא כתבנו ושנינו...2) השנית ופרשנו באר היטב התקנה דד"א (דדלד ארצות) יצ"ו. ואין להטות ימין ושמאל מהכתב ההוא. והנה היום גדלה זעקת עניי קהלתכם הלווים הלוואות קטנות על רוחים גדולים שאינם יכולים לעמוד בהם, ומי יוכל לאטום אזנו מזעקת עניים ודלים. ע"כ (על כן) הכתב ההוא בתקפו ובחזקתו. וזאת אשר מצאנו לתקנת העניין: הלואה שפחותה ממאה זהובים ויותר מחמשים זהובים נחשבת כמאה זהובים ולפי ערך. הלואה שהיא מחמשים זהובים ולמטה אינה בגדר התקנה ואינם רשאים ליקח יותר מחצי גדול מכל שאק פויליש. ומי שיקח יותר מחצי גדול מן שני זהובים ריבית קצוצה היא. ומה שעבר אין ומכאן חושבנא ושלום. כ"ד היום יום ה' י"ט סיון תמדל"ת לפ"ק.

נאם אורי פייבש כהנא ספרא מהמנא בקריה נאמנה הק"ק טיקטינא הכותב וחותם הפקודת האלופים הרוזנים והקצינים הראשים ומנהיגים יצ"ו בצירוף כבוד מו' הגאון הגדול האב"ד ור"מ נר"ו".

אין דאָזיקן דאָקומענט ווערט פעסטגעשטעלט די גרויס פון פּראָצענט פאַר קליינע הלוואות. אַ קליינע הלוואה מיינט ווינציקער פון 50 גילדן. פון יעדן שאָק דאַרף גענומען ווערן נישט מער ווי אַ האַלבער גדול. ווער עס נעמט מער איז עס פּראָצענט וואָס איז פאַרבאָטן. די דאָזיקע תקנה איז אונטערגעשריבן פון טיקטינער סופר זי געפינט זיך אָבער אין דעם זאַבלודאָווער פנקס אויף דף קכ"ה עמוד ב'.

אויסער די דאָזיקע 22 תקנות, כרוזים, פסקים און פאַרצייכענישן געפינט זיך נאָך אין דעם זאַבלודאָווער פנקס די תקנות פון דעם ליטווישן ועד פון יאָר ת"י (1650) קעגן לוקסוס פון בגדים. וועגן דעם דאָזיקן ועד ריידן מיר אין ווייטערדיקן קאַפּיטל פון אונדזער איצטיקער אַרבעט. איך וויל דאָ אונטערשטרייכן, אַז עס איז בכן נישט קיין צופאַל וואָס גראָד די תקנות פון דאָזיקן ועד זענען אַריינגענומען געוואָרן אין זאַבלודאָווער פנקס. דאָס באַשטעטיקט ווידער אונדזער ווייטערדיקע מסקנא, אַז דער ועד פון יאָר ת"י, וואָס מען נעמט אָן, אַז עס איז נישט באַוווסט, ווו ער איז צושטאַנד געקומען איז טאַקע פאָרגעקומען אין זאַבלודאָווע: [illegible]

## באַמערקונגען:

1) די דאָזיקע ציטאַטן ברענגען מיר ווי זיי זענען ביי ליפשיצן, אויף זיינע אחריות. די ווייטערדיקע דאָקומענטן גיבן מיר אין זייער אָריגינעלן נוסח. איבערלאָזנדיק דעם דאָרטיקן אויסלייג האָבן מיר נאָר דערגאַנצט די אָפּגעקירצטע ווערטער.

2) אין אָריגינאַל זענען געוויסע ווערטער פאַרמעקט.

3) שוק ליטא — אנדערש מאָל אויך שאָק און אויך שאָק פּוילן, וואָס מיינט 60 גדולים, גראָשן. אין פּוילישן האָט עס געהייסן „קאָפּאָ".

4) זקוקים — ווי א כלל איז די מטבע זקוק געווען א מארק. אין פּוילן איז א זקוק אין דעם 14טן און 15טן יאָרהונדערט געווען 48 גדולים — גראָשן. אזוי שרייבט דער סמ"ע (ספר מאירת עינים), דער רב יהושע פאלק „וידוע שבלשוננו וכ' סתם זקוק רוצה לומר מארק שהוא מ"ח גדולים פולניש" (אין זיין „דרישה" צום טור אבן העזר ס"ו). אין אַנדערע צייטן איז דער זקוק געווען א שאָק. אויך אין טשעכישן מארק איז דער זקוק געווען 60 גדולים.

5) געמיינט די ארבע ארצות פון מדינת פוילן.

6) ווייזט אויס אז די דאָזיקע תקנה איז אָפּגעשריבן געוואָרן פון דעם פּנקס פון ועד ארבע ארצות, ווו זי האָט געהאַט דעם סימן ר"ב.

7) ראשי־תיבות פון דער פאָרמולע „בתורת עדות באם לא יגיד ונשא עונו בזה הלשון". די דאָזיקע פאָרמולע ווערט אין רבנישע גבית־עדות באַנוצט, אז דער עדות איז פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער ריכטיקייט פון דעם געזאָגטן; דער עדות מוז איבערגעבן מיט דער גע־נויסטער פּינקטלעכקייט אַלע פּרטים און מיטן זעלביקן לשון. אויך אין די שאלות־ותשובות ווערן געבראַכט ציטאַטן פון די גבית־עדות אין דעם לשון ווי דער עדות האָט געזאָגט. אין אונדזער פאַל איז דאָס יידיש.

8) החברה הקדושה דנר תמיד.

9) פּסולים — דאָס מיינט אַזעלכע קרובים וואָס וואָלטן בעת א דין־תורה נישט געקענט זיין קיין עדות, ווייל זיי וואָלטן געווען פּסול צוליב קרובהשאַפט און נוגע בדבר.

10) פּלעטין — עס האָט זיך געפירט, אז יעדער באַלעבאָס האָט באַקומען א צעטל, א פּלעט, מיט א נומער פון א סדר, אז אויב עס וועט קומען אַן אורח וועט ער אים אויפנעמען אין דעם סדר פון די פּלעטן, א כמו גורל. דאָס אָפּזאָגן זיך פון א פּלעט אויפצונעמען אַן אורח איז באַטראַכט געוואָרן ווי אויסגעבראָכן זיך פון דעם כלל. פאַרטיילן די פּלעטן איז געווען אַן עובדא פון די מנויי הקהל.

11) במקומות — פאַרטרעטער. שטאַמט פון דער צערעמאָניע בעת קריאת־התורה ווען מען רופט אויף נישט קיין כהן במקום א כהן אויב אזא איז נישטאָ.

12) ומבדה"ג — ומבית דין הגדול, אין דעם פאַל ווערט דאָ געמיינט גראָדנע.

13) אדומים — געמיינט רויטע גילדנס, דוקאַטן וואָס אין פּויליש האָבן זיי געהייסן „טשערוואָני זלאָטי", דער פּרייז פון א „רויטן זהוב" איז אין 16טן יאָרהונדערט געווען טאָפּלט ווי א געוויינלעכער. אין 18טן יאָרהונדערט איז ער געשטיגן ביז 18 גילדן אין קופּער.

14) „מורינו" — אין דער תקנה נומער תקצ"ב פון ועד מדינת ליטא וואָס איז אָנגענו־מען געוואָרן אויף דער סעסיע אין כאַמסק אין יאָר תכ"ז זאָגט זיך (אין יידישער אי־בערזעצונג): „קיין שום רב טאָר נישט אַרויסגעבן סמיכה קיין שום מענטש ער זאָל זיך אָנ־רופן מיטן טיטל מורנו סיידן ווער עס איז מיט דער תורה באַהאַפטן און די תורה איז ביי אים דער עיקר און זיין ארבעט איז א טפל. ער דאַרף זיין 11 יאָר נאָך דער חתונה און נישט יינגער פון 30 יאָר".

15) קרופּקי, קאַראָפּקאָ, קראבקי, קאראבקאָ — דער איינטלעכער טייטש פון דעם פּוי־לישן וואָרט וואָס באַדייט קעסטל. דאָ ווערט געמיינט די הכנסות פון די פאַרשיידענע קהל־שטייערן אָפּהענגיק פון די תקנות אין די באַזונדערע אָרטער. שטייערן פון פלייש, פון ליכט, פון זאַלץ, פון היינון וכדומה. עס איז געווען אָנגענומען, אז עמיץ פּלעגט אָפּדינגען די קאַראבקע פאַר אַ געוויסן סכום און ער פלעגט זיך שוין פאַרנעמען מיט אויפמאָנען די דאָ־זיקע שטייערן.

16) „חבר" — אויף דער זעלביקער סעסיע אין כאַמסק ווערט אין דער תקנה נומער תקצ"ג געזאָגט: קיין שום רב, הן אין א קהילה, הן אין א ישוב האָט נישט קיין רעכט צו געבן

סמיכה מיטן טיטל ח ב ר סיידן אַזאַ איינעם וואָס האָט נאָך זיין חתונה געלערנט 2 יאָר אָן איבעררייס. אויך אַן אדם חשוב וואָס איז באַקאַנט מיט זיין אויפפירונג סיי אין די קהי־לות סיי אין די ישובים האָט דער ראש־אב־בית־דין דאָס רעכט צו געבן אים דעם טיטל חבר אויב עס וועלן אויף דעם מסכים זיין נאָך צוויי ראש־ישיבות.

17) החצר — געמיינט דעם פריצישן הויף.

18) כדי די קצבים זאָלן נישט אויסנוצן זייער שותפות און הייבן דעם פרייז פון פלייש, ווייל זיי וועלן דאָך נישט האָבן קיין קאָנקורענטן.

19) כדי נישט אויסצוגעבן צופיל אויף אַ שבתדיקער חתונה.

20 בכלל זענען די דאָזיקע תקנות איבערגעזעצט געוואָרן אויך אין פויליש און זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער הויף־אָרדינאַציע.

21) גדולים — אָפטמאָל גדולים פויליש אָדער גדולים ליטוויש. געמיינט די קליינע פוי־לישע מטבע ג ר אָ ש ן, וואָס גייען 30 אין אַ גילדן. אין פאַרשיידענע צייטן זענען די ליטווישע גדולים געווען אַביסל טייערער ווי די פוילישע. צום סוף פון 16טן יאָרהונדערט זענען 4 ליטווישע גדולים געווען אַזויפיל וויפל 5 פוילישע גדולים.

22) שילד — געמיינט די שילער פון די גלחישע סעמינאַרן. די דאָזיקע שילער זענען געווען אַן אמתע פלאָג פאַר די יידן. אין די יידישע כראָניקעס זענען באַקאַנט זייער פיל פאַלן וואָס די דאָזיקע שילער זענען עס געווען די אָרגאַניזאַטאָרן פון אַן אַ שיעור מהומות און גרויסע עקסצעסן. אין די פנקסים פון ועד ארבע ארצות און אויך אין ועד מדינת ליטא ווערט זייער אָפט גערעדט וועגן די גזירות וואָס האָבן באַקומען דעם נאָמען „ש י ל ע ר ג ע ל ו י ף". מען פלעגט זייער פיל געלט אויסגעבן כדי צו „מפיים" זיין סיי די שילער סיי זייערע פראָ־פעסאָרן, זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן רואיק. עס איז געוואָרן אַ נייער הכנסה־קוואַל פאַר די דאָ־זיקע „פרומע" קריסטלעכע אַנשטאַלטן נעמען „אויסקויף־געלט" ביי די יידישע קהילות...

23) משמעות אַז דאָ ווערט געמיינט ב י ר אָדער בכלל משקאות. דער טייל פון ווייטערדיקן זאַץ איז נישט קלאָר.

24) געמיינט די קללות פון דער תוכחה.

25) אכסניות, פון דעם דייטשישן „ה ע ר ב ע ר ג ע".

26) ישנים — געמיינט די מטבע ט אַ ל אַ ר, פון פוילישן טאַלאַר. מען האָט אונ־טערגעשיידט אַן אַ ל ט ן טאַלאַר פון אַ נ יי ע ם. דער אַלטער איז געווען טייערער.

27) בעל־סכום — די יעניקע יחידים וואָס צאָלן דעם עטאַט, דעם באַשטימטן שטייער פאַר קהל, אָדער פאַר דער מדינה.

## ג. די סעסיעס פון „ועד מדינת ליטא" אין זאַבלודאָווע

נישט דאָ איז דער פּלאַץ פאַר אַ געגויע אָפּהאַנדלונג און אַנאַליז פון דעם „ועד מדינת ליטא", איינע פון די פענאָמענאַלע דערשיינונגען פון יידישן לעבן אין די תפוצות; איינע פון די סך פאָרמען פון דעם יידישן אויטאָנאָמיזם אין זייער צעשפּרייטקייט צווישן די אומות — פון דעם ווילן פון יידישן פאָלק צו „לעבן צווישן זיך" — פון דעם שאַפן אַ „מלוכה אין דער מלוכה". וועגן דעם זייער באַלערנדיקן קאַפּיטל יידישע געשיכטע איז שוין פאַראַן אַ גאַר היפּ־שע ליטעראַטור. אָבער איידער מיר קומען צו אונדזער קאָנקרעטן פאַל: ד י ס ע ס י ע ס פ ו ן ו ו ע ד א י ן ז אַ ב ל ו ד אָ ו ו ע מוז מען לשם אַריינפיר, גאָר קורץ, דערציילן וועגן דער דאָזיקער דערשיינונג פון יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין מזרח־אייראָפּע.

פון דעם „ועד ארבע ארצות" (אָפּט ועד ד'ארצות) — דעם פאַרבאַנד פון „פיר לענדער", אָדער ווי ער האָט אויך געהייסן „ועדי המדינות", צו וועלכן עס האָבן געהערט די 4 פוילישע פּראָווינצן (גרויספּוילן מיט מאַזאָװשע, קליינפּוילן, רייסן און ליטא) און האָט עקזיסטירט פון יאָר 1581 ביז 1764, האָט זיך אין יאָר שפ"ג (1623) אויסגעטיילט אַ באַזונדערער, אַ

סעפּאַראַטער „ו ע ד מ ד י נ ת ל י ט א", וואָס האָט עקזיסטירט פון שפ"ג (1623) ביז תקכ"א (1761).

תחילת האָבן צום דאָזיקן וועד פון ליטע געהערט די דריי גרויסע קהילות בריסק־דליטא, הוראָדנאָ (גראָדנע) און פינסק, מיט די שכנותדיקע שטעטלעך און ישובים. נאָכדעם איז צום וועד צוגעשטאַנען ווילנע און לסוף אויך סלוצק מיט זייערע סביבות.

די זיצונגען, אָדער סעסיעס, פון דעם „וועד מדינת ליטא" זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ ריי שטעט וואָס זענען געלעגן אין דעם תחום פון דעם וועד. צווישן אַנדערע זענען פאָרגעקומען אַ ריי זיצונגען פון דעם וועד אין ז אַ ב ל ו ד אָ ו ע.

לויט דעם „פנקס מדינת ליטא", וואָס עס האָט פאַרעפנטלעכט דער היסטאָריקער־קדוש, פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו*) זענען אין זאַבלודאָווע פאָרגעקומען צוויי סעסיעס: אין יאָר תכ"ד (1664) און אין יאָר תל"ו (1676). אָבער אַז מען צעגלידערט די פאַראַנענע פּראָטאָקאָלן זעט מען, אַז אויסער די דאָזיקע צוויי סעסיעס וואָס זענען זיכער פאָרגעקומען אין זאַבלודאָווע זענען נאָך דאָרטן פאָרגעקומען אַנדערע צונויפקומס פון „וועד מדינת ליטא". מיר וועלן דאָס טאַקע באַווייזן אין אונדזער היינטיקן קאַפּיטל.

ווי געזאָגט זענען, לויט דעם „פנקס מדינת ליטא" פאָרגעקומען צוויי סעסיעס אין זאַבלודאָווע. דער ערשטער איז אין די פּראָטאָקאָלן פאַרצייכנט מיט דער דאַטע א ד ר כ ד " ת לפּרט. טייל פונקטן האָבן די דאַטע פון כ"א אדר און טייל פון כ"ד אדר.

וועגן דעם באַשלוס, אַז דער וועד זאָל זיך צוזאַמענקומען אין יאָר תכ"ד אין זאַבלודאָווע איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער סעסיע פון „וועד מדינת ליטא", וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר תכ"כ אין ס ע ל ץ, דאָרטן זאָגט זיך אין דער:

„ת ק נ ה ת ק מ " ז: עלה ונגמר במוסכם להתוועד יחד בקהילה קדושה ז אַ ב ל ו ד אָ ו י, אם ירצה השם אלופי ראשי המדינה יצ"ו (ישמרהם צורם וגואלם) בראש־חודש שבט תכ" דלית לפ"ק הבא עלינו לטובה".

צי דער וועד האָט זיך אָנגעהויבן אין ראש־חודש שבט ווייסן מיר נישט. די דאַטעס אויף די פּראָטאָקאָלן, ווי מיר האָבן פריער געזען, זענען פון דער צווייטער העלפט אדר. אמת עס זענען געוועזן סעסיעס וואָס האָבן געדויערט לאַנגע וואָכן.

אויף דער דאָזיקער סעסיע זענען אָנגענומען געוואָרן 29 תקנות: פון סימן ת ק נ " ו ביז סימן ת ק פ " ה.

די צווייטע זאַבלודאָווער סעסיע, לויט דעם „פנקס מדינת ליטא" איז פאָרגעקומען אין יאָר תל"ו (1676) אין דעם חודש אדר. די פּראָטאָקאָלן זענען געחתמעט געוואָרן דעם 4טן און 5טן אדר. אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענקום זענען אָנגענומען געוואָרן 30 תקנות — פון סימן ת ש " ז ביז סימן ת ש ל " ו.

אָבער חוץ די דאָזיקע צוויי סעסיעס זענען פאָרגעקומען נאָך אַנדערע צוזאַמענטרעפן פון דעם „וועד מדינת ליטא" אין זאַבלודאָווע. ווי געזאָגט קאָן מען עס אַרויסדרינגען פון אַ ריי פּראָטאָקאָלן, פּסקים און תקנות.

אָט, למשל, איז פאָרגעקומען אַ סעסיע אין חודש אדר אין יאָר ת"י (1650), אַ יאָר נאָך די גזירות ת"ח און ת"ט און דער „פנקס מדינת ליטא" גיט אָן „ב מ ק ו ם ל א י ד ו ע " — אין אַ נישט־באַוווסטן אָרט. אָבער אין אַ תקנה פון דער פאָרגעקומענער סעסיע פון „וועד מדינת ליטא" אין יאָר תי"ב, אין כאָמסק, לייענען מיר אין דעם סימן תצ"ב די פאַראָרדענונג וועגן אופן און ווי אַזוי אויפצומאָנען די געלטער פאַר די אָרעמעלייט פון ארץ־ישראל, די תקנה פאַררופט זיך אויף אַ פריערדיקער תקנה פון אַ סעסיע אין זאַבלודאָווע — „כ מ ב ו א ר ב ת י ק ו ן ו ע ד ז אַ ב ל ו ד אָ ו י". די דאָזיקע תקנה וועגן „ממון

---

*) תחילת אַ ביילאַגע צום רוסיש־יידישן זשורנאַל „יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ" אין יאָר 1912 און שפּעטער ווי אַ ספּעציעל ווערק אין יאָר 1925 אין בערלין.

עניי ארץ־ישראל״ איז טאַקע אַנגענומען געוואָרן אויף יענער סעסיע, וואָס מען ווייס נישט ווו זי איז פאָרגעקומען. די תקנה איז סימן נומער ת ס ״ ב פון דעם יאָר ת ״ י. אַלזאָ פון דאַנען איז געדרונגען, אַז דער „מקום לא ידוע״ איז ז אַ ב ל ו ד אָ וו ע און אַז די סעסיע פון תכ״ד איז נישט געווען די ערשטע אין זאַבלודאָווע, שוין מיט 14 יאָר פריער, אין יאָר ת״י, איז דאָרטן פאָרגעקומען אַ סעסיע פון דעם „ועד מדינת ליטא״.

הכלל ווייסן מיר שוין פון ד ר יי ס ע ס י ע ס פון וועד וואָס עס איז פאָרגעקומען אין זאַבלודאָווע. דאָס איז אָבער אויך נישט אינגאַנצן. פון אַ פסק וועגן די באַציאונגען פון דער ווילנער קהילה צום „ועד מדינת ליטא״ דערוויסן מיר זיך נאָך אַ דאַטע פון אַ זאַבלודאָווער סעסיע, דהיינו אין דעם יאָר תמ״ז (1687). אויף דעם דאָזיקן פסק געפינט זיך (פאַר די אונטערשריפטן פון די רבנים) די ווייטערדיקע דאַטע:

„הלא כן דברי החותמים לכל חומר ותוקף מעשה המדינהובריצוי גמור היום יום ד׳ א ך ט ו ב (כ״א) ת מ ו ז ת מ ״ ז י י ן, לפרט בהתוועדות קודש בק״ק ז א ב ל ו ד אָ ו ו י״.

און אין אַ צווייטן טייל פון פסק, ווי אַ צוגאבע, וואָס איז צוגעשריבן געוואָרן אויף צו־מאָרגנס ווערט אָנגעגעבן:

„דברי החותמים היום יום ה׳ ב״ך (כ״ב) תמ״ז לפרט קטן בהתוועדות קודש קהילה קדושה ז אַ ב ל ו ד אָ וו י יצ״ו (ישמרה צורה וגואלה)״.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל זענען הייסט עס אין זאַבלודאָווע פאָרגעקומען די ווייטערדיקע פיר סעסיעס פון דעם „ועד מדינת ליטא״:

א) אין יאָר ת״י (1650);
ב) אין יאָר תכ״ד (1664);
ג) אין יאָר תל״ו (1676);
ד) אין יאָר תמ״ז (1687).

וועגן דער סעסיע פון יאָר תמ״ז דאַרף נאָך געזאָגט ווערן, אַז זי איז אין זאַבלודאָווע נישט פאַרענדיקט געוואָרן, זי איז איבערגעריסן געוואָרן און אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ק ר י נ ק י. אָנגעהויבן האָט זיך די סעסיע אין זאַבלודאָווע אין חודש תמוז און פאַרענדיקט איז זי געוואָרן אין חודש אלול אין ק ר י נ ק י. פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו, וועלכער האָט פאַר זיך געהאַט דריי פאַרשיידענע קאָפּיעס פון די פּראָטאָקאָלן פון ליטווישן וועד (אַ בריסקער, אַ גראָדנער און אַ ווילנער), האָט אין דער ווילנער קאָפּיע געפונען אַן אָנדייט וועגן די געשעענישן אויפן זאַבלודאָווער צוזאַמענקום פון יאָר תמ״ז. (אין די בריסקער און גראָדנער קאָפּיעס איז דאָס נישטאָ). אויף דער זייט קי״א פון ווילנער קאָפּיע געפינט זיך אַזאַ מין תקנה:

„אודות תיקון הקדום בפנקס מדינה מחמת איזה ח ש ש ס כ ס ו ך ע ל י ל ה ש י ת ה ו ו ה ח ס ו ש ל ו ם ב מ ש ך ז מ ן ה ת ו ו ע ד ו ת מ ד י נ ה על האלופים רוזני מנהיגי מדינה או על אחד מהם, ומכל שכן על הגאונים הרבנים מן ארבעה ראשי קהלות על כולם או על אחד מהם, חל על כלל המדינה יצ״ו לפצות ולהשתיק. וכהיום שיש לחוש לזה יותר לפי ש נ ת ר ב ו ה מ ל ש י נ י ם, בכן בהתאספנו כהיום הרוזנים מנהיגים משלשה ראשי הקהלות ק״ק ב ר י ס ק וק״ק ה ו ר א ד נ א וק״ק ו ו י ל נ א בצירוף המאורות הגדולים מארבעה ראשי קהלות מדינת ליטא, קבלו עליהם בכל תוקף: ב א ם י ת ה ו ו ה ח ס ו ש ל ו ם ב מ ש ך ז מ ן ה ת ו ו ע ד ו ת מ ד י נ ה ד ה א י ד נ א א ו ב ד ר ך ח ז י ר ת ם ל ב י ת ם א י ז ה ע ל י ל ה ע ל ה מ נ ה י ג י ם א ו ע ל ה ר ב נ י ם, על כולם או על מקצתן או על אחד מהם, חל על כלל המדינה לפצות ולהשתיק העלילה; ואחריות זה עד שיחזור כל אחד לביתו. גם באם איזה ראש קהלה

ירצה שיסעו מכאן (קודם) כל ראשי קהלות, אין לשום ראש קהלה להקדים נסיעתו כי אם שיסעו כולם כאחד. כל הנזכר לעיל קבלו עליהם האלופים מנהיגים דשלשה ראשי קהלות הנזכרים לעיל והגאונים הרבנים מארבעה ראשי קהלות... בהסכמת כולם בחדר המיוחד להם פה קהילה קדושה זאבלודאווי בהתוועדות מדינה היום יום ג׳... אב תמ״ז לפרט קטן״.

דער אינהאַלט פון דער תקנה איז אַזאַ: אַזוי ווי עס זענען פאַראַן פאַרדאַכטן, אַז עס קענען אַרויסגערופן ווערן פאַרשידענע בילבולים און מסירות אויף די אנטיילנעמער פון דער סעסיע אויף אַלעמען אָדער אויף איינעם, אויף די ראשי מדינות אָדער אויף די רבנים און נאָך מער אין דער היינטיקער צייט ווען עס האָבן זיך פאַרמערט די מוסרים, איז באַשלאָסן געװאָרן, אַז יעדער בילבול פאַלט אויף דער אחריות פון דעם גאַנצן כלל און מען דאַרף זען דעם בילבול „איבערבעטן און שטיל מאַכן״ (משמעות עס זאָל „אויסגיין צו געלט״). ווען אַזאַ בילבול טרעפן אויפן היינטיקן צוזאַמענקום, אָדער אויפן וועג פון צוריקפאָרן אין די שטעט, טראָגן אויך אַלע די אחריות. קיינער פון די אנטיילנעמער פון דער סעסיע האָט נישט קיין רעכט איינער אַליין זיך אַוועקפאָרן אין זיין שטאָט, פריער פאַר די אַנדערע, אַלע דאַרפן אַרויספאָרן צוזאַמען. דאָס אַלץ איז באַשלאָסן געװאָרן בעת דער סעסיע אין זאַבלודאָווע אין דעם חדר מיוחד, אין אַ ספעציעלן צימער!

ווי עס זעט אויס האָט זיך דער דאָזיקער חשד פון אַ בילבול אָדער אַ מסירה (אין וואָס קאָנקרעט זי איז באַשטאַנען ווייסן מיר נישט) אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק, ווייל די דאָזיקע זאַבלודאָווער סעסיע איז, ווי געזאָגט, איבערגעריסן געװאָרן און זיך פאַרענדיקט אין קרינקי.

די דאָזיקע סעסיע האָט זיך געצויגן גאָר לאַנג. אויף צוויי דאָקומענטן האָבן מיר די דאַטעס פון זאַבלודאָווע: כ״ב תמוז (אויפן דערמאָנטן פסק וועגן ווילנער ענין) און נאָכדעם דעם חודש אב (אויפן ספעציעלן באַשלוס פון חדר־המיוחד) און אויפן סוף פון פראָטאָקאָל פון דער סעסיע, וואָס איז צושטאַנדגעקומען אין קרינקי האָבן מיר די דאַטע יום ב׳ כ״ג אלול תמ״ז. אלזאָ פון כ״ב תמוז ביז כ״ב אלול.

בכלל איז אויף דער דאָזיקער סעסיע (אין דער תקנה נומער תתכ״ה) באַשלאָסן געװאָרן, אַז אַ סעסיע פון דעם ועד זאָל להבא נישט דויערן מער ווי זעקס וואָכן.

עס האָט געזאָלט זיין נאָך אַ סעסיע אין זאַבלודאָווע. דאָס דערוויסן מיר זיך פון אַ תקנה (נומער תתק״ז) וואָס איז אָנגענומען געװאָרן אויף דער סעסיע אין סעלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר ת״ס (1700). דאָרטן זאָגט זיך:

„...עלה במוסכם שלחן הטהור בהתוועדות דהאידנא להגבלת זמן אסיפת הוועד להבא אם ירצה השם, ראשי מדינות דרוזני קציני ראשי הקהלות עם כבוד המאורות הגדולים גאונים הרבנים בק״ק זאבלודווי און בק״ק ואלפי ט״ו סיון תס״ל לפרט...״ (תקנה סימן תתק״ז).

חוץ די דאָזיקע תקנה אויפן סעלצער צוזאַמענקום איז נאָך פאַראַן אין דער קאָפּיע פון ווילנער פנקס (דף קס״א) אַ צווייטע נאָטיץ, אַז בעת אַ צונויפקום אין שטעטל מיר אין יאָר תס״ב (1702), ווו עס איז צוגעגרייט געװאָרן דער חשבון פון דער מדינה (דער ביודזשעט) איז געזאָגט געװאָרן, אַז אַנטגילטיק וועט דער ביודזשעט פעסטגעשטעלט ווערן „בועד הסמוך דק״ק זאבלודאווי״.

אָבער דער דאָזיקער באַשטימטער צוזאַמענקום פון ליטווישן וועד אין זאַבלודאָווע אין יאָר תס״ד (1704) איז נישט צושטאַנדגעקומען. די סיבות דערוויסן מיר זיך ווידער פון אַ נאָטיץ אין דער ווילנער קאָפּיע פון „פנקס מדינת ליטא״. די דאָזיקע נאָטיץ, אָן אַ דאַטע און דעם אָרט, דערציילט, אַז צוליב די אומרוען וואָס עס זענען געווען אין דער מדינה האָט נישט געקענט צושטאַנדקומען די סעסיע פון תס״ד און דעריבער וועט זי פאָרקומען אין האַלב סיון פון יאָר תס״ה אין אַן אָרט פון גראָדנער סביבה. אָבער אויך די דאָזיקע סעסיע פון תס״ה איז נישט צושטאַנדגעקומען. ערשט אין 15 יאָר

שפּעטער, אין יאָר תע״ד (1714) איז פאָרגעקומען אַן אסיפה־קטנה אין ווילנע און אין יאָר ת״פ (1720) איז פאָרגעקומען אַ נאָרמאַלע סעסיע פון וועד אין שטעטל אַ מ ד ו ר.

די „אומרוען פון דער מדינה״ ווערן דאָ געמיינט די באַקאַנטע „צפון־מלחמה״, וואָס האָט געדויערט פון 1700 ביז אָנהייב פון די 20ער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט. אין משך פון די דאָזיקע צוויי צענדליק יאָר איז ליטע און פוילן געווען פאַרפּלאָנטערט אין דער מלחמה פון מאָסקווע מיט שוועדן און מיט די קאַמפן צווישןביידע פוילישע קעניגן — אויגוסט דער צווייטער און סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי. די מיליטערישע אָפּטיילונגען פלעגן דורכשניידן דעם גאַנצן געגנט; כסדרדיקע קאָנטריבוציעס; דאָס שטענדיקע בייטן זיך פון פראָנט־ליניע; דאָס איבערגיין פון געוויסע געגנטן פון איין ממשלה צו אַ צווייטער; האָט גורם געווען, אַז נישט נאָר די באַשטימטע אין זאַבלודאָווע סעסיע זאָל נישט צושטאַנדקומען נאָר אויך, אַז אין משך פון 20 יאָר (פון ת״ס ביז ת״פ) זאָל דער „ועד מדינת ליטא״ נישט האָבן זיינע שטענדיקע סעסיעס.

**
*

וועלן מיר איצט באַטראַכטן דעם א י נ ה אַ ל ט פון די זאַבלודאָווער סעסיעס; וואָס פאַראַ ענינים זענען דאָרטן באַטראַכט געוואָרן; וועלכע תקנות זענען דאָרטן באַשלאָסן געוואָרן. אָן ספק וואָלט געווען פון גרויסן אינטערעס צו ברענגען אַלע תקנות אין זייער אָריגינאַל, ווי זיי שטייען און גייען. אָבער דאָס וואָלט פאַרנומען אַ סך פּלאַץ אין אונדזער בוך, ווידער וואָלט מען געמוזט ברענגען פולע איבערזעצונגען פון די אַלע תקנות. מיר וועלן, בכן, ברענגען נאָר פון איין סעסיע, פון דער ערשטער (לויטן „פנקס מדינת ליטא״), וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר תכ״ד (1664), דעם פולן טעקסט פון די אָנגענומענע תקנות (פון די סימנים תקנ״ו ביז תקפ״ה) מיט אַן אינהאַלט־איבערזעצונג אין יידיש. פון די אַנדערע סעסיעס (ת״י — 1650; תל״ו — 1676; תמ״ז — 1687) וועלן מיר ברענגען די נומערן פון די אָנגענומענע תקנות און זייער אינהאַלט אין יידיש.

ביים איבערגעבן דעם העברעאישן אָריגינאַל האָבן מיר נישט געמאַכט קיין שום ענדערונגען אינעם אויסלייג. מיר האָבן איבערגעלאָזן די פאַראַנענע אויסלייג־ און דיקדוק־פעלערן. אויך האָבן מיר איבערלאָזט די פאַרשידענע פאָרמען, וואָס די פּראָטאָקאָל־שרייבער פלעגן באַנוצן פאַר איין און דעם זעלביקן וואָרט. למשל: אַמאָל איז ביי זיי ז אַ ב ל ו ד אָ־ ווי און אַן אַנדער מאָל ז א ב ל ו ד ו י; זיי שרייבן ו ע ד און וו ע ד; ק ה ל ה און ק ה י ל ה. מיר האָבן אָבער דערגאַנצט די קיצורים — ווערטער אָפּגעקירצטע האָבן מיר געגעבן אין פולן אויסלייג. דאָס זעלבע האָבן מיר געמאַכט מיט די ראשי־תיבות. אין טייל ערטער זענען אין פּראָטאָקאָל געווען עטלעכע נוסחאות. מיר האָבן אָנגענומען דעם ל אָ ג י ש ס ט ן, דעם נישט־פאַרגרייזטן וואַריאַנט.

ביים איבערגעבן די תקנות פון די זאַבלודאָווער סעסיעס וועלן מיר זיך האַלטן ביי דעם כראָנאָלאָגישן סדר ווי זיי זענען פאָרגעקומען. ווי געזאָגט, וועלן פון דריי זיין נאָר קיצורים אין יידיש און פון איין סעסיע די פולע תקנות פון אָריגינאַל.

## סעסיע פון יאָר ת״י (1650)

וועגן דער דאָזיקער סעסיע, האָבן מיר שוין אויבן געזאָגט, אַז אין דעם „פנקס מדינת ליטא״ אָנגעגעבן, אַז מען ווייס נישט ווו זי איז פאָרגעקומען; אָבער אויפן סמך פון אַ שפּעטערדיקער תקנה האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז זי איז פאָרגעקומען אין זאַבלודאָווע. די תקנות פון דער דאָזיקער סעסיע זענען אינעם „פנקס״ פאַראייניקט מיט אַ סעסיע פון אַ יאָר שפּעטער, פון תי״א, וואָס איז פאָרגעקומען אין ו י ס אָ ק י.

אויף דער דאָזיקער סעסיע זענען אָנגענומען געוואָרן די תקנות תנ״ח ביז ת״פ. זייער אינהאַלט איז:

תנ״ח — דער וועד איז זיך צוזאַמענגעקומען אין דעם טאָג „י ו ם ה׳ ב ך י ב ר ך א ד ר ש נ י ת ״ י ל פ ר ט״ — געמיינט דאָנערשטיק, 22 טעג אין חודש אדר שני פון יאָר ת״י.

תנ״ט — די קהילות זענען מחויב אויסצוהאַלטן די לערנערס, די ישיבה־בחורים אין משך פון אַ גאַנצן יאָר, אפילו בין־הזמנים.

ת״ס — וועגן די אַרויסגעטריבענע פון אונדזער פאָלק (געמיינט די קרבנות פון די גזירות ת״ח און ת״ט). מען זאָל זיי נישט שטערן זיך צו פאַרנעמען מיט אַרבעט און מסחר; זאָרגן פאַר די פליטים, בעיקר פרויען, בתולות און זקנים; יעדער קהילה אין ליטא, וואָס האָט אויף יום־טוב איין מנין איז מחויב אויסצוהאַלטן 1 אָרעמאַן פון די פליטים; קהילות ווו עס זענען פאַראַן מער מנינים דאַרפן אויסהאַלטן פאַר יעדן ווייטערדיקן מנין 2 אָרעמעלייט; קהילות וואָס האָבן מער ווי צען מנינים דאַרפן אויסהאַלטן 6 אָרעמעלייט, מער זענען זיי נישט מחויב. די ראשי־הקהילות דאַרפן שטעלן שומרים ביי די גרענעצן מער נישט אַריינצולאָזן קיין אָרעמעלייט, נאָכדעם ווי מיר האָבן אונדזער חוב אויף אַזאַ אופן דערפילט.

תס״א — היות עס מערן זיך פאַלן פון עדות־זאָגן וועגן געהרגעטע (אין די גזירות ת״ח און ת״ט) דאַרפן די קהילות גוט אַכטונג געבן ביים אַרויסגעבן חופה וקידושין אָדער שרייבן תנאים צו קיין שום אלמן, סיידן ער וועט האָבן אַ כתב פון רב, אַז עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז ער איז אַן אלמן אָדער אַ גרוש. אויך זאָל נישט דער־לאָזט ווערן, אַז די אַרויסגעטריבענע אורחים זאָלן צווישן זיך זיך מתחתן זיין, אפילו בחורים און בתולות, ביז עס וועט נישט געוויי ווערן קלאָר ווער זיי זענען, כדי עס זאָלן נישט חתונה האָבן קרובים וואָס טאָרן זיך נישט משדך זיין לויטן דין.

תס״ב — אַלע קהילות פון דער ליטווישער מדינה זענען מחויב אָפצושיקן יעדעס יאָר צום יריד גראַמניץ פון לובלין (ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען די פאָרשטייער פון דעם וועד ד׳ ארצות) דאָס גאַנצע געזאַמלטע געלט פאַר די אָרעמעלייט פון ארץ־ישראל. זיי טאָרן ביי זיך גאָרנישט פאַרהאַלטן. ווידער איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדע קהילה זאָל אויסטיילן 2 פערזאָן וואָס זאָלן אין משך פון די נאָענטסטע דריי יאָר יעדע וואָך אַרומגיין פון שטוב צו שטוב און זאַמלען נדבות פאַר די באַדערפ־טיקע אין ארץ־ישראל; אויך זאָל מען אין די בתי־מדרשים דריי מאָל אין יאָר קלייבן נדבות אויף דעם צוועק. אויך די געלטער דאַרפן אָפגעשיקט ווערן צום לוב־לינער יריד.

תס״ג — צוליב די גרויסע פיינען וואָס אונדזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט, ווען צענדליקער טויזנטער פון אונדז זענען געפאַלן, גאָט זאָל נוקם זיין זייער בלוט, וואָס אַ סך פון זיי זענען צעשליידערט געוואָרן איבער די פעלדער און די פייגל האָבן זייערע קערפּער צעפרעסן און זיי זענען נישט געקומען צו קבר ישראל; אויך האָבן די פיינד צעשטערט אונדזערע מקדשי־מעט... דאָס אַלץ האָבן אונדזערע אויגן געזען און אונדזער האַרץ ווייטיקט דערפון. מיר דאַרפן דעריבער דאָס אַלץ נעמען צום האַרצן און באַקלאָגן אונדזער בראָך. נאָך באַטראַכטן דאָס דאָזיקע האָבן מיר באַ־שלאָסן: ק יי ן נ פ ש פ ו ן י ש ר א ל ז אָ ל א י ן מ ש ך פ ו ן ד ר יי י אָ ר, אָנהייבנדיק פון ח״י אייר ת״י נ י ש ט אָ נ ט אָ ן א ו י ף ז יי ן ל ײ ב ק יי ן ש ו ם מ ל ב ו ש פ ו ן ד א מ א ש ע ק, אַ ט־

לאַס, טאַבינקש, אָדער סאַמעט און אויך נישט גאָלד־געשטיקטע מלבושים. סיי אויבערשטע בגדים סיי אונטערשטע. אַלטע אָדער נייע. פאַר אַלעמען איז עס אסור באיסור עולם — פאַר אַ רייכן אָדער אָרעמאַן, פאַר אַ בחור אָדער מיידל, פאַר מאַן אָדער פרוי.

תס״ד; תס״ה; תס״ו; תס״ז; תס״ח — די אַלע תקנות האָבן אויך צו טאָן מיטן פאַרבאָטן פון לוקסוס־קליידער, צירונג, דערביי ווערט געזאָגט, אַז עס איז אויסגערופן געוואָרן בעת דער דאָזיקער סעסיע אַ חרם אויף דריי יאָר נישט עובר צו זיין אויף דעם.

תס״ט — אויך האָבן מיר באַשלאָסן כדי צו באַקלאָגן די אַלע צרות, אַז מען זאָל אין יידישע הייזער נישט הערן קיין שום כלי־זמר, אפילו פאַר חתן־כלה. אין משך פון אַ יאָר צייט. נאָר אין דער חופה־נאַכט און בשעת דעם באדעקנס. און אויך אין די פאַלן גאָר אויפן שול־הויף זאָלן די כלי־זמר שפילן נישט אויפן גאַס, אפילו בעת דער חופה.

ת״ע — יעדע קהילה איז מחויב צו זאָרגן אַז מען זאָל איינשפארן אין סעודות ווי ווייט עס איז מעגלעך. אַן אָרעמאַן ווי אַ גביר זענען גלייך. צו אַ חתונה טאָר מען נישט פאַרבעטן מער ווי 5 מנינים און צו אַ ברית־מילה 4 מנינים, אין דעם שוין אַריינגערעכנט די נאָענטע קרובים פון די בעלי־שמחות.

תע״א און תע״ב — רעגולירן דעם ענין פון דעם שטייער „טשאפּאָווי" וואָס מען פלעגט צאָלן פאַר משקאות (ביר, וויין, בראָנפן).

תע״ג — דעם אופן פון צושיקן דעם רעגיסטער פון די שטייערן פאַר דעם וועד המדינה.

תע״ד — וועגן דעם אופן פון פאַרדינגען די „קאָראָבקע" — די הכנסה פון דער קהילה.

תע״ה — אופן ווי אַזוי באַפרייען די אָרעמעלייט פון דעם מלוכהשן שטייער „פּאָדימנע" — אָפּצאָל פון די קוימענס.

תע״ו — וועגן די פאַרשיידענע בונטן קעגן קהל, ווי אַזוי קעגן דעם אַרויסצוטרעטן.

תע״ז — וועגן אויפמאָנען דעם עטאַט פאַר דער מדינת ליטא.

תע״ח — וועגן די שטייערן פון דער קהילה מינסק.

תע״ט — די תקנות פון די פריערדיקע סעסיעס זענען גילטיק. אויב וועלכע שפּעטערדיקע תקנות זענען סותר די פריערדיקע איז גילטיק דער שפּעטערדיקער. דער נאָענטער צוזאַמענקום פון וועד זאָל פאָרקומען ט״ו אב פון יאָר תי״א צוזאַמען פון די ראשי מדינה מיט די רבנים.

ת״פ — וועגן דעם מדינה־ביודזשעט.

תפ״א — דער פעסגעשטעלטער ביודזשעט:
בריסק מיט די אַרומיקע קהילות הונדערט ליטווישע שאָק;
גראָדנע — 39 ליטווישע שאָק;
די קהילות אַרום גראָדנע — 39 שאָק;
ווילנע — 88 שאָק;
ארץ רוס — 42 שאָק;
מינסק שטאָט — 22 שאָק און דער גליל מינסק — 20 שאָק;
סלוצק — 26 שאָק;

ווייטער גייען צרייַן אין ביודזשעט פון דער מדינה די קהילות: פינסק, קלעצק, לעכעוויטש, האָמסק, דראָהיטשין, סמאָרגאָן, קאָוונע, פּאָריטש, נעסוויזש, אוזדע, סלאָנים, נאָוואָרעדאָק, דוואָרעץ, זשעטל, מוש, סטאָלאָוויץ, פּאָלאָצק, קאפּוליע, בעליצע, טימקעוויטש, פּאָלאָנקע, קראָשין און אַ ריי יחידים.

אַ צווייטער טייל פון דעם פונקט רעכנט אויס די חובות וואָס די מדינה איז שולדיק.

## ועד כד״ת לפ״ק (1664)

נאָכן כראָנאָלאָגישן סדר גייט איצט דער ועד פון יאָר תכ״ד (1664). מיר גיבן דאָ ווייטער דעם פולן טעקסט פון די תקנות ווי אין אָריגינאַל. אין העברעאיש און נאָך דעם אָריגינאַל אַ קיצור אין יידיש. בסך־הכל זענען אויפן דאָזיקן ועד אָנגענומען געוואָרן 30 תקנות — פון סימן תקנ״ו ביז תקפ״ה. אַט זענען זיי:

תקנ״ו — בהתאסף ראשי עם יחד קציני עם האלופים ראשי מדינות יצ״ו (ישמרהם צורם וגואלם) בצירוף הגאונים הרבנים יצ״ו. להיות עיניהם פקוחות בכתב עט עופרת חרות על הלוחות. כתוב זאת זכרון בספר פנקס המדינה למצא דברי חפץ. כתוב יושר כושר אמרי אמת. אזנו וחקרו ותקנו בעלי אסופות. נתונים מרועה אחד. המה אצילי בני ישראל. כפי המבואר למעלה בפנקס המדינה יצ״ו. ראשית הכמה יראת השם.

תקנ״ז — אותן התקנות המבוארים בוועד המדינה תכ״ב לפרט בענין להחזיק הישיבות, שכל המבואר שם כן יקום לבל יפול שום דבר ארצה. אך זאת אשר הוספנו. חמשה בעלי סכומות הראשונים מחויבים להחזיק בקביעות בחורים או בעלי בתים הלומדים בישיבה, ושאר אנשים יחזיקו את הבחורים און בעלי בתים ונערים ע״פ חוזר חלילה לפי האופנים המבוארים בוועד הנזכר לעיל. אכן אותן הרבנים שמבואר בשטר הרבנות שלהם מספר כמה יחזיקו בחורים ונערים כן יקום כפי המבואר בשטר הרבנות שלהם.

תקנ״ח — אודות אשר כמה אנשים מסבבים מעיר לעיר עם כתבים לסייע להם ליסע לארץ ישראל וכוונתם רק לאסוף ממון ונשארים בחוץ לארץ, ראינו למגדר מלתא ככל המבואר למטה. עד וועד המדינה הבא עלינו לטובה אין רשות לשום אדם בעולם ליתן שום כתב סיוע לנסיעת ארץ ישראל; ובאם יהיה איזה כתב סיוע לארץ ישראל ביד איזה אדם יהיה מי שיהיה, מוטל על מנהיגי הקהלה ההוא ליקח תכף ומיד הכתב הלז ולקרוע את הכתב וליקח מידו כל המעות אשר עלה ונפל בידו על ידי כתב סיוע הנזכר לעיל וליתן מיד לגבאי עניי ארץ ישראל.

תקנ״ט — המשולחים של ארץ ישראל עם כתבים העברו וחלפו משך שני שנים אשר המה מסבבים בחוץ לארץ עם הכתבים ההם, מחויבים המנהיגים ההם בכל קהלה ליקח מהם בחזקה הכתבים ההם ולקרוע מיד הכתבים ההם וליקח מידם כל המעות אשר עלה ונפל בידם על פי כתבים ההם וליקח וליתן ליד גבאי עניי ארץ ישראל, אם לא שיהיה בידם כתב ראיה מראש הקהילה במדינתינו שנתן בפניהם התנצלות ואמתלאות נכונה על זה על הכרח או אונס שהוכרח לעכב בחוץ לארץ יותר משני שנים.

תק״ס — קיום שטרות על פי דמיון אות באות מן שטרות מקויימים און על פי עדות שמכירין החתימות בטביעת עין, באחד משתי דרכים האלה לא יועיל שום

קיום כי אם לפני אב בית דין יצ״ו ובפני שני מנהיגים ושני דיינים. ובמקום שאין שם אב בית דין יהיה הקיום באחד משני דרכים הנ״ל (הנזכרים לעיל) לפני אחד ממנהיגים ושלשה דיינים /רוזנים/. וזולת זה לא יועיל שום קיום באחד משני דרכים אלה.

תקס״א — מי שיש לו קרן ויש לו מחיה טובה הרשות להשמאים להעריכו מהמחיה כפי שומת השמאים לפי ראות עיניהם ואומד דעתם. מי שיש לו קרן והקרן שלו הוא גם כן במחיה שלו יעריכו השמאים הסכום מן הקרן שלו או מהמחיה, מאחד בלבד ולא מן שניהם; והברירה ביד שמאים להעריכו באחד מהם באיזה מהם שירצו או מהקרן או מהמחיה כנ״ל. אכן מי שיש לו קרן בפני עצמו וגם מחיה בפני עצמו הרשות לשמאים להעריך סכום משניהם ביחד.

תקס״ב — עריכת סכום על פי השמאים: להעריך סכום אחד גרוש פולין מכל מאה זהובים, ואף להעריך סכום לפי פשוט אחד הנקרא פעניק, והוא בכלל בעל סכום. ודבר הגלגול איזה נקרא ג״כ יקום הדבר לפי ראות עיני הרב אב בית דין יצ״ו בצירוף המנהיגים און בצירוף בעלי תקנות, המה יפקחו בזה על נכון.

תקס״ג — מי שנשבע על סכומו השמאים מחויבים לעשות לו שליש חסד מסך שלו על פי שבועתו.

תקס״ד — איזה מנהיג שנתקבל לרב ומורה באיזה קהילה או ישוב או גליל אין רשות לעכב את הרבנות רק עד משך רביעית שנה מיום שנתקבל לרב ולא יותר; וככלות הרביעית שנה ההוא מחויב לעשות אחד משניהם: או ליסע תכף עם אשתו ובני ביתו לעקור ולצאת חוץ מקהלה שלו לגמרי לקבל הרבנות להיות רב ומורה במקום שנתקבל שם, או לבטל קבלת הרבנות שלא לעכב הרבנות כלל וכלל, שלא לאחוז החבל בשני ראשים. ובתוך משך רביעית שנה הנ״ל אין למנהיג שנתקבל לרב כנ״ל לישב במשפט הקהל יצ״ו על המשפטים של בני הקהלה ממקום שנתקבל שמה לרב, הן על יחידים הן על הקהל בכלל. ומה שמבואר שם בענין זה בוועד תכ״ב לפ״ק הוא בתקפו ובגבורתו. המנהיג שנתקבל לרב קודם התיקון הלז יהיה התחלת רביעית שנה שלו מהיום הזה שנעשה התיקון הלז.

תקס״ה — איזה אדם שיהיה לו דין ודברים ומשפטים מבני הקהלה או מישובים, אין לבעל דבר להגיד עסק משפטו כלל לפני שום מנהיג, כי אם לפני הרב והפרנס חודש יצ״ו רשות לו להגיד בפניהם עסק משפטו. והעובר על זה ענוש יענש, הן הבעל דבר התובע או הנתבע, הן המנהיג ששומע מבעל דבר משפטו ביחידות.

תקס״ו — אודות סוחרים ממדינת פולין למדינתנו ליטא יקום כפי התיקון הקדום. והמנהיגים שבכל קהלה וישוב מחויבים להשגיח שיקום התיקון הלז, והעובר ענוש יענש מפי ראש בית דין שלו לפי ראות עיניהם.

תקס״ז — שטר חוב של אנשים ממדינת פולין על מדינתינו ליטא, הן על קהל הן על יחידים, אין רשות לשום אדם בעולם להביא השטר חוב ההוא למדינתינו אף על ידי הרשאה, כי אם דוקא על ידי הבעל דבר בעצמו שהוא יבא בעצמו לתבוע חובו עם השטר חוב בידו, או שישלח המלוה השטר חוב על ידי שאר בשרו ועל פי הרשאה דוקא ולא בתורת פרעון; וזולת שני דרכים הנ״ל אין לשום בית דין ראש ומנהיג לפסוק ולדון מאומה לא דין ולא פשר ולא שבועה וקבלת חפץ כלל.

תקס״ח — באשר ראה ראינו גודל הוצאות מרובות אשר רבו כמו רבו למעלה מעלה, בגרם העיכוב מצד הקהלות והגלילות והישובים שמעכבים מלבוא ולהביא לפני הוועד כל הריסטרש של סכום ושארי חשבונות, מצאנו מהיום מחויבים כל קהלה וגליל וישוב להקדים עצמם ולשלוח הריסטרש של סכום וחשבונות שלהם להיות לפני הוועד על כל פנים תוך שמונה ימים מהתחלת הוועד על פי זמן מוגבל המבואר בפנקס המדינה, כדי לגמור סכום המדינה תוך׳ שני שבועות מן התחלת הוועד הנ״ל כנ״ל. ומי שיעמוד חוצה ולא ישלח ריסטרש וחשבונות שלו תוך שמונה ימים כנ״ל שוב לא יקובל שום חשבון וריסטרש של סכום כלל וכלל. ובמשך שמונה ימים הרא־שונים הנ״ל אין להמדינה להתעסק כלל בשום עסק אחר כי אם בעסקי החשבונות וסכומים דוקא. ורביעית שנה קודם זמן המוגבל לאסיפת וועד המדינה מוטל על כל ראש הקהלה להודיע לכל הקהלות וגלילות וישובים שלהם להיות עתידים מוכנים ומזומנים לבוא עם הריסטרש וחשבונות וריסטר מספר בעלי בתים על זמן המוגבל המבואר בפנקס המדינה לאסיפת הוועד.

תקס״ט — בהיות אשר שמענו גודל צעקות בעלי חובות, גדלה צעקתם למרום לצאת ידי חובותינו נגדיהם באשר זה נושאים את נפשם, — בכן שמענו את צעקתם הגדולה לגבות חמשה מאות סכומות מדינה לשלם לארבעה זמנים האלה: מאה וחמשה ועשרים סכומות ביריד ראשון של סטאָלוויטש כד״ת לפ״ק, ומאה וחמשה ועשרים סכומות ביריד קאפוליע תכ״ח לפ״ק, ומאה ועשרים וחמשה סכומות מדינה על יריד קאפוליע תכ״ו לפ״ק. והבעלי חובות הנרשמים בפנקס בפרוטרוט אצל כל אחד אסיגנציא שלו המה יתפרעו מזה על פי תוקף ועוז וחומרות ועונשים המבוארים בפנקס.

תק״ע — על דבר החוב של נאלד שחייב לו המדינה וזמן פרעון ח׳ בניסן כת״ד לפ״ק לשלם לו סך שבעת אלפים וארבע מאות זהובים, ובאשר ידוע ומפורסם בעל חוב קשה כזה אין להעביר זמן ומועד יום המוגבל אפילו רגע אחת כמימרא, על כן עלה במוסכם לגבות בכל מדינתינו על פרעון חוב נאלד הנ״ל סך שנים ותשעים סכומות המדינה לשלם לשני זמנים שהיינו: ארבעים סכומות לגבות תכף ומיד לפי סכום מדינה הנעשה בוועד מדינה תכ״ב לפ״ק, והמותר שנים וחמישים סכומות לגבות בראש חודש סיון כד״ת לפ״ק לפי סכום מדינה חדש דהאידנא. ובאם שלא יעלה להשתדל הרחבות זמן על חוב נאלד, אזי כל הקהילות וישובים וגלילות מחויבים ליתן מיד כל הסכומים הנ״ל לשלוח לק״ק הוראדנא כל מה שיגיע מכל אחד ואחד; וכל תוקף ועוז מעשה המדינה יהיה לק״ק הוראדנא לענין פרעון צ״ב סכומות הנ״ל לפרעון חוב נאלד, לצאת בחרמות ושמתות וכל שארי כפיות ונגושים לעקל ולעבוט עבוט בכל מקום אשר המצא ימצא מאומה שלהם עד לגבות צ״ב סכומות הנ״ל לפרעון חוב נאלד הנ״ל, אף לשלוח שלוחים להוציא מכל אחד על פי תוקף כנ״ל. גם מה שנשאר חיב על עשרים סכומות על הוצאות וועד המדינה דהאידנא מחוייבים ליתן לק״ק הוראדנא על פי כל תוקף ועוז.

תקע״א — אודות חמשה מאות סכומי מדינה לפרעון בעל חוב כנ״ל באם תוך שלשים ימים מיום ביאת הבעל חוב או משולח עם השטר וכתב בידו ולא יסלקו לו הקהילות, וישובים מה שמגיע לו, אזי תכף ומיד מחויב השמש להכריז חרם בכל פרטי החומ־רות ולצאת בכל כפיות ונגישות ככל המבואר למעלה למי שיברור הבעל חוב; והשמשים מחויבים לציית לבעל חוב בלי מוחה ומעכב כלל לשמור ולקיים ככל אשר יצוה עליו.

תקע״ב — אודות המשולחים מראשי הקהלות להגלילות וישובים וקהילות בדבר סילוק החובות גביות המדינה, באם שלא ישגיחו לסלק תוך ג׳ ימים מראות כתב מראש הקהלה שלו במבואר שמה, אזי תכף ומיד מחויב השמש להכריז כרוז חרם בבית הכנסת ברבים בכל חומרי משפטים חרמות ושמתות ולעשות כל כפיות ונגישות לעקל ולעבוט עבוט וליקח בחזקה אף בידי גוים להבדל מכל אשר המצא ימצא; והשמש מחויב לציית להשליח ככל אשר יגזור ויצוה עליו בעסק זה; ואם לא יציית השמש בכל אשר יצוה השליח אזי השמש ההוא ענש יענש באבוד אומנות שלו ובשארי עונשים קשים ומרים במדת הדין הקשה כאשר יצא מפי ראש הקהילה עליו. והשליח של ראש הקהילה עליו. והשליח של ראש הקהילה יהיה לו כל תוקף ועוז בעסק ההוא במקום השמש שיכריז השליח כרוז חרם בבית הכנסת כנ״ל ולעשות להם כל שארי כפיות ונגישות ככל הנ״ל עד להוציא כפי המגיע מהם ועוד לשלם לו כל הוצאות והזיקות.

תקע״ג — כל החשבונות וקוויטן וכתבים שלא נחשבו בוועד דהאינא המה בטלים ומבוטלים, חוץ מק״ק סעלץ העולה לערך תשעים שוק ל׳/ליטא/. ומכח כמר יעסיל מסלוצק ומכח האלוף מוהר״ר יעקב מחנאווקיר /האחנאווקער/ אינם בכלל ביטולים הנ״ל.

תקע״ד — הקוויטן שיצאו מאתנו בוועד המדינה בהאידנא ולא נכתב בו בפירוש שנתקבל בחשבון בוועד דהידנא, אותן הקוויטן עדיין לא באו בשום חשבון כלל, ויבואו בחשבון הוועד הבא עלינו לטובה אם ירצה השם.

תקע״ה — וכל קהלה רשות להם לעשות וניקונים כאוות נפשם, רק שלא יסתרו תקונים המדינה ומעשה המדינה.

תקע״ו — עלה ונגמר בהסכמות כולם כאחד שיהיה התוועדות המדינה הבא עלינו לטובה אם ירצה השם בראש־חודש שבט תכ״ז לפ״ק בקהילה קדושה חאמסק עם האלופים הגאונים הרבנים יצ״ו, וכל קהלות וישובים וגלילות מחויבים לשלוח על הוצאות וועד תכף ומיד סך עשרים סכומות מדינה. ורביעית שנה קודם זמן המוגבל הנזכר לעיל לאסיפת הוועד ההוא מחויבים אלופי ראשי מדינה דקהילה פינסק להודיע לשארי ראשי הקהילות, שהשתדלו בקהילה חאמסק מהשררה לישב שמה אסיפת המדינה בהשקט ובטח ובשלוה. וכן תמיד בכל מקום שיהיה אסיפת הוועד אם ירצה השם מחויב ראש הקהילה של מקום ההוא להשתדל מן השררה הנ״ל ולהודיע רביעית שנה מקודם זמן המוגבל לראשי הקהלות.

תקע״ז — וכל התקנות הקודמים הבלתי סותרים לתקנות שנעשה בוועד המדינה דהידנא המה בתוקפם ובגבורתם. החותמים לכל תוקף ועוז מעשה המדינה, היום יום כ״ד אדר כד״ת לפ״ק בוועד המדינה פה קהילה זאבלודאווי יצ״ו.

נאום הצעיר צבי הירש בן הגאון הרב הגדול מוהר״ר משה יעקב זלה״ה;
ונאום נפתלי הירץ גינצבורג בלא״א מוהר״ר כמוהרי״א זלה״ה;
ונאום הצעיר יצחק בא״א מוהרר אברהם זלה״ה;
ונאום ברוך בן הר״ר יהודא ליב כ״ץ ז״ל;
ונאום יצחק בה״ר אורי שרגא סג״ל ז״ל;
ונאום דוד בן א״א האלוף מוהר״ר שמואל ז״ל מייזלש;
ונאום יהודא ליב בא״א מוהר״ר אברהם זצלה״ה;

ונאום אהרן בא״א יעקב זלה״ה;
ונאום שמואל האז במוהר״ר אברהם עבעריל זצ״ל;
ונאום דוד בלא״א החסיד מוהר״ר אורי ליפמן חפץ/כץ/ זצ״ל;
ונאום נח בן לא״א ה״ר יעקב הלוי זלה״ה;
ונאום יעקב בא״א הר״ר יצחק אייזיק זצ״ל;
ונאום בא״א מוהר״ר משה הכהן /כץ/ זצ״ל;
ונאום אליהו בא״א יהודא ליב זצ״ל /כ״ץ/.

תקע״ח — בהתוועדות אסיפת וועד המדינה דהאידנא פה ק״ק זאבלודווי, עלה ונגמר בהסכמות כולם כאחד: אשר הרימונו ובהרנו מעם לנאמן רוח הוא האלוף המ׳ הראש ומנהיג כבוד מורנו הרב רב יוסף ב״ר דוד מקהילה בריסק, מסרנו לו כל תוקף ועוז מעשה המדינה על כל גביות המדינה. להבא מחויבים כל קהילות וגלילות וישובים בכל מדינתינו ליטא ליתן לידו דווקא כל הגביות מדינה להבא ולא לשום אדם אחר זולתו; וכל תוקף מעשה המדינה שבעולם מסרנו לו להוציא מכח אל הפועל על גביות ההם על פי חרמות ושמתות וכל שאר כפיות ונגישות, להעביט ולעקל בכל מקום הן קהל הן יחידים הן ממנהיגים ליקח מכל אחד אשר המצא ימצא, ככל אשר יגזור ויאמור מפיו כן יקום תכף, ככל אשר יצא מפיו כאלו יצאו הדברים מפי כל ראשי הקהלות בוועד המדינה. וכל החזנים והשמשים בצירוף הרבנים יצייתו לו או לשלוחו לענין אלה הדברים הנזכרים לעיל. וכל המסרב נגדו כאילו סירב כנגד כל ראשי הקהלות באסיפת הוועד יצ״ו ויהיה עונשו גדול. והאלוף הראש מורנו הרב רב יוסף הנ״ל אין צריך לציית לשום ראש ומנהיג הקהילה יהיה מי שיהיה להוציא וליתן שום פרוטה מתחת ידו מהגביות הנ״ל, כי אם על פי הסכמות שני ראשי הקהלות מד׳ הקהלות (הראדנא, בריסק, פינסק, וילנא). יצ״ו. והאלוף הראש מוהר״ר יוסף קיבל על עצמו להיות עיניו פקו־חות להשגיח בעוצם השגחה פרטיות להזדרז בגביות המדינה, להוציא מכוח אל הפועל, להיות תמיד מוכן ומזומן כל המעות לעת הצורך, שלא להעביר זמן ומועד המוגבל הן בוורשוא הן בשאר עסקי צרכי המדינה יצ״ו. ותמיד ד׳ שבועות קודם שיגיע זמן המוגבל לגבות הגביות מוטל על האלוף מוהר״ר יוסף הראש הנ״ל לשלוח שלוחו או ליסע בעצמו ולהזדרז בגביות להוצא מכח אל הפועל חיש ומהר, להיות מצוי בידו כל עת בשעה חדד ליום המוגבל. וביריד סטאלאוויטש וקאפוליע יבא האלוף הראש ומנהיג מוהר״ר יוסף הנ״ל לחשוב חשבונות המדינה עם המשולחים אשר יהיו שמה מראשי הקהלות יצ״ו. ובאם יזדמן איזה קהלה או ישוב להוציא הוצאות על עסק ביש וכדומה לזה, מחויבים להעלות רשום בכתב אמת כפי התקנה כל הו־צאות ההם באמת ובאמונה בלי שום ערמה ומרמה כלל וכלל, ותכף ומיד לשלוח הריסטר הוצאות הנ״ל לפני האלוף המנהיג הראש מוהר״ר יוסף הנ״ל, להראות לו חשבון צדק ואמת ולמסור וליתן לידו תכף ומיד כתב ריסטר הוצאות הנ״ל בלי שום איחור ועיכוב בעולם. בחרנו והרימנו אותו לנאמן על כל הנ״ל מהיום ועד... ושכרו ילך לפניו כפי משמעות הכתב שבידו מאתנו, החתומים מטה לכל תוקף ועוז מעשה המדינה יצ״ו. היום יום ו׳ כ״ד אדר כת״ד לפ״ק, בהתוועדות המדינה פה קהילה זאבלודאווי.

תקע״ט — אודות המבואר מה שלמעלה הסכמות שני ראשי הקהלית עלה במוסכם שיהיה על כל פנים אחד מראשי הקה־לות ק״ק בריסק דוקא. ולעומת זה התחייבו עצמם אלופי מנהיגי ק״ק בריסק ליתן כל תוקף ועוז להאלוף הראש מוהר״ר יוסף הנ״ל לכל הכפיות

שיצטרך לענין הגביות הנ״ל, ליתן לו כתבים וכל תוקף ועוז לענין הכפיות על הגביות הנ״ל. דברי החותמים לכל תוקף ועוז מעשה המדינה, היום יום ו׳ כ״ד אדר כד״ת לפ״ק.

נאום יהודא ליב במוהר״ר אברהם ז״ל;

נאום אהרן בא״א יעקב זלה״ה.

**תק״פ** — אלו החובות שחייבים המדינה יצ״ו........

**תקפ״א** — היום הקריבו את משפטם לפנינו האלופים הרוזנים הראשים דמדינותינו דג׳ ראשי הקהלה דמדינות ליטא עם האלופים הרוזנים ראשי מדינה ד״ק ווילנא יצ״ו, אודות החוב מסך שלושים אלף ושבעה מאות זהובים פולין שחייבים כלל מדינת ליטא להאלופים מנהיגי ק״ק ווילנא, כנזכר בפנקס המדינה, והאריכו על אחד למעניתם בדברי טענותיהם......

**תקפ״ב** — אלו הן החובות שנשארו חיב הקהלות והגלילות וישובים להמדינה......

**תקפ״ג** — סכום המדינה הנעשה ונגמר היום יום הששי י׳ אדר כד״ת לפ״ק......

**תקפ״ד** — אלו הן האסיגנציים שניתנו לבעלי חובות שחייבים להם המדינה...

**תקפ״ה** — בהיות מאז ומקדם תקנו ואזנו מצוקי הארץ קמאי דקמאי עם רבנים קשישאי, וחזרו ויסדו זאת גם בתראי דבתראי וחקקו במשענתם חרות על הלוחות הפנקס המדינה יצ״ו, על אותן אנשים אשר עלה על דעתם לילך בגדולות ונפלאות להכניס ראשם בעסק מכסים דמדינת ליטא בלא הרמנא ורשות מראשי הקהלות יצ״ו, לעורר עליהם חנית וכידון, וכבודם יקר לאבדן ולהשקותם כוס רעל על המרד ועל המעל. וכהיום הנהו שני אנשים בהר״ר יצחק מוויסאָקי וכהר״ר משה טרייטלש מווילנא עיילו בלא בר מראשי הקהלות בעסק מכסים אשר כן לא יעשה. בכן מטעמים הכמוסים עמנו לא ירדנו בהיום הזה לעמוד על משפט מעשיהם להאכילם כפרי מעלליהם; אכן לפתח חטאת רובץ, בכלות וועד ווּרשא דהאירנא לטובת כל ישראל רוזנים נוסדו יחדיו בהתוועדות וליסר אותם שבע על חטאתם, וכמפורש בפנקס המדינה יצ״ו. וכמוהר״ר מענקי מסלאנימא הוא העביר את הדרך סלולה והלך עקולי ופשורי בעסק הנ״ל, הנה כבר שקל למטרפסים וקיבל את דינו. וכזאת גזרנו אומר לעשות כרוז בבית הכנסת ברוב עם ביום שבת חדש, וכל ישראל נקיים, והעם ישמעו ויראו ולא יזידון עוד.

לזכרון שקהל מינסק חייבים ק׳ זהובים מה שנתנו להאלוף מוהר״ר יעקב קאפוליש עבורם בוועד חאמסק תכ״ז לפ״ק.

## קיצור אין יידיש:

**תקנ״ו** — אַריינפיר צום פּראָטאָקאָל;

**תקנ״ז** — 5 פון די ערשטע און גרעסטע עטאַט־צאָלער דאַרפן בקביעות אויסהאַלטן בחורים אָדער באַלעבאַטים וואָס לערנען תורה;

**תקנ״ח** — די יעניקע וואָס דרייען זיך אַרום איבער שטעט מיט כתבים און קלייבן געלט אַז זיי פאָרן אין ארץ־ישראל און אין דער אמתן בלייבן זיי אויפן אָרט, דאַרף מען פון זיי צונעמען דעם כתב;

תקנ״ט — ארץ־ישראל־משולחים וואָס געפינען זיך מער ווי צוויי יאָר אין חוץ־לארץ און פאָרן נישט צוריק דאַרף מען ביי זיי צונעמען די כתבים און דאָס געלט;

תק״ס — וועגן באַשטעטיקן אונטערשריפטן אויף חתימות דורך דערקענען זיי אָדער דורכן זכרון;

תקס״א — וועגן אָפּשאַצן דעם פאַרמעגן ביים באַשטימען די גרויס פון דעם שטייער פאַר דער מדינה, וויפל פון געשעפט, וויפל פון קרן;

תקס״ב — וועגן דעם ווי אַזוי צו באַשטימען די גרויס פון דעם סכום;

תקס״ג — אַ הנחה פון אַ דריטל פאַר יענעם וואָס שווערט וועגן זיין פאַרמעגן;

תקס״ד — טערמינען פאַר אַ רב ביים אָננעמען אַ נייע שטאָט;

תקס״ה — אַ בעל־דבר וואָס האָט תביעות טאָר זיי נישט דערציילן קיין שום מנהיג, נאָר דעם בית־דין;

תקס״ו — וועגן פוילישע סוחרים (יידן) וואָס קומען אין ליטא;

תקס״ז — וועגן אויפמאָנען וועקסלען פון פוילישע סוחרים (יידן) אויסגעשטעלט אויף ליטא;

תקס״ח — וועגן צושיקן די רשימות פון די שטייער־צאָלער אין משך פון 8 טעג, זיי זאָלן זיין ביים ועד;

תקס״ט — וועגן דרינגענדיקן אויפמאָנען 500 עטאטן כדי קענען איינצאָלן די חובות פון דער מדינה;

תק״ע — וועגן דעם חוב נ א ל ד וואָס די מדינה איז שולדיק;

תקע״א — 500 עטאטן פאַר דעם פריערדיקן חוב;

תקע״ב — אינסטרוקציעס פאַר די משולחים פון דער מדינה צו די קהילות און ישובים וועגן איינקאַסירן די סכומים;

תקע״ג — אַלע חשבונות און קוויטן און כתבים וואָס זענען אויף דעם איצטיקן ועד נישט אַרויפגעבראַכט געוואָרן זענען בטל;

תקע״ד — וועגן די קוויטן פון הייַנטיקן ועד, אויף וויפל זיי גייען אַריין אין היי־יאָריקן ביודזשעט;

תקע״ה — יעדע קהילה קאָן מתקן זיין פאַרשיידענע תקנות אויף וויפל זיי זענען נישט כותר די תקנות פון ועד;

תקע״ו — באַשטימט דעם ועד פון יאָר תכ״ז אין כאַמסק;

תקע״ז — אַלע פריערדיקע תקנות בלייבן אין זייער קראַפט;

תקע״ח — יוסף ב״ר דוד פון בריסק איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ נאמן פון דער מדינה;

תקע״ט — אַרויסגעבן דעם נאמן באַפולמעכטיקונגען צו זיין שליחות;

תק״פ — רשימה פון די חובות וואָס עס איז שולדיק די מדינה;

תקפ״א — משפט פון 3 ראשי קהילות מיט דער ווילנער קהילה וועגן חוב פון 30 טויזנט גילדן;

תקפ״ב — חובות וואָס מען איז שולדיק דער מדינה;

תקפ״ג — דער ביודזשעט פון דער מדינה;

תקפ״ד — די אַרויסגעגעבענע אַסיגנאַציעס;

תקפ״ה — וועגן באַשטראָפן די יעניקע וואָס מישן זיך אַריין אין די ענינים פון שטייערן און ברענגען שאָדן דער מדינה.

ווייטער ברענגען מיר דעם קיצור פון די אָנגענומענע תקנות:

# אויף דעם ועד פון תל״ן

עס זענען באַשלאָסן געוואָרן די תקנות תש״ז ביז תשל״ו, דאָס הייסט 30 תקנות, זייער אינהאַלט איז:

תש״ז — דער אַריינפיר צום פראָטאָקאָל;

תש״ח — וועגן דער פאַרשטאַרקונג פון לימוד התורה;

תש״ט — יעדע קהילה איז מחויב צו האַלטן לערנער בחורים און יינגלעך, אפילו אין דער צייט פון בין־הזמנים;

תש״י — אַכטונג געבן, אַז מען זאָל אין דער צייט איינקויפן די קונטרסים (ספרים);

תשי״א — קעגן צו הויכע פראָצענטער בעת הלוואות;

תשי״ב — רעגולירט די פראָצענטער פון הלוואות און פון משכנות;

תשי״ג — וועגן שמירת שבת אין די שענקען;

תשי״ד — אַרויסצוגעבן פסקים נאָר נאָך דעם ווי זיי זענען באַשטימט געוואָרן דורך דער מערהייט;

תשט״ז — וועגן אופן ווי אַזוי דורכפירן די שאַצונגביים באַשטימען די שטייערן פאַר דער

תשי״ז — רעגולירט די פראַגע וועגן משפטים צווישן יחיד און אַ רבים ביי די ראשי הקהילות;

תשי״ט — וועגן שטימרעכט פון אַ רב וואָס איז אַוועק פון זיין קהילה און איז צוריקגעקומען;

תש״כ — די רעכט פון קהל לגבי אַ בורר וועגן זיינע אַמטן;

תשכ״א — וועגן פאַרלייכטערונגען און שטייערן פאַר לומדי־תורה;

תשכ״ב — וועגן חתונות אין מוצאי שבת;

תשכ״ג — אַריינגעקומענע סומעס פון קנס דאַרף העלפט גיין פאַר ביקור חולים און דאָס איבעריקע דאַרף פאַרטיילט ווערן לויט דער באַשטימונג פון רב מיט די פּרנסים;

תשכ״ד — אָפּצוהיטן די פריערדיקע תקנות וועגן שפּאָרזאַמקייט אין מלבושים און סעודות;

תשכ״ה — די גאַנצע מדינה דאַרף זיך משתף זיין ביי אָפּרופן גזירות און בלבולים;

תשכ״ו — וועגן דער פראָצעדור ביים אָפּזאָגן אן אב בית דין;

תשכ״ז — די מנהיגים פון די קהילות טאָרן נישט נעמען קיין שום אָפּצאָל, קיין שום פסק־געלט קעגן דער דראָאונג פון חרם;

תשכ״ח — עס זאָל אין יעדער קהילה זיין אַ ממונה וואָס זאָל אַכטונג געבן צי די שניידער נייען מיט קאַנאַפּליע־פֿאָדים, צוליב דעם חשש פֿון שעטנז;

תשכ״ט — וועגן דער פֿאַרשטענדיקונג פֿון די פֿירער פֿון די הויפּט־קהילות: בריסק, פּינסק, גראָדנע;

תש״ל — וועגן די יעניקע וואָס באַהאַלטן אויס פֿאַר די שטייערן זייערע הכנסות און פֿאַרדינסטן;

תשל״א — וועגן די סוחרים פֿון ליטע וואָס פֿאָרן אין מדינת פּוילן;

תשל״ב — חרם קעגן יעניקע וואָס שרייבן אונטער אויף אָבליגאַציעס גענומען פֿון מנהיגים אָן זייער וויסן;

תשל״ג — אַלע פֿריערדיקע תקנות בלייבן אין זייער קראַפֿט;

תשל״ד — דער נאָענטער ועד זאָל פֿאָרקומען אין כאָמסק אין יאָר תל״ט;

תשל״ה — דער צוזאַמענשטעל פֿון דעם „סכום המדינה״;

תשל״ו — די חובות פֿון דער מדינה.

לסוף די תקנות וואָס עס זענען אָנגענומען געוואָרן

## אויף דעם ועד פֿון תמ״ז

אויפֿן דאָזיקן ועד זענען אָנגענומען געוואָרן די תקנות ת״ת ביז תתכ״ח, דאָס הייסט 28. זייער אינהאַלט איז:

ת״ת — אַריינפֿיר צום פּראָטאָקאָל;

תת״א — פֿאַרשטאַרקן די ישיבות;

תת״ב — קאָנטראָלירן די סופֿרים וואָס דרייען זיך אַרום איבער שטעט און שטעטלעך און פֿאַרקויפֿן תפֿילין;

תת״ג — ווו מען האָט אויסגערופֿן אַ חרם אויף דער קאָראָבקע זאָל מען נישט פֿאַרדינגען קיין יחידים;

תת״ד — וועגן דין־תורות צווישן אַ יחיד מיט אַ ראש־הקהילה;

תת״ה — די שאַצערס פֿון די שטייערן דאַרפֿן אַלע זיין מוסמכים, מיטן טיטל „מורנו״ אָדער „חבר״;

תת״ו — אַ למדן דאַרף מען נישט געבן קיין שבועה אין בית־הכנסת, נאָר ביי אים אין שטוב;

תת״ז — משולחים פֿון די גלילות דאַרפֿן זיין פֿאַרמעגלעכע מענטשן;

תת״ח — וועגן די צאָל דעלעגאַטן צום ועד המדינה;

תת״ט — רעגולירט די פֿראַגע פֿון אַרענדעס און שענקען;

תת״י — קיינער טאָר זיך נישט אַריינציען אין אַ ישוב אָן דעם וויסן פֿון ראש בית־דין;

תתי״א — די ראשי הקהילות קענען נישט מבטל מאַכן די תקנות פֿון דער מדינה;

תתי״ב — ווער עס וויל אויף אַ פסק בעטן אַ התרה אָדער אַ מחילה דאַרף עס מאַכן בעת דער אסיפה פון ועד;

תתי״ג — וועגן די מוסרים און בונטן־מאַכערס;

תתי״ד — אין יעדער קהילה און גליל זאָלן אויסגעקליבן ווערן 2 גבאים צו קלייבן צדקה פאַר די אָרעמעלייט פון ארץ־ישראל;

תתט״ו — אַ שרייבער אין די שטייער־צימערן פון די גלילות דאַרף זיין מיט דער ידיעה פון ראש בית־דין;

תתט״ז — דער חרם פון די קדמונים אויף די קושרי קשרים ווערט ווייטער באַפעסטיקט;

תתי״ז — אין יעדער חברה דאַרפן זיין צוויי גבאים פון דער חברה און צוויי אויסגעוויילטע דורך די מנהיגים פון דער קהילה;

תתי״ח — אויסצוקלייבן בוררים דיינים פון די ראשי קהילות צו די ירידים דאַרף יעדע קהילה פאַר זיך באַשטימען;

תתי״ט — די קאָמפּעטענצן פון יריד־דיינים;

תת״כ — וועגן אויסטיילן כבוד אין די קהילות בעת די צייטן ווען דער רב איז אויף די וועדים;

תתכ״א — פאַלשע מאָסן און פאַלשע וואָגן זענען אפילו פאַר אַ גוי און אפילו פאַר בראָנפן אסור;

תתכ״ב — בעת דעם וועד המדינה דאַרף נישט אונטערגעשריבן ווערן קיין שום אַסיגנאַציע און כתב;

תתכ״ג — פון קיין שום הויפּט־קהילה דאַרף צו דער מדינה נישט געשיקט ווערן מער ווי די ראשי המדינות און נאָך איין מאַן;

תתכ״ד — וועגן אַ יחיד וואָס משפט זיך מיט קהל;

תתכ״ה — דער וועד פון דער מדינה זאָל אויף להבא נישט דויערן לענגער ווי 6 וואָכן;

תתכ״ו — די פונקציעס פון דעם אלוף פרנס הוועד;

תתכ״ז — צוליב דעם סיכסוך פון דער קהילה כאָמסק מיט דער שררה, זאָל פינסק נעמען אויף זיך דעם ענין צורעכט מאַכן;

תתכ״ח — אַלע תקנות זענען באַשטעטיקט געוואָרן און בלייבן אין קראַפט.

## די באַטייליקטע פאָרשטייער אויף די סעסיעס פון ועד מדינת ליטא אין זאַבלודאָווע

ווייטער ברענגען מיר די רשימה פון די ראשים, רוזנים און רבנים וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די פאַרגעקומענע אין זאַבלודאָווע 4 סעסיעס פון „ועד מדינת ליטא". מיר נומערירן די דאָזיקע נעמען נאָכן סדר פון די סעסיעס און ווי זיי זענען געווען אונטערגעשריבן אויף די פּראָטאָקאָלן. אויב איין נאָמען חזרט זיך איבער ברענגען מיר אים נישט. מיר דערגאַנצן נאָכדעם די דאָזיקע רשימה מיט אַ ריי פּרטים.

אויף דער סעסיע פון יאָר ת"י (1650) האָבן דעם פּראָטאָקאָל אונטערגעשריבן די ווײַ־טערדיקע דעלעגירטע:

א) הצעיר יעקב שור בא"א מו' הגאון מוהר"ר אפרים זלמן שור זצ"ל ה"ה;
ב) יונה בן מוהר"ר ישעיה תאומים מפראג;
ג) בנימין בינש בהגאון מוהר"ר מאיר זצ"ל לבית קאצינאילבוגן;
ד) יעקב אליעזר בלא"א משה זלה"ה;
ה) יוסף יעסל בן ר' זלמן אשכנזי ז"ל;
ו) בנימין וואָלף בן א"א הגאון מוהר"ר יצחק זצ"ל;
ז) יששכר בער בלא"א הרב יעקב מנחם מענדיל זצ"ל אשכנזי;
ח) קיים המכונה קדיש בלא"א אלעכסנדר ז"ל;
ט) ישעיה בלא"א מוהר"ר יעקב יצ"ו;
י) יוסף בלא"א כה"ר מרדכי קפלמנשק (קאפיל מאניש);
יא) יעקב בא"א מוה"ר ישראל שמואל טראפא;

אויף דער סעסיע פון דעם יאָר תכ"ד (1664) האָבן אונטערגעשריבן די פּראָטאָקאָלן די ווײַטערדיקע שליחים:

יב) הצעיר צבי הירש בן הגאון הרב הגדול מוהר"ר משה יעקב זלה"ה;
יג) נפתלי הירץ גינצבורג בלא"א מוהר"ר כמוהרי"א זלה"ה;
יד) הצעיר יצחק בא"א מוהר"ר אברהם זלה"ה;
טו) ברוך בן הר"ר יהודא ליב כ"ץ ז"ל;
טז) יצחק בה"ר אורי שרגא סג"ל ז"ל;
יז) דוד בן א"א האלוף מוהר"ר שמואל ז"ל מייזלש;
יח) יהודא ליב בא"א מוהר"ר אברהם זצלה"ה;
יט) אהרן בא"א יעקב זלה"ה;
כ) שמואל האז במוהר"ר אברהם עבריל זצ"ל;
כא) דוד בלא"א החסיד מוהר"י אורי ליפמאן חפץ/כץ/ זצ"ל;
כב) נח בן לא"א הר"ר יעקב הלוי זלה"ה;
כג) יעקב בא"א הר"ר יצחק אייזיק זצ"ל;
כד) יעקב בא"א מוהר"ר משה (הכהן) כ"ץ זצ"ל;
כה) אליהו בא"א יהודא ליב זצ"ל (כ"ץ);
כו) דוד מארפטשיק;
כז) הצעיר באלפי יהודא איש טראפא;
כח) צבי הירש בן הר"ר אברהם זצ"ל שמש דאלופי ר"מ ד"ק הוראדנא יצ"ו;

אויפן וועד פון יאָר תל"ו (1676) האָבן זיך באַטייליקט, נאָך דעם פּראָטאָקאָל פון דאָזיקן וועד די ווײַטערדיקע שליחים:

כט) משה בהק' הח' מוהר"ר אברהם זצ"ל הי"ד מגזע צבי חונה בק' הראדנא לעת עתה;
ל) משה בלא"א החסיד מוהר"ר ישראל יעקב זצלה"ה;
לא) יודא נקרא ר"י ר' מישלש זצ"ל;
לב) הק' צבי נקרא הירש בלא"א מוהר"ר שלמה הלוי זצ"ל נקרא ר' הירש דרשן מווילנא;
לג) יעקב /אייזיק/ בא"א המנוח שמעון ז"ל אישטיין (איש שטיין);
לד) משה בהגאון מוהר"ר צבי הירש ס"גל זלה"ה;
לה) מרדכי בלא"א מוהר"ר מאיר וועלי זצלה"ה;
לו) מנחם מן בלא"א מוהר"ר חיים זלה"ה;
לז) נפתלי בן לא"א הר"ר יצחק ז"ל;

אויסער דעם האָבן זיך באַטייליקט די יעניקע וואָס פיגורירן אונטער די נומערן טז, יז, כא און כו פון דעם ועד תכ״ד.

אויף דער דאָזיקער סעסיע האָט זיך אויך באַטייליקט:

לח) הרב הגאון מהור״ר מרדכי אב״ד ור״מ דק״ק בריסק.

ער האָט אָבער ווי דער פּראָטאָקאָל דערציילט נישט אונטערגעשריבן די תקנות, ווייל ער האָט זיך געאײלט אַהיים צוליב דער חתונה פון זיין טאָכטער. פּאַר די אונטערשריפטן פון די באַטייליקטע געפינט זיך די ווייטערדיקע באַמערקונג:

„באשר הרב הגאון...... היה מוכרח לנוסע מכאן לנשואי בתו לביתו על כן לא בא על החתום״.

אונטער דעם מדינה־ביודזשעט וואָס עס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן דאָזיקן ועד געפינען זיך אויך די אונטערשריפטן פון די ווייטערדיקע גבאים און שתדלנים פון דער מדינה:

לט) יהודא ליב בלא״א יצחק זצלה״ה שתדלן דק״ק בריסק דליטא;

מ) משה כהן ג״מ (גבאי מדינה) דק׳ בריסק דליטא והמדינה יצ״ו לע״ע.

אויף דער צעשטערטער סעסיע פון יאָר תמ״ז האָבן אונטערגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל אויסער דעם נומער ל׳ פון דעם ועד תל״ו די ווייטערדיקע שליחים:

מא) הקטן מרדכי זיסקינד בהר״ר משה ז״ל רוטנבורג;

מב) הקטן שאול בהרב המופלג כמהר״ר אברהם יהושע העשל זצ״ל נבחר מק״ק בריסק דליטא;

מג) הקטן משה בלא״א מה״ר דוד זצלה״ה חונה ק״ק ווילנא;

מד) מנחם בלא׳ מהר׳ בנימין כ״ץ ז״ל;

מה) שלום ב״א /מורי הגאון/ מהר״ר חיים הלוי זצלה״ה;

מו) יצחק בלא״א /בה״ק ישכר בער/ אשכנזי זצ״ל הי״ד;

מז) שלמה בא״א המ׳ ממוה׳ יואל רשי״א מבריסק;

מח) צבי הירש במהר׳ שלמה זלה״ה;

מט) נחמיה ב״א הק׳ מה״ר ישראל ישעיה הי״ד זצ״ל;

נ) אשר בל״א כה״ר אהרן זצלה״ה /פּרנס חודש/;

נא) הקטן אהרן זעליג בא״א הר״ר יצחק זלה״ה;

נב) מנחם מענדל בהר״ר ישכר בער זלה״ה;

נג) ישכר בער ב״א מו׳ כמה״ר יעקב כ״ץ זצלה״ה;

נד) ישראל בא״א כהר״ר זלמן אליה זצ״ל.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל האָבן מיר דאָ פאַרצייכנט 54 נעמען פון באַטייליקטע אין די זאַבלודאָווער 4 סעסיעס פון דעם ועד מדינת ליטא. זיך אָפּצושטעלן אויף יעדן איינעם פון די דאָזיקע שליחים, ברענגען נאָר קורצע ביאָגראַפישע נאָטיצן פון זיי מיינט אָנשרייבן אַ גרויס ווערק אַפילו פון די יעניקע, וועמענס ביאָגראַפיעס מיר האָבן יאָ. מיר וואָלטן געדאַרפט דאָ פונאַנדערוויקלען די שלשלת היוחסין פון אַ גאַנצער ריי רבנישע שטאַמען, וועמענס וואָרצלען עס ציען זיך ווייט אין דער אַלטער תקופה פון אשכנז און טייל אפילו ביז שפּאַניע. די משפחות קאַצינעלבויגן, שור, תאומים, גינזבורג, טראַפּא, גזע־צבי (פון וואַנען עס איז נאָכ־דעם אין האָמעל אַרויסגעקומען די פאַרגרייזטע פאַמיליע ג ע נ ז צ וו יי), מאָראַפּטשיק אאַז״וו מיינט געבן וועגן יעדער פון דער דאָזיקער משפחה אַ מאָנאָגראַפיע פון הונדערטער און הונדערטער נעמען.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן נאָר אויף אַ ריי פּרטים.

צווישן די אונטערגעשריבענע געפינען מיר (נומערן: כט, מו און מט) דריי וואָס שרייבן זיך אונטער ב ן ה ק ד ו ש, וועמענס עלטערן עס זענען אָנגעקומען בעת גזירות (אפשר אין די יאָרן ת״ח און ת״ט) מיט דער צושריפט הי״ד (השם ינקום דמם).

צווישן די באַטייליקטע געפינען זיך פון די גרעסטע רבנישע אויטאָריטעטן פון ליטא און פוילן אין משך פון אַ פּאָר יאָרהונדערטער. אויסצורעכענען די ספרים פון די דאָזיקע וואָלט מען געדאַרפט ווידמען אַ ספּעציעלע אַרבעט. מיר ווע׳לן זיך נאָר באַגרענעצן מיט זייער אָנטייל אין די ועדים פון דער מדינת ליטא. דער גרעסטער רוב פון די באַטייליקטע אין די זאַבלודאָווער סעסיעס זענען אַזעלכע וואָס פלעגן אָפט זיין די שלוחים און מתקני תקנות אויף די צוזאַמענקומען פון די פאָרשטייער פון די קהילות פון מדינת ליטע. די ווייטערדיקע רשימה וועט בולט באַווייזן וויפל מאָל יעדער פון די באַטייליקטע אין זאַבלודאָווער זיצונגען האָבן אָנטיילגענומען אין אַנדערע סעסיעס פון דעם ליטווישן ועד. מיר ווע׳לן נישט איבערחזרן די נעמען נאָר זיך באַנוצן מיט די נומערן וואָס מיר האָבן זיי געגעבן אויסרעכנענדיק אין וועלכע זאַבלודאָווער סעסיעס זיי האָבן זיך באַטייליקט.

נומער א) האָט זיך באַטייליקט אויסער אין די זאַבלודאָווער סעסיעס פון ועד מדינת ליטע אויך אין ועד ס ע ל ץ — ת״ז (1647); מ י ס ט ע צ ק י — ת״ט (1649); כ אָ מ ס ק — תי״ב (1652); ס ע ל ץ — תט״ו (1655) און ס ע ל ץ תל״ג (1673);

נומער ב) אין די ועדים: ב ר י ס ק — שצ״א (1631); ס ע ל ץ — שצ״ד (1634); ס ע ל ץ — שצ״ט (11639); ס ע ל ץ — ת״ד (1644); מ י ס ט ע צ ק י — ת״ט (1649); ס ע ל ץ — תט״ו (1655) און כ אָ מ ס ק — תי״ב (1652).

נומער ג) סעלץ — שצ״ט; כאָמסק תי״ב; סעלץ — תט״ו.

ד) סעלץ — ת״ד; סעלץ — ת״ז; כאָמסק — תי״ב.

ה) סעלץ — ת״ד.

ו) סעלץ — תט״ו;

ז) סעלץ — שצ״ט; מיסטעצקי — ת״ט.

ח) סעלץ — שצ״ב; סעלץ — שצ״ז; סעלץ — שצ״ט; מיסטעצקי — ת״ט; כאָמסק — תי״ב; סעלץ — תט״ו; סעלץ — תכ״ב.

ט) סעלץ — שצ״ט; סעלץ — ת״ד; מיסטעצקי — ת״ט; סעלץ — תט״ו.

י) סעלץ — ת״ז; מיסטעצקי — ת״ט; כאָמסק — תי״ב.

יא) סעלץ — ת״ז; מיסטעצקי — ת״ט; כאָמסק — תי״ב; סעלץ — תכ״ב.

יב) כאָמסק — תכ״ז; אָלקעניקי — תנ״ה.

יג) סעלץ — ת״ל.

טז) סעלץ — ת״ד; כאָמסק — תי״ב; כאָמסק — תכ״ז; סעלץ — תל״ג; כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד; כאָמסק — תנ״א; אָלקעניקי — תנ״ה.

יז) כאָמסק — תכ״ז; סעלץ — ת״ל; סעלץ — תל״ג.

יח) סעלץ — ת״ל.

יט) סעלץ — תכ״ב; סעלץ — תל״ג.

כ) כאָמסק — תכ״ז; כאָמסק — תל״ט.

כא) סעלץ — תט״ו; סעלץ — תכ״ב.

כג) כאָמסק — תל״ט.

כד) סעלץ — ת״ל; כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד; כאָמסק — תנ״א.

ל) סעלץ — תל״ג; כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד.

לא) כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד.

לב) סעלץ ת״ל; סעלץ — תל״ג; סעלץ — תמ״ד.

לג) סעלץ — תכ״ב; כאָמסק — תכ״ז; סעלץ — ת״ל; סעלץ — תל״ג.

לו) סעלץ — תכ״ב; סעלץ — ת״ל; כאָמסק — תל״ט.

לז) סעלץ — תל״ג; כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד; כאָמסק — תנ״א.

לח) סעלץ — ת״ל; סעלץ — תל״ג; כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד.

מא) סעלץ — תמ״ד; כאָמסק — תנ״א.

מב) סעלץ — תנ״א; אלקעניק — תנ״ה.
מג) כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד; כאָמסק — תנ״א; אָלקעניק — תנ״ה; סעלץ — ת״ס.
מד) סעלץ — תמ״ד.
מה) כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד; אָלקעניק — תנ״ה.
מו) סעלץ — ת״ל; כאָמסק — תל״ט.
מז) כאָמסק — תנ״א; אָלקעניק — תנ״ה; סעלץ — ת״ס.
מט) סעלץ — תל״ג; סעלץ — תמ״ד; כאָמסק — תנ״א.
נ) סעלץ — תל״ג; כאָמסק — תל״ט; סעלץ — תמ״ד;
נא) כאָמסק — תנ״א.
נב) אָלקעניק — תנ״ה.

די 4 פאָרגעקומענע סעסיעס אין זאַבלודאָווע אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט די דערמאָנטע העכער 50 רוזנים, אלופים אאַז״וו וואָס האָבן אין משך פון דורות געפירט דעם ליטווישן יידנטום; די העכער הונדערט תקנות וואָס עס זענען אָנגענומען געוואָרן אויף די דאָזיקע סעסיעס האָבן דעם נאָמען פון זאַבלודאָווער קהילה פונאַנדערגעטראָגן ווייט און ברייט פון וואַנען די שלוחים זענען געקומען און דעם נאָמען פאַראייביקט אין אָן אַ שיעור מקורים.

פאַרשרייבן מיר עס לזכרון פון דער גרויסער ראָל וואָס די קהילה־קדושה זאַבלודאָווע האָט געשפילט אין משך פון אַ ריי יאָרהונדערטער — גראָד די שווערסטע פון איין זייט און די אַקטיווסטע פון דער צווייטער זייט — די צייט ווען עס האָט זיך אויסגעפאָרעמט דער קאָלירפולער יידישער קיבוץ פון מזרח־אייראָפּע.



די קינסטלעריש־געשניצטע הילצערנע בימה אין דער זאַבלודאָווער היסטאָרישער שול.



די שול: פאָרנט און זייט צו דער ביאַליסטאָקער גאַס

ירוחם באַכראַך

# מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די עלטסטע יידישע ישובים אין ביאַליסטאָקער געגנט אין 17טן, 18טן און 19טן יאָרהונדערט *

אינעם אַרכיוו פון דער קהילה־ביבליאָטעק אין ביאַליסטאָק געפינען זיך צוויי אַלטע פּנקסים פון צוויי פון די עלטסטע קהילות אין ביאַליסטאָקער געגנט: זאבלודאָווע און כאַראשטש.

דער זאבלודאָווער פּנקס איז פון דער חברה־קדישא און נעמט אַרום די יאָרן תס״א־

---

* דער מחבר וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אין זאַבלודאָווע און איז גלייכצייטיק געווען דער גרינדער און דירעקטאָר פון דער ערשטער מאָדערנער יידיש־העברעאישער שולע אין זאַבלודאָווע איז אויך געווען אַ ביאַליסטאָקער כלל־טוער און וויסנשאַפטלער, מחבר פון „הרמב״ם, שיטתו ועיקר דעותיו״, ווי אויך אַ שטודיע „דעמאָגראַפיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק 1919 — 1935״.ביידע אַרבעטן האָט אַרויסגעגעבן די יידישע קהילה אין ביאַליסטאָק. די איצטיקע אַרבעט האָט דער מחבר צוגעשיקט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה צום יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ אין ווילנע, אין יאָר 1939.

די דאָזיקע אַרבעט איז אָפּגעדרוקט אין דעם באַנד 28, העפט 2 פון די „ייוואָ־בלעטער״ אין ניו־יאָרק, ווינטער 1946. די רעדאַקציע גיט צו אין אַריינפיר צו דער אַרבעט די ווייטערדיקע באַמערקונג:

„דער לעצטער פּאַראַגראַף פונעם כתב־יד האָט זיך געלייענט:

„פון דער אַרבעט איז צו זען, אַז ס׳איז נאָך פאַראַן גאָר אַ סך צו טאָן אויפן געביט פון פאַרפיקסירן די געשיכטע פון די אַלטע יידישע יישובים אינעם געגנט. דאָס דאַרף זיין אויך איינע פון די אויפגאַבעס פון דער גרעסטער קהילה אין דער וואָיעוואָדשאַפט [ביאַליסטאָק] צו זאָרגן דערפאַר באַצייטנס, איידער עס ווערן נאָך פאַרפאַלן די נייטיקע דאָקומענטן. ס׳דאַרף אָבער געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע קאָמיסיע ביי דער קהילה, וועלכע זאָל זיך מיט דעם פאַרנעמען, ווייל אין אַ שעת־חירום פאַר די יידישע קיבוצים אין גלות איז עס דער געבאָט פון דער שעה״.

דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט דער מחבר געהייליקט: דעם אָנדענק פון מיין פאָטער רבי ידידיה ז״ל.

די באַדינגונגען וואָס ווערן אין אַרטיקל באַשריבן בלשון הווה — מיר האָבן דאָס נישט געביטן — זענען שוין היינט פאַרגאַנגענהייט. דער מחבר איז ווייזט אויס אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ״.

אין דעם „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור״, אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס (פאַרייניקט מיט „ציקאָ״), ניו־יאָרק 1956, באַנד 1, עמוד 216, לייענען מיר דאָס ווייטערדיקע וועגן דעם מחבר:

„באַכראַך ירוחם ( — 1943) — צייט פון געבורט נישט באַקאַנט, אָרט — אָרלע, פוילן. זון פון אַ שוחט, געלערנט אין חדרים און אין ישיבות. געווען לערער, ציוניסטישער טוער, דזשאָינט־באַאַמטער אין ביאַליסטאָק און אינספּעקטאָר פון „דזשאָינט״־שול אין פוילן. מחבר פון „דעמאָגראַפיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק פאַר די יאָרן 1919 — 1935״ (מיט 22 טאַבעלעס), ביאַליסטאָק, 1937, 53 זייטן. זיין פּנקס, געשריבן אין ביאַליסטאָקער געטאָ, איז פאַרלוירן געגאַנגען. אומגעקומען ביי דער ערשטער ליקווידאַציע, פעברואַר 1943.״

וועגן אַ ריי ענינים וואָס דער מחבר ברענגט אין זיין אַרבעט איז פאַראַן מער פּרטימדיק אין דער אַרבעט פון מרדכי וו. בערנשטיין אין אונדזער פּנקס.

די נומערירטע באַמערקונגען אין אַרטיקל זענען פון דעם מחבר גופא.

רעדאַקציע פון יזכור־בוך.

תרכ״ט (1701 — 1869) [1]. הגם ער האָט אין זיך גאַנץ אינטערעסאַנטע און וויכטיקע דאַטעס און רעגעסטן וואָס קענען באַלייכטן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע, סאָציאַלע און קולטורעלע לעבן פון די דאָזיקע צוויי יאָרהונדערטער, איז ער נאָך ביז היינט וויסנשאַפטלעך נישט אויסגענוצט געוואָרן פון קיינעם. די סיבה איז, וואָס חברה־קדישא־פּנקסים ווערן נישט גערן אַרויסגעגעבן צו זייטיקע, נישט חברה־מענטשן, צום באַנוץ.

דער צווייטער, דער כאראשטשער פּנקס, איז דער פּנקס הקהל. ער נעמט אַרום די יאָרן תנ״א — תקנ״ה (1691 — 1895), אַ משך פון איבער 200 יאָר, און ער שפּיגלט אָפּ אין אַ גרויסער מאָס די רעגלאַמענטירונג פון אינעווייניקסטן יידישן לעבן אין יענער תקופה, ווי זאָרגן און ליידן פון דעם ישוב צוליב די פאַרשיידענע שטייערן און אאַז״וו.

אין אונדזער אַרבעט וועלן מיר באַטראַכטן בלויז די וויכטיקסטע דאָקומענטן און דאַטעס אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר.

נאָר איידער מיר וועלן צוטרעטן צו די פּנקסים גופא איז דורכויס נייטיק צו שאַפן זיך אַ באַגריף וועגן דער געשיכטע פון די באַהאַנדלטע קהילות אין ליכט פון אָפיציעלע און אויסגעפאָרשטע מקורים און אויף וויפל עס לאָזט זיך צונויפבינדן די אָפיציעלע כראָניקעס מיט די פאַרנאַנענע מאַטעריאַלן בנוגע די דאָזיקע קהילות.

## א.

זאבלודאָווע, אין די פּנקסים און תשובות, אויסגעלייגט זאבלודאָווי, ליגט 19 קילאָמעטער דרום־מזרח פון ביאַליסטאָק. דער ישוב, ווי עס גיבן אָן די פּוילישע מקורים, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1525. דער פּוילישער קעניג זיגמונט דער אַלטער האָט דעם ישוב אָפּגעגעבן דעם נאָוואַרעדקער וואָיעוואָדע אַלעקסאַנדער כאדקעוויטש, און ער האָט דעם ישוב געגעבן די פּריווילעגיעס פון אַ שטאָט. אין יאָר 1563 האָט ער דאָרט אויפגעבויט אַ רוסישע צערקווע און אַ שולע און אין יאָר 1568 — אַ רוסישע דרוקעריי. סוף 16טן יאָרהונדערט איז די שטאָט איבערגעגאַנגען צו די ראַדזיווילס, ביי וועמ׳ען זי איז געבליבן ביז די נייסטע צייטן. באַלד ביים איבערנעמען די שטאָט, האָבן די ראַדזיווילס דאָרט אויפגעבויט אַ קאַלוויניסטישן קלויסטער, און זאַבלודאָווע איז געוואָרן דער צענטער פון דער קאַלוויניסטישער באַוועגונג אין יענעם קאַנט.

דעם אָנהויב פון דעם יידישן ישוב דאָרט און די אָרגאַניזאַציע פון קהילה־לעבן דאַרף מען רעכענען פון סוף 16טן י״ה, פון דער צייט ווען די שטאָט איז איבערגעגאַנגען אין דעם באַזיץ פון דער משפּחה ראדזיוויל, אַזוי אַז די זאַבלודאָווער יידישע קהילה איז איינע פון די גאָר אַלטע קהילות אין ליטע בכלל און אין ביאַליסטאָקער געגנט בפרט.

אין דער יידישער געשיכטע איז דער זאַבלודאָווער ישוב באקאנט מיטן גרויסן קאַמף וואָס איז אַרום אים געפירט געוואָרן צווישן די צוויי גליל־קהילות, מיטגלידער פון „ועד ארבע ארצות״, האָראָדנע (גראָדנע) און טיקטין; די פראַגע איז געווען, צו וועמען עס זאָלן געהערן די רעכט אויף דער זאבלודאָווער יידישער קהילה. פון די פּסקים (קאָפּירטע אין טיקטינער און אַנדערע פּנקסים) איז צו מערקן, אַז דער קאַמף איז געווען אַ שווערער און אין יאָר שפ״א (1621) [2] איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער באַשלוס פון ועד ארבע ארצות אויף זיין לובּ־

---

[1] דער פּנקס הקהל פון זאַבלודאָווע, וועלכער נעמט אַרום די יאָרן ת״י — תק״ס (1650 — 1800), געפינט זיך ביי היינטיקן טאָג אין דער ירושלימער אוניווערסיטעט אין איר ביבליאָטעק און איז שוין טיילווייז אויסגענוצט געוואָרן פון ש. דובנאָוו, ש. אסף א״א.

[2] די פּוילישע מקורים ווילן פעסטשטעלן, אַז דער אויפבוי פון דער שול איז פאָרגעקומען אין 1635, אָבער ווי עס זעט אויס האָבן זיי נישט געוווסט פון דערמאָנטן דאָקומענט. אגב גיבן אָן די פּוילישע מקורים, אַז די דערלויבעניש צו בויען די שול האָט געגעבן קשיסטאָף ראַדזיוויל און אַז אין יאָר 1645 האָט יאַנוש ראַדזיוויל געגעבן די יידן פאַרצווייגטע רעכט.

לינער סעסיע, אַז זאַבלודאָווע געהערט צום טיקטינער גליל, אָבער מיט אַזאַ צוגאָב: היות ווי זאַבלודאָווע פאַרמאָגט שוין אַן אייגענע שול [3], אַ חזן און בית־הקברות, איז זי פּטור פון געבן שטייערן פאַר טיקטין, אַחוץ אויף צרכי־רבנות — אויסצוהאַלטן דעם בית־דין הגדול פון גראָדנע. גראָדנע איז נישט געווען צופרידן מיט דעם פּסק און האָט אים נישט אויסגע־פאָלגט. אין אַ יאָר אַרום געפינען מיר ווידער אַ וואָרענונג־בריוו פון ועד ארבע ארצות, וועל־כער מוסרט שטאַרק די גראָדנער מנהיגי העדה, פאַרוואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט די חזקה זאַ־



פראַגמענט פון סופיט פון דער זאַבלודאָווער שול מיט אַ ריי תפילות און געמאָלענע פיגורן.

בלודאָווע, און מען סטראַשעט דער גראָדנער קהילה, אַז מען וועט לייגן אַן „עיקול" אויף די סחורות פון זייערע סוחרים אויפן לובלינער יריד...

פון ווייטערדיקע קאָפּיעס פון פּנקס זעען מיר, אַז זאַבלודאָווע אַליין האָט אויך גראָ־וויטירט צו גראָדנע און אין אַ האַלב יאָר אַרום, אין שפּ"ב (1622) סטראַשעט שוין דער ועד ארבע ארצות זאַבלודאָווע גופא מיט חרם חמור און נידוי חרם שמתא.

אין יאָר תי"ג (1654) איז דער ועד ארבע ארצות אויף זיין סעסיע אין יערעסלאַוו גע־קומען צו אַ פּשרה; אין ענינים פון אַרענדע — הנהגה און חזקה — און אויך בנוגע התמנותן

[3] די שול שטעלט זיך פאָר זייער בילדעריש אַדאַנק דער געבראָכענער ליניע פון איר אַרכיטעקטור, דעם אָריגינעלן איינגעבויגענעם דאַך און די גאַניקעס, גאַלעריעס און איינגעשניצטע באַלקנס. באַזונדערס אייגנאַרטיק איז די בימה, צוגעדעקט מיט אַ הילצערנעם באַלדאַכין. אין יאָר 1765 איז די שול באַנייט (אָדער אויסגעבריי־טערט) געוואָרן.

אין קהל, איז זאַבלודאָווע אונטערגעוואָרפן גראָדנע, און אין ענינים פון יוריסדיקציע — טיק־טין. אויך די הכנסות פון זאַבלודאָווער בית־דין (אין יענער צייט האָט שוין זאַבלודאָווע אויך געהאַט אַן אייגענעם ראב״ד) געהערן צו טיקטין. ווייטער האָט זאַבלודאָווער בית־דין דאָס רעכט צו משפטן דיני ממנות און תביעות ביז 30 גילדן; פון 30 גילדן און העכער קען דער תובע אָדער ניתבע פאָדערן אַ משפט ביים בית־דין הגדול פון טיקטין.

אָבער אויך די דאָזיקע פשרה האָט נישט געהאָלפן; דער נישט־נאַטירלעכער מצב פון „שתי רשויות״ האָט זיך לאַנג נישט געקענט האַלטן. אין פינף יאָר אַרום האָט ווידער אויפגע־פלאַקערט די מחלוקת, און אין יאָר תכ״ח (1668) האָט דער ועד ארבע ארצות געוואָלט ווי־דער משפטן דעם ענין זאַבלודאָווע, נאָר ס׳איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביזן גראמניצער יריד אין לובלין.

וואָס ס׳איז אַרויסגעקומען דערפון איז אומבאַקאַנט, אָבער אין זאַבלודאָווער קהלשן פּנקס געפינט זיך אַ קאָפּירטער בריוו פון גראָדנער קהילה פון יאָר תנ״ז (1697), ווו ס׳ווערט צווישן אַנדערע געזאָגט: „היות ווי טיקטינער קהילה סטראַשעט אייך, זאבלודאָווער קהילה, מיט חרמות אין דער צייט ווען זיי זענען נישט קיין בעלי־בתים אויף אייך... און מיר באַשיצן אייך שטענדיק פון זייערע חרמות און נידוים אַ דאַנק אונדזער שטאַרקער ממשלה, גיבן מיר אייך צו וויסן, אַז איר זאָלט נישט איינהערן זיך וואָס זיי ריידן, ווייל זיי מאַכן אָן בלויז אַ טומל אייך אָפּצושרעקן, ווי זייער שטייגער איז...״

הגם דער יידישער ישוב אין יענער צייט איז נישט געווען קיין גרויסער — לויט דער אָפיציעלער ציילונג פון יאָר 1764 האָט ער געציילט בס״ה 831 נפשות, — איז ער אָבער געווען שטאַרק איינגעפונדעוועט צוליב דעם פאַרצווייגטן מסחר און מלאכה, וואָס זענען גע־לעגן אין יידישע הענט. דורך זאַבלודאָווע איז אויך דורכגעגאַנגען דער גרויסער טראַקט צווישן ליטע און פוילן[4]. נאָך ווייסן מיר פון די אַלטע פנקסים פון ועד מדינת ליטא, אַז אין די יאָרן תד״ך, תל״ו און תמ״ז (1664, 1677, 1687) זענען די זיצונגען פון ועד מדינת ליטא פאָרגעקומען אין דעם שטעטעלע זאַבלודאָווע („בהתוועדת קודש לפני שולחן טהור פה זאבלו־דאָווי...״) מעג מען משער זיין, אַז זאַבלודאָווע האָט גראַוויטירט צו גראָדנע צוליב מסחר־קאָנטאַקט און שטענדיקע דורכפאָר־פאַרבינדונגען.

פון אַרכיוו־דאָקומענטן דערוויסן מיר זיך אויך, אַז אין די יאָרן 1680 — 1681 האָבן די זאַבלודאָווער קריסטלעכע שטאָטלייט זיך פאַרקלאָגט פאַר דער אייגנטימעריןן פון שטעטל, אַז יידן האָבן צוגענומען ביי זיי די גאַנצע שענקעריי, מסחר און מלאכה און אַז די יידישע עקספּאַנסיע איז געוואָלדיק גרויס, און נישט קוקנדיק אויף דער דערלויבעניש פון „הויף״ צו בויען זיך נאָר אין סוראזער גאַס האָבן זיי שוין פאַרנומען נאָך צוויי גאַסן...

אין 1696 פאַרנעמט שוין זאַבלודאָווע אַן אָרט אין דער „אָפיציעלער״ בילבולים־ליטע־ראַטור מיטן באַקאַנטן ענין גאוורילא. אין דער באַשולדיקונג ווערט געזאָגט, אַז אַ יידישער קצב פון זאַבלודאָווע האָט געכאַפּט דעם 6 יאָריקן קריסטלעכן יינגל גאַיורילא און האָט אים אַוועקגעפירט קיין ביאַליסטאָק, ווו די דאָרטיקע יידן האָבן אים געשטאָכן און אויסגעצאַפּט דאָס בלוט[5]. מסתמא איז די סיבה פון דעם בלבול, ווי אומעטום, געווען קאָנקורענץ פאַר די שטאָטלייט מצד יידן.

---

[4] פון אַנדערע אַרכיוו־דאָקומענטן דערוויסן מיר זיך למשל, אַז גראָדנע פלעגט זיין פאַרבונדן מיט לוב־לינער ירידן און דער וועג פון גראָדנע פלעגט גיין דורך זאַבלודאָווע, ביעלסק, ליקעווע, לובלין; די גאַנצע נסיעה אַהין און צוריק פלעגט געדויערן 3 וואָכן.

[5] ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז אויף דער לעצטער זיצונג פון ועד מדינת ליטא, וועלכע איז פאָרגעקומען אין זאַבלודאָווע אין 1676, האָט פאַרנומען אַ גרויסן פלאַץ די שאלה וועגן דער נאָר־וואָס אויסגעבראָכענער כוואַליע

אַז די קאָנקורענץ איז געווען זייער שאַרף און האָט געדריקט נישט נאָר די גויים, נאָר אויך יידן, איז צו זען פון אַ פּאָר דאָקומענטן פון פנקס הקהל [6]:

פון יאָר ת״ט (1700) אַ כרוז קעגן יידן וואָס ווייזן און לערנען די גויים יידישע פרנסות. אַזעלכע יידן ווערט געסטראַשעט מיט חרם.

פון יאָר תקי״ב (1752) אַ תקנה, אַז צוליב דער מחלוקת צווישן דעם שניידער אין קירזשנער־צעך זאָל דאָס אייבערשטיבל פון שול, ווו עס האָבן ביז איצט געדאַוונטביידע דערמאָנטע חברות, געהערן בלויז צו די קירזשנערס, און אַז זיי קענען נעמען אַ ספר־תורה צו לייענען פון אַ שול, נאָר זיי מוזן אַליין מאַכן אַ פּרוכת צום ארון־קודש און מענטעלעך צו דער ספר־תורה, און דער בעל־קריאה מוז זיין אַ איש הגון.

פון יאָר תקי״ד (1754) אַ כרוז־חרם קעגן די וואָס רופן אַוועק קריסטלעכע קונים פון די יידישע קראָמען און ריידן דברים רעים איינער אויפן אַנדערן.

פון תקט״ז (1756) אַ כרוז קעגן נייע בעלי־בתים(?) און אַריינגעפּאָרענע מענטשן. זיי זאָלן זיך נישט פאַרנעמען מיט מסחר און זיך נישט באַזעצן אין די קראָמען פון ראָטהויז מחמת היזק פון דער קהילה, אונטערן ריגאָר פון אַ חרם.

די אַלע דערמאָנטע תקנות באַווייזן, אַז קהל האָט געזאָרגט וועגן רעגולירן די פּראַגע פון יידישע פרנסות און נישט צוגעלאָזן קיין קאָנקורענץ מיט נישט פּאַסיקע מיטלען, און אַז פון אַלע מלאכות האָבן משמעות געהאַט די אויבערהאַנט קירזשנעריי און שניידעריי, ווייל זייערע מענטשן האָבן געהאַט אַ ספּעציעל שטיבל צום דאַווענען.

אין 19טן יאָרהונדערט ווערט זאַבלודאָווע, אַ דאַנק יידיש פּיאָנערישער אַרבעט, אַן אינ־דוסטריעל שטעטל. עס ווערן געגרינדעט דורך יידן קלענערע פאַבריקן פון טוך, האַנטוועבעריי און גאַרבערייען, ביי וועלכע עס פאַרדינען אויך גאַנץ גוט די אָרטיקע קריסטלעכע שטאָטלייט. אין יאָר 1897 ציילט די יידישע באַפעלקערונג 1626 נפשות.

אין די יאָרן 1905 — 1925 גייט אַוועק פון זאַבלודאָווע אַ גרויסער שטראָם יידישע עמיגראַנטן קיין צפון־אַמעריקע, און די זאַבלודאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע רעכנט זיך פאַר איינער פון די גרעסטע צווישן שטעטלעך פון דער גרייס. היינט ציילט די יידישע באַפעלקערונג קרוב 2.000 נפשות אין אַן אַלגעמיינער צאָל פון 3.500.

## ב.

ווי פריער דערמאָנט, נעמט אַרום דער זאַבלודאָווער חברה־קדישא־פנקס די יאָרן תס״א — תרכ״ט (1701 — 1869). עס דאַרף אָבער באַמערקט ווערן, אַז דער פנקס אַליין איז גע־עפנט געוואָרן אין יאָר תקי״ד (1754), מער נישט מיט אַ פּאָר בלעטער ווייטער, ווו עס ווערן אין שיינעם העברעאישן כתב און שפּראַך אָנגעגעבן די תקנות פון דער חברה, ווערט אויך דערציילט, אַז די תקנות זענען איבערגעשריבן געוואָרן אות באות פון גראָדנער חברה־קדישא־פנקס אין יאָר תס״א, און דערביי ווערט צוגעגעבן, אַז חול־המועד פסח תס״א איז

---

„ממזר־בלבולים" אין ליטע, וואָס האָט זיך אַריבערגעטראָגן פון פּוילן, און דאָרטן האָט מען באַשטימט, ווער עס זאָל טראָגן די קאָסטן פאַרן ריינוואַשן זיך פון די בלבולים. אין 20 יאָר אַרום האָט זאַבלודאָווע אַליין גע־האַט אַזאַ בלבול ביי זיך.

[6] די דאָקומענטן בשלמות זענען איבערגעדרוקט אין דעם צווייטן באַנד „היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ". דאָ ווערן זיי געגעבן אין אַ פאַרקירצטער פאָרם.

פאַרגעקומען די אסיפה פון חברה קדישא בצרוף הרב המאור הגדול דפה מוה״ר רבי יעקב; די חברה האָט אויף זיך גענומען מקיים צו זיין אַלץ וואָס שטייט אין פנקס, און דער וואָס וועט עובר זיין וועט באַשטראָפט ווערן ווי ס׳וועלן איינזען די גבאים מיטן רב.

פון דעם קען מען אָפּלערנען, אַז די זאַבלודאָווער חברה־קדישא איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תס״א און אַז אין משך פון 53 יאָר האָט געדינט אַ פריערדיקער פנקס, פון וועלכן עס זענען איבערגעשריבן געוואָרן די דערמאָנטע גראָדנער תקנות און די ווייטער ציטירטע תקנות, נאָר די וויכטיקסטע מן הסתם. היות אין 1621 האָט שוין דאָס שטעטל פאַרמאָגט אַ בית־הקברות (הינטער דער שול) — טאָ ווער האָט זיך מתעסק געווען מיט די בר־מיננס אין משך פון לערך אַן אַכציק יאָר? ווייזט אויס, אַז די ערשטע תקופה, ביז דער ישוב האָט זיך קאָנסאָלידירט, האָט דאָס שטעטל נישט פאַרמאָגט קיין חברה־קדישא, און מיט בר־מיננס פלעגן זיך אָפּגעבן סתם באַלעבאַטים, נישט אָרגאַניזירטע אין אַ חברה־קדישא.

פון די אַנדערע תקנות פון פנקס פון תס״א (1701) זענען אינטערעסאַנט די ווייטער־דיקע:

א. מען טאָר נישט מאַכן קיין הוצאה ביים גראָבן אַ קבר, נאָר די חברה־לייט מוזן גראָבן דעם קבר (תס״א).

ב. אויב אימעצער פון דער סביבה וועט קומען מושווה צו ווערן וועגן קבורה־געלט „על כל צרה שלא תבוא״ און ער וועט ניִשט מיטברענגען מיט זיך דעם בר־מינן, טאָר די חברה־קדישא זיך נישט צונויפקלייבן און מושווה ווערן מיט די יורשים, און דאָס איז באלה ובשבועה (תק״ד — 1744). מסתמא פלעגן זיך שוין געפינען דעמאָלט אַזעלכע וואָס פלעגן אויסזוכן ווו ביליקער, און די חברה־קדישא האָט אויף אַזאַ אופן זיך געוואָלט באַוואָרענען קעגן דער קאָנקורענץ פון די אַנדערע ישובים.

ג. פון היינט אָן און ווייטער „עד עולמית״ טאָרן נישט אָנגענומען ווערן חברים, אויב זיי וועלן איינצאָלן ווייניקער ווי 15 „ישינים קשים״ (שווערע רענדלעך) אָדער אַ ספר תורה [7], און דאָס איבעריקע ווי עס וועלן איינזען די גבאים, אָבער אַלץ לחומרא. און בפירוש איז אויס־גענומען, אַז די בוררים טאָרן נישט אָננעמען מער ווי צוויי מענטשן (אַ יאָר מסתמא). (תקי״א — 1751).

ד. היינט ג׳ טבת איז נפטר געוואָרן האשה מרת שרה אשת אליעזר, זענען זיך צו־זאַמענגעקומען די אלופי הח״ק און ס׳איז עלה במוסכם, אַז ר׳ אליעזר מוז באַצאָלן קבורה־געלט זיבעציק רענדלעך במזומנים אָדער שווה כסף, און דאָס געלט טאָר קיינער פון חברה נישט נעמען, אפילו פּרוטה אחת. דאָס געלט מוז גיין אויסשליסלעך לתיקון בית־הכנסת פון אונדזער קהילה (תקי״ג — 1753). פון דעם איז צו זען, אַז די חברה האָט שוין אָנגעהויבן אויסצופילן קהל־פונקציעס אויך, ווייל קהל איז געווען אָרעם און די חברה־קדישא איז גע־ווען די איינציקע חברה וואָס האָט געקענט „נעמען״ און אויך געבן.

לויט פריער אָנגעגעבענע פוילישע כראָניק־מקורים איז די שול באַנייט געוואָרן אין 1765; אָנגעהויבן קלייבן דאָס געלט האָט מען, ווי סאיז צו זען פון דעם נאָר וואָס צי־טירטן רעגעסט, אין יאָר תקי״ג (1753). ביי די דעמאָלטיקע באַדינגונגען האָט געקענט געמאָלט זיין אַז אַ גרעסערער רעמאָנט זאָל געדויערן לערך צען יאָר [8].

אין וואָס איז אָבער דער רעמאָנט באַשטאַנען? מיר האָבן ערגעץ אין אַ ווינקל פון פנקס געפונען עטלעכע שורות, דאַטירט תקי״ג, וועגן די „הוצאות לבנין בית־הכנסת ובית־המדרש״. פון דאָרט קען מען נאָר זען, אַז דער נאמן ר׳ סנדר האָט באַקומען געוויסע משכנות

---

[7] פון אַן אַנדערער תקנה הערן מיר, אַז אין ישוב האָבן געפעלט ספר־תורות.

[8] אַגב איז די געשיכטע אין דעם פרט נישט אין גאַנצן אין אָרדענונג מיט דער זאַבלודאָווער מסורה, אַז אין זאַבלודאָווער שול טאָר מען אַפילו קיין טשוועקל נישט אַריינזעצן, און דער וואָס לייגט צו אַ האַנט אין רעמאָנט איז נישט מוציא שנתו (פ״גל פילאָלאָגישע שריפטן פון ייוואָ, 5, יידישער פאָלקלאָר, ווילנע 1938, ז׳ 150. — רעד.).

לטובת הבנין און אויך אַז מען האָט פאַרמשכונט אַ זילבערנעם גאַרטל און אַ גאָלדענעם רינג אין „הויף" פאַר 6 רענדלעך; פון דעם האָט באַקומען ר' סנדר 4 רענדלעך און 2 רענד־לעך דער כומר. ביי ר' שמואל כ"ץ האָט מען גענומען אַ משכון: ראָק, זשופיצע, מענט־ליק, וועסט קארמאזין פאַר 49 גילדן, כדי צו באַצאָלן הונדערט גילדן אין „הויף". הייסט עס, אַז די חברה־קדישא איז געווען די איינציקע וואָס האָט אויך אַדורכגעפירט די געלט־אָפּער־ראַציעס אפילו מיטן „הויף" אויף משכנות, און די משכנות זענען ווייזט אויס גענומעו גע־וואָרן פאַר קבורה־געלט.

און היות ווי דער רעמאָנט ווערט אין אַנדערע רעגעסטן פון פּנקס גערופן „תיקון" און אין אַנדערע „בנין", דאַרף מען משער זיין, אַז עס זענען צוגעבויט געוואָרן אַ זייטיקע עזרת־נשים ווי אויך דער רעכטער בית שני, וועלכע זענען ביים אָנהויב נישט געווען, און אויך די שיינע בימה, ווייל מיט לערך 150 יאָר צוריק פאַרן רעמאָנט האָט מען צוליב אָרעמקייט פון קליינעם ישוב נאָר אויפגעבויט דעם סקעלעט פון די ווענט פון שול אַליין און איבער־געלאָזט עס אין אַ רויען צושטאַנד, לכשירחיב.



די קינסטלעריש־געשניצטע בימה.

די אָריגינעלע, נישט איבערגעשריבענע, פאַרצייכענונגען אין פּנקס הייבן זיך אָן אין יאָר תקי"ד (1754) און זיי פאַרנעמען זיך אין די ערשטע פאַר יאָר מיט רעגלאַמענטירן די אינעווייניקסטע פירונג פון דער חברה, די געלט־אָפּעראַציעס, פאַרשיידענע התמנותן אאַז"וו.

דער ערשטער איינשרייב פון אַ נייעם חבר אין נייעם פּנקס איז פאָרגעקומען אין יאָר תקי"ח (1758), און פון דעם ווערן קלאָר די באַדינגונגען, אויף וועלכע אַ חבר פלעגט אָנ־גענומען ווערן אין דער חברה: אין משך פון דריי יאָר מוז דער נייער חבר בלייבן אין דעָה נידעריקסטער מדרגה פון אַ משרת ביי דער חברה, ד"ה אָן קלפּי און אָן התמנות, און אין משך פון די דריי יאָר מוז ער מאַכן פאַר חברה אַ סעודה און כל זמן ער וועט די סעודה נישט מאַכן מוז ער ווייטער בלייבן אין דער מדרגה פון אַ משרת. שפּעטער מיט אַ פאָר יאָר קומט שוין צו „לעשות סעודה עם פאפראווקי".

פון די רעגעסטן אָנהייבנדיק פון יאָר תקל״ח (1778) זעען מיר שוין אַ נייס: די חברה־קדישא צאָלט שוין שטענדיקע שכירות דעם הרב המגיד — 18 זלאָטעס פוילישע אַ יאָר, און דער הרב המאור הגדול דקהלתנו באַקומט שוין אויך שכירות פון דער חברה — פריער פון איינקויף־געלט פון די נייע חברים און שפּעטער אַ יערלעכע שכירות.

די ערשטע סומע וואָס עס האָט באַקומען דער אבּ״ד האָט באַטראָפן 8 רענדלעך (מסתמא פאַר אַ לענגערער צייט). דאָס געלט איז אַריינגעקומען פון „דמי איינקויף״ פון אַ רייכן חבר וועלכער האָט באַצאָלט גאַנצע 11 רענדלעך במזומנים, דערפאַר אָבער האָט מען אים באַפרייט פון מאַכן אַ סעודה פאַר חברה און אפילו פון שרות. מער נישט, כדי יוצא צו זיין פאַר דער וועלט האָט ער, דער נייער חבר, געמוזט וואַרטן אַ יאָר אויף אַ דעה און התמנות. די סומע, ווייזט אויס, איז געווען אַזאַ חשובע, אַז צוליב איר האָט מען מוותר געווען אויף דער תקנה וועגן דריי יאָר שרות.

אין יאָר תק״ם (1780) האָט די חברה־קדישא ווידער אַריינבאַקומען אַ סומע פון 500 גילדן קבורה־געלט, און ווייטער איז באַשלאָסן געוואָרן באלה ובשבועה, אַז קיינער טאָר דער־פון נישט נהנה זיין קיין פּרוטה אחת, ווייל דאָס געלט מוז גיין אויף תיקון המרחץ.

מיר האָבן שוין געזען אויבן, אַז די חברה־קדישא האָט זיך ערנסט באַשעפטיקט מיט קהלשע פונקציעס און די אַריינגעקומענע סומעס — באַדייטנדיקע סכומים, — פלעגן גיין אויף בויען און רעמאָנטירן נכסי־הקהלה, און פון די „דמי איינקויף״ פלעגט מען אויך געבן שכירות דעם אבּ״ד און הרב המגיד.

אַחוץ פינאַנציעלע האָט די חברה־קדישא אויך געהאַט אַנדערע פונקציעס. אַזוי דער־ווויסן מיר זיך פון אַ רעגעסט אין תקמ״א (1781), אַז אַ געוויסער חבר „האָט גערעפנט זיין מויל אָן אַ גרענעץ מיט זידל־ווערטער קעגן הרב המגיד, וועלכע מען קען נישט ברענגען אויפן פּאַפּיר, האָבן מיר באַשלאָסן אים מנדה זיין כדת בתורתנו הקדושה און אים מעביר זיין פון חברה קדישא, ביז ער וועט איבערבעטן דעם הרב המגיד אין אָנוועזנהייט פון דער גאַנצער חברה, אלופי הקהילה און בית דין צדק, כדי עס זאָל זיין לאות ולמשמרת...״

אַ טשיקאַווער רעגעסט איז דער ווייטערדיקער, דאַטירט פון ז׳ אלול תק״ן (1790): „היינט איז געמאַכט געוואָרן אַ חשבון צדק מיטן נאמן הר׳ יחיאל מיכל, וועלכער האָט באַ־קומען 120 רענדלעך קבורה־געלט פון ר׳ יצחק בהרי״ץ און אויך 87 גילדן מעות פּרייסיש. האָט ער דערפון אויסגעגעבן: דעם פּאַן סטאַראָסטאַ כראַפּשעוויטש 6 רענדלעך, פאַר אַ קרויך כסף צו ר׳ יצחק מסאצי — 6 רענדלעך און 82 גילדן מעות פּרייסיש, דעם פּאַן קרושעווסקי (?) — 983 גילדן אין רענדלעך, און אויך הוצאות פאַרן פּאַן קרושעווסקי, און 2 גילדן אויף אַ... רידל, און צו רעמאָנטירן דעם עזרת־נשים פון שול — 30 גילדן, אַזוי אַז דער סך־הכל פון די הוצאות איז 2,363 גילדן...״

פון דעם זעען מיר, אַז די חברה־קדישא האָט שוין אויך געדענקט די רעפּרעזענטאַ־טיווע הוצאות און די פאַרשיידענע מתנות פאַר די רעגירונגס־באַאַמטע. ווו איז געווען קהל? ער האָט געהאַט געגוג אויף זיך — צו רעגולירן די פאַרשיידענע שטייערן און אַרענדע־אָפּצאָלן אאַז״וו.

פאַר דער קולטור־געשיכטע וועט זיין אינטערעסאַנט דער ווייטערדיקער פאַל, וועל־כער איז פאָרגעקומען ח״י אדר תקנ״א (1791). איינער אַ ר׳ יצחק האָט אים אסתר תענית ד״י געווייל אין אַ נאָענטן דאָרף טרעשטשאנקי און „ער האָט דאָרט אַ סך געגעסן און גע־טרונקען און אַ סך יידן וואָס האָבן דאָס געזען האָבן זיך אָפּגעלערנט פון זיינע מעשים. איז ער דאָך אַ חוטא ומחטיא את הרבים, לכן האָט די חברה באַשלאָסן אים מעביר זיין פון דער חברה ביזן יאָר תקנ״ט, און אַ חרם ליגט אויף די גבאים פון די ווייטערדיקע קאַדענצן נישט צו בייטן אָדער לינדערן דעם פּסק. און אַזוי ווי דער חרם איז דאָך על דעת רבים קען מען דעם חרם בשום אופן נישט מתיר זיין... למען ישמעו ויראו...״

די גרויסע מאַכט פון דער חברה־קדישא האָט אפילו געלאָקט דעם ראבּ״ד פון שטאָט,

וועלכער האָט, ווי מיר האָבן געזען, באַקומען טיילווייז זיינע הכנסות פון דער חברה. און פון אַ רעגעסט, דאַטירט חול המועד פסח תקנ״ח (1798), ווערן מיר געוואָר, אַז דער הרב המאור הגדול ר׳ דוב בר׳ אהרן האָט געשענקט זיין חוב וואָס די חברה איז אים געקומען, אין סכום פון 111 גילדן פויליש, דער חברה, און פאַר דעם איז ער אַריינגענומען געוואָרן אין דער חברה און פון היינט אָן ווערט ער אירער אַ חבר לכל דבר שבקדושה. חוץ לזה האָט דער רב נאָך צוגעלייגט משלו 12 גילדן פויליש פאַר די עניי החברה(?).

אויף אַן אויסטערלישן רעגעסט וואָס באַווייזט די שטרענגקייט פון דער חברה שלאָגן מיר זיך אָן אין יאָר תקנ״ט (1799): מכוח דער סעודה וואָס קומט דער חברה פון ר׳ צבי במוה׳ צבי, לויט די תקנות פון פנקס, האָט די חברה געטאָן מיט אים אַ חנינה און מען האָט אים געגעבן פון דער חברהשער קאָסע 35 גילדן פויליש, כדי ער זאָל קענען יוצא זיין זיין חוב, און ער האָט אויף זיך גענומען צו מאַכן אַ סעודה טובה עם פאַפּראַווקע כדת וכתי־קון באופן, אַז אויך ער זאָל אויסגעבן לצרכי הסעודה לכל הפחות 35 גילדן [9]. און ער האָט נישט אַזוי געטאָן, ער האָט געמאַכט בלויז אַ סעודה „אשר לא נראה ולא נשמע מאבותינו ואבות אבותינו סעודה כזאת לרעה״ — מאכלים זענען געווען קנאַפּ און שלעכט. האָבן מיר, גבאים, געמאַכט אַ סעודה לפנים משורת הדין און די פאַפּראַווקע האָבן מיר געמאַכט ביים גבאי חודש פון דער חברהשער קאָסע און אויך ר׳ צבי איז געווען צווישן די מסובים, און דעמאָלט האָט ער נאָך מער געזינדיקט און האָט געעפנט זיין מויל קעגן די חשובע חברה־לייט. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז צוויי יאָר האָט ער נישט קיין קלפי און קיין דעה און פון דעם געלט וואָס ער האָט גענומען פון חברה זאָל ער אָפּגעבן 15 גילדן, וועט ער האָבן מיט דעם יוצא געווען פאַר דער פאַפּראַווקע. און תוך כדי דיבור האָט ער, ר׳ צבי, זיך גענומען די ברירה און האָט מוחל געווען בפומבי דער חברה און געזאָגט, אַז ער וויל נישט זיין קיין חבר און מען זאָל אים אָוועקגעבן זיין געלט... און באַלד האָבן מיר אים גענומען תקיעת־כף אויף דער מחילה, און ער האָט זיך אַליין שאַדן געמאַכט, אַרויסציענדיק זיך אַליין פון חברה. דאָס שרייבן מיר איין אין פנקס לדור־דורות, אַז פון אים זאָל מען זיך אָפּלערנען, אַז מען זאָל נישט געשטרויכלט ווערן מיטן צונג, „ושומר פיו שומר מצרות נפשו״.

באַלד נאָך דעם רעגעסט גייט אַ צושריפט, אַז ר׳ צבי האָט זיך מודה געווען אויף זיין זינד און זיך מתפשר געווען מיט דער חברה, און פון היינטיקן טאָג אָן איז ער שוין ווידער ווי איינער פון אונדז לכל דבר שבקדושה לדעה ולהתמנות.

אַז די חברה האָט זיך אָפט געפירט לויט מידת הדין, און טייל מאָל שוין צופיל לויט מידת הדין, איז צו זען פון נאָך אַ פריערדיקן רעגעסט פון תק״ח (1748), ווו עס ווערט דערציילט, אַז די חברה־קדישא האָט צוגענומען בתורת שעבוד פאַר קבורה־געלט אַ שטוב. מיט יאָרן שפּעטער, אין 1805, הערן מיר, אַז מען האָט אויסגעשלאָסן אַ חבר פון דער חברה, ווייל בעת מען האָט ביי אים געמאָנט דעם חוב פאַר דער חברה, האָט ער געענט־פערט: „נאָט קוילעט מיך, נעמט מיר מיין קאָפּ אַראָפּ...״

אין יאָר תקנ״ט געפינען מיר, אַז אַ געוויסער חבר האָט זיך געוואָלט איינשרייבן אין חברה, האָט מען ביי אים געפאָדערט אַ גרעסערע סומע צו בויען אַן עזרת נשים פון צפון־זייט פון שול. דאָס באַשטעטיקט נאָך אַמאָל אונדזער השערה, אַז די שול איז נישט אויפ־געבויט געוואָרן מיטאַמאָל, נאָר אין משך פון אַ וואָסערע הונדערט אַכציק יאָר. מען דאַרף דערביי געדענקען, אַז אין דער צייט פון 1640 ביז 1750 האָט די פוילישע מדינה איבערגע־לעבט גרויסע אויפטרייסלעניש, ווי די קאָזאַקן־מרידות, די שוועדישע מלחמה אאַז״וו, אַזוי אַז דער מצב האָט זיך געמוזט אָפּרופן אפילו אויף די בעסער סיטואירטע קהילות, וועלכע

[9] ווייזט אויס, אַז אַ דורכשניטלעכע סעודה פלעגט קאָסטן בערך 5 רענדלעך, ד״ה 100 גילדן.

האָבן אויסגעטראָגן, ווי אַלע יידישע קהילות אין ליטע, די גרעסטע מלוכה־לאַסטן. עס פאַר־שטייט זיך, אַז ליידן האָבן געליטן צום ערשטן און צום מערסטן די קהלשע הכנסות.

אין פנקס איז אַריינגעשריבן אַ ספּעציעל בלאַט (נישט נומערירט) וואָס ברענגט אַ טשיקאַוון אָפּמאַך מיט דער חברה־קדישא פון ביאַליסטאָק, דאַטירט כ׳ חשוון תקס״ג (1803): צו דער ביאַליסטאָקער חברה־קדישא זענען געקומען דריי אלופים מיט אַ כוח־הרשאה פון זאַבלודאָווער חברה־קדישא מיט אַ פאָרשלאָג וועגן אַ הייליקן קאָנטאַקט צווישן ביידע חברות („חיבורי טהרה במעמד נכון״), אַז על כל צרה שלא תבוא, אויב עס וועט זיין אַ בר־מינן פון די דערפער־ישובים וועלכע זענען אונטערגעוואָרפן איינער פון די ביידע קהי־לות, טאָ ווי אַזוי זאָל מען זיך נוהג זיין מיט דעם קבורה־געלט פון אַ מת וואָס וועט געבראַכט ווערן צו קבורה אין אַ קהילה, אונטער וועלכער דער ישוב איז נישט אונטערגעוואָרפן. מיר, ביאַליסטאָקער חברה־קדישא, זענען געקומען צו אַ הסכם מיט זאבלודאָווער חברה־קדישא בזה האופן: אויב ס׳וועט שטאַרבן ר״ל עמעצער אין די ישובים וואָס זענען אונטערגעוואָרפן זאבלודאָווע און ער וועט געבראַכט ווערן צו קבורה אין ביאַליסטאָק, דאַרפן די גבאים פון אונדזער חברה נעמען גוטע משכנות פון די יורשים און האַלטן זיי ביז וואַנען די יורשים וועלן ברענגען כתוב און חתום פון די גבאים פון זאבלודאָווער חברה־קדישא, אַז זיי זענען געקומען צו אַ הסכם מיט די יורשים וועגן דעם קבורה־געלט, און דאָס זעלבע אויך בנוגע זאבלודאָווע צו ביאַליסטאָק. אויף דעם אופן האָבן מיר זיך פאַרשטענדיק און דער צד וואָס וועט עובר זיין דאַרף געבן דעם צד המקיים 50 ר״ט (רייכס־טאַלער) פּרייסיש. אונטן גייען 11 חתימות פון ביאַליסטאָקער חברה־קדישא. משמעות אַז דעמאָלט האָט מען שוין גע־ווּוסט פון דער המצאה אָוועקצופירן מתים אין אַן אַנדער ישוב, און די חברות פלעגן זיך באַוואָרענען קעגן אַזאַ מין קאָנקורענץ אויף אַ גאַנץ מאָדערנעם אופן.

אין יאָר תקס״ה (1805) ווערט פאַרצייכנט, אַז הגם מען טאָר נישט אָננעמען קיין חבר אין אַ חברה אָן אַ סעודה, נאָר היות ווי עס זענען געקומען 5 מענטשן (אויסגערעכנט די נעמען) מיטן צרור הכסף במזומנים און די שעה איז דרינגענדיק, ווייל מיר מוזן צאָלן דעם נאמן אַ גרויסן חוב, פאַר וועלכן מיר צאָלן פּראָצענט, האָבן מיר אַלע באַשלאָסן בחבורא קדישא אָנצונעמען זיי, און מיט דעם האָבן זיי שוין יוצא געווען עד פרוטה אחרונה און דעריבער זענען זיי באַפרייט פון דער סעודה, און מיר זענען גוזר אויף די גבאים פון די ווייטערדיקע קאַדענצן, אַז מען זאָל ביי די דערמאָנטע נישט פאָדערן קיין סעודה, און זיי האָבן די זעלבע רעכט וואָס מיר אָן אַ סעודה. אויף דעם איז אונטערגעשריבן אויך דער ראב״ד רבי ברוך בענדיט.

אין דעם זעלביקן יאָר, תקס״ה (1805) ווערט געבראַכט אין פנקס אַ רעגעסט וואָס איז אַ מוסטער פון אָפּגעהיטקייט און אָרדענונג: מיר, גבאים פון חברה־קדישא, זענען געזעסן און געפּרווט (אין העברעאישן מליצה־סטיל: „ישבנו ובחנו״) די הוצאות מיטן נאמן ר׳ מנחם נחום ביז היינט, און נאָכן אַראָפּנעמען אַלע הכנסות קומט דעם נאמן סך הכל 452 גילדן פּויליש, און אויף דעם סכום האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ קוויט מיט אונדזערע אייגנ־האַנטיקע חתימות פון 6 גבאים, און דער קוויט איז געשריבן אויף אַ האַלבן בויגן פּאַפּיר און מיר האָבן אים אָפּגעגעבן דעם נאמן, און דער קוויט וואָס איז ביים נאמן און דאָס וואָס עס שטייט דאָ אין פנקס איז איינס און דאָס זעלביקע, נאָר ס׳איז איבערגעחזרט געוואָרן אין פנקס לזכרון, ולראיה האָבן מיר זיך געחתמעט, און דער קוויט וואָס ליגט ביים נאמן אויפן דערמאָנטן סכום בלייבט אין קראַפט ביז ער וועט איינקאַסירט ווערן ממש. דערנאָך קומען די חתימות.

פון די אַלע אָפּרעכענונגען, וועלכע ווערן געבראַכט אין פנקס קומט מען צו דער מסקנא, אַז דער געוויילטער נאמן פון דער חברה פלעגט פינאַנצירן די חברה אויפן חשבון פון די ווייטערדיקע הכנסות, און נאָכן צושטעלן די קוויטן פון גבאי חודש מיט די הכנסות

פלעגט מען צום סוף יאָר צערייסן אַלע קוויטלעך און אים אַרויסגעבן אַן אַלגעמיינעם קוויט אויף דער כוללדיקער סומע, אויב ס'פלעגט אים בלייבן אַ חוב.

אין יאָר תקס"ח (1808) איז דער פנקס געלעגן אַ געוויסע צייט אין „הויף" („תחת ידי החצר"); משמעות צוליב אַ מסירה האָט מען פאַרלאַנגט די ביכער נאָכצוזען די חשבונות. אויף די טאָוולען פון פנקס זענען נאָך פאַראַן די סימנים פון דעם פאַרחתמעטן טריוואַקס.

זייער אַ טשיקאַווער רעגעסט איז דאַטירט י"ט כסלו תקפ"ז (1827). ער לייענט זיך: היינט איז ביי אונדז,ביידע חברה־קדישאס גחש"א (גמילת חסד של אמת), היינו חברה קדישא גחש"א פון משפחת מהר"ה (!) און די צווייטע חברה (השניה) באַשלאָסן געוואָרן: היות ווי דער משרת ר' משה איז נישט צוגעפּאַסט צו זיין אמט, ווייל ער איז אַ פּויליאַק און אַ פּחדן און איז זיך נישט מתעסק ווי געהעריק אין דער קבורה פון אַ בר־מינן און בפרט ווען עס פּאַסירט אַ קבורה ביינאַכט גייט ער נישט צו דער קבורה צוליב מורא... האָבן מיר, ביידע חברות, מסכים געווען מעביר צו זיין ר' משהן פון זיין אַמט און אָנשטעלן ר' בער בר' יהודה.

פון דעם איז צו זען, אַז צו דער צייט זענען געווען צוויי חברה־קדישאס — איינע אַ פּריוואַטע וואָס האָט געהערט צו אַ געוויסער משפחה. דער ענין ווערט נאָך מער נישט פאַר־שטענדלעך, ווייל ביידע חברות לעבן אַזוי בשלום און האָבן איין משרת און זענען אַזוי איינשטימיק ביים אָפּזאָגן דעם משרת... אין גאַנצן פנקס איז נישט דערמאָנט קיין וואָרט דערפון, נישט פריער און נישט שפּעטער. וואָס פאַר אַ משפחה איז עס געווען, וואָס האָט זיך געקענט פאַרגינען צו האָבן אַן אייגענע חברה־קדישא?

שוין נישט פון פנקס, נאָר פון זקנים, ווייסן מיר, אַז אין תרכ"ט (1869) איז פאָרגעקו־מען אַ מחלוקת אין שטאָט און מען האָט געשאַפן אַ נייע חברה מיט אַ נייעם פנקס. ווי די זקנים גיבן אונדז איבער, איז די מחלוקת אויסגעבראָכן צוליב דעם וואָס די מאַסן האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן די עוולה, וואָס נאָך דער טהרה פון אַ חשובן בר־מינן גיסט מען אים אָפּ מיט תשעה קבין, אַ זאַך וואָס ווערט נישט געטאָן ביי דער טהרה פון אַ געוויינטלעכן מענטשן. דאָס פאָלק האָט אויסגעפירט, און די נייע חברה איז שוין געווען מער דעמאָקראַטיש לגבי די טויטע.

די איבעריקע איינשרייבונגען פון דעם פנקס, וועלכע זענען אין דער אַרבעט נישט אויס־גענוצט געוואָרן, ברענגען רעזולטאַטן פון קלפיס, אָפּרעכענונגען מיט די נאמנים און ענלעכע ענינים.

ג.

כאַראשטש — אין די פנקסים כוואראשץ — ליגט 14 קילאָמעטער צו מערב פון ביאַ־ליסטאָק. דער ישוב האָט באַקומען זיינע שטאָטישע פריווילעגיעס דורך זיגמונט דעם אַלטן אין יאָר 1507. 1683 איז דער גאַנצער ישוב אָפּגעברענט געוואָרן, און אין 1707 אַ צווייטן מאָל. אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י"ה איז כאַראַשטש געווען די זומער־רעזידענץ פון העטמאַן בראַניצקי, וועלכער האָט דאָרטן געהאַט אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ אין ראָקאָקאָ־סטיל, אַ מיניאַטור פון ביאַליסטאָקער פּאַלאַץ [10].

דער יידישער ישוב דאָרט איז שוין אויך אַ גאַנץ אַלטער, און בשעת ס'איז אָנגעגאַנגען, ווי פריער דערמאָנט, די מחלוקת צווישן טיקטין און גראָדנער גליל וועגן עטלעכע ישובים אין דער ביאַליסטאָקער סביבה, ווערט כאַראשטש דערמאָנט צווישן די ווידערשפּעניקע (זאַ־בלודאָווי, הורדאק, כוראשץ, און ספּעטער אויך וסילקוב). אַזוי אַז מען דאַרף רעכענען דעם אויפקום פונעם יידישן ישוב — אמת אַ קליינעם — אין אָנהייב 17טן י"ה. מער נישט מיט

---

[10] דאָס שטורעמדיקע לעבן אין דעם פּאַלאַץ באַשרייבט זייער בילדעריש דער פּוילישער דיכטער קראַ־שעווסקי אין „העטמאַנישע זינד".

זאַבלודאָווע ווי אַ חשובן יידישן ישוב האָט מען זיך יאָ גערעכנט און מיט כאַראשטש, אַ ישוב וואָס האָט קוים, ווי מיר וועלן זען ווייטער, אין יאָר 1751 געקענט אויסהאַלטן אַ רב בשותּפות מיט ביאַליסטאָק, האָט זיך דער וועד ארבע ארצות ווייניקער גערעכנט, און דער נאָמען פון שטעטל פיגורירט שוין מער נישט אין דער פנקס־ליטעראַטור פון יענער תקופה. דערפאַר אָבער האָט דער יידישער ישוב אויסגעטראָגן אַזוי פיל שטייערן און האָט געהאַט צו קעמפן פאַר זיין קיום אפשר מער ווי אַנדערע ישובים — זיינס גלייכן.

פון דעם פּנקס הקהל קען מען לערנען, אַז כאַראשטש האָט אויך שטאַרק נישט ליב געהאַט טיקטין, הגם זי איז געווען אַזוי נאָענט צו איר געאָגראַפיש. ביי שווערע דין־תורות פלעגט מען זיך לאָדן אָדער ביים זאַבלודאָווער אָדער ביים גראָדנער בית־דין. די שטעטלשע יידן פלעגן ציען זייער חיונה, ווי עס איז צו זען פון עטלעכע פּנקס־רעגעסטן, פון שענקעריי און קצבות. אין די פערציקער יאָרן פון 19טן י״ה איז דאָס שטעטל געוואָרן אַ באַרימטער אינדוסטריעלער פונקט, אַ דאַנק די גרויסע טוכפאַבריקן פון דער פירמע מאַעס. דאָס שטעטל האָט פיל געליטן אין דער וועלט־מלחמה. די איבערגעבליבענע פאַבריק־בנינים זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן שפּיטאָל פאַר גייסטיק קראַנקע. פון דעמאָלט אָן הייבט זיך אָן די ירידה פון יידישן ישוב. די יידישע באַפעלקערונג באַזעצט זיך אַלץ מער אין ביאַליסטאָק. לויט דער אָפיציעלער ציילונג ציילט דער ישוב 2.700 תושבים בכלל, צווישן זיי 460 יידישע נפשות.

ד.

אין פּנקס הקהל האָבן מיר געפונען קלאָרע דאַטעס פון יאָר תס״א (1701), דאָס זעלבע יאָר ווען עס הייבט זיך אָן דער זאַבלודאָווער חברה־קדישא־פּנקס. עס איז אָבער פאַראַן אַ יסוד משער צו זיין, אַז דאָס ערשטע בלאַט (לויטן סדר פון איינבינדער) איז געווען באַצייכנט מיט תנ״א (1691). אָט דאָס ערשטע נישט־נומערירטע בלאַט רעדט וועגן פאַרשידענע שטייערן, דער עיקר פון בראָנפן און ביר־ברויעריי. די שטייערן־נאָרמע איז געווען זייער פּראָגרעסיוו און געענוי; למשל דער וואָס האָט אַ קעסל און ברענט בראָנפן איין אַ וואָך צאָלט 30 גילדן אַ יאָר אַרענדע, דער וואָס פאַרמאָגט נישט קיין אייגענעם קעסל און קויפט בראָנפן פון באַלעבאַטים צאָלט 10 גילדן אַ יאָר, דער וואָס קויפט בראָנפן מחוץ לעיר מוז ער צאָלן ווי ער וואָלט אַליין געברויט אאז״וו. דער וואָס פאַרלאָזט די שטאָט אויף שטענדיק איז מחויב צו באַצאָלן סיי „קרופּקי״ סיי אַרענדע פאַר אַ גאַנץ יאָר.

פון די דאָזיקע ווייטערדיקע איינשרייבונגען ווערט קלאָר, אַז דער עיקר מחיה פון יידישן ישוב איז געווען שענקעריי. שפּעטער דערוויסן מיר זיך בלויז פון איין צעך — דעם קצבים־צעך. די לעצטע פרנסה האָבן כאַראשטשער יידן געהאַלטן גאַנץ לאַנג; אַפילו היינט נאָך זענען פאַראַן גאַנצע משפחות קצבים און זיי באַטרעפן אַ גרויסן פּראָצענט פון שטעטלשן ישוב.

פון אַ פאַרצייכענונג אין יאָר תס״א (1701) דערוויסן מיר זיך, אַז קהל האָט געהאַט צו טאָן מיט ווידערשפעניקע עלעמענטן מצד אַ טייל פון יידישן ישוב. ס׳ווערט דערציילט: היות ווי מענטשן האָבן זיך אָפּגעשיידט פון דער תורה הקדושה און גייען מיט זייערע דינים צו ערכאות של עכו״ם און צוליב דעם גורט די תורה אָן אַ זאַק און וויינט אויף איר באַליידיקונג... האָבן מיר אונטערגעשריבענע געשווירן אַ שבועה חמורה, אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף אַ ספר־תורה, נישט צו גיין אין אָט דעם שלעכטן וועג, בלי שום אמתלא, און ביי אַ משפּט וועלן מיר בלויז גיין צו דייני ישראל. און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז עמיצער וועט עובר זיין אויף דעם, זענען מיר מחויב לעמוד בפרץ און מבער זיין דאָס שלעכטס — נישט מצרף זיין אים צום מנין, נישט מל זיין זיינע קינדער און זיך האַלטן אכזריותדיק ווי ווייט מעגלעך ביז יענער וועט חרטה האָבן. אויף דעם האָבן מיר געשווירן אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף אַ ספר־תורה מקיים צו זיין. עס קומען 11 חתימות.

אין יאָר תס״ח (1708) ווערט באַשטימט אַ טאַקסע פאַר טשאַפּאָווע (צאַפּן־געלט) און עס

ווערט פאַרשטאַרקט די פּראָצעדורביים אויסקלייבן די שמאים (שאַצערס) פון די שטייערן אונטער אַ שבועה. די טאַקסע מאַכט אונטערשיידן צווישן דער פּראָדוקציע פון דער ביר־ברויעריי, אַקעוויט און י״ש פּשוט, רעכענענדיק זיך מיט דער צאָל טעפּ וואָס מען פּראָדוצירט.

חנוכה תס״ח (1708) רעדט זיך אין פּנקס וועגן אַ גרויסער צרה: גראָדנע איז מודיע וועגן אַ שטרענגן אויפמאָנען די שטייער־חובות, און קהל מאַכט אַ גרויסע אסיפה און מען באַשליסט אויפצומאָנען די שטייערן בכל חומר הדין. די „צרה גדולה״ שטערט אָבער נישט די אלופי הקהל אין זעלביקן יאָר אַריינצוברענגען אָרדענונג אין אופן טיילן עליות, וועלכע עליה עס קומט דעם פּרנס חודש אאז״וו.

אין תפ״ז (1727) ווערט פעסטגעשטעלט אַ רשימה שטייער־צאָלערס פון אַ ספּעציעלן יערלעכן שטייער וועלכער באַשטייט פון 8 גילדן אַ יאָר (אַזעלכער איז פאַראַן בלויז איינער) ביז 2 גדולים (גראָשן) אַ וואָך. די רשימה שטייער־צאָלערס, וועלכע האָט, ווי עס איז צו זען פון דער דרינגלעכקייט, געדאַרפט אַרומנעמען אַפילו די וואָס קענען צאָלן בלויז 2 גראָשן אַ וואָך, האַלט אין זיך סך־הכל 43 נעמען; דאַרף מען הייסט עס רעכענען די גרויס פון יידישן ישוב צו יענער צייט ביי 300 נפשות.

די רשימה איז באַזונדער אינטערעסאַנט מיט דעם וואָס אונטער איר געפינט זיך אַ צו־שריפט אין פויליש בזה הלשון: דעם רעגיסטער צו באַצאָלן די געשווירענע שטייערן באַ־שטעטיק איך. יעדערער פון די צאָלערס דאַרף באַצאָלן ביזן יאָר. ווען איינער פון די באַלע־באַטים וועט זיך געפינען געקריוודעט, דינט אים דאָס רעכט, לויט די מנהגים און רעכט פון יידן... (ווייטער געמעקט און נישט איבערצולייענען). דער אונטערשרייבער איז ס. וויד־זשיצקי(?), מסתמא דער פאָרשטייער פון העטמאַן בראַניצקי.

פון אַן אָפּמאַך וועגן פאַרדינגען די קרופּקע אין יאָר תפ״ח (1728) דערוויסן מיר זיך, אַז די שכירות פון דער קרופּקע באַטרעפן 800 גילדן אויף 3 יאָר, און פון דעם מוז מען צאָלן שטאָטישע חובות, און צאָלן גראָדנע אַלע יאָר 4 ראַטעס צו 45 גילדן אַ ראַטע, ס״ה 540 גילדן, דעם יעגאמאשץ פאַן פאַד. 7 רענדלעך, דער יתומה בת הקדושה — 120 גילדן, להרב הגאון דטיקטין — 220 גילדן.

אין יאָר תפ״ז (1727) האָט כאראשטש געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט הרב רב אשר בן הרב הגאון וכו׳ ר׳ אריה, איידעם פון אדוננו ורבנו אב״ד דטיקטין אויף אַזוינע תנאים:

א) דער נייער רב מוז לייען דעם קהל 400 גילדן אָן פּראָצענט, און קהל גיט אים אַרויס אַ שטר־חוב מיט אַן אפּותיקי אויף דער קרופּקע.

ב) דער רב מוז וווינען אין דער קהילה דווקא מיט דער רביצין (משמעות, אַז די רביצין האָט בעסער געוואָלט וווינען אין טיקטין ביי איר טאַטן).

ג) דער רב מוז באַקומען אַ דערלויבעניש אויף זיינע הוצאות (וועלכע?) פון שררה ירום הודו, און קהל מוז אים צושטעלן אַ מענטש וואָס זאָל פאַרטיידיקן זיינע רעכט ביי שררה.

ד) דער רב טאָר נישט מאַכן קיין משא־ומתן וואָס קען מקפּח זיין די פּרנסה פון די בני־העיר. אַנדערע משא־ומתן קען ער מאַכן, אַבי נישט קיינעם מקפּח פּרנסה זיין.

ה) קהל איז מחויב צו געבן שכירות דעם רב 4 גילדן אַ וואָך, פון דעם טאָג ווען ער וועט קומען וווינען אין שטאָט מיט דער רביצין.

ו) קהל איז מחויב צו געבן דעם רב אַ דירה לפי כבודו.

ז) אַלץ איז אָבער גערעדט געוואָרן, ווען ער וועט קומען וווינען מיט דער רביצין...

אין יאָר תפ״ח (1728) ווערט פאַרצייכנט, אַז דער מרחץ איז חרוב און די חברה קדישא איז מתעורר געוואָרן און האָט זיך פאַראייניקט מיט אונדז (קהל) צו פאַרריכטן דעם מרחץ און מקווה. דערפאַר געהערט די גאַנצע הכנסה פון מרחץ און מקווה דער חברה קדישא אויף אַ משך פון 4 יאָר.

אין דעם זעלביקן יאָר תפ״ח ווערט איינגעשריבן אין פּנקס, אַז קהל האָט זיך דערוווּסט וועגן אַ גרעסערער סומע וואָס חברה קדישא האָט באַקומען פאַר קבורה געלט און היות ווי

לכתחילה איז די סומע באַשטימט געוואָרן צו רעמאָנטירן די שול און נישט פאַר קיין אַנדערן צוועק, בכן קומען מיר איצט מיט אַ פעסטן בונד, אַז חברה קדישא מוז געבן לתיקון בית־הכנסת כפי דמם.

אַן אינטערעסאַנטע איינשרייבונג געפינען מיר אין יאָר תקי״א (1751); זי האָט אויך אַ שייכות מיט דער געשיכטע פון ביאַליסטאָקער יידישן ישוב, און לייענט זיך אַזוי: היינט האָבן מיר געמאַכט אַ חשבון צווישן אונדזער קהל און הרב הגאון פון ביאַליסטאָק (ווער עס איז געווען ווערט נישט דערמאָנט בפירוש, נאָר מיר קענען אָננעמען, אַז דאָס איז געווען הרב יהושע שאַפּיראָ, דער ערשטער ביאַליסטאָקער רב) וועגן שכירות רבנות וואָס מיר גיבן דעם דערמאָנטן רב אַלע יאָר 50 גילדן פויליש און מיר זענען אים געבליבן שולדיק אַ גאָלדן רענדל (40 גילדן) ביז ח״י אייר ד״י. און ווער עס וועט דינגען די קרופקע איז מחויב צו באַצאָלן דעם רב אונדזערן דאָס רענדל וואָס עס קומט אים פון פריער, און פון ח״י אייר אָן דאַרף זיך רעכענען דאָס יאָר פון שכירות אויף להבא. אויף דעם זענען משועבד צו אים די שחיטה־הכנסות פון אונדזער שמש, און דאָס איבעריקע וואָס עס וועט פעלן צו די שכר שמשות דאַרפן מיר, קהל, באַצאָלן פון קרופקע. אונטערגעשריבן זענען יעקב קאָפּל ש״ץ ונאמן און יהודה לייב במר שלמה זלמן שמש דפה.

פון דעם איז צו זען, אַז אין 1751 איז קהל געווען נאָך גאַנץ ווייט פון אויסצוהאַלטן אפילו אַ חלק פון אַ רב און אויך, אַז דער שמש איז געווען דער שוחט פון שטעטל און פריער האָט ער זיין שכר שמשות גענומען פון דער שחיטה (אָדער זי איז געווען צו אים משועבד). שפּעטער ווען דער רב, דער בשותפותדיקער, האָט געוואָלט האָבן בתורת שעבוד די שכר־שחיטה, האָט מען דעם שמש געמוזט גאַראַנטירן מיט די הכנסות פון קרופקע.

פון אַ ווייטערדיקער פאַרצייכענונג דערוויסן מיר זיך, אַז דער שמש האָט געשפּילט אַ חשובע ראָלע אין קהל־לעבן, ווייל די אַלע הוצאות וואָס די גבאים האָבן געמאַכט אויף צדקה בלי ידיעות השמש זענען גאָרנישט ווערט געווען.

אַ באַזונדער אינטערעסאַנטן דאָקומענט וואָס באַלייכט די רעכטלעכע זייט פון די יידישע קהילות אין יענער תקופה געפינען מיר געשריבן אין פויליש מיט דער האַנט פון הויפּט־פּלעניפּאָטענט (גובערנאַטאָר) פון בראַניצקיס מאַיאָנטעק אַנדזשיי געזשקאָווסקי. דער דאָקומענט איז נוגע וואַלן פון דער קהילה־פאָרשטייערשאַפט, וועלכע זענען פאָרגעקומען ג׳ חול המועד פסח תקל״ז (1777). ווייזט אויס, אַז עס איז געווען אַ מסירהלע, און דעם 1טן מאַי 1777 איז דורכן דערמאָנטן פאָרשטייער פון בראַניצקין אַריינגעשריבן געוואָרן אין פּנקס, גלייך נאָך דער רשימה פון די אויסגעוויילטע: היות ווי די וואַלן זענען צוליב צוויי סיבות נישט פאָרגעקומען ווי געהעריק: ראשית, דאָס וואָס יצחק נאַכימאָוויטש, נישט קיין רעליגיעזער ייד, איז, נישט געקוקט אויף די פאַראָרדענונגען פון הויף, אויסגעוויילט געוואָרן פאַרן עלטסטן (אין פּנקס „ראש״), והשנית, איז דוד מאָרדכעלעוויטש, דער חזן פון כאַראַשטשער שול, ווידער פאַרהאַלטן געוואָרן פאַר לאַווניק (אין פּנקס פיגורירט ער אונטערן נאָמען „מנהיג״), וואָס ס׳איז אויך קעגן געזעץ, צו דעם נאָך איז אַ פאָטער אַן עלטסטער און אַן איידעם אַ לאַווניק, וואָס ס׳איז ווידער קעגן געזעץ, — דעריבער פּסל איך די אויבנדערמאָנטע וואַלן און פאַראָרדן אויף מאָרגן נייע וואַלן; און די וועלכע זענען דאָס מאָל אויסגעקליבן געוואָרן זאָלן נישט האָבן דאָס רעכט אפילו אָפּצוגעבן צעטלען ווי עלעקטאָרן, און מיט דעם וועלן זיי באַשטראָפט ווערן פאַר זייערע שלעכטע מעשים, דאַטירט אין ביאַליסטאָק, דעם 1טן מאַי 1777, אַנדזשיי געזשקאָווסקי.

פון דעם איז צו זען, אַז די רעכטלעכע לאַגע פון די יידישע קהילות איז אויף אַ גאַנץ שטרענגן אופן נאָרמירט געוואָרן דורך די הויפן און אַז אַחוץ רעגולירן די אינעווייניקסטע קהילה־ענינים האָבן זיי אויך געהאַט די פונקציע איינצומאָנען די פאַרשיידענע שטייערן פאַר דער מלוכה און די הויפן.

אין דעם פּנקס קומען נאָך פאַרצייכענונגען אפילו וועגן אַ פּינף־יאָריק מיידעלע וועל־

כע איז אַראָפּגעפאַלן פון אַן אויוון און איז געוואָרן אַ „מוכת־עץ" און מען האָט עס פאַר־נאָטירט לזכרון, דער חתן אירער זאָל שפּעטער קיין טענות נישט האָבן (דאַטירט כ׳ כסלו תר"ך — 1860). אָבער בעיקר איז דער פנקס פאַרנומען מיט שטייערן און חשבונות מיט די קאַראבקעס, שמאים אאַז"וו, אאַז"וו.

## הוספה

### אויסצוגן פון דעם זאַבלודאָווער חברה־קדישא־פּנקס

בלע המות לנצח ומחה ה׳ דמעה מעל כל פנים. בהיות שאחד מהעמודים שהעולם עומד עליהם היא גמילות חסד יותר מזה שהוא חסד של אמת שאין מצפה לתשלום גמול ובפרט שמצינו בתורתנו הקדושה שהקב"ה בעצמו התעסק במצוה זו ודרשו חז"ל ללכת בדרכיו כתיב מה הוא קובר מתים וכו׳ ובכן אנחנו החותמים בשולי היריעה קמנו ונתעוררו למצוה זו שהיא רבה; ושאדם אוכל מפרותיהם בעוה"ז והקרן קיימת לעוה"ב. אנחנו החברה הקדושה קברנים היותינו זריזים וזהירים ומוכנים ומכל עסקינו היותינו פונים, להטפל בצרכי מתים וקבורתם, להביאם לכבוד מנוחתם, וכמו שדרשו חז"ל והחי יתן אל לבו דקבר יקברנו וכו׳ ואף שרבים שתו לי"א (לקץ יעמדו אמן) וכו׳ מ"מ זהו כל האדם מי גבר יחיה וגומר לכן חבלים נפלו בנעימים לתת חלקינו וגורלנו במצוה רבה זו גמילות חסדים הנ"ל.

א) באם שיהי׳ איזה בר מינן בתוך שנתו אזי אין צריך להתעסק בו רק השמש בחברה הנ"ל;

ב) ובאם שיזדמן ב"מ (בר מינן) שהוא יותר מתוך שנתו אזי יודיעו הגבאים לשני קברנים שיעלו ע"פ הגורל או ע"פ ריסטר והמה מחויבים לילך ולהתעסק בו;

ג) ובאם שיהי׳ ח"ו ב"מ שהוא יותר מארבע שנים אזי יתעסקו בו ששה קברנים שיודיעו הקברנים (דאַרף זיין: הגבאים) כנ"ל ויכריזו למת מצוה;

ד) ובאם שיהי׳ ח"ו ב"מ יותר משׁשה שנים אזי יתעסקו הקברנים בו;

ה) הגבאים ישתדלו להכין כל צרכי קבורה דהיינו מרא וחצינא קרדום וגרזן וקרשים;

ו) גם מחויבים הגבאים לילך בעצמם ולהראות מקום קבורה;

ז) גם בכל פעם שקורין מתנת יד מחויבים החברה הנ"ל לעשות נדבה כפי הברכה;

ח) והגבאי אשר יהי׳ פרנס החודש ישתדל לגבות הנדבה ובאם יתעצל ולא יגבה יוקנס רביעי זה׳;

ט) גם קבלנו על עצמנו להתאסף יחד לאותו יום שקורין מתנת יד ולשמוח בשמחת החג לקיים ושמחת בחגך בחק ולא יעבור;

י) בכל חול המועד יתאספו החברה הנ"ל לפקח על עסקי החברה;

יא) וכל מי שישלחו אחריו הגבאים לכל היותר שלשה פעמים ולא יבא להחברה אזי יוקנס גג"פ (גימל גדולים פויליש);

יב) וכל גבאי אשר לא יעמיד משרת לזרז את כל דבר הצריך עפ"י הריסטר להתעסק או מי אשר ימרה פי הגבאי אזי הגבאי יוקנס רביעי זה׳ והממרה גג"פ;

יג) וכל מי אשר ימרה פי הגבאים תלתא זימנא הוה חזקתו לריעותא וגבאים יצרפו עוד שנים מהחברה הנ"ל ויענשו אותו עונש ממון ועונש גוף כפי ראות עיניהם וכפי השגת יד הממרה ואף להמחק מספר הצדיקים הזה;

יד) וכל מי אשר ימרה ויבקש שימחה מספר הצדיקים הזה יוקנס אדום זהב והגבאים מחויבים לגבות מאותו האיש הקנס הנ"ל בלי שום הנחה, והזריז לדבר שכרו ופעולתו כפולה משוכן מעלה, עד כי יבא שילה;

טו) ורשות ביד האלופים הגבאים לענוש ולקנוס את פי הממרה כפי ראות עיניהם

בצרוף הגאון הגדול הרב נר״ו בלי שום שאלות ראש ודיין ואין רשאי לומר לבדה״ג (לבית דין הגדול) אזלינא;

כל הנ״ל קבלנו על עצמנו באלה ובשבועה אנחנו החברה הקדושה בגומלי חסד האמת שהוא אחד משלשה עמודים שהעולם עומד עליהם ובטמיר מעין כל ונעלם יזכהו לבית ישראל כולם, לבנין בית היכל ואולם, ויבולע המות נצח סלה ועד עולם אמן סלה.

ואלה הן התיקונים מתוך החברה הקדושה והפנקס במעלתם הרמה חברה גומלי חסדים בקרי׳ נאמנה ק״ק הוראדני יצ״ו והועתקנו לתוך פנקסינו;

א) כל מי שיהי׳ בחברה קדישא שלנו חברה הקברנים בח״ה (בחול המועד) פסח לברור גבאים מתוך החברה הנ״ל כשיגיע אי״ה פסח להבא אזי אותן הבוררים לא יונחו בתוך הקלפי לבחירות הבוררים;

ב) כל מי שלא היה גבאי מימיו בחברה הנ״ל אינו רשאי לעשות לעצמו גבאי אכן רשאי לעשות עצמו רואה חשבון אף שלא היה לו המינוי הזה;

ג) עלה במוסכם באסיפת כל החברה הקדושה שהגבאים יצ״ו מחויבי׳ לרשום כל יום ויום ההוצאה והכנסה בחברה קדישא יצ״ו בפנקס זה וכל חודש וחודש מחויב הגבאי להיות הפנקס אצלו ולרשום ההוצאה והכנסה כנ״ל ובכלות החודש שלו מחויב לשלוח הפנקס לגבאי שאחריו ולרשום הכל ובהגיע הפנקס לגבאי השני ולא יהא נרשם בתוך הפנקס הוצאה והכנסה שלו אזי לא קיבל לו בחשבון;

ד) גם עלה במוסכם חברה קדישא בלע המות לנצח באם שיגיע עת וזמן ויקרב ימי אחד מהחברה למות אזי מחויבי׳ כל שבעת ימי האבילות לבא למנין עשרה מהחברה הנ״ל בחוזר חלילה להתפלל שם במקום ובית אשר מת שם כל השלשה תפילות וגבאי חודש מחויב לשלוח בכל יום לעשרה מהחברה שילכו שם להתפלל וכל מי שימרה את פי הגבאי ולא ילך אחת דתו להעבירו מח״ק הנ״ל בלי שום אמתלאות;

ה) גם עלה במוסכם אודות הלבשת מתים שלא למכור שום דבר מהלבשה רק ככה ינהגו לתת לכל אחד מהחברה המתעסקים ההלבשה כנהגו עד היום אכן במיתת ת״ח ח״ו רשות למכור הלבשת הכובע והגורה ברצון הגבאים זולת זה אסור למכור שאר הלבשתו כלל וכלל;

ו) גם עלה במוסכם כל מי שיחתום מחדש על האיגרת מחברה הנ״ל אזי שלשה שנים אחר החתימה לא ינוח בקלפי לבורר בחג הפסח בחברה הנ״ל ואחר ג׳ שנים הנ״ל אף שיהי׳ בורר אין רשאי להתמנות עוד שלשה שנים לא לגבאי ולא לרואה חשבון אף בהסכם כולם;

ז) הוצאות לא יוציאו הגבאים יותר על סך... הן הוצאות בנין או שאר הוצאות גדולים מה שיצטרכו לתקן איזה דבר ההוצאה יהי׳ יותר על סך... אזי לא יעשו מאומה בלתי אסיפת כל החברה הקדושה: וכן מקום קבורה בבית החיים לא יעשו מאומה נגד אסיפת כל הח׳;

ח) גם ראו ראינו ועשינו תיקון שכל החובות ונדבות מה שחייבי׳ אנשי החברה לשלם תיכף במזומני׳ וכל או״א מאתנו יהי׳ זריז ונשכר לשלם כל החובות ומהיום והלאה עשינו תיקון כל מי שיהי׳ חייב בחברה שלנו אזי לא יהי׳ נכתב שמו בקלפי הבוררות בחג הפסח ומכש״כ שלא יהי׳ גבאי או רואה חשבון ואעפ״כ החוב שלו אינו נמחק ונמחל.

ט) הגבאים או רואי חשבונות מחוייבי׳ לילך מבית לבית בכל ר״ח ולגבות מכל החברה א׳ גדול מכל או״א ובאם שלא ירצו הגבאים אזי רשות בידם לגזור אומר על האנשים הראויים שיסובבו מבית לבית כנ״ל;

י) מי ומי שיהי׳ בקהילתו מהחברה ולא ילך ג׳ פעמים בשנה להתעסק בצרכי מת כמו לאותן מתים שמחויבי׳ לטפל כפי כתב יד החברה וחתימתם אזי לא ינוח בקלפי הבוררות ומכש״כ שלא יהי׳ לו איזה מינוי כי אם שיבא ויציע דבריו בפני הגבאים יצ״ו מאיזה טעם לא בא להתעסק בצרכי מתים ואלה התנצלות יהי׳ דווקא בו ביום או ליום המחרת אם יראו שיש ממש בדבריו אזי לא יהי׳ לו אשמה בדבר ולא יהא נחשב לו בחשבון השלשה פעמים

אף מי שיעבור פעם אחד או ב׳ פעמי׳ ולא יבא להתעסק בחוזק המצוה בלי שום התנצלות כלל יתן קנס לפי ראות עיני החברה;

יא) מקל ורצועה ניתנה ביד החברה לקנוס קנס גדול באם אחד מהחברה שלנו יהרס מעמד ומצב החברה וידבר דברים אשר לא כדת על החברה אזי עד אחד נאמן עליו ויוקנס קנס כאשר יצא מפיהם כן יקום;

יב) באם אחד מהחברה רצה לבקש ולחנן לתקן קצת איזה תיקונים לטובת החברה אזי יבא אחד מהחברה בפני הגבאי ויבקש מלפניו להושיב החברה או לבחר משפט על אחד יהי׳ קודם פסח דווקא ולא בהה״מ פסח כדי שלא יהא שום הרהור ריב בשעת אסיפה;

יג) אכן להעביר אחד מהחברה לא יהא רשות להחברה כ״א ע״פ שני עדים כשרים שיעידו בפניו ועל הגבאים מוטל להזהיר שיקיימו לשמור ולעשות כנ״ל.

סדר נכון אודות התעסקות עם המתים בקבר עד שיסתום הגולל והוא זה;

יד) כל פעם ופעם יתעסק גבאי אחד ועוד אחד עמו מהחברה כן יהי׳ בחוזר חלילה כל החברה הנ״ל אך את זה התרצו החברה קדישא הנ״ל באם שיתן אחד מהחברה דווקא בעד התעסקות הנ״ל חי״ג (ח״י גדולים) פויליש ולמעלה אזי הוא קודם להתעסק ועכ״פ לא פחות מחי״ג פויליש;

טו) מי שהוא גבאי או רואה חשבון המה יתעסקו בקבר בחוזר חלילה דהיינו תחילה יתעסקו הגבאים ואח״כ רואי חשבונות ואח״כ מי שהוא רואה חשבון ומי שלא ירצה להתעסק בעצמו בקבר אזי יתעסק הבא אחריו ואין לו רשית לכבד לאדם אחר;

טז) נמנו ונגמרו שכל מי ומי מבני החברה ששלחו אחריו הגבאים לצורך מתים ב״מ אף לילד קטן מחוייב לבא תיכף ומיד לסייע לכל מה שיצטרכו או להעמיד אחר במקומו באם שלא יהי׳ לו פנאי ובאם שיעבור יקנס גג״פ (ג׳ גדולים פויליש) גם נמנה ונגמר באם שירצה איזה איש להשתתף להחברה מחדש אזי אינם רשאים לשתפו בביטל(?) מעשה שלהם גם האיש ההוא המשותף הנ״ל מחוייב לקבל באלה ובשבועה לקיים כל פרטי הדברים המבוארים בפנקסינו;

יז) שלא לעשות הוצאה על חפירת הקבר רק כל החברה מחויבי׳ לחפור בעצמם ומי שלא ירצה לחפור בעצמו מחמת חלישת כח אזי יתן א׳ גדול פויליש ומי שלא יבא מאפס הפנאי אזי יתן ג״פ י״ח גם מי שלא יבא לעשות ארון מחויב ג״כ א׳ גדול פויליש בעד קנס;

יח) גם מחויבי׳ הגבאי׳ לגבות אף ע״י משרתים כל חודש וחודש את כל המגיע מכל אחד מהחברה סעודת הפסח בחברה יתן כל אחד מהחברה מכיסו לכלל החברה ששה ג״פ ורשות לגבאי לקרוא איזה אורח לאותה סעודה גם לאיזה מנהיג ולחזן משרתי הקהלה;

וכל הנ״ל העתקנו בפנקסינו בחברה קדישא ג״ח של אמת מפנקס דק״ק הוראדני יצ״ו.

היום יום ג׳ חה״מ פסח תס״א לפ״ק בהתאסף החברה קדישא ג״ח בצירוף המאור הגדיל אב״ד ור״מ מוהרר יעקב נר״ו קבלו החברה הנ״ל לקיים את כל פרטי דברים המבוארים בפנקס זה ואם לא יקיימו אזי ענש כפי אשר יש(י)תו אלופים הגבאים בצרוף הרב המאור הגדול נר״ו ואף להעבירו.



נומ. 11 (513) — אונזער וועג — פּאַריז — אונזע

# דאס פּויליש-ליטווישע יידנטום

## ווער ארבע הארצות

(המשך)

אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרה. זיינען די ירידים־צוזאַמענפאָרן פון די רבנים און ראשי קהילות אין לובלין אָפטער געוואָרן, און דאָס האָט אינגיכן געבראַכט צו דער אויסבילדונג פון אמתע פעריאָדישע „סיימען", די טעטיקייט פון וועלכע גייט איבער בהדרגהדיק פון דער גערינכטס־ספערע אין דער אַדמיניסטראַטיווער און געזעצגעבערישער. אויף די צוזאַמענפאָרן ווערן אויסגעאַרבעט תקנות וואָס באַשטימען דעם סדר פון די קהלה־וואַלן, די קאָמפּעטענץ־גרענצן פון די רבנים און דיינים, רעכט אויף דרוקן ספרים א. א. וו.

אָפטמאָל באַנקציאָנירן די דאָזיקע אסיפות די תקנות פון דער רעגירונג. אין יאָר 1580, למשל, האָבן די פאָרשטייער פון די קהילות אין פּוילן פייערלעך באַשטעטיקט דאָס באַקאַנטע געזעץ וואָס פאַרבאָט די יידן אין „קרוין פּוילן" זיך צו באַשעפטיקן מיט אָפּקויפן די מלוכהשע צינזן און אַנדערע הכנסה־צווייגן, ווייל „מענטשן להוטע נאָך רווחים און עשירות דורך „פּעטע" אַרענדעס, קענען נאָך אַרויפציען אַ גרויסע סכנה אויפן כלל".

אין סוף פון 16־טן יאָרה. ווערן די ירידים־צוזאַמענפאָרן אַ פעסטע און סטאַבילע אָרגאַניזאַציע, אין זיי נעמען אָנטייל רבנים און ראשי קהל פון: גרויס־פּוילן (הויפּט־קהילה — פּויזן), קליין־פּוילן (קראָקע, לובלין), פּאָדאָליע (לעמבערג); וואָלין (אָסטראָג, קרעמעניץ) און ליטע (בריסק, גראָדנע). אין די ערשטע צייטן האָט דער צוזאַמענפאָר געביטן זיין נאָמען, אָפּהענגיק פון דער צאָל פאָרטרעטענע ראַיאָנען: צוזאַמענפאָר פון דריי, פון פיר אָדער פון פינף ראַיאָנען. ווען ליטע אָבער האָט זיך אָפּגעטיילט פון פּוילישן קהלה־פאַרבאַנד און געשאַפן איר אייגענעם, איז דער צוזאַמענפאָר געבליבן ביים נאָמען: וער ארבע הארצות (ראָט פון די פיר ראַיאָנען).

אין דעם דאָזיקן „וער" פלעגן אָנטיילנעמען פון אַלע גרעסערע קהילות אין פּוילן לערך 30 מיטגלידער (רבנים און ראשי קהל). זיי פלעגן זיך פעריאָדיש צונויפפאָרן איין אָדער צוויי מאָל אין יאָר, אין לובלין און אין יאַראָסלאַוו (גאַליציע) לויט דער ריי, עפּ"י רוב פלעגן זיי זיך פאַרזאַמלען אין לובלין צווישן פּורים און פּסח און אין יאַראָסלאַוו — ענדע זומער, פאַר די ימים טובים.

די אסיפה פון די פּרנסים פונעם „וער ארבע הארצות", ניט איבער אַ כראָניקער. האָט דערמאָנט אינעם אַמאָליקן סנהדרין, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין ירושלים אין דער לשכת הגזית פון בית המקדש. זיי האָבן געטאָן צדק ומשפּט [illegible] אויפרופן און פלעגן אַרויפלייגן קנסן. יעדער שווערער ענין פלעגט געבראַכט ווערן פאַר דעם בית־דין. אויף צו ליאַן געלט־סכסוכים, פלעגט דער „וער ארבע הארצות" אויסווילן אַ קאָמיסיע פון „ראַיאָן־ריכטער". דער „וער" אַליין פלעגט אָבער נאָר באַטראַכטן קרימינעלע מישפּטים און אַנדערע שווערע פּראָצעסן. דער „וער" איז אויך געשטאַנען אויף דער וואַך פון פאַרהיטן די בירגערלעכע אינטערעסן פונעם יידנטום אין פּוילן. ער פלעגט שיקן קיין וואַרשע שתדלנים, כדי צו באַמיען זיך ביים קעניג וועגן באַשטעטיקן די אַמאָליקע פּריווילעגיעס, וואָס זיינען פאַרלעצט געוואָרן מצד דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע.

„דער ראָט פון די הויפּט־קהילות אין ליטע"

ווי ס'איז שוין געוואָרן באַמערקט, האָבן די קהילות פון ליטע זיך אָפּגעטיילט פון פאַרבאַנד פון די „פיר קרוין־ראַיאָנען" און זיי האָבן געגרינדעט זייער אייגענעם ראַיאָן־פאַרבאַנד, מיט אַ צענטראַל־אָרגאַן אין דער פאָרם פון אַ צוזאַמענפאָר פון די דריי הויפּט־קהילות: בריסק גראָדנע, פּינסק (שפּעטער זיינען צו זיי צוגע־

פון צבי ראַיאַק

שטאַנען די קהילות פון ווילנע און סלוצק). דער ליטווישער צוזאַמענפאָר האָט זיך גערופן „דער ראָט פון די הויפּט־קהילות פון ליטע" (ועד קהילות ראשיות דמדינת ליטא).

דער ליטווישער „וער" פלעגט זיך צונויפקומען אַלע דריי יאָר אין פאַרשידענע שטעט פון ליטע, ווי: זאַבלודאָווע, סעלץ, כאָמסק א. א. וו. אָבער עס זיינען געווען אויך אויסעראָרדנטלעכע צוזאַמענפאָרן. אין די ערשטע יאָר האָט זיך דער ליטווישער „וער" געפונען אין אַ געוויסער אָפּהענגיקייט פונעם „קרוין־פּוילישן וער", אָבער צום סוף איז ער געוואָרן זעלבסטשטענדיק.

אויף אַזאַ אופן האָבן סיי פּוילן, סיי ליטע געהאַט זייערע אייגענע קהלה־פאַרבאַנדן מיט אַגענט־אַלע אָנפירונגס־אָרגאַנען. די קהילות אויף די ערטער פאַר זיך פלעגן האָבן זייערע ראַיאָן־צוזאַמענפאָר, און האָבן געשפּיגלט די ראָל פון מיטעלע זעלבסט־פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען. אָבער זיי אַלע צוזאַמען זיינען געווען אינטערגעוואָרפן דעם צענטראַלן „וער ארבע הארצות" אין פּוילן און דעם „ראָט פון די הויפּט־קהילות" אין ליטע.

די דאָזיקע גאַנצע האַרמאָנישע אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט אויפגעהאַלטן ביי דער יידישער באַפעלקערונג געזעלשאַפטלעכקייט און דיסציפּלין. זי האָט געמאַכט לערנען תורה און ציוויליזירט די יידישע מאַסן, וואָס זיינען געווען אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, און וועלכע זיינען געשטאַנען מחוץ דעם אַלגעמיינעם מלוכהשן לעבן. דאָס מלוכה־לאָזע פאָלק האָט פאַרמאָגט אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט, וואָס האָט אויפגעהאַלטן איז איבער דעם גייסט פון געזעלשאַפטלעכקייט און אָריגינעלער בירגערלעכקייט, האָט געהאָלפן און אַנטוויקלט זיין אייגנאַרטיקע קולטור.

(וועגן דער גרויסער פּאָליטישער מאַכט פונעם ועד ארבע הארצות אין קומענדיקן נומער)

ס נײַע לעבן 266

## אידן אין זאַבלודאָווע, אין 17-טן יאָרהונדערט

(אויפן סמך פון דאָקומענטן אין ווילנער מלוכה־אַרכיוו)

זאַבלודאָווע האָט היגטער זיך אַ גרויסע און רייכע פאַרגאַנגענהייט. זי איז געווען איינע פון די אַנגעזעענסטע אידישע קהילות, וואו עס פלעגן פאָרקומען די זיצונגען פון ועד פון טיקטינער קרייז ווי אויך די צוזאַמענטרעטן פון ועד ארבע הארצות.

שוין אין 17-טן יאָרהונדערט איז זאַבלודאָווע געווען אַ רייכע און גרויסע קהלה. די אידן האָבן געבילדעט אַ העלפט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, זיך פאַרנומען מיט האַנדל, מלאכה, אויסגעאַרבעט ביר אין אייגענע ברויערייען, פאַרמאָגט ווייןפאַבריקן, געהאַט שיינקען און אַנדערע אונטערנעמונגען.

באַזונדערס האָבן די אידן פאַרמאָגט גאַסן, ווי סיראַזשער, כאַראָסקער, ביעלסקער און אַ טייל פון מאַרק. די גאַס, וואו די אידן איז צום ערשטן דערלויבט געווען צו וואוינען און פאַרזיצן אייגענע פלעצער, הייזער און אַנדערע בנינים, לויט די פּריווילעגיעס, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די אייגנטימערס פון זאַבלודאָווע די פירשטן ראַדזיווילס, — איז קאַמף גיט אונז דער אָנקלאַג פון דער גאַנצער זאַבלודאָווער קריסטלעכער באַפעלקערונג מיטן ראָט (Rada) און בירגערמייסטער (Burmistrz) פון די יאָרן 88—1681 צו ד״ר פירשטין לודוויקאַ קאַראָלינאַ ראַדזיוויל, בראַנדערבורגער מאַרק גראַפין, דער אייגנטימערין פון זאַבלודאָווע.

די קריסטן מענדן זיך נאָך הילף קעגן די אידן. זיי דראָט, שרייבן זיי, אַ גרויסע סכנה. זייערע קינדער וועלן נאָך מיט דער צייט, צוליב דער קאָנקורענץ פון אידן, בלייבן אָן מיטלען צום לעבן. די אידן האָבן פאַרכאַפּט די בעסטע פּלעצער אין צענטער שטאָט, זיך פאַרבויט און פאַרגרעסערט די קריסטן הינטערן שטאָט. דער גאַנצער סקור פון פּרנסה געפינט זיך אין אידישע הענט, די אידן באַוואוינען פון ביידע זייטן די האַלבע כאַראָסקער גאַס, אָנהויבנדיג פון מאַרק, און די לעצטע צייט ווילן זיי אויך פאַרכאַפּן אַ דריטע גאַס, די ביעלסקער. דאָ איז געווען די צוויי אידן סנדר (Szander) און פּנחס, וועלכע האָבן

אויסצוגן וועגן דער אַלטער זאַבלודאָווע אין די צייטונגען: „דאָס נייע לעבן", ביאַליסטאָק 1928 און „אונדזער וועג", פּאַריז 1958.

ד״ר יעקב שאַצקי

# דאָס שטעטל זאַבלודאָווע און איר שול

צווישן אַלע יידישע שולן אין פוילן און אין ליטע האָט קיין איינע נישט געהאַט אַזוי פיל מזל צו קונסט־פאָרשער, ווי די זאַבלודאָווער שול.

די זאַבלודאָווער שול איז אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרכיטעקטור. זי האָט נישט קיין אייגנאַרטיקן סטיל פון אַ געוויסער תקופה, — נאָר איז אַ געמיש פון אַ פּאָר סטילן — וועלכע זענען אָנגעוואָרפן געוואָרן אויף דער שול אין משך פון דורות.

דעריבער האָט דער אַנאַליז פון דער שול פון ריינעם אַרכיטעקטור־שטאַנדפונקט אַזוי פאַראינטערעסירט דייטשע, פּוילישע און ווינציקסטנס פון אַלעמען, יידישע געלערנטע.

די זאַבלודאָווער שול איז מסתמא אויסגעבויט געוואָרן אין סוף פון זעכצנטן יאָר־הונדערט. די שטאָט אַליין איז אויסגעבויט געוואָרן אין אָנפאַנג פון זעכצנטן יאָרהונדערט. דער פּוילישער קיניג זיגמונט דער ערשטער האָט די שטאָט געשאָנקען דעם העטמאַן כאָדקע־וויטש (אין יאָר 1525) נאָכהער איז זי געוואָרן דאָס אייגנטום פון די ס א פּ י ע ־ ה אַ, ל ע ש ט ש י נ ס ק י און ס א נ ג ו ש ק א. די לעצטע באַלעבאַטים פון זאַבלו־דאָווע זענען געווען די פירשטן ר אַ ד ז י ו י ל. אין דער אַלגעמיינער קולטור־געשיכ־טע איז זאַבלודאָווע באקאנט מיט דער סלאווישער דרוקעריי, וועלכע איז דאָרט אויסגע־בויט געוואָרן אין יאָר 1568.

אין דער יידישער געשיכטע פאַרנעמט די הילצערנע שול דעם וויכטיקסטן פּלאַץ.

אין 1646 האָט די קהילה באַשלאָסן צוצובויען נאָך אַן אָפּטיילונג פאַר פרויען, ווייל עס איז געווען צו ענג אין דער ווייבער־אָפּטיילונג, וועלכע איז לכתחילה אויסגעבויט גע־וואָרן.

שפּעטער איז די שול אָפטמאָל באַנייט געוואָרן, אַזוי האָט מען זי באַנייט אין יאָר 1705 און אין יאָר 1712.

פון ריינעם אַרכיטעקטור־שטאַנדפונקט שטעלט פאָר מיט זיך די זאַבלודאָווער שול אַ מין מיטלשיף אַרומגערינגלט מיט פאַרשיידענע צוגעבויטע שולן. די גאַנצע געביידע איז געבויט פון לערכן־האָלץ, אין אַ פּאָר טיילן טרעפן מיר דעמבאָווע און סאָסנאָווע האָלץ. דער פרעמדער געהילץ איז אַ באַווייז, אַז ביי שפּעטערדיקע איבערבויונגען און רעפּאַראַציעס, האָט מען שוין נישט געקענט קריגן דעם פריערדיקן מין האָלץ, אָדער מען האָט נישט גע־וואָלט באַנוצן דעם האָלץ, פון וועלכן די שול איז אורשפּרינגלעך געבויט. דעריבער האָט מען זיך באַנוצט מיט דעמב און סאָסנע.

די שול האָט אַ פּאָר אַריינגאַנגען, איינע פאַר מענער און צוויי פאַר פרויען. אויסער דעם איז פאַראַן נאָך אַ באַזונדערער אַריינגאַנג אויף שטיגן, וועלכער פירט צו דעם פראָנט־טייל פון דער געביידע, וועלכער האָט אַ גאַנעק. דער דאָזיקער טייל איז אויך פאַר פרויען.

די קונסט־פאָרשער מיינען, אַז דער טייל מיטן גאַנעק איז זייער אַלט. ער איז אַנט־שטאַנען צוזאַמען מיט דעם הויפּט קאָרפּוס פון דער געביידע, אָדער מיטלשיף ווי מען רופט עס אָן אין דער שפּראַך פון אַרכיטעקטור. דער וווקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין זאַבלודאָווע האָט געצוווּנגען די דאָרטיקע קהילה צו פאַרגרעסערן די שול. דעמאָלט האָט

מען צוגעבויט די דערמאָנטע אויבן צוויי לענגלעכע טיילן פון ביידע זייטן פון דעם הויפּט קאָרפּוס.

די שול פאַרנעמט 18 מעטער אין דער לענג, און 11 מעטער אין דער ברייט (אָן די צו־געבויטע פליגלען). די שול פאַרמאָגט נישט קיין אָרנאַמענטיק, אויף די ווענט, דאָס איז באמת אַ זעלטנהייט. שולן זענען צו יענער צייט געווען בדרך הכלל באַמאָלן מיט פאַרשיי־דענע בילדער און אָרנאַמענטיק. ר׳ מנחם קראָכמאַל, דער באַרימטער רב הכולל אין מערן זאָגט אין זיין „צמח צדק" (דף ל"ג), אַז מען פלעגט אין אַלגעמיין באַפּוצן און באַצירן די ווענט פון די יידישע שולן (רגילין במקצת מקומות לצייר צורות על כותלי בית הכנסת) דאָס



די אַלטע קופּערנע מנורה פון דער שול

ווערט באַשטעטיקט פון אַ סך רבנים און קריסטלעכע רייזנדער, וועלכע האָבן דרך אגב באַ־שריבן אויך די יידישע שולן.

אַ חוץ העברעאישע פּסוקים, וואָס זענען אויסגעמאָלן אויף די ווענט זענען קיין אָרנאַ־מענטן נישטאָ.

אין מיטן פון דער שול געפינט זיך די בימה, זי איז געבויט פון דעמבאָווע האָלץ אין זייער איידעלע שטריכן. די בימה האָט פאַרלוירן איר אורשפּרינגלעכן כאַראַקטער, ווייל מען

האָט זי אָפּטמאָל איבערגעאַרבעט; עס זענען אָבער געבליבן שפּורן פון גאָלד, הויפּטזעכלעך אויף די דריי קאַפּולן, וועלכע שפּאַרן זיך אָן אויף זייער שיינע, געטאָקטע קאָלאָנעס.

אַלס דאָס גרעסטע קונסט־ווערק אין דער זאבלודאָווער שול דאַרף מען אָנערקענען דעם אָרון קודש. דער אָרון קודש, איז געמאַכט פון דעמבאָווע און סאָסנאָווע האָלץ. איבערן טיר פון אָרון קודש געפינען זיך צוויי פּראַכטפולע אָרנאַמענטן. דער אויבערשטער אָרנאַמענט שטעלט פאָר מיט זיך אַ מנורה אויסגעפירט אין סטיל פון איטאַליענישן רענעסאַנס, באַפּוצט מיט סטיליזירטע געוויקסן (צמחים), די גאַנצע אַרבעט איז אַ מייסטער־ווערק פון אַן איטאַליענישן קינסטלער. אויב עס האָט עס געמאַכט אַ ייד, האָט ער געקענט די איטאַליענישע קונסט און האָט זי קאָפּירט.



די אויסנווייניקסטע מזרח־זייט וואַנט פון דער שול. ביים זייט: די אַרומגעצוימטע לעגענדאַרע בית־עולמלעך.

שיינע דעקאָראַטיווע אָרנאַמענטן פון פאַנטאַסטישע בלומען געפינען זיך אויף די ווענט פון דער אסיפה־שטוב, וועלכע איז צוגעבויט צו דער שול. אויבן אַרום אַלע ווענט גייט אַ סטיליזירטער שלאַק, אין ראָמאַנישן סטיל. צווישן די בלומען־אָרנאַמענטן האָט אַן אומבאַקאַנטער מאָלער אַריינגעמאָלן רעדער, וועלכע עס האַלטן אונטער פאַרשיידענע פאַנטאַסטישע חיות, די דאָזיקע באַפּוצונגען האָבן אַ קליינעם קינסטלערישן ווערט, זענען אָבער אינטערעסאַנט אַלס אַ דאָקומענט פון „לאָקאַלן" געשמאַק, ווייל עס איז אויסגעשלאָסן אַז די אָרנאַמענטן זאָלן זיין פון דעם זעלביקן, וועלכער האָט געמאַכט די שיינע, גראַציעזע, פול מיט קינסטלערישן געשמאַק פאַנטאַסטישע קווייטן.

אין די רעדער זענען פאַרשריבן פאַרשיידענע פּסוקים פון תנ"ך. אויך די סטעלע איז באַפּוצט מיט אָרנאַמענטן פון בלומען. אַן אויפשריפט, וועלכער געפינט זיך אויף דער שפּיץ פון דער סטעלע דערציילט אונדז, אַז די „אסיפה שטוב" איז רעסטאַורירט געוואָרן בשנת תע"ב (1712).

צווישן אַנדערע אַנטיקן וועלכע געפינען זיך אין דער שול דאַרף מען דערמאָנען אַ זיל־בערנע בלעך פון יאָר 1652. אַ מייסטער־שטיק פון רענעסאַנס־קונסט. ווער איז דער בויער פון דער שול און דער מאָלער (אָדער די מאָלער), פון די ווענט אָרנאַמענטן איז אומבאַקאַנט, אַלנפאַלס, ווער עס זאָלן נישט זיין די באַפּוצער פון שול, איז סיי דער אַרכיטעקטאָר, סיי דער מאָלער געווען גאָר באַדייטנדיקע קינסטלער מיט אַן אייגנאַרטיקן חוש פאַר קאָלירן, קאָמפּאָזיציע און דעקאָראַציע.



די ווייבערשע גאַלעריע פון דער שול

די געשיכטע פון דער זאַבלודאָווער שול איז אויך די געשיכטע פון די סטילן וועלכע זענען אַנטשטאַנען און אונטערגעגאַנגען אין משך פון דער צייט, ווען מען האָט די שול אויסגעבויט, און שפּעטער אָפּטמאָל איבערגעמאַכט, אָדער צוגעבויט.

דער הויפּט־קאָרפּוס (מיטלשיף, ווייל זי איז געבויט אין אַ פאָרעם פון אַ שיף) איז זייער אַלט, אַלנפאַלס עלטער פון די אַנדערע סטילן. דער ראָמאַנישער סטיל איז צונויפגעמישט מיטן רענעסאַנס־סטיל. געוויסע באַפּוצונגען אויף די ווענט זאָגן עדות, אַז אויך ראָקאָקאָ־שפּורן געפינען זיך אין די ווענט־מאָלערייען.

ליידער האָבן מיר נישט קיין קאָלירטע פאָטאָגראַפיעס פון די מאָלערייען, מען זאָל קענען זיי אויספירלעך אַנאַליזירן פון ריין־מאָלערישן שטאַנדפּונקט. די פאָרשער וועלכע האָבן די שול אונטערזוכט זענען איינשטימיק, אַז די דאָזיקע מאָלערייען האָבן אַ גרויס ריין־קינסטלערישן ווערט.

די היסטאָריקער פון דער פּוילישער אַרכיטעקטור זאָגן אַז די דאָזיקע הילצערנע שול האָט אַן אייגנאַרטיקן סטיל. אין דעם זעלביקן סטיל זענען געבויט נאָך אַ פּאָר אַנדערע שולן אין פּוילן, ווי אין נאַשעלסק, אין יאַבלאָנאָווע, אין וואָלקאָוויסק, אין וויסאָקאַ מאַזאָוויעצק (פאַרניכטעט אין יאָר 1880) און אַ סך אַנדערע.

אַז אויספירלעכער אַנאַליז פון די אַלע שולן וועט מיט דער צייט באַווייזן דעם שורש, פון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען צו אונדז: עס איז אַ סברה, אַז די יידן האָבן קאָפּירט די הילצערנע קירכעס אין שלעזיען, וועלכע האָבן דעם זעלביקן סטיל וואָס אונדזערע שולן.
ברייטער אַרומריידן דעם ענין גייט אָבער נישט אַריין אין די ראַמען פון דעם אַרטיקל.
צום סוף גיבן מיר אַ רשימה פון אַרטיקלען אין וועלכעס עס ווערט דערמאָנט די זאַבלודאָווער שול.

# ביבליאָגראַפיע

מתתיהו בערסאָן — אַ פּאָר ווערטער וועגן די אַלטע הילצערנע שולן אין פּוילן. געדרוקט אין פּויליש אין די באַריכטן פון דער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפט אין קראַקע. סעקציע פאַר קונסט־געשיכטע, 1895. אַרויס אויך באַזונדער אין דעם זעלביקן יאָר. 16 זייטן. דער מחבר ברענגט אַ סך בילדער, אַרכיטעקטור, צייכענונגען און פּלענער. דאָס איז די הויפּט־קוועלע פאַר דער געשיכטע פון דער זאַבלודאָווער שול.

מתתיהו בערסאָן — דאָס זעלבע, אויף דייטש, אין די „מיטטיילונגען פון דער געזעלשאַפט פאַר יידישע פאָלקס־קונדע“. ווין 1901, העפט 8, ז"ז 159־169.

ז. גלאָגער — אַלט־פּוילישע ענציקלאָפּעדיע. ערשטער באַנד. וואַרשע 1900, ז"ז 190־192 (ברענגט אַ פאָטאָגראַפיע פון דער שול).

ז. גלאָגער — האָלץ־אַרכיטעקטור אין פּוילן. וואַרשע 1905. אַ קלאַסיש ווערק. ליידער נישט פאַרענדיקט. דערמאָנט אויך די זאַבלודאָווער שול.

פּראָפעסאָר קויפמאַן — „צור געשיכטע דער קונסט אין דען סינאַגאָגען“ (דייטש) געדרוקט אין די באַריכטן פון דער ווינער געזעלשאַפט פאַר זאַמלען יידישע אַנטיקן (1897). איבערגעדרוקט אין זיינע „געזאַמלטע שריפטן“, פראַנקפורט אם מיין, 1908, ז"ז 88־99 (זאַבלודאָווע).

סירקין — אין דעם רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „יעווריעיסקאַיאַ ניעדיעלאַ“, 1913, נומער 3 און 4.

רוסיש־יידישע ענציקלאָפּעדיע: — באַנד 7, ז"ז 618—617. ברענגט אַ בילד פון דעם אינערלעכן אויסזען פון דער שול.

די אַלגעמיינע אָפּשאַצונג פון דער יידישער הילצערנער שול־אַרכיטעקטור ווערט גע־בראַכט אין פאָלגנדיקע ווערק:

מאַטראַקאָווסקי — פאָלקס־אַרכיטעקטור אין פּאָדהאַלע (אין די פּוילישע קאַרפּאַטן) פּויליש, קראָקע, 1892.

פּרוי בערגער: — „איבער דער בוי און אויסשמוקונג אַלטער סינאַגאָגן“, אין די „מיטטיילונגען דער געזעלשאַפט צור ערפאַרשונג יידישער קונסט־דענקמעלער“, ווין, 1903.

פּאַוולוצקי — אַלטע הילצערנע סינאַגאָגן (רוסיש), אין גראַבאַרס „געשיכ־טע פון דער רוסישער קונסט“.

רחל־בערנשטיין־ווישניצער — „קונסט ביי יידן אין פּוילן און אין ליטע“ (רוסיש), אין דעם קאָלעקטיוון בוך „געשיכטע פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד“, מאָס־קווע, 1913. ז"ז 390־405.

מיכאל ליפשיץ (בע״ז)*

# אונדזער אַלטע זאַבלודאָווער שול

צווישן די יידישע אַלטערטימלעכע אוצרות אין פוילן דאַרף פאַרנעמען דעם חשובסטן אָרט די זאַבלודאָווער אַלטע שול, וועלכע שטייט שוין, לויט אַ פּרט אין איינער פון אירע קהל־שטיבלעך, 465 יאָר, און לויט דער מסורה — שוין 500 יאָר.

חוץ דעם שיינעם וואונדערלעכן בנין מיט דער פּילפאַרביקער מאָלעריי און תפילות אויף די ווענט, פאַרמאָגט די שול אַ סך קאָסטבאַרע כלי־קודש פון אַן אומגעהויער היסטאָרישן ווערט, אַ פאַרמעטענעם סידור, פאַרמעטענע הפטרות אויף איטלעכן שבת באַזונדער, אַ מאַסיווע זילבערנע קרוין אויף איינע פון אירע ספרי תורות, אַ גרויסע שיינע מנורה מיט אַלע גביעים און כפתורים וועלכע שטייט אויף אַ ספּעציעל־געמויערטן פונדאַמענט נאָענט צום עמוד. פאַר דער מנורה האָט אין יאָר 1904 אַן אַמעריקאַנער מיליאָנער פאָרגעלייגט 5 טויזנט דאָלאַר.

ווייטער געפינען זיך אַ גרויסע צאָל פאַרשיידנפאַרביקע פרוכתן, זיידענע, אַטלאַסענע, סאמעטענע, געשטיקט מיט זילבער און גאָלד, אַ זילבערנע פּושקע פאַרן חזן צו גיין איבערן שטאָט נאָך הזכרת נשמות, אַ גרויסער זילבערנער וואַסער־קרוג פאַר די כהנים זיך צו וואַשן די הענט און נאָך פאַרשיידענע כלי קודש.

די וואונדערשיינע בימה, וואָס שטייט אינמיטן דער שול אין דער פאָרם פון אַ טורעם מיט פענצטערס און קארניזן, געשניצט מיט האַק און דלאָטע, באַווייזט, אַז ס׳האָט נאָך אין יענער צייט נישט עקזיסטירט די מלאכה פון דרעקסלעריי. אַזוי אויך די תפילות, וואָס זענען אויסגעשריבן אויף די ווענט (אַנדערע קוים קענטיק) זאָגן עדות, אַז מ׳האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווסט פון קיין דרוק, אַ באַווייז איז אויך דער פאַרמעטענער כל בו סדור.

אַ סך אותיות אויף די ווענט זענען שוין אָפּגעמעקט, פונדעסטוועגן דערלויבט זיך נישט קיינער זיי צו פאַרריכטן, מ׳היט זיך אויך אָפּ צו מאַכן אַנדערע תקונים, ווייל ווער עס דערוועגט זיך עס צו טאָן, טראָגט זיך אום מפה לפה, לעבט שוין נישט אויס דאָס יאָר, למשל, די בעלי מלאכות, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַביסל גרעסער מאַכן די פענצטערלעך אין איינער פון די 2 ווייבער־שולן וואָס זענען צוגעבויט צו דער שול מצד דרום און צפון, כדי די ווייבער זאָלן בעסער הערן די תפילות פון חזן, זענען, ווי מ׳גיט איבער, אין מיטן דער אַרבעט געשטאָרבן. די גרעסערע פענצטערס זענען גלייך פאַרשלאָגן געוואָרן מיט הילצערנע גראַטעס און די אַנדערע שול האָט זיך אַזוי אָפּגעשטעלט מיט קלענערע פענצטערלעך, וואָס האָלטן קוים אַ טפח. רופט מען דעריבער איין שול „די אָרעמע" און די אַנדערע „די רייכע".

די צוויי גרויסע פענצטערס פון דער דריטער ווייבער־שול, אין שול גופא, אין דער הויך לצד מזרח, זענען אויך פאַרשלאָגן מיט הילצערנע לייסטן צוליב פּריצות, דערצו די גרויסע גאַלעריע אין דער הויך לאָזט די פרויען אין גאַנצן נישט זען וואָס ס׳טוט זיך אין שול, חוץ וואָס זיי הערן דעם חזן.

ווי זקנים דערציילן, איז די דאָזיקע גאַלעריע באַשטימט געוואָרן פאַר די רביים מיט זייערע תלמידים, וועלכע פלעגן זיך דאָ אויסשטעלן יעדער בין מנחה למעריב און ענטפערן ברוך הוא וברוך שמו, אמן. אויך שמחת תורה איז דאָרט געווען אַ מקום מנוחה פאַר די קליינוואַרג צו שטיין מיט זייערע פאָנען.

---

*) ביאָגראַפישע נאָטיץ פון מחבר און זיין בילד אויף זייט 162.

אַ גרויסע גראָבע מצה, וועלכע ווערט איבערגעביטן יעדן פסח, הענגט אויף איינער פון די שול ווענט צוליב „עירובי חצרות". אין אַ ווינקל פון שול הענגט אויף אַ גראָבן שטעקן דער „נר תמיד" אַ פשוטע הילצערנע לאַמטערנע וואָס די אַלטקייט אירע האָט גאָר נישט קיין שיעור. וועגן דער דאָזיקער לאמטערנע ווערט דערציילט פאָלגענדעס:

מיט עטלעכע זעכציק יאָר צוריק האָט ה' מ. ביאַליסטאָצקי, איינער פון די אַמאָליקע קהל־לייט, געקויפט זייער אַ שיינעם לאָמפ אנשטאָט דער אַלטער הילצערנער לאמטערנע. מען האָט געבעטן מחילה ביים „נר תמיד" און אויפגעהאנגען אויף זיין אָרט דעם נייעם לאָמפ. ווי פאַרוווּנדערט און צעשראָקן איז מען אָבער געוואָרן, קומענדיק צו מאָרגנס אין שול אין זע־ענדיק, ווי דער לאָמפ ליגט צעבראָכן אויף פיץ פיצלעך. מ'האָט תיכף געכאַפּט דעם אַלטן „נר תמיד" און אויפגעהאָנגען צוריק על מכונו.



פראַגמענט פון דער בימה אין זאַבלודאָווער שול. רעכטס די טרעפּ צום ארון־הקודש.

בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע איז די שול באַזוכט געוואָרן פון דייטשן פרינץ אױ־גוסט ווילהעלם, מיט זיין סוויטע. ער איז דערשטיינט געוואָרן פון די וווּנדערלעכע כלי קודש פון שול, פון אירע שיינע פּרוכתן פון די בלעכן וואָס אויף יעדער פון זיי איז פאַרצייכנט

פרטים פון פיל הונדערטער יאָרן, ער האָט דאָן פיל זאַכן פאָטאָגראַפירט און די שול גופא פון אַלע זייטן. ער איז נישט דער איינציקער, די שול איז באַזוכט געוואָרן פון פיל גראַפן קניאזן און גרויסע שררות, נאָר אונדזערע יידישע קינסטלער ווייסן ווייניק וואָס וועגן אונדזער מערק־ווירדיקער אוראַלטער לעגענדאַרער שול.

אויף איינעם פון די דילן, וואָס גייען איבער דער גאַלעריע קעגן דער ווייבערשער שול, איז מיט דלאָטעס און העק אויסגעהאַקט די נעמען פון די בריסקער, פינסקער בעלי־מלאָ־כות, וואָס האָבן איר געבויט, נאָר איין קלייניקייט, דעם יאָר האָבן זיי פאַרפעלט צו פאַר־צייכענען. אינעווייניק איז די מזרח וואַנט אויסגעהאַנגען מיט שיינע מעשענע טאַצן מיט אַלערליי איינגעדרוקטע פיגורן. די ווענט זענען פאַרשמאָלצן און אין אייניקע ערטער צוגע־ברענט פון די סטאַציקעס, אַזעלכע וואַקסענע ליכטלעך, וואָס מען פלעגט צוקלעפּן צום וואַנט אין דער צייט, ווען מען האָט פון קיין אַנדער באַלייכטונג נישט געוווסט.

די ווענט פון שול זענען געבויט פון גאַנץ לאַנגע דילן און זייער ברייטע, נישט גע־זעגענע מיט קיין פּאָפּערעצנע זעגן, נאָר גלאַט אַרומגעצעסעט מיט העק, ווייל אין יענער צייט, האָט מען נאָך פון זעגן דילן נישט געוווּסט. אַן אַלטער מנהג איז געווען איינגעפירט אין שול נאָך פון פריערדיקע גאונים: צו פייערן שבת „בהעלותך" מיט גרויס פּאַראַד. דאָס איז געווען אַן אמתער יום־טוב פאַרן גאַנצן שטעטל.

ערב שבת בהעלתך פלעגט די שול ווערן באַצירט: מען פלעגט אויפהענגען אירע אַלע קאָסטבאַרע פרכתן אויף די ווענט און ביינאַכט פלעגט ווערן אָנגעצונדן ליכט וויפל „בהעלותך" באַטרעפט אַן ערך פון 600 ליכטלעך.

צו דעם צוועק פלעגט דער שמש מיט עטלעכע גבאים, גיין מיט אַ פּאָר טעג פריער אויפנעמען ליכטלעך אין שטעטל ביי די באַלעבאַטים, און יעדער פלעגט געבן מיט גרויס חשק. ערב שבת נאָך אַ האַלבן טאָג, פלעגן קומען די געוועזענע דעמאָלסדיקע כלי־זמרים פון שטעטל מיט דעם בדחן בראש און פלעגן שפּילן שיינע נגונים לכבוד שבת „בהעלתך" און דאָס גאַנצע שטעטל איז אָנגעלאָפן אין שול זען דעם פּאַראַד. דער מנהג פון אויפהענגען די פרוכתן אין דעם דערמאָנטע שבת איז נאָך אַ מנהג אויף היינטיקן טאָג. נאָר אָן כלי זמרים און נישט אַזוי פיל ליכט, ווייל היינט איז אין שול דאָ עלעקטרישע באַלייכטונג.

נישט קוקנדיק אויף די אַלע לעגענדעס פון כמה דורות, אַז מען דאַרף זיין אָפּגעהיט צו מאַכן אין שול תקונים, האָבן זיך פונדעסטוועגן געפונען עטלעכע פון די שול־לייט, וועלכע האָבן געלאָזן אָפּפאַרבן דעם אַלטן אָרון קודש, די טרעפּ, וואָס פירן צו אים, די בימה, אַריינ־געשטעלט אַ סך פאַרביקע שייבלעך און דערצו געמאַכט אַ רעמאָנט ביי די אַביסל אונטער־געבויגענע ווענט, וועלכע מ׳האָט אונטערגעשפּאַרט מיט סלופּעס און שרויפן. האָט טאַקע אַ פּוילישער מאַגנאַט, וועלכער האָט גלייך נאָכדעם באַזוכט די שול, מוסר געזאָגט דעם שול־גבאי: הלמאי ער האָט געלאָזן מאַכן אין שול נייעסן. מיט וואָס ס׳איז פאַרשוועכט געוואָרן די אַלטערטימלעכע הערלעכקייט און פּראַכט.

אינטערעסאַנט זענען די פאַרשיידענע לעגענדעס און מעשות אַרום דער שול, וועלכע וואַרפן אַ ליכט אויפן לעבן פון אונדזערע אורעלטערן מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

אויפן גרויסן שטיין וואָס ליגט האַרט ביי דער שול, דערציילט מען, פלעגט מען אַמאָל געבן מלקות איטלעכן, וואָס איז איבערגעטרעטן אַ מינדעסטן מנהג אָדער דין. אין אַלטן פּנקס איז טאַקע פאַראַן אַ מעשה מיט אַ בחור אַ קצב, וואָס האָט געגעסן אין אַ תענית ביי אַ קריסט אין נאָענטן דאָרף טרעשטשאַנקי. האָבן אים צו מנחה צייט אָפּגעוואַרט דער רב מיט די שמשים און די פני העיר, געשלאָגן אים אויפן שטיין מלקות און נאָכדעם אַריינגעשטעלט אין קונע. נאָך מנחה האָט אים איטלעכער געשפּיגן אין צורה, און אַזוי אַרום איז אים פאַרגעבן גע־וואָרן דער חטא.

אין פּנקס איז אויך אַריינגעשריבן אַ מנהג פון גרויסן גאון ר׳ בענדעט, מחבר פון „נר תמיד", אַז די שטאָט טאָר קיינמאָל נישט נעמען קיין חזן־שוחט צוליב דעם, וואָס דער חזן־

ספר

# נר תמיד

וכבר נדפס נר אחד על מס׳ תמיד ונתקבלו לרצון בחמלת הבורא ית׳ עלי

וכעת נר שני · הנקרא נר אהים · הם ביאורים נחמדים על

מסכת

## כריתות

[illegible] ואגלים כאים כנוטעים · מכל הס׳ : [illegible]

[illegible] · מכוון אמר נקי לאסקים · אלה הדברים אשר

סכן אותי [illegible] : הקטן **ברוך בענדט**

באמ״ו המופלג בתורה ויראה מוהר״ר

**משה** זללה״ה · היושב בק״ק

**זאבלודאווי** יע״א :



**כנאווי דוואהר.**





אין דער פרוויליגירטי דרוקריי פון הערן **יאהאן אנטוהאן קריגר :**



לפ״ק — אך יען נמצא בו דבר טוב — לסדר ולפרט

שערבלאַט פון דעם ספר „נר תמיד“ פון זאַבלודאָווער גאון הרב ברוך בענדעט זצ״ל געדרוקט אין יאָר ה׳תקס״ג (1803)

שוחט, וואָס איז דעמאָלט געווען אין גאַנס צייט, העכער הונדערט און דרייסיק יאָר צוריק, איז איינגעשלאָפן אין אַ כל־נדרי־נאַכט ביים עמוד, זייענדיק זייער איינגעמאַטערט פון קוילן אַ גאַנצן טאָג די כפּרות. די תקנה נישט צו באַגראָבן דאָ קיין מתים אין טליתים, איז אויך פאַרשריבן פונעם זעלביקן גאון אין פּנקס.

מחמת דעם, וואָס איין מאָל יום־כּפּור איז אין שול געוואָרן שרעקלעך ענג, נישט איבער־צוטראָגן, דער עולם האָט דעמאָלט געשריגן נישט אַנדערש, אַז ס׳זענען אָנגעקומען אין שול מתים, וועלכע מ׳קען נישט דערקענען, זיי גייען ווי אַלע גלייך אין טליתים...

ס׳טראָגט זיך אַרום אַ לעגענדע, אַז ר׳ בענדעט האָט באַשאַפן פון ליים אַ גולם, וועלכער פלעגט האַקן האָלץ און טראָגן וואַסער יעדן ערב שבת. ווי אַלטע לייט זאָגן, געפינט זיך נאָך עד היום די ליים אויפן שול־בוידעם, אָבער נישט יעדער איז עס זוכה צו זען...

בנוגע די דריי בית־עולמלעך האַרט ביי דער שול לצד מזרח איז אַ סוד, ווי קומען זיי אַזוי נאָענט צו דער שול, אַנדערע זענען זיך משער, אַז יידן האָבן אין יענער צייט געהאַט אַ געטאָ און זיך נישט געטאָרט ווייזן מחוץ לתחום.

אויפן דריטן „בית עולם״, וועלכער איז אַ קיילעכדיקער אַ קליינער מיט אַ בוים אין מיטן, זענען באַגראָבן, דערציילט די לעגענדע, אַ חתן־כּלה וועלכע זענען ביידע געשטאָרבן אויף אָט דעם אָרט, גייענדיק צו דער חופּה בעת ס׳האָט געבושעוועט די כאָלערע, — פּיל לעגענדעס און פאַרשיידענע מעשׂות זענען נאָך דאָ פאַרשריבן אין דעם אַלטן פּנקס, וואָס ליידער געפינט ער זיך נישט ביי אונדז צוליב דעם וואָס דער ד״ר כאַזאַנאָוויטש פון ביאַליסטאָק, האָט אים מיט פיל יאָרן צוריק צוגענומען ביי ה׳ העשל העפנער און אָפּגעשיקט אין ירושלים אין ביב־ליאָטעק, אין „בית נאמן״.



פראָנט פון דער אַלטער זאַבלודאָווער שול.

באַמערקונג:

דער דאָזיקער אַרטיקל (ווי אויך אַ טייל אַנדערע) זענען געשריבן געוואָרן פאַר חורבן און דעריבער רעדט זיך אין זיי וועגן דער שול ווי אַן אָביעקט וואָס איז נאָך געווען.

י. ל. כהן (פונעם בוך „יידישער פאָלקלאָר“)

# וועגן דער זאַבלודאָווער שול

— א —

אין זאַבלודאָווער שול האָט פון שטענדיק געברענט אַן אַלטע לאַמטערן ווי דער נר־תמיד. היות אָבער די לאַמטערן איז שוין געווען זייער אַן אַלטע, האָט אַ נגיד מנדב געווען 25 רובל אויף אַ נייער. אַז מען האָט געקויפט דעם נייעם לאָמפּ, האָט אים דער שמש אָנגעצונדן און די אַלטע לאַמטערן אַרונטערגעשטעלט אונטער דער באַנק, און איז אַוועק. אַז ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער צו זיין גרויסן חידוש געזען, אַז דער נייער נר־תמיד איז אויסגעלאַשן, און ס'ברענט אין דער אַלטער לאַמטערן, וועלכע שטייט אונטער דער באַנק. ער האָט פאַר־לאָשן די אַלטע און צוריק אָנגעצונדן די נייע. אָבער אין אַ צייט אַרום האָט ער ווידער באַ־מערקט דאָס אייגענע וואָס פריער. דעמאָלט האָט ער וועגן דעם דערציילט דעם רב, וועלכער האָט געהייסן אַראָפּנעמען די נייע און צוריק אויפהענגען די אַלטע.



די שול — צו סוראזער גאַס (לינקס זעט זיך די געביידע פון דער אַלטער באָד)

— ב —

אַמאָל איז אין זאַבלודאָווע אויסגעבראָכן אַ שריפה, וועלכע האָט זיך פאַרשפרייט אַרום דער שול. זענען דעמאָלט אָנגעלאָפן גרויסע מחנות קראָען און נישט צוגעלאָזט צו דער שול דאָס פייער.

— ג —

ווי באַוווסט, איז די זאַבלודאָווער שול געבויט אָן טשוועקעס. אַ סאָלדאַט האָט אַבער איינמאָל געזאָגט, אַז ער וועט יאָ אַריינשלאָגן אַ טשוואָק. ווען מען האָט אים געוואָרנט, אַז דאָס טאָר מען נישט, האָט ער נישט געפאָלגט און געטאָן זיינס. נאָך דעם איז ער געשטאָרבן.

## שמואל צעסלער

# לא המתים יהללו יה

אַלט איז געווען דער יידישער ישוב אין זאַבלודאָווע און אַלט איז געווען איר היל־צערנע היסטאָרישע שול. און אַלט זענען געווען די לעגענדעס וואָס האָבן זיך געוועבט אַרום איר.

אַ געטורעמטע האָט זיך די דאָזיקע שול דערהויבן פון דעם זאַמדיקן טאָל מיטן שטיין פון ששת ימי בראשית ביי איר זייט.

און סודותפול, שטיל, האָבן זי געהיט, צוקאָפּנס, צוויי אַלטע בית־עולמלעך און אַביסל ווייטער, דער קבר פון חתן־כלה וואָס זענען געשטאָרבן — אונטער דער חופה און מען האָט דאָביידן מקבר געווען אינאיינעם.

און דאָס גאַנצע לעבן פון דעם שטעטלשן יידישן ישוב, איז געווען — פאַרבונדן מיטן דערמאָנטן היסטאָרישן בנין.

פלעגט פאָרקומען אַ חתונה אין שטעטל, פלעגט מען פירן חתן־כלה, מיט מוזיק, צו דער אַלטער היסטאָרישער שול און דאָרט די חופה שטעלן.

און פלעגט פאָרקומען — נישט פאַר קיינעם געדאַכט — אַ לוויה, פלעגט מען מיט דער מיטה אַרומגיין אַרום דער שול, און איז דער מת אַ חשובער געווען, האָט מען אים ביי דער שול מספיד געווען, און דערנאָך צו קבורה געבראַכט.

און מקבר געווען די מתים אין זאַבלודאָווע, האָט מען אָן טליתים.

און וועגן דעם דאָזיקן אויסטערלישן מנהג, איז פאַרבליבן אַ וווּנדערלעך שיינע לע־גענדע און תקנה, אַריינגעשריבן אין דעם אַלטן פנקס פון דער זאַבלודאָווער שול, און דער פנקס געפינט זיך איצט אין דער ביבליאָטעק פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירו־שלים.

די לעגענדע דערציילט אַזוי:

מיט הונדערטער יאָרן צוריק, איז ערב יום־כפור צו כל־נדרי, אין דער אַלטער שול, געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער...

יידן מיט טליתים איבער די קעפּ האָבן אָנגעפילט די שול אַלץ מער און מער...

האָט דער צדיק הדור, דער באַרימטער רב ר׳ בענדעט פאַרשטאַנען, אַז די מתים פון די אַרומיקע בית־עלמינס זענען געקומען הערן כל נדרי.

און אין דער שול ווערט אַלץ ענגער און ענגער.

איז דער צדיק אַרויף אויף דער בימה און גוזר געווען אַז אַלע מתים זאָלן פאַרלאָזן די שול — קיינער האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט. און אין דער שול ווערט אַלץ ענגער און ענגער.

האָט דער צדיק נאָך אַמאָל באַפוילן, אַז אַלע לעבעדיקע זאָלן אַראָפּוואַרפן זייערע טלי־תים פון די קעפּ. און ווען די לעבעדיקע האָבן עס געטאָן, זענען אַ סך מתפללים געבליבן מיט די איבערגעדעקטע טליתים איבער די קעפּ...

דעמאָלט האָט דער צדיק הדור ר׳ בענדעט אויסגערופן:

— לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה! איך בין צום לעצטן מאָל גוזר, אַז די מתים זאָלן פאַרלאָזן די שול!

און די מתים האָבן געפאָלגט: אין דער שול איז געוואָרן וואָס אַמאָל גראַמער און גראַ־מער.

דעמאָלט האָבן די לעבעדיקע מתפללים ווידער זיך איבערגעדעקט מיט זייערע טלי־תים און זיך געשטעלט זאָגן כל נדרי.

און גלייך נאָך יום כפור איז פאַררופן געוואָרן אַן אסיפה פון רבנים און אין דעם היס־טאָרישן פנקס פון דער שול איז אַריינגעשריבן געוואָרן די תקנה, אַז מען זאָל קיין שום מת נישט מקבר זיין מיט זיין טלית, כדי ער זאָל נישט קענען קומען אין שול צו כל נדרי... *



אויסזען פון אַ טייל פון דער אינעווייניקסטער גאַלעריע אין דער שול.
מען זעט דאָ, אין דער רעכטער זייט, דעם אַרויפגאַנג.

* מען פלעגט יאָ מקבר זיין מיט אַ טלית, אָבער אַ געמאַכטן פון די לייוונט פון די תכריכים.



ז. סעגאַלאָוויטש

# די זאַבלודאָווער שול

די טיפסטע קונסט פון צייטן און פון סטילן
די איידלסטע ניואַנסן פון מוזיק,
דער פערזון־קלאַנג פון דאַנטע און ווירגילי,
דער טעמפל־בוי פון דורות פיל צוריק.

דאָס אַלץ, וואָס קינסטלער־מענטש האָט אָנגעזאַמלט,
געשניצט פון פיין־געפיל און שכינה פול...
דאָס אַלץ האָט אַ זין פאַר אונדז נאָר דעמאָלט — דעמאָלט
ווען אין זאַבלודאָווע איז גאַנץ די שול...

---

# ביים כנרת

איך קוק אויפן כנרת. אַ ווונדערבאַרער וואַסערפלאַך, וואָס בייט כסדר זיינע קאָלירן. יעדעס וואָלקנדל שפיגלט זיך אין אים מיט באַזונדערע פאַרבן. רייסטו אָפּ אויף אַ רגע די אויגן און באַלד דערזעסטו אַן אַנדער כנרת. די זון עגבערט זיך איין אין אים, ווי אַ זיל־בערנער שרויף, נאָר ער בלייבט שטענדיק בלוי, העלער און טונקעלער סעלעדין, גרין, דאָך אַלץ מיט אַ בלויער שאַטירונג, מען קען נישט פאַרשטיין ווו ער נעמט אַזויפיל בלויקייט און אַזויפיל בלויע קאָמבינאַציעס און קאָמפּאָזיציעס. איין מאָל דערמאָנט ער מיר די אויגן פון מיין ברודערס ייִנגעלע, וועלכער איז שוין געגאַנגען אין שולע; אַ צווייטן מאָל דערמאָנט מיר דער כנרת די בלויע קאָרן־בלומען פון די פוילישע פעלדער .איצט שווען דאָרט די אַשעלעך פון פאַרברענטע קינדער. אין קאַזימיערזשער שול איז געווען אַן אַלטער פרוכת, האָט ער געהאַט בלויע געוועבן, — דער כנרת דערמאָנט. אין זאַבלודאָווער שול זענען געווען איבערן ארון קודש צוויי בלויע הירשן — דער כנרת דערמאָנט. ער הערט נישט אויף צו דעמאָנסט־רירן זיין בלויען פאַרמעגן — איך זאָל האָבן מער און מער בלויע זכרונות. כנרת איז אַ שיינער וואַסער, דער אייבערשטער פלאַך זיינער באַוועגט זיך קוים־קוים. שטרענג אַן דיין געהער, וועסטו האָרכן אַ מורמל אַן איינגעהאַלטענעם:

— איך בין רואיק, זיי אויך רואיק!

י. קרעפּליאַק

# פֿאַרבלאָנדזשעט

## (אויסצוג)

מיר, קינדער, האָבן געוווּסט: ברעכט מען נאָר אָפּ כאָטש אַ פּיצל האָלץ פֿון דער אַל־טער שול, האָט מען „כּרת־יאָרן", שטאַרבט מען יונגערהייט.

זי שטייט נאָך ביז היינט.*)

שוין הונדערטער יאָרן אַלט, אַ הילצערנע דערהייבט זי זיך פֿון דער טיפֿעניש, פֿון מיטן אַ זאַמדיקן טאָל איבער אַלע דעכער פֿון שטעטל.

אַ געצאַצקעטע, אַ געשניצטע, טורעמט זי זיך הויך אין הימל. דער שפּיציקער דאַך מיט טורעמלעך, מיט שטיבעלעך און מגן־דוד פֿענצטערלעך.

די אַלטע, גרויע אַש־קאָלירטע ווענט זענען דורכגעבויערט מיט לעכער דורך וואַנען פֿייגעלעך פֿליען פֿראַנק און פֿריי אַריין און אַרויס פֿון שול.

***

עטלעכע טריט ווייטער, הינטער דער מזרח־וואַנט — איז אַ קליינער, ענגער בית־עלמינדל אַרומגעצוימט ווי אַ געוויינלעך גערטנדל.

מיר, קינדער, האָבן געוווּסט: קריכט מען נאָר אַריבער דעם נידעריקן צוים, האָט מען „כּרת־יאָרן", שטאַרבט מען יונגערהייט.

און ס׳האָט געצויגן אַריבערצוקריכן; זומער איז דאָס געווען דער איינציקער גרינער אָרט פֿון גאַנצן זאַמדיקן טאָל, פֿול מיט ווילדע בלומען, וואָס האָבן אַרויסגעשפּאַרט דורכן פֿאַרקאַן. ווינטער, איז דאָ דער שניי געווען ווייסער און ריינער ווי אומעטום.

מיר האָבן אָבער געוווּסט, אַז דאָ האָט מען חתן־כּלה פֿון אונטער דער חופּה צו קבר־ישראל געבראַכט און מען טאָר נישט שטערן זייער אייביקע רו.

***

הינטערן שטעטל פֿאַרכאַפּט דער אַלטער וואַלד דעם האָריזאָנט און קומט צו נאָענט, גאָר נאָענט צום שטעטל.

און פֿון אַלע מעגלעכע זייטן ציען זיך דורך אים קוים מערקבאַרע סטעזשקעס, שאָטנ־דיקע, שטילע. זיי קירעווען זיך, שלענגלען זיך צווישן קוסטעס און מוראַשניקעס, איבער וואַלד־טייכלעך און פֿירן אין דער טיף פֿון וואַלד צו אַ הויכן, הויכן באַרג, אַרויף מיט וואָרצל־דיקע טרעפּ צו דעם בלינדן פֿאַרהאַקטן „וואַלד־שטיבל".

און אַז מיר פֿלעגן אַמאָל אָנקומען אַהינצו מחנות־ווייז, איינציקווייז, האָבן מיר גאָר־נישט געוואַגט צו טאָן, האָט אונדז געקלאַפּט דאָס האַרץ פֿאַר פּחד.

אַ מאָדנע סודותדיקייט און פֿייערלעכקייט האָט געהערשט אַרום „שטיבל". דער וואַלד

---

*) בעת דער נאַצי־הערשאַפֿט איז די שול חרוב געוואָרן. — רעד.

האָט מיט אמתער ליבשאַפט געטריי עס איינגעטוליעט. איבערן נידעריקן דעכל האָבן צווישן די שטאָלצע סאָסנעס צוויי דעמבעס, אויף אַ חברשן שטייגער, פאַרלייגט די דיקע צווייגנדי־קע הענט איינער ביים אַנדערן אויפן אַקסל און אַזוי עס געהיט.

מיר, יינגלעך, האָבן נישט געטשעפּעט דאָס „וואַלד שטיבעלע", נישט פּרובירט אויפ־ברעכן דאָס פאַרהאַקטע פענצטער, זען וואָס אינעווייניק איז. מיר האָבן זיך געשראָקן. כאָטש מען האָט אונדז נישט געזאָגט, פונדעסטוועגן האָבן מיר געטראַכט, אַז מ׳ר קענען נאָך האָבן „כרת־יאָרן".

.1

שוין דורות־לאַנג, אַז דאָס איז געוועןן.

ציט זיך דער טונקעלער, געדיכטער וואַלד אין דער ווייטקייט אַוועק. קריכט קיינמאָל די נאַכט נישט אַרויס פון זיין טיף, און קוקט שטענדיק סודותדיק אַרויס אויף דער ווייסער וועלט.

ס׳זשומעט, ס׳זינגט און ס׳רוישט אין וואַלד. פליען פייגל אין גרינעם הימל, לויפן אַרום פלינקע חנעוודיקע סארנעס. דורך דער צעוואַקסענער געדיכטעניש ברעכט דורך מיט אַ קרעכץ דער זובר זיין וועג; טרעט ווייך און קרום דער בער. ערגעץ קנאַקט מיט די ציינער אַ וואָלף, און אויף אַ צווייג שלאָפט אַ סאָווע מיט אָפענע אויגן. קלעטערן אַרום פון בוים צו בוים וועוויאָרקעס און אויף די פאַליאַנעס שפּרינגען האָזן.

גייט אַרום, רוישט דער „וואַלד מענטש" אין אים; מיטן פאַרבלאָנדזשעטן דורכגייער שפּילן זיך בלאָנדזשענדע פייערלעך, פאַרפירן אים אין דער טיפעניש, פירן אים אַרום ביז זיי פאַרנאַרן אים אין זומפּ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין מיטן וואַלד האָט פאַרבלאָנדזשעט אַ שטעטל. ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ שטיבל דאָ, אַ שטיבל דאָרט, זיך באַהעפט אין קרומע געסלעך. — אין מיטן יידן, ביי די עקן גויים.

שטיל, מיושבדיק לעבן די יידן, האַנדלען מיט תבואה, מיט קאַשע, מיט סמאָלע, מאַכן שיך, נייען בגדים, צאָלן צינז דעם גראַף פון שטעטל, האָפן אויף משיחן, און באַהעפט מיט גאָט.

פשוטע פאַרהאָרעוועטע מענטשן.

נאָך פשוטער און עניוותדיקער איז דער גרייז־גראָער רב. די יידן רופן אים מיט ליב־שאַפט ר׳ יאָסעלע; זיין מויל איז געבענטשט, זיין וואָרט ווערט מקוים.

אָבער שלעכט איז די יידן פון שטעטל. דער גראַף פון שטעטל טשעפּעט זיך צו זיי, דערקוטשעט זיי, מאַכט פון מאָל צו מאָל גרעסער דעם צינז, — און רייצט די גויים אויף זיי.

טשעפּען זיך די גויים צו די יידן, כדי צו געפעלן דעם גראַף, — קרעכצן יידן, וואַרטן אויף משיחן און האָפן צו גאָט.

.2

נאַכט, אַ פאַרפסחדיקע נאַכט.

עס שלאָפט נישט דער רב. הינטערן שטיבל רוישט דער וואַלד. אַ ספר ליגט אָפן, אַ לעמפּל טונקלט און באַלייכט פאַרגעלטע בלעטער און אַ גרייזע באָרד.

עס שלאָפט נישט דער רב. דער וואַלד רוישט. לויפט אַרום אַ ווינטל אין דער נאַכט און באַקומט אַרויס זיפצן שטילע, זיפצן טיפע.

דאָס זיפצט דער רב.

קנייטשט זיך דער פאַרטראַכטער ליכטיקער שטערן.

„שווער איז געווען דאָס לעבן מיט גאָטס וואָרט אין מויל, פיל ענויים געזען, פיל צרות און פיין".

„אָבער גאָט האָט געהאָלפן, גאָט וועט העלפן".

„עלטער און איינגעבויגענער ווערט דער גוף; פון טאָג צו טאָג ציטערן די הענט מער, דער שטעקן פאַלט שוין פון האַנט אַרויס"...

אָבער נישט וועגן דעם זיפצט דער רב.

„שווער שוין צו גיין אויף התבודדות אַלע באַגינען אין וואַלד. די פיס פאָלגן שוין נישט"...

ער האָט צער דערפון, אָבער נישט פון דעם זיפצט דער רב.

ער ווייסט: „די נשמה בענקט שוין צום הימל און דעם איינגעהויקערטן קערפּער ציט צו דער ערד"...

נישט צוליב דעם זיפצט דער אַלטער רב, ניין.

„ס'גייט אַזאַ יום־טוב, דער כשרער פסח קומט, און דער אַלטער גראַף, דער באַלעבאָס פון שטעטל, טשעפּעט זיך און יידן זענען אין זיין רשות".

עס צאַנקט דאָס לעמפּל. לויפן אַרום שאָטנס פון צער, שאָטנס פון פּיין; מורמלען די ליפּן:

„גאָט פון אונדזערע עלטערן! נעם צו מיין געבעט. מאַך ווייכער דעם גראַפס האַרץ און זיין בייזקייט צעברעך".

עס שלאָפט נישט דער רב. עס רוישט דער וואַלד. אַ ווינטל לויפט אַרום אין דער נאַכט און באַקומט אַרויס זיפצן שטילע, זיפצן טיפע...

דאָס זיפצט דער רב.

3.

באַלד דעם ערשטן טאָג פסח אינדערפרי זענען אַריינגעלאָפן יידן צו ר' יאָסעלען:

— רבי, גויים האָבן חמצדיק געמאַכט אַלע ברינעמער פון שטעטל, נישטאָ וואָס צו טרינקען.

האָט ר' יאָסעלע אַ גלעט געטאָן די באָרד:

— מילא, מסתמא אַ נסיון פון גאָט. גייט שעפּט אויס אייערע ברינעמער.

זענען געשטאַנען די מאַנסבילן אַ גאַנצן יום־טובדיקן טאָג און אויסגעשעפּט די קוואַליקע ברינעמער.

אויף מאָרגן אינדערפרי ווידער אַ בהלה אין שטעטל. די ברינעמער זענען ווידער המצדיק — פול אָנגעשאָטענעם האָבער און גערשטן...

— רבי, אַן אומגליק, די ברינעמער זענען ווידער חמצדיק...

קנייטשט זיך דאָס פּנים פון צער:

— יידן, שעפּט אויס! —

און אַזוי טאָג נאָך טאָג, אַ גאַנצן יום־טוב.

און יעדן טאָג לויפט מען צום רב:

— רבי, העלפט, שוין נישטאָ קיין כוחות צו שעפּן, שוין נישטאָ וואַסער צו שעפּן, מיר האָבן זיך שוין אַלע קראַנק געמאַכט, מיר האָבן נאָך פון יום־טוב נישט פאַרזוכט.

און אַ טאָג פאַר אחרון של פסח, ווען מען איז געקומען צו לויפן ווייטער מיט דער בייזער בשורה, האָט זיך ר' יאָסעלע אין אויפרעגונג אַ הייב געטאָן און מיט צער אַרויסגעזאָגט:

— רבונו של עולם! וואָס ווילן זיי פון אונדז? אַ פאַרשטערטער יום־טוב...

מער האָט ער גאָרנישט געזאָגט, נאָר געהייסן מען זאָל שעפּן, מען מוז אויסשעפּן, ביזן גרונט.

און פּלוצלינג, אין מיטן דער נאַכט, האָבן זיך דערהערט שרעקלעכע קולות פון די גויישע גאַסן. אין קלויסטער האָבן ווילד אָנגעהויבן אַ געביל די גלעקער. אַ רויטקייט האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן צום הימל און באַלד האָט עס אָנגעהויבן ווערן העלער און שרעקלעכער.

מאָדנע אָנגעטועגע מענטשן שפּרינגען מיטאַמאָל פון דער פינצטערניש אין דער העל־קייט אַריין; האַלב־נאַקעטע לויפן מיט צעקרימטע פּנימער; מיט צעשראָקענע אויגן אין דער פינצטערניש אַריין.

ווייט צעטראָגט זיך און שפּאַרט זיך מיטן פייער צום הימל דאָס געשריי פון מענטשן, אַ געוויין פון קינדער, אַ בלעקן פון שאָף און דאָס רעווען פון בהמות; אין אַ ווילדן גאַלאָפּ טראָגן זיך אַרום פערד מיט שפּרינגענדיקע הינט אויף זיי.

און פּלוצלינג האָט זיך די גאַנצע פאַרצווייפלונג אָנגעהאָנגען אין איין וואָרט:

— וואַסער!

און באַלד האָט זיך געטראָגן צום הימל צוזאַמען מיט די פלאַמען:

— ראַטעוועט, וואַסער!

גויים לויפן, יידן לויפן, ראַטעוועט! וואַסער!

די ברינעמער זענען אויסגעשעפּט, קוים־קוים אויפן גרונט, און דאָס צעבושעוועטע פייער פאַרפלייצט, פאַרפלייצט דאָס שטעטל.

שפּרינגט איבער דער פלאַם פון שטרויענעם דאַך צו שטרויענעם דאַך. טרייבט פאַר זיך אומברחמנותדיק די נאַכט, און ביי יעדן שטרויענעם דאַך הייבט זיך אויף, אויפדאָסניי דאָס ווילדע געשריי:

— א, א, א,!

פאַרלאָרן האָבן זיך די גויים; נאָר יידן לויפן נאָך אַרום, ברענגען זייער אָפּגעשפּאָרט וואַסער פון די הייזער, אָבער וואָס קען עס העלפן? און דער הימל ווערט אַלץ העלער און שרעקלעכער.

און פּלוצלינג איז דורכגעלאָפן דאָס וואָרט:

— ראַווין!

האָט עס אַ ייד געזאָגט? האָט עס אַ גוי געזאָגט? מען ווייס נישט. נאָר באַלד האָבן אַלע געאיילט, געשריגן: דעם רב אַהער, ר׳ יאָסעלען אַהער...

פון חצות, אין קיטל און אין טלית האָט מען אים געבראַכט צו דער שרפה.

האָט ער אַ רוף געטאָן:

— יידן, קומט אַהער!

האָבן אים אַלע אַרומגערינגלט.

האָט ער געבעטן:

— רבותי, ווער עס האָט נקמה אין האַרצן זאָל אַזאַ מחשבה אַוועקטרייבן און זאָלן מיר צוזאַמען בעטן, אַז דער אייבערשטער זאָל ראַטעווען דאָס שטעטל.

ר׳ יאָסעלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגן פייער און תפילה געטאָן בלחש, קוים־קוים וואָס זיין גרייז־גרויע באָרד האָט זיך באַוועגט...

און די יידן האָבן נאָכדעם דערציילט:

— אַ נס איז געשען. אונטער דעם רבס רואיקן קוק איז דאָס פייער געוואָרן רואיקער, שטילער און שטילער ביז מען האָט אים אינגאַנצן פאַרלאָשן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די שול שטייט נאָך ביז היינט.

שוין הונדערטער יאָרן אַלט, אַ הילצערנע, דערהייבט זי זיך פון דער טיפעניש, פון מיטן זאַמדיקן טאָל איבער אַלע דעכער פון שטעטל.

אַ געצאַצקעטע, אַ געשניצטע טורעמט זי זיך הויך אין הימל. דער שפּיציקער דאַך, מיט טורעמלעך, מיט שטיבעלעך, מיט מגן־דוד פענצטערלעך.

אין די אַלטע, גרויע, אַש־קאָלירטע ווענט, זענען דורכגעבויערט עפענונגען, דורך וואַנען פייגעלעך פליען פראַנק און פריי אַריין און אַרויס און נעמען מיט די קינדערשע תפילות אין הימל אַריין.

אין דער אַלטער שול, אין אַ ווינקל, אין אַ גרויסער הילצערנער לאַמטערנע ברענט אַ נר־תמיד.

און ביים אַריינגאַנג אין שול ליגט דער גרויסער שטיין, אויף וועלכן מיר, קינדער, שפּילן זיך אין „בארג סיני״.

פאַר אַן עדות און פאַר אַ שומר ליגט דער שטיין, אַז כל־זמן דער שטיין וועט ליגן, וועט די שול שטיין.



זאַבלודאָווער שול. קונסט־צייכנונג פון אהרן גודעלמאַן.

# ש. אַנסקי באַזוכט די זאַבלודאָווער שול

אין 1915, אין דער סאַמע צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אַלע גענומען לויפן צום שול־הויף, ווו עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט צוויי גלאַנציקע אויטאָמאָבילן. אַנדערע האָבן געלאָפן זוכן דעם שמש מיט די שליסלען. באַלד האָט זיך באַוויזן די שיינע הויכע פיגור פון ש. אַנסקי און נאָך אַנדערע הויכע רוסישע מיליטער־לייט, וועלכע זענען געקומען זען די שול.

שפּעטער זענען אויך געקומען דייטשישע יידישע מיליטער־לייט זען די היסטאָרישע זאַבלודאָווער שול. דאָס זענען געווען: גראָנעמאַן, הערמאַן, שטרוק, נאגלער און אַנדערע.

ד. ז. (מעקסיקע)




די שול — אַלס לשנה טובה־קאַרטל



מיכל הכהן סיני

# זכרונות וועגן זאַבלודאָווע

ווי ס׳איז מיר ליב און טייער דער אָנדענק פון גראָדנע, די שטאָט ווו כ׳בין געבוירן געוואָרן, פונקט אַזוי איז מיר אויך ליב און טייער דער אָנדענק פון זאַבלודאָווע, ווייל אין איר האָב איך פאַרבראַכט אַלע מיינע קינדער־יאָרן.

כ׳בין קיין זאַבלודאָווע געקומען, צוזאַמען מיט מיינע עלטערן, ווען כ׳בין אַלט געווען קנאַפּע צוויי יאָר, און ווען כ׳האָב דערנאָך זאַבלודאָווע פאַרלאָזט, אומקערנדיק זיך קיין גראָדנע, טאַקע ווידער צוזאַמען מיט די עלטערן, בין איך דעמאָלט געווען שוין אַ בחורל פון קרוב צו צוועלף יאָר. אַזוי אַז כ׳האָב געלעבט אין זאַבלודאָווע אַ צייטפּאַרלויף פון וואָסערע צען יאָר.

און, כאָטש פון זינט כ׳האָב זאַבלודאָווע פאַרלאָזט, זענען שוין אַוועק זעקס און אַ האַלב צענדליק יאָר, וואָס כ׳האָב שוין מער קיינמאָל זי נישט אָנגעקוקט, דאָך שטייט זי עד־היום מיר פאַר די אויגן, אַזוי קלאָר און דייטלעך, גלייך, ווי כ׳וואָלט ערשט נעכטן זי געזען.

*
**

זאַבלודאָווע האָט געהאַט, ווי כ׳געדענק, אַ האַלב טוץ צענטראַלע גאַסן. די נעמען געדענקט זיך מיר בלויז פון צוויי — די ביאַליסטאָקער און די ביעלסקער, וואָס זענען געווען לאַנגע גאַסן. ס׳זענען אויך געווען הינטערגעסלעך, און אַחוץ זיי זענען אין אַ זייט געלעגן נאָך אַ פּאָר גאַסן, וואָס זענען באַוווינט געווען פון לויטער נישט־יידן, די אַזוי־גערופענע „מיס־טשאַנעס", פונקט ווי די צענטראַלע גאַסן זענען געווען באַוווינט ווידער פון לויטער יידן. אויך האָט זאַבלודאָווע געהאַט אַ גרויסן מאַרק, און סיי די גאַסן ווי דער מאַרק זענען געווען שטענדיק זויבער, ריין, אין אָרדענונג.

די הייזער אין זאַבלודאָווע זענען געווען כמעט אַלע איינשטאָקיקע און פון האָלץ געבויטע; די דעכער זייערע זענען געווען מערסטנטייל מיט שינדלען געדעקט. אַ סך פון די הייזער זענען געווען אָפּגעפּאַרבטע. געשטאַנען זענען די הייזער אין גלייכע שורות און האָבן געהאַט אַ סימעטרישן אויסזען. דאָס איז געווען אָבער אַזוי נאָר אויף די צענטראַלע גאַסן, דאַקעגן די הייזער אין די הינטערגעסלעך זענען געשטאַנען צעוואָרפן, אָן אַ סיסטעם און אָן אַ סימעטרישן פּלאַן, און געווען זענען אַ סך פון זיי מיט שטרויענע דעכער באַדעקט. און דאָך אין די צען יאָר, וואָס כ׳האָב אין זאַבלודאָווע געלעבט, האָב איך נישט מער ווי נאָר איין פּאַזשאַר (שרפה) בייגעוווינט, און דאָס אויך נישט אין שטעטל גופא, נאָר אויסער דעם שטעטל, נעבן דעם טייך. דאָרט איז געהאַט געשטאַנען אַ פּאַראָווע מיל, וואָס האָט געהערט צו אַשן דעם גביר; ס׳איז געווען גראָד אַ ציגלנער בנין, אַ גרויסער, צווייטשטאָקיקער; האָט שפּעט אין דער נאַכט אויסגעבראָכן אין דער מיל אַ פייער און זי איז אינגאַנצן פאַרברענט

געוואָרן. אין דער דאָזיקער מאוימדיקער שרפה זענען אויך צוויי נפשות אומגעקומען — דער מילנער מיט זיין פרוי, צוויי יונגע מענטשן, וועלכע האָבן אין דעם בנין פון דער מיל געוווינט און נישט באַוויזן זיך צו ראַטעווען. דער אָנזען פון דיביידע פאַרברענטע גופים האָט דאַן שטאַרק געווירקט אויף מיין קינדערשער נשמה.



ביאַליסטאָקער גאַס

כ׳האָב דערמאָנט דעם טייך, איז לאָמיך שוין דערציילן, אַז די גאַנצע זאַבלודאָווער ייִדישע יוגנט פלעגט זומער איבערליגן די פאַרנאַכטן ביים טייך, און באָדנדיק זיך באַווייזן זייער קונץ פון שווימען, און שווימער זענען געווען דאַן אין זאַבל׳ודאָווע אייניקע זייער גוטע. דער טייך איז אַפילו אַ גאַנץ רואיקער, אַ שטילער, נישט קיין שטראָמיקער, און דאָך האָט געפּאַסירט פאַר מיין צייט אַ פּאָר מאָל, וואָס געווען איז דער טייך גרויזאַם און האָט צוגענומען אַ פּאָר קרבנות; איינמאָל איז דערטרונקען געוואָרן אַ יונג ייִנגל, אַ בן־יחיד געווען ביי זיינע עלטערן; אַ צווייטן מאָל ווידער איז דערטרונקען געוואָרן אַ יונג מיידל. האַרצרייסנדיקע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביי די דאָזיקעביידע פאַלן. אָט געדענקט זיך מיר, אַז איך אַליין בין אויך איינמאָל שיעור נישט דערטרונקען געוואָרן, נאָר ס׳מזל מיינס איז מיר ביי־געשטאַנען, וואָס מ׳האָט מיך צו דער געהעריקער מינוט אַרויסגעראַטעוועט פון די נעגל פונעם מלאך־המוות. נו, כאָטש דער טייך אין זאַבלודאָווע איז, ווי געזאָגט, אַ שטילער און נישט קיין שטראָמיקער, איז ער אָבער ערטערווייז היפּש טיף און סכנותדיק.

***

זאַבלודאָווע איז פון קדמונים אָן, פון זינט זי איז געוואָרן אַ ייִדיש שטעטל, געווען איינגעהילט און איינגעטוליעט אין ייִדישקייט. זי האָט אַלע מאָל געהאַט אַ שם מיט אירע גרויסע רבנים, מיט אירע גדולי־הדור, מיט די סך למדנים און אויך מיט אירע משכילים. ס׳האָט אין איר שטענדיק געבליט און געוואָקסן אַ רייכע ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט, מיט שאַטירונגען און ריכטונגען פון אַ גייסטיקן, נאַציאָנאַלן און קולטורעלן לעבן, אַזוי אַז זי איז, בכן, נישט בחינם געהאַט דערהויבן געוואָרן צו דער חשיבות, אַז ביאַליסטאָק, זייענדיק שוין אַ

שטאָט, און מיט אַ סך אַ גרעסערער יידישער איינוווינערשאַפט, זאָל האַלטן פאַר אַ זכיה צו זיין די שכנה פון זאַבלודאָווע; וואָרום ווי ס'איז גוט באַוווסט, איז געווען אַמאָל אַ צייט, וואָס ביאַליסטאָק האָט אויף אירע אַרויסגעגעבענע כתבים אָנגעגעבן אַן אויפשריפט: „ביאַליסטאָק הסמוכה לזאַבלודאָווע".

אויך אין מיין צייט איז אין זאַבלודאָווע געשטאַנען יידישקייט אויף אַ הויכן מצב. יעדע יידישע הויז דאָרט איז געווען אַ פעסטונג פון יידישקייט. דער אָרעמסטער זאַבלודאָווער ייד — וועגן די פאַרמעגלעכע איז אוודאי אָפגערעדט — האָט באַטראַכט ווי אַ געבאָט צו באַצירן זיין שטוב מיט אַן אַלמער אָדער לפחות מיט אַ פאָליצע ספרים, צווישן וועלכע ס'האָט אָפט אַרויסגעקוקט אַ גאַנג משניותן, אָדער אַ ש"ס גמרות, מיט די גילדערנע אויפשריפטן אויף די געבלימלטע לעדערנע רוקנס, אָדער אַנדערע ספרים פון די אַלטע ייִדיש־רעליגיעזע און יידיש־קולטורעלע ווערטן. אויך דער כבוד פון אַ בית־מדרש איז אין זאַבלודאָווע געמאָסטן געוואָרן לויט דער צאָל ספרים וואָס ס'איז דאָרט געווען; האָט יעדער בית־מדרש דאָרטן געהאַט טאַקע אוצרות פון ספרים פון אַלערליי סוגים, וואָס זענען געווען פאַר די פאַרשיידענע שיכטן פון דער קהילה.

אַז מ'פלעגט עפענען אַ טיר אין אַ זאַבלודאָווער יידישער שטוב, אַפילו אין די אָפּגע־לעגנסטע אָרעמע געסלעך אַרום שול, אָדער, להבדיל, אַרום מרחץ, דאָרט ווו ס'האָט געוווינט דער געמיינער עולם, שניידערס־טאַנדעטניקעס און שוסטערס־לאַטוטניקעס, אויך אין די דאָרטיקע נעבעכדיקע אָרעמע שטיבלעך האָבן פון די ווענט אַראָפּגעשיינט די פאָפּולערע יידי־שע בילדער, ווי פון משה רבנו מיט די לוחות; פון אהרן הכהן מיט די אורים ותומים אויף זיין ברוסט; פון ווילנער גאון ווי ער זיצט אָנגעטאָן אין טלית און תפילין; אָדער דאָס בילד פון די 39 „גאוני וגדולי ישראל" מיטן רמב"ם אין מיטן; אָדער גאָר בילדער פון היסטאָרי־שע געשעענישן, ווי דער „נס חנוכה", „אחשורש און אסתר"; אָדער אַ בילד פון דער שפּאַ־נישער אינקוויזיציע, וואָס שטעלט פאָר ווי ס'ווערן יידן געפירט צו ווערן פאַרברענט אויף דער אויטאָ־דאַ־פע.

אָנקוקנדיק אָט־די דאָזיקע בילדער פון יידישע גאונים און גדולים, ווי פון דער גרויסער יידישער פאַרגאַנגענהייט, האָט ס'אומעטיקע יידישע אויג, וואָס האָט נאָר געזען אַרום זיך עלנט און נויט, צרות און פיין, דאָך געהאַט דערקוויקט זיך און געפונען טרייסט און האָפע־נונג, אמונה און ביטחון. יידישע קינדער האָבן שוין אין זייער פריסטער יוגנט — כ'נעם דאָ ד'עם ביישפּיל פון זיך אַליין — דאָך איינגעזאַפּט אין זייערע בליקן דעם הייליקן שיין, וואָס ס'האָט אַראָפּגעשטראַלט פון די דאָזיקע בילדער, צוזאַמען מיטן יידישן אומעט און יידישן שטאָלץ. און אַ זוימען איז געהאַט פאַרוואָרפן געוואָרן אין זייערע יונגע הערצער און דאָרט געיערט טיף אַלע זייערע יאָרן.

**
*

די בתי־מדרשים (פאַר מיין צייט זענען געווען פיר, אַ חוץ דער שול) זענען געווען די נשמה פון זאַבלודאָווע. זענען טאַקע דער רוב יידן געווען מער אין די בתי־מדרשים ווי אין די נעבעכדיקע גראָשענע קרעמלעך זייערע, ווו מ'האָט אויסגעקוקט די אויגן אויף אַ קונה. און געקומען זענען די יידן אין די בתי־מדרשים נישט נאָר מתפלל צו זיין, נייערט אויך צוליב לער־נען תורה. אין יענע צייטן איז אין זאַבלודאָווע דער לימוד־התורה געווען שטאַרק פאַרשפּרייט. מ'האָט אין די בתי־מדרשים געקענט זען צענדליקער יידן, אַלטע און יונגע, אָרעמע און רייַ־כע, זאָגנדיק אַ בלאַט גמרא, אָדער לערנענדיק „עין יעקב", נישט נאָר אין די פאַרנאַכט־שעהן, בין מנחה למעריב, נאָר טאַקע דעם גאַנצן טאָג און אפילו ביינאַכט.

מהאי־טעמא זענען טאַקע געווען דעמאָלט אין זאַבלודאָווע אַ היפּשע צאָל למדנים. לכל־הפחות אַ דריטל, אויב נישט די העלפט פון די זאַבלודאָווער יידן האָבן געקענט גוט לערנען. אַז ס'פלעגן צוויי פון די דעמאָלטיקע זאַבלודאָווער יידן זיך צוזאַמענטרעפן, האָט זיך דער

שמועס זייערער אָנגעהויבן און אויסגעלאָזט מיט דברי־תורה; האָבן איינער דעם אַנדערן דערציילט וואָס אַזוינס ער האָט באַוויזן אין דער תורה מחדש צו זיין. אַפילו די שיחת־חולין אין יענע צייטן האָט זיך געדרייט אַרום אַ פסוק, אַ מאמר חז״ל.

ס׳דאַרף דאָ אָבער באַמערקט ווערן, אַז בנוגע אָט־דעם פּרט קומט אָפּצוגעבן אַ שבח אויך די דעמאָלטיקע זאַבלודאָווער יידישע פרויען, וועלכע האָבן גערן געוואָלט, אַז זייערע מענער זאָלן עוסק זיין אין תורה. ס׳איז געווען אַ געוויינטלעכע זאַך, אַז יידישע פרויען אין זאַבלודאָווע זאָלן פרייוויליק פאַרנעמען זיך מיט דער דאגת־הפרנסה, אַליין זאָרגן זיך פאַר דער שטוב־חיונה, בכדי די מענער זייערע זאָלן פריי זיין צו קענען אָוועקגעבן זייער צייט אויף לערנען תורה.

בדרך כלל, זענען די זאַבלודאָווער יידישע פרויען אין יענע צייטן געווען שטאַרק צניעות־דיק, טאַקע אמתדיקע נשים צדקניותן. ווי ס׳איז באַוווסט, האָט די ערשטע פרוי פון דעם באַ־רימטן יידישן געלערנטן חיים זעליק סלאָנימסקי (דער גרינדער פון דער אַמאָליקער פּאָפּולער העברעאישער צייטונג „הצפירה״, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע), מיט אים זיך געגט, דער־פאַר וואָס ער איז נישט געווען גענוג פרום, און זיין איז זי געווען דאָך אַ געבוירטיקע אין זאַבלודאָווע.

יאָ, זעלטענע יידישע פרויען האָט זאַבלודאָווע געהאַט; שיינע, האַרציקע, ווילע פרויען און צניעותדיקע ביז גאָר.

און אויף וויפל ס׳איז געווען אין זאַבלודאָווע אין מיין צייט פאַרשפּרייט דער לימוד־התורה, איז גלייכצייטיק געווען דאָרט נישט ווייניקער פאַרשפּרייט אויך די השכלה. ס׳איז דאָרט געווען ווי ס׳ווערט געזאָגט: „תורה וחכמה במקום אחד״.

ס׳האָט זאַבלודאָווע אויפן געביט פון השכלה געקענט קאָנקורירן מיט גרעסערע מקו־מות, אפילו מיט יענע וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר די צענטערס פון השכלה.

ס׳איז געווען אָבער אינטערעסאַנט, אַז די אַטמאָספערע אין זאַבלודאָווע איז געווען אַזאַ, וואָס צווישן די לומדי־תורה און משכילים איז קיינמאָל קיין שום קאַמף נישט געווען, להיפך, איינע מיט די אַנדערע האָבן זיך פאַרהאַלטן טאָלעראַנט. דער משכיל האָט געהאַט אָנזען אי־נעם קרייז לומדי־תורה, און דער תורה־לערנער ווידער איז געווען פאַררעכנט ווי אַן אייגענער מענטש אינעם קרייז משכילים. ס׳איז צווישן אָט־דיביידע שטרעמונגען אין זאַבלודאָווע גע־ווען אַזוי פיל גוטמוטיקייט, אַז ס׳האָט צווישן זיי קיינמאָל נישט געקענט געשאַפן ווערן קיין באָדן פאַר אַזאַ זאַך, ווי פאַרביטערטקייט און גאַל...



געהאַט האָט זאַבלודאָווע — אַזוי צו זאָגן — אַ טאָפּלטן פּרצוף: איינעם אַ וואָכעדיקן, דעם אַנדערן — אַ שבתדיקן. איז אויף דעם שבתדיקן שטעל איך זיך דאָ אָפּ.

דעם אמתן, טיפן מיין פון שבת האָט מען געקענט אין זאַבלודאָווע פילן מער ווי ערגעץ אַנדערשוווּ. פרייטיק ווען ס׳איז געווען נאָך לאַנג פאַר שקיעה פלעגט שוין ווערן אין די גאַסן שטילער און שטילער. פורן פלעגן אויפהערן צו פאָרן; מענטשן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון לויפן; די קופּקעלעך יידן, וואָס זענען דאָ־און־דאָרט אין מיטן מאַרק געשטאַנען און גע־שמועסט צווישן זיך, האָבן אָנגעהויבן צו פונאַנדערגיין זיך; די ווייבער וואָס זענען פאַר די געוועלבלעך געשטאַנען מיט שטריקנאָדלען אין די הענט, געשטריקט און געשמועסט צווישן זיך, האָבן דערמאָנט זיך, אַז ס׳איז ערב־שבת און ס׳איז שוין שפּעט, האָבן זיי באַלד אויפ־געהערט צו שטריקן און דאָס שמועסן איבערגעריסן; ס׳האָבן פון אַלע זייטן געצויגן זיך יידן, גרויס און קליין, אַלט און יונג, מיט פּעקעלעך אונטער די אָרעמס, אין מרחץ אַריין... און ווען די זון האָט אָנגעהויבן אונטערגיין, האָט באַלד דער שול־שמש גענומען דורכגיין דעם מאַרק, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, און אויף אַן אויסגעצויגענעם האַלב־זינגענדיקן קול אויסרופן: „יידן, דער שבת־קודש קומט — יידן, אין שול אַריין!״ און אָט — די אַלע גע־

שעפטן און די געוועלבלעך זענען באַלד געוואָרן פאַרמאַכט, און ס׳האָט לאַנג נישט גע־דויערט, האָט זיך איבערן גאַנצן שטעטל איינגעשטעלט אַ גרויסע שטילקייט, אַז מ׳האָט פּשוט געקענט הערן ס׳קלאַפּן פון אייגענעם האַרץ. און ווען ס׳איז שוין נאַכט געווען, האָט זיך אויס־געוויזן, אַז די שטערן אין לויטערן הימל האָבן געשיינט ממש ליכטיקער און לעבעדיקער, ווי אין די אַנדערע נעכט פון דער וואָך, גלייך זיי וואָלטן געוואָלט צוגעבן זייער ליכט צו דעם שבת־המלכה־ליכט, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן דורך די פענצטער פון אַלע יידישע הייזער. און די יידישע הייזער אין אָט־די פרייטיק־צו־נאַכטן, האָבן אויך געהאַט עפּעס אַן אַנדער אויסזען, אַ מער פריילעכערן, אַ מער לעבעדיקערן; האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געוואָרן העכער, אויסגעצויגענער, אָט ווי זיי וואָלטן סאַלוטירט דער מלכה שבת.



שמואל־זאב לאפּעטשיי (שול־רופער) און זיין פרוי חנה

יאָ, אַ וווּנדערבאַרער, אויסערגעוויינטלעכער היילקייטס־געפיל האָט אַרומגענומען אַנ־קוקנדיק דעם זאַבלודאָווער שבתדיקן פּרצוף, און ס׳איז נישט געווען קיין חילוק וואָס איינער איז געווען, צי אַ רעליגיעזער אָדער אַ נישט־רעליגיעזער, צי אַ פרומער אָדער אַ נישט־פרו־מער. אַלע ווי איינער זענען אין זאַבלודאָווע געווען איינגעהילט אין אָט־דעם גייסט, אין דער קדושה פון שבת.

אַזוי פלעגט עס דאָרט אויך זיין מיט די יידישע אַלע ימים־טובים.

אפילו די זאַבלודאָווער שבת־גוים, וואָס פלעגן אין די בתי־מדרשים און אין דער אַלטער היסטאָרישער שול*) פאַרלעשן די ליכט פרייטיק־צו־נאַכט און זיי אָנצינדן שבת אינדערפרי צום דאַווענען, אָדער זיי פלעגן גיין שבת אין געוויסע יידישע הייזער מאַכן פייער און „אָנ־שטעלן" דעם סאַמאָוואַר, אָדער גיין אין שליחות צו ברענגען דעם טשאָלנט פון דער בעקעריי, אויך זיי האָבן זיך געפילט שבת־יום־טובדיק אין דעם יידישן שבת און יום־טוב, ווייל זיי פלעגן נהנה זיין פון די יידישע באַטעמטע מאכלים, נאָך וועלכע זיי זענען געווען שטאַרק להוט...

***

ווי כ׳האָב פריער דערציילט, זענען אין זאַבלודאָווע, ביי דעם עק־שטעטל, געווען צוויי גויעשע גאַסן, באַוווינטע מיט לויטער נישט־יידן, מיט די אַזוי־גערופענע „מיסטשאַנעס"; איז כאָטש מ׳איז געווען אַזעלכע נאָענטע שכנים, מ׳האָט אַפילו אינאײנעם געאַרבעט און גע־האַנדלט, זענען זיי אָבער דאָך געווען, אַזוי די יידן צו די קריסטן, ווי די קריסטן ווידער צו די יידן, פרעמד און דערווייטערט — צוויי באַזונדערע וועלטן. ס׳איז געווען אָבער אַ מין פריד־לעכע פאַרפרעמדקייט און דערווייטערונג, צו קיין אַנטאַגאָניזם און צו שנאה איז עס צווישן זיי גליקלעכערווייז נישט געקומען.

---

* וועגן דער דאָזיקער שול איז אין פּנקס פאַראַן אַ ריי ספּעציעלע אַרבעטן.

דאָך פאַר מיין צייט האָט איינמאָל געהאַט געפּאַסירט, אַז אין אַ קריסטלעכן יומא־דפּגרא, האָט אין שטעטל אויפן מאַרק זיך צונויפגענומען אַ כאַפּטע „מיסטשאַנעס״ און געלאָזט זיך ווילגיין מיטן ביטערן טראָפּן, איז ווען זיי זענען געוואָרן שטאַרק בגילופנדיק, האָט זיך זיי מעשה־שטן פאַרגלוסט נעמען אַ מעסט צו טאָן זייערע כוחות איבער יידישע קעפּ; האָט זאַבלודאָווע אָבער דעמאָלט פאַרמאָגט אַ שטאָלצע יידישע יוגנט, אַ העלדישע יוגנט, האָבן טאַקע די כוליגאַנעס באַקומען באַצאָלט ווי ס׳האָט זיי געקומט. און פון דעמאָלט אָן האָט זיך פאַר מיין צייט אַזאַ מין ספּעקטאַקל שוין קיינמאָל מער נישט איבערגעחזרט.

***

כ׳טרעט איצטער צו דאָ צו די זאַבלודאָווער יידישע גבירים, וואָס מיט זיי וועט זיין מיין אַרבעט פאַרענדיקט.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז צווישן די טויזנט משפחות יידן — מעגלעך, אַז ס׳איז געווען מער — וואָס זאַבלודאָווע האָט אין מיין צייט פאַרמאָגט, זענען געווען אַ סך יידן פאַרמעגלעכע, דאָך גאַנץ רייכע יידן, גבירים הייסט עס — אַזעלכע זענען אין זאַבלודאָווע געווען בלויז צוויי. איינער איז געווען יהושע העשל העפּנער, דער צווייטער — אַש (זיין נאָמען געדענק איך שוין נישט), וועמען כ׳האָב שוין דערמאָנט פריער, דערציילנדיק וועגן דער פאַראָווער מיל זיינער וואָס איז פאַרברענט געוואָרן.

וועגן דעם אַשן, איז נישטאָ קיין סך וואָס צו דערציילן. אָט ווי גרויס ס׳איז געווען זיין עשירות (זי איז געשאַצט געוואָרן אין היפּשע הונדערטער טויזנטער רובל), איז אָבער פיל גרעסער געווען זיין קאַרגשאַפט. אַ מוראַדיקער קמצן איז ער געווען. אַרויסצוקריגן ביי אים אַ ביישטייערונג פאַר די צרכי־הציבור, פלעגט אָנקומען שווער ממש ווי קריעת־ים־סוף. און פון אַרויסהעלפן אַ ייד בשעת־דחקו איז געוויס אָפּגערעדט. מהאי־טעמא איז ער ביי די זאַבלודאָווער יידן טאַקע געווען זייער שפלדיק, און זיי האָבן וועגן אים זיך געוויצלט, זאָגנדיק, אַז ער איז קאַרג דערפאַר, ווייל ער האָט קיין שליטה נישט אויף זיין אייגן געלט, ער איז נאָר אַ שומר איבער דעם געלט. טאַקע וואָלט ער וועלן העלפן, מיטן גאַנצן האַרצן וואָלט ער וועלן, וואָרום מ׳זעט דאָך טאַקע ווי ער קרעכצט פּשוט און ער זיפצט בשעת יענער קלאָגט זיך פאַר אים, נאָר העלפן קען ער דאָך נישט... אַז ער האָט אויף זיין געלט נישט קיין שליטה...

דאַקעגן אָבער האָבן זאַבלודאָווער יידן, אַלע כאיש אחד, שטאַרק געהאַלטן פון העשל העפּנערן, געשטאָלצירט מיט זיין עשירות און באַרימט זיך אי מיט זיינע וואַלד־עסקים, אי מיט זיין בראָנפן־פּאָדוואַל וואָס האָט געשמט אין די סביבות — און טאָמער האָט ווער געזאָגט אויף העפּנערן פאַר אַ זאַבלודאָווער ייד, אַז אַ גביר־אַדיר איז ער טאַקע נאָר נישט קיין מיליאָנער, איז יענער געווען ביי אים פאַררעכנט פאַר אַ חסר־דעה...

און דער אמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אָט די ליבשאַפט און אַכטונג פון די זאַבלודאָווער יידן, האָט העשל העפּנער גאַנץ כשר טאַקע פאַרדינט, ווייל ער איז געווען דאָך אַ שיינער האַרציקער ייד, אַ פאָלקס־ייד, מיט אַן אמתדיק יידיש האַרץ, אַ מענטש מיט אַ יידישער נשמה, מיט זעלטענע גוטע מידות. ער איז שטענדיק געווען גרייט צו טאָן אַ מענטשן אַ טובה, אַרויסצוהעלפן ביד־רחבה יעדן איינעם, וואָס האָט זיך געווענדט צו אים נאָך הילף, סיי אפילו ווען דער ניצרך איז געווען אַ נישט־ייד.

ווען ס׳איז נייטיק געווען אויסצופירן געוויסע קהלשע זאַכן, ווי למשל: אַ פּלויט צום בית־עולם, אַ דאַך איבערן מרחץ, אַ נייעם קעסל אין דער מקווה, אַן אָרון־קודש אין אַ בית־מדרש, אַ רעמאָנט (פאַרריכטונג) אין דער שול, און נאָך כדומה אַזעלכע זאַכן, און בשעת־מעשה איז גראָד די קהלשע קאַסע געווען ליידיק, האָבן די ראשי־הקהל אָבער געוווסט, אַז אָט־די אַלע זאַכן וועלן אויסגעפירט ווערן ווי נאָר מ׳וועט זיך ווענדן צו העפּנערן. זיי האָבן גוט געוווסט, אַז ער, העפּנער, וועט פאַר זיי אָן שום שהיות אויפשפּיליען זיין קעשענע און — ס׳וועט שוין אויף אַלץ קלעקן.

**אַט אַזאַ סאָרט יידישער גביר איז עס געווען העשל העפנער.**

**אויך זיין פרוי חיה־שרה, איז ביי די זאַבלודאָווער יידן שטאַרק באַליבט און געאַכט געווען, ווייל זי איז אין איר מאַנס דרכים געגאַנגען. צו אלמנות איז זי אַ שוועסטער געווען און אַ מוטער צו יתומים און יתומות; און אַז אַן אָרעם כלה־מיידל האָט געדאַרפט חתונה האָבן, איז זי די הויפּט־מחותנתטע געווען, וואָס האָט פון איר קעשענע באַזאָרגט אי דעם גאַנצן נדן, אי די אַלע חתונה־הוצאות. און וויפל קראַנקע דערשלאָגענע מענטשן ס׳זענען צו איר נאָך הילף געקומען, האָט זי צו אַלעמען אויסגעשטרעקט איר האַנט — איר יד נדיבה — און גע־האָלפן זיי מיט וויפל ס׳איז נייטיק געווען. איז אין שטעטל פלעגט מען אויף איר טאָקע זאָגן, אַז זי, די העפנערשע — ווי מ׳פלעגט זי אַזוי רופן — איז גאָר קיין מענטש נישט, נייערט אַ מלאך איז זי, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט אינעם געשטאַלט פון אַ פרוי.**

**אגב, איז זי געווען אַ זעלטענע שיינהייט; ס׳האָט איר שיינקייט אַלעמען ממש ווי באַ־צויבערט.**

**נו, צוליב העשל העפנערן, האָבן זיך עס געהאַט מיינע עלטערן באַזעצט אין זאַבלודאָווע, ווייל דער פאָטער מיינער איז אָנגעשטעלט געוואָרן ביי אים אַלס הויז־לערער פון העברעאיש פאַר זיינע קינדער (דריי יינגלעך און צוויי מיידלעך), אָנהאַלטנדיק די שטעלע צען יאָר, ביז אונדזער אָפּפאָרן צוריק קיין גראָדנע.**

**דער עלטסטער פון העפנערס קינדער — וואָלף העפנער, איז דערנאָך געווען אַ תושב אין ביאַליסטאָק, ווו ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אַלס מנהיג אין דער דאָרטיקער ציוניסטישער באַוועגונג, ווי בכלל אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ווען ס׳האָט אויס־געבראָכן די לעצטע מאוימדיקע וועלט־מלחמה איז ער, ווי אַנדערע ביאַליסטאָקער יידישע קדושים, אויך אומגעבראַכט געוואָרן על קידוש־השם דורך די נאַצי־בעסטיעס ימח־שמם.**

**געוווינט האָט אויך אין ביאַליסטאָק, אָבער נאָך אין דעם ווייטן אַמאָל, צו וועלכן עס באַציט זיך די באַשרייבונג פון מיינע זכרונות, העשל העפנערס אַ ברודער — גרשון העפ־נער, וועלכער איז אויך געווען אַ ייד אַ גביר, אַ גרויסער געשעפטמאַן, און האָט דאָרט געהאַט גרויס אָנזען צוליב זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.**

**
*

**יאָ, ס׳איז געווען אַ זאַבלודאָווע, אַן אמתדיק יידיש שטעטל, וואָס איז געווען אי צו גאָט אי צו לייט, האָבן זי די נאַצי־רשעים אין גאַנצן חרוב געמאַכט. אויף זאַבלודאָווע מעג געזאָגט ווערן: חבל על דאבדין ולא משתכחין!**

ב אַ מ ע ר ק ו נ ג :

מיכל הכהן סיני איז געבוירן געוואָרן דעם 2טן דעצעמבער 1877. ער גיט אָן אין גראָדנע, אָבער אין דער ביאָגראַפיע פון ש. ראָזשאַנסקי אין דער אַרבעט צו מ. ה. סיניס 70סטן געבורטסטאָג ווערט אָנגעגעבן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין זאַבלודאָווע. מ. ה. סיני איז געקומען אַהער אין די 90ער יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט און האָט געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע אין דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן, בעיקר אויפן ליטע־ראַרישן געביט, פון אונדזער ישוב. ער איז געווען דער פּיאָנער פון דער יידישער פּעריאָדיק ביי אונדז. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין אַרגענטינע, דער „ווידער־קול״, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יאָר 1898. ער איז געשטאָרבן דעם 8טן אויגוסט 1958, אין עלטער פון 81 יאָר.

כבוד זיין אָנדענק!

ד״ר הערמאַן פראַנק

# יעקב קרעפּליאַק

## קורצע לעבנס־געשיכטע

**(1945 — 1885)**



ד״ר הערמאַן פראַנק

### א.

אין צאַרישן רוסלאַנד, נישט ווייט פון דער מערב־גרענעץ פון אָט־דער ברייט צעשפּרייטער מדינה, איז געלעגן דאָס אַלט און גוט־באַקאַנט יידיש שטעטל זאַבלודאָווע, נאָענט צו דער גרויסער פאַבריק־ און האַנדל־שטאָט ביאַליסטאָק. דאָס שטעטל איז פון אַלע זייטן געוועזן אַרומגערינגלט מיט גרויסע, געדיכטע וועלדער און מיט רחבותדיקע גרינע לאָנקעס, אויףביידע זייטן פון אַ שפּיגלדיק־בלויען טייך. אין מיטן שטעטל איז געשטאַנען אַ וווּנדערלעכע, אַלטע הילצערנע שול, ווו ס׳האָבן נאָך געדאַוונט די עלטער־עלטער־זיידעס פון די עלטסטע צווישן די גרייז־גרויע זאַבלודאָווער איינוווינער. איבער 400 יאָר איז שוין די שול דאָרט געשטאַנען און דער „פּנקס״, וואָס האָט זיך אין איר געפונען, האָט געקענט דערציילן מעשׂות פון 300 יאָר צוריק.

אין זאַבלודאָווע, ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט געלעבט אַ געמישטער עולם — פאַרמעגלעכע פאַמיליעס, נישט גרויס אין צאָל, אָבער מיט אַ גרויסער דעה איבער די ענינים פון קהל; און ווייניק־פאַרמעגלעכע, האָרעפּאַשנע לייט, ווי מלמדים, בעלי־מלאכות, קרעמערס, אַרבעטער. די איינוווינער פון שטעטל האָבן געפירט אַ געזונטן, שטילן לעבן, נאָענט צו דער נאַטור און דערווייטערט פון דער בהלה און הו־הא פון די גרויסע שטעט. פון די נאָענטע און ווייטע שטעט פלעגן זיך אָבער דערטראָגן טשיקאַווע אָפּקלאַנגען — באַזונדערס אין צייטן פון שטורעמס אין פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד, ווי מלחמה, רעוואָלוציע אַד״גל. דעמאָלט איז אפילו זאַבלודאָווע — דאָס שטעטל מיט פיינע, הילצערנע, קליינע הייזער, מיט די ברייטע גאַסן באַשאָטנטע פון געדיכטע שורות אַלטע, שטאַטנע ביימער, אויפגערודערט געוואָרן, ווייל אפילו אין איר, אין דעם קליינעם זאַבלודאָווע, האָט געלעבט אַ יוגנט, וואָס האָט געגאַרט צו וויסן וואָס אין דער גרויסער וועלט טוט זיך און האָט געוואָלט מיטמאַכן די געשעענישן אין גאַנצן לאַנד. און אויך הונדערטער יידישע אַרבעטער האָט געהאַט זאַבלודאָווע אין אירע פאַבריקן און פאַבריקלעך, אין וועלכע מ׳פלעגט מאַכן פון פעל — לעדער, פון וואָל — געוואַנטן, פון תבואה — גרויפּנס, אאַז״וו.

אין אַ האָרעפּאַשנער זאַבלודאָווער משפחה, ביי זעליק דעם שטריקדרייער, איז דעם צווייטן טאָג סוכות פון 1885 געבוירן געוואָרן אַ זון, יענקעלע, און פון אים איז עס אויסגעוואקסן דער גרויסער מענטשן־פריינד און באַוווסטער שרייבער יעקב קרעפּליאַק.

זיין פאָטער, זעליק, פלעגט אַליין, אָדער מיט דער הילף פון איינעם אָדער צוויי געזונטע אַרבעטער, פלעכטן שטריק פון קאַנאָפּלע אָדער פלאַקס, און דאָס פאַרקויפן צו די אַרומיקע

פּריצים און פּויערים. דער האַרעפּאַשנער זעליק האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ, אַ זייער שטאַרקן זכרון, און האָט געלאָזט לערנען זיינע קינדער, כדי צו מאַכן פון זיי געבילדעטע, חשובע מענטשן. זיין פּרנסה פלעגט אים זייער, זייער אָפּט צווינגען צו פאַרלאָזן דאָס הויז אויף גאַנצע טעג און וואָכן. איז דער צובונד צו אים פון די קינדער נישט געווען אַזאַ האַרציקער ווי ביי קינדער פון אַ פאָטער, וואָס איז מיט זיי שטענדיק אונטער איין דאַך.

דערפאַר האָט די מאַמע, אסתר, געהאַט פאַר די קינדער אַ טאָפּלטע מאָס ליבשאַפט און האַרציקייט. נישט נאָר אַ זעלטן גוטע פרוי, אָן אמתער מענטשן־פריינד, איז די מאַמע גע־ווען, נאָר — אויך געבענטשט פון דער נאַטור מיט אַ זיסער שטימע צום זינגען און מיט ליבע צו נגינה. אויך האָט זי געקענט דערציילן אירע קינדער אָן אַ שיעור אַלטע מעשהלעך, וואָס זי האָט נאָך געהערט פון איר מאַמע און באבע. נישט זעלטן פלעגט זי פאַר די קינ־דער לייענען פון טייטש־חומש, און פון אַנדערע ווייבערישע טייטש־ספרים, פאָעטישע מעשהלעך און לעגענדעס, וועלכע פלעגן די קינדער אַריבערטראָגן אויף טויזנטער יאָרן צו־ריק, צו די ערשטע אָנהייבן פון אונדזער אַלטן יידישן פאָלק.

יענקעלע איז געוואקסן אין חברשאַפט און פריינדשאַפט מיט די שכנישע קינדער פון דעם זעלביקן עלטער ווי ער. אָבער שטאַרק צוגעבונדן איז ער אויך געווען צו זיין שוועס־טערל זינע (זעלדע), וועלכע איז געווען מיט אַ צוויי יאָר עלטער פון אים. מ׳האָט יענקעלען פרי אָפּגעגעבן אין חדר, צו גוטע מלמדים. מיט פלייס האָט ער געלערנט חומש און רש״י. דער תנ״ך האָט ביי אים געלאָזן אַ שטאַרקן איינדרוק. שוין פרי האָט אין זיין יונגער נשמה, אונטער דער ווירקונג פון אונדזערע יידישע נביאים, זיך דערוועקט אַ געפיל פון מענטשן־לי־בע, אַ שטרעבונג צו יושר און צום אמת.

אויך אין דער רוסישער שול האָבן די עלטערן געשיקט יענקעלען און זעלדען. נישט זעלטן, זיצנדיק אין קלאַס־צימער, ווו מ׳פלעגט די קינדער לערנען די רוסישע שפּראַך אָדער חשבון, פלעגט יענקל זיך גאַר פאַרטיפן אין זיינע אייגענע מחשבות און זיך אַוועקטראָגן אין אַנדערע, ווייטע וועלטן. אָדער ער פלעגט מיט זיין בלייער צייכענען מענטשעלעך, צי אַנדערע בילדלעך, אין זיין שרייב־העפט. דאָס פלעגט אָבער דער רוסישער לערער באַלד באַמערקן און ווערן אין כעס. ער פלעגט מיט אַ ווירע שלאָגן יענקעלען איבער די הענט, אים מוסרן און רופן „אברהם״. פלעגט אים יענקעלע פרעגן: „איז דען נישט מיין נאָמען יעקב, פאַרוואָס רופט איר, הער לערער, מיך גאָר אברהם?״ און דער בייזער רוסישער לערער פלעגט זיך צעשרייען: „ווייל דער אורפאָטער פון אייער יידישן פאָלק האָט געמאַכט מענטשן און אויך דו צייכנסט מענטשעלעך אויפן פּאַפּיר...״ ביידע קינדער, יעקב און זעלדע, האָבן צו עטלעכע יאָר צייט זיך געלערנט אין אָט דער שול און געהאַט אין שטעטל אַ נאָמען פון ערנסטע און פלייסיקע שול־תלמידים. זיי האָבן צוגעגעבן כבוד און נחת דער הויז פון זייערע עלטערן.

אַ גרויסער גרינער גאָרטן איז געווען אַרום דעם הויז, ווו די פאַמיליע האָט געלעבט, און מיט גרויס חשק און ליבשאַפט פלעגט יענקעלע אין זייער גאָרטן נישט זעלטן פאַרזייען גרינסן, אפילו פאַרפלאַנצן דאָרט פרוכט־ביימלעך: עס האָט אים פאַרשאַפט הנאה צו זען ווי ס׳וואַקסט און געדייט אַלץ וואָס די גוטע מאַמע־ערד גיט אַרויס; די ערד, וואָס ער האָט מיט זיינע יונגע הענטלעך באַאַרבעט. געשפּילט האָט זיך יענקעלע מיט זיינע חברים, סיי ווינטער סיי זומער, אונטערן פרייען הימל, אויף דער פרייער לופט — אין גאָרטן, אין פעלד און וואַלד, אויפן פאַרפרוירענעם טייך אד״גל.

עס האָט אים אויך געצויגן צו איין סאָרט פאַרווייליונג, וואָס דאַרף געשפּילט ווערן מערסטנס אין דער היים. די שפּיל איז באַשטאַנען אין קלייבן און סאָרטירן און אָפּהיטן בריוו־מאַרקעס פון פאַרשיידענע לענדער. שיינע, פאַרביקע בילדער האָט ער פון קינדוויז אָן זייער ליב געהאַט, פלעגט אויסשניידן די פיינע קאָלירטע באַמאָלונגען פון „לשנה טובה״ קאַרטלעך און זיי קלייבן. די פאַרבן־פּראַכט פון אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן אויף די מאַר־

קעס האָט, ווי ס׳זעט אויס, געהאַט אַ צויבער־ווירקונג אויף יענקעלעס נשמה, שוין צו 7 יאָר איז טאָקע פון דעם קליינעם יענקעלע דעם מאַרקעס־קלייבער מיט יאָרן שפּעטער אויסגע־וואקסן אַ באַוווּסטער מאַרקעס־זאַמלער, אַ „פילאַטעליסט", אַ מבין און גרויסער ליבהאָבער פון די פיין־באַצירטע און נוצלעכע פּאַפּירענע צייכנס. *)

נישט בלויז צו מאלעריי־קונסט האָט יענקעלען פרי שוין געצויגן, ווייל אין נשמה האָט געלעבט אַ ליבשאַפט צו אַלץ וואָס איז שיין, נאָר אויך פון געזאַנג און מוזיק פלעגט זיין יונג, נאָך קינדערש, האַרץ אויפציטערן מיט אַ גרויסער הנאה. נאָך גאַנץ יונג איז ער גע־ווען, אפשר קיין 15 יאָר נישט, ווען ער פלעגט דעם גרעסטן טייל פון יאָר פאַרברענגען, כדי זיך צו לערנען אַ מלאכה, אין דער נאָענטער שטאָט ביאַליסטאָק. און דאָרט איז דער גרעס־טער פאַרגעניגן זיינער געווען צו הערן פון צייט צו צייט באַרימטע מוזיקער, וואָס פלעגן קומען אויף קאָנצערטן. אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט דער קאָנצערט פון באַרימטן פידל־שפּילער אין יענער צייט, סאַראַסאַטע. שוין פיל, פיל שפּעטער האָט יעקב קרעפּליאַק, אין זיין דערציילונג — „דאָס יינגל וואָס האָט געהערט סאראסאטען", איבער־געגעבן די איינדרוקן פון יענעם וווּנדערלעכן קאָנצערט אין ביאַליסטאָק.

ב.

ווען יענקל האָט דערגרייכט דעם בר־מצווה־עלטער איז ער שוין געווען צוגעווינט צו שעפּן וויסן און בילדונג פון ביכלעך און ביכער, וועלכע ער פלעגט מיט כוונה לייענען אין די פרייע מינוטן. אָנגעהויבן האָט ער מיט העברעאישע ביכער, ווייל פון די בעסטע מלמדים אין שטעטל האָט ער געקראָגן אַ היפּשע באַקאַנטשאַפט מיט דער אַלטער שפּראַך פון יידישן פאָלק. און ס׳האָט נישט גענומען לאַנג ביז יענקל האָט אויך ביכלעך און ביכער אין יידיש און רוסיש אָנגעהויבן צו שלינגען, ווען און ווו נאָר ער האָט זיי באַקומען צום לייענען. ער איז נישט געווען אָפּגעריסן פון די וועלט־פאַסירונגען; האָט געוווּסט מיט וועלכע אידעאַלן די בעסטע מענטשן פון יענער צייט לעבן, צו וועלכע צילן זיי שטרעבן. און געווען איז דאָס אַ צייט, ווען די שטרעבונג צו פרייהייט און גלייכהייט, צו אַ בעסערער און שענערער וועלט, האָט געלעבט אין די הערצער פון דער יוגנט. באַזונדערס האָבן די יונגע יידישע אַרבעטער, אין די יידישע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, זיך אָפּגעגעבן אין יענער צייט מיט אַ קאַמף פאַר פרייהייט, מער יושר און גלייכהייט פאַר אַלע מענטשן, אַ קאַמף פאַר די גלייכע רעכט פון די יידן צוזאַמען מיט אַלע פעלקער פון דער צאַרישער מדינה. די צאַרישע פּאָליציי און די זשאַנדאַרן האָבן מיט אַ שטרענג אויג און אייזערנער האַנט אויפגעפּאַסט אויף אָט די קעמפערישע, די „רעוואָלוציאָנערע", טיילן פון דער יידישער און נישט־יידישער יוגנט און פון אַרבעטער־קלאַס. מ׳האָט זיי גרויזאַם פאַרפאָלגט, זיי איינגעשפּאַרט אין די געפענגע־נישן און אויך פאַרשיקט אין דער ווייטער, קאַלטער סיביר.

אונטערן איינפלוס פון דער גרויסער שטאָט ביאַליסטאָק, וואָס האָט געהאַט אַ סך פאַב־ריקן און טויזנטער אַרבעטער, איז יעקב קרעפּליאַק געוואָרן אַ פרייהייט־קעמפער מיט אַ גרויסן נאָמען און אַ סך נאָכפאָלגער. אויך זיין שוועסטער, זעלדע (זינע), צו וועלכער ער איז געווען פון דער קינדהייט אָן, שטאַרק צוגעבונדן, האָט זיך אויפגעהאַלטן אין ביאַליס־טאָק אין יענער צייט און דאָרט באַזוכט אַ מיידלשע מיטלשול. יענקל קרעפּליאַק פלעגט אין ביאַליסטאָק עטלעכע שעה אין טאָג אָפּגעבן אויף „שטונדן": ער האָט געלערנט יונגע און דערוואקסענע תלמידים צו לייענען און שרייבן רוסיש, יידיש און העברעאיש און דערפון

---

*) אַ פּאָר אַרטיקלען איבער מאַרקעס („אין מאַרקעלאַנד") האָט י. קרעפּליאַק, אונטערן פּסעוודאָנים „פּי־לאַטעליסט", אָפּגעדרוקט אין „קינדער־זשורנאַל" (יוני און אויגוסט 1936, ניו־יאָרק). אַ קליינע זאַמלונג פון פּאָסט־מאַרקעס, וואָס ער האָט אָפּגעקליבן (ווייל זיי האָבן אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר יידן), איז לויט זיין ווילן געשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישראל.

טײלװײז פּאַרדינט אויף חיונה. דערבײ איז ער, פֿאַרשטײט זיך, געקומען אין באַרירונג מיט מוטיקע יונגע יידישע אַרבעטער קעמפּפער, וואָס זענען שוין יאָרנלאַנג (אין ביאַליסטאָק האָט די יידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1895) געווען אָנ־געשטעקט מיט פרייהייטס־געדאַנקען און שנאה צום צאַריזם.

פון זיינע פריסטע יאָרן האָט יענקל קרעפּליאַק מיטגעפילט מיט דעם צער פון די אָרעמע און אונטערדריקטע. דאָס האָט אים געפירט אין די רייען פון יענע קעמפּפער פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט, וועלכע ווערן אין אַלע לענדער פון דער וועלט גערופן מיטן זעלביקן נאָ־מען „סאָציאַליסטן". דער גרויסער אידעאַל פון סאָציאַליזם האָט דעם יונגן קרעפּליאַק אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט אין זיך דערפילט אַ פאַרלאַנג צו פאַרשפּרייטן דעם דאָזיקן גע־הויבענעם אידעאַל צווישן די פון זיינע חברים און באַקאַנטע, וואָס האָבן ווייניקער פון אים געוווסט וועגן דעם לעבן אין דער גרויסער וועלט. עס זענען אַרום אים געשאַפן געוואָרן לערן־קרייזלעך פון בחורים און מיידלעך אין זאַבלודאָווע. און אפילו אין ביאַליסטאָק, אַ שטאָט מיט אַזוי פיל געבילדעטע יונגע מענטשן פון די מיטלשולן און פול מיט אויפגע־קלערטע און רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, האָבן אַ סך יונגע לייט זיך ביי אים געלערנט. די חברים־תלמידים האָבן אים זייער רעספּעקטירט, ווייל ער האָט זיי געלערנט און אויפגע־קלערט, מיט פלייס, ליבשאַפט און געדולד. אין דער רעוואָלוציאָנערער „אונטערערדישער", ד"ה געהיימער און פאַרבאָרגענער באַוועגונג האָט מען אים גערופן י ע נ ק ל פּ ר אָ־פ ע ס אָ ר. אונטער אָט דעם נאָמען האָבן אים געקענט סיי די פריינט, סיי די פיינט זיינע — די פּאָליציי און זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן געזוכט צו כאַפּן דעם צוואַנציק־יאָריקן באַגייסטערטן רעוואָלוציאָנער.

מיט זיין גוטן ביישפּיל פון פריינדלעכקייט און ברידערלעכקייט, האָט יענקל קרעפּ־ליאַק געווירקט צום גוטן נישט ווייניקער ווי דורך זיין אויפגעקלערטן און קלוגן וואָרט, מיט וועלכן ער האָט צווישן די יונגע אַרבעטער פאַרשפּרייט בילדונג און וויסן. אויך צווישן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און זייערע פּאַרטייען פלעגן פון צייט צו צייט אויסברעכן קריי־געריייען, ביטערע סכסוכים. אָבער שטענדיק פלעגט יענקל, אויב ער פלעגט דערביי זיין, אַריינטראָגן שלום און פריינדשאַפט אין די צעריסענע צווישן זיך מחנות. ער פלעגט דער־ביי אויסמוסרן זיינע חברים מיט די ווערטער: „טייערע חברים, אויב איר ווילט בויען אַ נייע, שיינע און גערעכטע וועלט, און קענט אַליין צווישן זיך נישט לעבן בשלום, טאָ ווער זשע וועט אייך נאָכגיין אויף די וועגן, אין וועלכע איר ווילט פירן אַנדערע מענטשן?"

אָט אַזוי האָט זיך דער נאָמען „יענקל פּראָפעסאָר" פאַרשפּרייט ווייט און ברייט איבער אַ סך שטעט און שטעטלעך, ווו ער האָט, צוליב זיין אַרבעט פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף און אויפקלערונג צווישן אַרבעטער יידישע, זיך אויפגעהאַלטן דאָ לענגער, דאָרט קירצער, אין יענער שטורמישער צייט, אין די יאָרן צווישן 1903 און 1906. אומעטום, ווו ער איז גע־ווען — אין מינסק, פּינסק, יעקאַטערינאָסלאַוו, גראָדנע, קריניק א"אַנד, האָט מען אים גוט געקענט און געשעצט.*) און דערפאַר טאַקע איז געווען אַזוי גרויס די שנאה צו אים פון דער צאַרישער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. מ'האָט אים צייטנווייז געפייניקט און געשלאָגן. איין מאָל, אין האַרבסט פון 1905, ווען ער איז געזעסן אין דער ביאַליסטאָקער טורמע, האָט זיך צווישן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין שטאָט פאַרשפּרייט אפילו אַ קלאַנג, אַז אין טורמע איז, פון די אַכזריותדיקע קלעפּ, דער באַרימטער חבר „יענקל פּראָפעסאָר" געשטאָרבן.

אין די יאָרן פון קאַמף פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט האָט יענקל קרעפּליאַק זיך באַ־געגנט מיט אַ יונגער חברטע, אַ מיטקעמפּפערין פאַר דער באַפרייאונג פון פאָלק, אַ נ ע ש אַ פּ י ר אָ, און זיך מיט איר נאָענט באַפריינדעט. אויך זי איז אַ צייט געזעסן אין גע־

*) אַן אינטערעסאַנטע פּאַסירונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּינסק, אין דער צייט ווען י. ק. איז דאָרט געווען, ווערט באַשריבן אין אַ דערציילונג זיינער, — „אַ כוואַטסקער יינגל און דעם קאָזאַקס קוטשמע".

פענגעניש פאַר אירע פרייע, רעװאָלוציאָנערע געדאַנקען. אָבער אָט רוקט זיך אונטער די צייט (1906) װען יענקל קרעפּליאַק האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום מיליטער־דינסט. מ׳האָט אים אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט אין אַרטילעריע און געשיקט דינען אין העלסינגפאָרס, די הויפּטשטאָט פון פינלאַנד. אפילו אין די קאַזאַרמעס, צװישן די סאָלדאַטן, האָט יענקל קרעפּ־ליאַק אויך פאַרשפּרייט פרייהייטלעכע רעװאָלוציאָנערע געדאַנקען. פון דער קאַזאַרמע, אין פינלאַנד, פלעגט ער זיין פריינדין, אַנען, שרייבן לאַנגע בריװ, אויסגיסנדיק אין זיי זיינע געדאַנקען און געפילן װעגן דעם קאַמף זייערן פאַר אַ נייער, אַ בעסערער װעלט אין שיל־דערנדיק דאָס לעבן אין און אַרום די קאַזאַרמעס. און װען דער טערמין פון מיליטער־דינסט האָט זיך פאַרענדיקט, אין 1910, האָבן יעקב און אַנאַ געשלאָסן אַ לעבנס־בונד, און גלייך נאָך זייער חתונה פאַרלאָזט דאָס צאַרישע רוסלאַנד אויף שטענדיק. זיי האָבן געהאַט בדעה צו פאָרן קיין אַמעריקע, אָבער דערפאָרנדיק ביז בעלגיע, האָבן זיי אין יענעם פרייען לאַנד, אין דער גרויסער האַפן־שטאָט, אַנטװערפּן, זיך פאַרהאַלטן, און דאָרט אָפּגעלעבט כמעט פינף יאָר צייט.

ג.

אין אַנטװערפּן האָט יעקב קרעפּליאַק זיך אויסגעלערנט אַ מלאכה, די שלייפערײ פון דימענטן. ער האָט זיך צו איר גענומען, װייל אים האָט פון שטענדיק געצויגן צו גאַטיר־אַנ־טיקלעך, װי די פיינע, אומגעװיינלעכע מינעראַלן (שטיינדלעך און מעטאַל־ארצן) שטיקלעך זעלטענע געהילץ, בלעטער פון ביימער אד״גל. אין משך פון יאָרן האָט ער אויפגעקליבן אַ גאַנצע נאַטור־קאָלעקציע פון אָט די „אַנטיקן״. אָבער די דימענטן שלייפערײ איז נישט גע־װען זיין איינציקע אָדער זיין װיכטיקסטע באַשעפטיקונג אין יענער צייט. אין אַנטװערפּן האָט זיך אָנגעהויבן זיין שרייבערישע קאַריערע, װעלכע האָט זיך געצויגן פינף און דרייסיק יאָר צייט. אויף פריער האָט ער מיט זיין פעדער געמאַכט װיכטיקע, אָבער נישט אָפּן גע־דרוקטע, װערק. דאָס זענען געװען די רעװאָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס, װעלכע ער פלעגט צוגרייטן פאַרן קאַמף קעגן צאַריזם. אָבער ערשט פון יאָר 1911 אָן איז ער געװאָרן אַ פאַר־פאַסער פון ליטעראַרישע װערק פאַר קליין און גרויס, און פלעגט שיקן דערציילונגען און אַנדערע שאַפונגען צום דרוקן אין זשורנאַלן און צייטונגען. אין יאָר 1913 האָט ער אַליין אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל „דער מערב״, דער ערשטער זשורנאַל אויף יידיש אין גאַנץ בעלגיע.

איינע פון די ערשטע דערציילונגען װאָס י. קרעפּליאַק האָט אין יענער צייט אָנגע־שריבן און װעלכע האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן לויב פון אַלע קריטיקער און מבינים, איז געװען „זשעף און מאַרקיז״, און דעם געמיט פון הויז־חיות און פייגל. אַ טיפע ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש האָט יעקב קרעפּליאַק געהאַט צו אַלע בעלי־חיים, װי אויך צו אַלץ װאָס לעבט, װי ביימער און אַלע אַנדערע פלאַנצן. אָט פון אַזאַ ליבשאַפט איז אויך אַרויסגעקו־מען זיין פאַרשטענדעניש פאַרן נשמה־צושטאַנד פון אָט די שטומע לעבעדיקע באַשעפענישן, דערהויפּט די װאָס לעבן מיט אונדז אין נאָענטער שכנות — די הויזלעכע בעלי־חיים, װעלכע עס האָט אַזוי מייסטערהאַפט באַשריבן אונדזער פאַרשטאָרבענער פריינט און אמתער צער־בעלי־חיים, אין זיינע מעשיות.

דער אויסברוך פון דער ערשטער װעלט־מלחמה, סוף זומער 1914, האָט אַריינגעצויגן בעלגיע אין רעכטן מלחמה פייער, און בלייבן אין אַנטװערפּן איז מער נישט מעגלעך גע־װען. די קרעפּליאַקס, מיט זייער קליין טעכטערל, שולמית, זענען מיט אַ סך אַנדערע מל־חמה־אַנטלאָפענע (פּליטים) אַװעק אין דער שכנישער האָלאַנד, און פון דאָרט — אין אָנהויב 1915 — קיין אַמעריקע.

אין ניו־יאָרק האָט יעקב קרעפּליאַק בלויז אַ קורצע צייט זיך פאַרנומען מיט זיין מלאכה, דימענטן שלייפערײ. אין גיכן איז ער אַריבער אין גאַנצן צו ליטעראַרישע באַשעפטיקונ־

געןּ: איז געוואָרן רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון באַוווּסטן מאָנאַט־זשורנאַל „די צוקונפט“, פון וועלכן דער באַרימטער פּאָעט א. ליעסין — איז געווען רעדאַקטאָר. אין דער זעלביקער צייט האָט ער אויך געשאַפן וווּנדערשיינע דערציילונגען פאַר קינדער און דערוואַקסענע. זיינע קינ־דער־דערציילונגען פלעגן מערסטנס דערשיינען אין דער פאָרם פון קליינע ביכלעך, אַרויס־געגעבן פון פאַרלאַג „מתנות“ אין ניו־יאָרק. אין יאָר 1928 האָט דער בילדונגס־דעפּאַרטאַ־מענט פון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק אַרויסגעגעבן י. קרעפּליאַקס פּיעסע (אין איין אַקט) פאַר קינדער, „דאָס גרינע יינגל“. זי האָט געוווּנען די ערשטע פּרעמיע אין דעם קאָנקורס פאַר אַ קינדער־פּיעסע פאַר די יידישע אַרבעטער־רינג שולן.

אין אַמעריקע, אין דער היים פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, האָט י. קרעפּליאַק, פּונקט ווי אין זיינע יונגע יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד, פאַרשפּרייט צווישן זיינע אַרבעטנדיקע ברי־דער וויסן, בילדונג און אויפקלערונג. ער האָט געהאָלפן אויפבויען איבערן לאַנד יידישע קינדער־שולן. אין וועלכע דער יונגער יידישער דור קען זיך אויסלערנען די שפּראַך און לי־טעראַטור פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, די יידישע געשיכטע, און די געשיכטע פון דער פרייהייטס־באַוועגונג. ער איז געווען פון די וויכטיקסטע טוער פון דעם בילדונגס־דעפּאַרטאַ־מענט פון „אַרבעטער־רינג“ און האָט אויך פיל געטאָן פאַר דעם „ביאַליסטאָקער ברענטש“ (נומ׳ 88), ווו ער איז צענדליקער יאָרן געווען אַ מיטגליד.

אַ צווייטע וויכטיקע קהלישע אַרבעט זיינע האָט געהאַט צו טאָן מיטן ווילזיין און פאָר־שריט פון זיינע לאַנדסלייט — פון די זאַבלודאָווער און ביאַליסטאָקער, סיי פון די וואָס זענען פאַרבליבן אין דער אַלטער היים (באַזונדערס נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה); סיי פון די אָרעמע, קראַנקע און אַלטע לאַנדסלייט דאָ אין אַמעריקע. ער האָט אויך אַ סך גע־שריבן וועגן זיין אַלטער היים, און האָט רעדאַקטירט שריפטן, ווי „זאַבלודאָווער פּנקס“, „ביאַליסטאָקער פריינט“ א״אַנד, ווו דאָס אַמאָליקע און דאָס ניי־צייטיקע לעבן אין זיין אַל־טער היים ווערט אַלזייטיק באַהאַנדלט. די לאַנדסלייט זיינע האָבן אים, פאַר דער גוטער אַרבעט זיינער, זייער ליב געהאַט. די ביאַליסטאָקער, פאַר וועלכע ער האָט פיל געטאָן, מיט ראַט און טאַט, מיט זיין מענטשלעכער און מיט זיין געבענטשטער פּען (אין זשורנאַל „ביאַליס־טאָקער שטימע“), האָבן אים צוגעטראָגן אַ געהויבענע מתנה. זיי האָבן, אין יאָר 1927, אָפּ־געדרוקט זיין בוך דערציילונגען (פאַר דערוואַקסענע) אונטערן נאָמען „קאַזאַרמע און מלי־חמה“. אין יאָר 1936 זענען אין בוך־פאָרם (פאַרלאַג מתנות — ניו־יאָרק), דערשינען אויך זיינע דערציילונגען פאַר דער יוגנט. דאָס בוך האָט געטראָגן טאַקע דעם נאָמען „יונגוואַרג“.

יאָרנלאַנג האָט יעקב קרעפּליאַק געליטן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט, אָבער אין גאַנצן אונ־טערגעגראָבן זיין שוואַכן געזונט האָט דער מוראדיקער חורבן פון אונדזער פאָלק אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער בלוט־דורשטיקער שונא האָט פאַרשניטן דאָס לעבן פון זעקס מיליאָן יידישע קרבנות — מענער, פרויען און קינדער, און פון צער און טרויער איז יעקב קרעפּליאַק זייער שווער קראַנק געוואָרן אין יאָר 1944. פרייטיק, ערב סוכות, דעם 21סטן סעפּטעמבער 1945, איז ער אויסגעגאַנגען. דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרלוירן איינעם פון זיינע בעסטע, געטרייסטע זין; און די יידישע קינדער — אַ גוטן פריינט, וואָס האָט זיי טיף, פון גאַנצן האַרצן ליב געהאַט און האָט פאַר זיי פיל גוטס געטאָן.

זיינע יוגנט־פריינט, חברים, און לאַנדסלייט קענען אים נישט פאַרגעסן. און אַזוי וועלן אים אויך נישט פאַרגעסן די יידישע קינדער, וואָס וועלן לייענען זיינע שיינע מעשיות, אין וועלכע ס׳שפּיגלט זיך אָפּ י. קרעפּליאַקס מענטשלעכע איידלקייט און פיינער אידעאַליזם.



יעקב קרעפּליאַק

# מיין היימיש שטעטל

(פראַגמענט)

דעם ליכטיקן אָנדענק
פון מיין מאַמען.

איך האָב דיך ליב, מיין היימיש שטעטל, דיין וואַלד, דיין טייך, דיין הייליק, אַלטע שול!

דיין הימל האָב איך דעם ערשטן דערזען, — דיין פרייען אויסגעשפּרייטן הימל, דיין זון האָט מיך די ערשטע געוואַרעמט און דיין ערד האָט מיך די ערשטע געטראָגן.

פאַר מיר, דיין קינד, האָסטו אַלעס צוגעגרייט פאַר שפּיל און פרייד, צום לערנען און פאַרהאַרטעווען זיך: דיין פרילינג, דיין זומער, דיין האַרבסט, דיין ווינטער!

דו האָסט מיך ליב געהאַט מיין היימיש שטעטל: ביי דיר, צווישן דיינע שטיבלעך האָב איך געשפּילט און געשטיפט, זיך געבאָדן ווי אַ שפּערל אין דעם זאַמד פון דיינע גאַסן און אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן אַרומגעפלויגן ווי אַ שוואַלב.

דו האָסט מיך ליב געהאַט: דער שטויב פון דיינע גאַסן פלעגט אַרומנעמען מיינע קינדערשע, באָרוועסע פיס, די פלאַכע שטיינער פון דיין ברוק פלעגן גלעטן און קושן מיינע קינדערשע טריט.

דו האָסט פאַר מיר פאַנטאַזיעס באַשאַפן, אין שאָטן פון דיין וואַלד זענען מיר פליגל אויסגעוואַקסן פאַר דער ווייטער־ווייט.

גערדענקסטו מיך?

איך בין אַוועק...

אָבער איך האָב דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיין היימיש שטעטל. איך בין אַדורך פעלקער און לענדער, כ׳האָב שפּראַכן געלערנט — שפּראַכן פאַרגעסן, אין ריזיקע שטעט זיך באַזעצט און פאַרלאָזט.

איך בין געגאַנגען מיט אַ וואַנדער־וועג. איך האָב אַליין נישט געוווסט, צי דאָס איז היים, צי פרעמד, און ווען מיין מוח פלעגט ברענען פון אַלץ נייע איינדרוקן, מיין האַרץ פלעגט זיך רעגן פון נייע געפילן — ווילד־פרעמדע דיין גייסט, האָסטו ערגעץ אויפן האַרי־

זאָנט פון מיינע געדאַנקען געפינקלט, ווי אַ ווייטער, ווייטער שטערנדל און געשמייכלט... געשמייכלט צו מיר.

נישט דיין שולד, מיין היימיש שטעטל, אויב אַ סך פון מיינע חלומות זענען נישט מקוים געוואָרן, וואָס אַ סך פון מיינע פאַנטאַזיעס האָבן זיך צעפלויגן ווי שטויב פאַרן ווינט.

דאָס זענען די גרויסע שטעט, קאַרגע, צונויפגעקאָרטשעטע איבער זייער גוטס: אויסגע־צויגענע, ווי גיריקע פּראָצענטניקעס, נאָך צעשאָטענע גראָשנס. זיי, די גרויסע שטיינערנע שטעט, האָבן נישט איין שטיין אַראָפּגעקייקלט אויף מיין לעבנס־וועג, נישט איין שטיין בעלייגט אויפן האַרצן...

און איך האָב נאָך מער געבענקט נאָך דיר, מיין ליב, היימיש שטעטל.

אונטער וווּנדערלעכע פרעמדע הימלען האָב איך געדענקט דיין הימל, ווען ביי מיינע פיס האָבן זיך געשפּרייט ימען, פלעגט מיר קומען אויפן זין דיין טייך, און אונטער דעם געררויש פון די גרעסטע וואַסערפאַלן אין דער וועלט, האָט מיר אָפּגעקלונגען אין די אויערן דער באַשיידענער, שטילער גערויש פון דיין פאַלנדיקן וואַסער אונטערן בריק.



סוראַזשער גאַס

איך האָב די וואַלדיקע ווילדערנישן פון ווייטן נאָרד אַדורכגעשניטן און שטענדיק האָט מיך דאָרט באַגלייט דער שאָטן פון דיין וואַלד. איך האָב אויף הויכע פעלזן געקלעטערט, באַזוכט פּאַלאַצן און קאַטעדראַלן — די וווּנדער פון נאַטור און ציוויליזאַציע און דאָך שטענ־דיק געדענקט דעם באַרג מיט „ווײַדאָוויטשעס שטיבעלע" און דיין הייליק־אַלטע, הילצערנע שול.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די שיף איז גרייט...

יאָרן פון קאַמף הינטער מיר, יאָרן פון קאַמף פאַר מיר... אָבער די שיף איז גרייט און שווער זיך צו שיידן.

דער ברעג אַליין, דוכט זיך, האָט זיך אויסגעבויגן און האַלט צו די שיף מיט אייזערנע קייטן: רייס זיך נישט אָפּ!

די שיף מוז זיך אָפּרייסן, די שיף וועט זיך אָפּרייסן — די נייע וועלט ציט און רופט.

מענטשן — מענטשן געזעגענען זיך, קושן זיך, פּאָכען, בענטשן פון ברעג: — פּאָרט געזונט, פּאָרט געזונט!

נאָך אַ בליק אויף דער אַלטער מיט בלוט־פאַרגאָסענער אייראָפּע.

געפילן, געדאַנקען, ווי די כוואַליעס אונטן, קומען, גייען, פאַרפלייצן מיר אין גאַנצן.

די שיף געזעגנט זיך, ברומט פון טיפן האַרצן. די קייטן לאָזן נאָך...

אַדיע, אייראָפּע!...

הינטער מיר מיין יוגנט און יאָרן פון קאַמף, פאַר מיר... וואָס?...

אַ כאַאָס פון מענטשן, שטימען, געפילן, געדאַנקען...

מיינע אויגן זוכן אויפן ברעג די וועלכע איז נישטאָ. איך ווייס, איך קען זי נישט געפינען. ערגעץ ווייט פאַר מיילן און יאָרן איז זי נאָכגעגאַנגען די היימישע פור, אויסגעשטרעקט די הענט און געבענטשט: פאָר געזונט, מיין קינד!... איך ווייס, איך קען זי נישט זען צווישן דער מענטשן־מאַסע אויפן ברעג, אָבער דאָס האַרץ זעגנט זיך, בענקט און רופט:

מענטשן רופן, פּאָכען, פון ברעג... דער פאַס וואַסער וואַקסט צווישן. מענטשן פּאָכען, בענטשן... כוואַליעס קומען, גייען פאַרגייען.

הינטער מיר מיין יוגנט און יאָרן פון קאַמף. פאַר מיר... עס ווילט זיך נישט קלערן... דער פּאַס וואַסער וואַקסט, וואַקסט, און געפילן קומען, גייען, ווי די כוואַליעס אונטן. אַ כאַאָס, אַ רויש פון פאַרלאַנגען, געדאַנקען...

און מיטאַמאָל, פון דער טיפּסטער־טיף פון דעם גאַנצן כאַאָס, איז אַרויפגעשווומען איין געפיל — בלינד, שטאַרק און שאַרף.

מיין געמיט האָט געוויטיקט, מיין געדאַנק האָט געשטורעמט:

ווען די שעה וועט קומען, זאָל איך כאָטש נישט ליגן אין פרעמדער ערד...

שוין יאָרן אַוועק. דאָס געפיל שוין אַוועק. אָבער ווי וווּנדערלעך איז דער כוח פון דער היימיש־ליבער מאַמע־ערד!...



אברהם קאָטיק



# ווי אַזוי איך קום צו יידיש

אין די גאָר קינדערשע יאָרן האָב איך קיין חדר נישט געקענט, קיין בית־המדרש נישט געוווסט, אין דער יידישער גאַס האָב איך זיך נישט געהאָדעוועט, מיט יידישע יינגלעך האָב איך זיך נישט געשפּילט און נישט געשלאָגן, ווייל איך האָב זיי אַרום זיך נישט גע־האַט.

אין מיטן פון 1888 יאָר, פאַל איך אַריין אין אַ יידיש שטעטל, ווו יידישקייט שטעקט אַרויס פון יעדער ווינקל, פון יעדער שפּאַרונע. ווו די יידישע סביבה איז די הערשנדיקע: ווו דאָס פּריוואַטע לעבן, דער בית־מדרש, דער חדר, די נעמען און צונעמעניש, די שפּראַך אויסשליסלעך יידישע: ווו עס איז דאָ אַ שול שוין העכער 400—500 יאָר, ווו עס געפינט זיך אַן אַלטער פּנקס, וואָס קען דערציילן מעשיות פון וועלכע 300 יאָר. דאָס אַלץ האָט מיך אָנגעכאַפּט ווי ס׳כאַפּט אַרום וואַסער דעם קערפּער, ווען מען פאַלט אַריין אין טייך אָדער אין אַ ים.

דאָס שטעטל איז געווען זאַבלודאָווע, נישט ווייט פון ביאַליסטאָק.

איך בין געקומען אין שטעטל, ווי אַ מענטש פון דרויסן, איך בין געקומען מיט אַ פרעמדער קולטור צו נאָענטע מענטשן.

ס׳איז דאָ אַ ליד פון רוסישן דיכטער לערמאַנטאָוו, דאָס ליד הייסט „דער מלאך״:

דעם מענטשנס נשמה חלומט שטענדיק וועגן עפּעס הימלישעס, נישט ערדישעס, ווייל איידער דער מענטש איז געבוירן געוואָרן, האָט שוין זיין נשמה געלעבט אין די הימלען צווישן מלאכים און האָט אַ הימלישן געזאַנג געהערט. ווען דער מלאך האָט די נשמה אַראָפּ־געטראָגן אויף דער ערד, האָט זי פאַרגעסן די מעלאָדיעס פונעם הימלישן געזאַנג, נאָר אַ שפּור פון דעם געזאַנג איז געבליבן. און אָט דער מלאך, דערמאָנט שטענדיק דעם מענטשן וועגן הימלישן לעבן, און דעריבער פילט דער מענטש אַזאַ בענקעניש נאָך נישט ערדישעס.

דאָס איז דער אינהאַלט פון לערמאַנטאָווס ליד.

ווען איך וואָלט געווען אַ דיכטער, וואָלט איך פאַרפאַסט אַן ענלעך ליד אין וועלכן איך וואָלט באַשריבן, ווי אַ נשמה האָט געוואַנדערט פון איין ייד צום אַנדערן אין פאַרלויף פון אַ סך דורות, וועלכע האָבן געלעבט אין דער סביבה פון אַ קליין יידיש שטעטל. און ענדלעך האָט זיך די נשמה באַזעצט אין מיר, אַ יידן וואָס איז נאָך אין די קינדערשע יאָרן אַרויסגע־שמיסן געוואָרן פון שטעטל און האָט אָנגעהויבן צו וואַנדערן צווישן גאָר פרעמדע סביבות. נאָר אין דער נשמה איז געבליבן אַ שפּור פון לעבן פון יענע דורות, און זי בענקט נאָך יענעם לעבן.

ווען איך בין געקומען אין שטעטל און דערזען דאָס לעבן פון דעם יידישן שטעטל האָב

איך זיך דערשפירט ווי אַ קאַטשקע, וואָס איז אויסגעזעסן געוואָרן דורך אַ פרעמדן קער־פער, דורך אַ קערפער פון אַ הון, בשעת זי דערזעט וואַסער.

זי וואַרפט זיך אין וואַסער נישט קוקנדיק, וואָס די קוואָקע וואָס האָט איר אויסגעזעסן מאַכט אַ ליאַרעם.

די ערשטע קאַנטשאַפט מיינע מיט זאַבלודאָווער יידן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין ביאַליסטאָק.

פון צוג בין איך געקומען, ווי מ'האָט מיר אין אַ בריוו אָנגעוויזן, אויף „זאַבלודאָ־ווער פאַדוואַריע". ס'איז נאָך געווען צו פרי, איך האָב געמוזט איבערוואַרטן אַ פּאָר שעה ביז ס'איז געקומען דער ערשטער בעל־עגלה פון זאַבלודאָווע. מושוה געוואָרן מיט אים פאַר אָן אָרט פאַר אַ „פאַרשוין", האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט ביים פור וואַרטן, ביז מיר וועלן אָפּפאָרן. דער בעל־עגלה האָט מיר פאַרזיכערט, אַז צוליב פרייטיק וועט ער אויף קיין „פאַרשוינען" לאַנג נישט וואַרטן און באַמיען זיך באַלד אָפּפאָרן, כדי צו קומען נאָך פאַר ליכט־בענטשן אין שטעטל. דעם בעל־עגלהס „באַלד" האָט געדויערט גאַנצע צוויי שעה. ס'האָבן זיך ענדלעך אָנגעהויבן צו ווייזן „פאַרשוינען" — זאַבלודאָווער יידן. קומט אַ ייד פרעגט ביים בעל־עגלה: „אַ ייד"?, און ווערט געוויר, אַז „יע", שטעקט ער מיר אַריין אַ ברייטן שלום־עליכם; אַזוי איז געווען מיטן צווייטן, דריטן אאַז"וו.

איך בין דעמאָלט געגאַנגען ראַזירט, געטראָגן אַ „ניהיליסטישע הוט" — אַ ווייכן הוט מיט ברייטע ראַנדן — קורץ איך האָב נישט געהאַט אַזאַ שטאַרקן יידישן אָנבליק.

אויף דער פור האָבן זיך אַריינגעזעצט זיבן „פאַרשוינען". ווען מיר זענען אַרויסגע־פאָרן פון ביאַליסטאָק, איז צווישן מיר און נאָענטן שכן פאָרגעקומען אַזאַ דיאַלאָג:

— „איר פאָרט קיין זאַבלודאָווע?"

— „יאָ".

— „צוליב וואָס פאָרט איר?"

— „איך האָב אַן ענין".

— „איר זענט אַן אַגענט פון אַן אַסעקוראַציאָנס־געזעלשאַפט?"

— „ניין".

איך בין דעמאָלט נאָר וואָס אַרויס פון דער קאָנספּיראַטיווער שול, וואָס האָט געלערנט, אַז מען דאַרף קיין איבעריקע רייד נישטריידן. אגב בין איך אויך געווען אין כעס אויף די זאַבלודאָווער יידן, פאַרוואָס זיי האָבן מיר אָפּגעגעבן דעם אויבנאָן, ד"ה אויפן געזעס, אי־בער די הינטערשטע רעדער: ס'האָט מיר די נשמה אויסגעטרייסלט...

דער זעלביקער דיאַלאָג מיט אַ קליינער וואַריאַציע איז פאָרגעקומען ביי מיר מיטן צווייטן שכן, מיטן דריטן אאַז"וו. דער צווייטער האָט מיך געפרעגט, צי איך פאָר פאַרקויפן פעל אין זאַבלודאָווע, דער דריטער — צי איך פאָר אין מיל, ביז אַלע האָבן אויסגעפרעגט און אַלץ נישט געוואָר געוואָרן צוליב וואָס איך פאָר. פרעגט שוין איין ייד מיט כעס:

— „צוליב וואָסזשע פאָרט איר אין זאַבלודאָווע?"

— ענטפער איך:

— „אין אַפּטייק".

— „נעכאיזשע, וואָלט איר באַלד אַזוי געזאָגט?"

געקומען זענען מיר פאַרנאַכט אין זאַבלודאָווע. אויף מאָרגן פרי, ווען איך און דער אַפּטייקער זענען געזעסן ביים פרישטיק, האָבן מיר דערהערט אין אַפּטייק שטאַרקע קלונ־גען. מיר ביידע זענען אַרויסגעלאָפן אויפן גאַנעק.

פאַרן גאַנעק זענען געשטאַנען אַ טשאַטע יינגלעך פון אַ מאָן דרייסיק. ווען זיי האָבן מיך דערזען האָבן זיי אויסגעשריגן: — „אָט איז דער נייער פראָוויזאָר"!

אַזוי אַרום האָב איך געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט די יינגלעך פון שטעטל.

אין גיכן האָבן זיך אָנגעהויבן ביי מיר נענטערע באַקאַנטשאַפטן אין שטעטל.

קאַנטשאַפּס שליסן אין שטעטל איז מיר געווען לייכט: די קליענטור פון אַפּטייק איז געווען איבערהויפּט אַ יידישע, און בכלל אין אַלע הינזיכטן איז מען געקומען אין באַרירונג מיט דער יידישער באַפעלקערונג פון שטעטל.

שוין אין די ערשטע פּאָר טעג האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אַן אינטערעסאַנטן יידישן טיפּ: מיטן בעל־עגלה, וואָס פלעגט ברענגען סחורות פאַר דער אַפּטייק פון ביאַליסטאָק. דאָס איז געווען אייזיק דעם בעל־עגלהס, בן יחיד.

ווען ער האָט מיך צום ערשטן מאָל דערזען אין אַפּטייק, שטייענדיק ביים פּולט, האָט ער געפרעגט שטילערהייט ביים אַפּטייקער: — „דאָס איז אַ יהודי?" פון שפּאַס־וועגן האָט דער אַפּטייקער געענטפערט: ניין. דער בעל־עגלה האָט באַלד אַראָפּגענומען דאָס היטל.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, ווען ער פלעגט קומען יעדן פרימאָרגן אין אַפּטייק געוואָרן, צי מען דאַרף עפּעס פון ביאַליסטאָק, פלעגט ער אַריינגייענדיק, אַראָפּנעמען דאָס היטל און העפלעך פרעגן אויף דעם אַפּטייקער.

איינמאָל האָט ער געטראָפן דעם אַפּטייקער אין אַפּטייק און, פונאַנדעררײדנדיק זיך מיט אים, געזאָגט אַ וויץ, פון וועלכן איך האָב זיך פונאַנדערגעלאַכט.

אונדזער בעל־עגלה האָט מאָמענטאַל אָנגעטאָן אויף זיך דאָס היטל און אויסגעשריגן דערביי: — „אָ, דאָס איז אַ ייד, האָט איר מיך גענאַרט!" — און איז אין כעס געוואָרן.

אַ פּאָר טעג איז ער נישט געגאַנגען אין אַפּטייק. אנשטאט אים פלעגט גיין זיין פאָטער. דער שטאַלצער בעל־עגלה, וואָס פלעגט אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַרן „פּריץ", פלעגט נישט וועלן אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר אַ יידן — זיין גלייכן.

דער בן־יחיד האָט זיך נאָכן כעס איבערגעבעטן און מיר זענען געוואָרן מיט אים גוטע ברידער.

ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן שליסן באַקאַנטשאַפט מיט דער קליענטור פון אַפּטייק.

אין אַ שטעטל איז שטענדיק דאָ אַ פּאָר שטאַרקע חולאים, צו וועלכע דער דאָקטער קומט יעדן טאָג און צוליב וועלכע עס קומט אויס צו זיין יעדן טאָג אין אַפּטייק. אָפט, אין פאַרלויף פון וואָכן, קומט אויס יעדן טאָג צו זען איינע און די זעלבע פּנימער, ביז די שטאַרקע חולאים ווערן געזונט אָדער שטאַרבן.

מיט אָט די צייטווייליק־שטענדיקע באַזוכער פון אַפּטייק פלעג איך פאַרפירן אַ שמועס. קיין גרויסע אַרבעט אין אַפּטייק איז נישט געווען. פלעגט מען האָבן צייט צו שמועסן מיטן באַזוכער, ביז דער רעצעפּט פלעגט פאַרטיק ווערן.

באַזונדערס געדענק איך איין שמועס. מ'האָט מיך אויפגעוועקט אין מיטן דער נאַכט. אַ ייד האָט געבראַכט אַ רעצעפּט פאַר אַ געווינערין, וואָס האָט געבלוטיקט. איך האָב אַוועק־געשטעלט דעם רעצעפּט קאָכן און אַליין געכאַפּט אַ שמועס מיטן באַזוכער.

ער איז געווען אַ וואַסערטרעגער, אַ ייד אַ בעל־מטופל מיט קינדער, וואָס דאַרפן נאָך לערנען אין חדר; זיינע פאַרדינסטן קלעקן נישט אויף ברויט... פאַר דעם דאָקטער און פאַר דעם רעצעפּט האָט ער געמוזט פאַרמשכנען אַ קישן. וועגן זיין לאַגע האָט ער דערציילט מיט אַ געלאַסן רואיקער שטימע, אַזוי ווי נישט אים מיינט מען...

אַזעלכע שמועסן האָב איך געהאַט אָפט, — ס'זענען פאַרביי מיר אַדורך יידן, וואָס האָבן קיין באַשטימטע געשעפטן נישט געהאַט, וואָס פלעגן קיין איינציקן דאָנערשטיק נישט וויסן, מיט וואָס מען מאַכט שבת... דער פויער, דער דאַרף האָט זיי געקאָרמעט... גאָט פלעגט צושיקן... אַן אַכטל קאָרן, אַ זעקל בולבעס, אַ גאַנדז.. ווער רעדט, אַז גאָט פלעגט צושיקן אַ פּריץ... ס'זענען פאַריבער פאַר מיר יידן, וואָס פלעגן פאַרבן פויערשע גאַרן פאַר פויערשע געוועב, פאַריבער גאַרבער, קצבים אאַז"וו.

איך בין אַריין אין סאַמע געדיכטן פון יידישן לעבן.

אין איינעם אַזאַ שמועס האָב איך אַרויסגעזאָגט דעם פאַרלאַנג צו הערן אַ מגיד און

פון דעמאָלט אָן פלעגן שטענדיק לויפן פון שטעטל שטאָפּעטן מיר אָנצוזאָגן, ווען ס׳וועט קומען אַ מגיד.

איך פלעג פלייסיק באַזוכן מגידישע דרשות און פלעג פלייסיק זיי הערן. דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ „מאָדנעם פּראָוויזאָר״. און נישט איין פּראָבע איז געמאַכט געוואָרן פון די קליענטן פון אַפּטייק צו ווירקן אויף מיר, אַז איך זאָל שבת נישט אָנשרייבן די סיגנאַטור.

איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין לעבן פון שטעטל, נאָענט געוואָרן מיט די אָרומיקע יידן.

נאָר איך בין פּאָרט אָבער אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַלס רוסישער אינטעליגענט און נישט געקענט זיך אָפּזאָגן פון צו טראָגן קולטור אַהין אין פאָרם פון דער רוסישער שפּראַך און איר קולטור.

האָב איך געשלאָסן קאָנטשאַפט מיט דער שטעטלדיקער יידישער אינטעליגענץ.

אין זאַבלודאָווע, ווי אין יעדע שטעטל, איז געווען אַ גביר פון שטעטל — העשל העפּ־נער׳. זיין הויז איז געווען אַן אמתע יידישע הויז, נאָר פאַרבונדן מיט וועלטלעכקייט. דעם גבירס קינדער האָבן באַקומען אַ דערציאונג ביי אַ ספּעציעלן מלמד, און וועלטלעכע ביי גו־ווערנערן און גוווערנאַנטקעס.

די גוווערנאַנטקע איז דעמאָלט געווען אסתר לאַפּ, אַ טאָכטער פון פאַרשטאָרבענעם זאַבלודאָווער רב און אַ שוועסטער פון דעם יונגן זאַבלודאָווער רב, וואָס האָט פאַרנומען זיין פאָטערס אָרט. אַ זון האָט ער געהאַט, וואָלף העפּנער, וואָס איז געווען אַ בחור מיט אַ יאָר צוויי יינגער פאַר מיר.

אין שטעטל איז געווען נאָך אַן אינטעליגענט, דער פאַרוואַלטער פון דער קאַזיאָנער יידישער שול, סערלין. וואָס דאָס איז אַ קאַזיאָנע יידישע שול, ווייס יעדער. דאָס איז געווען אַן אַוואַנגאַרד פון דער רוסישער קולטור און דער רוסישער סביבה. די גאַנצע מי און מאַטער־ניש איז געווען אַוועקגעלייגט אויסצולערנען די יידישע קינדער, וואָס האָבן קיין איינציק וואָרט נישט געקענט רוסיש, פאַרשטיין און ריידן גוט רוסיש.

אָט דער סערלין איז נישט געווען קיין טיפּישער קאַזיאָנער לערער. ער האָט נישט גע־ענדיקט דעם באַוווסטן ווילנער לערער אינסטיטוט, וואָס פלעגט אַרויסלאָזן „לערערס אינ־סטיטוטשיקעס״. ער איז געווען אַן „עקסטערן״ און האָט בלויז בייגעלייגט אַן עקזאַמען אויף לערער. ער איז דעריבער געווען נישט אַזוי ווייט פון דער יידישער סביבה, ער פלעגט אַלע שבת קומען דאַוונען אין מנין, וואָס האָט איינגעאָרדנט ביי זיך דער גביר און פלעגט אָפט דאַוונען פאַרן עמוד. מיט אַ יידן פלעגט ער נישט ריידן דווקא רוסיש. ביי אַן אַנדערער פאָ־ליטישער אָרדענונג וואָלט ער געקענט זיין אַ פאַסיקער יידישער פאָלקס לערער. אין זיין שו־לע פלעגט ער מוזן אַדורכפירן דאָס אָפיציעלע פּראָגראַם — ער פלעגט מוזן אויספילן זיין חוב קעגן דער שול דירעקציע „רוסיפיצירן״ יידישע קינדער.

דאָס פלעגט אים שווער אָנקומען, ווייל ער איז נישט געווען קיין „רוסיפיקאַטאָר״ אין האַרצן.

איך האָב דעמאָלט געקוקט אויף דער רוסישער „רוסיפיקאַטאָרישער״ שולע, ווי אויף אַ נאָרמאַלער יידישער שולע: ווי דען אַנדערש קען מען פאַרשפּרייטן בילדונג און טראָגן קול־טור צווישן יידן, ווי נישט אין רוסיש? האָב איך זיך געמוזט פאַראינטערעסירן אָט מיט דער יידישער שולע, און מ׳האָט מיך באַקענט מיט סערלינען.

זענען מיר געווען, הייסט עס, פיר אינטעליגענטן. דאַרפן מיר זיך דאָך פאַרבינדן און עפּעס אויפטאָן.

די ערשטע זאַך אונדזערע, איז געווען, שאַפן אַ ביבליאָטעק פאַר זיך און פאַר אַנדערע. צוזאַמענגעלייגט די קלינגערס, האָבן מיר צוערשט אויסגעשריבן דעם זשורנאַל „רוסקאיא מיסל״, וואָס איז דעמאָלט געווען דער טאָנגעבער צווישן די רוסישע זשורנאַלן און ווו מאַנאַט

און מאָנאַט פלעגן זיך דרוקן שעלגונאָווס אַרטיקלען, וועלכע פלעגן רופן די אינטעליגענץ צו דער ברייטער קולטורעלער אַרבעט.

אויסער דעם, האָבן מיר אויסגעשריבן נאָך אַביסל ביכער פאַר יונגוואַרג, ווי צום ביישפּיל „די אויסגאַבן פון קאָמיטעט גראַמאָטנאָסטי״.

סערלינס תלמידים און תלמידות פלעגן גיך נאָכן ענדיקן די שולע ווערן רעצידיוויסטן פון רוסישן אַנאַלפאַבעטיזם: אין דער קאָנדענסירטער יידישער סביבה פלעגן זיי פאַרגעסן דאָס ביסל רוסיש, וואָס זיי פלעגן באַקומען אין שולע.

דער חסרון איז געווען, וואָס זיי פלעגן נישט לייענען קיין רוסישע ביכלעך, ווייל עס זענען נישט געווען.

סערלין פון זיין קליינער הכנסה האָט נישט געקענט שאַפן קיין שול־ביבליאָטעק.




ביעלסקער גאַס

מיט אַ יאָר צוואַנציק שפּעטער בין איך געווען אין זאַבלודאָווע און האָב באַזוכט סער־לינען. די ביבליאָטעק האָט נאָך אין זיין שולע עקזיסטירט און פלעגט „פאַרשפּרייטן קול־טור״. איר האָט שוין געשטיצט די פּעטערבורגער „מפיצי השכלה״ און זי איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן. נאָר די ביכלעך, וואָס מ׳האָט געקויפט ביי מיין אָנקומען קיין זאַבלו־דאָווע, האָבן נאָך געלעבט. סערלין האָט זיי געהאַלטן ווי אַ טייערן זכרון.

נאָר מיטן שאַפן אַ ביבליאָטעק האָב איך זיך נישט געקענט באַנוגענען. אין אַ באַראַ־טונג פון אונדז זאַלבעפירט איז געבליבן עפענען אַ שבת־שולע. אַ דירה האָבן מיר געהאַט אָן אומזיסטע — סערלינס שולע. לערערס האָבן מיר געזאָלט אַליין זיין. קיין פּראָגראַם איז נישט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן.

ס׳איז געבליבן, אַז איך זאָל אָנהייבן פאָרלעזן געשיכטע. ביי מיינע פאָרלעזונגען וואָלט מען זיך געקענט באַקענען מיט דער פיזיאָנאָמיע פון אודיטאָריום און מיט דער צייט אויס־אַרבעטן אַ פאַסיקן פּראָגראַם. אגב מיר, אַ מענטש, וואָס האָט נאָר וואָס איבערגעריסן דאָס אָנפירן מיט אַרבעטער־קרייזן, האָט נישט שטאַרק געקענט שמייכלען אַוועקזעצן זיך אויפן

ריין אלף־בית־לימוד מיט תלמידים, וואָס האָבן נישט געהערט דערווייל צו קיין אַרבעטער: דאָס האָבן געזאָלט זיין נאָר בית־מדרשניקעס.

די פאָרם פון פאָרלעזונגען האָט מיר געקענט געבן די מעגלעכקייט מיט דער צייט צו אַנטוויקלען פאַרשיידענע אידייען און דעריבער האָב איך טאַקע אָנגעהויבן פון געשיכטע פון פאַר־היסטאָרישן פעריאָד.

איך האָב געלעזן פון אַ ביכל, וואָס האָט זיך גערעכנט דעמאָלט פאַרן בעסטן; אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז עס געווען שולגינס געשיכטע. ביים לייענען פלעג איך געבן די נויטיקע ברייטערע דערקלערונגען.

אויף אַ נאָענטסטן שבת זענען צונויפגערופן געוואָרן אין סערלינס שולע בחורימלעך, וואָס האָבן „געקוועטשט" די בית־מדרש־בענק און וואָס האָבן געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו בילדונג, צו השכלה. זיי זענען געקומען אַ קנאַפּער מנין אַהער מיט נייגעריקע אויגן, מיט אָנגעשטרענגטע אויערן, מיט אַן אָפענער נשמה צו איינזאַפּן די וויסנשאַפט...

נאָר זיי האָבן זיך אָפּגענאַרט...

איך פלעג אָנהייבן צו פאָרלייענען שבת, אַזייגער דריי בייטאָג. אין ערשטן שבת האָב איך באַמערקט, אַז ביי די צוהערערס גייט אַ שטאַרקער קאַמף מיטן שלאָף. אויפן צווייטן און דריטן שבת איז דער קאַמף פאַרשטאַרקט געוואָרן, אויפן פערטן שבת האָט ענדלעך דער שלאָף מנצח געווען און איינער פון די צוהערערס האָט שוין אָנגעהויבן צו פייפן מיט דער נאָז... האָב איך אָפּגעשטעלט מיין לייענען און געשטעלט אַ פראַגע מיינע צוהערערס, צי זיי אינטערעסירט נישט דאָס, וואָס איך לייען.

זיי האָבן מיר אָפנהאַרציק געענטפערט, אַז זיי אינטערעסירט שטאַרק וועגן דעם, וואָס איך לייען, נאָר זיי פאַרשטייען נישט קיין איינציק וואָרט, ווייל זיי קענען נישט קיין רוסיש.

ווען איך דערמאָן מיך יענעם שבת, אין מאָמענט נאָכן ענטפער פון מיינע צוהערער, שטעל איך זיך שטענדיק פאָר מיין „פארחידושטע" פיגור, אַ פּאַטש אין מיין אייגענעם שטערן און אַן אויסגעשריי, וויניקסטנס אין זיך: „וואָס פאַר אַ נאַר דו ביסט, דו קענסט דאָך צו יידן ריידן פשוט יידיש, וואָס דאַרפסטו די קונצן?"

אָט אַזוי אַרום בין איך געקומען צום פשוטן געדאַנק, אַז צו יידן דאַרף מען קומען מיט יידיש. דאָס הייסט נישט, אַז אָט דער געדאַנק איז ביי מיר געבוירן געוואָרן אין דע־מאָלטיקן שבתדיקן מאָמענט, — ניין, געדאַנקען ווערן נישט געשאַפן פון דער „העלער הויט"; זיי ווערן געבוירן אין דער פינצטערניש פון אומבאַוווסטזיין, זיי מאַכן דורך אַ באַשטימטע עוואָלוציע, ביז זיי קומען ענדלעך אין באַוווסטזיין, צו באַקומען אַ קלאָרע פאָרם.

צום געבוירן מיין געדאַנק האָט געבראַכט מיין געוירשנטע פסיכיק, פאַרפאַרטיקט אים, האָט די ערשטע יידישע אַרבעטער־שולע און דאָס לעבן אין דעם יידישן שטעטל, און אין דעם שבתדיקן מאָמענט איז דער געדאַנק אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט.

וואָלט אויסגעקומען מיר שוין אָנהייבן אַ נייע טעטיקייט — אַ שבת־שול אין יידיש, נאָר ס'איז נישט באַשערט געווען. ס'האָט זיך אַריינגעמישט דאָס שטעטל, אייגנטלעך די ווייבער פון שטעטל. מ'האָט אָנגעהויבן שלעכט צו ריידן וועגן אונדזער שולע. ס'האָבן זיך געפונען מענטשן וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען, ווי מ'האָט ביי אונדז אום שבת געשריבן. מהאָט געמוזט אַוועקוואַרפן דעם פלאַן פון פאָרלעזונגען אי צוליב די צו־הערער, אי צוליב סערלינען.

נאָר די שבת־שול און איר קורצע עקזיסטענץ האָט מיר אַ סך געגעבן: זי האָט מיר גע־געבן דעם באַשלוס צו אַרבעטן נאָר אין יידיש.

דאָס הייסט נישט, אַז איך בין געוואָרן מיטאַמאָל אַ יידישיסט, ס'איז נאָך ווייט דער־פון געווען...

נאָר מיט זעקס יאָר שפּעטער, ד״ה אין 1895סטן יאָר, האָב איך אין דער פאָררעדע צום אַרויסגעגעבענעם פון מיר ביכל. פון דער סעריע „וויסנשאַפטלעכע פאָלקס־ביכער״ גע־שריבן:

„זשאַרגאָן איז דערווייל די איינציקע שפּראַך, מיט וועלכער די אינטעליגענץ קען אַריינטראָגן צווישן די מאַסן ידיעות, נייע אידייען און באַגריפן. ווען מיר וועלן קומען צו אַזאַ מדרגה, אַז אין אַלע יידישע שטעטלעך וועט זיין ראַציאָנעל אָוועקגעשטעלט עלעמענ־טאַרע שולן און אַלע יידישע קינדער וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ געהעריקע עלעמענטאַרע בילדונג, דעמאָלט וועלן מיר מוזן געבן און מיר וועלן טאַקע געבן אַ „טשיס־טאַ־אָסטאַווקאַ״ דעם זשאַרגאָן, ווי אַן אינוואַלד, וועלכער האָט זיינע פאַרדינסטן, נאָר וועל־כער האָט שוין זיין צייט אָפּגעדינט. דערווייל איז זשאַרגאָן נאָך נישט קיין אינוואַליד און זיין דינסט איז נאָך נישט פאַרענדיקט. אָט דאָס גיט דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור רעכט אויף עקזיסטענץ״.

דאָס האָב איך געשריבן אין יאָר 1895. יידיש איז נאָך דאַן ביי מיר געווען אַ זשאַר־גאָן, אַ צייטווייליקע דערשיינונג. פאַר אַ נאָרמאַלער יידישער שול האָב איך גערעכנט נאָר די, וועלכע לערנט די יידישע קינדער נישט אין יידיש. פאַרשטייט זיך, אַז אין זאַבלודאָווע איז דער שטאַנדפּונקט געווען נאָך אַ רויער, ווייל דער געדאַנק האָט נאָר וואָס אַרויסגעשפּראָצט.

ווען מען הייבט אָן צו לערנען אלף־בית, מוז מען אָנפאַנגען פון אלף און קומען צום ״ת״. איך האָב אָנגעהויבן אין זאַבלודאָווע דעם „אלף״ פון מיין יידישיסטישן באַוווסטזיין, איך האָב געמוזט אַריבערגיין דערנאָך צום „בית״ אאַז״וו, ביז איך בין מיט יאָרן שפּעטער געקומען צום ״ת״, ד״ה ביז איך בין געקומען צום פולשטענדיקן אויסגעשפּראָכענעם יידי־שיסטישן שטאַנדפּונקט.



רעצעפּט־סיגנאַטורקע פון לעצטן זאַבלודאָווער אַפּטייקער שבח גאבער,
וועלכער איז אומגעקומען דורך די נאַציס.

## אַלטער גניעטשוצקי

# געשיכטעס פון אַמאָל



וועטעראַן פון דער זאַבלודאָווער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטי־קייט. מ׳קען זאָגן אַז ער איז געווען די בריק צווישן זאַבלודאָווע מיט די לאַנדסלייט אין אַמעריקע. אַדאַנק זיין „בריוו־שטעלעריי״, פּראַקטישע עצות און פּערזענלעכע אינטערווענצן — לטובת דער אָרעמער באַפעלקערונג אין זאַבלודאָווע, האָט ער זייער פיל בייגעטראָגן אין ביטערע צייטן אויף צו פאַרגרינגערן די שלעכטע לאַגע און געבן האָפענונג פאַר די אַלע וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין דעם. פאַרטראָטן מיט מערערע אַרטיקלען אין „זאַבלודאָווער פּנקס״, אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אין 1925.

## די אַמאָליקע מחלוקה מיט דער חברה קדישא

### (אַ שטעטלשע רעוואָלוציע)

די חברה קדישא פון זאַבלודאָווע ציט זיך פון אַלטע דורות. זי איז פאַרהייליקט און איז שטענדיק געווען שטרענג מיטן אַריינגעמען נייע מיטגלידער; נישט אַבי ווער איז זוכה געווען אַריינצוגיין אין דער חברה, נאָר סאַמע יחסנים... איבערהויפּט איז דאָס געווען אַ ירושה־זאַך.

פלעגט אַ חברה־מאַן חתונה־מאַכן אַ קינד, פלעגט שוין חברה קדישא שבת צו שבע ברכות אַריינשיקן אַ פלאַש וויין צום מחותן, דעם חברה־קדישא־מאַן. פאַר מיין געדענקען איז געווען דער גבאי פון דער חברה, אברהמל סמאנס שמואל נעמים, נאָכער דער זון עזריאל. נאָך אברהמל סמאנס טויט, זיין זון שמואל־חיים, זלמן אברהמל חאנטשעס — נפתלי, נאָכער דער זון לייזער נפתליס און אַנדערע.

דער קליינער בית־המדרש האָט זיך גערופן חברה־קדישא־בית־המדרש. ח״י כסלו, פלעגן די חברה־קדישא האָבן אַ תענית און געהאַט ספּעציעלע סליחות. אַלע פלעגן זיך צוזאַמענ־קלייבן אין קליינעם בית־המדרש. נאָכן תענית פלעגן חברה־קדישא מאַכן אַ שיינע סעודה. די סעודה פלעגט האָבן אַ נאָמען מיטן גוטן שנאַפּס, פלייש און פיש, און קרעפּלעך. שטענדיק פלעגן זיך קונדייסים פאַרגנבהנען צו דער קיך, ווו די סעודה איז געפּראַוועט געוואָרן און אָפּגנבהנען אַ קאַטשקע, אַ גענדזל, אַ טאָפּ קרעפּלעך... די שפּיצלעך פלעגן אָבער אָפּגעטאָן ווערן אַזוי קונציק, אַז אויף קיינעם פלעגט אַפילו קיין חשד נישט פאַלן. פאַר דער חברה פלעגט מען ציטערן, איין קלייניקייט! חברה־קדישא האָט אַ פּנקס, ווועמען חברה פאַרשרייבט אין פּנקס קבורת חמור איז שוין די וועלט ענג...

מען דערציילט אויף איינעם ש... ער האָט געהאַט אַ חשד אויף זיך וועגן אַ מסירה און חברה האָבן פאַרצייכנט אין פּנקס. אַן אַמאָליקער פרומער ייד איז געגאַנגען בדרך הישר און האָט נישט געוווסט קיין קונצן, האָט ער צום סוף פאַרקויפט אין שטעטל די נחלה און אַוועק מיט דער פאַמיליע עבר לים. ער איז נישט זיכער געווען, אַז חברה־קדישא וועלן אים נאָכן טויט נישט באַהאַלטן אונטערן פלויט...

ביי דער סעודה פלעגן אָנגענומען ווערן נייע מיטגלידער, למשל: אַ שיינער יונגערמאַן, וועלכער האָט געקענט לערנען און געווען נישט אָרעם, מיט פּראָטעקציע און האָט נאָך אין יענע יאָרן נישט געזשאַלעוועט אַ גאַנצע 25 רובלדיקע און ד׳ערצו אַ פּאָר פעסלעך „ביירישׂ״ ביר

צו דער סעודה. אַזאַ מין יונגערמאַן פלעגט פאַרשריבן ווערן בהסכם כולם אין דער חברה־קדישא. אַ צייט פלעגט אַזאַ יונגערמאַן משמש זיין די אַלטע חברה ביי אַ טהרה, צוטראָגן וואַסער, צוהאַלטן, און זיך לערנען, ווי צו באַגיין מיט — די זילבערנע גאָפּעלעך, וואָס דער גבאי פון דער חברה פלעגט האָבן אויף אויסצורייניקן די נעגל ביים מת. משמש זיין די חברה קדישא פלעגן די קברנים, לייבל אבא האָדילס, אַ גרויסער הויכער ייד, וואָס קינדער פלעגן פאַר אים פאַרציטערט ווערן. בעת לייבל אבא האָדילס פלעגט קומען אין שטוב צום מת מיט אַ גרויסן שטעקן אַראָפּנעמען די מאָס פון מת, ער זאָל וויסן ווי צו גראָבן דעם קבר, פלעגן די קינדער זיך צעלויפן. און באַלד פלעגט מען אים דאַרפן געבן אַ קוואָרט י״ש. אַזוי איז ער איינגעוווינט געווען. ווינטער איז אָפּגערעדט, און אַפילו זומער ביי אַ קבר גראָבן, מוז מען טרינקען י״ש, און עס פלעגט טרעפן, אַז לייבל אבא האדילס האָט אויסגעגראָבן דעם קבר, געכאַפּט אַן איבעריקע כוסה — לייגט זיך אין אויסגעגראָבענעם קבר און — שלאָפט זיך רואיק...

די אַלטע חברה־קדישא האָט זיך געפירט אויפן אַלטן שטייגער. קיינער האָט נישט געהאַט אַ וואָרט צו ריידן. נאָך זייער פאַרשטאַנד האָבן זיי באַהאַנדלט די מתים, געטאָן דאָס רעכט, און די מיוחסים, געגעבן „ט׳ קבין״, דאָס הייסט, נאָך דער טהרה אַוועקשטעלן דעם מת איבער אַ באַליע, אונטערהאַלטן אונטער די הענט און דעם מת אָפּגיסן מיט דריי עמערס וואַסער. דאָס האָט מען געדאַרפט ווערט זיין צו קריגן די „ט׳ קבין״, נישט אַבי ווער האָט דאָס געקראָגן...

איז געשטאָרבן שמואל קאַזשינער, אַ ייד פון המון, נאָר אַ פרומער, און נישט קיין פּראָסטער, אַן אָנגענומענער ביים המון, און דאַכט זיך אויך געווען אין חברה פון נושאי המטה. דאָס איז שוין געווען אין די צייטן, ווען דער המון האָט געפאָדערט ביי די פני העיר אַ בעסערע באַהאַנדלונג צום פּשוטן יידן. איז ביי דער טהרה פון דעם מת שמואל קאַזשינער אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג, אַז מען זאָל אים געבן „ט׳ קבין״.

חברה־קדישא האָבן נישט באַשטאַנען און אויפן אָרט איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקה. פלטיאל דראַלעס, בראש פון נאָך פּשוטע יידן, האָבן געפאָדערט דעם כבוד פאַרן מת. זזברה־קדישא לאָזט נישט. ווער זענען זיי דאָס? אַזוי און אַזוינע, וואָס מישן זיי זיך אַריין? — האָט פלטיאל אָנגעהויבן אויפן הויכן קול... דאָס איז שוין געווען גענוג, מען איז אָנגעלאָפן פון גאַנצן שטעטל. חברה־קדישא פּרובירט מיט די אַלטע ווערטער: שקצים! נאָר ווער הערט זיי, גענומען און געגעבן דעם מת די „ט׳ קבין״ און ביי דער לוויה איז ביים פּשוטן עולם געבליבן בהסכם, מען זאָל מאַכן אַ נייע חברה־קדישא. פלטיאל רוט נישט: גענוג האָבן מיר געליטן פון די פני!... גענוג פּיאַווקעס האָבן מיר געהאַט פון די קהלס־לייט! נאָכן טויט וועלן זיי אַ נאַש בראַט נישט טאָן דעם רעכט ווי געהעריק איז, כאָטש נאָכן טויט זענען אַלע צדיקים... און מען דאַרף זיך רעכענען מיט אַלע גלייך, אַלע זענען יידן און דער פּשוטער ייד דאַרף קומען אַ ריינער מיט „ט׳ קבין״ אַזוי ווי אַ יחסן!...

די מחלוקה האָט זיך געשטאַרקט, מען האָט גענומען פאַרשרייבן אין אַ נייער חברה און זיך געווענדט צו איינעם, וואָס האָט געהאַט פּראַקטיקע ביי אַ טהרה, אַז ער זאָל ווערן דער אָנפירער פון דער נייער חברה.

דער איינער איז געווען נחום אָקס, פון דער חברה נושאי המטה, אָבער ער פלעגט שטענדיק משמש זיין די אַלטע חברה־קדישא ביי אַ טהרה, ער איז געווען אַ גידול און אַ בריה אַ ייד. ביי אַ פּשוטן מת פלעגט מען אים צולאָזן, ער זאָל זיך מתעסק זיין. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט זוכה געווען מען זאָל אים צולאָזן, אָבער אין דער חברה־קדישא האָט מען אים נישט אַריינגענומען. האָט מען דעם נחומען געוואָלט מאַכן פאַרן אָנפירער פון דער נייער חברה קדישא.

ער אַליין איז געווען אָבער קעגן, ער איז געווען טריי דער אַלטער חברה און געהאַט גוטע האָפענונגען צו זוכה זיין אַריין אין דער אַלטער חברה. נאָך גרויסע קריגערייען און נאָכדעם,

ווי מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז אין אַ שטעטל טאָרן נישט זיין קיין צוויי חברה־קדישאס, זענען קיין זאַבלודאָווע אַרויסגערופן געוואָרן די רבנים פון נאַרווע און ניזבאדקע (מיכאַ־לאָווע), און נאָך אַנדערע שטעטלעך האָבן זיך אַריינגעלייגט צו שטיקן די מחלוקה.

אַ סך רבנים און גרויסע מגידים האָבן גערעדט וועגן דער מחלוקה און די אַלטע חברה־קדישא האָט נאָכגעגעבן. זיי האָבן צוגענומען אַ סך יינגערע, ווען דער המון האָט אויס־געקליבן.



אַ לוויה: מיטן מת אויף דער מיטה, אַרום דער זאַבלודאָווער שול.
צייכנונג פון אהרן גודלמאַן.

# קראָזענשטיינס הויף „זאַבלודאָווו“ און דער וואַלד „קראַסנע“

## (אַמאָל און היינט)

די ערד, אויף וועלכער דאָס שטעטל זאַבלודאָווע איז געבויט, האָט געהערט צום פריצישן גוט „זאמעק זאבלודאָווע“ און די איינוווינער פון שטעטל האָבן יאָרנלאַנג געצאָלט דעם פריץ צינז פאַר דער ערד. ווען איינער האָט געוואָלט דעם צווייטן פאַרקויפן אַ הויז צי אַ פלאַץ, האָט דאָס געמוזט באַשטעטיקן די אַדמיניסטראַציע פון זאַבלודאָווער הויף.

די אייגנטימערין פון הויף אין די לעצטע צייטן איז געווען אַ פריצטע, אַ הויף־דאַמע, וואָס איז געזעסן אין פעטערבורג אין „צאַרסקע דוואָרעץ“, און אין הויף איז געזעסן אַ פאַר־וואַלטער. אין די ערשטע יאָרן איז געווען פאַרוואַלטער איינער וואידע, וואָס האָט פיל טובות געטאָן יידן. אין די לעצטע צייטן איינער אַ ליוטעראַן.

דער הויף איז געווען אַ קליינע מלוכה: אַ גרויסער אינווענטאַר פון בהמות און פערד, און פיל פאַרבויטע הייזער פאַר די אַדמיניסטראַטאָרן. די „פאָדפאַנקעס“, די פאַרוואַלטער זע־נען אַליין געווען פריצים און געלעבט ווי גראַפן מיט פיל דינער און עקיפאַזשן.

די גרויסע שטחים הויפישע ערד פלעגן באַאַרבעטן פאַראָבקעס. פאַר די פאַראָבקעס זע־נען ווידער געווען געבויט „טשוואראקעס“. אַמאָליקע יאָרן זענען פאַראָבקעס געווען פאַנש־ציניקעס.

דער הויף האָט געהאַט אייניקע פאכטן און יידישע פאַכטערס האָבן געמאַכט אַ לעבן דערביי, אָבער דער עיקר־רייכקייט פון הויף איז געווען דער גרויסער געדיכטער וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן מיילן ווייט אַרום זאַבלודאָווע, און סוחרים פון דער וועלט פלעגן אָפט קומען קויפן. ביים זאַבלודאָווער וואַלד־געשעפט האָט מען געמאַכט גרויסע קאַפּיטאַלן. די פריצטע פלעגט קריגן צוגעשיקט מזומן געלט און געלעבט אַ טאָג אין פעטערבורג ווי אַ קייסערינע. דער הויף פלעגט אויך אויפהאַלטן אויף זיין רעכענונג אַ דאָקטער אין שטעטל. דער הויף האָט שוין געהאַט אַ ספעציעלע הויז אין שטעטל, ווו יעדער דאָקטער פלעגט וווינען. ווער געדענקט נישט דעם אַלעמען באַליבטן דאָקטער דעביצקע אַ יידן־פריינט, וואָס פלעגט קומען צום אָרע־מען חולה און פלעגט אים נאָך געבן געלט פון זיין אייגענער קעשענע. ער איז געווען זייער אָנגענומען; אָדער דער צווייטער נאָך אים, דעם באַליבטן דאָקטער טשיעפּארקאָווסקי.

דער הויף פלעגט אויך אויפהאַלטן אַ רופא, (פעלדשער) אין שטעטל. פריער איז גע־ווען איינער יוסל דאָקטער, נאָכדעם אברהמצע דער רופא, זיי פלעגן קריגן פון הויף „אָדי־נאריע“ און האָלץ צום הייצן און די שטעטלשע פלעגן זיי מקנא זיין. לעצטנס האָט אונדזער „פראָפעסאָר“, אהרן הערש געקריגן „אדינאריע“ ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באָיקאָט אויף יידן, דעמאָלט האָט דער הויף אַראָפּגעבראַכט אַ קריסטלעכן פעלדשער און אויפגעהערט געבן אהרן הערשן „אדינאריע“. אָבער די אמונה אין אונדזער „פראָפעסאָר“, און ווי אהרן הערש פלעגט זאָגן, ווייל ער האָט אַ ברכה פון צדיק ר׳ יאָסעלע, פלעגט מען נישט נוצן די אַדמיניסטראַציע־דאָקטוירים און אים גוט באַצאָלן פאַר זיינעם אַ וויזיט.

אַרום הויף האָבן אויך געלעבט שוסטער און שניידער. די איינגעזעסענע פאַראָבקעס, די קינדער פון די אַמאָליקע פאַנשציניקעס, זענען שוין געווען רייך, ווייל די פאַמיליעס האָבן שוין פון יאָרן ביים הויף גוט פאַרדינט. זיי האָבן געהאַט אייגענע בהמות און פלעגן פאַרדינען אַ סך פון מילכיקס. פיל יידן האָבן ביי זיי געקריגן געבאָרגט געלט אויף חתונה מאַכן אַ מיידל, אַ הויז צו בויען. יידן האָבן געהאַט פרנסה ביים הויף, עס איז אויך געווען אַ גע־ראלניע אין הויף. די יידישע פאַכטערס זענען אויך געווען אין מעמד. ישראל יאַנקל פאַכטער, שמעון דער פאַכטער, שמואל הערש מיט רייזלען פאַכטער.

באַזונדערס פראָמינענט איז געווען אין הויפישן אגוליעץ „נאָטע דער פאַכטער“, ער איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח, איז געזעסן אויף אַ וועג פון דורכגייערס און דורכפאָרערס, און יעדער אורח פלעגט מוזן אַריין צו אים אין הויז און די „נאָטעכע“, פלעגט שוין דערלאַנגען

די פרישע סמעטענע, קעז און פוטער. נאָטע פאַכטער איז געווען געשעצט ביי אַלעמען. אויף ווי ווייט ער איז געווען געאַכט קען מען זען פון דעם מערקווירדיקן פאַל:

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ביי דער יידישער יוגנט, נאָכן אַנטוישן זיך אין דער רעוואָלוציע פון 1905 האָבן זיך געבילדעט גרופן, וואָס פלעגן זיך כלומרשט רופן אַנאַרכיסטן, אָדער ווי אַנדערע פלעגן זיך רופן קאָמבינאַטאָרן, וועלכע פלעגן באַפאַלן און באַראַבעווען. ווי מערקווירדיק עס זאָל נישט זיין, נאָר נאָטע דער פאַכטער האָט אויך געהאַט אַ שונא — אַ צווייטן יידישן פאַכטער, אַ קאָנקורענט, וואָס האָט זיך געקוואָפעט אויף נאָטעס פאַכט, און געזוכט מיט אַלע מיטלען, אַז ער זאָל נישט קענען שליסן אַ נייעם קאָנטראַקט מיטן הויף. ווען עס איז געקומען די צייט פון שליסן אַ נייעם קאָנטראַקט, האָט דער קאָנקורענט געגעבן אַ העכערן פרייז דעם הויף. ר׳ נאָטע האָט אפילו געקרעכצט, ער האָט אָבער געמוזט געבן דעם געבעטענעם פרייז. דער קאָנקורענט האָט אָבער נישט גערוט. זיינס אַ בחורל, וואָס איז גע־ווען באקאנט מיט אייניקע און דווקא אמתע אַנאַרכיסטן, איז אַוועק צו זיי און זיי דערציילט, אַז דעם און דעם טאָג, וועט דורך קוריאנער וואַלד דורכפאָרן זייער אַ רייכער — אַ געוואַלדיק גרויסער בורזשוי, וואָס פירט מיט זיך אַ מטמון מיט געלט און עס איז די גרעסטע מצווה ביי אים דאָס אַוועקצונעמען... אין דער אמתן איז דאָס געווען דאָס געלט — די עטלעכע הונדערט רובל, וואָס נאָטע האָט געדאַרפט איינצאָלן פאַרן פאַכט. און ווען ער נישט האָבן דאָס געלט איז דער פאַכט זייערער... דאָס בחורל האָט זיי אָנגעגעבן אַלע סימנים, נאָכגעפאָלגט דעם אַלטן נאָטען, און זיי האָבן די „שטיקל אַרבעט״ אָפּגעטאָן. אָבער ביים אַוועקגעבן דאָס געלט, האָבן זיי עפּעס באַמערקט אַז ער קוקט עפּעס נישט אויס צו זיין קיין געוואַלדיק גרויסער בור־זשוי, האָבן זיי דאָס געלט געהיט.

נאָטע איז געקומען צו נאָטיכען אָן דעם געלט. און דאָ דאַרף מען די „פּלאַטע״ אַנדערש וועט ער פאַרלירן דעם פאַכט.

די מעשה האָט מען זיך דערוווסט אין זאַבלודאָווע. די גאַנצע זאַבלודאָווער יוגנט, אַלע אויף די פיס! אַזוי באַליידיקט מען אַן ערלעכן פרומען מכניס אורח? די זאַבלודאָווער אַנאַר־כיסטן האָבן גלייך געשפּאַנט פערד, אַוועק קיין ביאַליסטאָק און נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָבן זיי צו אים אין הויף אַריינגעבראַכט זיין געלט פאַר איין וועגס האָבן זיי אים שוין אויך דערציילט ווער זיין שונא איז געווען, וועלכן ער האָט — אגב נישט געוווסט. ר׳ נאָטע איז געווען אַזוי איבערראַשט פון דעם, אַז דעם גאַנצן אָוונט איז ער אַרומגעגאַנגען, געשאָקלט מיטן קאָפּ, געטשמאָטשעקט מיט די ליפּן; אוי, אוי... מיך אַרט נישט דאָס געלט, דער פאַכט, אָבער פאַרוואָס איז ער מיר אַ שונא, פאַרוואָס?

יידן זענען געווען „וואָזשאַקעס״ פון וואַלד ביי דעם ביאַליסטאָקער גביר זאַבלודאָווסקי אין קאַנטאָר. מען האָט זיי גערופן די „וואפניקעס״, זיי האָבן געהאַט אַ סך פערד און שווע־רע וועגענער מיט גרויסע גראָבע קייטן מיט „ליוועֶרס״. פלעגט פאַסירן, מען פלעגט אַריין אין אַ בלאָטע, די פערד קענען נישט אַרויסשלעפּן, פלעגט מען נוצן דעם „ליוועֶר״ אויף אויפצו־הייבן דעם וואָגן.

די וואפניקעס זענען געווען הויכע, האַר־באַוואַקסענע, טאַקע אמתע וואַלד־מענטשן אין האָבן געהאַט אין פריערדיקע יאָרן פרנסה בשפע, איידער די קאָליע איז געגאַנגען, זיי פלעגן טרייבן גרויסע פראַכטן מיט פערציק פערד און פלעגן פירן די ביאַליסטאָקער סוחרים אויף די פאָלטאַווער און כאַרקאָווער יאַרידן. אַ נסיעה פלעגט דויערן אַ יאָר צייט. צוריקקומענדיק פלעגן זיי ברענגען פון דער וועלט מתנות פאַר זייערע פאַמיליעס.

אין הויף איז געווען אַ באַזונדער פּאַלאַץ געבויט אין קלאַסישן סטיל. כאָטש אינעווייניק איז געווען מעבלירט, אָבער קיינער האָט דאָרטן נישט געוווינט. אַלץ איז געווען צוגע־גרייט אין פאַל די פריצטע וועט קומען אין פּאַלאַץ. דינערשאַפט פלעגן אַלע טאָג פוצן און וואַכן ביים פּאַלאַץ. זומער פלעגן די ווענט באַוואַקסן ווערן מיט בלומען און גרינס. אַרום גרויסע אַלטע קאַשטאַן ביימער, ווי גרויסע שירעמס און דערביי אַ גרויסער פרוכט סאָד פון

די בעסטע פּרוכטן. אין מיטן סאָד גרינע אַלטאַנקעס, אַ סאַזלקע, אַ געגראָבענער טייך מיט אַ בריק פון שטיינער פון וועלכן מען קען נאָך איצט זען די רואינען.

פריערדיקע יאָרן פלעגן די שטעטלשע יידן שבת נאָכן עסן האָבן דעם עונג שבת זיך צו לייגן אַרום פּאַלאַץ, אויסטאָן די אויבערשטע בגדים מיט די העמדער און טלית־קטן. חתנים און כלות פלעגן זיצן אויף די בענק אַרום סאַזלקע... ווער האָט דאָס אין זינען געהאַט דעם גע־דיכטן שיינעם וואַלד קראַסנע, מיט זיינע אַלטע סאָסנעס, וואָס דערגרייכן צום הימל. ביי יע־נעם דור איז דאָס שפּאַציר געווען נאָר אַרום פּאַלאַץ.

אָבער צייטן האָבן זיך געביטן. דער הויף איז אַריבער צו אַ יונגן באַראָן פון דער פאַ־מיליע קרייזענשטיין. ער האָט זיך באַזעצט אין פּאַלאַץ און געבראַכט אַגראָדניקעס. מען האָט אַרומגעצאַמט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן דעם גאַנצן שטח. אַרום פּאַלאַץ, פאַרזעצט ביימלעך מיט אונטערגעשוירענע קעפּ, געמאַכט אַ ליין, מיט זשוויר באַשאָטן די וועגן. לעבן רעכטן דאדזשי־נעץ האָט מען אַ גרויסן קויק מיט בלומען פאַרזעצט, אַרום אַ רונדן וועג געמאַכט און דער גן־עדן איז פאַר די שטעטלשע איינוווינער פאַרשלאָסן געוואָרן.

איינמאָל האָט דער באַראָן געמאַכט אַ באַל. עס זענען אָנגעפאָרן געסט אין קאַרעטן פון דער גאַנצער וועלט. מען האָט געבראַכט אַ מיליטערישן אָרקעסטער. עטלעכע טעג האָט מען געשפּילט. אַ גרויסער עולם איז געווען אַרום פּאַרקאַן. פאַרן געזעגענען זיך מיט די געסט, האָט מען אַריינגעלאָזן דעם גאַנצן עולם יידן און די „מיעשצאַניעס" (אַזוי רופט מען ביי אונדז די שטעטלשע קריסטלעכע איינוווינער). דער באַראָן הייסט די מוזיק גיין אויף פריער, דערנאָך די באַפעלקערונג אין קאַראהאָד. דער באַראָן מיט די געסט זענען אויפן באַלקאָן און וואַרפן ווייס־געלט. מען כאַפּט. ער אָרדנט איין אַ גייעג ווער עס וועט דעם קרייז פריער דורכלויפן וועט קריגן אַ פּרייז. דער עולם צעשטעלט זיך. מוזיק פאַנגט אָן צו שפּילן אַ גאַלאָפּ. דער באַראָן גיט אַ צייכן: דער גייעג פאַנגט זיך אָן. לייבושקע באַקומט דעם פּרייז — אַ גאָלדענעם פינגערל. מוזיק שפּילט, לייבושקע טרינקט מיטן באַראָן לחיים. מען טיילט דעם עולם פּרוכט, די קינדער צוקערקעס און מען הוליעט אין טאָג אַריין.

פון דאַן אָן האָט זיך דער טויער פאַרשלאָסן, דער גן־עדן פאַרמאַכט. מען קוקט אין די שפּאַרונעס. געבליבן איז נאָר אַ סטעזשקע ביים פּאַרקאַן, וווּ מען שפּאַצירט אונטערן הויף פּאַרוויַיז און דער באַראָן איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן. דערביי דערציילט מען, אַז ער האָט געהאַט אַ באַליבט הינטל, וועלכער האָט אַוועקגעפּגרט. באַגראָבן האָט ער אים אויפן סאַמע דאדזשינעץ פאַרן פּאַלאַץ און געשטעלט אַ שטיין אַ „פּאָמיאַטניק", זאָגט מען, אַז ער האָט דאָס קראַנקע הינטל געקושט, איז ער אַליין קראַנק געוואָרן און דערפון געשטאָרבן.

בעת דער זשאָנדצע, דער לוטעראַן האָט פּאַרוואַלטעט, האָבן די יידן קצבים געמאַכט גרוי־סע געשעפטן, זיי פלעגן קויפן סטאַדעס געפּאַשעטע שעפּסן, גרויסע געפּאַשעטע אָקסן. די גערעאַלניע פון שנאַפּס איז ספּעציעל געטריבן געוואָרן צוליב דעם אָפּפאַל די בראַגע, וואָס איז אַ גוטע פּאַשע פאַר בהמות. די בהמות פלעגן שטיין אין לאַנגע געבויטע שטיינערנע „אַבאָרעס".

די פעטע קעלבער פלעגט קויפן מרדכי לייב, ער האָט שוין אויף דעם געהאַט אַ חזקה; אין הויף האָט מען ליב געהאַט זיינע וויצן און די מעשיות וואָס ער פלעגט זיי דערציילן. דער זשאָנדצע האָט געהאַט אַ גאַנצן פּלאַד אַזעלכע קליינע הינטעלעך איינס און איינס. ער פלעגט גיין מיט אַ גאַנצער סטאַיע און נישט איין מאָל פלעגן זיי צערייסן אַ יידישע קאַפּאָ־טע. ער פלעגט אָבער גלייך באַצאָלן פאַרן שאָדן.

אַמאָל פלעגט מען נאָך אַקערן מיט אָקסן, די לעצטע יאָרן זענען שוין געווען פּלוגעס און מאַשינען צום שניידן. די פאָרניאַלעס פלעגן האָבן שטאַרקע פאַר־פערדיקע וועגענער און פירן די אָפּגעשניטענע סנאָפּעס פון פעלד אין דער גרויסער סטאָדאָלע. סוחרים יידן פלעגן אָפּ־קויפן די תבואה וואַגאָנענווייז און אָפּשיקן אין קעניגסבערג. ווען מען פלעגט פירן די אַרבעס פון די פעלדער פלעגן קונדיסים כאַפּן סטרוטשקעס. חברה יאַטן פלעגן זיך אויך פאַרגנבע־נען אין די הויפישע סטרוטשעס, נישט איינער איז געכאַפּט געוואָרן און געקומען אין דער

היים אָן אַ היטל, אָדער פלעגט פאַרשפּאַרט ווערן אין אַ חזיר־שטעלכל ביז מען פלעגט קומען אים אויסבעטן ביי די פּריצים. די לעצטע יאָרן זענען שוין געווען יאַטן „ראַזוועדטשיקעס" וואָס פלעגן אַריבער איבער די גרויסע שטאַכעטן פון הויפישן סאָד און פאַרזוכן די גן־עדן עפּל, פאַרגאַרטלען זיך און ברענגען אַ בוזים פרוכט.

אָפטמאָל פלעגן יאַטן זיך שלאָגן מיט די הויפישע יונגע שקצים. געוויינלעך פלעגט עס פאַסירן אַ שבת פאַרנאַכט בשעתן שפּאַציר. די שקצים פלעגן זיך טשעפּען מיט די שטאָטישע פאָרלעך, פלעגט מען באַלד אַ זאָג טאָן: געדענקט איר וועט קומען אין שטעטל... און אין אַ שטעטלשן שענק פלעגט ווערן דער שלום. די שלעגער זענען געווען די יידישע און קריסטלעכע קעגן די דאָרפישע. עס פלעגט זיין אַ ווערטל: „וו זאַבלודאָוויע פּאָ קלעפּ"... דער שפּאַציר פון שטעטל איז געווען אין „קראַסנע". „קראַסנע" איז געווען אַ שם דבר, איינער פון די פוילישע גרויסע וועלדער, וואָס איז געוואַקסן אויף הויכע בערג. פאַרן גרויסן באַרג זענען געווען קליינע וועלדלעך: גניטשעקיער וואַלד און אַ וועלדל ביים זייט האָט געקראָגן דעם נאָמען „שילעמס וועלדל" ווייל שילעם (שילעם קאַפּלאַן) מיט זיין קאָמפּאַניע אינטעליגענץ פלעגן דאָרטן שפּאַצירן.

אין מיטן וואַלד אויף אַ הויכן באַרג איז געווען אַ געבויטע שטיבעלע. מען האָט איר גערופן „וואַידאָוויטשעס שטיבעלע". דער נאָמען פון פליפּאַטענט וואַידע. דאָס איז געווען אַ מין זומער־וווינונג, נאָר שטענדיק זענען געווען פאַרריגלט די טירן מיט די פענצטער... ז׳י יונגוואַרג פלעגט דאָרטן אויסקריצן זייערע איניציאַלן אויף די ביימער. די שטעטלשע פאַנטאַזיאָרן פלעגן דאָ ליגן מיטן פנים צום הימל און פאַנטאַזירן. פאָרלעך פלעגן זיך דאָ סודן און זיך אין ליבע דערקלערן.

די לעצטע צייטן פלעגט מען גאַנצע טעג, גאַנצע פאַמיליעס זיין אין וואַלד מיט קראַנקע, וואָ־ום די לופט איז געווען אַ היילונג. טיפער אין וואַלד זענען געווען יאַגדעס און מאַלענעס. די שטאָטישע איינוווינער פלעגן קומען קלייבן מיט קריגלעך און קאָשיקעס. פאָרן זיך צונויף די לעשניקעס און מען כאַפּט דעם עולם און מען פירט אַלעמען אין הויף. די קריסטן האָבן אָנגעהויבן קושן דעם פּריץ אין האַנט. מען לאָזט דעם עולם אָפּ. עס וואַקסן אָן ז׳י בעטקעס, שוואָמען און ווידער מחנות מיט קאָשיקעס. און דאָ הערט מען ווי עס טראַסקען די טרוקענע צווייגן, דאָס קומען די אָרעמע איינוווינער נאָך אַ בינטל גאַלענדזשעס אַוועקצוטראָגן. די לעצטע צייט האָבן יידן אויך האָלץ פון וואַלד געטראָגן. די אַדמיניסטראַציע פלעגט אָפּט אַריינשיקן האָלץ און קאַרטאָפל פאַר די שטעטלשע אָרעמע לייט. די קהל־משרתים פלעגן גיין „נאָווי ראָק" צו די פּריצים און פלעגן קריגן האָלץ. יאַנקל פאַראַוואָקער פלעגט קויפן דעם ווייץ אויף מצה. מען האָט שוין אין הויף געוווסט אָפּצוהיטן די ווייץ אויף שמורה מצה, וועלכע מען פלעגט באַקומען אין שטעטל. ערב פסח נאָך אַ האַלבן טאָג און די שטעטלשע חסידים פלעגן אַליין וואַלגערן און קנעטן, און יעדערער האָט געקויפט צו זעקס מצות צו די סדרים. דאָס שטעטל מיטן הויף זענען געווען ענג פאַרבונדן. חס ושלום אַ שרפה, פלעגן קומען די הויפישע פייערלעשער. נאַכהער פלעגט גיין דער רב און אויסבעטן האָלץ פאַרן נשרף אויף אויפבויען. די שטעטלשע יידן פלעגן אָפּגעבן כבוד די פּריצים, אַראָפּנעמען די היטלען ווען זיי פלעגן דורכפאָרן.

בעת עס איז אָנגעקומען די שרעקלעכע וועלט־מלחמה האָבן די רוסישע קאָזאַקן פאַרן עוואַקואירן, פאַרברענגט דעם הויף. די פּריצים מיט די פאַראָבקעס זענען נאָך פריער אַוועק מיט האַק און פּאַק. יעדער פורנאַל האָט איינגעשפּאַנט זיינע פּאָר פערד מיטן גרויסן וואָגן. אַרויפגעלייגט דעם גאַנצן רוכליאַד אויפן וואָגן; די קו צוגעבונדן און אַוועק מיטן אָבאָז. די פּריצים מיט די פאַמיליעס צום באַן. פאַרשטייט מען, אַז מען האָט איבערגעלאָזן אַ גוטס. די קאָזאַקן האָבן דערטאַפּט דעם גרויסן קעלער אַלטן ווייץ און האָבן זיך אָנגעטרונקען און געוויס זענען זיי אַריינגעפאַלן אין פלען צום דייטש און דאָס איז געווען אַ גליק פאַר דעם שטעטל. זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט טשעפּען די שטעטלשע איינוווינער. ווען

די דייטשן זענען אַריין און קיין קאָזאַק איז שוין נישט געווען אויף אַ רפואה האָט די שטעטלשע „ראַזוועדקע": אליהו יאָסל באַשעס מיט זיינע יאַטן באַזוכט דעם פּריצישן קעלער וויין און האָבן נאָך געפונען אויף קידוש פון יין ישן, אגב, אַנטיקן און אַלטע חפצים. די הויפישע שכנים האָבן „אויפגעראַמט" די פּריצישע ווייכע מעבל, וואָס הייסט, ירושה פון נאָענטע קרובים... זיי האָבן אָבער דערנאָך געמוזט אָפּגעבן די מתנה צוריק, די אמתע יורשים... די דייטשן.

די דייטשן האָבן געפירט די ווירטשאַפט אין הויף, באַאַרבעט די פעלדער און געהאַקט דעם וואַלד. ווען מען האָט אַוועקגעטריבן די רוסן, די ראַטן אַרמיי, איז די הויפישע ערד פאַרקױפט געוואָרן. די הויפישע אַדמיניסטראַציע, האָט אָבער איינגעאָרדנט אַ טאַרטאַק און מען האָט ממש אויסגעליידיקט קראַסנער וואַלד. די שווערע סאָסנאָוועביימער זענען געפאַלן אונטערן זעג און האַק. זיי זענען געלעגן ווי מתים אין אַ מלחמה. איך בין ספּעציעל געגאַנגען זען און געפונען ליגנדיק ביים באַרג די ביימער אויף וועלכע מיינע גוטע באַקאַנטע האָבן אויסגעקריצט די בוכשטאַבן פון זייערע נעמען. איצט איז ער נישטאָ מער ווי קיין מאָל נישט געווען. עס זענען נאָר צוגעקומען פרישע עטלעכע גבירים. וואָס האָבן געמאַכט געשעפטן ביי דעם. איצט טרעפט מען צעוואָרפענע קאָלאָניעס אויפן גרויסן שטח הויפישער ערד. צום מערסטן זענען דאָס די הויפישע פאַראַבקעס און פילע מאַזורעס פון פוילן, וועלכע האָבן אָפּגעקױפט די ערד. קיין יידן האָט מען נישט דערלאָזט צו קויפן ערד. עס איז שוין געווען אַ האַנט אין דעם... נישט פאַר דיר, יידעלע, איז ערד־אַרבעט! לעב פון ווינט, שטיק זיך אין שטעטל, און ווער דערשטיקט. אַ סך האָבן געוואָלט קויפן, נאָר עס איז דאָ בילכערע צו דער ירושה...

## די זאַבלודאָווער „מעשׂציאַנעס"

די זאַבלודאָווער יידן האָבן פון אייביק אָן געלעבט גוט מיט די קריסטן — די „מעשציאַנעס", אָבער נאָך אַ גרעסערע פריינטשאַפט איז געווען צווישן די יידישע ווילע חברה און די קריסטלעכע. זיי, די שטעטלשע ווילע חברה, פלעגן שלאָגן, ממיתן די דאָרפישע גויים; שכורן און גנבהנען צוזאַמען. אַ יאַריד, אָדער אפילו אַ מאַרק־טאָג איז געווען זייער לעבן. זיי האָבן געוווסט, אַז היינט וועלן זיי שוין האָבן אַ טרונק, אַ ביס און ווע‏מען צו שלאָגן.

נאָך באַלד אין דער פרי, איידער דער מאַרק קומט אָן פלעגן שוין די יידישע און קריסטלעכע יונגען זיך טרעפן אין טראַקטיר ביי אַ בשותפותדיקן פלעשל משקה מיט צובייסן.

אין די פריערדיקע יאָרן איז געווען אַ זיידקע, אַ ייד, און מעקל באגאַליעצס בנים, קריסטן. זיי פלעגן ריידן יידיש; מאַמע־לשון מיטן אַקצענט און אַריינמישן לשון קודשדיקע ווערטער. אין דער חברה זענען נאָך געווען חיים פּסחס, טשייקע, און נאָך אַנדערע.

מען זיצט אין שענק און מען טרינקט יידישלעך „לחיים". מעקל גיט פּלוצלינג אַ פרעג:
— נאָך נישטאָ די דאָרפישע ערלים? היינט וועט זיין פריילעך... די פּראָטעסיער שקצים וועלן געבן אַ פונדע, מען זאָל אָנשלאָגן די קוריאַנער היצליעס... מען גיט זיי אַ גאַנצן גאַרניעץ אָקעוויט, וואָס יידן מאַכן קידוש שבת... באגאַליעץ רעדט ווייטער: מיר בייסט שוין די האַנט, אוי די כלאָפּעס, די נאַרישע, מיר וועלן זיי צונויפפירן. זיי זאָלן זיך איינע די אַנדערע צעבלוטיקן, אַ בראָך נאָך זיי! איך בין דאָך אַ גוי, נאָר איך האָב זיי פיינט, ברודער חיים! דו ווייסט דאָך, אַז מען דאַרף פאַרדינען... און שיכורלעך צערעדט ער זיך גאָר — דו ווייסט דאָך, ווי קונציק איך נעם צו אַ פערד... איך היט אָפּ אויפן פעלד די כלאָפּעס, ווען זיי ברענגען די פערד אויף אַ נאַטשלעג. זיי זענען דאָך פאַרמאַטערטע און לייגן זיך שלאָפן און כראָפּען. איך נעם אַראָפּ די פענטע פון פערד און גיב זיך אַ זעץ... נאָר די כלאָפּעס האָבן דערהערט און גענומען יאָגן אויף פערד מיט דובינעס, דאָ בין איך פאַרי"שעט...* מיין חיה האָט זיך

---

* פאַרשיכורט.

ספּאָטיקעט. איך פֿאַל אַראָפּ, מען האָט מיך אָנגעיאָגט און זיך גענומען צו מיר. נאָר זיי האָבן מיך דערזען ווער איך בין, האָבן זיי מיך אָפּגעלאָזט, און מיר צוגעזאָגט אין שטאָט פֿאַרפּוג־דעווען. זיי ווייסן, אַז איך קען מאַכן אַ פּענדל... און גיבן מיר שטענדיק טרינקען, נאָר איך קען זיי נישט ליידן די כלאָפּעס...

עס פֿאַרט זיך אויף דער מאַרק, די חברה טרינקען מיט ביידע צדדים, מען פֿירט זיי צו־נויף און עס הייבט זיך אָן אַ געשלעג. פֿון אַלע זייטן ווערט אַ געלויף, און פֿאַרנאַכט־צו פֿלעגן די יידישע מיט די קריסטלעכע חברה זיך פֿירן אונטער די הענט ערגעץ אין אַ שייער זיך אויס־צושלאָפֿן.

נאָכן מאַרק פֿלעגן די יידישע יונגען ווידער אָנהייבן צו שווערער אַרבעט, זיי זענען כמעט אַלע געווען ציגעלניקעס, וועלכע פֿלעגן צוגרייטן אַ ראָל ליים צום קנעטן ציגל, באַ־גאַליעצן פֿלעגט עס פֿאַרדריסן, ער פֿלעגט זיך זידלען... יידישע קעפּלעך, איר ווילט בעסער האָרעווען און נישט זוכן קיין שאַנצן... איך וועל ווערן אַ ייד... ר׳ מאיר וועט מיר אָפּשניידן, איך וועל זיין אַ ייד... איך וועל עסן קוגל.

ווינטער פֿלעגן די חברה האָרעווען ביי איטשען אין פֿאַראָווקע הייצן דעם קעסל. דאָרטן איז ווידער געווען דער אַלטער מעקל מיט זיינע בנים וואָס האָבן גערעדט יידיש און וואָס האָבן באַדינט די יידישע הייזער געווען שבת־גויים און געלעבט מיט די יידישע יאַטן.

געווען נאָך איינער יעראַצקי, פֿלעגן אים די קינדער נאָכלויפֿן און שרייען: „יעראַצקי, בים־באָם!" פֿלעגט ער זיך צעשרייען אויף זיי: „גיי אין חדר, איך וועל דערציילן דער מאַ־מען".

דער יעראַצקי האָט געפּאַשעט די יידישע קי אויפֿן „וויפּוסט". דער וויפּוסט איז געווען פֿאַר יידן פֿון קדמונים. ער האָט געהייצט אין די אויוונס אום שבת, געמאָלקן יידישע קי, גע־ווען ביים קעלבן.

שבת פֿלעגט ער גיין צו די באַלעבאַטים מיט אַ זאַק, מען פֿלעגט אים אָנלייגן אַ גאַנצן זאַק חלה מיט ברויט.

געווען אויף יידישע שמחות נאָך איינע אנטאשקע די שבת־גויע, זי איז געווען אויסגע־מישט מיט די יידישע קינדער און געוווּסט פֿון די יידישע ימים טובים און פֿון יידישע דינים.

זי האָט גערעדט גוט יידיש, געוווינט ביי יידן אין דירה און געהאָדעוועט די קינדער צווישן יידן. ביי די קינדער איז יידיש געווען די מוטער־שפּראַך. מען האָט פֿאַר קיין פֿאַל נישט גע־קענט דערקענען, אַז זיי זענען גויים. אנטאשקעס זון, פֿראַנעק, ווען ער איז געווען אין מילי־טער, פֿלעגט ער גיין אין בית־המדרש מיט די יידישע זעלנער, מען זאָל אים באַשטעלן שבת ביי אַ יידן. און אַז מען פֿלעגט אים הייסן מאַכן קידוש, פֿלעגט ער זאָגן: ר׳ קרוב מאכט איר קידוש, וועט איר מיר יוצא זיין... המוציא פֿלעגט ער מאַכן גאָר יידישלעך.

איז געקומען ערב יום כפּור, פֿלעגט שוין אנטאשקע אָפּהיטן און אָפּקויפֿן די טריפֿה כּפּרות. פֿונדעסטוועגן פֿלעגט זי אַמאָל דאָך אויסקלערן עפּעס אַ ליגן אויף יידן.

דערפֿאַר איז געווען אַ צווייטע שבת־גויע: באַשקע, איז זי געווען שטאָל און אייזן פֿאַר יידן. זי פֿלעגט אָפּהיטן צו כל נדרי אין שול און פֿלעגט שטעלן אויפֿן שול־הויף אַ טעלער גלייך מיט אַלע יידישע קערות, בעטן נדבות און צווינטשעווען אַ גוט יאָר. זי איז געווען פֿול אין אַלע הייזער. האָט געוווּסט אַלע סודות און געמישט זיך אין טעפּל און אין לעפֿל. זי איז גע־ווען אַזוי היימיש, אַז מען פֿלעגט איר שיקן פֿרעגן אַ שאלה ביים רב. אירע קינדער האָבן אויך גערעדט גוט יידיש. נאָר פֿון וואַנען זי האָט דעם יידישן נאָמען „באַשקע" ווייסט מען נישט עד היום.

געווען נאָך אַ שבת־גוי יאַשקע סאמסאנס. אַ גרויסער שיכור. די סאמסאנס זענען גע־ווען עטלעכע ברידער און זיי האָבן אַלע גערעדט אַ גוטן יידיש. זייער טאַטנס נחלה איז גע־ווען צווישן יידן אויף שוסטער־גאַס. יאַשקע איז געווען אַן אַלטער בחור און געווען דער שע־רער און ראַזירער פֿון שטעטל. ערב שבת, ווען יידן האָבן זיך געדאַרפֿט שערן, פֿלעגט מען מוזן גיין אויסלייזן זיין שערל מיט דער בריטווע, וואָס זענען שטענדיק געווען פֿאַרזעצט אין

„פּאַטיינעס" שענקל ביי צאַשניקען. יאַשקע האָט געוווסט, ווען יידן טאָרן זיך נישט שערן, פלעגט ער קומען צו יודקע דעם שענקער און זאָגן: „ר' יודל היינט איז ל"ג בעומר, אוי, צרות, ר' יודל..." ער פלעגט גיין דעם קאָפּ איינגענורעט, די בארקעס אויפגעהויבן און סיי שיכור, סיי ניכטער אונטערברומען זיינס אַן אייגן פאַרפאַסט לידל: „אונטערן וואַסער שווימט אַ מעסער"...

די נחלה האָבן די סאמסאנעס פאַרקויפט אַ יידן, און יאשקע פלעגט זאָגן: נישטאָ קיין בית, נישטאָ קיין מעות, דעם בית פארקניאקעט, די מעות פארשאשעט.

איינער יאשול פיליעצקי פלעגט זיך חברן מיט יידישע בחורים, זיך קליידן ווי די יידן און האָט זיך געשעמט זאָגן, אַז ער איז אַ גוי. זיינער אַ ברודער יאנטקע פיליעצקי איז מיט יידן אַ גאַנצער פּאַני בראַט, רעדט יידיש און זאָגט: „איך געדענק דעם צדיק ר' יאָסעלע זכרונו לברכה. זיין ברכה האָבן מיר, עס זאָל נישט זיין קיין שרפה!"... ער זיצט אָפט מיט די עלטערע יידן און רעדט זיך גאַנץ יידישלעך פון אַמאָליקע צייטן און אַמאָליקע יידן.

און נאָך איינער איז דאָ אַ ווינצוג גאדליעווסקי. זיין טאַטע איז געווען אַ זאַמד־פירער, פלעגט צעפירן זאַמד אויף שבת אין די יידישע הייזער און ווינצוג פלעגט פירן אויף דער פור יידישע בחורים אויף אַ חתונה.

ער, ווינצוג אַליין פלעגט קומען אין זאַל אָנגעטאָן פּונקט ווי די יידישע בחורים און זיך פאַרשטעלן פאַר די מיידלעך מיט אַ יידישן נאָמען: וואָלף גאָלדבערג און טאַנצן מיט די מייד־לעך. ער האָט געוואָלט זיך מגייר זיין. דערפאַר פלעגן אים רופן די „מיעשצאנעס": וואָלף גאָלדבערג. ער האָט ליב צו דערציילן, ווי מען האָט אים אויף אַ חתונה ביים טיש געמאַכט מי שברך און מען האָט אים גערעדט אַ יידישן שידוך...

# זאַבלודאָווער פּריזיוניקעס

ווען עס איז אַריבער די צייט פון די כאַפּערס, און ס'איז אַרויס אַ נייער אוסטאַוו, אַז אַלע אָן אונטערשייד, אָרעם און רייך, פרעמדע און היגע געבוירענע, מוזן זיך צו פולע 21 יאָר שטעלן צום נאַבאָר, האָט זיך אָנגעהויבן אַן עסק מיט „לעגאַטעס".

עס זענען געווען דריי ראַזריאַדן לעגאָטעס: בני־יחידים ביי וועלכע דער פאָטער איז גע־שטאָרבן, האָבן אַן ערשטע לעגאָטע, דער עלטסטער זון וואָס האָט געהאַט אַ ברודער מיט פיר יאָר יינגער פון זיך האָט געהאַט אַ צווייטע לעגאָטע, און אויב אין אַ פאַמיליע איז שוין איין זון געווען אין מיליטער־דינסט, האָט דער צווייטער זון, דער יינגערער, געהאַט אַ דריטע ראַז־ריאַד לעגאָטע. די לעגאָטעס פלעגן אָבער נאָר זיין, ווען די נייטיקע צאָל סאָלדאַטן פלעגט קענען רעקרוטירט ווערן פון די איבעריקע נישט פּריווילעגירטע.

די ערשטע יאָרן, ווען עס איז קיין שטראָף נישט געווען פאַר זיך נישט צושטעלן צו דער צייט צו פּריזיוו, פלעגן זיך די פּריזיוויניקעס פאַרבאַהאַלטן און די לעגאָטעס פלעגן גוט באַצאָלן דעם פּריזיוויניק — פאַרן זיך צושטעלן, אַז נישט, פלעגט ער, כאָטש אַ לעגאָטע מוזן דינען.

אַזוי פלעגט עס גיין און זאַבלודאָווע האָט נישט געוווסט פון פּריזיוויניקעס, ביז עס איז געוואָרן די גזרה דריי הונדערט רובל שטראָף פאַר זיך נישט צושטעלן צום פּריזיוו. דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען די סדרה „פּריזיוויניקעס".

עס איז געווען אַ קאַראבקע־געלט, וואָס די פּני־העיר האָבן דאָס געהאַט, פלעגט מען מוזן איינלייגן פאַר פּריזיוויניקעס אַ פּאָר הונדערט רובל. די פאָדערונג איז געווען, מען דאַרף גיין אין מיליטער דינסט, מען מוז זיך צוגרייטן אַ פּאָר שטיוול, וועש, אויסטרויען אַ קעסטל מיט אַלעס נויטיקן. די פאָדערונגען פלעגן געשטעלט ווערן מיט די גרעסטע סקאַנדאַלן. נאָך אַ צייט פריער, פלעגט מען נישט לאָזן דאַווענען, און מען פלעגט זיך אָנשיכורן, עס איז טאַקע

נישט געווען גוט אויפן האַרצן, זיך שיידן פון דער היים אויף פיר יאָר, אָבער עס פלעגט אַרי־בער דער פריזיוו, פלעגט מען אין שטעטל פרייער אָפּאָטעמען און דאָס אויך נישט שטענ־דיק...

עס פלעגט טרעפן נאָכן פריזיוו: די פריזיוויניקעס דינען שוין, נאָר מען האָט נישט אָפּ־געגעבן וואָס עס קומט זיי, פלעגן די איבערגעבליבענע קרובים מעכב הקריאה זיין און די איבעראַיאָריקע פריזיוויניקעס פלעגן העלפן. שטענדיק איז געווען אַ טומל וועגן דעם.



יודל שעלעפסקי (מיט דער היטל) און זיינער אַ חבר, אַלס צאַרישע סאָלדאַטן.

ווען די יונגוואַרג איז געוואָרן אָרגאַניזירט אין רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, פלעגן זיי אָננעמען מיטלען קעגן זעם שטעטל, מען פלעגט למשל, פאַרשליסן די מקוה, צונעמען ביי די שוחטים די חלפים, און צווינגען מען זאָל אַזאַ און אַזאַ סומע באַוואָרענען פאַר די פריזיוויניקעס. איך געדענק נישט גענוי, דוכט זיך עס איז געווען ערב יום כפור, האָט מען צו־ליב די פריזיוויניקעס אַריינגעגאָסן גאַזע אין מקוה. די מערסטע פלעגן אַרויסקריגן אַ סומע געלט, אַ הונדערט רובל און מער און נאָכן אָפּגעבן פלעגן זיי פאַר דעם געלט אַנטלויפן קיין אַמעריקע.

איין יאָר זענען גאָר געווען שרעקלעכע סקאַנדאַלן. עס זענען געשטאַנען צום פריזיוו אמתע פאַראייניקטע, וועמענס טאַטעס זענען דווקא געווען די קהל־פירער. די חברה האָבן אַ טו געטאָן, נאָך חדשים פריער האָבן זיי זיך אָנגעהויבן טשעפּען, ווי דער שטייגער איז, צו די לעגאַטעס. די לעגאַטעס האָבן נישט געוואָלט געבן, פאַרשטייט זיך, און עס האָט נישט געפעלט קיין געשפּאָלטענע קעפּ. איינער אַ יונגערמאַן איז אַרויס און געהייסן פאַרמאַכן די קראָמען און מען האָט געפאָלגט. די פּאָליציי: דער פּריסטאַוו מיטן אוראַדניק נעבעך, און גויים מיט

שטעקענער, וועלכע פלעגן קומען צו הילף דער פּאָליציי, פלעגן זיך נישט קענען קיין עצה געבן מיט די פּריזיוּוניקעס, עס פאַרשטייט זיך אַז צו הילף די פּריזיוּוניקעס פלעגט שטענדיק זיין אַ חברה ווילע יונגען און אַז מען איז אַריין אין ברען, האָט מען שוין געשלאָגן אויף ווען מען האָט געהאַט אַ האַרץ...

יענעם יאָר האָבן די פּריזיוּוניקעס צוגענומען ווו עס איז נאָר געווען אַ גראָשן, אַן ערך זיבן אַכט הונדערט רובל קאַראַבקע געלט; זיי האָבן געזאָגט, סיי ווי סיי מאַכט איר קיינמאָל נישט פון דעם געלט עפּעס נוצלעכעס פאַר דעם שטעטל. יענעם פּריזיוו האָט מען לאַנג גע־דענקט, אין שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך שוין נישט געפונען אין קהל אַזוי פיל געלט, פלעגן די פּריזיוּוניקעס נעמען ביי די לעגאַטעס משכנות: בעטגעוואַנט, קופּער, און וואָס נאָר זיי האָבן געקענט פאַרנעמען, פּאָליציי פלעגט גיין זוכן די משכנות, נאָר חברה פלעגן דאָס גוט באַגראָבן, און מען פלעגט די משכנות מוזן אויסקויפן ביי די פּריזיוּוניקעס.

ביי ווייטערדיקע פּריזיוון איז די זאַך געווען שוואַכער. אַ יידישע לעגאַטע פלעגט מען מוזן מאַכן. נאַטשאַלסטווע האָט באַשטימט אַז אַלע יידישע „פּאַסימיינע ספּיסקעס״ זענען פאַלשע און צו מאַכן אַ לעגאַטע, פלעגט מען שוין מוזן האָבן אַ „דאָזנאַניע פּאָליציע״, און קריסטלעכע עדות וואָס זאָלן שווערן אין קירך, אַז די לעגאַטע איז אַ ריכטיקע. דערביי פאַר־שטייט זיך, פלעגט מען מוזן באַצאָלן ווו מען דאַרף און ווען מען דאַרף. אַ לעגאַטע איז גע־וואָרן אַ טייערער ביסן און עס איז רואיק געוואָרן אין שטעטל. מען האָט גענומען פאַרגעסן פון פּריזיוּוניקעס, דער יום־טוב סוכות איז געוואָרן אַ רואיקער.

שמיני עצרת האָט מען שוין געדאַוונט בציבור און שמחת תורה האָט מען געהוליעט און אגב דערציילט מען וועגן אַמאָליקע פּריזיוון.

אין יאָר 1924 האָבן גאָר פּלוצלינג אומגעריכטערהייט מעכב הקריאה געווען „אויך מיר פּריזיוּוניקעס״. נישט זיי האָבן געדינט, נישט זיי האָבן געהאַט בדעה צו דינען, אַזוי זיך, עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז מען וועט זיי נעמען דינען. און ווייסט איר, ווען זיי האָבן נישט געלאָזן דאַוונען? איר וועט נישט גלויבן! דווקא אין יום כפּור! היות מיר זענען פּרי־זיוונע, זאָל מען אונדז צוזאָגן „ממתקים״, אַז נישט, לאָמיר טאַקע זען ווער עס וועט זיך דער־וועגן גיין צום עמוד...

אין דער אַלטער שול איז מען פון אָנפאַנג צעטומלט געוואָרן פון אַזאַ מעשה, שטערן די תפילות אין יום כפּור! און ווער? אַ יינגל... און בעת עס איז נאָך אָנגעקומען דער נייער רב. די יונגע מתפּללים, וועלכע שטייען אין פאַליש, זענען צוגעקומען אויבנאָן און אַ זאָג געטאָן: יונגערמאַן! נישט דאָ איז דאָס אָרט! און האָבן שוין אָנגעהויבן אויסטאָן די טליתים... דער עמוד איז גלייך געוואָרן ליידיק און דער חזן האָט געקענט זיך שטעלן דאַוונען. די יידן אין שול האָבן מיט באַדויערונג צווישן זיך גערעדט: יונגע יידן לייגן אַ האַנט אויף די תפילות אין די ימים נוראים, און מוחל געווען אַמאָליקע פּריזיוּוניקעס, יענע זענען דאָך געווען יידן!...

אין די ימים נוראים, און מוחל געווען אַמאָליקע פּריזיוּוניקעס, יענע זענען ד אָ ך געווען יידן!...



הרב ר׳ יוחנן מירסקי

# זאַבלודאָווער רבנים

## (דער כסא־הרבנות אין זאַבלודאָווע)

ווען איך נעם אין האַנט די אַלטע זאַבלודאָווער זכרונות, די זכרונות פון דעם שטעטל, פון דער אַלטער חברה ש״ס (איר גרינדער איז געווען דער ליכטיקער גאון ר׳ אלעזר, בעל־המחבר פון „אור חדש״ און וועלכער איז דאָ געווען רב אין יאָר תקכ״ו — מיט 158 יאָר צוריק), און לייענענדיק די אַלע אין זייער צייט פאַרצייכנטע זכרונות און הערנדיק די אַלטע געשיכטע פון די אַלטע צייטן און גאונים, קען מען ערשט באַגרייפן וואָס פאַר אַ היסטאָרישע באַדייטונג עס האָט די לאָקאַלע געשיכטע פון זאַבלודאָווער ישוב, פאַר דער געשיכטע פון די יידישע ישובים אין מיטן ליטע און זייער פאַרבינדונג מיט די יידן אין מערב־אייראָפּע בכלל. רבנים וואָס זענען געזעסן אין אַזאַ ישוב ווי זאַבלודאָווע, יונגעלייט, ווי הגאון בעל־„אור־חדש״, איז באַלד אין יאָר תקכ״ז אַוועק פון דאַנען און זיך באַזעצט אין בערלין, ווי עס איז געשריבן, אין זיין הקדמה צו זיין חבור „כתנות אור על תורה״, און באַלד איז ער געוואָרן רב אין דער גרויסער יידישער קהילה רעכניץ, אין אונגאַרן. און שפּעטער אין דער גרויסער שטאָט און גרויסער קהילה קעלן. אויך דער שפּעטערדיקער גרויסער גאון ר׳ יהושיע שפּירא ז״ל, בעל־המחבר ארבע שטות על פסחים, ביצה, ר״ה, מגילה. איז געווען לעצטנס רב אין מעקלענבורג שווערין, אין דייטשלאַנד. דאָס ציינט מיר די גייסטיקע מדרגה פון די יידן אין מיטן ליטע אין באַצוג צו די יידישע געמיינדעס אין מערב־אייראָפּע, אַז די גרע־סערע אָדער גרעסטע קהילות אין מערב־אייראָפּע האָבן געאַכטעט און געקרוינט מיט דער כתר תורה די רבנים פון ליטע. דאָס ווייזט אויך, אַז די קהילות אין מיטל ליטע, ווו אַזעלכע גאונים האָבן געלעבט און געשאַפן, זענען געשטאַנען אין רעליגיעזן און קולטורעלן מצב זייער הויך.

אין זאַבלודאָווע איז דאַן געווען אַ גרויסע ישיבה. דער ראש־ישיבה איז געווען דער גאון „אור חדש״ זכרונו לברכה. עדות אויף דעם איז דאָ אין דער הסכמה פון גרויסן באַרימטן גאון, דער גרויסער „שאגת ארי״, וואָס ער איז געווען פון די שטאָלצסטע גאונים, וואָס לא יחת מפני כל, געוועזענער וואָלאָזשינער און שפּעטער מינסקער רב. דערנאָך רב אין מעטץ, אין עלזאַס. דער „שאגת ארי״ שרייבט אַזוי אין זיין הסכמה צום ספר „כתנות אור״ פון יאָר תקכ״ו פון מינסק: וזה רבות בשנים אשר אני מכיר את הרב מהור״ר אלעזר והנה ידו בכל: בפלפול וסברא, בגמרא וסברא כאחד מהרבנים שיח״יו המפורסמים שבמדינתינו. וזה כמה שנים שיושב על כסא ההוראה בק״ק זאַבלודאָווע, ומרביץ תורה לרבים ומעמיד תלמידים, והנה מעודי אין דרכי ליתן הסכמות למהברי דורנו שרובם מקלקלים לניר ודיו ומבזים את התורה בעו״ה.

אמנס הוא יוצא מן הכלל, בכן ידי תיכון עם הרב במהוכא, עכ״ל נאום ארי׳ ליב בחמ״ו הגאון מהר״ר אשר ז״ל ראבד״ד מינסק, כותב וחותם פה פפורט דאדר. (דאָס איז געווען, ווען דער שאגת ארי׳ ז״ל איז אַנטלאָפן פון מינסק). אַזאַ הסכמה אויף אַ ספר פון אַ גאון, וואָס האָט אויף קיינעמס חיבור קיין הסכמה נישט געגעבן, באַווייזט נאָר, וואָס פאַר אַ גאון עס איז געווען דער אור חדש ז״ל. דער שאגת ארי׳ זאָגט אויך עדות, אַז אין זאַבלודאָווע איז אַ באַדייטנדיקע קהילה מיט אַ גרויסער ישיבה.

שפעטער איז הגאון בעל „ארבע שטות" אויך געווען דאָ ראש־ישיבה אַן ערך אין תקל"ה. און נאָך שפעטער איז דאָ געוואָרן רב און ראש־ישיבה הגאון המקובל ר' בענדיט ז"ל: וואָס זיינע מנהגים און תקנות זענען פאַרבליבן און זענען פאַרשריבן אין דעם אַלטן פנקס. ער פלעגט פאָרן יעדן יאָר זיך זען מיט דעם גאון ר' אלי' פון ווילנא ז"ל. זיינע חבורים דער „נר תמיד" אויף ש"ס זענען טיפע לומדישע חבורים.




דער אוהל פון ר' אלחנן צבי לאפ זצ"ל

און נאָך שפעטער דער באַליבטער גאון, דער גרויסער עניו יוסף שליט"א און די גאונים ר' אלחנן צבי לאפ און זיין זון ר' אפרים לאפ.

דאָ דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די גרויסע זאַבלודאָווער מורה־הוראהס ר' שמואל מאַזוריציק ז"ל. אַ ספרא רבא און אַ חריף, און ר' יעקב ראָזענצווייג ז"ל (ר' יעקב נפתליס) אַ גרויסער בקי אין ש"ל און פוסקים און אַ גרויסער מקובל.

גרויס זענען געווען די גאונים, וואָס זענען געזעסן על כסא התורה אין דעם קליינעם שטעטעלע זאַבלודאָווע.

מיכאל ליפשיץ (בע"ז)

# דער גאון און צדיק ר' יאָסעלע זצ"ל

שוין אַוועק אַן ערך פון 40 יאָר נאָכן טויט פון דעם גרויסן גאון און צדיק ר' יאָסעלע זצ"ל, וואָס איז דאָ געזעסן 30 יאָר על כסא הרבנות און האָט געשמט אין זיין צייט מיט זיינע גרויסע לומדות און צדקות.



תואר פני הרב מה"ג וכ"ו צנא מלא ספרא צדיק
מפורסם מעביר על מדותיו מזה' יוסף שליט"א
אב"ד דק"ק זבלוראוו: זה שלשים שנה שהיה
מקורם בסאקאלקא ובהורדנא באחונ ובברעזין בשנת
וזאת הברכה בשלישי לחורש אדר ראשון.

דער זאַבלודאָווער צדיק ר' יאָסעלע ז"ל

דער גרויסער גאון און צדיק ר' יאָסעלע זצ"ל איז געווען אַ תלמיד פון דעם גרויסן גאון ר' דודל מירער, און אַ נאָענטער חבר פון דעם גרויסן גאון ר' יצחק אלחנן זצ"ל, וואָס האָט פאַרטרעטן נאָך אים די כסא הרבנות אין קאַרטוז־בערעזע. ער איז געווען אויך רב אין

פאָרשטאָט ביי גראָדנע און איז אומעטום אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס רעספעקט און יראת הכבוד.

זייענדיק דאָ אין זאַבלודאָווע, פלעגן זאָגאַר די היגע קריסטן, די מיעשטשאַנעס, האָבן פאַר אים גרויס דרך־ארץ און פלעגן אָפטמאָל קומען זיך מיט אים שואל עצה זיין וועגן זייערע אינטערעסן און פאָלגן וואָס ער האָט געזאָגט.

פאַרשיידענע לעגענדעס טראָגן זיך דאָ אַרום ביי יידן און היגע קריסטן און דערציילן פון אים גרויסע וווּנדער. עס ווערט דערציילט, אַז ער האָט געגעבן אַ ברכה דער שטאָט, אַז עס זאָל קיינמאָל קיין שריפה נישט זיין און אויב עס וועט אויסברעכן אַ שריפה זאָל מער ווי די איינע הויז נישט אָפּברענען. און מערקווירדיק, אַזוי איז עס טאַקע; אַז ווען באַהיט גאָט, עס ברעכט אויס אַ פייער, ברענט נישט אָפּ מער ווי די איינע הויז.

אַהיגער מיעשטשאַניע דערציילט שטענדיק, אַז ר׳ יאָסעלע איז אַמאָל געגאַנגען שפּאַצירן און ער, דער מיעשטשאַניע, האָט געהאַט די זכיה, וואָס ר׳ יאָסעלע האָט זיך געזעצט אויף דער באַנק ביי זיין הויז, נעבן אַ גרויסן פרוכט־בוים זיך אָפּרוען, און פון דעמאָלט אָן איז דער בוים יעדעס יאָר אָנגעשאָטן מיט פרוכט, ווייל ער האָט אים געגעבן אַ ברכה. דאָס אַליין באַווייזט, ווי ער איז דאָ געווען באַליבט ביי יעדן באַזונדער און ווי מען האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיינע ברכות.



דער אוהל פון צדיק הגאון ר׳ יאָסעלע זצ״ל, וואָס איז געשטאַנען אויף זאַבלודאָווער אַלטן בית־עולם.

ר׳ יאָסעלע האָט אָבער אין זיין צייט פון רבנות געהאַט שלעכטע יאָרן, וואָס מען האָט אים נישט געצאָלט ריכטיק זיינע שכירות און ער האָט געלעבט אין גרויס דחקות. עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אַ פּאָר מענטשן, וואָס האָבן מיט אים געפירט גרויס מחלוקת און האָבן אים שטאַרק מצער געווען און ווען נישט די אונטערשטיצונג פונעם גביר פון יענער צייט, ר׳ הערשל העפנער, וואָלט ער פּראָסט פשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער. די מענטשן, וואָס האָבן מיט אים געפירט מחלוקת האָבן געהאַט גרויסע יסורים פון קינדער און געשטאָרבן פאַר דער צייט.

זיינע לעצטע יאָרן איז ער קראַנק געווען און געוואָרן זייער שוואַך און האָט שוין נישט

געקענט פירן די רבנות, די טובי העיר זענען צו אים געקומען און האָבן זיך מיט אים שואל עצה געווען, אויב ער איז מסכים צו ברענגען אַ רב ער זאָל זיין אַ ממלא מקומו. ער האָט זיי מיט אַ האַלבן מויל געענטפערט אויף יאָ, און מען האָט אַראָפּגעבראַכט דעם וויסטעניצער רב, דעם גרויסן גאון ר׳ אלחנן צבי לאפּ און דאָס שטעטל האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד. דאָס האָט פאַרדראָסן דעם גרויסן גאון, זיין חבר ר׳ יצחק אלחנן, וואָס איז שוין דאַן געווען רב אין קאָוונע. ער האָט אַריינגעשריבן אַ הייסן פּראָטעסט־בריוו צום היגן קהל און האָט געשריבן „עוד יוסף חי״. דער נייער רב איז נאָר געווען אַ קורצע צייט, ווייל ער איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן און ר׳ יאָסעלע האָט אים נאָך שוואַכערהייט מספּיד געווען.

---

# הרב הגאון ר׳ אברהם עקיבא סובאָטניק ז״ל

אין זיינע קינדערשע יאָרן האָט מען אין דעם קליינעם שטעטל אָשמינע, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, געזען, אַז אין אים דערוועקט זיך אַ גרויסער חשק צו לערנען און זיינע עלטערן האָבן אים טאַקע נאָך גאָר אַ יונגן אָוועקגעשיקט אין וואָלאָזשין, ווו ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה. דערנאָך האָט ער אויך געלערנט אין ווילנע.

זייענדיק אין וואָלאָזשין, האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי דעם גרויסן גאון ר׳ נפתלי צבי יהודה בערלין, וועלכער האָט אויף אים גרויס אַכט געלייגט, געפינענדיק אין אים גרויסע כשרונות הן אין לערנען, הן אין הנהגה.

זיין ערשטע רבנות איז געווען אין קאַמען (מינסקער גוב.). אָפּזייענדיק דאָרט אַכט יאָר און איינפירנדיק די בעסטע תקונים, האָט ער זיך שטענדיק באַמיט מיט זיינע גלענצנדיקע דרשות לערנען דעם עולם צו מדריך זיין זייערע קינדער אין תורה און דרך־ארץ.

ער איז אויפגענומען געוואָרן דערנאָך מיט גרויס כבוד דורך דער סופּראַסלער קהילה, אַ שטעטל ביי ביאַליסטאָק. ער האָט דאָרט איינגעפירט אַ חברה ש״ס, זיי אויסגעבויט אַ פּראַכטפולן בית־המדרש, וואָס מעג שטיין אין דער גרעסטער שטאָט. און ווייל דאָס שטעטל איז אַ קליינע און האָט נישט געהאַט קיין מיטלען צו ענדיקן דעם בנין, האָט ער נישט געזשאַלעוועט קיין מי און געפאָרן אין די נאָענטע שטעטלעך זאַמלען נדבות פאַרן גרויסן בנין.

ער האָט געפועלט ביים גרויסן פאַבריקאַנט בוכהאָלץ, פון סופּראַסלע (אַ קריסט), אַן איידעם פון דעם פאַבריקאַנט שייבלער פון לאָדזש, ער זאָל געבן שטיצע אויפן בית־המדרש און האָט טאַקע געקראָגן אַ נדבה פון 500 רובל. ווען דאָס בית־המדרש האָט זיך אָנגעהויבן בויען, האָט מען מכבד געווען בוכהאָלצן מיטן לייגן דעם ערשטן שטיין. אויך די דייטשן פון שטעטל האָבן געגעבן יעדער זיין נדבה און אַלץ דורך דער השתדלות פון דעם רב. ווען דער בית־המדרש האָט זיך געהאַלטן ביים ענדיקן, איז געשטאָרבן דער ערשטער גרינדער פון בית־המדרש, דער גרויסער פאַבריקאַנט בוכהאָלץ. דער רב האָט געזאָגט צו זיין פרוי, די טאָכטער פון שייבלער, אַז ער וויל מספּיד זיין איר מאַן אין בית־המדרש, פאַר זיינע גרויסע וווילטעטיקע פאַרדינסטן בכלל און פאַרן בית־המדרש בפרט. צו דעם צוועק האָט זי אַרויסגערופן אירע ברידער שייבלער פון לאָדזש, און אויך אירע שוועסטער בייצווזיין דעם הספד, וואָס דער רב וועט מאַכן לכבוד דעם גרויסן מת.

דער בית־המדרש איז געווען פול געפּאַקט, צווישן זיי אויך כמעט אַלע סופּראַסלער פאַבריקאַנטן, און אין דער אָנוועזנהייט פון דער פרוי בוכהאָלץ און איר פאַמיליע האָט דער רב

געמאַכט דעם הספד. עס האָט אַלע יידן און אויך די דייטשן געריירט ביז טרערן. די גרויסע נדבות וואָס די פרוי האָט דאַן געגעבן און אויך איר פאַמיליע, האָט שוין געקלעקט צו ענ־דיקן בויען דעם בית־המדרש, וואָס ער איז אַ שיינע צירונג פאַרן שטעטל.

נאָך 11 יאָר זיצן דאָרטן אויפן כסא הרבנות, איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד אין זאַבלודאָווע, ווו ער האָט געפירט דאָס רבנות 20 יאָר.

ער איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די גלענצנדע דרשנים. זיינע דרשות פלעגן שטענדיק צוציען אַ גרויסן עולם. אַפילו אין ביאַליסטאָק, אַז מען האָט געדאַרפט דרשהנען וועגן אַ וויכטיקן ענין, אָדער מספיד זיין אַן אדם גדול, איז ער געווען דער ערשטער, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן צו דעם צוועק.



הרב ר׳ אברהם עקיבא סובאָטניק זצ״ל



הרבנית ריינה סובאָטניק

פיל צרות איז ער אויסגעשטאַנען אין דער צייט פון די מלחמה־אָקופּאַציעס. נישט איין מאָל איז געווען זיין לעבן איינגעשטעלט. בעת די ערשטע רוסן האָבן אָפּגעטראָטן, האָט אים אַ קאָזאַק געוואָלט שיסן, אָבער מיט בנעימותדיקע רייד האָט ער זיך ביי אים אָפּגעבעטן און אויך פאַרהיט פון אונטערצינדן די שטאָט און די בתי־מדרשים.

גרויס כבוד האָט אים דאָס שטעטל אָפּגעגעבן נאָך זיין פטירה, ערב ר״ח אדר פאַריקן יאָר. פיל רבנים פון אַרום אונדזער שטעטל זענען זיך צונויפגעפאָרן אים מספיד זיין און אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גאון און צדיק, אַ חבר פון דעם גרויסן גאון ר׳ חיים בריסקער זצ״ל און דער חבר פון רב הכולל הגאון ר׳ אברהם יצחק קוק פון ירושלים.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז בעת די וואָלאָזשינער ישיבה האָט זיך פאַרמאַכט, איז ער געשיקט געוואָרן אין גרויסע ערטער זיך משתדל צו זיין וועגן צוריק עפענען די ישיבה.

אַזוי איז ער געפאָרן אין צאַרסקאָיע סעלאָ, צו איינעם אַ גרויסן כלל־טוער, וואָס האָט געהאט אַן אַריינגאַנג אין קייזערלעכן הויף. ער איז אויך געפאָרן קיין בערלין צו הרה״ג ר׳ עזריאל הילדעסהיימער און האָט אַוועקגעלייגט גענוג כוחות און מי און אַדאַנק זיין השתדלות האָט מען דאַן אויף אַ קורצער צייט צוריק געעפנט די ישיבה.

ערב ר״ח אדר דעם יאָר, איז געפּייערט געוואָרן זיין יאָרצייט. אַ גרויסע אילומינאַציע פון הונדערטער ליכט האָט געברענט אין אַלע בתי־מדרשים און דער היגער רב און אויך ר׳ יוסף יאַבלאָנסקי האָבן זייער רירנדיק מספיד געווען דעם גרויסן נפטר, פון וואָס דער עולם איז געווען גערירט ביז טרערן.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאָרגעשלאָגן צו קויפן אַ הויז פאַר דער תלמוד־תורה און דורך זיין השתדלות האָט אים ר׳ יצחק ברענער פון אַמעריקע צוגעשיקט די נייטיקע סומע פון 500 דאָלער און ער האָט געקויפט אַ שיינע הויז מיט אַ גרויסן הויף און אַ גאָרטן.

דער רב האָט נישט זוכה געווען צו זען דעם בנין אין זיין גאַנצן גלאַנץ. די אַלע איינ־ריכטונגען האָט שוין אויף זיך איבערגענומען זיין ממלא מקומו.

פיל דערינערונגען פון זיינע וויכטיקע תקנות אין צרכי ציבור בכלל און זיין הנהגה בפרט, וועלן אונדזערע איינוווינער פון שטעטל שטענדיק געדענקען ווי איינעם פון די גע־ציילטע רבנים פון אונדזער צייט.

געשריבן אין יאָר 1925.

---

## מיכאל ליפשיץ (בע״ז)



אַנגעזעענער זאַבלודאָווער תושב.

דער באַלעבאָס פון דער באַרימטער „קוואַסאַרניע״ אויפן גרויסן מאַרק; אין די קעלערן פון זיין אינדוסטריע פון קוואַס און סאָדעוואַסער, פלעגט ער פאַרגרייטן אייז פאַרן גאַנצן זומער — פאַרן געברויך פון דער שטעטלשער באַפעלקערונג.

שטענדיקער בעל קריאה אין ביעלסקן בית־מדרש. האָט פאַר־מאָגט אַ וווּנדערבאַרן חוש פאַר הומאָר און שאַרפזיניקן וויץ. טאַ־לאַנטפולער הומאָריסטישער שרייבער, קאָרעספּאָנדענט פון „הצפי־רה״ און אַנדערע וואַרשעווער און ביאַליסטאָקער יידישע אויס־גאַבעס. פאַרפאַסער פון די פאָלקס־שאַפונגען „שייקע פייפער״ און „מאָדע אוסטאַוו״, אויף געוויסע ווערק זיינע — זיך אונטער־געשריבן מיטן פסעוודאָנים: „בע״ז״ (בן עיר זאַבלודאָווע).

## אלטער גניעטשוצקי

# דער זאַבלודאָווער רב דער צדיק ר׳ יאָסעלע ז״ל, אַנדערע רבנים, דיינים און מלמדים

פאַר ר׳ יאָסעלען ווייזט אויס, איז געווען רב אין זאַבלודאָווע דער „עמק הלכה“ (דאָס איז דער נאָמען פון זיין חיבור), נפתלי וויינשענקערס פאָטער. וועגן אים איז מיר ווייניק באַוווסט, מער נישט דיביידל ווו ער ליגט, און די לעגענדע וועגן גולם.

מען זאָגט, אַז דער „עמק הלכה“ האָט געהאַט ביי זיך אַ גולם. אין חדר פלעגט מען דערציילן, אַז דער צדיק האָט אים אויסגעקנאָטן פון ליים. ערב שבת פלעגט ער אים הייסן אָנטראָגן אויף שבת וואַסער. ער פלעגט אַזוי לאַנג טראָגן, ביז ער פלעגט אים זאָגן גענוג. פלעגט ער אויפהערן. איין מאָל האָט דער צדיק פאַרגעסן אים זאָגן גענוג, האָט ער אָנגעגאָסן אַ פולע שטוב מיט וואַסער.

מען פלעגט זאָגן, אַז דער גולם געפינט זיך אויף דעם געוועלב איבערן שול.

אָבער דער באַליבסטער רב, וואָס זאַבלודאָווע דערמאָנט שטענדיק איז דער צדיק ר׳ יאָסעלע. מען געדענקט נאָך זיין שיינע אָסאָבע. ווען ער פלעגט אָנטאָן די סויבעלנע שטריימל מיט דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, פלעגט זיין פּנים שטראַלן.

צו חדר־יינגלעך פלעגט ער אַרויסווייזן גרויס ליבשאַפט, ער פלעגט גיין אין די חדרים פאַרהערן שבת, קנייפּן אין בעקל.

אין יענע יאָרן האָט ער געהאַט קנאַפּע פּרנסה, מען פלעגט פאַרדינגען דעם מרחץ פאַר דריי רובל אַ וואָך. שייע דראַלעס איז געווען דער בעדער. באַד־געלט איז געווען אַ „גלאַטער דרייער“, פלעגט ער ברענגען דריי רובל „גלאַטע דרייערס“, נאָר שייע, פלעגט צאָלן די שכי־רות די ערשטע וואָך זונטיק, די אַנדערע וואָך מאָנטיק, די דריטע וואָך דינסטיק, און אַזוי ווייטער און צום סוף פרייטיק, פאַרשטייט מען, אַז אין זעקס וואָכן פלעגט אַ וואָך פעלן. די רביצין פלעגט נאָך דאַרפן פאַרקויפן זאַלץ באַזונדער און דער עיקר פלעגן גויים וועלן שטיצן דעם „ראַבין“, ווייל ער איז געווען אויך זייער חשוב ביי דער גויאישער באַפעלקערונג.

אָפט פלעגט מען נישט לאָזן דאַווענען צוליב די שכירות פאַרן רב. עס פלעגט אויספעלן פאַרן רב דירה־געלט, האָלץ. די לעצטע צייט פלעגט אים שטיצן העשל דניאלס (העשל העפּ־נער) ער פלעגט אויך קריגן פון זאַבלודאָווער הויף אַ פאָר וועגענער האָלץ.

ווען ר׳ יאָסעלע איז עלטער געוואָרן, זענען אָנגעשטאַנען די יונגע למדנים שמעון מאָטלס, יואל דער מלמד, און יאַנקל נפתלים. זיי האָבן געזוכט צו רעפאַרמירן דאָס שטעטל און האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן ר׳ יאָסעלען, ווי דער שטייגער איז שוין פון יונגע קעגן אַן אַלטן רב. דער פשוטער עולם איז אָבער שטענדיק אַרויס קעגן די קעגנערס. מען פלעגט זיי באָטן קלעפּ. מען האָט געקעמפט אין שטעטל פאַרן צדיק ר׳ יאָסעלע.

ר׳ יאָסעלעס פאָטאָגראַפיע אין טלית האָט מען געמאַכט ווען ער איז שוין געווען אויפן טויטן בעט.

אין זאַבלודאָווע ביים המון איז פאַררעכנט, אַז ר׳ יאָסעלע דעם צדיקס ברכה היט איין די שטעטל פון שרפה, ווען עס צינדט זיך אָן אַ הויז, ברענט אָפּ נאָר איינע. מען דערציילט: אַמאָל פסח זענען געוואָרן חמצדיק אַלע ברונימער. האָט ער אַרויסגערעדט: עס וועט קומען אַ צרה, עס וועט נישט סטייען די וואַסער פון די ברונימער.

און עס האָט אויסגעבראָכן אַ פייער און עס האָט אָפּגעברענט אַ גאַנצע גאַס. איבער אַ יידישער שטוב איז אָבער דער פייער מיט אַ נס איבערגעשפּרונגען און די הויז איז ניצול געוואָרן.

## דער דיין ר' שמואל מאַזורטשיק

דער דיין שמואל מאַזורטשיק האָט זיך געפונען אין זאַבלודאָווע. ער און זיין פאַמיליע האָבן געוווינט אין אַן אייגענעם שטיבל אין מאַרק גאַס. ער פלעגט פּסקענען שאלות און זיצן ביים רב ביים חמץ פאַרקויפן, געווען אַ פרומער ייד. שטענדיק געטראָגן די זשופּעצע פון אויבן אָנגעטאָן אויף איין אַרבל און געהאַט אַ געווינהייט אַ הייב צו טאָן די בארקעס און אַ שמוצער טאָן מיטן מויל. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ חריף. שטענדיק געווען פאַר־טראָגן, און לאַנגע צייטן פאַרברענגען אין שרייבן כתבי־יד. ער פלעגט אָנטראָגן אַ באַרג ספרים, זיך גריבלען און שרייבן. אין זיין שטיבל, אפילו אין בית־המדרש פלעגט ער האַלטן די שרייב־געצייג און שרייבן, צי עס האָט זיך עפּעס אָפּגעדרוקט פון זיינע כתבים ווייס איך נישט.

ער האָט געהאַט אַ קליינעם איינפלוס אין שטעטל. די פאַמיליע האָט געלעבט אין צימ־צום. פון זיין פאַמיליע איז אין זאַבלודאָווע קיינער נישט געבליבן, געשטאָרבן איז ער אין ביאַליסטאָק. ביאַליסטאָק האָט אים געמאַכט אַ שיינע לויה מיט גרויסע הספדים ווי דעם גרעסטן רב.

## יענקל נפתלים — דער דיין

יענקל נפתלים דער דיין, איז אָנגעקומען פאַר אַן איידעם צו נפתלי וויינשענקער אויף קעסט און געזעסן יום ולילה און געלערנט. געווען אַ מוסמך, נאָר קיין רבנישע שטעלע האָט ער נישט געהאט, אַ סך האָט אים געשאַדט זיין חסידות. ער פלעגט דאַווענען אין חסידים־שטיבל.

צייטנווייז פלעגט מען אים רופן צום רב אַלס דיין, ער האָט געהאט נאָכפאָלגער אין שטעטל און מען האָט אים אנערקענט שכירות. פאַרשטייט מען, אַז די רבנים גופא האָבן געהאט קנאָפּע שכירות בפרט ער.

אין „בילסקער בית־המדרש" האָט ער געלערנט ביי אַ טיש מיט אַ חברה בעלי־מלאכות, וואָס פלעגן אים צאָלן וואכער. (פון די תלמידים, וועלכע זענען אַוועק אין אַמעריקע און גע־וואָרן גבירים — די זין פון ה' יצחק ברענער, האָט ער אין די לעצטע יאָרן געהאט אַ סך שטיצע).

יענקל נפתלים, אויסער זיין גרויסקייט אין תלמוד און פוסקים, איז געווען אַ שיינער בעל־דרשן און אַ גוטער האַרציקער בעל־תפילה מיטן חסידישן ברען. אַ פּאָר יאָר האָט ער געדאַוונט אין דער אַלטער שול, מיט באַגייסטערונג, מיט האַרץ און דערצו מיט די חסידישע ניגונים. ער פלעגט די מתפללים צוציען מיט זיין התלהבות.

פון די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ חובב ציון און געווען, דוכט מיר, אין מינסק אויף אַ ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין די 90ער יאָרן.

ווען דער ציוניסטישער מטיף ה' צאַדיקאָוו איז געווען אין זאַבלודאָווע, האָט דער דיין יענקל נפתלים ביי אַ באַנקעט געזונגען „התקווה", אַלץ מיטן חסידישן ברען.

מען פלעגט זאָגן, אַז זיין הייסער ציוניזם שאַדט אים אויך צו רבנות. געשטאָרבן איז ער אין ביאַליסטאָק.

# איצינקע דער מלמד און זיין חדר

איצינקע, דער דרדקי מלמד, פון מיטעלן ווּקס, אַ ציכטיקער ייד, אַ בריה, האָט געלערנט יידישע קינדערלעך אין זאַבלודאָווע דעם אלף־בית.

ווען זיין לערנען פלעגט ער זאָגן: „מיין תורה וועלן די קינדער קיינמאָל נישט פאַר־געסן...״

איך געדענק זיין באַהעלפער מרדכי לייבן, אַ הויכן געזונטן בחור, וועלכער פלעגט גיין צו איצינקע דעם מלמדס תלמידים אַלע פרימאָרגן בענטשן ציצית און די תלמידים טראָגן אין חדר באַראַנטשיק און דאָס אייגענע פון חדר. צו פיר יאָר פלעגט שוין די מאַמע איר ייִנגע־לע פירן אין חדר. דער רבי פלעגט גוטמוטיק דעם יינגעלע אַ קניפּ טאָן אין בעקעלע און זאָגן: „ייִנגעלע דו וועסט וועלן לערנען, וועט דיר דער מלאך וואַרפן אַ קאָפּיקע״.

אַרויפגעזעצט דאָס יינגל, אויף אַ לאַנגן בענקל ביי אַ לאַנגן טיש מיט צווייענדיקע סטאַ־ליגעס — גלייך גענומען פון וואַנט דעם אלף־בית, אַן אָנגעקלעפּטער אויף אַ ברעטל און גע־נומען די טייטל אין האַנט: — זעסט, ייִנגעלע, דאָס איז אלף, געדענק אלף... און טראַך פון אויבן איז אַראָפּגעפאַלן אַ קאָפּיקע. דער יינגעלע פלעגט זוכן דעם מלאך אויפן סופיט... קוקט די קאָפּיקע איז אַן אמתע און מיט שמחה לויפן אין דער היים ווייזן אין שטוב וואָס דער מלאך האָט געוואָרפן.

מיט דער צייט איז אָבער דער יינגעלע געוויר געוואָרן פון רבינס שפיצל און נאָך פון עפּעס, איז ער געוואָר געוואָרן — פון רבינס לאָקשן, אַ פשוטער קאַנטשיק מיט פיל פּאַסיק־לעך.

און דאָס לערנען גייט: זאָג זשע יינגעלע, קמץ אלף אָ, געדענק גוט; אַ בערדעלע איז אַ קמץ, — קמץ אַלף אָ אָ! אָ!, נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל! אַן אָפּגעהאַקטע פיסעלע איז אַ ה, דער רבי קנייפּט און שמייסט מיט די לאָקשן, און מען מוז קושן די לאָקשן. דער לימוד גייט. מען לייגט צונויף ווערטער, מען „זאָגט אויס״ (אַזאַ לימוד־סדר).

עס ווילט זיך נישט גיין אין חדר. די מאַמע שלעפּט דאָס ייִנגעלע. ער רייסט דער מאַ־מען פאַר די האָר... דער באַהעלפער שלעפּט פאַרט אַוועק אין חדר. דער רבי קוקט, קוקס... דאָ ווערן מיר ייִנגלעך אויסגעשטעלט אין אַ שערענגע, די העמדעלעך פאַרקאַטשעט פון הינטן אין פעקלעך, און מיר זענען אַלע געשמיסענע.

צייטנווייז האָבן מיר ליב דעם רבין. ער נעמט אונדז אויף אַ קריאת־שמע צו אַ געווי־נערין פון אַ בן־זכר, מען קריגט צוקערקעס מיט ניסלעך און יאַדערעס, אַמאָל געפּאַרעטע אַר־בעס. אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן איז גאָר געווען פריילעך. דער רבי מיטן באהעלפער פלעגן נעמען אַלע קינדער אין שול. זיי אַרויפשטעלן אויף די בענק. אין שול פלעגן אָנקומען ישראלקע דער מלמד מיט זיין חדר און ניסקע דער מלמד מיט זיינע תלמידימלעך.

יעדער רבי זאָגט מיט די קינדער קדושה, מען שפּרינגט קדוש און צום טאַקט זאָגן די קינדער: ברוך הוא וברוך שמו. און ענטפערן, אָמן.

איצינקע דער מלמד פירט צוריק די קינדער פון מעריב. ער לאָזט נישט אָפּ די קינדער אַליין פון שול. ער ברענגט יעדער אויפן אָרט צו די עלטערן אין הויז. און זאָגט אָן:

מען זאָל מאַכן אַ ברכה איבער דער וועטשערע. — רבי? ווי מאַכט מען איבער פאַרפל?

— מזונות.

אַזוי האָט אַ ייד אַ מלמד אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן אין זאַבלודאָווע מיט די צאַן קדשים. זיי געלערנט סידור, צוגעגרייט צום חומש. ער פלעגט זיך שטענדיק באַקלאָגן: „איך נעם „גויים״ און לערן זיי אויס דאַווענען, דערנאָך נעמט מען די קינדער צו ביי מיר. איצט וואָלט דאָך פאַר מיר שוין געווען גרינגער מיט זיי חומש צו לערנען...״ נאָר ער איז געווען זיכער, אַז אויסער דעם וואָס ער האָט זיין קאַרגע חיונה, וועט ער האָבן גרויס שכר אויף יענער וועלט.

איצינקע דער מלמד האָט געהאַט אַ סך ספרימלעך אויף עברי־טייטש. ווען ער פלעגט זיין אויפגעלעגט, פלעגט ער לייענען פון די ספרימלעך מוסר, און דערציילן די קינדער פון גיהנום מיטן גן־עדן: אַז מען איז פרום, האָט מען גן־עדן, און חס־ושלום נישט, שמייסט מען אין גיהנום מיט אייזערנע ריטער.

פרייטיק פלעגט אויך זיין פאַר פסח, ווען איצינקע פלעגט אויסלערנען די תלמידים די פיר קשיות. און פלעגט מען אָנהייבן חומש, איז ער גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. ער פלעגט לערנען באַגייסטערט די ערשטע פרשה פון ויקרא. און דערצו אַ דרשה, וואָס דער יינגל האָט געדאַרפט זאָגן שבת צום מזל־טוב.

מען פלעגט דעם תלמיד אַרויפשטעלן אויפן טיש, עס פלעגט זיין די גאַנצע משפחה, אַ גרויסער עולם, און אַלע חדר־יינגלעך. די מאַמע פלעגט וויינען פון שמחה און איצינקע דער מלמד פלעגט שיינען פון פרייד. אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט ער קיין פרנסה נישט גע־האַט און דער מענטש, וואָס זיין תורה האָט מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן האָט געמוזט זיין אַן אונטער־שמש אין בית־המדרש הגדול.

## שלומיליכעס איידעם, דער לאַנגער מלמד

מאיר יאָסל דער לאַנגער מלמד איז אין יענער צייט געווען אַ ייד אַ מושלם, פערציק יאָר אַ בעל־קורא נאָך אין אַלטן, נאָכהער אין נייעם בית־המדרש הגדול. ער האָט טאַקע פיל גע־טאָן ביים בויען דעם נייעם בית־המדרש.

מאיר יאָסל איז געווען אַ שיינער ציכטיקער ייד. אַ הויכער אַ דאַרער, מיט אַ בלאַס פנים און אַ ווייס בערדל. ער איז געווען אַ כתבא רבא, ער פלעגט שרייבן אין שטעטל אַלע קנינים, כתובות, תנאים. ער פלעגט דאָס שרייבן מיטן גאַנצן סיגנון אין דער לשון־קודשדי־קער שפּראַך מיט די ראשי תיבות, מיט די שטריכעלעך, מיט די דראַבנינקע אותיותלעך. מיר פלעגן דאָס רופן דער ענגלישער כתב. די שורות האָלב קיילעכדיק און די אותיות ווי קליינע פערל. פון פיל שרייבן איז זיין רוקן געווען אַ ביסל איינגעבויגן.

דער לאַנגער מלמד איז געווען באַליבט אין שטעטל און די חדר־יינגלעך פלעגן אים ליבן און שעצן, ער האָט געהאַט אַ געוווינהייט זיך באָדן זומער צייט, פיר אַזייגער פאַרטאָג און פאַרנאַכט. די חדר־קינדער, וועלכע פלעגן אָפּהיטן אויפשטיין פיר אַזייגער פאַרטאָג, פלעגט ער נעמען זיך באָדן, און זיך אַביסל דורכשפּאַצירן אונטערן הויף, און נאָכהער מיטן רבין דאַווענען.

די מלמדות און די שרייבערייַ פון קנינים האָט אים נישט געגעבן די גאַנצע פרנסה, און וואָס שאַדט צו פאַרדינען אַ זייטיקן גראָשן? איז ער געווען דער בריוו־שרייבער ביי די אַמע־ריקאַנער ווייבער צו די מענער אין אַמעריקע. מען פלעגט מאַכן באַשטעלונגען און וואַרטן וואָכן, — וואָס שייך? אַז מאיר יאָסל וועט אָנשרייבן — וועט זיין אָנגעשריבן, מיטן שטאַרקן מוסר, אַז דער מאַן זאָל וויסן, אַז ער איז אַ ייד, כאָטש זי האָט שוין זיין פאָטאָגראַפיע, און זעט נישט קיין סימן פון אַ באָרד, און מיט רמזים אָנווינקען, ער זאָל חס ושלום נישט נכשל ווערן... יעדער אַמעריקאַנער יידענע האָט זיך געמאָלן ביי זיך אין געדאַנק: „אַן אַמעריקאַ־נער דייטשקע"...

ווען מאיר יאָסל פלעגט איבערלייענען דעם באַשטעלטן אָנגעשריבענעם בריוו צום אַמע־ריקאַנער מאַן, פלעגן די יידענעס אויסגיסן טייכן מיט טרערן... עס איז געווען אַ מין תחיגה. מען פלעגט אַריינלייגן די בריוו אין אַ קאָנווערט. דאָ פלעגט זיך מאיר יאָסל דער כתבא רבא אַליין פאַר זיך פאַרשעמען: דעם ענגלישן אַדרעס פלעגט ער נישט קענען שרייבן... דאָס פלעגט שוין מוזן שרייבן דער שטאָטישער אַפּטייקער. נאָר אַ למדן אַ ייד גיט זיך אַן עצה. אים האָט געערגערט, וואָס ער קען נישט אָנשרייבן דעם ענגלישן אַדרעס, פלעגט ער נישט ווייסנדיק

די באַדייטונג פון די לאַטייניש בוכשטאַבן נאָכשרייבן די אותיות אויפן קאָנווערט פון אַד־רעס...

ווען עס איז אַוועק אין גאַנג געדרוקטע אַדרעסן און ער האָט זיי שוין נישט געקענט נאָכשרייבן, האָט מאיר יאָסל זיך אויך געגעבן אַן עצה: ער פלעגט זיי נאָכדרוקן. פּאַרקערט, ס׳איז אים נאָך געווען גרינגער. נאָר איין מאָל איז ער נעבעך דורכגעפאַלן. דאָס איז געווען מיט אַ בריוו פון אַלטער שמואל טארבעס צו זיין זון — איצע טארבעס אין אַמעריקע. אנ־שטאט דעם אַדרעס פון זון האָט דער אַלטער שמואל טארבעס געהאַט איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּירל, אַן אויפגעשריבענעם רעצעפּט... און מאיר יאָסל האָט פּינקטלעך נאָכגעשריבן אויפן קאָנווערט אות ביי אות די בוכשטאַבן פון רעצעפּט מיט אַלע פּינטעלעך: די אונצן מיט די דראכמעס און צום סוף „טרי ראזא וו. דיען"...

דער שטעטלשער פּאָסטמייסטער האָט זיך לאַנג געהאַלטן מיטן בריוו. נישט געקענט צע־קייען דעם אַדרעס... נאָר דער אַפּטייקער פון שטעטל האָט זיך נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת אַרומ־געזען מאיר יאָסלס טעות.



הרב הגאון ר׳ אברהם משה בורגין פון מאלאט.
(רב אין זאַבלודאָווע ניין יאָר)
תרנ״ה ־ 1895 — תרס״ד ־ 1904

י. ק.

# ר׳ שמואל פײנשטײן, זאַבלודאָווער גמרא־מלמד

דער באַדײַטנדיקסטער און װיכטיקסטער גמרא־מלמד אין זאַבלודאָװע איז געװען ר׳ שמואל פײנשטײן, אָדער װי מען האָט אים גערופן אין שטעטל — ר׳ שמואל סמאַנס. אַ ייד אַ חריף און אַ בקי, איז ער געװען פון די גרעסטע למדנים פון שטעטל.

אַ מענטש פון אױסערגעװײנלעכע פעאיקײטן און אַ טיפער קענער פון תלמוד און פוסקים, האָט אײגנטלעך זײַן װעג געדאַרפט זײַן דער װעג פון רבנות. ר׳ שמואל איז געװען אָבער פון יענע נשמות, פון יענע שטאָלצע, קלוגע יידן, װאָס האָבן נישט געװאָלט דינען בײַ קהל, װױסנדיק, אַז מער װי קלעמעניש און ח״ו אומכבוד װעט עס זײ נישט ברענגען. און פאַר אומכבוד האָט ר׳ שמואל מורא געהאַט מער װי פאַר אַלץ. סײ זײַן אײַנגעבױרענער אַריסטאָקראַטיזם, אי סײ זײַן אױסערגעװײנלעכע באַשײדנקײט האָבן אים נישט דערלאָזן



ר׳ שמואל פײנשטײן

צו גײן אױפן װעג פון רבנות. האָט ער שױן בעסער אױסגעקליבן מלמדות פאַר זײַן פּרנסה. אמת, עס איז אַן אָרעם, געמאַטערט שטיקל ברױט, אָבער קײנער האָט אים קײן דעה נישט צו זאָגן.

ר׳ שמואל איז געװען אַ ייד אַ פּיקח, אַ תלמיד־חכם מיט אַ קלאָרן גראַדן קאָפּ. ער האָט טיף און קלאָר באַגריפן זאַכן און דאָך איז ער נישט געװען צוגעפּאַסט צום גרױען אַלטעג־לעכן לעבן. ער איז געװען פון יענע טיפן אידעאַליסטן, װעלכע די גאַס האַלט פאַר לא־יצלחס,

אָבער וועלכע זענען אין דער אמתן די שענסטע, די איידלסטע און די פיינפילנדיקסטע פון דער באַפעלקערונג. זיי באַגרייפן דווקא טיף דאָס לעבן אָרום זיי, פילן טיף די געזעלשאַפט־לעכע פלאגן, זעען שאַרף די חסרונות אַרום און קענען זיך דעריבער נישט צופּאַסן. און נישט צופּאַסן זיך צום אַרומיקן לעבן מיינט — לעבן אין דחקות, אין נויט און בפרט נאָך אין יענע יאָרן, אין אַזאַ קליין שטעטל ווי זאַבלודאָווע.

האָט ר׳ שמואל טאַקע געלעבט אין שרעקלעכער דחקות, ער און זיין פאַמיליע. זיין פרומע, גוטהאַרציקע, פאַרהאָרעוועטע פרוי שפרה, פלעגט נאָך מוזן באַקן ראַזעווע ברויט, כדי מען זאָל קענען אויסקומען מיט פרנסה און ערשט דאַן איז נאָך קיין חיונה נישט גע־ווען... דער שכר־לימוד איז געווען אַ קלענער און ביי די זאַבלודאָווער „גרויסע גבירים" פלעגט אָפּט טרעפן, אַז דעם קליינעם שכר־לימוד האָבן זיי אויך נישט געקענט צאָלן.

ר׳ שמואל האָט אָבער קיינמאָל קיין קינד נישט אַרויסגעשיקט פון חדר, צי די טאַטעס האָבן יאָ געצאָלט, צי נישט. און עס פלעגן זיין צייטן, ווען שבת איז אַפילו קיין חלה נישט געווען אין שטוב, אויף וואָס קידוש צו מאַכן (פון ווייַן איז שוין אָפּגערעדט). קיינער האָט אָבער דערפון נישט געוווּסט, קיינער האָט דערפון נישט געהאָרט וויסן. ר׳ שמואל פלעגט שטרענג אָנזאָגן ווייב און קינד, אַז זיי זאָלן זיך ח״ו נישט אויסריידן, נישט לאָזן גיין לייען און געמאַכט קידוש איבער לעבלאַך ראַזעווען ברויט, אָדער שיקן נאָך צוויי בייגל און איבער זיי מאַכן קידוש...

ר׳ שמואל האָט דערצויגן דורות פון יונגוואַרג און אין זיין חדר זענען זיי פון ייִנגלעך געוואָרן בחורים. ער איז געווען אַ וווּנדערלעכער מסביר און די שווערסטע שטעלן אין גמרא פלעגט ער אַרויסברענגען פאַר די תלמידים קלאָר און באַגרייפלעך. ער האָט עפּעס פון זיין שטאָלץ איבערגעגעבן די תלמידים אַ באַזונדערן שטאָלץ מיט יידישקייט און געוועקט ביי זיי אַ געפיל פון ווערן וויסן און פאַרשטיין.

אַליין אַ טיף רעליגיעזער מענטש, איינגעוואָרצלט פון קינדווייז אָן אין די אַלטע פרומע צייטן, האָט ער דורכגעלעבט די השכלה־צייט און נאָך איר געזען דעם רעוואָלוציאָנערן שטור־רעם אויף דער יידישער גאַס.

ר׳ שמואל האָט אין זיך פאַרקערפּערט די אַלע עפּאָכעס. ער איז געווען אי טיף רע־ליגיעז, אי אַ משכיל און מען קען אויך זאָגן אַ רעוואָלוציאָנער אין געדאַנק. אין אינטימע געשפּרעכן פלעגט ער שטורעמען קעגן סאָציאַלע אומגערעכטיקייטן און פלעגט דרייסט זאָגן אין די אויגן זיינס אַ פריינד, דעם גרעסטן לעדער־פאַבריקאַנט פון זאַבלודאָווע און אומ־געגנט, וואָס ער דענקט וועגן זיין עקספּלואַטירן די אַרבעטער, און אפשר נישט איינמאָל געווירקט, אַז יענער זאָל גיכער נאָכקומען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער, בשעת אַ שטרייק.

זיין פרומקייט, זיין השכלה און זיינע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען זענען ביי אים נישט געווען קיין צונויפגעשטוקעוועטע זאַך. ביי אים איז דאָס געווען אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן, דורכגעפילט און דורכגעווייטיקט. ער האָט געשטעקט מיט די וואָרצלען אין דער אַלטער פרומער צייט און מיטן קאָפּ אַריינגעוואַקסן אין דעם רעוואָלוציאָנערן פעריאָד.

ר׳ שמואל איז געווען דעריבער אַן אויסערגעוויינלעך טאָלעראַנטער מענטש. כאָטש אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער, האָט ער דאָך פאַרשטאַנען און באַגריפן דעם גייסט פון דער יוגנט. און ווען ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז אַלע זיינע זין און טעכטער זענען אַוועק אויף רעוואָ־לוציאָנערע וועגן, האָט זיך אין זיין הויז נישט געעפנט דער תהום צווישן קינדער און על־טערן, וואָס אין אַנדערע הייזער. (דער עלטסטער זון, אַהרן פיינשטיין, איז געווען פריער אַ באַוווּסטער פועלי־ציון און נאָכדעם אַ ס.ס.; אַ יינגערער זון, הערש, און די ייִנגסטע טאָכטער

שרהקע, און איר שפּעטערדיקער מאַן ישראל סמיט, זענען געווען פון די געציילטע פירער פון זאַבלודאָווער „בונד״). געוויינלעך, קיין פרייד האָט עס נישט אַריינגעבראַכט אין שטוב. דאָס האַרץ פון אַ טאַטן האָט שטענדיק זיך געשראָקן וועגן דער געפאַר, וואָס זיינע קינדער שטייט פאָר.

טריי, אויסגעהאַלטן צו זיך אַליין, איז ר׳ שמואל געבליבן ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן. ווען ער האָט זיך אויף זיין טויטן־בעט געזעגנט מיט זיין עלטערן זון אהרן, וועלכן מען האָט אַרויסגעשיקט פון וואַרשע, האָט ער דעם זון אין די אויגן, געבעטן זיינעם אַן איידעם, אַ רעליגיעזן יונגערמאַן, אַז ער זאָל אים צוזאָגן, אַז ער וועט זאָגן נאָך אים קדיש. דעם אייגענעם זון האָט ער נישט געבעטן, ווייל ער האָט געוווּסט און פאַרשטאַנען, אַז ביי אַ פריידענקער, כאָטש אַ זון, וועט זיין דער קדיש־זאָגן קעגן זיינע געפילן און פאַרשטאַנד. אַזוי איז ער געבליבן אויפריכטיק צו זיך אַליין און צו יענעם, ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

גאַנצע דורות זאַבלודאָווער וועלן נאָך לאַנג נישט פאַרגעסן זייער רבין פון גמרא, ר׳ שמואל סמאנס.

---

משה בינדער

# דער דרדקי־מלמד ר׳ ניסן גרינבערג

## (ניסקע דער מלמד און זיין חדר)

ניסקע דעם מלמדס חדר איז געווען אין זאַבלודאָווע אַזאַ באַוווּסטע אינסטיטוציע אַזוי ווי אין ניו־יאָרק אַ „פּאַבליק סקול״, און מער ווי אַ העלפט פון די זאַבלודאָווער קינדערלעך



ר׳ ניסן גרינבערג
(ניסקע דער דרדקי־מלמד)

אין עלטער פון 5 ביז 7 יאָר, האָבן געמוזט לערנען ביי ניסקע דעם מלמד אין חדר: פריער אלף־בית, נאָכער סידור, ביז וואַנען זיי האָבן שוין געקענט עברי; דעמאָלט זענען זיי שוין אַריבער צו גרעסערע מלמדים צו לערנען חומש.

דאָס לערנען איז נאַטירלעך געווען נאָך דער אַלטער מעטאָדע, קמץ אַלף „אָ", קמץ בית „באָ", און עס האָט גענומען עטלעכע זמנים ביז דאָס קינד האָט זיך אויסגעלערנט עברי.

באַדינגען פלעגט מען זיך מיט ניסקען אויפן זמן, דאָס הייסט, פון פסח ביז סוכות, אָדער פון סוכות ביז פסח. 2 אָדער 3 רובל אַ זמן איז געווען אַ טייערער שכר־לימוד, נאָר ניסקע פלעגט נישט מקפיד זיין אויפן שכר־לימוד, און אָרעמע קינדער, וואָס זייערע עלטערן האָבן נישט געקענט באַצאָלן שכר־לימוד, האָט ניסקע נישט אַרויסגעשיקט פון חדר, ווייל ביי ניסקען איז דער עיקר געווען נישט שכר־לימוד, נאָר דער לימוד אַליין, און מיט וואָס פאַר אַ הנאה פלעגט עס ניסקע לערנען מיט די קינדערלעך פון סידור קמץ בית באָ, אַ כף אויס — בך, און מיטן טייטל אָנווייזן דעם קינד ווו דער קמץ איז, און ווו דער קליין חיריק. אָפּ־געלערנט מיט איין קינד, גלייך צוגערופן נאָך איינעם און ווידער מיטן זעלביקן ניגון, חיריק אויף אלף אי, ביז ער פלעגט אָפּלערנען מיט אַלע תלמידים, נאָכער צוריק מיט די פריער־דיקע קינדער, ביז יעדעס קינד האָט אָפּגעלערנט דריי מאָל אַ טאָג, פלעגט ער שוין גיין אַהיים.

ניסקע האָט אַליין נישט געוווסט די צאָל פון זיינע תלמידים און נישט אַלע זיינע תל־מידים האָט ער דערקענט. אַזוי פיל, אָן עין־הרע, זענען זיי ביי אים געווען, נאָר אים האָט נישט געאַרט, וויפיל און ווער זיי זענען, ער האָט נאָר אַ קוק־געטאָן אויף דער חברה קליינ־וואַרג, צוגערופן איינעם צום טיש, אָפּגעלערנט, צוגערופן נאָך איינעם, און אַזוי כסדר אַ גאַנצן טאָג, ביז אַלע קינדער האָבן אָפּגעלערנט דריי מאָל.

אַמאָל פלעגט ניסקע אַ טעות האָבן און צוגערופן צום טיש אַ יינגל, וואָס האָט שוין געלערנט מיט אַ מאָל מער, ווי דער סדר איז, אָבער דאָס יינגל פלעגט זיך נישט לאָזן, „רבי, איך האָב שוין היינט געלערנט צוויי מאָל", און דער רבי פלעגט זיך אַנטשולדיקן פאַרן ווע̇לן לערנען אַן איבעריקן מאָל, און צוגערופן אַן אַנדערן אנשטאָט אים.

ניסקע איז בטבע געווען זייער אַ גוטער און אַ נאַאיווער מענטש, האָט נישט פאַרשטאַ־נען קיין דריידלעך, נאָר שטענדיק געזאָגט דעם אמת, און ווען מען זאָגט אַ שבח אויף ניסקען אַזוי ווי אויף אויף דזשאָרזש וואַשינגטאָן, אַז ער האָט קיינמאָל קיין ליגן נישט געזאָגט, איז דאָס אויף אים נענטער צום אמת.

איך געדענק, אין זאַבלודאָווע איז געווען אַ רב, רב אפרים לאַפּ, אַ גרויסער למדן און אַ חכם, ער איז געווען אָבער נאָך אַ יונגער מאַן און נישט געהאַט קיין הדרת־פנים. אויך האָט אים געפעלט דער בית־הדיבור מיט וואָס צו ווירקן אויפן המון, אַז מען זאָל אים רעס־פּעקטירן און פאָלגן, דעריבער האָט ער קיין איינפלוס נישט געהאַט אויף די זאַבלודאָווער בעלי־בתים. זענען געקומען בעלי־בתים פון שטעטל ווערזשבעלאָווע, נעבן דער דייטשישער גרענעץ, וועלכע האָבן געקענט דעם רב און געוווסט ווי אָפּצושאַצן זיין תורה און חכמה און אים אַרויסגענומען פון זאַבלודאָווע, ער זאָל זיין אַ רב ביי זיי אין ווערזשבעלאָווע. די זאַ־בלודאָווער בעלי־בתים האָבן זיך נאַטירלעך נישט שטאַרק געערגערט דערפון.

איידער דער רב איז אַרויסגעפאָרן, איז ניסקע דער מלמד געווען ביים רב אין שטוב, ריידנדיק אַזוי מיט אים, זאָגט אים דער רב: „ר' ניסן, אייך אַרט גאָרנישט וואָס איך פאָר אַוועק פון אייך?" „אַז גרעסערע בעלי־בתים פון מיר אַרט נישט, טאָ ווי אַזוי זאָל דאָס מיך אַרן"? און ער האָט גאָרנישט געמערקט, אַז ער באַליידיקט דעם רב... נאָכדעם, אַז ער האָט דאָס דערציילט פאַר זיינע באַקאַנטע, האָט מען אים דערקלערט, אַז ער האָט מיט זיינע רייד באַליידיקט דעם רב, דאַן האָט ניסקע נישט געקענט רוען ביז וואַנען ער האָט איבערגעבעטן דעם רב, ער זאָל אים מוחל זיין.

ניסקע האָט פון עולם־הזה גאָר נישט געהאַלטן, ער איז געווען אַ מסתפק במועט, אים איז קיין אונטערשייד געווען, וואָס ער האָט געגעסן און ווי ער איז געווען געקליידט, נאָר צו איין זאַך האָט ער געהאַט אַ תאווה, צו קויפן ספרים, און ווען אין זאַבלודאָווע פלעגט

קומען אַ מחבר מיט אַ ספר אָדער אַ מוכר־ספרימניק, פלעגט מען צוערשט גיין צו ניסקען, וויסנדיק, אַז ער איז שטענדיק גרייט צו קויפן נייע ספרים, ווי טייער זיי זאָלן נישט קאָסטן. און כאָטש ער איז נישט געווען קיין למדן און אויסער די ספרים, וואָס זענען געווען געדרוקט אין עברי־טייטש, האָט ער נישט פאַרשטאַנען, פלעגט ער דאָך האַלטן אין איין קויפן נייע ספרים און געהאַט גרויס הנאה צו קוקן אויף זיי, ווי זיי שטייען אויסגעשטעלט ביי אים אין אַלמער. אָבער נישט נאָר פאַרגעניגן, נאָר אויך פיל עגמת נפש פלעגן אים זיינע ספרים פאַרשאַפן, ווייל ווי באַוווסט, איז ביי דער רוסישער רעגירונג געווען אַ געזעץ, אַז אויב אַ יידישער בחור שטעלט זיך נישט צום פריזיוו פאַר אַ סאַלדאַט, דאַרפן זיינע נאָענטע פריינד באַצאָלן 300 רובל שטראָף און אַזוי ווי ניסקע האָט געהאַט עטלעכע זין אין אַמעריקע, וואָס האָבן זיך נישט געשטעלט צום פריזיוו, פלעגט די רעגירונג מאָנען ביי אים די 300 רובל פאַר יעדן זון, און אַזוי ווי קיין אַנדער פאַרמעגן אויסער די ספרים האָט ניסקע נישט גע־האַט, פלעגן די רעגירונגס־אָנגעשטעלטע אַדורכפירן אַן עפנטלעכן אויספאַרקויף פון זיינע ספרים, פלעגט ניסקע אָנשטעלן זיינעם אַ באַקאַנטן אָפּצוקויפן די ספרים פאַר עטלעכע רובל און זיי צוריק אַריינשטעלן אין זיין אַלמער. אַזוי פלעגט אַוועקגיין אַ שטיקל צייט ביז עס פלעגט אָנקומען נאָך אַ פּאַפּיר פון פעטערבורג צו מאָנען די רעשט, וואָס קומט פון ניסקע דעם מלמד און דער פריסטאַוו מיט דער גאַנצער פּאָליציי פלעגן ווייטער קומען צו ניסקען און ווייטער געפינען די זעלביקע ספרים מיט נאָך צוגעקומענע נייע ספרים און ווייטער אדורכפירן אַן עפנטלעכן אויספאַרקויף, און ווידער פלעגט דאָס אַ באַקאַנטער אָפּקויפן פאַר ניסקען. אַזוי אַרום פלעגן די ספרים זיין ביי אים דער גאַנצער לעבנס־אינהאַלט. ער פלעגט נחת האָבן קוקנדיק אויף זיי, ווי זיי שטייען אין אַלמער, און האָבן גרויס צער, צוקוקנדיק ווי די ערלים מאַכן אַן אויספאַרקויף אויף זיינע הייליקע ספרים.

מען דערציילט, אַז איינמאָל זענען צו אים געקומען דער פריסטאַוו מיט דער גאַנצער קאַפּעלע מאַכן אַן אויספאַרקויף אויף די ספרים, מאָנענדיק ביי אים 900 רובל פאַר דריי זין, וואָס האָבן זיך נישט געשטעלט צום פריזיוו, זאָגט צו זיי ניסקע:

—וואָס פאַר אַ רעכענונג איז דאָס 900 רובל, אַמער, גיט מיר 100 רובל, וועל איך אייך זיין שולדיק 1000 רובל...

משמעות, זיי האָבן אים קיין געלט נישט געגעבן, נאָר אַן אויספאַרקויף אויף די ספרים האָבן זיי יאָ געמאַכט. אַזוי האָט זיך ניסקע דער מלמד געלעבט רואיק און צופרידן און הנאה געהאַט פון זיין לעבן, און אַפילו זיינע אַמעריקאַנער זין האָבן זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל צו זיי קומען און אים וועט נישט פעלן פון פייגל־מילך... האָט ניסקע נישט געוואָלט זיך צוהערן צו זיי, וויסנדיק, אַז אַזאַ צופרידענעם לעבן, ווי ער לעבט אין זאַבלודאָווע, וועט ער נישט האָבן אין ערגעץ. אָבער, אויף זיינע עלטערע יאָרן, זעענדיק, ווי אין זאַבלודאָווע קומען אָן יונגע מלמדים מיט נייע מעטאָדן און זיינע תלמידים ווערן וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער, האָט ער דערשפּירט, אַז אין זאַבלודאָווע דאַרף מען אים שוין מער נישט האָבן, און מיט אַ צעוויינטער האַרץ האָט ער זיך געזעגנט מיט זיינע גרויסע און קליינע געוועזענע תלמידים, מ'טגענומען מיט זיך זיינע ספרים און אַוועקגעפאָרן צו זיינע זין אין אַמעריקע, ווו זיינע קינדער האָבן באמת געזאָרגט, אַז אים זאָל קיין זאַך נישט פעלן, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט געהאַט ביי ניסקען די עולם־הזהדיקע פאַרגעניגנס פון דער טריפהנער אַמעריקע קעגן די גייסטיקע פאַרגעניגנס פון זאַבלודאָווע, וועלכע ער האָט אויף אייביק פאַרלאָרן...

אלטער גניעטשוצקי

# די אַרבעטער־באַוועגונג אין זאַבלודאָווע

די ערשטע זאַבלודאָוווער אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך פּאַראייניקט און געפירט אַ קאַמף מיט די באַלעבאַטים, זענען געווען די וועבער פון די האַנטשטולן. עס זענען געווען עטלעכע פּאַבריטשקעס, די וועבער האָבן געהאַט זייער מנין צום דאַווענען און פלעגן שבת לערנען. ווייל די וועבער־אַרבעטער זענען געווען איבערהויפּט געוועזענע ישיבה בחורים.

אַ פרישן (אוטשען) לערן־ייִנגל איז געווען שווער אָנצוקומען. מען האָט געמוזט באַצאָלן דעם וועבער פאַרן לערנען, און אַלע וועבער צוזאַמען פלעגן דאַרפן האָבן אַ „פונדע" (אַ הור־ליאַנקע) פלעגט קאָסטן אַזאַ וועטשערע אין אַ שענקל „פינף און צוואַנציק רובל", און מען פלעגט מוזן אַרבעטן אייניקע מאָנאַטן אָן געלט. נאָכהער נאָך פאַרגיטיקן דעם באַלעבאָס און אַרבעטן פאַר אַ קלענערן פרייז די ערשטע צייט. ערשט שפּעטער פלעגט זיך פאַרן אוטשען אָנהייבן די ריכטיקע צרות. ער פלעגט אפילו קענען „שיבן" וואַרפן דעם שיטץ און צוקניפּן דעם צעריסענעם פאָדעם, אָבער אין שטול עפּעס פאַריכטן, פלעגט ער אַ צייט נישט פאַר־שטיין. (עס זענען געווען אַלטע וועבערס וועלכע האָבן נישט פאַרשטאַנען די מייסטערשאַפט אין שטול און האָבן געמוזט אָנקומען צום סטראַיאַק, דאָס פלעגט שטענדיק קאָסטן אַ פונ־דע אַ פלעשל שנאַפּס מיט בייגל און „דארע קישקע"). אגב, די זאַבלודאָוווער גראַשענע בייגל האָבן געהאַט אַ שם, אַז אַ ביאַליסטאָקער פלעגט קומען פון זאַבלודאָווע, פלעגט ער מ'טנע־מען אַ קרענצל בייגל, „נאַ פאָקאָז". דאַכט זיך: מעל מיט וואַסער, נאָר עס פלעגט זיך קריש־לען אין מויל, געשמאַקער ווי קיכל, און די זאַבלודאָוווער אייער־בייגעלעך איז דאָך געווען אַ מאכל גן־עדן... דאָס אייגענע די זאַבלודאָוווער דארע קישקע, ווער רעדט נאָך געגנדזענע דאַ־רע קישקע!.... מען פלעגט דאָך דאָס שמוגלען אין ביאַליסטאָק און די ביאַליסטאָקער קאַ־ראַבקע פלעגט שטעלן ספּעציעלע שומרים צו כאַפּן די געשמוגלטע דארע קישקע פון זאַ־בלודאָווע...

נאָר צוריק צום ענין:

אין די וועבערייען פלעגט מען אַרבעטן פון „שטראָם" פון מאַטעק, איז פלעגט זיין גוט, אַז די קעט איז געווען אַ גוטע, פלעגט אָבער טרעפן אַ שלעכטע קעט, צי שלעכטע שאַס, פלעגט דער וועבער גאַנצע טעג ליגן אויף דער ליאַדע און קניפּן די פעדים. ביים וועבער מיט זיין געזינדל פלעגט די צייט פון דער שלעכטער קעט זיין אַ חורבן. און אין מנין פלעגט זיין אַ צוזאַמענקום און מען פלעגט פון פאַבריקאַנט פאָדערן אַ הוספה.

צווישן פאַבריקאַנט און וועבער איז געווען אַ גוטע באַציאונג, מען פלעגט דורכקומען מיט גוטן. שבת צו נאַכטס פלעגט דער וועבער ביים פאַבריקאַנט זיין צו גאַסט אויף אַ גלאָז טיי און מען פלעגט זיך דורכשמועסן אין תורה און קריגן אַ גמילות חסד ביים פאַברי־קאַנט, ביסלעכווייז אָפּרעכענען פון דער אַרבעט און ביליקער ווי אַ צווייטער קריגן אויף אַ פאַלטאָ סחורה...

פלעגט ביים וועבער זיין אַ ברית מילה, איז דער פאַבריקאַנט געקומען מיט דער פאַברי־קאַנטין, געקראָגן דעם שענסטן כיבוד און געווען משפחה, און געוויזן איינער צום אַנדערן פריינטשאַפט. דער וועבער פלעגט שעצן דעם ברויטגעבער און דער פאַבריקאַנט פלעגט צו־פרידן זיין: איך גיב זיי פרנסה.

אויסער די וועבערס זענען געווען שפּוליאַרקעס, וועלכע פלעגן צוגרייטן די „צעפּקעס".

ביי דעם פלעגן אַרבעטן מיידלעך, דאָס זעלביקע שערערקעס, וועלכע פלעגן שערן די קעט און נופּערקעס ביי די אויסגעוועבטע שטיקער סחורה.

די מיידלעך פלעגן נאָכן ערך אַרבעטן שפּאָט ביליק און זענען געווען שקלאַפן ביים פאַבריקאַנט און ביים וועבער, דער וועבער פלעגט זיי טרייבן דאָ נאָך וואַסער, דאָ ברענגען עסן, פאַרקערן די פאַבריק, הייצן ווינטער די ליזשייקע, מיידלעך זענען דאָך נישט קיין אַרבעטער... דאָס זענען דאָך מיידלעך! אָבער אין די לעצטע יאָרן זענען די מיידלעך געקומען צום פאַרשטאַנד: זיי זיצן טאָג און נאַכט איינגעבויגן איבערן רעדל און מאַכן די שפּולקעס קעט און שאס און טאָמער ווערט דער יחסן וועבער אין כעס גיט ער אַ קלאַפּ אויך... האָבן זיי זיך אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירן און געשטעלט פאָדערונגען קעגןביידן: קעגן פאַבריקאַנט — גרעסערע לוינען, קעגן וועבער — בעסערע באַהאַנדלונג.

זענען די וועבער אַריין אין גרויס צאָרן קעגן די מיידלעך: וואָס, איר זענט אויך מענטשן? וואָס אפשר שטרייקן צוליב אייך? מיר זענען דאָך פאַמיליעס גאַנצע... די וועבער פלעגן סטראַשען און פלעגן אָננעמען מיטלען: לויפן צו די מיידלעכס עלטערן, אַז מען וועט זיי אַרויסטרייבן... אָבער צום סוף פלעגט מען מוזן העכערן דעם לוין.

די וועבערס פלעגן זיך אפילו נאָך דעם אָפּרעכענען, לאַכן און שפּאָטן, נאָר זיי האָבן געזען, אַז די מיידלעך האָבן אַ מאַכט, ווייל אָן זייער אַרבעט קען מען נישט אויסקומען און זיי האָבן אָנגעהויבן אַנדערש קוקן אויף זיי.

הערשל מאַריאַשעס פון דער פאַמיליע אש, איז פריער געווען אַ גרויסער וואַלד־סוחר, אַ גביר. זיין פרוי ביילקע איז געווען אַ שם דבר אין זאַבלודאָווע, געפירט אַ גביריש הויז אין יענע יאָרן, געגעבן איר זון ירוחם אַש שטודירן. ווען ער האָט אויסגעשטודירט דאָקטער מעדיצין, האָט ער גאָר אויפגעבויט אַ פאַראָווקע.

דאָס איז געווען אַ וואַלצאָווע מיל, אַ פערליאַק, אַ באַרשטעריי פון וואָל, מאַשינעס אויף שפּינען און האַנט־שטולן צום וועבן. אין די אַנדערע טוך־פאַבריקלעך האָבן געאַרבעט עטלעכע וועבער, ביי הערשל מאַריאַשעס האָבן גערבעט העכער פערציק וועבער און שפּוליאַרקעס, נופּערקעס, שערערקעס. אָבער וואָס גרעסער די פאַבריק איז געוואַקסן זענען די אַרבעטער מער גערדריקט געוואָרן.

מען איז זיך צונויפגעקומען אין וועבערשן מנין, אַרומגערעדט די לאַגע און אויסגעקליבן אַ דעפּוטאַציע גיין צו הערשל מאַריאַשעס.

דאָ איז ער שוין מיט די וועבערס נישט „פאַניע בראַטצע", נאָר מען דאַרף דאָ שטיין לעבן טיר און אפשר אַראָפּנעמען דאָס היטל. הערשל מאַריאַשעס רייכערט דעם ציגאַר און קוקט אויף זיינע אַרבעטער פון אויבן אַראָפּ. ער זעט די וועבערס זענען געקומען אומגעבעטענע און הערט וועגן וואָס דאָס האַנדלט זיך... פאַלט ער אויף זיי אַרויף: וואָס האָט איר אויסגעקלערט אין מנין? עס שטעכט אייך דער האָבער, איר זענט שוין זאַט? הייסט דאָס, אַז איך וועל אייך נישט נאָכגעבן וואָס איר פאָדערט, וועט איר נישט אַרבעטן? קענט איר גיין געזונטערהייט! מען וועט אַרבעטן אָן אייך קבצנים!...

ביילקע די גבירטע וויל מאַכן אַ שלום: ער איז אַ כעסן, בעט אים איבער! די דעפּוטאַציע דערשרעקט זיך, פּרובירן עפּעס ריידן: אָבער באַלעבאָס!... עס איז דאָך אַזעלכע שלעכטע קעטן און גרויסע שטיקער און מען דאַרף אַריינקלאַפּן מער שאס. (ביי הערשל מאַריאַשעס האָבן די וועבער געאַרבעט פון שטיק).

ער איז צערייצט ווי אַ טיגער: איך דאַרף די פאַבריק? איך טרייב די שטולן צוליב אייך! איך וויל איר זאָלט מיט אייערע געזינדלעך עסן ברויט! נישט ביי מיר, גייט פון מיין שטוב!.

די וועבער מאַכן פאַרזאַמלונגען, מען שיקט אַ פּאָר מענטשן אין ביאַליסטאָק זיך מיישב זיין. אין מנין קומען די וועבערישע ווייבער און שרייען: נאַרישע יידן, איר לאָזט זיך פירן פון די יונגע שניעקעס, וואָס דאַרפן זיי? פּאַפּיראָסלעך? מאַכט נישט קיין סטאַטשקעס!

פון ביאַליִסטאָק איז מען געקוּמען מען זאָל שטיין... מען האָט צוגעזאָגט שטיצע: פאַר אַ באַווייבטן פיר רובל אַ וואָך, פאַר אַ בחור צוויי רובל אַ וואָך. די בחורים אַנטזאָגן זיך פון דער שטיצע. און מען איז אַראָפּ פון די שטולן, איבערגעקערט די שיצן — איידאַ אַהיים...

די יונגע טאַנצן פון פרייד: די ערשטע וועבער־סטאַטשקע!

הערשל מאַריאַשעס איז ברוגז, גייט פאַרקלערט, ער פאַרברענט נישט דערווייל די שטולן... זיי וועלן זיך קומען בעטן. עס וועט זיי נישט העלפן...

אין עטלעכע טעג אַרום, עס האָבן זיך באַוויזן נייע פאַרשוינען: עס זענען דאָ פּאָניעס, קאַצאַפּעס און זענען אַרויף אַרבעטן אויף די וועב־שטולן ביי הערשל מאַריאַשעס און די רעדלעך פון די שפּוליאַרקעס פאַרנעמען שיקסעס און די אַרבעט גייט!...

אין וועבערשן מנין אויף די טישן איז דאָ דאַמקעס. מען שפּילט אין דאַמקעס, אַנדערע לערנען אַ בלאַט גמרא, מען טיילט די שטיצע. די יונגע קלערן עפּעס מיטלען. מאָטל בערקעס, הערשל מאַריאַשעס אַן אומשולדיקער בעל יועץ, קריגט נעבעך אַ הורג, צעשפּאָלטן די קאָפּ מיט אַ געוויכט, אַז זיין לעבן איז אין געפאַר. מען ווייס נישט ווער און צו וועמען זיך טשעפּען. די פּאָנקעס אַרבעטן און אין שטעטל גייען זיי אַלע צוזאַמען מיט פּאַלקעס אין די הענט, טשעפּען קיינעם נישט.

נאָר פּאָניע טרינקט טיי מיט שנאַפּס צוזאַמען. פון זונטיק איז ער טויט־שיכור און אַרבעט נישט ביז מיטוואָך... עטלעכע וואָכן האָבן די קאַצאַפּעס געוועבט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען זיי נעלם געוואָרן און די יידישע וועבער האָבן אויסגעפירט די סטאַטשקע. און הערשל מאַריאַשעס איז צופרידן געווען וואָס ער איז דערלייזט געוואָרן פון די פּאָניעס און חרטה געהאַט, וואָס ער האָט באַלד נישט נאָכגעגעבן און געטאָן דאָס, וואָס איז געווען אַ חרפּה פאַר אַ יידישן גביר...

---

# די אָרגאַניזירונג פון בונד

די ערשטע בונדיסטישע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור האָט געבראַכט אין זאבלודאָווע דער וועבער נח, וועלכער האָט געאַרבעט אין ביאַליסטאָק אויף אַ וועב־שטול. געווען אַ שטיער בחור אַ קענער אין לשון־קודש און גמרא. ער האָט געבראַכט דאָס ביכל „גן עדן התחתון“. די אַרבעטער פלעגן זיך צונויפקלייבן אין אַ קעמערל, זיך אויפשטיקן: איינער פלעגט פאַרלייענען, אַלע פלעגן זיין ערנסט, זיך פאַרטראַכטן אין די שיינע ליבע רייד פון ביכל, ווי ער שילדערט די ליידן פונעם אָרעמען אַרבעטער. דער פאָרלייענער פלעגט זיך באַגייסטערן, ביי די צוהערערס פלעגן זיך שטעלן טרערן אין די אויגן...

מען האָט אָנגעהויבן באַמערקן אַן ענדערונג אין שטעטל: עפּעס נישט די אייגענע בחורים. פריער איז מען געווען פאַרטאָן מיט טאַנצן, זיך פּוצן אין שלייפעלעך, שלאָגן זיך צוליב מיידלעך און אויסקויפן מכּסיר אין מנין. און דאָ זעט מען אַ שוואַרצע בלוזע, אַ טעזשורקע געשפּילעט צום האַלדז, מיט אַ פּאָר שטיוול, לאַנגע האָר, און נאָר געסודעט זיך און ביכלעך אָן טאָוועלעך אין די ווינקעלעך לייענען... די אַרומיקע וועלט, דאָס הייסט, די זייטיקע מענטשן האָבן קיין אנונג נישט וואָס דאָ טוט זיך.

די ביאַליסטאָקער אַרבעטער, אָנהענגער פון „בונד“, קומען אין זאַבלודאָווע און פּראַוועון אַ גאדאווושצינע דווקא אין פּסח.

געווען אַ ליידיקע הויז אויפן אַלטן בית־עולם, האָבן זיך אַריינגעקליבן יונגוואַרג, אַנ־הענגער פון „בונד״, געקומען ביאַליסטאָקער רעדנער און געפּראַוועט די „גאַדאַוושצינע״. מיט רעדעס, מיט געזאַנג און מען האָט צוגעביסן און געטרונקען. איך בין מסופק צי מען האָט מדקדק געווען כשר און חמץ, נאָר דאָס איז אַ וווּנדער וואָס עס איז דורכגעגאַנגען שטיל.

ערשט נאָך פּסח איז פּאָליציי געקומען צו איסרן אין בית־עולם געסל, זיך פרעגן אויף די מענטשן, וועלכע זענען בײַ אים געווען פּסח. דאָס זענען געווען איינער אַ חיים און אַ מוישל, מיט לאַנגע האָר און ווייכע קאַפּעליושן און גיי זוך זיי. איסר האָט נישט געוווּסט, אַז צום אַנדערן סדר האָט ער געהאַט צו גאַסט יידישע סאָציאַליסטן.

אין יענע יאָרן, קענט איר זיך פאַרשטעלן ביים פּשוטן יידן דאָס וואָרט „סאָציאַליסט״... מען האָט געמיינט, אַז אַ סאָציאַליסט איז מיט הערנער און מיטאַמאָל זענען געקומען רוסישע זשאַנדאַרן צו פרץ נחמקעס און געזוכט סאָציאַליסטישע פּאַפּירן. מען האָט אים געמסרט. ער איז געווען בלייך ווי קאַלך, מען האָט אָבער ביי אים גאָרנישט געפונען. אין שטעטל האָט מען אָפּט אָנגעהויבן זען נייע פּנימער, — אינטעליגענטן, וואָס פלעגן קומען צו די אַרבעטער.

אין זאַבלודאָווע האָבן זיך צו יענער צייט אַנטוויקלט לעדער־פאַבריקן. גאָר פריערדיקע יאָרן איז די „לעדער פאַבריקאַציע״ געווען מוניע דער גארבער. זיין גאַרבאַרניע איז געווען אין מיטן שטאָט, אין זאַטילנער גאַס. ער האָט געאַרבעט מיט די אייגענע קינדער: יוכטן פון אָקסן־פעל און שווייצער־פּאָדעשוועס. די יוכטן פלעגט מען אויסאַרבעטן אויף וואָס מען פלעגט דאָס שליכטן און צוריכטן. די פעל פלעגט געשניטן ווערן פאַר פויערישע שטיוול. אין ביאַ־ליסטאָקער גאַס איז געווען נאָך אַ גאַרבאַרניע ביי משה לייב הענדריק (אַזאַ צונעמעניש — אין זאַבלודאָווע איז נישט געווען קיין מענטש אָן אַ צונעמעניש) אין שטוב, אין קאַמער לעבן בעט, איז געשטאַנען דער טשאַפּ (אַ קאַטקע). ער האָט אויסגעאַרבעט הינטישע פעלעכלעך און פערדישע פעל.

שפּעטער האָט מרדכי שמואל הענדריקס איידעם געבויט אַ גארבארניע הינטערן שטאָט און עס האָט זיך שוין געאַרבעט אויפן גרויסן שטייגער. מען פלעגט דאָס רופן: נאַסע האַל־בע אַרבעט און מען פלעגט אויסאַרבעטן שווייצער־פּאָדעשוועס וואָס פלעגט פאַרקויפט ווערן צו פרעמדע סוחרים.

די צווייטע גארבארניע וואָס האָט זיך געבויט הינטער דער שטאָט איז געווען הושיע שמעון מאָטלס, פון דער פאַמיליע בעקער — הושיע האָט געהאַט אַ רימעריי. אין דער רי־מאַרניע האָט ער געאַרבעט מיט זיינע קינדער און הינטערן שטאָט האָט ער געהאַט אַ גאַרבאַר־ניע פאַר האַלבער־אַרבעט. נאָכדעם האָבן געמאַכט מרדכי שמואל פלעבאן מיט הושיע בעקער שותפות אַ צוריכטעריי פון „ראַסלעדער האַמבורגער״. אַ פערדן־פעל ווערט צעשניטן די הינ־טערשטע אויף שפּיגל, דאָס מיטל אויף פלאַט און די זייטן־שטיקער שאגרין און לאַפּעס.

די אַרבעט איז דאָ געווען אַ נייעס, זענען געקומען פון דער פרעמד מייסטערס דייטשן, פּאָליאַקן, אויך יידן און האָבן פאַרדינט שיינע געלט. די מייסטערס האָבן אָנגערופן „טער־מינשציקעס״, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף אַ צייט לערנען די אַרבעט. די מייסטערס זענען מיט דער צייט אַרויסגעשטופּט געוואָרן. און די טערמינאַטאָרן האָבן געאַרבעט אומזיסט, און האָבן זיך געפּלייסט. ר׳ הושיע פלעגט פראַווען משוגעתן. ער פלעגט זיך אויסשלאָפן און ווען ער פלעגט אַריין אין פאַבריק, איז שוין געווען צוועלף אַזייגער אין אָוונט. פלעגט ער זאָגן: גוט מאָרגן, אַזוי פרי געקומען צו דער אַרבעט? איר סטאַרעט זיך, איר וועט זיין מייס־טערס...

מען האָט אָנגעשאַרט טויזנטער פון די טערמינשציקעס און אַלץ צוגעבויט גאַרבאַרניעס. די שטעטלשע בחורים האָבן וואָס וויטער אַוועקגעוואָרפן דעם חדר, די „אוטשילישטשע״ און געלאָפן אין לעדער־פאַבריק. הושיע האָט שוין געוווּסט, אַז קעגן אַזאַ עקספּלואַטאַציע זענען דאָ מענטשן, וואָס מען רופט סאָציאַליסטן, און ווען זיי קענען נאָר, מאַכן זיי אָן צרות. ער

האָט געהיט און געהאַט מענטשן אין קאָנטאָר, וועלכע פלעגן וואַכן, אַז קיין זייטיקע זאָלן קיין שליטה נישט האָבן איבער זיין פאַבריק.

אָבער וואָס האָט געהאָלפן? אַז אָפּטער פלעגט זיך יאָוועץ אין שטעטל אַ פּאַרשוין און חברה פלעגן זיך איינציקווייז פאַרגנבענען צום וואַלד און דאָרט אין וואַלד ליגט זיך אַ שקאַץ, אַ מיעשצאַנסקער, אַ גאַרבער, אַזוי ווי אים מיינט מען גאָרנישט. ער פייפט און האַלט אַ גרויסע וויטשע. דער דורכגייער זאָגט אַ סימן. יענער גיט אַ ברום: „רעכטס"... מיטן גרינעם וועג צום בערגל. ווייטער שטייט נאָך איינער מיט אַ „פּאַראָל", ביז מען קומט צום אָרט. אין דער רעדנער רעדט, גיט צו פאַרשטיין, ווי שעדלעך עס איז אַזוי פיל צו אַרבעטן אין איין מעת־לעת. ער הייסט זיך צוזאַמענרעדן און שטרייקן, מען שטייט צעשראָקענע: סטייטש ביי הושיען מאַכן אַ שטרייק! עס גלויבט זיך נישט. מען ציטערט...

הושיע קוקט אין די אויגן, ער פאַרשט: — שוין געהערט אַ רעדע? געדענקט, מען פירט אייך אַראָפּ פון וועג!... ער לויפט צו די טאַטעס, ער פאַרזיכערט זיך מיט וועקסלען. די פּאָר גראָשן, וואָס הושיע צאָלט נאָכן טערמין איז סיי ווי סיי ביי הושיען. מען קלייבט דאָס ביי אים. דאָס איז די אייזערנע קאַסע. עס וועט זיין פּאָר אַ מיידל אַ נדן, וואָרעם עסן גיט דאָך דער טאַטע. און די פאַרדינסטן קלייבט מען אויף אַ תכלית.

דער סעזאָן פון לעדער איז „יעשען" (האַרבסט) און צום סעזאָן הייבט מען זיך אָן צוגרייטן ט׳ באָב. איז שוין געוועזן אַ מנהג ביי גאַרבאַרעס אין אַנדערע שטעט, ט׳ באָב אַרויס אין שטרייק, אגב ביים „בונד" איז ט׳ באב אַ יום־טוב, ווייל יידן קלאָגן אויף חורבן בית המקדש איז ביי יידישע סאָציאַליסטן אַ יום־טוב.

אָבער דאָס זענען נאָר געווען יונגע בחורימלעך. די אַלטע אַרבעטער זענען געבליבן די זעלביקע פרומע, ווי פריער, האָט מען טאַקע צום ערשטן שטרייק געפאָדערט, אַז די אַרבע־טער זאָלן מיטנעמען אין קעשענע די תפילין אין וואַלד צום מיטינג. מען האָט געשווירן און געקושט די תפילין און געגעבן אַ האַנט איבערגעשלאָגן מיט אַ ציצה, אַז מ׳וועט נישט גיין אַרבעטן איינער אָן אַנדערן. און נישט ריידן „נישט דערציילן פון חדר". די שטימונג איז גע־ווען אַ געהויבענע. מען האָט געזונגען אַ שבועה און איינציקווייז געגאַנגען אַהיים.

די שבועה האָט געווירקט: אויף מאָרגן נאָך ט׳ באב איז געבליבן שטיין די זאַבלודאָ־ווער לעדער־פאַבריקאַציע. די נאַסע גאַרבערייען, ווו דאָס רוב אַרבעטער זענען געווען מיעש־צאַניעס און דאָרפישע, די טרוקענע צוריכטעריי ווו די אַרבעטער זענען געווען יידן און מיעש־צאַניעס, די וואַלקערייען, ווו עס האָבן געאַרבעט נאָר יידן, זענען געבליבן שטיין. אַלע ווי איינער זענען נישט געקומען צו דער אַרבעט. הושיע לויפט אַרום ווי אַ משוגענער, קערט וועלטן, איז בייז, לויפט אין די הייזער. די אַרבעטער האָבן זיך באַהאַלטן, מען געפינט קיי־נעם נישט. אַנדערע זענען אַוועק אין די אַרומיקע שטעטלעך צו קרובים. מען האָט געציטערט פאַר די טאַטעס.

הושיע שרייט: — וואָס ווילט איר? מיט וועמען ריידן?

ער האָט געוואָלט האָבן, אַז עמיצער זאָל ריידן, וואָלט ער יענעם צעריסן אויף שטי־קער... נאָר רייד צו די ווענט. ער קריגט אונטערגעוואָרפן בריוולעך: דאָס וויל מען, דאָס זאָל ער געבן אַאַז״וו. שלעכט, ער וועט דאָס נישט אַריבערלעבן! די פאַבריק שטייט, און דאָ איז פאַראַן אַזוי פיל באַשטעלונגען פון דער גאַנצער וועלט: קעשענעוו, אָדעס, אַזש פון סיביר פאָדערט מען די האַמבורגער לעדער.

ער שיקט אַ ברודער אין ביאַליסטאָק נאָך אַרבעטער, זעצן זיך אַרויף אַרבעטער אויפן פור קומען אונטער דאָליד, גייען אַראָפּ פון וואָגן, און מיט פאַלקעס צעשלאָגט מען זיין ברו־דער, מען צעביילט אים, און מען ברענגט אים קוים אַ לעבעדיקן אין דער היים. הושיע ברעכט מיט די הענט: אוי ווי צו מיר! מיינע טערמינאַטאָרן זענען שוין „פאַראייניקטע"!... פאַרפאַלן. זיי וועלן שוין אַלץ אויספירן, זאָלן זיי שוין קומען... אָבער מען קומט נישט, מען וויל, ער זאָל זיך צוגעווינען צום שטרייק, ער זאָל זיך בעטן.

מען איז געקומען, אַריינגעשיקט אים די פאָדערונגען, ער שרייט: איך גיב נאָך, נאָר מען זאָל אַרבעטן. די אַרבעטער קומען צוריק אין פאַבריק. דורך דער קורצער צייט זענען זיי אויסגעוואקסן, נישט די אייגענע, איצט ווייסט מען כאָטש, אַז מען וועט אַרבעטן אַ באַשטימטע צייט און פאַרדינען לויט דעם ווערט. הושיע ווייזט זיך נישט, ביים רעכענונג אַנטליפט ער.

הושיע זיצט נאָך אַלץ פונדעסטוועגן מיט די עלטערע יידישע גאַרבאַרעס שבת נאָך מנחה ביי זיך אין שטוב און פראַוועט שלש סעודות. פאַרן שטרייק האָט ער פון אַ סגולה וועגן געמאַכט מנין ביי זיך אין שטוב, און געהאַלטן די גאַרבאַרעס לעבן זיך.

אלטער מוניעס, אַ חסידישער ייד מיט צוויי פאָר ברילן, אַ גוטהאַרציקער, אַ קבצן, אַ פריילעכער, זיצט ביים באַלעבאָס טיש און זינגט חסידישע זמירות. און לייבל קאַקיטשעס פאַרהיקעט זיך און רעדט מיט הושיען: אַלע „בונד״ איך אויך „בונד״... הושיע לאַכט: — און דו אַלטער? אַלטער זינגט: וואָס מיר זענען, זענען מיר, נאָר יידן זענען מירו... טרינקט ר׳ הושיע בעסער, לחיים!... ר׳ הושיע, מען טאָר נישט ריידן קיין דברי חול אום שבת... עונג שבת מלכותא...

און אַלטער זיצט ביז שפּעט אין שבת צו נאַכט און פראַוועט ביים באַלעבאָס מלוה מלכה און זינגט אליהו הנביא, אגב פרעגט אים ר׳ הושיע: אַלטער, דו ביזט דאָך אַ חסידישער ייד, דו וועסט נעמען אַזאַ גרויסע הוספה? עס איז דאָך פשוט גזילה! געגומען פאַרן האַלדז! גע־ווית!...

רעדט נישט, ר׳ הושיע, ענטפערט אַלטער, איר וואָלט געדאַרפט הערן וואָס דער רעד־נער האָט גערעדט מיט אַ פשוטן שכל, אַז איר האָט די גאַנצע צייט באַגזלט די אָרעמע אַר־בעטער... וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן? אַז איך האָרעווע אַזוי פיל און בין געגאַנגען באָרוועס, און די יונגוואַרג האָבן זיך מיט אייך געקריגט פאַר מיר, אויסגעריסן אַ פאָר שטיוול פאַר מיר, מיט געוואַלד! ווו איז דער יושר?

אַזוי גאָר, אַלטער! שאָקלט ר׳ הושיע מיטן קאָפּ, אַזאַ חסיד ביסטו! דו הערסט די תורה פון רעדנער, געוויס עפּעס אַ חזירניק אַ טרפהנער ביין.

לחיים ר׳ הושיע, נעמט זיך אַלטער צוריק צו דעם גלעזל, מען טאָר נישט דערלאָזן קיין עצבות... מיר זענען יידן זינדיקע און פרנסה מוז מען האָבן...

פון די גאַרבער־אַרבעטער זענען אויסגעוואקסן אַרבעטער־אינטעליגענטן, באַזונדערס ביים וואלקער־פאַך. זיי זענען געווען באַלעזן אין דער רוסישער ליטעראַטור, געשטודירט פּי־סאַרעווען און געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע. די זעלביקע האָבן געגומען אָפּגעבן „קרוזשקי״, די איינפאַכערע גאַרבער, די פאַלצאַרעס זענען געווען „באיעוויע״, מען פלעגט אָפּשטעקן אַ הורג ווען מען האָט געדאַרפט.

די יידישע אַרבעטער מיט די קריסטלעכע זענען געווען חבר — איין נשמה. אַנדערע שקצים, פלעגן אַוועקוואַרפן דעם טאַטן מיט דער גאַספּאָדאַרקע און געלעבט צוזאַמען מיט די יידישע בחורים. מען פלעגט צייטנווייז מאַכן אַ גוטן כוס ווי עס פּאַסט פאַר גאַרבאַרעס, וואָס אַרבעטן גאַנץ שווער. מען האָט גוט פאַרדינט, ווי מען זאָגט, געלעבט און געלאָזט לעבן.

ביסלעכווייז האָבן קינדער אַוועקגעוואָרפן די שטיבער און זיך איבערגעצויגן אין אויי־בערשטיבלעך, מעבל פאַר די אויבערשטיבלעך פלעגן אַנדערע שלעפן פון ווייבער־שול און האַלץ צו באַהייצן איז געווען אַ חזקה פון די פאַדוואַרעס.

עס איז געווען אַ שטאַרקער ווינטער. אָרעמע לייט האָבן געפרוירן אין די הייזער און אין שטעטל איז דאָ פאַדוואַרעס מיט אַ סך טרוקענע האָלץ, האָט מען ביינאַכט אָפּגעטאָן בלי יודעים אַ שטיקל אַרבעט: מען האָט געשפּאַנט פערד און וואָגן און אָפּגעפירט פון די פאַדוואַרעס טרוקענע „סאָסנאָווע״ האָלץ אין די שטעלכלעך פון די אָרעמע לייט... אויף מאָרגן אַ גוואַלד! אַ גנבה פון האָלץ! נאָר שריי חי וקים...

די אַרבעטער האָבן געקראָגן דעם נאָמען „פּאַראַיינִיקטע״ און פלעגן זוכן יושר. זיי האָבן

אַראָפּגעוואָרפן די פריערדיקע קולאַקעס. פלעגן אויסגלייכן סכסוכים. די גאַנצע אַרבעטער־שאַפט: יידן און מעשצאַניעס זענען געוואָרן איין האַנט. איז געווען אַ חתונה ביי אַ יידישן אַרבעטער, זענען די קריסטלעכע געווען געלאַדן, געהוליעט און געגעבן אַ פּרעזענט דרשה־געשאַנק.

ר׳ הושיע בעקער האָט אָפּגעלאָזן זיין ליבע פאַבריק: זאָלן די קינדער פירן! ער פלעגט אַרומגיין מיט זיינעם אַ ידיד ר׳ שמואל סמאַנס, אַ פרומער קלוגער ייד, אַ גרויסער למדן אַ חריף און אייגנאַרטיקער דענקער. האָט ר׳ הושיע געהאַט צו אים טענות פאַרוואָס דער יונ־גער דור איז אַזאַ... ער האָט נאָך געהאַט מער טענות צו ר׳ שמואלן, ווייל ר׳ שמואלס איני־טעליגענטע קינדער האָבן נישט געוואָלט אָננעמען אַ שטעלע ביי אים אין קאַנטאָר צו פירן די ביכער. ר׳ שמואל פלעגט אים אויף דעם אַלעמען ענטפערן: מען קען קינדער קיין דעה נישט זאָגן: זיי זענען קליגער פאַר אונדז. זיי האָבן דעם נייעם וויסן, מיר קענען זיי נישט צווינגען...

ר׳ הושיע בעקער האָט פון אומעט געמאַכט אַ רייזע אין ארץ ישראל. אַ מאָך געטאָן מיטן האַנט אויף אַלעס: פירט, קינדער, די געשעפטן. ביז דער היטלעריסטישער מגפה איז די גרויסע פירמע בעקער געווען באַקאַנט פאַר דער גרעסטער לעדער־פאַבריק אין ביאַליס־טאָק און גאַנצן אומגעגנט און אין דעם ליגט די פראַצע פון די אַמאָליקע זאַבלודאָווער „טער־מינטשיקעס״.




כתב־יד פון אַלטער גניטשוצקי אַ ווונטש צום נייעם יאָר, פאַרן זאַ־בלודאָווער קאָמיטעט (פאַראיין) אין טשיקאַגאָ.

(פון די אַרכיוון „ייוואָ״, ניו־יאָרק).

ישראל אָסטראָף

# דעראינערונגען פון מיין אַלטער היים

### 1.

### דער ערשטער פּאָליטישער קרבן אין זאַבלודאָווע

עס איז געווען אין יענע טעג פון 1905, ווען גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך געפרייט מיט דער געוווּנענער פרייהייט, ווען מען האָט געדענקט, אַז עס האָט שוין געשלאָגן די לעצטע שעה פאַר דער זעלבסטהערשאַפט, און אַ נײַי, פרײַי לעבן הייבט זיך אָן צו שאַפן אין רוסלאַנד. טע־לעגראַמעס, פרײַלעכערע איינע פון דער אַנדערער, פון פּעטערבורג, מאָסקווע, און אַנדערע גרויסע רוסישע שטעט, פלעגן דערציילן וועגן גרויסע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, דעמאָנ־סטראַציעס מיט רויטע פאָנען, און רעוואָלוציאָנערע לידער. דאָס פאָלק האָט פאַרגעסן און פאַרגעבן זיינע נעכטיקע שונאים. אין ביאַליסטאָק טראָגט מען דעם פּאָליצמייסטער אויף די הענט. אַלע פרייען זיך, קיינער האָט צו קיינעם נישט קיין שנאה, אַ פאָלק האָט אַ נײַע נשמה געקראָגן, און עס הייבט אָן אַ נײַעם פרייען לעבן.

אָט אין יענע טעג האָט זיך אויך מיין שטעטל אין יום־טוב באַטײַליקט. אויפן מאַרק אַנטקעגן אַפּטייק האָט מען אַ גרויסע עפנטלעכע פאַרזאַמלונג אָפּגעהאַלטן. רעדנער האָבן דער־קלערט די באַדייטונג פון דער געוווּנענער פרייהייט.

אָט ווי איצט זע איך די שיינענדיקע פּנימער פון די אַרבעטער מיט יום־טובדיקע קליי־דער, און די אינערלעכע פרייד פון די „זיגער". מען לייענט אַראָפּ פון יעדנס פּנים די גרויסע פרייד, וועלכע עס פילן מענטשן, וואָס האָבן אויסגעפירט ווען אַלע האָבן זיי געהאַלטן פאַר טרוימער. אַלץ אין שטעטל איז שטיל געבליבן. קיין פאַבריק האָט נישט געאַרבעט. אַלע, יונג און אַלט, זענען אויפן מאַרק. די בעלי־בתים פון שטעטל שטייען אָן אַ זייט, און ווילן עפּעס נישט גלויבן, און פאַרט איז עס דאָך אַן אמת. אָט די חברה האָבן אויסגעפירט. עס פאַרדריסט זיי אפשר וואָס זיי האָבן נישט געטראָפן, אָבער עס טוט זיי פאַרט אַ הנאה, וואָס דאָס אַלץ איז אויף אַן אמת. אפשר וועט ווערן בעסער פאַר כלל ישראל אויך.

איך געדענק נאָך, ווי איצט וואָלט עס געווען:

שטייט לייבעלע דער האָרעדאָקער און רעדט, און דער עולם שלינגט יעדעס וואָרט. די הילכיקע רעוואָלוציאָנערע אויסרופן ווערן באַגלייט מיט הורא־געשרייען און רעוואָלוציאָנע־רע לידער; דער אַלגעמיינער געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל צינדט אָן דאָס בלוט און מיט אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע אין אַלע גאַסן ווערט דער ערשטער טאָג געענדיקט. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן נאָך גרופּעס אַרבעטער געזונגען און זיך געפרייט מיט זייער זיג...

דער אוראַדניק מיט די סטראַזשניקעס זענען אויך געווען אויפן מאַרק־פּלאַץ. געשמייכלט אַזוי חניפהדיק הינטיש, זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס. חברה האָבן זיך נישט געקענט איינ־האַלטן, און אַלע מאָל פלעגט אַן אַנדערער אויסשרייען „דאלאי סטראַזשניקי", „דאלאי או־ראַדניק"... עס צינדט זיך אָן אַ הייס פייערל אין זייערע אויגן, און ווערט באַלד באַדעקט מיט אַ חניפהש הינטיש־שמייכלעל. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ געדאַנקען טייוולישע עס האָט זיך שוין דאַן געוועבט ביים אוראַדניק אין קאָפּ? אפשר האָט ער שוין דאַן געזוכט זיין קרבן צווישן די פרייעלעכע געזיכטער פון דעם עולם. און אפשר האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער איינער

שטייט פון ווייטנס ווי אַן אַרויסגעוואָרפענער און קען זיך נישט באַטייליקן אין יום־טוב גלייך מיט אַלעמען...

אפשר האָט אים פאַרדראָסן אויף זיין פאַרגאַנגען הינטיש לעבן. אין אַזוינע הייליקע מי־נוטן, ווער קען וויסן וואָס עס הייבט זיך אָן באַוועגן ביי אַ מענטשן אין דער נשמה?

אויפן צווייטן טאָג אין דער פרי זאָגט מען אָן, אַז עס איז געווען אַן „אָביסקע" ביי בערל־לייזער־לייב הערש אין הויז. דער אוראַדניק האָט געזוכט נעכטיקע רעדנער. און אַזוי ווי בערל איז געווען באַוווסט אַלס אַן אַנאַרכיסט, און די רעדנער זענען אויך געווען אַנאַר־כיסטן, איז ער געקומען צו בערלען זיי זוכן. געפונען האָט ער קיינעם נישט און איז אַוועק אין כעס.

איך פרעג: שוין אויס יום־טוב? אַזוי גיך? איין טאָג בלויז געלאָזט פאַרזוכן דעם טעם פון פרייהייט, און שוין ווידער אַרעסטן, אָביסקעס? איך גיי אַרויס אין מאַרק. חברים דער־ציילן מיר, אַז עפּעס דערציילט מען וועגן פּאָגראָמען אויף יידן און גלאַט אַרעסטן צווישן אַרבעטער און אינטעליגענטן. די צייטונגען, וועלכע קומען אָן פון ביאַליסטאָק, דערציילן שוין זאַכן מיטן האַלבן מויל. אָפּגענאַרטע, אַנטוישטע דרייען מיר זיך אַרום אין די גאַסן. דער אוראַדניק מיט די סטראַזשניקעס ווערן אַזוי פרעך, הייסן זיך פונאַנדערגיין, און ווען נישט סטראַשען זיי מיט אַרעסטירן. די נערוון זענען אָנגעצויגן, אין האַרצן אַזאַ ווייטיק. אָפּגענאַרט און זיך געלאָזט אָפּנאַרן. נעכטיקן שונא פאַר אַ פריינט געוואָלט מאַכן, און היינט לאַכט ער דיר אין פנים אַריין. די פינצטערע כוחות רוקן זיך אַרויס פון אַלע לעכער, לאַכן מיט אַזאַ מין בייזן געלעכטער, און עס איז ווידער דאָס אַלטע, מיט מער אכזריות ווי פריער...

אַ כמאַרנער טאָג. עס גימזשעט אַ קליין רעגנדל. אין גאַס ווילט זיך נישט גיין. די נשמה איז פוסט, די געדאַנקען עפּעס אַזוי ווי פאַרוויאַנעטע. איך זיץ און לייען עפּעס, פּלוצלונג — אַ פּראַל אויף די טיר: ישראל, מען האָט דערשאָסן בערלען! איך לויף אַרויס אין מאַרק, מענטשן לויפן. איך פרעג: וווהין לויפט איר? אַנטלויף! שרייט מען צו מיר. דער אוראַדניק שטייט לעבן חייקלס שענק מיטן רעוואָלווער אין האַנט און וויל שיסן יעדן, וועמען ער וועט אָנטרעפן. עפּעס קאָכט אין מיר. איך גיב זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג. איך לויף צו חייקלס שענק. איך זע לעבן קאָסציאָל ליגט אַ מענטש און וואַרפט דעם קאָפּ אַהין און צוריק אין די נאַסע אַראָפּגעפאַלענע האַרבסט־בלעטער. איך לויף אַהין מיט נאָך עטלעכע חברים, מיר זעען בערל ליגט אַ דערשאָסענער און בלוט גיסט זיך און מישט זיך אויס מיט דער בלאָטע פון גאַס. מיר גיבן אים אַ נעם אויף די הענט און לויפן צום דאָקטער. אַריינטראָגנדיק אים ביים דאָקטער אין גאַניק האָט ער זיין לעצטן אָטעם אויסגעהויכט.

„דער ערשטער קרבן ביי אונדז אין שטעטל", רופט זיך אָפּ אַ חבר. „מיר האָבן אויך גע־געבן אַ קרבן אויפן מזבח פון דער רוסישער פרייהייט".

אין איין מינוט איז די גאַנצע שטאָט געווען אויפן גאַס. די פאַבריקן האָבן זיך גלייך אָפּגעשטעלט. אַלע האָבן די אַרבעט געוואָרפן, און פון אַלעמענס מויל האָט זיך איין אויסגע־שריי געהערט: „נקמה"!

די אַנאַרכיסטן, בערלס חברים, האָבן גלייך אַרויסגעלאָזן אַ פּראָקלאַמאַציע וועגן דעם טויט פון אונדזער חבר, און גערופן נעמען נקמה פאַר זיין טויט. אויף אַ קוואַרטיר האָט מען גלייך גענומען צוגרייטן באָמבעס און אויפרייסן דעם פּריסטאַוווס הויז, ווו דער אוראַדניק איז געווען באַהאַלטן.

אין שטאָט האָט מען זיך דערוווסט וועגן דעם געפּלאַנטן אָנפאַל. און אפשר האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז די אַנאַרכיסטן וועלן עס נישט פאַרשווייגן. זענען עטלעכע באַלעבאַטים מיטן רב געקומען צו עטלעכע חברים, און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן, אַז מיר זאָלן זען, אַז פון זאַבלודאָווע זאָל נישט ווערן קיין באַרג אַש. מען וועט דאָס גאַנצע שטעטל מיט די יידן אויסשיסן, אויב עפּעס וועט פאַסירן...

איך געדענק נישט אַקוראַט וואָס עס האָט פאַסירט, וואָס מען האָט דעם אָנפאַל נישט

געמאַכט. אפשר דער געוויסן, אַז מען שטעלט אין געפאַר אַ גאַנצע שטאָט מיט אומשולדיקע מענטשן, האָט איבערגעוויגן דעם גערעכטן נקמה־געפיל פון די חברים?

דריי טעג האָט קיינער נישט געאַרבעט. אַן ערן־וואָך פון אַרבעטער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביי אונדזער טויטן חבר. די לויה איז געווען זייער אַ גרויסע. באַגלייט האָט אים די גאַנצע שטאָט מיט אַרבעטער פון אַלע פאַכן. אויפן בית־עולם האָבן אונדזערע חברים גע־האַלטן רעדעס. טאַקע דער חבר יעקב קרעפּליאַק האָט גערעדט ביים אָפענעם קבר און יוסף זאַבלודאָווסקי האָט איבערגעלייענט די פּראָקלאַמאַציע. דער עולם האָט געוויינט. ביי דער יוגנט איז ווי אַ שבועה געלעגן אויף די פּנימער ווייטער פאָרצוזעצן דעם קאַמף פאַר וועלכן אונדזער חבר איז געפאַלן אַ קרבן.

ביינאַכט גלייך נאָך דער שיסעריי זענען געקומען סאָלדאַטן און מען האָט דעם אוראַד־ניק צוגענומען. אין אַ צייט אַרום האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אים פריי געלאָזן און די בלוטיקע רוסישע רעגירונג האָט אים ווידער באַשטימט פאַר אַן אוראַדניק ערגעץ אין אַ ווייטן שטעטל, ווו ער האָט זיך זייער געהיט.

בערל האָט איבערגעלאָזט אַ פּרוי, מיט וועלכער ער האָט צוזאַמען באַלאַנגט צו דער „גרופּע" און אַ קליין מיידעלע. אין דעם טאָג ווען ער איז דערשאָסן געוואָרן האָט ער זיך גע־דאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. און ער איז געגאַנגען זיך געזעגענען מיט זיינע עלטערן. גייענ־דיק אויפן וועג אַהיים האָט ער אָנגעטראָפן וועלוול חסיד און זיך אָפּגעשטעלט מיט אים ריידן. דער אוראַדניק איז אַרויס פון בערטשע דעם פאַרבערס הויז, וועלכע האָט זיך געפונען לעבן קאָסציאָל. ער האָט זייביידן באַגעגנט און נישט זאָגנדיק אַ וואָרט האָט ער גלייך אויסגע־שאָסן. בערל האָט נאָך געפרעגט חסידן, ווען האָט ער געשאָסן, מיר צי דיר? און גלייך האָט אַ שטראָם בלוט אַ גאָס געטאָן פון האַלדז, און זיך וואַקלענדיק האָט ער גענומען לויפן צו זיינע עלטערן אין שטוב, וועלכע האָט זיך געפונען הינטערן קאָסציאָל. אָפּלויפנדיק עט־לעכע טריט איז ער געפאַלן. און געשטאָרבן איז ער דאָרט, ווו ער האָט זיין קינדהייט פאַר־בראַכט, אין דער אייגענער גאַס ווו ער האָט זיך שטענדיק געשפּילט און איז טאָג־טעגלעך אַרומגעלאָפן. ער איז געפאַלן אין רעכטן בליען, פון די יונגע יאָרן, אינגאַנצן 24 יאָר אַלט, מיט אַזויפיל האָפענונג, מיט אַזויפיל גלויבן אין אַ בעסערער און אַ שענערער וועלט, גע־שטאָרבן מיט אַ טויט, וועלכן ער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט; פּלוצלונג, אָן אַ קאַמף, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט אפילו זיך צו פאַרטיידיקן, ווי עס האָבן געטאָן הונדערטער חברים, אַנאַרכיסטן, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געהאָפט און געקעמפט. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר נישט געקענט קומען צו זיך, נישט געקענט פאַרגעסן דעם ליבן חבר. יאָרן לויפן, אין דער צייט זענען שוין אַ סך פון מיינע חברים נישטאָ. ווער עס איז געשטאָרבן און ווער עס איז געפאַלן אין קאַמף. נאָר דער פאַל מיט בערלס טויט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווייל דאָס איז געווען דער ערשטער קרבן פון זאַבלודאָווע פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע.

.2

## דער „פּאַרלאַמענט" אין זאַבלודאָווע

איך ווייס נישט ווער עס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט עס אַזאַ נאָמען געגעבן, און ווי קומט אין זאַבלודאָווע דער נאָמען „פּאַרלאַמענט". אוז דאָך האָט זיך עס צוגעפּאַסט. און מען האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז מען זאָל עס אַמאָל האָבן גערופן מיט אַן אַנדערן נאָמען.

און געווען איז עס טאַקע ווי אַן אמתער פּאַרלאַמענט. אין אים זענען געווען פאָרטראָטן אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. מיט אַ גרויסן צימער פאַר די זיצונגען, און מיט קליינע צימערלעך, וועלכע יעדע פּאַרטיי האָט פאַרנומען פאַר זיך. טאָג ווי נאַכט האָט גערוישט

דאָרט ווי אין אַ מיל. די נייעס וועלכע מען פלעגט קריגן דורך די צייטונגען, פלעגט צוערשט דאָרט דיסקוטירט ווערן, און אַלעס וואָס עס האָט אינטערעסירט גאַנץ רוסלאַנד, האָט אין אונדזער שטעטל געפונען אַן אָפּקלאַנג ביי די זיצונגען אין „פּאַרלאַמענט".

און מערקווירדיק, מיר דוכט זיך, אַז ער האָט זיך געעפנט אין דער אייגענער צייט מיט דער ערשטער רוסישער „דומא"... און פלעגט אָפּהאַלטן די זיצונגען רעגלמעסיק יעדן טאָג, און אָפטמאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט. און אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט אָפּ, האָט די פּאָליציי געוואָרפן אַן אויג אויף אונדזער „פּאַרלאַמענט" אין דער זעלבער צייט ווען מען האָט צעטריבן די דומא. איך ווייס נישט צי דער זאַבלודאָווער פּאַרלאַמענט האָט עפּעס געהאַט צו טאָן מיט דער דומא... נאָר מיר חברה פלעגן עס שוין צוגלייכן און מיט ראיות באַשטעטיקן עס. האָט זיך געעפנט די ערשטע דומא — האָבן מיר דעם „פּאַרלאַמענט" פּראָקלאַמירט, און ווען מען האָט צעטריבן די דומא — האָט פּאָליציי אַרומגערינגלט אונדזער „פּאַרלאַמענט", און נאָר אַ דאַנק די געהיימע אַדורכגאַנגען איז געלונגען די „דעפּוטאַטן" אויסמיידן אַן אַרעסט...

איך האָב אין מיין לעבן נישט געזען דעם טאַורישן פּאַלאַץ, אין וועלכן די ערשטע דומא האָט אָפּגעהאַלטן אירע זיצונגען. נאָר איך געדענק, ווי די צייטונגען פלעגן עס באַשרייבן אַלס אַ וווּנדערלעכע און אויסערגעוויינטלעכע געביידע. און אַזוי איז געווען אונדזער „פּאַרלאַ־מענט". איין איינציקע געביידע אַזאַ אין דער גאַנצער שטאָט, אַ גרויסער איין־שטאָקיקער ווײַ־סער מויער. קיינמאָל, גלויב איך, פלעגט דאָרטן אַ שטראַל פון דער זאַבלודאָווער זון נישט אַריינקומען אינעווייניק. ביי איין זייט צו דער ביאַליסטאָקער גאַס, אַנטקעגן גלותן, איז געווען אַ גרויסער אַריינפאָר פאַר פורן, און דער זעלבער אַריינפאָר האָט געדינט פאַר אַ „לאבבי" צום „פּארלאמענט". הינטערן הויז איז געווען אַ סאָד, אַרומגעצאַמט מיט אַ גרויסן פּאַרקאַן. און אינעווייניק אין הויז, איז גלייך ווי מען פלעגט אַריינגיין, געווען אַ גרויסער צימער מיט שרענק, טישן און בענק, און נאָך אַ דריי אָדער פיר צימערלעך ביי די זייטן, ווו דער פּראָסט פון די שויבן פלעגט ערשט צעגיין אין דער צווייטער העלפט פון תמוז. אין דעם גרויסן צימער איז געווען נאָך אַ גרויסער וואַנט־אויוון, וואָס ביי זיין בעסטן ווילן האָט ער קיינמאָל נישט געקענט אָנוואַרעמען די הויז אין ווינטער.

די הויפּט זאַך, די „פּרייהייט", וואָס מיר האָבן געהאַט אינעווייניק. געוווינט האָבן אין דעם הויז צוויי שוועסטער מיט אַ קליין ברודערל, אָן עלטערן. און צו ציען חיונה האָבן זיי געמאַכט אַ סאָדעוואַסער קרעמל מיט אַלע סאָרטן צוקערקעס. און דאָס האָט נאָך געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דער „פּאַרלאַמענט" האָט אפילו זיין אייגענעם בופעט... אַ ריכטיקער „פּאַר־לאַמענט" מיט אַלע פּיטשעווקעס...

פּאַרטראָטן זענען דאָרטן געווען אַלע פּאַרטייען וועלכע האָבן אין 1905 זיך געפונען אין גאַנץ רוסלאַנד. אפילו באַלעבאַטישע ציוניסטן אויך. אַן אמתע טאָלעראַנץ האָט געהערשט אין „פּאַרלאַמענט". (הלואי אויך היינטיקע „פּאַרלאַמענטן" געזאָגט געוואָרן).

די דעפּוטאַטן פלעגט מען טאַקע נישט אויסוויילן, נאָר קיין „דיקטאַטאָרס" זענען נישט געווען. יעדער קליינער צימער איז געווען פאַרנומען פון אַ געוויסער פּאַרטיי אָדער גרופּע. און אין גרויסן צימער פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן די אַלגעמיינע זיצונגען און אָפטמאָל, זייער שטורעמדיקע. און אַלץ וועגן דעם ענין: וואָס וועט זיין אויף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע?

מיר האָבן אין פּאַרלאַמענט געהאַט אפילו אַן אייגענעם אלאדין, אַ מוראָווצעוו, אַן אַזאָל, און איר מעגט זיך פאַרלאָזן אויף די זאַבלודאָווער. די נעמען האָבן זיך צוגעפּאַסט גאַנץ גוט...

עס זענען אויך געווען גרופּן וועלכע האָבן שטאַרק נישט געהאַלטן פון פּאַרלאַמענטאַ־ריזם און זיי האָבן געפּריידיקט אַקטיווע קאַמפּס־מיטלען, טעראָר, שטרייקן און דאָס גלייכן.

אָפטמאָל פלעגט מען קענען זען, ווי ביי אַ טיש זיצן אַ פּאָר יונגע חברה און רייניקן די רעוואָלווערן, אַמאָל פלעגט זיך ווייזן אַ „באָמבעלע". און אונדזער „פּאַרלאַמענט" האָט אַלע־

מען טאָלערירט. מיר האָבן געדענקט, אַז מיר אַלע טוען די גרויסע און וויכטיקע אַרבעט פאַר דער באַפרייאונג פון רוסלאַנד.

אין איינעם אַן אָוונט האָט פאַסירט, ווען חברה האָבן זיך צופיל געשפּילט מיט די רעוואָלווערן, האָט איין רעוואָלווער אויסגעשאָסן און די קויל האָט געטראָפן דער יינגערער שוועסטער אין האַנט. די „פּאַרלאַמענטאַריער" האָבן העפטיק פּראָטעסטירט און אפשר מיט רעכט. און פון דעמאָלט אָן האָט מען די כלי־זין מער אין „פּאַרלאַמענט" נישט געבראַכט.

אַזוי האָט אונדזער „פּאַרלאַמענט" עקזיסטירט ביז די רעאַקציע האָט זיך צעשפּילט אין רוסלאַנד און פּאָליציי האָט אָנגעהויבן אַריינקומען דאָרט זייער אָפט און דער „פּאַרלאַמענט" האָט זיך פאַרמאַכט.

אַ לאַנגע צייט נאָך דעם, פלעגן מיר, די „דעפּוטאַטן", זיך נישט איין מאָל אָנשלאָגן מיטן נאָז אין שלאָס, וועלכער איז געהאָנגען אויפן טיר...

און איצט, זייענדיק אַזוי פיל יאָרן ווייט פון זאַבלודאָווע, דערמאָן איך זיך יענע צייט מיט אַזוי פיל ליבע און בענקשאַפט. אך, וויפל גליקלעכע, פריילעכע טעג און וואָכן איך האָב פאַרבראַכט אין „פּאַרלאַמענט".

---

י. צ—ר

# זאַבלודאָווער וואַלקערייען

## (דערציילט פון יעקב משה פורמאַן)

אונדזער שטאָט זאַבלודאָווע האָט געשמט מיט איר לעדער־אינדוסטריע. חוץ די גרויסע לעדער־פאַבריקן, די „נאַסע גאַרבאַרניעס" ווי מ'האָט זיי גערופן, ווו ס'פלעגן ווערן אויסגע־אַרבעט די גרויסע און בעסטע לעדערס אויף פּאָדעשוועס (זוילן), וואָס האָט געהאַט אַ שם אַמאָל אין רוסלאַנד און די לעצטע יאָרן אין גאַנץ פּוילן (פון וועלכע די פאַבריקאַנטן זענען געווען די באַקאַנטע פאַמילעס: בעקער — ישעיה בעקער, כאַצקל בעקער, ניסל בעקער, הערצ־קע רובינס, זלמן ביאַלאָסטאָצקי (מאָשקעס און זין), מרדכי שמואל פלעבאַן, הלל פלאַווסקין און זין, און אַנד.) — האָט אין זאַבלודאָווע עקזיסטירט אַ גוט־אָרגאַניזירטע „טרוקענע" לע־דער־אינדוסטריע. דאָס זענען געווען די וואַלקערייען. ווי ס'שיינט, זענען געווען די ערשטע פאַרלייגער פון דער דאָזיקער וויכטיקער לעדער־אינדוסטריע (וואָס האָט געמאַכט אויפלעבן אונדזער שטעטל און אַ סך יוגנטלעכע האָבן באַקומען אַרבעט און געלערנט אַ נייעם פאַך) איינער, אַ געוויסער ישעיה געפּנער און הערשל יאַטשע־באָנדע, וועלכע האָבן עס אַראָפּגע־בראַכט פון וואַרשע.

די ערשטע וואַלקערייען זענען געווען הערשל יאַטשע־באָנדעס (אויף ביאַליסטאָקער גאַס, נעבן די גאַרבאַרניעס) און ישעיה געפּנערס, וועלכער האָט געהאַט שותפות מיט נחום גע־לערשטיין. הערשל יאַטשע־באָנדעס פאַבריק האָט נאָכער אָפּגעקויפט יאַנקל רודי (פאַניטש), אויף שוסטער־גאַס, אַנטקעגן יאַנקל פּאַראָווקערס מיל (יעקב צעסלער) אין דער געביידע, ווו די לעצטע יאָרן איז געווען די שולע „תחכמוני", האָט זיך געפונען די וואַלקעריי פון יאַנקל זילבער (יאַנקל דער אָלשאַנקער). אויך איז געווען אַ וואַלקעריי פון איינעם הערשל מינדלס, און די וואַלקערייען פון לייבל רעזניק (לייבעלע אַלטעס) און אברהם צעסלער (אברהמל אַהרן־הערשס, דעם פעלדשערס זון).

מיט לייב רעזניק איז דער שרייבער פון די שורות געווען אַ צייט שותפות און נאָכער אָפּגעקויפט די פאַבריק ביי אברהם צעסלער, קורץ פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 1914. לייבל רעזניקס פאַבריק האָט זיך געפונען אין מוכאָוועץ־געסל, אַנטקעגן מוכאָוועץ־ברונעם און די וואַלקעריי פון אברהם צעסלער האָט זיך געפונען אין בילסקער גאַס, אַ פּאָר הייזער נאָך דעם בילסקער בית־המדרש, אין אַ געמויערטער געביידע.

דער סאַמע אויפבלי פון די וואַלקערייען אין זאַבלודאָווע איז געווען אומגעפער אין די יאָרן פון 1900 ביז 1914 (ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה) און זיי האָבן באַשעפטיקט אומגעפער פון 150 ביז אַ 200 אַרבעטער. די פאַרדינסטן אין יענער צייט פון די אַרבעטער איז געווען זייער גוטע ביי אָט־דעם פאַך. די קוואַליפיצירטע פאַכלייט האָבן פאַרדינט פון 12 ביז 15 רובל אַ וואָך און די אָנפאַנגער — פון 5 ביז 8 רובל אַ וואָך. אין יענע צייטן איז עס געווען אַ סך געלט און פיל געדריקטע פאַמיליעס האָט עס אַרויסגע־האָלפן. מענער און זין האָבן גוט פאַרדינט און האָבן געמאַכט אַ שיין לעבן.



יאַנקל פאַניטשעס (רודי) וואַלקעריי. איינע פון די ערשטע אין זאַבלודאָווע.
ערשטע שורה, שטייענדיק פון רעכטס: יאָסל דעם אָליצקערס, יעקב־משה פורמאַן, אברהמל קאָנע, יעקב רודי (יאַנקל פאַניטש — מייסטער), אליהו רודי, אליהו האַלפּערן. צווייטע שורה, זיצנדיק פון רעכטס: זיידקע, חיים מילער, מאיר רודי, בענדעט דעם סטאָליערס אַ זון, וועלוול דראלעס אַ זון. דריטע שורה, זיצנדיק פון רעכטס: לייזער וועלוול מילער, פייוול רעזניק, אבא יאכנוק, בעשקע בראַסלאַווסקי, און גוטקע רודי (יאַנקל פאַניטשעס עלטסטע טאָכטער).

די וואַלקעריי־אינדוסטריע איז באַשטאַנען אין אויסאַרבעטן „צונגען" פאַר שטיוול פאַר פויערים. די פּראָדוקציע פלעגט גיין אין גאַנץ רוסלאַנד. אויך פלעגט מען אַרבעטן „שטי־וועלעטן" (אויף אויסצואַרבעטן שיך פון איין שטיק לעדער, מיט גומי ביי די זייטן) און אויך „פרישוועס" — דאָס פלעגט שוין גיין פאַר די ספּעציעלע שיך מיט די נידעריקע געקנייטש־טע כאָלעווקעס פאַר די „כלי־קודש".

דער רוי־מאַטעריאַל („מאַטעריאַ פּרימאַ“), צוגעשניטענע שטיקער לעדער, פלעגט מען באַקומען פון די גאַרבאַרניעס און די אויסאַרבעטונג פון די „צונגען“, פלעגט פאָרקומען אויף אַזאַ מין אופן: צוערשט פלעגט מען איינשמירן די שטיקער לעדער מיט „דיעגרע“ (אַזאַ כעמישער צוזאַמענשטעל פון טראָן, אייל און נאָך פּראָדוקטן), וואָס פלעגט דעם לעדער ווייך־מאַכן. דער צושטעלער און פּראָדוקטאָר פון דער „דיעגרע“ איז געווען דער באַקאַנטער יוסף זאַבלודאָווסקי (אברהם סוליעס זון). נאָכער פלעגן די לעדער ווערן גענעצט און געפּאַלצט. דאָס פּאַלצן איז געווען אַ ספּעציאַליטעט. מיט שאַרפע דאָפּל־מעסערס, ביים סאַמע שאַרף אַביסל פאַרבויגן, פלעגט ווערן אַראָפּגעצויגן פון די שטיקער לעדער דינע שיכטן, וועלכע האָבן געהייסן „שפּאָנען“ אָדער „שפּענער“, וועלכע פלעגן דורכן פּאַלצער אַזוי שנעל און קונציק צונויפגעקיילערט ווערן, ווי לאַנגע גילזן. די „שפּענער“ פלעגן אָפּנעמען איינבינדערס, און דאָס פלעגט גיין אויף בינדן ביכער און אויך פאַר אַנדערע לעדער־אַרטיקלען. נאָכן פּאַלצן, פלעגט די לעדער ווידער געשמירט ווערן מיט דער „דיעגרע“ און ס׳פלעגט אָנגעצויגן ווערן אויף „בליאָקן“ (אַ ספּעציעלע האָלץ־פאָרמע, וואָס אויף אים פלעגט דער „וואַלקער“ אָנציען די „צינגער“) און עס פלעגט צעשטעלט ווערן אויף פּאָליצעס צום טריקענען. — זומער אויף דער זון און ווינטער — אין די פאַבריקן, נעבן די ספּעציעלע אויוועלעך מיט די איינגע־אָרדנטע בלעכענע רערן. נאָכן טריקענען פלעגט די „צונג“ ווערן געשוואַרצט, באַשניטן, צו־געריכט און צום סוף — געגלאַנצט.

די אויספירער פון דער פּראָדוקציע זענען געווען: פּאַלצערס, וואַלקערס, שוואַרצערס, צושניידערס, צוריכטערס און גלאַנצערס. די פּאַרטיקע אַרבעט פלעגט ווערן צונויפגעלייגט צו „פּאָרן“ און „טוצנווייז“ און מען האָט עס גערופן „שפּיגל“. די זאַבלודאָווער „שפּיגל“ האָבן געהאַט אַ נאָמען.

סוחרים פון רוסלאַנד פלעגן אַראָפּקומען קיין זאַבלודאָווע און אָפּקויפן די גאַנצע פּראָ־דוקציע. עס זענען געווען יאָרן פון גוטע פאַרדינסטן פאַר די פאַבריקאַנטן און אויך די אַר־בעטער פלעגן גוט פאַרדינען. נישט איינמאָל, ביי אַזעלכע געלעגנהייטן, פלעגן באַלעבאַטים און אַרבעטער פּראַווען גאַנצע סעודות.

אין די פאַבריקן פלעגט שטענדיק זיין פריילעך, עס האָבן זיך ביי דער אַרבעט געהערט אַרבעטער־לידער און ליבע־לידער, וואָס יונגע אַרבעטער פלעגן אויסזינגען. עס פלעגן ווערן אָפּגעטאָן שפּיצלעך מיט חכמות. אַז עס פלעגט אָנקומען אַ נייער לערן־יונג, פלעגן באַלד די אַלטע אַרבעטער צורופן זייער אָנפירער (וואָס אין יעדער פאַבריק איז שטענדיק אַזעלכער געווען, פאַר וועלכן מ׳האָט געהאַט דרך־ארץ) און פלעגן באַלד דעם ניי־אָנגעקומענעם געבן אַ „צונעמעניש“. און עס פלעגט פאָרקומען אַזאַ מין „סצענע“. דער נייער יונג, וועלכער איז געקומען צו דער לערע אין פאַבריק, איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער. אַלע אַרבעטער אַרום אים, באַטראַכטן אים און דער גלאַוונער גיט אַ פרעג: „ווי ווילן מיר אים רופן?“ איינער פון די אַרבעטער גיט זיך אַ כאַפּ אַרויס, למשל: „העזל!“ (משמעות, ס׳איז אים געפעלן געוואָרן יענעמס לאַנגע אויערן...) בראַוואָ! רופן אַלע אויס — און אַזוי איז אים שוין פאַרבליבן אויף שטענדיק דער נאָמען „העזל“... אַ סברא, אַ סך זאַבלודאָווער צונעמענישן שטאַמען טאַקע פון די זאַבלודאָווער וואַלקערייען...

די געלעכטערס און חכמות זענען געווען אין הימל אַריין. מאַמעס און שוועסטער פלעגן צוברענגען עסן, ווי לאַטקעס אָדער אַן אַנדער מאכל, איז שוין געווען יום־טוב, פלעגן זיך אַלע אַ לאָז־טאָן און געמאַכט באַלד קאָמונע...

דער ערשטער שטרייק איז אויסגעבראָכן (דאָס איז געווען אומגעפער אין 1905) ביי ישעיהן און נחומען אין פאַבריק. ישעיה, דער באַלעבאָס, איז גראָד אַריין מיט אַ גלאָז טיי אין האַנט, ער גיט אַ קוק — די אַרבעטער שטייען מיט פאַרלייגטע הענט און באַגעגענען אים מיט געזאַנג, אַלע אין כאָר:

„די אַרבעט — וואָס קלענער און קלענער...
די שכירות — וואָס גרעסער און גרעסער...
און אַלע פרייטיק אַן „אולניק"... (אַ „בולבע־קוגל).

(דאָס האָבן זיי נאָך געוואָלט אַלס צולייג)...

די גלאָז טיי איז דעם באַלעבאָס אַרויסגעפאַלן פון האַנט... און די אַרבעטער האָבן זינ־גענדיק פאַרלאָזט די פאַבריק.

מ׳האָט דאַן געאַרבעט 15 שעה אַ טאָג און אויך די שבת־צו־נאַכטסן. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג, שבת־צו־נאַכטס נישט אַרבעטן און גרעסערע שכירות... אַזוי ווי די אַרבעטער, אַלע יוגנטלעכע, האָבן פאַר דער „עובדה" מורא געהאַט פאַר זייערע טאַטעס און נישט געוואָלט קומען אין די הייזער, זענען זיי אַלע אַוועק צו לייבעלע אַלטעס (רעזניק) אויף דער לאָנקע, איבערגעשלאָפן די נאַכט און אויף מאָרגן אַוועק אין וואַלד און אויסגעהערט אַ רעוואָלוציאָנערע רעדע פון אַ ביאַליסטאָקער און ווילנער שליח.

לסוף האָט דער באַלעבאָס געמוזט נאָכגעבן און גערופן אַלעמען צוריק צו דער אַרבעט. דאָס זענען געווען די ערשטע זיגן פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען.

פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער „וואַלקערייי־פאַך", ווי די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע אין אונדזער היימשטאָט, אַ סך ערגער געוואָרן. פאַבריקן האָבן זיך געשלאָסן, פאַבריקאַנטן און אַרבעטער האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע, און אַזוי איז ביס־לעכווייז אונטערגעגאַנגען אַזאַ וויכטיקע אינדוסטריע אין אונדזער שטעטל, פון וואָס עס האָבן געלעבט אַ סך פאַמיליעס.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די אינדוסטריע שוין כמעט ווי אינגאַנצן נישט עקזיסטירט. מ׳האָט נאָך ביסלעכווייז געאַרבעט, אָבער עס זענען שוין נישט געווען יענע יאָרן, ווען די גרויסע אָפּנעמער פלעגן קומען פון רוסלאַנד. — און אַזוי איז פולשטנדיק אונטערגעגאַנגען דער אַזוי וויכטיקער צווייג פון דער לעדער־אינדוסטריע אין זאַבלודאָווע.



א. ש. הערשבערג

# חיים־זעליק סלאָנימסקי

חיים־זעליק סלאָנימסקי איז געבוירן געוואָרן כ״א אדר אין יאָר תק״ע (1810) ביי זיין פאָטער רבי יעקב בר׳ בנימין־בישקע, אַ ייד אַ למדן, וואָס מען האָט אים אָנגערופן רבי יאַנ־קעלע סלאָנימער, ווייל ער האָט געשטאַמט פון סלאָנים.

חיים־זעליק סלאָנימסקי איז, ווי באַקאַנט, געווען אַן אייניקל פון יחיאל נעכעס, דעם גרינדער און אייגנטימער פון באַקאַנטן בית־המדרש אויף דער יידישער גאַס אין ביאַליסטאָק, וואָס טראָגט זיין נאָמען. דאָרט האָט חיים־זעליק געלערנט צוזאַמען מיטן „פתחי תשובה״, אָבער ער האָט געהאַט מער נייגונג צו מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסנשאַפטן, און ער האָט



חיים זעליק סלאָנימסקי
רעדאַקטאָר פון וואַרשעווער „הצפירה״

עוסק געווען אין זיי כל ימיו. הנדסה (ד״ה געאָמעטריע, אויך: מאַטעמאַטיק בכלל) האָט ער געלערנט פון אָנפאַנג נאָר פון העברעאישע מקורים, פון „אילם״ פון יוסף שלמה דעלמידיגא, פון „תכונת השמים״ פון רפאל הניבר (האַנאָווער), פון „שבילי דרקיע״ פון ר׳ אליהו העכים, פון „נאוה קודש״ פון ר׳ שמעון וואלטש, אַ פירוש אויף „קידוש החדש״ פון רמב״ם. שפּעטער האָט ער זיך צוגעלערנט מיט דער הילף פון מיכל זאַבלודאָווסקי די דייטשישע שפּראַך. מיכל זאַבלודאָווסקי האָט אים שטאַרק מקרב געווען און האָט אים פאַרשאַפט וויסנשאַפטלעכע ביי־כער אין דייטש, וואָס סלאָנימסקי האָט זיי שטודירט מיט גרויס התמדה, באַהאַלטענערהייט אין בית־מדרש.

אַז חיים־זעליק האָט חתונה געהאַט מיט דער ערשטער פרוי אין זאַבלודאָווע, האָט ער

דאָרט אָנגעשריבן זיין ערשטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט וועגן מאַטעמאַטיק אין העברעאיש „מוסדי חכמה״, וואָס ער האָט געדרוקט אין ווילנע אין יאָר תקצ״ג מיט דער אונטערשטיצונג פון מעצענאַט משה ראָזענטאַל און מיט דער הסכמה פון ר׳ אבלי (אַבעלע) פאַסוואָלער. נאָך דעם האָט זיין פריינט ר׳ אברהם זאקהיים געדרוקט אויף זיינע הוצאות אין ווילנע, תקצ״ה, זיין ספר „כוכבא דשביט״, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ צייטפראַגע, ווייל מען האָט אָפגעוואַרט

הצפירה

HAZEFIRAH.

[illegible]

מכתב עתי משמיע חדשות

בקרב עם ישרון, מכל הדברים הנוגעים בעניני המדינות,

דברי חכמה ומדע, ידיעות העולם והטבע.

יוצא לאור אחת בשבת, מאת

חיים זעלין סלאנימסקי.

| שנה תמישית | Варшава, 28 Декабря (9 Января) 1877/8 | ווארשויא, ה׳ שבט תרל״ח. | № 1. |
|---|---|---|---|

תוכן הענינים.

דברי הימים. [illegible]. [illegible]. [illegible] בפרינת בבל. ידיעות העמים והטבע. [illegible]. [illegible]. חדשות שונות. ידיעות [illegible]. הודעות. שאלות ותשובות.

דברי הימים

[illegible]

יצאה המהומה ותשטם על פני ארצות צרפת ועסטרייך, עד אשר התאחדו האיטאליאנים להיות לעם אחד וממלכה אחת; אחרי הדמים הרבים אשר נשפכו בארצות ההן שקטה הארץ שנים אחדות, והנה החלה המהומה בצפון איראפא; בארץ פרוסיא בין הממשלה ונבחרי העם, בארץ פולין, בארץ יון [illegible], אחרי כן החל הבל הארץ שלעזוויג-האלשטיין להפיר שלום הארץ; אחרי זה פרצו המלחמות הגדולות בין פרוסיא ודענעמארק, בין פרוסיא ועסטרייך, ואחרי שנים מספר, המלחמה הגדולה והנוראה בין צרפת ואשכנז; [illegible] המלחמה [illegible] בין [illegible], [illegible] שנים רבות. בין [illegible] איראפא [illegible] ימים רבים מאד, [illegible] אחרי מלחמת שנות 70—71, [illegible] 1876 [illegible] בעיר ברלין [illegible]

[illegible]

פאַקסימיל פון אַ נומער „הצפירה״, דערשינען אין וואַרשע אין יאָר 1877.

די דערשיינונג פון האַלעיס קאָמעט. אין תקצ״ה האָט ער געדרוקט זיין ספר „תולדות השמים״ אין וואַרשע. זיין „יסודי העבור״ איז איבערזעצט געוואָרן אין דייטש און ענגליש. אין תרכ״ב האָט סלאָנימסקי געדרוקט זיין ספר „יסודי חכמת השיעור״.

אין 1844 האָט סלאָנימסקי אויסגעפונען אַ רעכן־מאַשין, און ער האָט פאַר איר באַקומען פון דער אימפּעראַטאָרסקער אַקאַדעמיע אַ פּרעמיע פון 2.500 רובל. לויטן פאָרשלאַג פון רוסישן בילדונגס־מיניסטער אוואַראָוו האָט ער באַקומען דעם טיטל „פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין״.

באַזוכנדיק בערלין אין 1858 איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט, וואָס האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן פּרייסישן קעניג. דעמאָלט האָט ער געדרוקט אין בערלין זיין ספר „אות זכרון לאלכסנדר פון הומבאָלדט, קורות ימי חייו, מסעיו וספריו״. דער ספר איז געדרוקט געוואָרן אויף די הוצאות פון בערלינער יידישע פרנסים.

חיים־זעליק סלאָנימסקי איז געווען אַ גרויסע דערשיינונג ביי די רוסיש־פּוילישע יידן. ער האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף דער גאַנצער בית־מדרשדיקער יידישער יוגנט מיט זיינע וויסנשאַפטלעכע ספרים אין העברעאיש, וואָס זענען געשריבן מיט אַ מאָדערנעם אויסגעצייכנטן פּאָפּולערן העברעאישן סטיל. ער האָט דערוועקט אין זיי אַ דראַנג צו עקזאַקטע וויסנשאַפטן. מ׳האָט אים גערופן „דער יידישער הומבאָלדט״.

אין יאָר 1856 האָט סלאָנימסקי אויסגעפונען ווי צו שיקן פיר דעפּעשן מיט איין מאָל דורך אַן עלעקטרישן שטראָם.

אין תרכ״ב (1862) האָט חיים־זעליק סלאָנימסקי אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „הצפירה״ ווי אַ וואָכנשריפט, כדי דורך איר צו פאַרשפּרייטן נאַטור־וויסנשאַפט און מאַטעמאַטיק. ער האָט די „הצפירה״ אַרויסגעגעבן אין וואַרשע. שפּעטער איז פון איר געוואָרן אַ טעגלעכע צייטונג מיט נחום סאָקאָלאָוו ווי דעם הויפּט־מיטאַרבעטער.

אין „הצפירה״, תר״מ, י״ג תשרי, נומער 37, דערציילט חיים־זעליק סלאָנימסקי וועגן זיין לערנען אין זיידנס בית־מדרש גמרא, פּוסקים, ראשונים און אחרונים. דאָרט האָט ער זיך באַפריינדעט מיט אַ זקן ר׳ משה, וואָס איז געווען אַ מקובל וואָס האָט עוסק געווען אין ספרי קבלה, וואָס אויף זייערע גליונות פלעגט ער שרייבן הגהות און פירושים.

ווען חיים־זעליק סלאָנימסקי איז געקומען קיין זאַבלודאָווע צו 17 יאָר דאָרט חתונה צו האָבן, האָט ער דאָרט געטראָפן אין בית־מדרש אַ גרויסן מקובל, אַ בעל־שם און אַ בעל־מופת. האָט חיים־זעליק גערעכנט ביי אים זיך צו פאַרפולקאָמען אין קבלה, אָבער דער בעל־שם איז באַלד געשטאָרבן.

אין יאָר תר״מ האָט חיים־זעליק סלאָנימסקי געדרוקט אין וואַרשע זיין ספר „מציאות הנפש וקיומה חוץ לגוף״. מיט דעם ספר האָט ער צוגעצויגן צו זיך אַלע פרומע יידן.

חיים־זעליק סלאָנימסקי איז געשטאָרבן אין וואַרשע, אין יאָר 1904.

דער זאַבלודאָווער שטאָטראַט האָט דאָס מוכאָוועץ־געסל, ווו ער האָט געוווינט און געשאַפן אָנגערופן אויף זיין נאָמען „זעליק סלאָנימסקי־גאַס״.



מיכאל ליפשיץ (בע״ז)

# געשטאַלטן פון אונדזער היים

## רייזע ריבהם קרעמל

### (חיים־זעליק סלאָנימסקי און זיין ערשטע פרוי)

אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט ביי אונדז אין שטעטל זאבלודאָווע האָט שטענדיק געצויגן די גאַנץ אַלטע איינגעבויגענע הילצערנע קרעמל וואָס שטייט נאָך עד היום צווישן דער לאַנ־גער רייע קרעמלעך אין מיטן מאַרק. דאָס איז געווען די קראָם פון דער אַלעמען באַקאַנטער פרוי „רייזע ריבה״, די ערשטע געוועזענע פרוי פון דעם גרויסן געלערנטן אַסטראָנאָם און פילאָסאָף, חיים זעליק סלאָנימסקי, דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה״.

אַ גאַנץ פּשוטע אשה, דער פּנים געשטופּלט פון פּאָקן און אַ בעלעם אויפן אויג, האָט זי געהערט זייער גיך. זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ היגן באַלעבאָס ר׳ קאָפּל סאַפּערשטייך, וואָס האָט דאָ געלעבט אַן ערך 109 יאָר צוריק. דאָס קרעמל איז באַשטאַנען פון מילכיקע שפּייזן ווי קעז, פּוטער, מילך. דערצו קליינינקייטן, אַביסל שאַרפּשטיינער, קאָרענע טאַבאַקיר־קעס צו שנופּף־טאַבאַק, קאַצירעס, פּאָמילעס, לאָפּעטעס, בעזימער. דערפון האָט זי זיך מפרנס געווען מיט דעם געלערנטן און אירע צוויי טעכטער, וואָס זי האָט מיט אים דאָ געבוירן.

די פּרנסה האָט זי אַליין געפירט, און האָט אים קיינמאָל נישט געשטערט אין זיין לער־נען און שרייבן זיינע אַסטראָנאָמישע און פילאָסאָפישע ווערק. ער פלעגט זיצן אין דעם אויי־בערשטיבל פון איר פּאַטערס הויז, וואָס אין מיטן מאַרק, וואָס פאַרדינט אויפמערקזאַמקייט. ווען מען דערמאָנט זיך אַמאָל פאַרבייגייענדיק דאָס הויז, אַז דאָ האָט דער גרויסער מענטש פאַרבראַכט איבער אַ צענדליק פון זיינע בעסטע יונגע יאָרן. (לויט זיינע זכרונות פון ׳הצפירה״ (תרכ״ב), האָט ער דאָ געלעבט 13 יאָר). אַן ערך מיט 109 יאָר צוריק, האָט ער דאָ אָנגע־שריבן זיינע באַרימטע ווערק ווי: „יסוד העבור״, „כוכבא דשביט״, „מציאות הנפש״, „אות זכרון״, „אלכסנדר פון הומבאָלט״. איינע פון זיינע געציילטע חברים אין יענער צייט איז געווען דער היגער, אַלעמען באַקאַנטער גרויסער געלערנטער און פילאָסאָף זאב וואָלף הירש־פעלד, מיט וועמען ער האָט פאַרבראַכט טעג און נעכט אין תורה און חכמה. זייענדיק אין וואַרשע פלעגן זיך די ביידע גרויסע חברים זיך קאָרעספּאָנדירן, אַ גרויסער אוצר פון הונדער־טער בריוו וואָס האָבן אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט פון יענער צייט געפינט זיך נאָך ביי דער פאַמיליע הירשפעלד אין לאָדזש.

ווי די זקנים פון אונדזער שטאָט גיבן איבער פון זייערע זקנים פון יענער צייט, האָט ער געזאָגט די ערשטע פאָר יאָר נאָך זיין חתונה „חובת הלבבות״ אין דעם אַלטן גרויסן בית־המדרש, וואָס האָט דאַן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם צוהערער. אין דעם אַלטן חברה ש״ס פּנקס, געגרינדעט דורך דעם גרויסן גאון, געוועזענער היגער רב ר׳ אליעזר מחבר פון „אור חדש״, וואָס האָט דערנאָך איבערגענומען דעם כסא הרבנות אין קעלן (פּרייסן) מיט 188 יאָר צוריק, געפינט זיך אויך פאַרשריבן צווישן די שפּעטערדיקע חברים פון חברה ש״ס, האַברך ר׳ חיים זעליק סלאָנימסקי.

די אָרטאָדאָקסן און חסידים פון יענער צייט האָבן אַרום אים שטענדיק געמורמלט און

פלעגן אים אָפט מרגז זיין צוליב זיינע פילאָסאָפישע אויפקלערונגען, און וואָס זיין באָרד איז געווען אַביסל צוגעשוירן און האָבן אים גערופן דער „בערלינציק".

אַלס נקמה פון די חסידים, האָט ער אַמאָל אין אַ שבתדיקן טאָג בעת זיי האָבן געהאַלטן אין מיטן דאַווענען, אַריינגעשטעלט באַראַבאַנשטשיקעס אין „חסידים שטיבל" זייענדיק דאָן אַ באַשטעטיקטער קוואַרטיר־מייסטער פון דער אופּראווע, וואָס פלעגט דאַרפן באַשטעלן קוואַר־טירן פאַר דורכגייענדיקע סאָלדאַטן.

די צווייִ טעכטער, וואָס ער האָט דאָ געהאַט מיט זיין ערשטער פרוי, זענען דערנאָך אי־בערגעגאַנגען צום פאָטער אין וואַרשע בעת ער האָט זיך געגט מיט זייער מוטער און האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעמאָלטיקן וואַרשעווער צענזאָר אברהם־יעקב שטערן.

זייענדיק אין וואַרשע, שוין רעדאַקטאָר פון „הצפירה", פלעגט ער אויך נישט פאַרגעסן אָן זיין ערשטער פרוי. איר צושיקן שטיצע און עטלעכע „הצפירהס", וואָס זי האָט געהאַט דערפון אַ פאַר רובל אַ וואָך. אייניקע מאָל האָט זי אים באַזוכט אין וואַרשע. ער האָט איר יע־דעס מאָל אָפּגעגעבן גרויס כבוד און פלעגט מיט איר פאָרן באַזוכן אירע טעכטער.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז פיל יאָרן נאָך איר גטן זיך מיט דעם גרויסן געלערנטן, האָט זי געפירט די זעלבע קרעמל פון מילכיקס. דער גביר פון שטעטל אין יענער צייט, ר' הערשל העפנער, פלעגט די אַלע נויטיקע מילכיקע שטוב־שפייזן, כדי איר צו שטיצן, קויפן ביי איר. זיין דינסט, ברענגענדיק אַמאָל פוטער איינגעוויקלט אין אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר, האָט ער באַטראַכט דעם פּאַפּיר און אַרויסגעזען, אַז דאָס איז די כתובה פון חיים זעליק סלאָ־נימסקי, מיט רייזע ריבהן. ער האָט די כתובה באַהאַלטן ביי זיך אין קאַסע, און זייענדיק איין מאָל אין וואַרשע איז ער אַריין אין רעדאַקציע פון „הצפירה" און האָט אים דאָס איבער־געגעבן. ער האָט אים דאָן הערצלעך באַדאַנקט, זאָגנדיק דערביי: „איר ווייסט, אַז דאָס איז ביי מיר זייער אַ טייערער דאָקומענט".

---

# כלאַוונע דער בעל־תפילה

## (אַ זאַבלודאָווער פאַסירונג)

כלאַוונע דער קאַראַבעלניק (אַ פריערדיקער מלמד) איז געווען דער שטענדיקער ימים־נוראים בעל־שחרית אין גרויסן בית־המדרש און האָט שוין געהאַט אַ שטענדיקע חזקה פון כמה יאָרן אויף אַלע דריי שחריתים. און ווייל ער איז געווען דער גרויסער מקפיד, אַז אַ חזקה טאָר מען נישט אָפּלאָזן, האָט ער פאַר קיין פרייז נישט געוואָלט אָפּלאָזן איינע פון זיינע תפילות צו אַ צווייטן, כאָטש פיל האָבן שוין געשאַרפט די ציין. אָבער ער איז געווען זיכער, אַז קיינער וועט זיך נישט וואַגן דאָס ביי אים צוצונעמען; ערשטנס, ווייסן אַלע, אַז דאָס איז אַ חזקה; צווייטנס, האָט ער געהאָפט, אַז דער עולם איז צופרידן מיט זיין דאַווענען.

זיינע ליבהאַרציקע זיסע ניגונימלעך און זמרלעך, וואָס זענען געווען צוגעפּאַסט צו יעדער תפילה. אַלע יאָר מיטן זעלביקן נוסח, וואָס יעדן איז שוין געווען גוט באַקאַנט, אַז אַלע פלעגן אים נאָכזינגען, טיילמאָל נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן. זיין אויסשרייען דעם „ה מ ל ך", פלעגט מאַכן ציטערן די ווענט פון בית־המדרש. קיין טעות אין דאַווענען האָט נאָך ביי אים קיינמאָל נישט געטראָפן, ווייל ביי אים אין מחזור איז געווען אָנגעצייכנט ווו מ'דאַרף אָנהויבן, אויסלאָזן, ווו זאָגן, זינגען ווי אַן אמתער רגיל און געניטער בעל־תפילה. ווי דער אמתער פעלדמאַרשאַל, וואָס פירט זיין אַרמיי אויף אַ מלחמה, נאָך דער קאַרטע נאָך, אַזוי פלעגט ער דורכפירן דעם עולם אין זיינע תפילות אָן קיין שום שטער.

חברה לצים פון יענער צייט האָבן אַמאָל באַקומען זיין מחזור, כאָטש ער האָט אים מיטגענומען ווו ער איז געגאַנגען, און האָבן דערזען, אַז אַ חוץ וואָס עס איז געווען אָנגעצייכנט ווי אויף אַ לאַנד־קאַרטע, דאָ זיך אָפּשטעלן, דאָ אָנהויבן, דאָ אויסלאָזן, ווו זינגען, ווו זאָגן אא״וו, איז נאָך געווען אין אַנדערע שטעלן אָנגעמערקט בכאן שלשה פעמים טריל באם באם, כאן שני פעמים וחצי, אטומני, נו, נו... אין הלכות בעל־תפילהריי, האָט ער שטענדיק געזאָגט, דאַרפן אַלע בעלי־תפילות זיך קומען ביי מיר לערנען...



דער גרויסער און קליינער בית־מדרש (אויפן שול־הויף)

פאָרנדיק איבער די דערפער צו זיינע קליענטן, די פויערים, וואָס ער פלעגט ביי זיי אויסבייטן זיינע גאַלאַנטעריי־סחורות אויף זייערע אַרטיקלען, ווי אייער, ציבעלעס, וכדומה, פלעגט ער דעם גאַנצן וועג, ווו ער פלעגט פאָרן, חזרן און מסדר זיין די ימים־נוראימדיקע תפילות און די קולות פלעגן זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן וועג. זיינע פויערים האָבן שוין געוווסט, אַז דאָ פאָרט כלאָוונע „שאַחריי״ (שחרית), אַזוי האָבן זיי אים גערופן, און דער־פאַר האָט ער געהאַט גרויס לאַסקע ביי די פויערים מער ווי אַנדערע דאָרפישע קרעמערלעך.

יוסף־פרץ דער פאַליווניק, וואָס האָט אויך אַ משונהדיקע תאווה געהאַט זיך כאַפּן צום עמוד אַ שבת, אַ יום־טוב, אַ סליחות זאָגן, האָט זיך אָנגעהויבן מתקנא זיין אין כלאָוונעס שחריתים, וויסנדיק ביי זיך, אַז ער שטייט נישט נידעריקער אין עניני תפילהריי פון כלאָוונען; און האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשלאָסן אונטערלויפן אויבענאָן און אַרויסכאַפּן ביי אים כאָטש איין שחרית. כלאָוונע, געוואָר ווערנדיק דערפון, איז אַרומגעגאַנגען די גאַנצע סליחות־טעג אַ צעטראָגענער. צו דעם צוועק האָט ער זיך ראש־השנה דערנענטערט פון זיין „שטאָט״, ווו ער דאַרף אויסשרייען דעם „המלך״, נעענטער צום עמוד, איידער זיין קאָנקור־רענט וועט צוגיין זאָגן דעם „המלך״. ווי דער בעל־תפילה האָט אויסגעלאָזן „והנורא בנור־אותיך״, האָט גלייך כלאָוונע אָנגעהויבן זאָגן „המלך״! נאָך אים יאָסל־פרץ, מיט אַ משונה־דיקן קוויטשנדיקן קול, האַ! האַ! האַ! המלך! עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל אין בית־המדרש, אַ קלאָפּעריי איבער די סטענדערס.

משה־נחום, דער געוועזענער תלמוד־תורה־מלמד, וואָס אים האָט פאַרדראָסן די גאַנצע מעשה, האָט קיין גרויסע שהיות נישט געמאַכט און גלייך פאַרכאַפּט דעם עמוד. ער איז געווען דער נענטסטער צום עמוד, האָט ער אָנגעהויבן זאָגן: „יושב על כסא רם ונשא, האַ!, האַ!, האַ!, האַ!, האַ! — און האָט אַזוי אָפּגעדאַוונט דעם גאַנצן שחרית, ווי איינער זאָגט, נישט דיר און נישט דיר... קיין כאַפּעניש גילט דאָ נישט און פאַר אַ ביס מיט אַ טרונק קויפט מען נישט קיין תפילות.

כלאַוונען האָט דער דורכפאַל שטאַרק געערגערט און האָט זיך אַ לאַנגע צייט דערפון



דער גרויסער בית־מדרש (אינעווייניק). מיר זעען דאָ פון רעכטס: יואל דער שוחט, הרב מירסקי, אַלטער גניטשוצקי, כץ (דער גבאי). לינקס פאַרנט: גרשון (קאגאן) דער שמש.

מצער געווען, נאָך מער האָט אים געקרענקט, וואָס זיינע קליענטן, די דאָרף־פּויערים האָבן זיך דערוווּסט דורך זיינע קאָנקורענטן קאַראַבעלניקעס, וואָס פאָרן אין דאָרף, פון דער גאַנצער מעשה, און פלעגן אים אָפּטמאָל אויפוואַרפן „קאָלי כלאַוונע דאַברע שאַחראָוואַל, אַ יאַק חאַפּילי, מושע ניע דאַברע שאַחרויעש". אָט די ווערטער פלעגן דערגיין ביזן לעבער.

נאָך אין דעם זעלביקן יאָר האָט כלאַוונע איבערגעלאָזן זיין גאַנצע ביסל אָרעמקייט, צווישן זיי אויך זיין אַלטע ימים־נוראים־חזקה, און האָט זיך אריבערגעקליבן אין יענעם עולם אַריין.

די לצני הדור, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט געפונען, האָבן געזאָגט, אַז דער אַרויסגעכאַפּטער שחרית האָט געמאַכט אַ סוף צו כלאַוונעס לעבן...

אגב איז כדאַי צו באַמערקן, אַז מיט דעם טויט פון כלאַוונען האָט זיך ביי אונדז אין זאַבלודאָווע געעפנט דער נייער בית־עולם, און ער איז געווען דער ערשטער נפטר, וואָס מען האָט מקבר געווען אויפן נייעם בית־עולם און נעבן אים האָט מען מקבר געווען צוויי גרויסע פּעסער מיט שמות, האָט זוכה געווען צו האָבן גרויס כבוד, וואָס די גאַנצע שטאָט האָט אים באַגלייט. און יענער רב ז״ל האָט אויף אים געזאָגט אַ רירנדיקן הספד. יעדער האָט דערביי פאַרגאָסן פיל טרערן.

# ר׳ העשל העפנער

איינער פון די אָנגעזעענסטע מענטשן, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אונדזער שטעטל, איז געווען דער גרויסער גביר און בעל־צדקה ר׳ העשל העפנער, אַ זון פון דעם באַוווּסטן גביר און נדבן ר׳ דניאל העפנער.

זיין הויז איז געווען, ווי מען זאָגט, אַ „בית ועד לחכמים״. יעדער געדריקטע ראָון נויט־באַדערפטיקער האָט דאָרט געפונען שטיצע. דערצו איז ער נאָך געווען אַ גרויסער „מקיר רבנן״, ווו אַ רב האָט געדאַרפט עפּעס האָבן אַ טובה, האָט זיך ר׳ העשל קיינמאָל נישט אָפּ־געזאָגט און יעדער רב, וואָס פלעגט קומען אין שטעטל, האָט ביי אים געפונען טיש און סטאַנציע מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן.

פּרושים, וואָס פלעגן קומען אין שטעטל לערנען בפרישות און דערנאָך געוואָרן די גרעס־טע לערנער, האָבן זיך אויף זיין טיש אויפגעהאַלטן, ווי עס דערמאָנט אים אין זיין חבור איינער פון די גרעסטע רבנים: ר׳ ישיעה זעליק שטאַקלישער רב, און אַזוי איז געווען זיין פרוי די באַוווּסטע אשת חיל און גרויסע צדקנית חיה־שרה. אירע צדקות און מתן בסתר איז נישט צו באַשרייבן.

נאָך זיין אַריבערציִען זיך קיין ביאַליסטאָק האָט אונדזער שטאָט אַ סך פאַרלוירן אין אַזאַ עסקן און כלל־טוער. זיינע קינדער זענען באַוווּסט אין ביאַליסטאָק פאַר גרויסע עסקנים און כלל־טוער. נאָך זייענדיק דאָ האָט זיין עלטערער זון, וואָלף העפּנער, געגרינדעט דעם היגן „לינת הצדק״, וואָס האַלט זיך נאָך אויף היינטיקן טאָג און ציילט איבער 200 חברים.

.1925

**
*

## הרב מרדכי ראובן הכהן סיני

מיין פאָטער הרב מרדכי ראובן הכהן סיני, איז אָנגעקומען אַלס העברעאישער הויז־לערער צום מפורסמדיקן גביר אין זאַבלודאָווע — יהושע העשל העפנער — זיין עלטסטער זון — מיין פאָטערס תלמיד — וואָלף העפנער, איז געווען דערנאָך אין ביאַליסטאָק איינער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע כלל־טוער.

מיין פאָטער האָט אויך אָנטייל גענומען אין גראָדנע און אין זאַבלודאָווע אַפילו אין די קלענסטע אַרבעטן פון לאָקאַלן כאַראַקטער, ווי אַ מיטגליד פון פאַרשיידענע אָרטיקע פילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפטלעכע חברות.

אין 1894 איז ער געקומען קיין אַרגענטינע מיט דער ערשטער גרופּע ליטווישע יידן, וואָס דוד פיינבערג, פאַרטרעטער פון באַראָן הירש, האָט אַראָפּגעבראַכט צו קאָלאָניזירן אין מאָזעסוויל.

(מיכל הכהן סיני — וועגן זיין פאָטער,
„ייוואָ־שריפטן״ נומ. 3, 1945 אַרגענטינע).

# ארבע תקופות
## או
# בר מצוה

אשר שרתי לכבוד הוד יקר מטפחתי דת
כליליה גדליה ליה : ולכבוד אדוני הנדיב
הנודע לשם ולתהלה הר"ר יהושעהעשיל
העפנער הי"ו : ולרעיתו העוזרת
על ימינו היא גבירתי המשכלת הנדיבה
מרת חיה שרה תחיה השירה תגיש
ברכתי ברכת מ"ז"ט ! ! ! לראש
שמחת בנם הנחמד ה"זאב נ"י ליום זה
נמלא לו שלש עשרה שנה.
מרדכי ראובן סיני

## זאבלודאווא
יום ב' ה' א"ר ה'ת'ג' מ"ר לפ"ק



וואָלף העפּנער, דער געווע־זענער תלמיד פון מרדכי ראובן הכהן סיני.

א

ב

ג

שער־בלאַט, אַ טייל פון דער הקדמה און ערשטע זייט פון ספר „ארבע תקופות", אַ חבור געשריבן מיטן האַנט פון הרב מרדכי ראובן הכהן סיני — אין זאַבלודאָווע אין יאַר 1883 — געווידמעט זיין תלמיד וואָלף העפּנער, צו זיין בר־מצוה.

**זאב עפר** (וואָלף הירשפעלד) — גבעת־ים, ישראל.

# פון מיינע קינדער־יאָרן

זאַבלודאָווע — דאָס נישט־פאַרגעסענע שטעטעלע מיינע פון דער יינגסטער יוגנט — שוין 55 יאָר זענען פאַרלאָפן זינט איך בין פון איר אַוועק, אָבער שטענדיק, ווען איך קלער וועגן יידישע שטעטלעך, מוז איך מיט אַ זיפץ און פרייד גלייכצייטיק דערמאָנען זאַבלודאָווע, מיט וועלכער ס׳איז פאַרבונדן מיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן. דעריבער זענען פאַרבליבן אויף אייביק פאַרשיידענע מאָמענטן, ערטער און געשעענישן איינגעקריצט אין מיין זכרון.



פון רעכט: זאב עפר (וואָלף הירש־פעלד — געבוירן אין זאַבלודאָווע אין 1890) מיט זיין ברודער דעם באַליבטן אַרטיסט, רעזשיסער און לערער זלמן הירשפעלד (פון „בוע־נאָר איירעס") — פאָטאָגראַפירט אין רמת גן, ישראל, אין 1952.

זאב־וואָלף הירשפעלד (זאב עפר) איז דער נאָמען נאָך זיין באַוווסטן על־טער־זיידן דעם פילאָזאָף און וויסנ־שאַפטסמאַן אין זאַבלודאָווע, אין זיין צייט דער פערזענלעכער חבר פון חיים זעליק סלאָנימסקי.

איך געדענק די שיינע הילצערנע היסטאָרישע שול, נעבן שול איך געלעגן אַ גרויסער שטיין, אַרום וועלכן ס׳האָבן זיך געוועבט פאַרשיידענע לעגענדעס: ערב־יום־כיפור פלעגט מען אין פּאָליש פון שול ברענגען היי, אויף וועלכען מ׳פלעגט שמייסן די יידן — געבן מלקות. נאָכן שמייסן פלעגט יעדער ייד אַרויסשאָקלען פון זיינע קעשענעס — קאָפּיקעס און זיי צעלייגן אין די קערות, מיט די צעטלעך, וולעכע זענען געווען אויסגעשטעלט אויף די טישן: פאַר ר׳ מאיר בעל־הנס, ביקור חולים, מלבוש ערומים, אא״וו.

איינמאָל, הושענה רבה, האָב איך זיך פאַרשפעטיקט ביים דאַווענען און בין געשטאַנען שמונה עשרה און האָב נישט מפסיק געווען, און אַזוי, אויסגייענדיק שמונה עשרה, האָב איך זיך דערזען, אַ דערשראָקענער, איינער אַליין אין שול... מען האָט מיך פאַרשלאָסן, זיך נישט געבנדיק קיין רעכענונג. איך האָב אָנגעהויבן רופן נאָך הילף. עס האָט לאַנג געדויערט ביז עמיצער איז פאַרבייגעגאַנגען אויפן גרויסן ליידיקן שול־הויף און מ׳האָט מיך, אַ האַלב־גע־פרוירענעם, געבראַכט אַהיים...

איינגעקריצט אין זכרון איז געבליבן אויך דער שיינער, געדיכטער זאַבלודאָווער וואַלד, אין וועלכן אויף אַ באַרג איז געשטאַנען די מיסטעריעזע פאַר אונדז, קינדער, „וואַידאָווי־טשעס שטיבעלע"... אין וואַלד פלעגן מיר זיך שפילן און גיין שפּאַצירן. אויך דעם שיינעם טייך, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס שטעטל פון וואַלד און אין וועלכן מיר פלעגן זיך באָדן.

עס געדענקט זיך די זאַבלודאָווער פאַמיליעס, אייניקע נאָך די צונעמענישן, וועלכע האָבן אין זאַבלודאָווע נישט געפעלט. באַזונדער פּאָפּולער זענען געווען די זלאַמעס און די דראַלעס, צווישן אַט־די צוויי פאַרצווייגטע פאַמיליעס פלעגן שטענדיק פאָרקומען דיספּוטן און ס׳פלעגט קומען צו געשלעגן — פלעגן אין די בתי־מדרשים מעכּיב הקריאה־זיין אא״וו. דאָס שטעטל איז געגאַנגען „כאַדראַם״, ווען אַ סך פאַמיליעס האָבן פאַרלאָזן זאַבלודאָווע און אַוועק קיין אַרגענטינע. צווישן זיי האָבן זיך געפונען די „זלאַמעס" — דאָס שטעטל האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. באַקאַנט איז אויך געווען אַ פאַמיליע מיטן צונאָמען „לכבוד שבת״... אַזוי האָט מען, למשל, גערופן: „לכבוד־שבתעס טאָכטער״, „לכבוד־שבתעס איידעם״, שנור, אייניקלעך אא״וו. אָדער אַ פאַמיליע „בערישע לאַפּע״, „קאָטענע יאַיקע״ און נאָך, און נאָך.

יאָ, איך געדענק מיינע חדרים און מלמדים, מיין ערשטער עברי־מלמד איז געווען הער־שעלע — איך זאָג עברי־מלמד, ווייל דעם אלף־בית האָט מיך מיין מאַמע אויסגעלערנט — אין שטוב. קומענדיק אין חדר האָב איך שוין געקענט לייענען. נאָך מלמדים האָב איך געהאַט, וועמענס נעמען עס געדענקט זיך נישט — אָבער מיין לעצטן רבי, יאָ, אים קען איך נישט פאַרגעסן; ער האָט געהייסן פסח אַלטע־גאָלדע לאהס. אין שטעטל האָט מען אויף אים גע־מורמלט, מ׳האָט געזאָגט, אַז ער איז אַן אפּיקורס... איך ווייס נישט גענוי, איך ווייס אָבער אַז ער האָט געלערנט מיט אונדז דקדוק און ביי אַנדערע איז דאָס אין יענע צייטן געווען אַ פאַרברעכן, אָבער ביי מיינע עלטערן איז דאָס געווען אַ מעלה און טאַקע דערפאַר האָבן זיי מיך אָפּגעגעבן צו אים. ווען ער פלעגט מיט אונדז לערנען תנ״ך פלעגן אונטער די פענצטער שטיין שעהנווייז ווייבער און זיך איינהערן. זיין ניגון פון לערנען, וועלכעס איז געווען שטיקער מוזיק, קלינגט מיר נאָך עד־היום אין מיינע אויערן. ביי אים האָב איך געקריגן צו לייענען דאָס ערשטע העברעאישע ביכל. איך געדענק נאָך זיין טיטל און אינהאַלט: „ארבעים שודדים״. עס קען זיין, אַז אַדאַנק אים, זיין חדר, זיין שטימע, זיין ליבשאַפט צום פאָלק און שפּראַך, מיט וואָס מיר האָבן זיך איינגעזאַפּט, האָט מיך שפּעטער געבראַכט אַהער, ווו איך לעב זיך אויס גליקלעך. און ווען איך מאַך אַמאָל מיין לעבנס־חשבון, מיין באַלאַנס, פאַר־געס איך נישט מיין געוועזענעם ליבסטן רבין פסח אַלטע־גאָלדע לאהס...

מיט יאָרן שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז ער האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס קנעלן און איז געוואָרן אַ ציוניסטישער משולח. איך גלייב, אַז אַזעלכע משולחים ווי פסח אַלטע־גאָלדע לאהס, האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק. אויסערן חדר פלעג איך אויך באַזוכן די רוסישע פאָלקס־שולע („אוטשילישטשע״), ווו דער לערער איז גע־ווען אַ טייערער ייד, מיין פאָטערס אַ חבר. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען סערליו. ער פלעגט האָבן גרויסע צרות פונעם אינספּעקטאָר, ווייל די שולע האָט דאָך אויסגעהאַלטן די רוסישע רעגירונג, און אַלעמאָל פלעגט מען דערלאַנגען אויף אים אַנדערע מסירות: אַז די שולע ווערט באַנוצט פאַר אַ מנין (וואָס איז טאַקע געווען אמת), אַז ער פאַרדינגט די שולע פאַר אַנדערע צוועקן (וואָס איז געווען אַ ליגן).

נעבן דער בריק פון טייך, פאַרן פּריצישן הויף, האָט אַ זייטיקער וועג אַוועקגעפירט אין אַ מיל און שפּינעריי, וועלכע האָט געהערט צו מיין פאָטערס אַ מומע — זי האָט געהייסן די מומע ביילקע (אויף איר נאָמען און טאַקע נישט ווייט פון דאָרט איז געווען אַ טייכל, וועלכער מיר, קינדער, האָבן גערופן „ביילקעס ראָוועלע״ און פלעגן גיין אַהין זיך באָדן). ביילקעס מאַן, דער פעטער, האָט שוין דאַן נישט געלעבט, אָבער איר זון און שנור, וועלכע האָבן געהייסן אַש, זענען דאָרט געזעסן. דאָרטן צו פאַרברענגען האָט געהייסן פאַר מיר אַ יום־טוב; עס האָט געהייסן — „מיר גייען היינט אין דער פאָראַווקע, צו דער מומע ביילקע״. צוריק פלעגט מען איינשפּאַנען אַ שליטן, ווינטער, אָדער אַ בריטשקע, זומער — און אונדז אָפּשיקן אַהיים. דאָרט זענען געווען פאַרשיידענע זאַכן, וועלכע איך האָב ליב געהאַט: הינער, פאַרשיידענע פּרוכטן און גרינס, גערטנער, סעדער, קי, פערד און נאָך אַ סך זאַכן, וואָס אין שטוב ביי אונדז איז עס נישט געווען.

אַ פאַמיליע האָבן מיר געהאַט אין זאַבלודאָווע — אַ פאַרצווייגטע: לייבל ליפשיץ, מיכאל ליפשיץ, בן־ציון וואָלפסאָן און נאָך אַ סך. איך ווייס, זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר יחסנים, מ'האָט זיי גערופן „די גאָלדענע פאָן"... פאַרוואָס — ווייס איך נישט. אפשר דערפאַר, וואָס לייבע איז געווען דער שיינער מאַרק־קרעמער, אויך מיכאל דאָס זעלבע. דערצו איז ער גע־ווען אַ בעל־קריאה, און בן־ציון וואָלפסאָן פלעגט צוגרייטן חרוסת אויף פסח, זיך געמאַכט אַזאַ חזקה, און יידן פלעגן גיין צו בן־ציונען ערב־פסח נאָך חרוסת. אַזוי ווי איצט, שטייט ער פאַר מיינע אויגן, מיט זיין „פראַנץ־יאָזעף־בערדל". געוווינט האָבן זיי אויפן מאַרק־פלאַץ פון שטעטל, וואָס אייגנטלעך איז עס געווען דער צענטער פון זאַבלודאָווע. דער מאַרק איז געווען דורכגעשניטן מיט צוויי רייען קראָמען. דערפאַר האָט מען גערופן איינעם „דער גרוי־סער מאַרק" און דעם צווייטן „דער קליינער מאַרק". אויף דעם קליינעם מאַרק, ראָג בילסקער גאַס און הויף־גאַס, האָט זיך געפונען די רוסישע צערקווע און אויפן גרויסן מאַרק, ראָג גראַדנעס גאַס, איז געשטאַנען דער פוילישער קאָשציאָל.

אין מיטן פון די קראָמען, אויפן גרויסן מאַרק, איז געשטאַנען אַ הויז, וואָס האָט גע הערט צום דעמאָלטיקן גביר און חשובן בעל־הבית פון שטאָט, העשל העפנער. נעבן העשל העפנער האָט לייבע ליפשיץ געהאַט זיין געשעפט. שבת פאַרנאַכט פלעגן מיר גיין אין געסט צו לייבע ליפשיץ און איך פלעג דאָרט, צו שלוש־סעודות, הערן די זמירות און שפּעטער פלעג איך אים הערן זינגען: „אליהו־הנביא, אליהו התשבי..." — איך האָב שוין אין מיין לעבן געהערט שענערע געזאַנגען, וועלכע וועלן פאַרגעסן, אָבער לייבעס ניגון פון „אליהו־הנביא, אליהו התשבי", וועל איך שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אין זיין ניגון איז געלעגן אַ שטיק פון יידישן גלות־וויי און בענקשאַפט, נאָך וואָס דאָס גלות־פאָלק האָט געבענקט און געוויי־טיקט...

אין מ'ערב־זייט פון שטאָט, אין דער ריכטונג צו ביאַליסטאָק, ביים ראַנד פון זאַבלודאָ־ווע, איז געווען פאַר אונדז, קינדער, אַ גאַנץ נייע אומבאַקאַנטע וועלט — דאָרט זענען גע־ווען די גאַרבאַרניעס. פרייטיק פאַרנאַכט פלעג איך גיין צו מיינעם אַ חבר, וועמענס עלטערן האָבן געהאַט אַ גרויסע גאַרבערײַ. נישט ווייט פון דאָרט זענען געווען די גלינקעס־גראָבנס, ווו מען פלעגט גראָבן ליים פאַר די ציגעלניעס; דאָרט זענען מיר געפאָרן אין אַ קאַלאָראַד, ווו עס זענען געווען איינגעשפּאַנט פערד, וועלכע פלעגן זיך דרייען אָן אויפהער און גע־שטשקעט דעמבענע קאָרע, וועלכע פלעגט נוצן פאַר די גאַרבאַרניעס. דאָרטן פלעגן מיר דעפּטשען אויפן דעפּטאַק, ווו דאָס פערד פלעגט אָן אויפהער טרעטן און אָן סוף באַוועגן דאָס קיילעכדיקע פאָדלאָגע־ראָד און מיט דעם מאַכן באַוועגן די געוויסע מאַשינען. דעם זעלביקן סיסטעם פון דעפּטאַק, האָבן אויך געהאַט די באַוווסטע זאַבלודאָווער „קאַשניקעס", וועלכע פלעגן מאַכן קאַשע, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין ביאַליסטאָק און אין דער גאַנצער געגנט. דאָרט, הינטערן שטאָט, נעבן די גאַרבאַרניעס — און אויך נעבן דער ווינט־מיל, — האָבן מיר זיסע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט. מיר פלעגן אַרומלויפן, שטיפן, כאַפּן פאַרשיידענע באַ־באַשעפענישן אין וואַסער און אין דער לופט. דאָרט האָבן מיר זיך געפילט זיכער און נישט מורא־געהאַט פאַר די שקצים. — — —

זאָלן מיינע דעראינערונגען דינען פאַר אונדזערע קינדער, וועלכע ווייסן גאַרנישט וואָס דאָס איז, ווי אַ זכר פון זייערע עלטערנס אָפּשטאַם, און גלייכצייטיק ווי אַ באַערונג נאָך דער ליבער יידישער זאַבלודאָווע, וועלכע איז מער נישטאָ...

יאָנאַס טורקאָוו

# צעשע סאַרנאַ (הירשפעלד)

איינע פון די באַגאַבטסטע שוישפילערינס פון דעם יונגן דור איז, בלי ספק, געווען צעשע סאַרנאַ (הירשפעלד). זי איז דערשינען ווי אַ מעטעאָר אויפן יידישן טעאַטער־הימל, איז אָבער שנעל פון דאָרט פאַרשוונדן געוואָרן.

איך האָב זיך מיט איר באַקענט אין יאָר 1921, בעת דער גרינדונג פונעם „יידישן באַ־וועגלעכן דראַמאַטישן טעאַטער". מען האָט מיר פאָרגעשטעלט אַ שיינע, יונגע, רעפּרעזענטאַ־טיווע פרוי פון מיטלוווקס, מיט גרויסע פאַרחלומטע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעשיינט פון אַ קלאַסיש־אויסגעטאָקט פנים, און — אַ קאָפּ מיט קאַשטאַן־רויטע האָר. זי האָט געזאָלט זיין מיין פאַרטנערין אינעם דאָזיקן טעאַטער. צעשע עליאַן האָט זי געהייסן אין פּריוואַט־לעבן, לויטן נאָמען פון איר מאַן.

אין דער טרופּע זענען דעמאָלט געווען: צעשע סאַרנאַ, הדסה העלפגאָט, מרים ווײַדע, האַנקאַ פלאַאום, שלום ציקאָרניק־דאַווידאָוו, מ. מילנער, דינער, לעווענטאַל, אָלעק בערמאַן, שעפּטל און חיים פּרענקעל — דער געשעפטס־פירער. מיר האָבן דאַן געשפּילט אַ געקליבע־



צעשע סאַרנאַ (הירשפעלד)

נעם רעפּערטואַר, פּיעסעס פון שלום־עליכם, שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג, פרץ הירשביין, אָסיפ דימאָוו, לעאָן קאָברין, פישל בימקאָ, אַ. ווייטער, ס. פּשיבישעווסקי, ש. אַנסקי, טשיריקאָוו און אַנדערע.

אונדזער טרופּע האָט אָנגעהויבן אין דאַנציג. סאַרנאַ האָט געשפּילט אַלע הויפּט פּרויען־ראָלן און איך בין געווען איר פּאַרטנער. זי איז געווען אַ שוישפּילערין מיט אַלע מעלות: פּרעכ־טיק שיין פון דער בינע, הויך טאַלאַנטירט און אַ זעלטן־געזעענער טעמפּעראַמענט. צו דעם אַלעם האָט זי געהאַט זייער אַן ערנסטן צוגאַנג צו דער בינע און צו יעדער ראָל, וואָס זי האָט באַקומען. איר „נאַטאַשאַ" אין קאָברינס „דאָרפס־יונג", צי „מייטע" אין „די פּוסטע קרעטש־מע", צי „רייזל" אין דער „נבלה" (ביידע פּיעסעס פון פרץ הירשביין), זענען געווען גלאַנץ־

לייסטונגען, וואָס אַזעלכעס געדענק איך נישט זינט די צייטן פון דער ערשטער „ווילנער־טרופע" מיט דער וואונדערבאַרער סאָניע עלמית אין די זעלביקע ראָלן. סאַרנאַ איז טאַקע גע־ווען אונטערן איינפלוס פון סאָניע עלמיתעס אַרט שפּילן. דאָס האָט איר אָבער נישט גע־שטערט אַרויסצוברענגען אייגענע טענער, וואָס זענען אַדאַנק איר שטים געווען קרעפטיקער און במילא געטרייער צו די געשאַפענע בינע־געשטאַלטן פון די פאָלקס־מיידלעך. זי האָט פאַר־מאָגט אַ מעטאַלענע שטים, מיט וועלכער זי האָט געקענט גוט אָפּעררירן און אַזוי אַרום אַרויס־ברענגען פון די טיף־טראַגישסטע ביז די ווייך־צאַרטסטע טענער.

אונדזערע אויפטריטן אין דאַנציג האָבן נישט געהאַט דעם דערוואַרטן מאַטעריעלן דער־פאָלג. די דאָרטיקע דייטשישע יידן, וואָס האָבן מיט יאָרן שפּעטער, אונטער דער נאַצישער ממשלה, אַליין אַראָפּגעבראַכט און אויסגעהאַלטן אַ יידיש טעאַטער אויף יידיש, האָבן נאָך דעמאָלט נישט אַרויסגעוויזן דעם נייטיקן אינטערעס פאַר יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. קיין גרויסע מזרח־אייראָפּעאישע יידישע עמיגראַציע איז נאָך צו יענער צייט נישט געווען אין דאַנציג, אַזוי אַז ס'איז פּשוט נישט געווען אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן. מיר האָבן דעמאָלט געשפּילט אינעם גרויסן „קייזער ווילהעלם" טעאַטער־זאַל פאַר ליידיקע בענק... און אַרויס־פאָרן פון דאָרט האָבן מיר נישט געקענט, ווייל ס'איז פּשוט נישט געווען אויף הוצאות. סאַרנאַ האָט געקריגן צוגעשיקט געלט פון איר מאַן. ס'האָט אָבער נישט געקלעקט פאַר דער גאַנצער



מיכאל בן ר' זלמן הירש־פעלד, געוועזענער פעלדשער אין זאַבלודאָווע, און זיין פרוי שיינע שרה (האַלפּערן) — עלטערן פון דער הירש־פעלד־משפחה.

טרופּע. איך מוז דאָ, למען האמת דערמאָנען, אַז דער יידישער שרייבער ד"ר ל. זשיטניצקי, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט אין דאַנציג און געאַרבעט אין דאָרטיקן מאַגיסטראַט, האָט אונדז זייער מקרב געווען און נישט איינמאָל אַרויסגעהאָלפן אין אַן עת צרה.

פון דאַנציג — אויפן וועג קיין מזרח־גאַליציע — האָבן מיר געשפּילט אין וולאָצלאַוועק, ריפּין, דאָבזשין, קאָלאָ, קאָנסק, קוטנע, שעדלעץ, לוקאָוו, מעזריטש, ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ, וווּ אונדזער דערפאָלג איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. סאַרנאַן האָט מען ממש געטראָגן אויף די הענט. איר נאָמען איז געוואַקסן פון שטאָט צו שטאָט. אין אַזעלכע קליינע שטעטלעך ווי קאָלאָ, ריפּין, מעזריטש, ביאַלאַ א"א, האָט מען כסדר געמוזט פּראָלאָנגירן אונדזערע אויפ־טריטן. סאַרנאַ האָט זיך, ווי מען זאָגט אין טעאַטער־לשון, „געקויפט אַ ריזן־נאָמען".

יאָרנלאַנג נאָך דעם טורנע, ווען מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן איבער די אַלע שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע איך בין פריער געווען מיט צעשע סאַרנאַ, האָט מען זיך אומעטום נאָכגעפרעגט אויף איר.

דעם וואַנדער־פיבער האָט צעשע סאַרנאַ, ווייזט אויס, געירשנט פון איר פאָטער, וועל־כער האָט אויך, הגם אויף אַן אַנדער אופן, אַרומגעוואַנדערט פון איין אָרט צום צווייטן. איר פאָטער — דער נאָמען פון דער משפחה איז הירשפעלד — האָט זייער אָפט, צוליב דאגות־פרנסה, געמוזט וואַנדערן פון שטעטל צו שטעטל, אָנהייבנדיק פון זאַבלודאָווע, אי־בער וואַשילקאָווע, ביאַליסטאָק, סטוטשין ביז — סטאַוויסקי, לעבן לאָמזשע.

דעם בינע־טאַלאַנט האָט זי און איר יינגערער ברודער זלמן הירשפעלד, לויט אַלע וואַר־שיינלעכקייטן, געירשנט פון דער מוטער, וועלכע האָט געהאַט אַ סך פאָלקס־הומאָר און גע־קענט שיין דערציילן... דער פאָטער איז אויך געווען אַ חסיד פון יידישן טעאַטער.

די הירשפעלדס האָבן געהאַט 4 טעכטער און 2 זין. צעשע איז געבוירן געוואָרן אין זאַבלודאָווע — ביי ביאַליסטאָק; אין יאָר 1912, נאָכן פאָטערס טויט — (ער איז געשטאָרבן אין קעניגסבערג, פרייסן, וווהין ער איז זיך געפאָרן קורירן) — האָט זיך די משפחה פון קליינעם שטעטעלע סטאַוויסק, ווו עס איז געבוירן געוואָרן צעשעס יינגערער ברודער זלמן הירשפעלד, אַריבערגעצויגן קיין לאָדזש.

סיי צעשע, סיי זלמן הירשפעלד האָבן נאָך אַלס קינדער אַרויסגעוויזן באַגאַכונג צו דער בינע. ביידע זענען זיי טאַקע געוואָרן שוישפּילערס.

צעשע האָט נאָכן פאַרענדיקן די עלעמענטאַר־שול, געלערנט פּריוואַט ביי אַ לערער. גלייכ־צייטיק מיט איר אַרבעט אין אַ געשעפט אַלס הוטן־מאָדיסטקע, האָט זי געלערנט טעאַטער־שפּיל ביים דייטש־יידישן רעזשיסאָר איזידאָר לעווי. אירע ערשטע טעאַטער־טריט האָט צעשע




די באַרימטע אַרטיסטן צעשע הירשפעלד־סאַרנאַ מיט אירע דריי שוועסטער — די 2טע פון לינקס אָנגעשפּאַרט אָן דער מצבה פון איר מוטער, אויפן לאָדזשער בית־עלמין.

סאַרנאַ געשטעלט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין דעם לאָדזשער פאַראיין „דראַמע און מוזיק". דאָרט האָבן, צווישן אַנדערע, מיטגעשפּילט הערץ גראָסבאַרד, זלמן זילבערצווייג, יאָ־סעלעוויטש, גורעוויטש און די שוועסטער פונעם אַקטיאָר שמחה נאַטאַן.

דערנאָך איז זי אַריבער אין קאָמפּאַניִיעצעס טרופּע, ווו זי האָט געשפּילט בלויז אין די דראַמאַטישע אויפפירונגען. פון לאָדזש איז סאַרנאַ אַנגאַזשירט געוואָרן קיין גאַליציע, ווו זי

האָט געשפּילט אין די טרופּעס פון קאַרל עבעל, גלימער, איצקאָוויטש, האַרט אאַ״וו, ביז זי איז אַנגאַזשירט געוואָרן אינעם ניי־געשאַפענעם יידישן דראַמאַטישן „באַוועגלעכן טעאַטער״.

אונטערן דרוק פון איר מאַן האָט זי, נאָך אַ לאַנגן אינערלעכן קאַמף, פאַרלאָזט די בינע, הגם פון צייט צו צייט האָט זי נאָך געשפּילט פּראָפעסיאָנעל־טעאַטער: אַ קורצע צייט ביי מיר, אין קראָקעווער יידישן געזעלשאַפטלעכן טעאַטער; שפּעטער, צוזאַמען מיט איר מאַן, וועלכער האָט אויך געהאַט סצענישע פעאיקייטן, אין ווילנע. אין יאָר 1930 האָט זי נאָך געשפּילט אין מיין טרופּע אין לובלין און פון דאָרט — מיטגעמאַכט דעם טורנע איבער וואָלין, ווו מיר האָבן געשפּילט ד״ר ציפורס „אויפשטאַנד״. זי האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין דער ראָל פון „מאַגדאַ״. די טרופּע איז דעמאָלט באַשטאַנען פון סאַרנאַ, רות קאַליש, לידיאַ ליס, (ביידע אומגעקומען בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע), דוד שערמאַן, לייב לערנער, לע־װענשטיין, יוסף פּאַסמאַניק, יצחק זיגער, עליאַן און דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

מיט דעם טורנע האָט די ביז־גאָר באַגאַבטע שוישפּילערין צעשע סאַרנאַ פּאַקטיש פאַר־ענדיקט איר קאַריערע אַלס פּראָפעסיאָנעלע שוישפּילערין. זי האָט זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין איר מאַנס היימשטאָט ריישע און דאָרט אויפגעטראָטן אינעם דראַמ׳־קרייז „די בינע״, וואָס האָט אַראָפּגעבראַכט אַהין פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן אויפצופירן מיט זיי פאַרשיידענע פּיעסעס.

די לעצטע יאָרן פאַרן קריג איז סאַרנאַ געוואָרן רעזשיסאָרין פונעם ריישער דראַמאַטישן קרייז און אויפגעפירט אינעם גרויסן זאַל פונעם יידישן שפּיטאָל דעם „אויפשטאַנד״ פון ד״ר ציפור און אַנדערע פּיעסן, זי האָט אויך איינגעשטעלט אייניקע רעוויעס.

ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן אַ לעבנגעבליבענער מיטגליד פון דער ריישער „בינע״ שלמה ווידער, האָט סאַרנאַ אַרויסגעוויזן פיינע רעזשי־פעאיקייטן און יעדע אויפפירונג אירע איז געווען אַ דערפרישונג אין שטאָט. אירע אויפפירונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט קול־טור און געשמאַק, זי האָט אויך מיטגעשפּילט מיטן דראַמאַטישן קרייז. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז עס איז אויסגעבראָכן די לעצטע מלחמה־זאַווערוכע און די שיינע אַרבעט, מיט וועלכע זי האָט אָנגעפירט איז איבערגעריסן געוואָרן. איר מאַן, עליאַן, איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, פון וואַנען ער האָט זיך געראַטעוועט קיין ישראל. צעשע איז פאַרבליבן ביי די דייטשן און דורכגעמאַכט דעם גאַנצן גרויל פון דער נאַצישער אָקופּאַציע.

אין יאָר 1942 האָט איר ברודער זלמן הירשפעלד, דערהאַלטן אין בוענאָס איירעס אַ קאַרטל פון איר, פון ריישער געטאָ. זי האָט געבעטן אַ שפּייז־פּעקל. דאָס איז געווען די לעצ־טע ידיעה פון איר.

פון דער גאַנצער הירשפעלד־משפחה, האָבן זיך געראַטעוועט אירע צוויי ברידער. איינער זאב אין ישראל און דער שוישפּילער זלמן הירשפעלד, וועלכער איז נאָך פאַר דער מלחמה אַוועק צוזאַמען מיט זיין פרוי, דער שוישפּילערין אסתר ראַפּעל (פון דער באַקאַנטער טעאַ־טער־משפחה) קיין בוענאָס איירעס; און — די יינגערע שוועסטער פעליאַ, וואָס איז פון לאָדזשער געטאָ אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים און על פּי נס זיך געראַטעוועט (איצט איז זי אין ישראל).

צעשע סאַרנאַ, מיין ערשטע בינע־פּאַרטנערין און מיין טייערער האַרציקער קאָלעגין, איז ליידער נישט באַשערט געווען צו דערלעבן די באַפרייאונג. זי האָט געטיילט דעם גורל פון כמעט אַלע יידן פון ריישער געטאָ. זי איז אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע תלינים.

2) טער באַנד „פאַרלאָשענע שטערן״ (96), „ביכער־סעריע — דאָס פוילישע יידנטום״ — בוענאָס איירעס)

ליפא רובין

# די קינדערשע יאָרן

(דעם אָנדענק פון מיין זעליקן פאָטער)

אַ קליין געמיטלעך הילצערנע הייזקע, ריין אויפגעראַמט, דער דיל מיט געלן זאַמד אויס־געשאָטן. דרויסן, פאַרן הויז, אַ שטיינערנער בריקל, ביים זייט אַ לענגלעכע באַנק. אַנטקעגן אַ גרויסע הויכע צערקווע מיט ריזיקע גלאָקן, וואָס פלעגן אַריינברענגען אַן אומעט און בענק־שאַפט אין אונדזערע קינדערשע הערצער מיט זיין טרויעריקן בים־באַם.

אַרום שיינעביימער, וואָס פלעגן רוישן אַזוי סודותפול מיט זייערע צווייגן און בלע־טער... אין אַזאַ סביבה האָב איך דעם ערשטן מאָל די וועלט דערזען, און דאָ האָב איך מיין קינדהייט פאַרבראַכט. זייער קורץ איז אָבער די קינדהייט ביי אַ קינד אין אַ קליין יידיש שטעטל, ביי שטרענג פרומע עלטערן. הייבט ער נאָר אָן עפּעס צו פאַרשטיין און צו פילן, ווערט ער אַ ייד מיט אַלע פליכטן אויף זיך, מיט אַלע זאָרגן און דאגות, וואָס אַ ייד טראָגט אויף זיך פון דור דורות.

איינגעבויגן איבערן טיש איבער אַ גרויסער גמרא, פאַר אַ קליין לעמפּל ביז שפּעט אין דער נאַכט, פלעגט זיך הערן דער טרויעריקער גמרא־ניגון פון מיין פאָטער, אַ ניגון פון אור־מעט און צער... וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס גאַנצע לעבן, מיט זיינע אַלע קלייניקייטן, מיט זיין יאָגעניש און לויפעניש, מיט זיין קנאה און שנאה, קעגן דאָס שיינע ליכטיקע אמתע לעבן, וואָס וועט קומען ערשט שפּעטער, און וואָס מען דאַרף ערשט זוכה זיין צו דעם... די וועלט איז דאָך נישט מער ווי אַ פּרוזדור, אַ פאַרהויז צו יענער גרויסער, ליכטיקער שיינער וועלט, ווו מען וועט האָבן פון כל־טוב און עס וועט זיין אַן אייביקער יום־טוב, אַ „יום שכולו טוב“.

נאָך נישט קיין פולע פינף יאָר בין איך דאַן אַלט געווען, ווען איין מאָל, אין אַ רעגנ־דיקן און קאַלטן האַרבסט־טאָג האָט מיך מיין באָבע אַרומגעוויקלט מיט אַ גרויסן שאַל (די מאַמע איז געווען פאַרנומען אין קראָם) אַרונטערגעשטופּט אַ פרישן קוכן אונטער דער פאָלע, כדי די קלענערע קינדער זאָלן נישט זען און אַוועקגעפירט מיך צו ר' ניסן דעם מלמד אין חדר... אַ נידעריקע, האַלב־איינגעפאַלענע הייזקע, די פענצטערלעך נאָענט צום דיל, אַ לאַנגער הילצערנער טיש, מיט צוויי לאַנגע בענק ביי די זייטן, אָט דאָס איז געווען דער חדר! אַ פאָר צענדליק קינדער זענען געלעגן אָדער געזעסן, ווער אויפן דיל, ווער אויפן טיש אָדער אויף די בענק און זיך געביטן מיט די צאַצקעס, וואָס זיי האָבן געהאַט. דער רבי ר' ניסן, אַ נידע־ריקער, זשוואַווער ייד, מיט אַ לאַנגער באָרד, שטענדיק מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, די אונ־טערשטע ליפּ אַ ביסל אַראָפּגעהאַנגען פון שטענדיקן שמייכלען, האָט מיך אַוועקגעזעצט נעבן זיך ביי אַ גרויסן אלף־בית, און גענומען לערנען מיט מיר, — אַ גראָשן איז באַלד אַרונטער־געפאַלן אויפן אלף־בית. „דאָס וואַרפט דער מלאך פאַר דיר, דו זאָלסט לערנען מיט חשק“, האָט מיר דערקלערט דער רבי, און „אַ ייד זאָלסטו זיין, מיין קינד, זיין פרום צו גאָט, פאָלגן טאַטע־מאַמע, און פאָלגן, וואָס אַלע גוטע און פרומע לייט הייסן“.

אָבער עס איז נישט אַזוי לייכט אויסצופאָלגן אַלעס פאַר אַ קינד, עפּעס אַזוי פיל „מען טאָר נישטס“: מען טאָר נישט אַרומלויפן איבער די גאַסן, מען טאָר נישט גיין אין וואַלד, זינגען, מען טאָר נישט פייפן, מען טאָר נישט הויך לאַכן, מען טאָר נישט... ווייל וואָס איז

די שמחה מיט אַ יידן, יידן זענען אין גלות און דאַרפן זיין שטיל און פאַרטרויערט. אָבער דער גרויסער און געדיכטער וואַלד ווינקט און רופט צו זיך. עס איז עפּעס אַזוי מחיהדיק שטיל דאָרט, און עס ווילט זיך אויסציען אויפן רוקן, און ליגן לאַנג, לאַנג... און די גרויסע שיינע סעדער, וואָס זענען פול מיט עפּל און באַרנעס, און די לאַנגע גערטנער מיט די אַלע צעוואַקסענע גרינסן, וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויג... און איך בין זיך מודה, אַז זייער, זייער שווער איז מיר אָנגעקומען בייצוקומען דעם יצר־הרע. נישט איין מאָל בין איך נכשל געוואָרן און פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל אין וואַלד, אַמאָל אין אַ סאָד אָדער אין אַ גאָרטן, און נישט איין שפּיצל אָפּגעטאָן אין בית־המדרש, דעם פּרוש, אָדער אַזוי אַ יידן אַ לערנער, ווען אים פלעגט זיך פאַרוועלן כאַפּן אַ דרימל ביים סטענדער... איך און נאָך קונדייסים פלעגן צו־בינדן אַ פוס צום סטענדער, אָדער דערלאַנגען מיט אַ האַנטוך אין קאָפּ, אַזוי אַז ער זאָל נישט וויסן פון וואַנען עס קומט אָדער פאַרבינדן דעם אַרבל פון פאַלטאָ, און נאָך אַזוינע שפּיצלעך וואָס נישט איין מאָל פלעגט מען קריגן אָנגעבראָכן די ביינער דערפאַר.

אָבער עס איז געווען אַזוי פיל שפּאַס, עס האָט זיך אַזוי געוואָלט לאַכן פון די אַלע שפּיצלעך און קיין זאַך האָט נישט אָפּגעהאַלטן. און מאַנכעס מאָל, נאָך אַ פאַרציע מוסר פון דער מאַמען און נאָך אַ בייזן קוק פון טאַטן, פלעגט זיך פילן עפּעס אַ חרטה אויף די „ווילדע שטיק" ווי די מאַמע פלעגט עס אָנרופן. און פילנדיק זיך זינדיק, פלעג איך נעמען דאָס קליינע תהילימל, וואָס איך האָב זיך איינגעשאַפּט און אַוועקגיין אין בית־המדרש און זאָגן מיט גרויס התמדה און דאַן פלעגט זיך פילן עפּעס אַזוי לייכט און גוט, גלויבנדיק, אַז גאָט האָט געוויס אַלץ פאַרגעבן...



שמואל ליפשיץ

# איינגאַרטיקע זאַבלודאָווער יחידים

## אַלטער דער שערער

אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַלטער דער שערער. עס איז נישטאָ קיין איין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וווּ אַלטער זאָל נישט זיין פּאַרטראָטן און נישט נעמען אין איר אָנטייל, אַלע מאָל דער זעלבער. אַלטער איז שטענדיק יונג, מיט זיין שמייכל אויפן פּנים, קוקט אַלטער אויף יעדן איינעם מיט ליבלעכקייט. קיינער האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געזען, ער זאָל זיין ווען עס איז אין כעס. גוט ווי אַ קליין קינד און צוגעלאָזן צו יעדן איינעם.

פאַר דער אַרעמער באַפעלקערונג פון זאַבלודאָווע, איז אַלטער פשוט זייער גאַנצער רעטער. האָט אימיצער אַ ביטער הארץ. גיסט ער דאָס אויס פאַר אַלטער דעם שערער, דאַרף עמיצנס אַ זון שטייז צום פּריזיוו, גייט מען צו אַלטערן זיך מישב זיין, פרעגן אַן עצה, און אַלטער האָט פאַר יעדן איינעם אַ גוט וואָרט, אַן עצה. און יענער גייט שוין אַוועק פון אים אַ צופרידענער, און ווער רעדט נאָך, אַז מען דאַרף שרייבן אַ בריוו קיין אַמעריקע, איז דע־מאָלט גיט מען זיך אַן אַלטערן נישט אַ ריר. סיי דעם בריוו שרייבן, און סיי דעם אַדרעס, פאַרלאָזט מען זיך אינגאַנצן אויף אים.

ביי אַלטערן איז די בריוו שרייבן מיט די אַדרעסן די אנגעעמסטע באַשעפטיקונג, ער וועט אוועקוואַרפן אַלע אַרבעטן, ווען מען קומט צו אים מיט אַ בריוו אָדער אַ ביטע. און טאָ־מער טרעפט, אַז איינער האָט קרובים אין אַמעריקע, נאָר ער פוילט זיך גלאַט שרייבן, אָדער ער ווייסט נישט דעם אַדרעס, און אַז אַלטער דערוויסט זיך, הייבט ער אָן יענעם מוסרן: פע, אַ חרפה! האָסט דאָך פריינט אין אַמעריקע, פאַרוואָס זאָלסטו נישט שרייבן? איך וועל שוין אַליין שרייבן פאַר דיר, איך וועל זיי שוין דאָרט אויפזוכן. און אַלטער האַלט וואָרט: ער שרייבט פאַר יענעם און בעט פאַר יענעם פונקט ווי פאַר זיך אַליין. און אין אַ צייט אַרום ווערט טאַקע יענער געהאָלפן מיט אַ בריוו, אָדער מיט אַ פאַר דאָלאַר.

אַלטער קען גאַנץ אַמעריקע, מיר דוכט זיך, אַז ווען אַלטער וואָלט געווען אין אַמעריקע, וואָלט ער דאָרט נישט פאַרבלאָנדזשעט. יעדער סטריט און יע־ייר נומער פון די הייזער איז אים אַזוי גוט באַקאַנט אַזוי ווי אין זאַבלודאָווע, און ווער רעדט נאָך די מענטשן. אַ סך זע־נען פון זיי דאָ אין אַמעריקע, וואָס דורך אַלטערס הילף אָדער דורך אַלטערס עצה זענען זיי אַוועקגעפאָרן.

פיל זענען דאָרט דאָ פון זיינע אַמאָליקע חברים. די אַדרעסן קען אַלטער אַלע אויף אויסנווייניק. ער דאַרף נישט זוכן אין פאַפירן, נאָר גענומען אַ בריוו און אָנטועענדיק די ברילן, שרייבט אַלטער גלייך אויף דעם אַדרעס מיטן נומער. ווען אַ זייטיקער שטייט דער־ביי, וווּנדערט ער זיך: כ׳האָב מורא ר׳ אַלטער, עס וועט נישט אָנקומען... אַלטער שמייכלט: עס וועט זיין אין אָרדענונג: ער איז זיכער ביי זיך, זיינס אַ בריוו, איז נאָך קיינמאָל נישט פאַרפאַלן געוואָרן.

איך געדענק פון גאָר אַמאָל, ווען אַלטער דער שערער, האָט געוווינט אין ביאַליסטאָקער גאַס אין דער קליינער שטיבעלע. וויפל דעראינערונגען דערמאָן איך זיך פון יענער צייט. עס איז נאָך געווען אין פינפטן יאָר אין סאַמע ברען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס

האָט זיך דאַן נישט אָפּגעטאָן ביי אַלטערן אין שטיבל? וויפל בחורים ס׳זענען געווען אין שטעטל זענען אַלע געווען ביי אַלטערן, און ביי אים פלעגט מען זיך פילן היימיש, אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים. האָט זיך אַ בחור צעקריגט מיטן טאַטן און פלעגט פאַרפאַלן ווערן פון שטוב, האָט מען געוווסט, אַז ביי אַלטערן איז דער אָרט.

מען פלעגט זיך קומען ביי אים נישט אַזוי שערן, ראַזירן, ווי זיך גלאָט זיצן. דאָרט איז שטענדיק געווען פריילעך, פון דאמקעס און שאַכן און וואָס פאַר אַ שפּיל איר ווילט נאָר, האָט מען ביי אַלטערן געפונען. וויפל בחורים זענען געוואָרן באַוווסטזיניק און אָנגעהויבן לייענען אַ צייטונג אַ דאַנק אַלטערס ראַזור־ע.

אַלטער אַליין פלעגט דערציילן, אַז אַמאָל איז ער געווען אַ לערער פון יידיש, און וויפל קינדער און בחורים האָבן זיך אויסגעלערנט יידיש שרייבן און לייענען, אַ דאַנק אַלטערן! פריילעך פלעגט זיין ביי אַלטערן, אַן ערב פסח אָדער אַזוי אַן ערב יום־טוב. דעמאָלט פלעגט מען שוין אין שטיבל ביי אים נישט קענען אַריינגיין. פול איז געווען, אויף טיש און אויף בענק. און גאַנץ ביאַליסטאָקער גאַס, פלעגט זיין שוואַרץ פון בחורים, וואָס פלעגן שטיין און וואַרטן אויף אַ „אָטשערעד”, אַנדערע פלעגן דאָרט צונעכטיקן, אַזוי פיל איז דאַן געווען, און קיינער האָט נישט געהאַט די העזה צו זאָגן, אַז מען דאַרף האָבן נאָך אַ ראַזירער, סטייטש, און וואָס וועט טאָן אַלטער! פלעגט מען וועלן אַ גלאָז טיי, האָט מען געוווסט, אַז קיין בעסערע טיי ווי ביי אַלטערן איז אין ערגעץ נישטאָ. און מאַכן די טיי פלעגט מען מאַכן אַליין. מען האָט שוין געוווסט דעם אָרט פון יעדער זאַך. איינער האָט אַראָפּגענומען דעם סאַמאָוואַר, פון פּאָליצע, דער אַנדערער האָט געבראַכט וואַסער, אויפגעבלאָזן קוילן און עס איז שוין דאָ טיי. האָבן זיך בחורים אַמאָל געוואָלט אַביסל אַ שטיף טאָן, זיך מאַכן פריילעך, איז ביי אַלטערן געווען דער אָרט. מען פלעגט אים נישט פרעגן צי ער וויל, צי ער וויל נישט...

אָבער עס איז שוין נישטאָ די אַמאָליקע יוגנט. נישטאָ אַמאָליקע פריילעכקייטן ביי אַלטערן. איבער אַלע ימים זענען זיי צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן. און ביזן היינטיקן טאָג, פאַרגעסט מען נישט אַלטערן. זיי ווייסן, ווי ליב און טייער ער איז פאַר זיי, וויפל זכרונות עס זענען פאַרבונדן צווישן זיי און אים. אנגענעמע, אינטימע זכרונות וואָס וועלן פאַרבלייבן ביז דעם לעצטן אָטעם־הויך.

---

# אסתר חיה די זאָגערין

קומט נאָר ראש חודש אלול, גייט אסתר חיה די זאָגערין אַרויף אויף דער סצענע. אַ גאַנץ יאָר זעט מען איר נישט אָן, זי איז אַ שטילע באַשיידענע יידענע, מיט אַן איינגעשרומפּן פּנים, שטענדיק מיט אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ סיי זומער און סיי ווינטער. דער פּנים מיט דער קלייד, איז פון איין קאָליר — זאַמד־קאָליר. ווען איר זאָלט איר נישט באַגעגענען, שעפּטשען אירע ליפּן אַ תפילה. זי האָט קיינמאָל קיין צייט. שטענדיק איז זי פאַרנומען. דאָ באַקט זי ברויט אויף צו פאַרקויפן, דאָ דאַרף זי אַכטונג געבן אויף איר קראַנקן מאַן, וואָס איז שמש פון דער אַלטער שול, און גלייכצייטיק אויך אַ מצבה־קריצער, אָדער זי לויפט גאָר אין בית־מדרש כאַפּן אַ מנחה, און ווער רעדט נאָך אַ קדושה, אַ קליינינקייט! יעדער קדושה 10 זלאָטעס...

אָבער ווער איז צו איר גלייך ראש חודש אלול, דעמאָלט איז זי די העלדן פון טאָג. יעדע מינוט איז ביי איר מיט גאָלד צוגלייך. ווייבער שטייען און וואַרטן אויף איר אַזוי ווי אויף דער גרעסטער פּערזענלעכקייט, דאָס איז זי די זאָגערין פאַר דער גאַנצער שטאָט אויפן הייליקן אָרט. און נישט נאָר פאַר זאַבלודאָווער אַליין, נאָר אפילו פאַר פרעמדע, וואָס קומען אויף קבר אבות, קענען איר שוין. ווער ווייסט דאָס נישט, אַז מיט איר זאָגן קען זי רירן אַ שטיין פון גרוב. קיי־

נער קען נישט זיין גלייכגילטיק צו איר זאָגן, אַפילו מאַנסבילן. ס׳זענען שוין געווען אַזוינע לצים, וואָס האָבן זיך געוואָלט וועטן, אַז בעת „זי וועט זאָגן" וועלן זיי שטיין און לאַכן. אָבער קיינער האָט דאָס נישט געקענט באַווייזן. עס האָט זיי אַזוי צענומען, אַז זיי האָבן פאַרגאָסן טייכן טרערן.

גייט אַ געווינערין שווער צו קינד, אָדער גלאַט אַ חולה מסוכן, לויפט מען באַלד צו אסתר חיה די זאָגערין, זי זאָל לויפן אויפן הייליקן אָרט, מיט אסתר חיהן דאַרף מען קיין סך נישט ריידן, זי ווייס שוין וואָס זי האָט צו טאָן... נישקשה, מען מעג זיך אויף איר פאַרלאָזן... זי נעמט שוין מיט אַלע פריפאַסן, וואָס מען דאַרף האָבן, אַ שטייגער ליכט און קנייטלעך אויף מעסטן קברים, און אַ דאַנק גאָט, דעם חולה אָדער דער געווינערין, ווערט אַ סך בעסער.

ימים־נוראים־צייט איז גאָר אַנדערש, דעמאָלט שאַפט זיך ביי איר אַ נייער קוואַל פון ווערטער וואָס אַ פען איז גאָר נישט אומשטאַנד אַרומצושרייבן.

באַלד פון באַגינען ערב די ימים־נוראים, וועט איר זען אַזאַ מין בילד: אַ גאַנצע מחנה ווייבער, און פאָרויס אסתר חיה די זאָגערין מיט דער תחינה, לאָזן זיך גיין גלייך אויפן הייליקן אָרט. דער וועג צום בית־עולם איז נישט ווייט פון שטעטל, און אסתר חיה אָריינקומענדיק



אסתר חיה (די זאָגערין) מיט איר מוטער און מאַן דוד, שמש פון דער אַלטער היסטאָרישער שול, און משפחה.

דאָרטן, פילט זיך באַלד היימיש, באַקאַנטע מענטשן...! — „גוט מאָרגן, גאָט — הייבט זי אָן מיט אַ טרויעריקן ניגון, — דיין דינסט אסתר־חיה איז געקומען"... און צוגייענדיק צו אַ קבר, גיט זי פריער אַ קוק אויף יענער, פאַר וועמען זי דאַרף בעטן, און ווערטער הייבן אָן ביי איר פלייצן, ווי פון אַ קוואַל.

צוערשט רופט זי אָן דעם נאָמען פון דער פאַרשטאָרבענער און קלאַפּט דריי מאָל מיט דער האַנט אויפן קבר, און רעדט צו איר ווי צו אַ לעבעדיקער: „גוט מאָרגן, דיר, ריבה מינדל בת יעקב צבי, דיין טאָכטער שרה רבקה איז געקומען, זי וויל זיך מיט דיר זען און אויסגיסן פאַר דיר איר ביטער האַרץ. גיב אַ קוק, ריבה מינדל וואָס פון דיין טאָכטער איז געוואָרן, ווען דו וואָלסט איצט אויפשטיין און זען וואָס פון דיין טאָכטער איז געוואָרן, וואָלסטו צוריק זיך געלייגט אין קבר. בעט אויס, ריבה מינדעלע, פאַר דיין טאָכטער אַ גוט יאָר, און אַ כשר

יאָר, זי זאָל נישט וויסן פון קיין שלעכטס, זע באַמי זיך פאַר איר, פאַרוואָס שווייגסטו? פאַר־וואָס באַמיסטו זיך נישט פאָרן רבונו של עולם?

שוין פינף יאָר נאָך דער חתונה און זי איז פאַר קיין יידיש קינד געדאַכט נאָך אַלץ אַן עקרה. שווייג נישט, ריבה מינדל, שפּאַלט הימלען, בעט דעם רבונו של עולם פאַר איר און פאָרן כלל ישראל וואָס שטייט אויס איצט אַזעלכע ביטערע צרות, און בזכות הזה וועסטו אַריין אין גן־עדן, ונאמר אמן.״

אָדער אין אַזאַ נוסח: „ווי קענסטו איינליגן אין דער צייט, ווען דיין טאָכטער דאַרף האָבן געזונט און פרנסה, זע באַמי זיך פאַר איר, בעט דעם רבונו של עולם, ביסט דאָך עפּעס נענ־טער צו אים, ווי מיר זינדיקע מענטשן, זיי אַ גוטער מליץ־יושר פאַר איר און פאַר כלל ישראל, ונאמר אמן.״

און נאָך און נאָך... רייד אָן אָן אויפהער, די זייטיקע, וואָס שטייען דערביי, הערן זיך איין, ווי זי זאָגט, און אַלע ווילע ווישן זיי די אויגן, און יעדער איינער בענטשט איר אָן אַ פולע קאָפּ.

ווען אסתר חיה ענדיקט זאָגן, גלייכט זי אויס דעם רוקן, נעמט צו די פּאָר גראָשן, וואָס מ׳גיט איר, און אַ שמייכל צעגיסט זיך איבער אירע ליפּן, ווי איינער זאָגט: איך קען די אַר־בעט, וואָס זאָגט איר?

די לעצטע צייט איז אסתר חיה די זאָגערין פאַרנומען אין מיטן יאָר אויך מיט זאָגן: אָדער עס קומט צו פאָרן אַן אַמעריקאַנער פון יענער זייט ים זיך זען מיט זיינע עלטערן אויפן עולם האמת, קומט ער צו אסתר חיהן, אָדער זי קריגט באַשטעלונגען פון אַמעריקע, צוגעשיקט דורך בריוו פאַר דעם און פאַר יענעם, און אסתר חיה טוט איר אַרבעט בשלימות, ווען זי בעט פאַר אַן אַמעריקאַנער קומט דאָס גאָר אַנדערש ביי איר אַרויס. זי ווייזט אַרויס איר אמתן טאַלאַנט. פאַר איר עקזיסטירט נישט דאַן דער ווייטער ברייטער ים, וואָס שיידט אָפּ אַמע־ריקע פון זאַבלודאָווע, עס ווערט דאַן ביי איר איין שטאָט... און נאָכהער אין אַ בריוו, שיקט זי יענעם צו אַ גרוס פון זיינע ליבע און טייערע. מען באַצאָלט איר אָרנטלעך דערפאַר.

און אַזוי יאָר איין, יאָר אויס, אַלע מאָל מיט דעם אַלט־באַקאַנטן נוסח, וואָס איז אונדז אַלעמען אַזוי באַקאַנט און גלייכצייטיק אויך ליב.

---



אליהו געלערשטיין

# פאַרלוירענע וועלטן...

**די ערשטע תבואה־סוחרים און אָרגאַניזירער פון דער קאַשע־פּראָדוקציע. — דער גרינדער פון דער תלמוד־תורה און פון חברה לומדי משניות**

אַמאָל איז געווען אַ קליין שטעטעלע, וואָס האָט זיך גערופן זאַבלודאָווע... זי האָט פאַרנומען בלויז אַ קליין פּינטעלע אויף דער וועלט־מאַפּע. ערגעץ ביי די ערשטע ברעגן פון די פּאָליעסער וועלדער, האָבן מיט אַ אַכט הונדערט יאָר צוריק פאַרבלאָנדזשעט איניקע וואַנדערנדיקע יידן פונעם מערב, און האָבן דאָרט אָנגעהויבן בויען אַ ישוב. מעגלעך אַז דערפאַר — איז דער נאָמען פון אָרט אָנגערופן געוואָרן זאַבלודאָווע — פון סלאַווישן וואָרט „זאַבלודיל" (פאַרבלאָנדזשעט).

ס׳קען אויך זיין, אַז זאַבלודאָווע האָט זיך געשאַפן צוליב דעם פאַקט, וואָס איינער פון



משה חיים געלערשטיין



באַשקע געלערשטיין

די גרויסע פירשטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין פאַריז, האָט פאַר אַ גרויסער סומע געלט, געגעבן די קאָנצעסיע איינעם, אָדער עטלעכע יידן, צו קענען עקספּלואַטירן די גרויסע וועלדער, בכדי אַרויסצונעמען טערפּענטין פון די וואָרצלען פון די אַלטע ביימער, און אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז געשאַפן אַ ישוב.

ס׳איז וויכטיק צו דערמאָנען צוויי פאַקטן, וואָס באַווייזן בולט, אַז זאַבלודאָווע איז איינע פון די ערשטע יידישע ישובים אין פּאָליעסער געגנט.

מיר געפינען צ. ב. אין די ווערק פון אייניקע היסטאָריקער, וועלכע באַהויפּטן, אַז זאַבלודאָווע, זעלווע און טיקטין, זענען געווען פון די ערשטע שטעט, ווו ס׳זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די זיצונגען פון דעם „וועד מדינת ליטע״ (דער יידישער פּאַרלאַמענט אין יענער צייט).

דער צווייטער פאַקט איז דער — וואָס ביאַליסטאָק האָט זיך אָנגעהויבן בויען פיל שפּעטער. אין די אַלטע פּנקסים, געפינען מיר ווי ס׳שטייט געשריבן „ביאַליסטאָק הסמוכה לזאַבלודאָווע״.

אַמבעסטן באַשטעטיקט דעם פאַקט די אַלטע דורך היטלערן פאַרברענטע שול. די באַרימטע זאַבלודאָווער שול, איז געווען אַלט קרוב צו 600 יאָר. אויסצובויען אַ שול מיט אַזאַ פאַרנעם, און אין עכטן גאָטישן סטיל, האָט אַ ישוב אַמווייניקסטן געמוזט זיך אַנטוויקלען כאָטש אַ 200 יאָר, איידער זיין ביכולת צו נעמען בויען אַזאַ שול.

ווי איך האָב אַרויסבאַקומען פון אַלטע מקורים, איז די ערשטע גרינדונג פון שטעטל געווען נאָענט צום דאָרף פּאַדוואָרקע, נאָר שפּעטער — אומבאַקאַנט צוליב וואָס פאַר אַ סיבות האָט דער פּריץ אָפּגעטיילט אַ שטיק ערד, וואָס נעמט אַרום דעם פּלאַץ פון טייך ביז די גלינקעס, און האָט געהייסן די יידן דאָרט בויען זייער ישוב צוזאַמען מיט דער שול, מיטן בית־עולם און אַלע אַנדערע זאַכן, אַזאַ מין סאָרט „געטאָ״. אַזוי האָט דאָס קליינע שטעטעלע אָנגעהויבן וואַקסן און מיט דער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ קליינע אינדוסטריע. אַזוי איז זי געוואַקסן און זיך צוזאַמענגעלעבט מיט דער אַרומיקער פּוילישער פּויערים־באַפעלקערונג.

געוויס זענען נאָך פאַראַן, צעשפּרייט איבער דער וועלט, אַלטע זאַבלודאָווער יידן וואָס געדענקען נאָך גוט די פאַמיליע משה חיים געלערשטיין, וואָס האָט פאַרמאָגט די איינציקע געמויערטע קראָם, אין דעם ראַד קראָמען אינמיטן דעם שטעטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם קליינעם מאַרקפּלאַץ פון דעם גרויסן מאַרקפּלאַץ. דאָס האָט נאָך דער עלטער־עלטער־זיידע פון די געלערשטיינס אָפּגעקויפט ביי אַן אַלטן ליטווישן גענעראַל, וואָס איך, אַן אור־אור־אייניקל האָב געפונען אינעם אַלטן פאַמיליע־אַרכיוו אַ דאָקומענט פונעם פאַרקויף — דאַטירט פונעם יאָר 1712 און אונטערגעשריבן פון דעם ליטווישן גענעראַל.

די פאַמיליע געלערשטיין האָט געהאַט זייער אַן אַלטע פאַרגאַנגענהייט אין שטעטל. זי האָט זיך פאַרנומען מיטן פאַרקויף פון צוקער, זאַלץ און גאַזע, נאָר דער הויפּט־מסחר אירער איז געווען תבואה.

די ערשטע דיסטאַנץ, מיט וועלכער מיינע עלטער־זיידעס האָבן געפירט גרויסהאַנדל איז געווען בריסק־זאַבלודאָווע. ליפקע קאָזשינערס פאָטער, ס׳הייסט דער אַלטער יצחק קאָזשינער, פלעגט צושטעלן הונדערטער פורן און מיינע זיידעס פלעגן אַזוי אַרום ברענגען קיין זאַבלודאָווע פולע פורן מיט גריקע, האָבער, גערשטן און אַנדערע תבואות, וואָס בריסק פלעגט באַקומען פון די רייכע וואָלינער פעלדער. אין שטעטל איז געווען נאָך אַ פאַמיליע פריידקעס, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן זעלבן תבואה־האַנדל. אין זאַבלודאָווע פלעגט פון די תבואות געמאַכט ווערן קאַשע און די קאַשע פלעגט עקספּאָרטירט ווערן אין די מערב־לענדער, ספּעציעל קיין דייטשלאַנד. און אַזוי ווי ס׳איז נאָך דאַן נישט געווען קיין באַנען, פלעגן די איינציקע טראַנספּאָרט־מיטלען זיין דורך וועגענער אָדער דורכן וואַסער.

אָט דער פאַנאַנדערגעצווייגטער תבואה־האַנדל האָט גורם געווען דערצו, אַז אין זאַבלודאָווע זאָל זיך פאַנאַנדערבליען אַ גרויסע קאַשע־אינדוסטריע, וואָס איז מיט דער צייט באַרימט געוואָרן ווייט איבער די גרענעצן פון מערב־ווייסרוסלאַנד. דאָס קען באַשטעטיקן דער פאַקט, וואָס אין דער גרויסער רוסישער ענציקלאָפּעדיע איז באַצייכנט די שטאָט זאַבלודאָווע — ווי די שטאָט פון דער קאַשע־אינדוסטריע.

אַזוי האָבן דורות־לאַנג די געלערשטיינס אַנטוויקלט דעם תבואה־האַנדל און די קאשע־אינדוסטריע אין זאַבלודאָווע. און מיין פאָטער, משה חיים געלערשטיין, האָט פאָרגעזעצט די משפחה־טראַדיציעס אין אַלע פרטים. ער איז נאָך פאַר זיין צייט אויך געווען דער צושטעלער פון די וואַגאָנען גריקע, האָבער און גערשטן, וואָס ער האָט געליפערט פאַר די קאַשניקעס.

אַזוי האָט מיין עלטער־זיידע, פאָרנדיק אין בריסק נאָך תבואה, אויך איינגעהאַנדלט פאַר זיין איינציקער טאָכטער אַ יונגנמאַן. אָט דער יונגערמאַן, ס׳הייסט מיין זיידע, איז געווען פין גאָר גרויסן יחוס. ער איז געווען אַן אייניקל פון דער גאונישער פאַמיליע אין יענער עפּאָכע — ר׳ יום־טוב ליפּמאַן־העלער, דער מחבר פון תוספות יום־טוב אויף דעם משניות, וועמען מ׳האָט באַצייכנט פאַרן צווייטן רש״י און וואָס איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די גדולי הדור, וואָס האָט אין 17טן יאָרהונדערט געמוזט פאַרלאָזן פּראַג צוליב אַ בילבול, וואָס איז אויף אים געמאַכט געוואָרן און שפּעטער געוואָרן רב אין דער שטאָט בריסק, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער ליטווישער הערשאַפט. אַזוי האָט זיך עס פון מיין זיידן אָנגעהויבן די פאַמיליע העלערשטיין, וואָס איז שפּעטער, צוליבן רוסישן אַקצענט, רעפאָרמירט געוואָרן אויף געלערשטיין.

מיין עלטער־זיידע האָט גענומען זיין איידעם ווי אַ שטענדיקן קעסט־קינד, ער זאָל בלויז




תלמוד תורה „בית יצחק" אין זאַבלודאָווע.

זיצן און לערנען, נאָר ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער געהאַט פיל מער חשק און פעאיקייטן צום מסחר ווי צום לערנען און אין דער אמתן איז ער טאַקע געווען פיל פעאיקער אין מסחר ווי מיין עלטער־זיידע. ערשט מיין זיידע האָט געוואַלדיק אויסגעברייטערט דעם מסחר. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דייטשלאַנד און געשיקט אַהין די סחורות דורכן וואַסער און שוין אויך מיט דער באַן.

מיין זיידע איז אָבער נישט געווען בלויז אַ גרויסער סוחר, ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט גייסטיקער אַרבעט. אַזוי האָט ער דער ערשטער אָרגאַניזירט אין זאַבלודאָווע די „חברה

לומדי משניות״. איך געדענק נאָך דעם פנקס מיט די תקנות וואָס יעדער מיטגליד פון דער חברה האָט געמוזט אָפּהיטן. אַזוי צ. ב. האָט יעדער חברה־מאַן געמוזט קומען יעדן טאָג בין מנחה למעריב לערנען משניות, ווען נישט איז ער גלייך אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער חברה. ס׳איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען וועגן אַן אייגנאַרטיקער פאַמיליע־טראַדיציע. די גרויסע פאַמיליע העלער, וואָס איז פאַרשפּרייט איבער דער וועלט, אָרגאַניזירט יעדן יאָר אינעם חודש שבט אַ גרויסן יום־טוב, אין אָנדענק פון זייער גרויסן גאון ר׳ יום־טוב ליפּמאַן־העלער, וואָס איז אינעם חודש שבט באַפרייט געוואָרן פונעם בילבול. מיין זיידע פלעגט יעדן יאָר ביי דער פּרשה יתרו פראַווען אָט דעם גרויסן יום־טוב. און איך געדענק, ווי מיין פאָטער מיט דער גאַנצער חברה לומדי־משניות, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט, פלעגן אויך יעדן יאָר ביי דער פּרשה יתרו פראַווען אַ גרויסן יום־טוב.

מיין זיידע אליהו העלערשטיין איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם און פון די עלטסטע און אָנגעזעענסטע בעלי־בתים אין שטעטל. ער האָט געהאַט צוויי זין און איין טאָכטער און ער האָט אַלע קינדער זיינע חתונה געמאַכט מיט קינדער פון גרויסן יחוס. אַזוי ווי מיין זיידע פלעגט ליפערן זיינע סחורות דורכן ניעמאַן, פלעגט אים אויסקומען צו זיין אין גראָדנע, האָט ער טאַקע פון דאָרט גענומען אַ שנור, ס׳הייסט אַ ווייב פאַר מיין טאַטן, משה חיים ז״ל, וואָס איז געווען פון גרעסטן יחוס פון גראָדנע. שוין דאַן איז מיין מוטער געווען קלאָר אין דער דייטשישער ליטעראַטור. זי האָט געלייענט פריי דייטש, רוסיש און העברעאיש. כ׳געדענק ווי די מוטער מיינע פלעגט מיר שטענדיק העלפן מאַכן די לעקציעס אין אָט די דריי שפּראַכן. אויסער דעם האָט זי געשפּילט זייער גוט פּיאַנאָ. נו, שטעלט אייך פאָר איר לאַגע, אַז אַזאַ וועלטלעך־געבילדעט מיידל, איז אַריינגעפאַלן אין אַ קליין פרום שטעטל און האָט נאָך געמוזט יעדן טאָג מיט דער שוויגער גיין דאַוונען..

אינטערעסאַנט איז אויך ווי אַזוי מיין זיידע האָט חתונה געמאַכט זיין איינציקע טאָכטער. מען האָט איר גערעדט אַ שידוך מיט אַ בחור פון אַ יחוס־פאַמיליע פון ברעסטאָוויץ. מיין זיידע זעט אויס האָט נישט געהאַט קיין שטאַרקן צוטרוי און ער האָט זיך אַליין געוואָלט איבערצייגן ווער די פאַמיליע איז. אין אַ געוויסן פרייטיק איז ער געקומען אין דער שול פון ברעסטאָוויץ און זיך פאָרגעשטעלט אַז ער איז אַ משולח. פרייטיק פאַרנאַכט האָט ער געבעטן דעם שמש פון שול, אַז ער זאָל אים באַשטעלן צו עסן דעם שבת ביי דעם חתנס פאָטער. דער שמש נישט וויסנדיק ווער דער משולח איז, האָט אים באַוויליקט. דער משולח האָט געגעסן דעם גאַנצן שבת ביי די פיינמאַנס און זיי האָבן זיך אַפילו נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז זייער צוקונפטיקער מחותן. באַלד נאָכדעם איז אַרויס אַ קלאַנג אין ברעסטאָוויץ, אַז דער משולח איז אַ גרויסער תלמיד חכם, אָבער דער אומבאַקאַנטער משולח איז גלייך נאָך שבת אַוועקגעפאָרן. אַזוי אַרום האָט דער זיידע אויף אַן אומגעשטערטן אופן געקענט גענוי אָבסערווירן ווער די פאַמיליע איז. און ער האָט טאַקע גלייך געשלאָסן דעם שידוך. און ער האָט זיך נישט אָפּגענאַרט. דער חתן איז טאַקע געווען אַ שיינער יונגערמאַן מיט אַלע מעלות. דאָס איז דער באַוווסטער חזן בעל־תפילה דוד פיינמאַן.

מיין פאָטער משה חיים איז געגאַנגען אין די זעלביקע וועגן פון מיין זיידן און פון מיינע עלטער־זיידעס. ער איז די גאַנצע יאָרן געווען דער פירער און די נשמה פון דער תלמוד־תורה. ער איז געווען אַ גרויסער בעל־טובה. ער האָט זיך זייער אַ סך אָפּגעגעבן מיט דער תלמוד־תורה און מיט שטיצן נויטבאַדערפטיקע. כ׳געדענק, אַז ער פלעגט מיר אין דער וואָכן פלוצלינג שיקן נאָך אַ פלעשל בראָנפן, האָב איך שוין געוווסט, אַז ס׳איז שוין דאָ אַ ברית ביי אַן אָרעמען פאָטער, וואָס שיקט זיינע קינדער אין דער תלמוד־תורה. ער האָט ליב געהאַט צו זיין דער בעל סנדק. אין שטעטל איז טאַקע אַרומגעגאַנגען אַ באַקאַנטע פראַזע: „ווו משה חיים איז דער בעל סנדק און אַברהם זאַבלודאָווסקי, סולעס מאַן, איז דער מוהל, וועט שוין אַרויסקומען די אמתע זאַבלודאָווער יוגנט״.

מיין פאָטער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט אַנדערע וווילטעטיקע זאַכן. אַז עס פלעגט צום ביישפּיל טייערער ווערן ברויט, פלעגט ער גלייך אָרגאַניזירן אַ לחם־עניים, און אַז עס פלעגן קומען די גרויסע פרעסט, פלעגט ער גלייך איינאָרדענען די צעטיילונג פון צוזעגענע האָלץ. כ׳געדענק ווי איך מיט מיינע חברים פלעגן צעפירן צו די אָרעמע פאַמיליעס שליטלעך מיט האָלץ.

נאָכן טויט פון מיין פאָטער אין 1915, האָבן זיינע קינדער פאָרגעזעצט די זעלביקע הומאַניטאַרע טראַדיציעס. מיין ברודער נחום געלערשטיין, איז געווען דער גבאי פון דער גרויסער תלמוד־תורה און ישיבה אין ביאַליסטאָק. און איך, דער יינגערער זון, בין אויך געווען טעטיק אין די וווילטעטיקע אינסטיטוציעס, אין די שולעס, אין דער ביבליאָטעק און אין פאַרשיידענע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אין מיין שטעטל זאַבלודאָווע און בין געזעלשאַפטלעך טעטיק דאָרט ווו איך געפין זיך. און מיין טאַטנס אייניקלעך, ס׳הייסט מיינע קינדער, פירן שוין אַ חלוצישע אַרבעט פאַרן לעבן און פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער מדינת ישראל.



השומר הדתי ביי בית הספר תלמוד תורה „בית יצחק״ אין זאַבלודאָווע — ל״ג בעומר תרצ״ג.

פּרץ שוואַרץ

# די זאַבלודאָווער „השכלה"

## (טיפּן און בילדער)

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין זאַבלודאָווע אין יענע צייטן האָט זיך קאָנצענטרירט ביים רב אין שטוב. דאָרט פלעגן באַהאַנדלט ווערן אַלע פראַגן, וועלכע האָבן אַ שייכות צום יידישן לעבן אין זאַבלודאָווע, ד"ה די אַזוי גערופענע לאָקאַלע קהילה־פראַגן; מיט דער אויסערלעכער וועלט האָבן זאַבלודאָווער כמעט גאָר קיין שייכות נישט געהאַט. צייטונגען ווי דער „המליץ" אָדער „הצפירה" פלעגט זאַבלודאָווע באַקומען אַזש גאַנצע 4 עקזעמפּליאַרן, וועלכע פלעגן זיך אַרומדרייען צווישן די „בעסערע" פון שטעטל אין משך פון אַ גאַנצער וואָך.

געווען איז אויך די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, ווי דער קאַזיאָנער רב משה זעליק פעטלין און דער פעלדשער אהרן הערש צעסלער, וועלכע פלעגן באַקומען אויך די „בירזשעוויא וויעדאָמאָסטי" פון פּעטערבורג. די פּאָליטיק פון בירזש. וויעדמ. פלעגט משה זעליק אַראָפּברענגען אין ביעלסקן בית־מדרש צו מנחה, ווו ער פלעגט זיך אָפּרוען נאָך זיין שווערן טאָג אַרבעט מיט זיינע תלמידים. ער פלעגט שטיין ביים אָפענעם בית מדרש פענצטער, וואָס פלעגט אַריין אין פּאָפּס סאָד ווי איינער, וואָס וויסט שוין די באַדייטונג פון פרישער לופט.

אַלע מתפללים רינגלען אַרום משה זעליקן און ער ציט אַרויס פון קעשענע זיין „בירזשעווו. וויאדמאסטי" אַ פול אָנגעצייכנטע מיט אַ בלויען בליישטיפט אונטערגעשטראָכן די אַלע נייעסן, וואָס דאַרפן אינטערעסירן דעם יידישן עולם. ער דערציילט די נייעס און פאַרסירונגען און אַלע שטייען פאַרגאַפט און מען שלינגט די נייעס מיט וועלכע זיי וועלן זיך טיילן מיט זייערע ווייבער אין שטוב, אָדער מיט די באַקאַנטע קריסטן מיט וועלכע מען האַנדלט און וועלכע פרעגן זיך נאָך וועגן נייעס ביי די „זשידקעס", ווע‏מען עס זענען באַקאַנט אַלע נייעסן, אַלץ וואָס פאַסירט אויף דער וועלט.

צייטנווייז הערט זיך אַן אויסרוף אָדער אַ מיינונג פון איינעם פון עולם, וועלכע שטייען פון וויטן אַזש ביי די צוויטע בענק. פאַרשטייט זיך, אַז די לייענער פון „הצפירה" בלייבן אויך נישט הינטערשטעליק און ווייזן אויך אַרויס וואָס זיי ווייסן. זיי שיטן גאַנצע ציטאַטן פון סאָקאָלאָווס „דברי הימים", מ'אַמפּערט זיך, מען איז זיך מתווכח גאַנץ הייס, אין אַלע הויכע ענינים פון דער וועלט־פּאָליטיק. און יעדערער קליגט זיך, יעדערער וויל ווייזן אַז ער האָט זיין גאַנץ באַזונדערן בליק אויף אַלע פּאַסירונגען, וועלכע האָבן פּאַסירט אויפן כדור הארץ. עס צעפלאַקערן זיך די וכוחים און צוזאַמען מיט זיי די געמיטער פון גאַנצן עולם.

יעדערער איז ערשט פאַרטראָגן אויף די אַפריקאַנער וועגן, ווו דאָס ענגלישע מיליטער קעמפט אַזוי ביטער מיט די ווידערשפּעניקע „בורן" און ווער ס'האָלט מיט די ענגלענדער און ווער מיט די „בורן" און די לייענער פון „הצפירה" קליגן זיך און זאָגן פאַר דעם אונטערגאַנג פון די „בורן" ווייל כ'ווייס אַליין נישט פאַרוואָס די בית־מדרש יידן האַלטן מיט די ענגלענדער; עפּעס זאָגן די „חכמי האַלעזאַנקע", אַז צווישן די ענגלענדער און יידן איז פאַראַן אַ בלוט־פאַרוואַנדשאַפט: די ענגלענדער קומען אַרויס פון די עשרת השבטים!!!...

און אָט באַקומען עטלעכע גרויס התפּעלות פון די העלדישקייטן פון די בורן, ווי זיי קעמפן מיט מאַקאַבייער העלדישקייט פאַר זייער פאָטערלאַנד.

דער טומל ווערט נאָך גרעסער. די קליינע קינדער האָבן זיך צעשטעלט איבער די בענק. ס׳איז נאָך אַ פרישער עולם אָנגעקומען און אַלע שפּאַרן זיך, יעדער וויל כאַפּן אַ וואָרט, יעדער וויל שטילן זיין פּאָליטיק־נייגעריקייט. נאָר אָט גיט „משה זעליק" אַ מאַך מיטן האַנט און דערקלערט דעם עולם דעם מהות פון דער זאַך מיט זיין אָפּיציעל פלעגמאַטישן טאָן. בלייבט אַזוי ווי „ער" זאָגט, און אַלע צעשפּרייטן זיך איבערן בית מדרש און מ׳מורמלט אָפּ אונטערן נאָז דעם מעריב און מ׳גייט אַהיים, „וועטשערע" עסן.

אַזוי האָט זיך דער ביעלסקער בית מדרש אויך צעטיילט אויף צוויי לאַגערן בעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער קריג; דער גאַנצער עולם איז געווען, צי משנאת המן אָדער מאהבת מרדכי, אויף דער זייט פון אומבאַקאַנטן יאַפּאַנער און מ׳האָט זיך געפרייט אויף יעדן קלאַפּ, וואָס די מומע „רויזע" באַקומט פון פעטער „פיניע"....*)

דער צד פון אונדזער פאַרהאַסטן אונטערדריקער, איז אינגאַנצן באַשטאַנען פון איין איינציקער פערזאָן, אָבער אַ תקיף בדעתו, וועלכער האָט זיך בשום אופן נישט אונטער־געוואָרפן דעם מאַסן־פּסיכאָז, און ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן די אַלע מיטלען, מיט וועלכע דער גאַנצער בית מדרש האָט זיך געסטאַרעט אים אַריבערציען אויף דער צווייטער זייט, כדי ס׳זאָל זיך אין בית־מדרש בילדן אַן איין און איינציקער פראָנט. ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן און האַרטנעקיק זיך געהאַלטן ביי זיין מיינונג נישט קוקנדיק אויף אַלע קראָפּאָטקינס מפּלות.

די פערזאָן האָט געהייסן „מענדל לאשקיער", אַן אַמאָליקער פרנס חדש, אַ געוועזענער פאַבריקאַנט, וועלכער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל פריער און איצט געווען אַ יורד, אָבער אַ תקיף בדעתו איז ער נאָך געבליבן און דער גאַנצער בית־המדרש האָט פאָרט פאַר אים דרך־ארץ, כאָטש ער איז אַזוי קאַלט און שטרענג, דאָך איז ער פון די לעצטע מפּלה־קעגנער, וועלכער איז ערנסט קאָנסערוואַטיוו, און וועמענס כאַראַקטער איז: יהרג ואל יעבור. ער איז דער שטענדיקער בעל קריאה און פאַרפעלט נישט קיין איין תפילה און מען וואַרט טאַקע אויף זיין אויסשטיין שמנה עשרה. מיט איין וואָרט, ער איז די צירונג פון בית מדרש.

אין ביעלסקער בית מדרש איז געווען נאָך איינער, וואָס האָט אונטערשטיצט „מענדל לאשקיער" אין זיין פילאָרוסישער פּאָליטיק, דאָס איז געווען אַן אַלטער זייגערמאַכער, אַ געוועזענער קאַנטאָניסט, וועלכער האָט אָפּגעלעבט זיין ביסל יאָרן אויסער דער „טשערטאַ אסעדלאַסטי", און וועמען ס׳האָט זיך פאַרבענקט אויף דער עלטער נאָך אַ יידישער סביבה, — שטאַרבן צווישן יידן. ער האָט זיך באַזעצט אין זאבלודאָווע, חתונה האָבנדיק אַ צווייטן מאָל, לעבנדיק פון זייגערמאַכעריי און פון דעם וואָס זיינע זין פלעגן אים צושיקן פון רוס־לאַנד שטיצע.

ער איז טראָץ זיין טיפן עלטער געווען רויט, פריש און שטאַרק און ענג איז אים געווען די בית־המדרש לופט, און פרעמד איז אים געווען די יידישע סביבה נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט און ליבער איז אים געווען פאַרברענגען זיינע פרייע טעג און אָוונטן אין דעם איינציקן קריסטלעכן קולטורעלן „פריטאַן" אין דער „טשיינע טרעז־וואָסטי", ווו מען פלעגט באַקומען דעם רעאַקציאָנערן „סוויעט". צוזאַמען מיטן אָנגע־שטעלטן פון דער אינסטיטוציע אַ געוועזענער אוריאַנדיק אַן אינוואַליד „גרישין" און מיט נאָך אַזעלכע „אינטעליגענטן", פלעגט מען שמועסן און זיך איינזאַפּן מיטן פסעוודאָ פּאַט־ריאָטיזם פון „סוויעט" און „נאָוואָיע ווערעמיאַ" און צוזאַמען אויך לאַכן פון די יידישע „יונגען" וועלכע קערן זיך אָפּ פון יידישן דת, קומען שבת אין טשיינע שפּילן אין ביינער און בילאַרד און פאַרבייסן מיט „קאָלבאַסע" און טיי. אגב מוז מען טאַקע דערמאָנען, אַז

*) די מומע „רויזע", געמיינט — רוסלאַנד און דער פעטער „פיניע", געמיינט — יאַפּאַן.

כמעט די איינציקע באַזוכער און אויסהאַלטער פון דער טשיינע איז געווען די יידישע אַר־בעטערשאַפט, וועלכע האָט שוין אָנגעהויבן פּורץ גדר זיין ווערנדיק דורכגעדרונגען מיט נייע צויבערפולע אידייען מיט אַ קאַמפּס־לוסט פאַר אַ בעסערן און שענערן לעבן.

זי האָט דאָרט געפונען אַ לעגאַלן ווינקל פאַר זייער אפיקורסות נישט זייענדיק גע־שטערט פון זייערע עלטערן, וועלכע קענען נישט איבערטרעטן דעם שוועל פון „זינד" אום צו קעמפן מיט זייערע ווידערשפּעניקע קינדער. אויף דעם איז דאָך דאָס אַ „טשיינע טרעז־וואסטי", געשטעלט פון פאביעדאנסצעווס רעגירונג...

זעלטן ווען ס'פלעגט זיך אַריינשפּאַרן אַ מאַמע אַן אשת חיל, אָננעמענדיק פאַרן אויער איר בן זקונים, וועלכער האָט פּרייטיק באַקומען אין וואלקארניע עטלעכע גילדן, האָט אָפּ־געגנבעט פון דער מאַמען עטלעכע צענערלעך און געקומען שבת צו נאַכטס שפּילן מיט חברים אין אַן „21". נישקשה, אויף אים האָט די מאַמע נאָך אַ דעה, ער פאַרדינט נאָך נישט אויף זיין באַדערפעניש און זי מוז נאָך אים אַן אנצוג מאַכן. מילא, דער גרויסער, ער איז שוין אַ פאַרדינער. ברענגט אין שטוב אַריין זיין פאַרדינסט — קעגן אים איז זי שוין נישט בכוח צו קעמפן. זי האָט מורא אים צו דערצערענען, ער זאָל נאָך פון שטוב אינגאַנצן אוועקגיין, אָבער דער שניעק... זי וועט אים שוין ווייזן.

דער בחורל גייט נאָך דער מאַמען ווי אַ קו נאָך דער קאַלב, ער איז אין כעס אויף דער מאַמען, וואָס זי האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן דעם קאָן און אָפּגעווינען ביי דער חברה די ביסל גראָשנס... נאַר, נישקשה ער וועט נאָך זיינס אָפּנעמען, אויב נישט היינט נאָך, איז איבעראָכטאָג שבת...

אויך איך אַליין, זייענדיק אַ באַלעבאַטיש גמרא ייִנגל, וועלכער האָט זיך געסטאַרעט האַלטן סטאַט, האָב אויך נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון און נישט אַריינקוקן אין דאָ־זיקן „טומאה אָרט". עפּעס האָט מיך געצויגן אין „טשיינע", די נייגעריקייט האָט גע־ברענט ביי מיר און איך האָב נישט אויסגעהאַלטן. אין אַ געוויסן שבת צונאַכטס האָב איך זיך שטילערהייט אַרויסגעגנבעט פון שטוב און אַריינגעשאַרט זיך אין „טשיינע", געשטאַ־נען דאָרט אָן אַ היטל און זיך איינגעקוקט מיט נייגעריקייט אויף די בחורים „די פאַרדי־נער", וועלכע היצן זיך ביים בילאַרד־שפּיל און קוקן אויף די יאַטן, וועלכע שפּילן אין „איין און צוואנציק". צום שפּיל אַליין האָט מיך אָבער נישט געצויגן, איך האָב מורא געהאַט צו פאַרשפּילן דער מאַמעס עטלעכע גראָשנס... איך האָב נאָר מקנא געווען די ייִנגלעך — די אַרבעטער, וועלכע פאַרדינען שוין געלט און זענען שוין כמעט גאַנצע מענטשן.

אין דער „טשיינע אטמאָספער" פלעגט דער זייגערמאַכער פאַרברענגען זיין גאַנצע פרייע צייט, צו מנחה אָבער, פלעגט ער קומען אין בית מדרש אונטערצושטיצן מיט זיין פּאַטריאָטיזם מענדל ליאשקיער, אָדער ער פלעגט שטיפן מיט די קליינע קינדער פון וואָס ער האָט גרויס הנאה געהאַט...

דירעקט האָבן אונדז די מלחמות נישט אָנגערירט, אפילו די רוסיש־יאפּאנישע מל־חמה האָט אויפן תחום המושב קיין צייכן נישט אַרויפגעלייגט. דערפאַר האָט ביי אונדז גרויס אינטערעס אַרויסגערופן די שמועסן וועגן דער אינערלעכער פּאָליטיק, וועגן די סטו־דענטן־אומרוען אין פּעטערבורג און מאָסקווע, וועגן דעם, וואָס זיי ווילן נישט „ניקאָ־לייען" פאַר אַ קיסר... מען דאַרף וויסן מיט וואָס פאַר אַ יראת הכבוד אונדזערע באַלע־באַטישע ייִנגלעך האָבן געקוקט אויף אַ סטודענטן־מונדיר און וואָס פאַר אַ באַגריף מיר האָבן געהאַט וועגן רוסישן „הכל יכול", דעם זעלבסטהערשער און וואָס פאַר אַ נייגער וועגן די דעמאָנסטראַציע פון די, וועלכע גייען שטירצן פון טראָן ניקאָלייען... און אַזוי האָט זיך אָנגערוקט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אויפן שטעטל.

---

יוסף זאַבלודאָווסקי

# יידיש טעאַטער אין זאַבלודאָווע

מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק, אין שטורעם־ און דראַנג־יאָרן, אין דעם פּעריאָד פון אומרו און שאַפן, האָט צווישן אַנדערע שטרעבונגען אויך די אידייע פון שאַפן אַ יידיש טעאַטער ביי אונדז אין שטעטל אויפגעוואַכט. אַלס איינער פון די הויפּט־איניציאַטאָרן איז געווען דער שרייבער פון די שורות.

דאָס טעאַטער האָט געזאָלט זיין אַ צוועק פאַר זיך, און גלייכצייטיק אויך אַ מיטל צו שאַפן אַ פאָנד פאַר דער גרינדונג פון אַ פאָלקס־ביבליאָטעק ביי אונדז אין זאַבלודאָווע.

די חברים און פריינט, פאַר וועלכע איך האָב דעם געדאַנק מיטגעטיילט, האָבן עס מיט שמחה אויפגענומען. איך בין זיך מודה און מתוודה, אַז מיך האָט נישט דער ערך אינטע־רעסירט מער דער מיטל ווי דער צוועק. די פּערספּעקטיוו צו זיין אַ „רעזשיסאָר" און אַ „טע־אַטער־דירעקטאָר", וועגן וואָס איך האָב געחלומט מיינע גאַנצע יונגע יאָרן, האָט מיך אַזוי פאַרכישופט, אַז ביי מיר וואָלט רעכט געווען צו מאַכן ספּעקטאַקלען אַפילו אויך צו אַ גאַנץ אַנדער צוועק, אָט, לאָמיר זאָגן, למשל, ווי איינריכטן אַ כשרע מקווה אין שטעטל... נאָר ס'האָט זיך געמאַכט אַזוי, איז „מהיכא תיתי", און אומר ועושה, נאָך אייניקע זיצונגען און „שטורמישע" אַסיפות איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל די זאַך ברענגען אין באַוועגונג.

מיט דער קינסטלערישער לייטונג האָבן אַלע איינשטימיג איינגעפונען צו אַנטרויען מיר. אין אָנפאַנג האָב איך אַפילו גאַנץ שיין אָפּגעדאַנקט פאַרן גרויסן כבוד, כאָטש אין האַרצן האָט מיר גוט געקלאַפּט. נאָר אַז מען איז צו מיר שטאַרק צוגעשטאַנען, האָב איך מסכים געווען און מיט גרויס עניוות דעם פּאָסטן אָנגענומען...

מיט אַן אומגעהייערן ענטוזיאַזם האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער אַרבעט. איך האָב אָנגעהויבן צו זוכן „קרעפטן"... אַלע בחורים און מיידלעך האָבן זיך געמאָלדן און פאַר־געלייגט זייער „דינסט" דער קונסט.

צו מיין גרויסער איבערראַשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין זאַבלודאָווע פאַרוואַל־גערט זיך אַן אוצר מיט „טאַלאַנטן" און דעריבער טאַקע האָב איך געהאַט די דרייסטקייט צו אַרויפשטעלן אויפן רעפּערטואַר די באַרימטע שאַפונגען פון א. גאָלדפאַדען: „שולמית", „בר־כוכבא" און „קאָלדוניע".

אייזיק יואלס (יאַבלאָנסקיס) שטוב, אויף דער ביאַליסטאָקער גאַס, איז באַשטימט גע־וואָרן אַלס „אַרטיסטן־קלוב". דאָרטן איז געווען אויך דאָס פּלאַץ פאַר די טעכנישע צוגריי־טונגען, רעפּעטיציעס או"וו און אייזיק יואלס שטוב איז פול געוואָרן מיט קאָלירטע שטאָף און סיטץ און מיט גאַנצע פּעק פּאַקולעס, פלאַקס אויף פּאַרוקן, בערד, פּאות און וואָנצעס.

די געזאַנגען מיט די קולות פלעגן פאַרהילכן די גאַנצע גאַס ביז דריי אַזייגער אין די נעכט.

נישט איין מאָל איז ברוך דראַלעס אַרויסגעלאָפן אין הוילע גאַטקעס, מיט אַ שטעקן, און געוואָלט אויסהאַקן די שויבן, שרייענדיק אין זיין לשון, מיטן „ס": „סקאָצים, יונגאַצעס, סאַרלאַטאַנעס, פאַר אַלדי סוואַרץ יאָר, סאַ ראַס און זום, מע לאָזט ניט סלאָפן, פּ־אַ־סאָל וואָן פון דאַנען, וואָרעם איך ספּאַלט אייך די מוחות!..."

אַזעלכע און ענלעכע „עקסצעסן" זענען מיר אָן אַ שיעור אויסגעשטאַנען. נאָר מיר האָבן עס פאַר ליב גענומען און מיר האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף מאַרטירער לשם מצוות קול־טור און קונסט...

איך האָב אָנגעהויבן די ראָלן צו פאַרטיילן.

שעפּסל קרוק, דעם אַלטן טאָקערס אייניקל, האָט פּרעטענדירט אויף די ווייבלעכע הויפּט־ראָלן... און... מיט רעכט. ווי עס האָט זיך טאַקע שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער אין דער ראָלע אַלס „דינה" אין „בר־כוכבא" געווען אויף דער געהעריקער הויך... קיינער פון פּובלי־קום האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן חשד, אַז דאָס איז אַ פאַרשטעלטער זכר... און ווי עס האָט מיר אויך נאָכדעם זיין „פּאַרטנער" בערל, דער דייטשישער בעקערקעס בחור, וועלכער האָט די ראָלע פון בר־כוכבא געשפּילט, דערציילט, אַז די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג האָט ער געהאַט די אילוזיע, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַן אמתער פּרימאַדאָנע... די שענס־טע פרוי, האָט ער געזאָגט, וואָלט אים נישט געקענט שטאַרקער אינספּירירן ווי אָט דער שעפּסל קרוק...

„לאזאר" יאַבלאָנסקי האָט געוואָלט דווקא די ראָל פון „אלעזר" אין „בר־כוכבא", ווייל מען רופט אים אלעזר, איז ער דאָך געוויס געווען גערעכט...

און אַזוי דער גאַנצער „אַנסאַמבל", איז געווען יעדער אויף זיין אָרט און פּלאַץ.

דער טעאַטער־פּלאַץ איז געווען אין דער גרויסער גאַרבעריי־געביידע פון שמואל־לייב כהן (וועלכן מען האָט גערופן „דער געלער ראַטניק") נאָכן בית־עולם, הינטערן שטאָט, נעבן רעזשניצע און נעבן דער ציגעלניע.

נאָך לאַנגע פּאַרבאַרייטונגען איז דער גרויסער טאָג פון דער „פּרעמיערע" אָנגעקומען. ס'איז געווען אין די נאָך־סוכותדיקע טעג, און כאָטש קיין אַפּישן זענען נישט געווען, האָט פונדעסטוועגן דאָס גאַנצע שטעטל געוווסט, אַז היינט קומט פאָר אַ „פּרעדסטאַווליעניע", אָדער ווי די ווייבער האָבן געזאָגט: דער „זשווערינעץ"...

אַנטעק גאדלעווסקי, דער שטעטלדיקער זאַמד־פּירער, וואָס פלעגט פאַרזאָרגן די בעל־הביתטעס מיט געלע זאַמד, צו אויסשיטן אויף די פּאָדלאָגעס פרייטיק פאַרנאַכט לכבוד שבת, און מיט ליים צו פאַרשמירן די אויוונס מיט די טשאָלנטן — האָט זיך דעם אָוונט ממש נישט געקענט אַרומטאָן. ער האָט געהאַט די „ערהאַבענע" אויפגאַבע, אין זיין „עקיפּאַזש", מיט זיין הינקענדיקער שקאַפּע, צו טראַנספּאָרטירן צום טעאַטער די אַריסטאָקראַטן, וואָס ס'האָט נישט געפּאַסט צו גיין צופוס... ליפשען, אהרן־הערשיכען (אהרן־הערש צעסלער ווייב), מיט נאָך עטלעכע ווייבער פון די „פּני", האָט ער איבערגעקערט נעבן הללס גאַר־באַרניע אין די גריבער, אין גרויסן „טינטער". די קוויטשערייען מיט די קולות זענען געווען עד לבֿ השמים און גאַנץ שטאָט האָט געאַרבעט ביז מען האָט זיי קוים מיט צרות אַרויס־געשלעפּט...

דער „זאַל" איז געווען איבערפולט. מען איז געשטאַנען אויף קעפּ. די פאָרשטעלונג האָט „געקלאַפּט" אויסגעצייכנט.

נישט געקוקט אויפן געדראַנג, איז די אָרדענונג פונדעסטוועגן געווען אַ מוסטערהאַפטע, אַדאַנק די אָרדנערס, אינטעליגענטע אַרבעטער, די ערשטע שוואַלבן פון דער אַרבעטער־באַ־וועגונג, ווי ישראל הללס (פלאַווסקין), הערשל „סמאַנס" (פיינשטיין), מאיר סענדערס (טאָפּ־צעווסקי), ישראל שמיד, שואל־איצע דעם שמידס (שואלקע דער פּאַלצער, וועלכן ס'איז כדאַי אגבֿ צו דערמאָנען, ווי אַ „מעצענאַט", וואָס די גאַנצע איינריכטונגס־קאָסטן זענען כמעט געווען זיינע) און אַנדערע, וועלכע האָבן געשיינט אין די רויטע רוסישע בלוזעס מיט די קוטאַסן, און מיט זייער אינטעליגענץ, מוט און ענערגיע האָבן זיי געוווסט דעם אומגאַנג מיט די מאַסן...

די פאָרשטעלונגען האָבן אַריינגעבראַכט אַן ערך הונדערט רובל געטאָ.

פאַר דעם געלט איז געגרינדעט געוואָרן די פאָלקס־ביבליאָטעק אין זאַבלודאָווע, וועל־כע עקזיסטירט עד־היום, און וועלכע האָט נישט וויניק געהאָלפן דעם קולטור־ניוואָ פון דעם שטעטל צו דערהויבן און אַנטוויקלען.

(געשריבן אין 1925)

---

משה בינדער

# זאַבלודאָווער משפחות

## (למשפחותיהם לבית אבותם)

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער זאַבלודאָווער יידישער באַפעלקערונג איז דאָס איינטיילן זיך אין משפחות. עטלעכע פאַמיליעס באַלאַנגען צו איין משפחה, וועלכע האָט איין אויסדריקלעכן צונאָמען, אויסער דעם פאָרמעלן פאַמיליע־נאָמען, וואָס איז פאַרשריבן אין דער „אופראַווע" (שטאָט־פאַרוואַלטונג). די מיטגלידער פון איין משפחה זענען צווישן זיך געווען ענג פאַרבונדן און באַפריינדעט ,אַרויסגעהאָלפן איינע די אַנדערע אין צייט פון נויט, געפרייט זיך אויף שמחות, און פאַרטשעפּען זיך מיט אַ מיטגליד פון דער משפחה, האָט געהייסן קריגן פאַר שונאים אַלע מיטגלידער פון דער משפחה.

נישט אַלע משפחות האָבן פאַרנומען דעם זעלביקן פּלאַץ אין שטעטל. אייניקע משפחות האָבן שטאָלצירט מיט זייער יחוס, וואָס שטאַמט אָפּ פון אַ באַוווּסטן גביר אין שטעטל; אַנ־דערע משפחות האָבן זיך געגרויסט מיט זייער גבורה, אַנדערע מיט זייער אָרנטלעכקייט, אָדער מיט זייער לומדות. די מערסטע מיטגלידער פון איין משפחה האָבן זיך פאַרנומען מיט אַ געוויסער באַשעפטיקונג, וואָס גייט איבער אין דער משפחה בירושה פון דור צו דור. אַזוי איז אין זאַבלודאָווע באַוווּסט די משפחה פייגעלעס, וואָס שטאַמט פון דער פרוי פייגעלע, אַ קלוגע און סוחרישע פרוי, וואָס האָט געהאַט אַ שניט־קראָם אין זאַבלודאָווע. די מיטגלי־דער פון דער משפחה זענען באַוווּסט אַלס פרומע חסידים און בני־תורה.

מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק זענען כמעט אַלע מיטגלידער פון דער משפחה געווען רייכע טוך־פאַבריקאַנטן, געהאַנדלט מיט גאַנץ רוסלאַנד; נאָכער, ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער קריזיס אין דער טוך־אינדוסטריע, האָבן זיי דערלייגט זייער גאַנצן פאַרמעגן און געוואָרן יורדים. דער עלטסטער פון דער משפחה, משה פייגעלעס, אַ ייד אַ בעל־תורה און אַ בעל־צדקה, איז געפאָרן צום רבין זיך מיישב זיין: ער האָט פאַרלוירן זיין געלט און מוז באַנקראָטירן; צי מעג ער אָפּשטעלן פאַר זיך אַביסל געלט, ער זאָל אויף דער עלטער נישט דאַרפן אָנקומען צו פרעמדע.

האָט אים דער רבי געענטפערט, אַז ער טאָר פאַר זיך גאָרנישט אָפּשטעלן קיין געלט, איידער ער באַצאָלט זיינע חובות.

אַזוי האָט ער געפאָלגט דעם רבין און באַנקראָטירט, גאָרנישט אָפּשטעלנדיק פאַר זיך, און געוואָרן אויף דער עלטער אַן אָרעמאַן, אָבער מיט אַ ריינעם געוויסן.

אין יענער צייט זענען אויך די אַנדערע מיטגלידער פון דער משפחה פייגעלעס פאַר־

אָרעמ׳ט געוואָרן, ווייל זיי זענען געווען ענג פאַרבונדן צווישן זיך און איינעמס אַ באַנקראָט האָט מיטגעבראַכט דעם באַנקראָט פון אַלעמען.

אַזוי איז אויך אין זאַבלודאָווע באַוווסט די משפחה דראַלעס מיט זייער קריגעריש געייסט און געוואַלדיקער גבורה און אַז צוויי מענטשן האָבן געהאַט צווישן זיך אַ קריג, איז ווען די דראַלעס האָבן צוגעהאָלפן, דער איז געווען דער געווינער, ווייל אַנטקעגן די דראַלעס האָט שוין דער צווייטער צד מורא געהאַט זיך אַרויסצושטעלן. און ווען איינער האָט געוואָלט בויען אַ ניי הויז, אָדער פאַרריכטן זיין אַלטע הויז און ער האָט מורא געהאַט אַז זיין שכן זאָל אים נישט שטערן, איז ער אַוועק צום הויפּט פון די דראַלעס און אויסדערציילט אים זיין האַרץ און אַז ער האָט געקראָגן אַ צוזאָג, אַז מען וועט אים באַהילפיק זיין, האָט ער געוווסט, אַז קיינער וועט אים נישט שטערן. איבערהויפּט זענען פון דער משפחה באַוווסט פּלטיאל דראַלעס און מיכל דראַלעס, קלוגע און דורכגעטריבענע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ כות־הדיבור, געקענט געבן אַ גוטן אַרגומענט און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיי געקענט געבן אַ גוטן קלאַפּ אויך...

אויך איז באַוווסט די משפחה יאַבלאָנסקי אַלס קלוגע, היינטוועלטיקע מענטשן. יוסף



אַ גרופּע געסט בעת אַ חתונה ביי יאַנקל צעסלעה (פּאַראַזיקער) אין הויז

יאַבלאָנסקי איז באַוווסט אַלס אַ זעלטענער בעל־מנגן מיט אַ זיסע שטימע. ימים־נוראים דאַוונט ער פאַרן עמוד אין דער אַלטער שול און באַצויבערט זיינע צוהערער.

די משפחה רימערס זענען באַקאַנט אַלס גרויסע לעדער־פאַבריקאַנטן. יהושע דער רימער איז געווען דער ערשטער צו עפענען אַ לעדער־פאַבריק אין זאַבלודאָווע. ווען די געשעפטן פון דער פאַמיליע האָבן זיך אויסגעשפרייט, רופט מען זיי אויסער זאַבלודאָווע מיט זייער פאַמיליע־נאָמען.

די פאַמיליע „קאָרזשעס" זענען באַוווסט אַלס קצבים, פּראָסטע, אָרנטלעכע, האָרעפּאַש־

נע מענטשן, אויסגעבונדן מיט די דאָרפישע פויערים, קויפנדיק בהמות און פאַרקויפנדיק זיי לעבעדיקע און פאַר יידן בשר כשר. דער אַלטער אַהרן לייב קאָרזש איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה און אַ מכניס־אורח. די זאַבלודאָווער שלאַכט־הויז, ווי אויך די יאַטקעס ווו מען פאַרקויפט בשר כשר, האָבן באַלאַנגט צו די קאָרזשעס.

באַווּסט איז אויך די משפחה קולטעס אַלס אָרנטלעכע פּראַצעוויטע מענטשן. דער אַל־טער אברהם־יהודה קולטעס, אַ פּראָסטער האָרעפּאַשנער ייד, האָט נישט אַנדערש געוואָלט, אַז זיין זון ישראל זאָל זיין אַ למדן, האָט ער אים געשיקט אין די ישיבות לערנען תורה און אויסגעלעבט זיינע יאָרן צופרידן, וואָס זיין ווונטש איז מקוים געוואָרן. אברהם קולטעס (אברהם זאַבלודאָווסקי) איז געווען דער שטאָטישער מוהל און געהאַט זייער אַ גרינגע האַנט, געווען אויך אַ למדן און בעל־קריאה.

די משפחה בערצערס זענען באַווּסט אַלס שענקער און תבואה־סוחרים, אויך וואַלד־סוחרים, שטענדיקע רייכע און שיינע בעלי־בתים.

די משפחה שיינע־יענטעס זענען באַווּסט אַלס שניט־קרעמער, גרויסע למדנים. די ווײַ־



אומגעקומענער פאָטער — משה ברוך
און געראַטעוועטער זון אליהו צעסלער

בער זענען די קרעמערקעס און די מענער זיצן און לערנען. העלפן אַמאָל אין אַ מאַרק־טאָג אין קראָם. שעפּסל שיינע־יענטעס איז כל־ימיו געווען דער גבאי פון דער אַלטער שול.

די זלאָמעס זענען אויך אַ באַווּסטע משפחה. זיי שמען אויך מיט זייער גבורה. שטענ־דיק אויפן לופט, אַרומפאָרענדיק זיך אין פעלדער און וועלדער, האַנדלענדיק מיט אָקסן און פלייש. דער אַלטער זלאָם איז פון דער רוסישער רעגירונג פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. ער האָט זיך דאָרט גוט איינגעלעבט מיט די סיביריאַקעס און וויל צוריק נישט קומען. ער איז דאָרט דער פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה.

די טשעסליאַרעס זענען באַווּסט אַלס גוטע בוימייסטערס און כמעט אַלע הילצערנע הייזער פון זאַבלודאָווע זענען פון זיי געבויט געוואָרן. אַהרן־הערש טשעסליאַר (צעסלער) איז אין זאַבלודאָווע באַרימט אַלס פעלדשער און כאָטש ער האָט נישט געענדיקט קיין פאַ־קולטעט, האָט מען צו אים צוטרוי, ווי צו אַ שטודירטן דאָקטאָר.

די לוקיאַנעס זענען באַוווסט אַלס אָרנטלעכע האָרעפּאַשנע קאַראַבעלניקעס. אַ גאַנצע וואָך פאָרט מען אַרום איבער די דערפער, ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט. דערפאַר איז אָבער שבת ביי זיי אַן אמתער יום־מנוחה: אויסגעצוואָגן, פאַרקעמט, קומט מען אין בית־המדרש זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, הערן אַ שטיקל מדרש, די נשמה־יתירה פילט זיך אין זיי אויף יעדער שריט און טריט. אויף זיי האָט דאָס היינע געזאָגט, אַז דער ייד ווערט אום שבת פאַרוואַנדלט פון אַ הונט אין אַ פּרינץ.

די פאַמיליע פּוזשאַק איז אויך באַוווסט אַלס אָרנטלעכע שניידערס. דער טאָג הייבט זיך ביי זיי אָן מיטן ערשטן מנין דאַוונען. אָפּגעגעבן דעם רבונו של עולם זיין חלק, גייט מען אין שטוב, מען נעמט אַ גלעזל משקה פאַרן אָנבייסן, דערנאָך טוט מען די אַרבעט געלאַסן, באַ־זאַכט, אַזוי ווי אַ קינסטלער באַנעמט זיך מיט זיין קונסטווערק. ביינאַכט גייט מען ווידער אין בית־המדרש הערן דעם רבין פון דער חברה לערנען עין־יעקב, אָדער מדרש בין מנחה למעריב. נאָך מעריב גייט מען ענדיקן די אַרבעט און מען פילט זיך צופרידן, וואָס מען האָט געטאָן פאַר ביידע וועלטן, פאַר דער וועלט און פאַר יענער וועלט.

פון די אַלע אויסגערעכנטע משפחות און נאָך פיל אַנדערע, איז באַשטאַנען די שטאָ־טישע איינוווינער פון זאַבלודאָווע. די זאַבלודאָווער משפחות פלעגן מיט יעדן יאָר גרעסער ווערן, ביז עס איז אָנגעקומען דער פּעריאָד פון יידישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע און אַ סך פון דער יונגוואַרג זענען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. אַנדערע, נישט וועלנדיק גיין פאַר סאָלדאַטן און אַנדערע צוליב זייער שלעכטן מאַטעריעלן צושטאַנד.

אין אַמעריקע האַלטן זיך אויך די משפחות צוזאַמען און העלפן איינער דעם אַנדערן אין אַן עת־צרה. זיי פאַרגעסן אויך נישט אין זייער אַלטן שטאַם, שיקן אויך אַ בריוול און אַמאָל אויך עטלעכע דאָלער צו זייערע אַלטע משפחה־לייט.



**א. ג־ן** (תל־אביב)

# מוחל געווען...

## (אַ מעשה שהיה)

אין פּיציכעס געסל, וואָס שניידט אַריין אין ביאַליסטאָקער גאַס — איז אַמאָל געשטאַנען אַן אַלט הויז, שוין אַביסל איינגעפאַלן. דאָרט האָט געוווינט גדליה דעם איינבינדערס אַ ברודער מיטן צונאָמען „שמעגדע״. דער צונאָמען האָט אים זייער גוט געפּאַסט, ווייל אַמאָל האָט דאָך יעדער געהאַט זיין צונאָמען און זאַבלודאָווער לצים האָבן שוין געזאָרגט אַז דער צונאָמען זאָל פּאַסטן פאַרן מענטשן לויט זיין אויסזען, גאַנג, הילוך אאַז״וו. אַמאָליקע יאָרן האָט מען אַ סך יידן פון שטעטל פּשוט נישט געוווסט ווי מ׳רופט זיי לויט זייער נאָמען אָדער פאַמיליע־נאָמען — אַזוי שטאַרק איז זייער צונאָמען פאַראייניקט געוואָרן.

אָט דער שמעגדע, בעסער געזאָגט דאָס ווייב זיינס, פלעגט באַקן שוואַרץ ברויט און „פאַרישקאָוועס״ (אַזאַ מין פּלעצל פון טונקעלע ווייצן־מעל מיט ציבעלעס באַדעקט). שמעגדעס ברויט האָט געהאַט אַ נאָמען אין שטעטל, גוט געבאַקן, ראַיעל — מיט „סמיצקע״ (בליושטש) וואָס שמעגדע פלעגט גיין ספּעציעל אָנרייסן ביים טייך — נעבן אָליצקער דעם שמיד. אַזויווי זיי זענען געווען מיינע קונדן און פלעגן ביי מיר קויפן מעל, האָב איך זיי נענטער געקענט: שמעגדיכע אָדער פריידל שמעגדעס פרוי איז געווען זייער אַ שטילע, פול מיט יידישע צניעות, שטענדיק מיטן שייטל אויפן קאָפּ און שטענדיק מיטן שמייכל. איינמאָל האָב איך צוגעהערט אַ דיאַלאָג ביי מיר אין קראָם צווישן פריידלען מיט אַ צווייטע בעקערקע, וועלכע האָבן זיך גראָד צונויפגעטראָפן ווען זיי זענען געקומען קויפן מעל.

— ווי קענט איר פאַרקויפן פאַר 11 גראָשן אַ פונט, אין דער צייט ווען מעל קאָסט אייך גאַנצע 10 גראָשן און ווו איז האָלץ און אַרבעט? וואָס בלייבט אייך שוין איבער פון דעם וואָס איר באַקט?

אַזוי האָט געפרעגט די צווייטע בעקערקע פריידלען, אויף וואָס זי האָט איר געענטפערט געלאַסן:

— איר זענט טאַקע גערעכט — נאָר ביי מיר איז גענוג אַז עס בלייבט מיר די וואַרימקייט אין שטוב... און איך האָב נאָך אַ מצווה וואָס אַן אָרימע פרוי טראָגט אַריין איר טעפּל און איך קאָך איר אָפּ דעם אָנבייסן, די קאַרטאָפל אָדער דעם אולניקל וואָס זי האָט פאַר דעם מאַן מיט אירע קינדער.

און צו מיר, האָט זי זיך אָנגערופן אַביסל אין שפּאַס און מיט אַ זיפץ: „ווען מען דאַרף נישט צאָלן פאַר דעם מעל — וואָלט שוין געווען נישט שלעכט״...

אַזוי האָבן זיי געלעבט אין דחקות און אָרימקייט. דער מאַן שמעגדע, ווי מ׳האָט אים גערופן, פלעגט אויפשטיין באַגינען, העלפן אַריינטראָגן האָלץ אין אויוון און דערנאָך פלעגט אים דאָס ווייב שיקן אין בית־מדרש דאַוונען, בעטן גאָט אויף געזונט און פּרנסה.

קומענדיק פון דאַוונען פלעגט ער צעטראָגן צו זיינע קונדן — באַלעבאַטים — ברויט און פרישע „פאַרישקאָווּלעך״.

און אַזוי האָט געלעבט אַן אָרימער בעקער אין דער אַמאָליקער זאַבלודאָווע. איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן פראָסטיקן טאָג איז אין זאַבלודאָווע אויפן מאַרק־פּלאַץ געקומען צו פאָרן פון

ביאַליסטאָק אַ „שיטקע" (שליטן) מיט צוויי פערד געשפּאַנט און אין שליטן זענען געזעסן צוויי ייִדן, איינער פון זיי אָנגעטאָן אין אַ רייכן שײנעם טכוירענעם פוטער מיט אַן הויך קאַראַ־קולנע היטל. די ייִדן האָבן זיך נאָכגעפרעגט ווו עס וווינט דער רב פון שטעטל. מען האָט זיי אָנגעוויזן און זיי זענען פאַרפאָרן צום רב. אַריינקומענדיק צום רב, האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי זענען פון אַ גרעסערער שטאָט פון פּאָלעסיע, און זיי דאַרפן עפּעס וואָס צום רעדן מיטן רב. דער רב האָט זיי אַריינגענומען אין בית־דין־שטיבל. און דער ייִד מיטן טכויר־ענעם פוטער און גבירישן אויסזען האָט געזאָגט אַז מיט יאָרן צוריק איז ער געווען אַ ישיבה־בחור אין שטעטעלע „מיר". זייענדיק אַ ישיבה־בחור האָט ער געגעסן טעג ביי איינעם אַ בעקער, וועלכער האָט געהאַט אַ שיינע טאָכטער, אין וועלכער ער האָט זיך פאַר־ליבט. פלעגט שוין דאָרט קומען אין די שבתים און יום־טובים און דער פאָטער האָט אים שוין געהאַלטן פאַר אַ חתן פון זיין טאָכטער. די כלה האָט קיין מוטער נישט געהאַט, געווען אַ יתומה.

ווען דער ישיבה־בחור איז אויף אַ יום־טוב געפאָרן צו זיינע עלטערן אַהיים און דער־ציילט זיי וועגן דער כלה, האָבן זיי אים געשטערט מיט איר חתונה צו האָבן, ווייל זי איז געווען אַן אָרים מיידל און זענען געווען קעגן שידוך און אים שוין נישט געלאָזן פאָרן צוריק אין דער ישיבה אַריין לערנען.

יאָרן זענען אַוועק. אין דער צייט האָט ער חתונה געהאַט אין אַ גרויסע שטאָט מיט אַ רייכער כלה און איז געוואָרן אַ רייכער האָלץ־סוחר. נאָר גאָט האָט אים געשטראָפט וואָס עס האָדעווען זיך נישט אויס ביי אים קיין קינדער און שטאַרבן יונגערהייט... און דער ייִד דער־ציילט ווייטער אַז ער איז שוין געפאָרן צום סלאָנימער רב, געוויינט פאַר אים: פאַרוואָס שטראָפט אים גאָט? — ער גיט דאָך אַ סך צדקה און האַלט אויס אין זיין שטאָט אַ ישיבה. האָט אים דער סלאָנימער רב געפרעגט: אפשר האָסטו אַמאָל עפּעס וועגן אַ שידוך עמעצן מבייש געווען?... דאַן האָט ער זיך דערמאָנט וועגן דעם בעקערס מיידל פון דער שטאָט „מיר". און דער סלאָנימער רב האָט אים באַפוילן אויפצוזוכן, אויב זי לעבט נאָך, דער אַמאָליקער כלה זיינער און איר בעטן מחילה. זי זאָל אים מוחל זיין פאַר דער בושה און שפיכת־דמים...

ער איז גלייך אַוועקגעפאָרן אין דער שטאָט „מיר", נאָר ער האָט שוין קיינעם נישט געטראָפן. ער האָט זיך נאָר דערוווּסט, אַז די אַמאָליקע כלה זיינע שוין אַ קיילעכדיקע יתומה האָט חתונה געהאַט פאַר אַ ישיבה־ייִנגל און איז אַרויסגעפאָרן אין אַ צווייטער שטאָט. שוין אַ פּאָר יאָר ווי ער זוכט איר און דאָ נישט לאַנג האָט ער זיך דערוווּסט אַז זי געפינט זיך אין זאַבלודאָווע. מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט ווייסט ער נישט, ער ווייסט נאָר אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ זאַבלודאָווער. ער קומט איצט פון דער שטאָט זדאַלבונאָווע, וואָלינער גובערניע, ווייל ריכטיק האָט מען אים נישט איבערגעגעבן צי ס'איז זדאָלבונאָווע, וואָלינער גובערניע, צי ס'איז זאַבלוזאָווע, גראָדנער גובערניע. ער קומט איצט פון זדאָלבונאָווע, ווו ער האָט זיך געזוימט פינף טעג — געזוכט זיין אַמאָליקע כלה, אָבער אָן דערפאָלג — און אפשר וועט ער איצט האָבן דאָס מזל איר צו געפינען דאָ אין זאַבלודאָווע. איר נאָמען איז געווען פריידל רייזנער.

דער זאַבלודאָווער רב האָט אים געזאָגט אַז אַזאַ נאָמען איז אים נישט באַקאַנט, נאָר ער וועט באַלד פרעגן איינעם, וואָס יענער וועט זיך אפשר דערוויסן ווער דאָס קען זיין. דער רב האָט באַלד אַריינגערופן אליהו דעם שמש פון דער גרויסער שול, וואָס ער פלעגט זיך שטענ־דיק געפינען ביים רב אין שטוב און אים געשיקט רופן דעם סופר און בעל־קריאה מרדכי לאַנדינסקי (מאָטל נאָז), וועלכער איז געווען אויסגעבונדן און געקענט אַלע זאַבלודאָווער משפחות מיט זייערע נעמען, צונעמענישן, אַפּשטאַם אאַז"וו. דער סופר ר' מרדכי איז באַלד געקומען און דער רב האָט אים באַלד איבערגעגעבן צי ער קען אַ פרוי, וואָס הייסט אָדער האָט געהייסן פריידל רייזנער. ר' מרדכי האָט אַ קנייטש געטאָן זיין קלוגן שטערן און באַלד געזאָגט אַז ס'מוז זיין נישט קיין אַנדערע ווי פריידל די בעקערקע — שמעגדעס פרוי.

דער פרעמדער האָט זיך זייער דערפרייט וואָס סוף־כל־סוף האָט ער געפונען וועמען ער זוכט שוין עטלעכע יאָר.

דער שמש איז איר געגאַנגען רופן. ביי דער טיר האָט אים די רביצן אָנגעזאָגט, ער זאָל זאָגן פריידלען, זי זאָל זיך אָנטאָן דאָס שבתדיקע קליידל.

דער פרעמדער האָט שוין אומגעדולדיק געוואַרט אויף זיין אַמאָליקער כלה... און געוויס געקלערט אַז ער וועט איר גוט באַפרידיקן, אויב זי וועט אים מוחל זיין פאַר דעם עגמת־נפש, וואָס ער האָט איר אַמאָל פאַרשאַפט.

דורכן פענצטער האָט מען אָנגעוויזן דעם פרעמדן אַז דער שמש גייט שוין באַגלייט פון דער פרוי. אין וועלכער ער האָט באַלד דערקענט אַז דאָס איז טאַקע זיין געוועזענע כלה — פריידל. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין זיינע אויגן ווען ער האָט דערזען ווי זי זעט אויס און ווי אָרים זי איז געקליידט.

ווען פריידל איז אַריין צום רב אין שטוב, האָט איר די רביצן צוגעפירט צום טיש און דער פרעמדער האָט איר געפרעגט: פריידל, דו דערקענסט מיך?

— פאַרוואָס נישט? — איז געווען דער ענטפער, — איר זענט דאָך יאַנקל דער פינסקער!...

ער האָט איר געפרעגט, ווי ס׳לעבט זיך איר, צי זי האָט פרנסה, ווען זי האָט חתונה גע־האַט, צי האָט זי קינדער?

— איך האָב אַ גוטן מאַן און אַ זון וואָס לערנט זיך גוט — איז געווען איר תשובה. — און פרנסה, גאָט צו דאַנקען, מען זאָל נאָר זיין געזונט.

זי, אים, האָט אויך געפרעגט ווי ס׳לעבט זיך אים און צי האָט ער קינדער? אויף וואָס ער האָט טיף אָפגעזיפצט און געזאָגט אַז קיין קינדער האָט ער נישט און זיין פרוי איז שטענ־דיק נישט געזונט.

און דער אַמאָליקער חתן מיט טרערן אין די אויגן, אינגאַנצן אַן עמאָציאָנירטער, האָט אַרויסגעפלאַצט:

— פריידל! אפשר האָלסטו נאָך אָן די שנאה צו מיר?... בעט איך דיר זיי מיר מוחל פאַר דעם עגמת־נפש וואָס איך האָב דיר פאַרשאַפט... עס איז געווען נישט מיין שולד... איך בין דאַן געווען שוואַך און אָרים... איך בעט דיר: זיי מיר מוחל!... זיי מיר מוחל...

פריידל האָט צניעותדיק געענטפערט: — געוויס איז דאָס אַלץ אַ גאָט־זאַך; אַזוי האָט גאָט געוואָלט און אַנדערש האָט דאָס נישט געקענט זיין; אַזוי איז מיין מזל... נאָר דיר בין איך מוחל במחילה גמורה... איך ווינטש דיר און דיין פרוי אַלדאָס גוטס און איך ווינטש אייךביידן אַז מיט דער צייט זאָל אייער פאַמיליע זיך פאַרגרעסערן מיט קינדער און קינדס־קינ־דער. — זי האָט אים געגעבן איר האַנט און אַלע וואָס זענען בייגעווען די דראַמאַטישע סצענע האָבן געענטפערט: אָמן!

דער רב האָט אָנגעשריבן אַ מחילה־בריוו און פריידל האָט אונטערגעשריבן. נאָכהער האָבן זיי אַריינגערופן פריידלען אין אַ זייטיקן חדר. דער פרעמדער האָט אַרויסגענומען אַ גרויסע סומע געלט און איר דערלאַנגט. פריידל האָט אויפגעטרייסלט... און אָפגעזאָגט אַפילו נישט צו נעמען קיין איינציקן גראָשן.

— פאַר דעם נעם איך קיין געלט נישט — האָט זי געזאָגט — און איך בין מוחל פון גאַנצן האַרצן — אָן באַלוינונג. אַזוי האָט גאָט געוואָלט און אַזוי דאַרף עס זיין!...

מען האָט אַריינגערופן דער רביצן, אפשר וועט זי קענען פועלן ביי פריידלען, אַז זי זאָל עס נעמען ווי אַ מתנה פאַר איר קינד. אָבער פריידל האָט נישט געוואָלט הערן און וויסן...

אַזוי האָט זיך געזעגנט מיט איר דער אַמאָליקער ישיבה־בחור יאַנקל, דער פינסקער עלוי, ווי מ׳האָט אים דאַן גערופן, און דער היינטיקער גביר דער האָלץ־סוחר. און פריידל איז אַוועק צו איר אָרימען לעבן, העלפן אָרימע שכנות אָפקאָכן אַן אָנבייסן און נאָך צולייגן אַ „פאַ־רישקאָוועלע״...

דוד זאַבלודאָווסקי (בן חיים צבי) מעקסיקע

# זאַבלודאָווע - דער אייביקער שטעמפּל אין מיין האַרצן

פון זאַבלודאָווע פלעגט קומען יעדע וואָך קיין מיכאַלאָווע — ווו מיר האָבן דאַן געוווינט — פלטיאל דראַלעס מיט זיין דראָבנער ווייבעלע זיסל צום פאַרקויפן קאַשע און גרויפּן. פלעגט דער טאַטע מיך אַרויפזעצן ביי זיי אויפן פור און מיך אָפּשיקן מיט זיי קיין זאַבלודאָווע צום זיידן און באָבען צו גאַסט. אויך שפּעטער ווען מיר האָבן שוין געוווינט אין ביאַליסטאָק, פלעג איך אָפט קומען קיין זאַבלודאָווע. דער טאַטע פלעגט מיך ברענגען צו די זאַבלודאָווער פורן, ווען זיי האָבן נאָר־וואָס געהאַט געקומען און האָבן נאָך גאָרנישט געקלערט צוריקפאָרן. דאַן פלעגט מיך טעוול אָדער סענדער דער בעל־עגלה אַרויפזעצן אויף די ווייכע זעק שטרוי סאַמע אויבנאָן. וואָס ווייטער אָבער ס׳פלעגן אָנקומען פאַסאַזשירן, פלעגט דער בעל־עגלה זיך מיר הייסן אָפּרוקן. איין מאָל, אַ צווייטן מאָל, אַ דריטן מאָל, ביז איך בין געבליבן זיצן ביים סאַמע ברעג ווו די דראַבינע איז געווען צוגעבונדן מיט אַן אייזערנער קייט צו דער דעמבענער קלאָניצע. וואָס פאַר אַ מחיהדיקע רייזע דאָס איז געווען, קען מען זיך פאָרשטעלן. איך בין געבליבן אָן זייטן... ווי אָבער די פור איז אַריינגעפאָרן אין שטעטל, בין איך אַראָפּגעשפרונגען פון וואָגן און מיט אַ פריילעכן גוט־אָוונט אַריינגעלאָפן צו זיידע־באָבע אין שטוב און אַלץ פאַרגעסן.

ביים זיידן אין שטוב בין איך געווען זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט — אַ קליינינקייט דער ערשטע אייניקל — איך בין דאַן אַלט געווען מסתמא אַן 8־9 יאָר.

איינגעקריצט איז אויך געבליבן אין זכרון די רייזע מיט טאַטע־מאַמע צום פעטער מאָט־קעס חתונה קיין בילסק. נאָך איצט געדענק איך דעם זומערדיקן פאַרטאָג, די גרויסע דראַבינע מיט שטרוי, וועלכע איז געשטאַנען גרייט ביים טיר ווו הין מען האָט מיך אַריינגעוואָרפן און מיר זענען אָנגעקומען קיין זאַבלודאָווע, ווו עס זענען שוין געווען צוגעגרייט פורן פאַר אַלע־מען צום פאָרן קיין בילסק. די באָבע סולע איז געפאָרן פאָראויס, גענומען פון אַ גרויסע פאַ־פירענע טאָרבע הויפנס צוקערקעס און געוואָרפן אין גאַס אין אַלע זייטן...

ליב איז מיר געווען צו קומען צו מיין זיידע־באָבע קיין זאַבלודאָווע צו גאַסט. נישט איינ־מאָל פלעג איך זיך אויפכאַפּן אין מיטן דער נאַכט און זען ווי דער זיידע אברהם זיצט אויף אַ בענקעלע און זאָגט עפּעס מיט אַ וויינענדיקן ניגון — שפּעטער האָט איך שוין געוווסט אַז דאָס זאָגט ער תיקון חצות...

ווען אונדזער פעטער משה איז אַוועק אין דער יאַפּאַנישער מלחמה, האָט מיין זיידע געקויפט אַ מאַפּע פון ווייטן מזרח און דאַן האָט מען געקענט זען אַזאַ סצענע: דער זיידע דרייט אויס אַ פּאַפּיראָס פון זיין באַליבטן טאַבאַק „וואָסטאָטשנע", טוט אַריין אין ציגאַרן־שפּיצל און פאַרויכערט, שפּרייט אויס די מאַפּע אויפן טיש, נעמט אַרויס דעם בריוו וואָס איז נעכטן אָנגעקומען פון זיין זון און הייבט אָן צו קנעלן טייטלענדיק מיטן פינגער: „פריער איז זיין פולק געשטאַנען אין ניקאָלסק־אוסורייסק, נאָכדעם האָט מען זיי געשיקט קיין מוקדען דורך וולאַדיוואָסטאָק"... אאַז"וו.

איך דערמאָן זיך דעם בילסקן בית־מדרש, ווו דער זיידע האָט געדאַוונט. שבת פלעגן זיך אויסשטעלן אין מזרח — העפּנער מיט זיינע זין. אין די מיטן־וואָכנדיקע טעג פלעגן שיינע יידן, וואָס די ווייבער זייערע זענען געווען די פרנסה־געבערקעס, זיצן אין בית־מדרש ביז 11 אין דער פרי. וואָס איז פאַראַן זיך צו איילן? דאָרט אין בית־מדרש האָט מען איבערגעלייענט

דעם „המליץ״, אָדער מען האָט געשמועסט וועגן דרייפוס־פּראָצעס, אָדער וועגן דער מלחמה מיט די בורן... אָט גייט זיך אַרום הין און צוריק דיאָדקע פיינמאַן, זינגט־אונטער, מיט זיין שיינער און זיסער שטימע אַ ניגון און לייגט צונויף געלאַסן דעם טלית און תפילין.... אָט איז פּאָד־ראַבינעקס זון מיט דער שיינער שטימע, וועלכער איז מוראדיק פרום — ער פלעגט זיך שאָק־לען ביים דאַוונען און ממש צעגיין פון געוויין...

אָט געדענקט זיך אַ שבת־פאַרנאַכט, בין השמשות. ביים זיידן אין שטוב איז האַלב־טונקל. ביים פענצטער, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין שויב, שטייט די מומע ביילע און זינגט מעלאַנ־כאָליש: „די מאַיאָווע ווערעטערן, זיי הייבן זיך שוין אָן צו באַווייזן״ און באַלד נאָכדעם קומט די באָבע סוליע מיט איר „גאָט פון אברהם פון יצחק און פון יעקב״... (דעם זיידנס שטוב איז



מאיר פּאָדראָבינעק
(באַוווסטער חזן, היינט אין אַמעריקע)



משהקע פיינמאַן (געשולטער חזן), זון פון דיאָדקע פיינמאַן, גוטער בעל תפילה און שיינער מנגן.

אפשר געווען די איינציקע דאָן אין זאַבלודאָווע, ווו מען האָט געזונגען פאָלקס־לידער און ווו עס האָבן שוין געבלאָזן נייע ווינטן...). שפּעטער אַ ווײַלע — שוין וואָך. מיט צוויי לעבלעך ברויט אונטערן אָרים גייט שוין די באָבע עפענען די קראָם.

און וואָס איז ביי דער באָבע סוליען אין קראָם נישט געווען: ברויט, חלה, געבעקס פון אייגענער אויסאַרבעטונג, בייגל געקויפטע, הערינג, לאָפּעטעס, קאָטשערעס, פּאָמעלעס. בעזי־מעז׳, גאָמעלקעס קאַלך, קאָכלעפל, טרוקענע קעזלעך, זויערע אוגערקעס, קרויט, עפל, באַרנעס און אַנדערע פּרוכטן, גאַזע, זאַלץ, פעפער, יאַנדרעס, אַ גרויסער אויסוואַל פון פּאָליווענע כלים, „נאַשעניע״ (זריעה), קרייטעכצער צום מאָגן, צום הוסט, ווערים־קרויט און אַנדערע באַבסקע רפואות...

זייער אָפט פלעג איך אויך נאָכהער, שוין אין מיינע יוגנט־יאָרן, באַזוכן אונדזער טייע־רע ראָמאַנטישע זאַבלודאָווע, מיט וועלכער איך בין געווען אַזויפיל צוגעבונדן פון מיינע פריע קינדער־יאָרן אָן און דאָרט אונדזער גאַנצע טייערע משפחה געהאַט — — —

שפעטער שוין, אָנהייב דעצעמבער 1925, בין איך געפאָרן קיין זאַבלודאָווע זיך געזעגענען. אַ שטאָט אַ פאָרגעשריטענע, מיט אירע שיינע אינסטיטוציעס און מיט איר פריילעכער יוגנט.

אַ דראָבנער שניי האָט געשאָטן ווען איך האָב אין יענעם פאַרנאַכט פאַרלאָזן אויף אייביק מיין ליב און זיס שטעטעלע, ווו עס האָט זיך געשפינט מיין ערשטע ליבע און מיט וועלכע עס זענען פאַרבונדן די שענסטע זכרונות פון מיין קינדהייט און יוגנט. עס ווילט זיך אויסשרייען מיט צער און ווייטיק: „האַרציק שטעטעלע מיינס, דו האָסט געלאָזן אַ שטעמפּל אויף אייביק אין מיין האַרצן און איך וועל דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!״.



אינעווייניקסטער אויסזען פון ביעלסקן בית־מדרש.

מען זעט דאָ: הרב מירסקי, נעבן אים: יואל מילער (לערנער און בעל תפילה). רעכטס: אַלטער גניעטשוצקי. אין הינטערגרונט: גרשון דער שמש פון גרויסן בית־מדרש.



ר׳ אברהם זאַבלודאָווסקי



זיין פרוי סוליע

אַ סך יאָרן בעל קריאה און מוהל אין זאַבלודאָווע. פאַרמאָגט שוין אַן אייגענע רייכע ספרים־זאַמלונג. געווען דער ערשטער אין זאַבלודאָווע אויסצושרייבן די ערשטע טעגלעכע צייטונג פון פעטערבורג „דער פריינד" און די צייטשריפט „דער יוד" — מיט 50 יאָר צוריק; ווי׳ אויך די וואָכנשריפטן און זאַמל־ביכער וואָס י. ל. פרץ און ספעקטאָר האָבן דאַן אַרויס־געגעבן אַלס די ערשטע שפּראָצונגען פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.



די טעכטערביילע און רייזל ביי דער מצבה פון זייער פאָטער אברהם זאַבלודאָווסקי, אויפן זאַ־לינקס: דער קבר פון ר׳ משה חיים געלערשטיין. בלודאָווער בית־עולם.

מלך ראַוויטש

# בען



בן (בן־ציון ראַבינאָוויטש) דער באַרימטער קונסטמאָלער (פּאַריז), וועלכער האָט אייניקע פון זיינע ערשטע שאַפונגען געמאָלן אין זאַבלודאָווע

בען וויל בשום אופן זיך נישט אידענטיפיצירן מער מיט די זיבן טראָפּן פון זיין לאַנגן פולן נאָמען. דריי אותיות איז גאַנץ גענוג אין נאָמען פון אַ מאָלער. אין עברית זענען עס בלויז צוויי אותיות: בן — דאָס וואָרט זאָגט זייער אַ סך. אַ גאַנצע פילאָזאָפיע קען מען אַרויסמאָלן אויף דער לייוונט פון אַזעלכע צוויי אותיות: בן... בען איז אַ ביאַליסטאָקער און אַ קענער אין די שוואַרצע פינטעלעך. תהילים קען ער פון אויסנווייניק. ער טראָגט לענגלעכע ברוינע האָר און איז אַלט אַרום די פופציק. ער איז אַרבעטזאַם ווי אַ בין און וווינט אין אַ דירה מיט עטלעכע דעכער און באַלקאָנען און האָט גאַנץ פּאַריז ווי אויף דער האַנטפלאַך פאַר זיך. בען זעצט אַנידער יעדן יידישן שרייבער, וואָס קומט אים אונטער די אויגן אויף דער פאָזיר־קראַכשטול און ער מאָלט אים. ער האָט שוין אַ גאַנצן געמאָלענעם לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור. בשעת די נאַציס אין פּאַריז איז בען געזעסן אין אַ קעלער און האָט געלעבט מיט דינע פּעניצלעך ברויט און טראָפּנס וואַסער און דינע זוימען ליכט... בען מאָלט איצט דעם תהילים מיט דינע ליניעס און זיבן און זיבעציק קאָלירן פון עלף רעגנבויגנס. 37 תהילים־בילדער האָב איך ביי אים געזען און זעענדיק דאָס 37סטע בילד בין איך ממש געשטאָרבן פון צופיל שיינקייט. די בילדער זענען רעאַל און אַבסטראַקט, פאַרב און קלאַנג, יידיש און אוניווערסאַל. זאָגט סימאָגידעס: רעדנדיקע בילדער — דאָ זענען תהילים־זאָגנדיקע בילדער. נאָר זיי זאָגן תהילים אויף עטלעכע לשונות מיט אַמאָל. אגב איז אין די בילדער איינגעפלאָכטן אָפּט דער שם המפורש אין אותיות — השמים מספרים כבוד אל. דאַכט זיך, אַז צווישן די זוכנדיקע האָט בען שוין געפונען.




אַ פאַרזאָרגטער ייד (שוואַרצע שטיין־שטיפט צייכענונג)

## טיפּן פון זאַבלודאָווער יידן — געצייכנט פון קונסט־מאָלער בען




בענס פאָטער שלמה יעקב ז״ל (אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ), אַרכיטעקט — גע־מאַכט פּלענער צום בויען פאַבריקן, הייזער אאַז״וו אין ביאַליסטאָק, אומגעגנט און אויך אין זאַבלודאָווע. ער האָט אויך געמאַכט דעם פּלאַן פון דער נייער שול אין וואָלקאָוויסק.



שמואל צעסלער. — קויל־צייכענונג פ״ן בן (בן־ציון ראַבינאָוויטש) אין זאַבלודאָווע, 1928.



אַ ייד אַ למדן (קויל־צייכענונג)




אַן אַלטער ייד (שוואַרצע שטיין־שריפט צייכענונג)

## משה זאַלצמאַן

# ר׳ משה זעליק פּעטלין

דער נאָמען „מלמד״, איז גאָרנישט פּאַסיק פאַר משה זעליק פּעטלין. ווער געדענקט נישט דאָס טשיפּען פאַר די האָר אָדער בוכטשען אין דער פּלייצע פון די קליינשטעטלדיקע מלמדים... משה זעליק פּעטלין איז געווען, קען מען זאָגן, דער ערשטער צו איינפירן אין זאַבלודאָווע אַ חדר מתוקן, מיט אַ מער מאָדערנעם מעטאָד און וועלטלעכער באַציאונג אין לערנען און צו זיינע תלמידים. דער אויסגעאיידלטער משה זעליק — אין וועמענס חדר מיר האָבן געהאט די זכיה צו לערנען — האָט געהאַט אַן אייגענעם מאָדוס ווי צו באַשטראָפן די ווידערשפּעניקע תלמידים (באָלוואַנעס): מיט דער לינייקע „איבערן האַנט״, פלעגט ער געבן צו פילן אַמאָל שטאַרקער, אַמאָל שוואַכער, לויטן גראַד „ווידערשפּעניקייט״, וואָס דער תלמיד האָט אַרויס־געוויזן. אויסער חומש, רש״י, תנ״ך און בבא־בתרא, האָבן זיינע תלמידים באַקומען לעקציעס פון איידלקייט און ציכטיקייט.

דער אופן ווי משה זעליק פלעגט טיילן נדבות איז געווען אַזאַ מין לעקציע — די קאַנ־טאַרקע, שטענדיק באַזאָרגט מיט גראָשנס — אַזוי, אַז קיין אָרעמאַן האָט נישט אויסגע־שטרעקט אומזיסט די האַנט. ער פלעגט אויך איינפּלאַנצן ביים יונגן דור לאָקאַלן פּאַטריאָ־טיזם, נישט פאַרגעסנדיק איבערחזרן, אַז זאַבלודאָווע האָט אַ וויכטיקע פאַרגאַנגענהייט און אַז מיט יאָרן צוריק פלעגט מען אויף בריוו, אַדרעסירט קיין ביאַליסטאָק, צושרייבן: ה ס מ ו כ ה ל ז ב ל ו ד ו ב ה.

שמועסן אויף זייטיקע טעמעס און אַפילו וועגן „פּאָליטישע מאָמענטן״, מלחמה־צייט, פלעגט משה זעליק ליב האָבן צו קאָמענטירן פאַר זיינע תלמידים, פאַרשאַפנדיק זיי וועלט־ידיעות און ווי ער אַליין פלעגט זיך אויסדריקן — זענען זיי אַזוי וויכטיק ווי „קענען זינגען מיטן ריכטיקן ניגון, די פּרשה תולדות״... ס׳איז כדאַי אויך צו דערמאָנען, אַז משה זעליק פּעטלין האָט אויסגעפילט די פונקציע פון „קאַזיאָנער ראַבין״, אַסעקוראַציע־אַגענט און ערש־טער זאַבלודאָווער ביבליאָטעקאַר. זיין רייכע ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל העברעישע, יידישע און רוסישע ביכער — נאָך אַ סך פּריער, איידער ס׳איז געשאַפן געוואָרן די פאָלקס־ביבליאָטעק אין זאַבלודאָווע.

זאָלן אָט־די פאַר ווערטער דינען ווי אַ מצבה פאַר אַ געשעצטן לערער און קולטור־מענטש, וועמענס פּערזענלעכקייט האָט באַשיינט אונדזער שטעטל.



סולקע פעטלין-טשעראַף (ניו־יאָרק)

# מיין טאַטנס גרויסער חדר

נישט זייענדיק קיין שרייבערן, איז זייער שווער זיך אַוועקצוזעצן און אָנשרייבן אַ מיט־אַרבעט פאַר אַזאַ הייליקער זאַך, ווי עס דאַרף זיין אַ „יזכור־בוך" נאָך אונדזער היימשטאָט זאַבלודאָווע. ווער רעדט נאָך, אַז איך בין געשטראָפט מיט צופיל „סענטימענטאַלקייט" און דאָס שטערט מיר אַ סך צו טאָן זאַכן, וואָס זענען פשוט אַ חוב. אָבער כ׳קען בשום אופן נישט בלייבן גלייכגילטיק צו דער ווונדערבאַרער אונטערנעמונג פון אייך, טייערע קינדער פון מיין גרויסן טאַטנס חדר! — וואָס האָבן אונטערגענומען אַרויסצוגעבן דעם „זאַבלודאָווער יזכור־בוך", און ווייל, ווען עס קומט צו זאַבלודאָווע, צו מיין טאַטן, ווערט מיר אַ קנויל אין האַלדז... גאָרנישט ווי איך וואָלט געווען אין אַמעריקע פערציק יאָר, נאָר אַזוי ווי כ׳וואָלט פאַרלאָזן זאַבלודאָווע נעכטן... ווילט זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן און דערציילן: אָט, זע איך פאַר מיינע אויגן מיין טאַטנס הויז, דעם חדר און דעם גאַנצן אַרום... עס געדענקט זיך נאָך ווי איצט, ווען



ר׳ משה זעליק פעטלין און זיין טאָכטער סולקע

אין דעם גרעסטן פראָסט, פלעגט דער טאַטע מיינער משה־זעליק ע"ה, זונטיק אין דער פרי, נישט געקוקט אויף זיין ווייב פעשע הינדעס פראָטעסטן, צעעפענען די פענצטער, אויסצו־לופטערן דעם חדר... וואָס הייסט? פלעגט ער טענהן צו פעשע־הינדען, די קינדער דאַרפן קו־מען, מוז זיין די לופט אַ ריינע... אַפילו דער „פּאָדוער" האָט געדאַרפט זיין אַ ריינער, אויס־קערן און אַריינגיסן אין די ראָוועס אַזאַ דעזינפעקציע, וואָס ער פלעגט צעמישן מיט וואַסער. די תלמידים פון חדר זענען דאָך ביי אים געווען ווי אייגענע קינדער... יעדעס מאָל, ווען עמ׳י־צער פון זיינע תלמידים פלעגט פאַרלאָזן זאַבלודאָווע און אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, זענען זיינע אויגן געווען פול מיט טרערן, אָבער אין דער זעלביקער צייט פלעגט ער זאָגן: „גוט, וואָס זיי רייסן זיך אַרויס פון „בעזליודאָווקע"...

איך געדענק נאָך ווי איצט, ווען עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז איך זאָל פאָרן קיין

אַמעריקע, זענען געזעסן ביי אונדז דער „אוטשיטעל" סערלין, אַהרן־הערש צעסלער (דער פעלדשער) און עזריאל עפשטיין. ס'טייטש, האָבן זיי געטענהט צו אים, ווי אַזוי לאָזסטו עס אַוועקפאָרן דער מעזינקע? בלייבסט דאָך אַליין מיט פּעשע־הינדען... האָט ער זיי דאַן געענטפערט: „טאַקע דערפאַר, ווייל איך האָב זי אַזוי ליב. און ליב האָב איך זי נישט מיט קיין עגאָאיסטישער ליבע, נאָר איך וויל, אַז איר זאָל זיין בעסער..." און מיט דער זעלביקער ליבע האָט ער ליב געהאַט זיינע תלמידים און בכלל מענטשן!

ODPIS METRYKI.

Niniejszym zaświadczam iż w książce metrycznej dla zapisów urodzonych izraelitów w miejsce Zabludowie na rok [illegible]

znaczy się pod № 24 że od małżonków

obywatela miasta Zabludow [illegible]

syn [illegible] i żony [illegible]

córki [illegible] urodził się 26 [illegible]

któr[illegible] dano było imię [illegible]

Zawiadowca registracją izraelitów m. Zabludowa

Pom. Rabbina [illegible]

געבורט־מעטריקע אַרויסגעגעבן דורכן ראַבינער משה־זעליק פּעטלין
אין 1922 — (שוין אויפן טויטנבעט)

ווען מען זאָל קענען גלויבן, אַז מיין טאַטע ווייס דאָרט... וואָס איר, זיינע תלמידים, האָט אונטערגענומען אַרויסצוגעבן אַזאַ הייליקן ספר ווי אַ יזכור־בוך נאָך די זאַבלודאָווער קדושים און אונדזער ליבער זאַבלודאָווע, וואָלטן זיינע ליכטיקע אויגן זיך אָנגעפולט מיט טרערן... פון דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג צו אייך! — און דאָס זעלביקע פיל אויך איך צו אייך — — —

זאָל די וווּנדערבאַרע אַרבעט אייערע — דאָס זאַבלודאָווער יזכור־בוך — פאַרבלייבן פאַר דער צוקונפט ווי אַן הייליקער אָנדענק נאָך אונדזערע אומגעקומענע זאַבלודאָווער לאַנדסלייט, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַזאַ שוידערלעכן אופן, און זייערע הייליקע נעמען און דער נאָמען „זאַבלודאָווע" פאַראייביקטע אין דעם דאָזיקן ספר, זאָלן שיינען אויף שטענדיק און איבערגיין פון דור צו דור!...

י. ל. אַלטעס

# דריי זאַבלודאָווער פּאָרטרעטן

## אהרן־הערש דער פעלדשער



אהרן הערש צעסלער

אַלע האָבן אים געקענט, ליב געהאַט און רעספּעקטירט. אַלע האָבן אים כסדר דערמאָנט. זיין נאָמען איז אויך געווען ווייט באַוווּסט איבער אַלע פּוילישע און ווייסרוסישע דערפער, נישט בלויז ביי די יידן און מעשטשאַנעס פון שטעטל.

כאָטש גערופן האָט מען אים אהרן הערש דער פעלדשער, פונדעסטוועגן איז געווען גענוג צו דערמאָנען אהרן הערש אַליין און מ׳האָט שוין געוווּסט וועמען מען מיינט. ער איז געווען אַן אינטערעסאַנטע און אָריגינעלע פּערזענלעכקייט.

אהרן הערש איז געבוירן געוואָרן אין זאַבלודאָווע אין יאָר 1852, ביי אַ האָרעפּאַשנעם יידן אַ מטופל מיט קינדער. זיינע קינדער־יאָרן האָט ער פאַרלאָרן אין די חדרים, און ערשט ווען ער איז אַוועק דינען דעם צאַר, האָבן זיך אים דורך אַ צופעליקער מעגלעכקייט געשאַפן די באַדינגונגען צו קענען שטודירן. זיינע גרויסע פעאיקייטן און זיין נאַטירלעכע אינטעליגענץ האָבן אים געעפנט די דאַן פאַר יידן פאַרשלאָסענע טירן פון אַ מעדיצינישן קורס, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, פאַר אויסגעצייכנטע זעלנער. אהרן הערש האָט מיט דער יידישער עקשנות פון אַ לערנער אַדורכגעמאַכט דעם קורס ווי איינער פון די בעסטע אַביטורענטן, באַקומענדיק דעם דיפּלאָם פון קענען פּראַקטיצירן פעלדשעריי.

ווען אַהרן הערש האָט פאַרענדיקט מיליטער־דינסט, איז ער צוריקגעקומען אין זיין געבורט־שטעטל, האָט חתונה געהאַט מיט דער שטילער באַשיידענער און שיינער פייגע־באַשע און גענומען פּראַקטיצירן אַלס פעלדשער און געבוירן מיט איר צוויי זין.

אַהרן הערש צעסלער, אַלס מענטש און אַלס מעדיקער האָט שטאַרק דערמאָנט מיט זיינע הומאַניטאַרע האַנדלונגען, אונדזער אומפאַרגעסלעכן ד״ר נח ירחי, אין אַרגענטינע. נישט געקוקט וואָס אין זאַבלודאָווע און אין דער רייכער צאָל דערפער אַרום איר, איז נישט געווען קיין איין דאָקטער און אַהרן הערש איז געווען דער איינציקער פעלדשער, האָט ער קיינמאָל נישט אויסגענוצט די געלעגנהייט פאַר זיינע פּערזענלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסן. פאַרקערט, ער האָט זיין פּראָפעסיע געשטעלט פריער פאַר אַלץ צו דינסט פון דער גרויסער יידישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג און אַזוי אַרום איר דערפירט צו אַ הויכער הומאַניטאַרער מדרגה.

אהרן הערש איז געווען אַ גרויסער פּסיכאָלאָג, ער האָט געקענט גוט דעם מאָראַלישן און גייסטיקן צושטאַנד פון די שטעטלשע איינוווינער. ער האָט געוווּסט אויסגעצייכנט, אויף וועמען ער דאַרף אָנשרייען, וועמען ער דאַרף טרייסטן, מיט וועמען ער דאַרף זיך אַדורכשמועסן מער אינטימער און וועמען ער דאַרף אַמאָל אינגאַנצן נישט ענטפערן. ביי וועמען מ׳דאַרף נעמען מער פאַר אַ וויזיט, כדי ער זאָל שוין באַצאָלן פאַר דעם אָרעמען חולה. וויפל מאָל

פלעגט געשען, אַז אהרן הערש פלעגט באַזוכן אַ קראַנקן אין אַן אָרעמער שטוב, און ווען ס׳פלעגט קומען צו באַצאָלן, פלעגט ער נעמען שרייען: „ווער בעט ביי דיר געלט? פאַרבאַ־האַלט עס, נעם בעסער דאָס געלט און קויף אַן עוף פאַרן קראַנקן”. און פאַרן אַוועקגיין פלעגט ער איבערלאָזן זיין געלט אויפן טיש און אַ זאָג־טאָן: „נאַ! דאָ האָסטו אויף צו קויפן די רע־צעפּטן”. און אַז אהרן הערש פלעגט וויזיטירן אַ חולה ביי אַן אָפּגעפּיינטער פאַמיליע, ווו ער האָט געוווסט, אַז זי מאַכט אַדורך אַ שווערן עקאָנאָמישן מאָמענט, פלעגט ער פאַרן אַוועק־גיין גוטמוטיק אַ זאָג־טאָן: „נו, נו, ס׳וועט זיין גוט אַזוי, איצט נישט, אַז ס׳וועט אייך אַוועק־גיין בעסער, וועט איר מיר אָפּגעבן פאַרן וויזיט”.

אַהרן הערש — אַ הויכע עלאַסטישע פיגור, אַ גלאַטער, גלאַנציקער קאָפּ אַרומגענומען מיט גרוילעכע האָר, קליינע, אומרואיקע קלוגע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט דורך פּענסנע פון וועלכע ס׳איז אַראָפּגעהאָנגען אַ לאַנגע שוואַרצע, שמאָלע סטענגע אינמיטן אַרומגענומען מיט אַ בלויער פּאַטשערקע. שטילע שמאָלע טריט און זיכערע באַוועגונגען, נעט און שיין גע־



אהרן הערש צעסלער — דער זאַבלודאָווער פעלדשער און שטאָט־ראַטמאַן — פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1903 — מיט זיין פרוי ליפשע, מוטער שיינע־חייה און פאָטער משה.

קליידט מיט אַן האַלב־אָפּגעלייגטן קראַגן, מיט אַ שוואַרצן קינסטלער־שלייף, — דאָס אַלץ האָט געשאַפן פונעם אויסערלעכן אהרן הערשן, אַ זעלטן שיינע מאַיעסטעטישע פיגור, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס רעספּעקט אַפילו ביי די וואָס האָבן אים נישט געקענט.

אַהרן הערש האָט זיך אָבער נישט נאָר אויסגעצייכנט אין שטעטל מיט זיין עסטעטישן אויסזען און עטישע האַנדלונגען. ער האָט זיך אויך אויסגעטיילט מיט זיין ברייטהאַרציקייט און מיט זיין גרויס פאַרשטענדעניש פאַר דער פאַרצווייגטער פילאַנטראָפּישער און געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט פונעם שטעטלשן ישוב. ער איז געווען אַ שטענדיקער ראַטמאַן אין

מאַגיסטראַט (שטאָט־רעגירונג). אַלס ראַטמאַן איז ער געווען אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער פאַר־טיידיקער פון די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין שטעטל האָבן זיך גע־פונען פאַרבאַהאַלטענע אַנטיסעמיטן און אייניקע פון זיי זענען געווען מיטגלידער פון שטאָט־ראַט, און נישט איינמאָל האָבן זיי פּרובירט אַדורכשמוגלען אַנטיסעמיטישע באַשלוסן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳האָט זיך זיי אָבער קיינמאָל נישט איינגעגעבן. אַהרן הערש איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך. זיין אויגעהויערער שטאָלץ אַלס מענטש און ייד, האָט אים געגעבן אַזאַ קוראַזש אַז אינעם פייער פון זיין פאַרטיידיקונג, פלעגן פאַרברענט ווערן אַלע אַנטיסעמיטישע אַמביציעס. אַפילו זיי, האָבן רעספּעקטירט און מורא געהאַט פאַר אים. אַהרן הערש איז אָן ספק געווען איינער פון יענע פּאָזיטיווע כוחות, וואָס אַדאַנק זיי איז אין זאַבלו־דאָווע קיינמאָל נישט געקומען צו קיין עפנטלעכע ערנסטע אַנטיסעמיטישע עקסצעסן.

אַ סך מיטגעהאָלפן אין זיין פּריוואַטן לעבן און געזעלשאַפטלעכער אַקטיוואַציע האָט אים אין זיינע מיטעלע און עלטערן יאָרן, זיין צווייטע פרוי ליפשע אָדער „אהרן־הערשיכע״, ווי מ׳האָט איר גערופן אין שטעטל. זי איז געווען אַן אשת־חיל און אַ געבילדעטע פרוי — גע־שטאַמט פון די יחסנישע מייזעלס פון גראָדנע.

אהרן הערש איז געווען איינער פון די גרינדער און פון די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער פונעם קרן קימת און קרן היסוד אין זאַבלודאָווע. ער איז אויך געווען איינער פון די אָנגע־זעענסטע פירער פון ועד הקהילה און פון דער גמילת חסדים קאַסע. פון זיין דרייסטקייט און פון זיין שטענדיקער גרייטקייט צו העלפן דער שטאָטישער באַפעלקערונג איז גענוג צו דער־מאָנען אַ הערצישן עפּיזאָד זיינעם, וואָס איז פאַרלאָפן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווען די דייטשישע חיילות האָבן זיך גענומען דערנענטערן צום שטעטל און מען האָט דער־וואַרט אַ בלוטיקע שלאַכט ביי זאַבלודאָווע, האָבן אַלע איינוווינער אָנגעהויבן פאַרלאָזן זייערע הייזער און מען איז אַוועק אין דער נאָנטער גרויסער שטאָט — קיין ביאַליסטאָק. אהרן הערש האָט ספּעציעל פאַר דעם געמאַכט זיך אַ נייע בריטשקע, נאָר אין לעצטן מאָמענט האָט דער שטאָלצער און אומדערשראָקענער מענטש דערפילט די לעכערלעכקייט פון זיין טאַט. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי ער האָט זיך געקענט באַאיינפלוסן פון דעם אַלגעמיינעם שרעק־פּסיכאָז און אַנטלויפן גלייך מיט אַלעמען. ער האָט באַלד באַשלאָסן, אַז וואָס עס זאָל נישט געשען, ער בלייבט. ער מוז פאַרטיידיקן דאָס יידישע האָב־און־גוטס וואָס איז פאַרבליבן אויף הפקר, אַז אויב אומקומען, וועט ער אומקומען פאַר־טיידיקנדיק דאָס שטעטל — זיין שטעטל. ער האָט זיך גלייך אויפגעגנייט אַ ווייסן כאַלאַט, אַ ווייס מיצל מיט אַ גרויסן רויטן קרייץ, פאַרשטייענדיק אַז מיט דעם אָנטועכץ פון אַ סאַניטאַר, וועט ער זיך קענען באַוועגן אומגעשטערט און קענען גלייך זיין דאָרט ווו מ׳וועט דאַרפן ראַ־טעווען. און אהרן הערש האָט טאַקע אַ סך געראַטעוועט. ער, צוזאַמען מיטן רב ר׳ עקיבא סובאָטניק און יוסף יאַבלאָנסקי, וואָס זענען אויך פאַרבליבן, האָבן געראַטעוועט די אַלטע היסטאָרישע שול און דאָס גאַנצע שטעטל, אַז זיי זאָלן נישט אָפּגעווישט ווערן דורכן פייער. ווייל די לעצטע גרופּע קאָזאַקן, וועמען מ׳האָט אָנגערופן „די אונטערצינדער״, זענען שוין געווען גרייט אַדורכצופירן זייער שליחות. נאָר אַהרן הערש, מיט זיין איבערצייגנדיקער שפּראַך און די אַנדערע צוויי, מיט אַ באַדייטנדיק גרויסער סומע געלט, איז געלונגען צו ראַטעווען זאַבלו־דאָווע פון אונטערגאַנג נאָך אין 1914.

אַזוי האָט אהרן הערש דער פעלדשער געלעבט, געהיילט, מיטגעהאָלפן אין אַלע שטעטל־שע נויטן און פּראָבלעמען און זיך געעלטערט אין רעספּעקט און אין כבוד ביז 1936, ווען ער איז אין עלטער פון 84 יאָר געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק פאַר די קומענדיקע דורות אַ ליכטיק, הערליך בלעטל אין דער רייכער געשיכטע פונעם אומגעקומענעם זאַבלודאָווער יידישן ישוב.

# שמואל לייב צעסלער — דער פידל-ווירטואָז

ביים סוף פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אין 1880, איז אינעם שטעטל זאַבלודאָוויע (קרעסן), ביי דעם שטעטלשן פעלדשער אַהרן הערש צעסלער, די פּאָפּולערסטע פּערזאָן אין שטעטל, געבוירן געוואָרן דער בכור שמואל־לייב, וואָס האָט מיט יאָרן שפּעטער אַוועקגעלייגט זיין קינסטלערישן חותם, אַרויסרופנדיק באַוווּנדערונג און אָנערקענונג אין דער מוזיקאַלישער וועלט.

דער יונגער שמואל־לייב האָט זיך געהאָדעוועט צווישן די אומצאָליקע פּאַציענטן, יידן און קריסטן, אָמערסטן פּויערים, וואָס פלעגן שטענדיק קומען זיך היילן אין זיין טאַטנס שטוב, און צווישן די כסדרדיקע ריחות פון יאָד, יאָדאָפאָרמע, אַלקאָהאָל און פון די פאַרשיידענע אַנדערע מעדיקאַמענטן.

זיין פאָטער, שטענדיק אַ פאַרנומענער, אַ פאַרטועונער אין זיין מעדיצינישער אַרבעט און אין זיינע געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע כלל־טעטיקייטן, האָט נישט געהאַט קיין צייט



פּראָפעסאָר ש. ל. צעסלער

זיך אָפּצוגעבן מיט זיין קינד. צום אומגליק איז זיין שטילע, באַשיידענע און פאַרשטענדלעכע מוטער — פייגע־באַשע — אים אָפּגעשטאָרבן, ווען ער איז נאָך געווען אַ פיר־יאָריק קינד, אים איבערלאָזנדיק אין אָנדערהאַלבן־יאָריק ברודערל אברהמעלע. און שמואל־לייבעלע האָט זיך געמוזט אַליין אַן עצה געבן.

נאָך אַלס קינד האָט זיך ביי שמואל־לייבעלען אָנגעהויבן אַנטוויקלען ליבע צו מוזיק און באַשיידנקייט. די אַריסטאָקראַטישקייט און די בעסערע סאָציאַלע פּאָזיציע פון זיין טאַטנס שטוב, האָבן מיט גאָרנישט געווירקט, אַז דאָס יינגל זאָל זיך פירן גרויסהאַלטעריש. פאַרקערט, ער איז געווען אַזוי באַשיידן אין זיינע האַנדלונגען און באַציאונגען סיי צום יחיד ווי צום כלל, אַז יעדער איינער האָט גלייך דערקענט, אַז אָט די פּשטות איז נישט קיין געמאַכטע,

נאָר אַזאַ וואָס קומט פון האַרצן אַרויס, דער פּראָדוקט פון אַ גוטער נשמה. נישט קוקנדיק, וואָס אין אהרן הערשס שטוב איז שטענדיק געווען אַ גרויסע באַוועגונג פון מענטשן, איז דאָך שמואל־לייבעלע שטענדיק פאַרבליבן אַליין. ס׳האָט אים נישט געצויגן דאָרט ווו ס׳איז גע־ווען טומלדיק, ווו ס׳האָט געקאָכט און גערוישט דאָס לעבן. פלעגט ער פאַרבלייבן אַליין מיט זיך אין אַן אייגנאַרטיקער, אויסגעחלומטער קינדער־וועלט. אַ וועלט, ווו אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָעזיע, אין מוזיק. אַ באַזונדער וועלט, וואָס האָט געהערט בלויז צו אים אַליין, ווו קיינער האָט נישט געהאַט קיין שליטה צו איר אינערלעכן צויבער.

זייער אָפט פלעגט שמואל־לייבעלע פאַרלוירן ווערן אויף לאַנגע שעהן פון דער היים. ספּע־ציעל אין פרילינג־צייט, פלעגט ער מיטאַמאָל דערפילן עפּעס אַזאַ נאָגעניש, אַזאַ בענקשאַפט, וואָס פלעגט אים ציען מיט אַן אייזערנעם כוח אַהין, אַהין, העט ווייט הינטערן שטאָט. דאַן, פלעגט שמואל־לייבעלע איבערלאָזן דעם טאַטנס שטוב מיט די מעדיקאַמענטן־ריחות און די געסלעך פון שטעטל, דעם גאַנצן טומלדיקן, וואָכעדיקן אַרום און אַוועקגיין צום שמאָלן, שלענגלדיקן טייך, וואָס שליכט אַדורך דעם פּריצס גרויסן סאָד. דער אָפּגלאַנץ פון די זונ־שטראַלן אין דעם טיף־בלויען געקרייזלטן אויבערפלאַך פונעם וואַסער, דאָס שטילע סודותפולע מורמלען פונעם ריזלדיקן טייכל, דאָס זאַרגלאָזע שפּילן זיך פון די חנעוודיקע פישעלעך, האָט בײַ דעם קליינעם שמואל־לייבן געשאַפן אַ ווונדערבאַרע האַרמאָניע פון קאָליר און קלאַנג.



הרב י. מירסקי און פּראָפ. ש. ל. צעסלער — בײַ אַ פּילפּול.

וואָס האָבן זיך אין זיין קינדערשער פאַנטאַזיע פאַראייניקט אין אַ באַצויבערנדיקער מוזיקאַלי־שער סימפאָניע. נאָך אַזאַ באַהעפטונג מיט דער קאָליר־רייכער מוזיקאַלישער נאַטור, פלעגט דער פיינפילנדיקער שמואל־לייבעלע, עטלעכע טעג אַרומגיין אַ באַצויבערטער, אַ פאַרחלומ־טער, און אין זיין אינערלעכער קינדערישער וועלט פלעגן זיך דאַן אויסוועבן אַזוינע מאָדנע, פאַרשיידענע מוזיקאַלישע אַריעס, וואָס פלעגן אים האַלטן געפּענטעט אַ צייט לאַנג.

די שבתים זענען געווען פאַר אים די גליקלעכסטע טעג. שבת נאָכמיטיק, ווען דער טאַטע פלעגט שלאָפן, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען איינגעהילט אין דער שבתדיקער רו, פלעגט שמואל־לייבעלע מיט אַ סך אַנדערע קינדער אַוועקשפּאַצירן אין קראַסנער וואַלד. אַזוי שנעל ווי מען פלעגט אַריינקומען אין וואַלד, פלעגט ער, אומבאַמערקט פאַר אַלע, און נישט ווויסנדיק ווי אַזוי, בלייבן מיט זיך אַליין. אָבער אין דער אמתן איז ער אין וואַלד קיינמאָל נישט געווען

אַליין. איך געדענק, ווען מיר קינדער, פלעגן קומען אין וואַלד, פלעגן מיר זיך שטעודיק האַלטן צוזאַמען, קיינער האָט נישט געוואָלט בלייבן אַליין. עפּעס האָט געשראָקן דער מעכטיקער קאָלאָס, וואָס האָט זיך אין אונדזער קינדערישער פאַנטאַזיע צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם ששת ימי בראשית וואָס מיר האָבן געלערנט אין חדר. ס׳האָט אונדז געשראָקן „ווייִדאָוויטשקעס שטיבעלע״, וואָס איז געשטאַנען אויפן באַרג טיף אין וואַלד, אַרומגעוועבט מיט פאַרשיידענע שדים־לעגענדעס. נאָר שמואל־לייבעלען האָט דער וואַלד נישט געשראָקן. ער האָט זיך געפילט אין אים אינטימער ווי אין דער היים. ער איז געווען ביי אים אַ טייל פון זיין אינערלעכער, פאַרבאַהאַלטענער, מוזיקאַלישער וועלט. דאָס כסדרדיקע צאַרטע שושקען זיך פון די ביימער, דער אומאויפהערלעכער פאַרשיידנאַרטיקער פייגל־געזאַנג, דער סאַמעטענער גרינער גראָז, אויף וועלכן ער פלעגט זיך אויסציען מיטן פּנים אַרויף, דער פוכקער, קילער ווינטל וואָס פלעגט זיך צערטלעך שפּילן מיט זיינע האָר, דער געפלאָכטענער צווייגן־דאַך, דורך וועלכע עס פלעגט זיך דורכזיפּן די בלויקייט פונעם הימל. דאָס אַלץ האָט געשאַפן ביים עמפינדלעכן שמואל־לייבעלען אַזאַ מוזיקאַלישע אַסאָציאַציע, וועלכע האָט געשאַפט זיין מוזיקאַלישן געהער.

ביי שמואל־לייבן האָט זיך אַנטוויקלט די אומרואיקע נאַטור פונעם גרויסן קינסטלער זייער פרי. צו דרייצן יאָר, האָט ער דערפילט, אַז ס׳איז אים געוואַלדיק ענג אינעם קליינעם שטעטעלע. ער האָט נאָך נישט געוווּסט קלאָר, וואָס ער וויל אייגנטלעך, זיין בענקשאַפט צו וואָס ס׳האָט געלעכצט זיין גאַנץ וועזן איז נאָך נישט געווען קיין דעפיניטיווע. נאָר געפילט האָט ער אַז ס׳ציט אים צו דער גרויסער וועלט. די אינטואיציע, האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָרט, אין דער גרויסער, ברייטער וועלט, מיט טויזנטער מעגלעכקייטן, וועט ער געפינען דאָס וואָס ער זוכט.

און אין אַ געוויסן טאָג איז שמואל־לייב פאַרשוווּנדן פון שטעטל. פאַרלאָזן דעם טאַטנס שטוב, פריינד און באַקאַנטע און איז נישט געוואָרן. ס׳האָט נישט געהאָלפן קיין זוכן, ס׳האָט נישט געהאָלפן קיין נאָכפרעגן. שמואל־לייב איז, ווי אליהו הנביא אויסגערונען. די מער נענטערע, וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט און האָבן אָבסערווירט דאָס בחורל, האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין אַ טאָג וועט עס מוזן געשען. זיי זענען דעריבער געווען זיכער, אַז שמואל־לייבס פאַרשווינדן איז פאַרבונדן מיט דעם ערלעכסטן מיין און מיט די בעסטע כוונות.

אַזוי איז עס געווען. אין דער פרעמד האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן שמואל־לייבס שטאַרקער ווילן צו שטודירן און דער אומבייגזאַמער כאַראַקטער צו דערגרייכן און זיך פּערפּעקציאָנירן אין דעם, וואָס ער האָט געגלויבט אַז ס׳איז זיין באַרוף אין לעבן. ווען ער האָט זיך מיט צען יאָר שפּעטער צוריקגעקערט אַהיים, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער האָט געלעבט אין בערלין, ווו ער פלעגט אין די טעג שווער אַרבעטן און אין די אָוונטן אַ סך לערנען — שטודירן מוזיק.

שמואל־לייב איז צוריקגעקומען אין זאַבלודאָווע, נישט צו פאַרבלייבן. ער איז בלויז געקומען זען דעם טאַטן, וועמען ער האָט שטאַרק פאַרערט און שטאַרק ליב געהאַט. ער האָט געוואָלט זען זיין ייִנגערן ברודער, וועמען ער האָט נאָך איבערגעלאָזן אַ קליין קינד. עס האָט אים געצויגן צו זען זיך מיט זיינע געוועזענע חברים און מער פון אַלץ האָט ער זיך געוואָלט טרעפן מיט זיין שטעטעלע און מיט יענע פלעצער, וואָס האָבן אים אַזוי פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט. ער האָט געוואָלט כאָטש נאָך איין מאָל, אַדורכלעבן יענע גליקלעכע מאָמענטן, וואָס האָבן געשאַפן די באַזע פאַר זיין צוקונפט. אָפּזייענדיק אַ צייט לאַנג אין דער פרעמד, האָט ער ערשט איצט דערפילט, ווי שטאַרק נאָענט ס׳זענען אים די שטעטלשע ייִדן, דאָס גאַנצע שטעטל, אירע געסלעך, די אינטימע אומגליקלעכע מאָמענטן, וואָס עס פלעגט אים פאַרשאַפן די שטרענגע שטיפמוטער ליפשע. ער איז געווען אַפילו גרייט איר מוחל צו זיין יענע שווערע איבערלעבונגען. די היימישקייט — דאָס געבוירנאָרט, וועקן אויף ביים מענטשן זייער שטאַרקע סענטימענטן און שמואל־לייב האָט זיך מיט איינמאָל געפונען אויף אַ פרשת דרכים. נאָר דער שכל הישר האָט געזיגט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין קינסטלערישן

תכלית דאַרף ער נאָר זוכן דאָרט, אין דער גרויסער וועלט, און נישט אינעם קליינעם שטע־טעלע, ווי שטאַרק ער זאָל עס נישט ליב האָבן. מיט אַ טיפן גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות און באַשטראַלט מיט בטחון — האָט ער ווידער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זיך געלאָזן, וווּהין? צו וועמען? — צו דער פרעמדער וויַיט...

4 STACCATO

PREFACE

The purpose of this work is to lift the veil of obscurity from the Staccato and thus to free a host of players from the fear which Staccato performance (discussed at such length for the past century and a half) usually germinates.

It is a generally accepted fact that but only fifty per cent of students are capable of producing a skillful Up-bow Staccato, while scarcely twenty per cent can execute the Down-bow Staccato in a satisfactory manner. Many scholars studying through a period of a great number of years finally attain the Staccato through sheer instinct alone, whilst others remain lifelong "blind men seeking treasure in the depths of the ocean."

A careful perusal of the First Part, together with a ten minute practicing period daily based on the Second (Practical) Part will enable the scholar to perform Up and Down Staccato in every desirable tempo within a few weeks. The development of the Staccato through this synthetic approach is in no real sense a more complex problem than that presented by any other Bowing form.

Even in those cases of pedagogues and virtuosi of whose technical capacities, including the Staccato, there is no doubt, this work should necessarily be of great interest and value. The teacher will find this of real assistance during the period of instruction. The virtuoso will be especially interested insofar as it will afford him the possibility of analytically surveying the components factors which so largely determine the sparkling bravura of his "brillante" Staccato brought into play by sheer strength of his talent alone.

If this work will serve to render more free and confident the approach to violin scores containing Staccato problems, and especially those of which the Staccato is an integral part of the musical conception (such as the Wieniawski and Vieuxtemps Concerti, etc.), the author will feel amply compensated for his labors.

Before concluding, the writer feels prompted to express his heartfelt appreciation and thanks to those who have been of such splendid service in the presentation of this work. He is indeed indebted to that most distinguished violinist, Mr. Eddy Brown, for his exceedingly helpful suggestions and inspiring counsel. To his dear friend and assistant, Mr. Frederick E. Auslander he is forever grateful for his most conscientious and invaluable assistance in all the minute and laborious phases of the preparation of this work since its inception.

THE AUTHOR

New York City, N. Y. 1936.

INDEX



DOWN BOW RAPID STACCATO

Ex. 32 Upper Half of Bow

Ex. 33

Down and Up

⌃ : Stick inclined toward the Bridge

v : Stick inclined toward the Fingerboard

Many great Bow craftsmen now follow, such as J. B. Vuillaume and his talented apprentice Dominique Peccate, Jacques Lefleur, Francois Lupot, the Englishman John Dodd, and others — all deriving their inspiration from the great master Tourte. However, just as the violin models of Antonio Stradivarius (1650—1737) and Joseph Guarnerius del Gesu (1683—1745) have never been surpassed by those of other violin craftsmen, similarly the Bows of Francois Tourte and Son represent the veritable acme of perfection.

The first Staccato phrases appear in the Violin literature concurrently with the wider use of the in-curved Bow. Staccato passages now grew more and more daring until with the works of Vieuxtemps and Wieniawski, the greatest dimensions are attained (40 and more Staccato tones in one bow-direction)—with the most brilliant effect.

During the century and a half in which the Staccato has been in use there has been an almost infinite variety of opinion regarding the motivating force underlying Staccato execution. Nevertheless, the final and conclusive solution concerning all aspects of the problem has not been found up to the present time. It is my conviction, however, that with the following unique and most illuminating work by Samuel L. Cheslar the intriguing mystery of the Staccato is at last completely solved.

EDDY BROWN.

אָפּהאַנדלונג און אויסצוגן פון „סטאַקאַטאָ־ווערק" פון פּראָפ. ש. ל. צעסלער — וואָס גיט אַ פולשטענדיקע לייזונג צו דער סטאַקאַטאָ־פּראָבלעם. — דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1936.

ווידער זענען אַוועק לאַנגע יאָרן. קיינער אין שטעטל האָט נישט געוווּסט ווו שמואל־לייב געפינט זיך און מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך, פון זיין שווערן דערנער־וועג אין דער פרעמד. מיטאַמאָל האָבן די בערלינער מוזיק־קריטיקער אָנגעהויבן שרייבן וועגן אַ נייעם קינסט־לער אין דער מוזיקאַלישער וועלט. אָט דער אַמאָליקער פאַרחלומטער זאַבלודאָווער בחור האָט איצט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די דייטשישע מוזיקער. שפּעטער ווערט שמואל־לייב

דער אָפּיציעלער קאָנצערטיסט פון דער קייזערלעכער אָפּערע אונטערן טיטל: „קאָנצערט־מייס־טער פון דער קעניגלעכער אָפּערע אין בערלין". און נאָך שפּעטער — קאָנצערט־מייסטער פון־נעם בערלינער באַרימטן סימפאָנישן בליטנער־אָרקעסטער. מיט זיין מיינונג רעכנט זיך די מו־זיקאַלישע וועלט. זיינע אויפטריטן ווערן די סענסאַציע פון די בערלינער אינטעלעקטועלע קרייזן. זיין בילד דערשיינט אין אַלע דייטשישע מוזיק־אויסגאַבעס. דאָס עפנט אים אַ וועג צו דער וועלט־באַרימטער טשעכיש־דייטשישער קלינוואָרט־שוואַרענקאָ קאָנסערוואַטאָריע אין בער־לין, ווו ער ווערט איינער פון אירע פּראָפעסאָרן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט שמואל־לייב פאַרלאָזט דייטשלאַנד און איז צוריק־געקומען קיין זאַבלודאָווע. נאָר ער האָט שוין אויף איין פּלאַץ נישט געקענט פאַרבלייבן, אַפילו נישט אין זיין ליבן געבוירן־שטעטל. ער פאָרט אָפּ קיין צפון־אַמעריקע. מיט דריי יאָר שפּעטער נאָך זיין קומען אין לאַנד, פאַרעפנטלעכט דער באַרימטער קאַרל פישער־פאַרלאַג אין ניו־יאָרק זיינס אַ מוזיקאַליש־וויסנשאַפטלעך ווערק, וואָס ציט די אויפמערקזאַמקייט און רופט אַרויס נאָכאַמאָל באַוווּנדערונג ביי די גרעסטע מוזיק־קענער. דאָס ווערק הייסט „סטאַקאַטאָ". מיט דעם וויסנשאַפטלעכן ווערק לייזט שמואל־לייב צעסלער די אַזוי פיל דיסקוטירטע און ביז אים נישט געלייזטע סטאַקאַטאָ־פּראָבלעם. ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס עס שרייבט וועגן דעם דער באַרימטער מוזיקער, דער פידל־קינסטלער עדדי בראַון, אין דעם פאָרוואָרט צום ווערק. עדדי בראַון שרייבט: „שוין יאָרנלאַנג ווי גרויסע מוזיק־אויטאָריטעטן האָבן אַרויסגעזאָגט אומצאָ־ליקע מיינונגען, ווי אַזוי ס'דאַרף אויסגעפירט ווערן „סטאַקאַטאָ", נאָר קיין איינער פון זיי איז נישט דערגאַנגען גרינטלעך צו דער פּראָבלעם און איר נישט געקענט ביז איצט לייזן. ס'איז מיין אַבסאָלוטע איבערצייגונג, אַז סאַמועל ל. טשעסלערס וויכטיק ווערק איז דאָס איינציקע, וואָס באַלייכט די פאַראינטריגירטע מיסטעריע פון „סטאַקאַטאָ" און גיט איר אַ פולשטענ־דיקע לייזונג". אָן שום ספק, אַז דאָס דאָזיקע ווערק האָט אים אַוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי פון די היינטצייטיקע גרעסטע מוזיק־קענער און די אַלגעמיינע אָנערקענונג פאַר אים איז געווען אַן אַבסאָלוט באַרעכטיקטע.

דער אמת איז, אַז די טרוקענע, פּראַקטישע אַמעריקע, איז אין קיין פאַל נישט געווען צו־געפּאַסט צו דעם איידעלן, צאַרטן קינסטלער. אין מיטן פון זיינע שעפערישע יאָרן האָט די אומברחמנותדיקע צייט געלייגט איר טראַגישן שטעמפּל אויף שמואל־לייבן. ער האָט באַקומען אַ שווערע האַרץ־קראַנקייט און אין יאָר 1952, איז אין ניו־יאָרק שטיל אַוועק אין דער אייביקייט דער צאַרטער מענטש און גרויסער פידל־קינסטלער שמואל־לייב צעסלער.

---

# ירוחם באַכראַך — דער יונגער היסטאָריקער

ס'איז אונדז נישט באַוווּסט, פאַרוואָס דער „ייוואָ" גיט אָן, אַז ירוחם באַכראַך איז אַ ביאַליסטאָקער. מעגלעך דערפאַר, ווייל ירוחם באַכראַך האָט די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, געלעבט און געשאַפן אין ביאַליסטאָק, און זיינע וויכטיקע היסטאָרישע אַרבעטן ווערן צוגעשריבן צו דער דאָזיקער שטאָט.

דער אמת אָבער איז, אַז ירוחם באַכראַך איז, לויט אַלע „פאַרשריפטן" און לויט אַלע כאַראַקטעריסטיקעס, אַן עכטער זאַבלודאָווער.

נאָך אַלס קינד, האָט שוין ירוחם גענאָסן פון די זאַבלודאָווער אַרומיקע נאַטור־שיינקייטן, פון די וועלדער און וועלדלעך, פון דעם זומערדיקן באָדן זיך אין די אַרומיקע טייכלעך, פון די שמעקנדיקע רחבותדיקע פעלדער, פון די אויסגעצייכנטע גליטשן און שליטעוען פון דער נאַגנ־דיקער איינזאַמער זאַבלודאָווער ווינטערדיקער שטילקייט.

ירוחמס פאָטער האָבן אַלע געקענט אין שטעטל פאַר ידידיה דער שוחט. ידידיה איז געווען דער דריטער שוחט אין שטעטל. ער האָט פאַרמאָגט זעקס קינדער, דריי ייִנגלעך און דריי מיידלעך. ירוחם איז געווען דער בכור און דער עלטסטער פון אַלע. זיינע שוועסטער זענען געווען שטוביקע מיידלעך; זיינע ברידער אַרטשיק און מאָטקע האָבן געהאַנדלט מיט לע־דער. ירוחם איז געווען דער קענער פון דער פאַמיליע און דער אינטעליגענט פון שטעטל.

ידידיה דער שוחט איז געווען אַ שטילער, פרומער און ערלעכער ייִד און ער האָט גע־געבן זיינע קינדער אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע דערציאונג. ירוחם האָט נאָך פון קליינווייז אָן אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע עקשנות צום לערנען און צום לייענען. ער לייענט זייער אַ סך. ער אַרבעט אָן אויפהער איבער זיך. נאָך אַלס יוגנטלעכער ווערט ער שוין אַן עקסטערן. שפּעטער פּראַקטיצירט ער אַלס העברעאישער לערער. ער עפנט אויף און האַלט אָן אַ לענגערע צייט אַ העברעאישע שולע צוזאַמען מיטן שטעטלשן העברעאיסט יוסף בלאָך. שפּעטער, פירט ער אָן אַליין אַ גרעסערע העברעאישע שול אויף דער זאַטילנער גאַס, וווּ מען לערנט אויך צוביסלעך יידישע לימודים.



ירוחם באַכראַך

אַ גרויסע פּלעיאַדע פון ירוחמס זאַבלודאָווער תלמידים, וואָס זענען איצט צעוואָרפן איבער דער גאַנצער וועלט, זענען שוין איצט זיידעס און פיל פון זיי אָנגעזעענע שרייבער, לערער און קינסטלער, געדענקען נאָך גוט דעם נידעריקן, רירעוודיקן און שטענדיק פאַרנו־מענעם לערער ירוחם, וואָס האָט אַלעמאָל געהאַט אַ ריכטיקן ענטפער און אַ גוט וואָרט פאַר זיינעם אַ שילער.

ער האָט אין זיך פאַרמאָגט די האַרמאָניע פון די דריי גרויסע מעלות: אַן אומבייגזאַמע אויפריכטיקייט, אַן אומקאָמפּראָמיסלעכע פּינקטלעכקייט און אַ שטרענגע היגיענישקייט.

ירוחם באַכראַך איז געווען אַן אָריגינעלער, אַ ספּעציפישער פאָרשער. ער האָט ליב גע־האַט צו פאָרשן דעם גאַנצן אַרום. ספּעציעל זיך צו דערגרונטעווען אין די מענטשן פון דער

אַרומיקער סביבה. ער איז פון דער נאַטור געווען אַ שווייגער און ער האָט אַרויסבאַקומען פון דעם נישט פרעגן, מער ווי אַנדערע מיט צופיל פרעגן. דאָס אַלץ האָט ער געזוכט אויף אַ פּאַ־טערלעכן אופן איבערצוגעבן און איינצופלאַנצן אין זיינע שילער.

ווען מען לייענט זיינע היסטאָרישע אַרבעטן, איבערצייגט מען זיך גלייך, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ היסטאָריקער פון ערשטן ראַנג. ספּעציעל זיין פונדאַמענטאַל ווערק: „הרמב״ם, שיטתו ועקרי דעותיו״ — אַ היסטאָריש־פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונג איבער דעם רמב״מס גע־דאַנקען און אידייען, נישט קוקנדיק וואָס דאָס ווערק נעמט ווייט נישט אַרום די טיפע אַלזייטיקע פערזענלעכקייט פונעם רמב״ם, שיילט זיך שוין אָבער פונעם ווערק אַרויס קלאָר, די קרעפטיקייט און די גרונט־שטריכן פונעם צוקונפטיקן גרויסן יידישן היסטאָריקער ירוחם באַכראַך.

די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ירוחם געוווינט אין ביאַליס־טאָק, זיך אָפּגעגעבן מיט ציוניסטישער טעטיקייט און דער עיקר מיט היסטאָרישע פאָרשונגען.

ירוחם באַכראַך איז געווען אַן עקשן אין דער אַרבעט. ער האָט פאַרמאָגט די עקשנות פון די יעניקע, וואָס פאַרשטייען אויסגעצייכנט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון זייער אויפגאַבע און ווייסן ווי אויסצונוצן זייער אינטעלעקטועלע אָנשטרענגונג, אַז זייער אינדיווידועלע אַר־בעט זאָל זיין דויערהאַפט און דורך דור דורות דינען דעם ציבור. ווען ירוחם באַכראַך האָט זיך ערשט געפונען אין רעכטן פאַנאַנדערבלי פון זיינע היסטאָרישע אַרבעטן, האָט דער שונא אומברחמנותדיק איבערגעשניטן דעם גאָלדענעם פאָדעם פון זיינע טעטיקייטן. דעם גאָלדענעם פאָדעם, מיט וועלכן ער האָט אויך אַריינגעוועבט אין דער יידישער געשיכטע דעם גרויסן היס־טאָרישן ווערט פון זיין אַלט־יידישער היים־שטעטעלע זאַבלודאָווע. עס איז געלונגען ירוחם באַכראַכן צו ראַטעווען, באַגראַבנדיק זיינע היסטאָרישע מאַנוסקריפּטן אין בלעכענע פושקעס אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ. און ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דער גראַטעוועטער מאַטעריאַל איז עס דער, וואָס באַהאַנדלט טאַקע דעם היסטאָרישן ווערט פון זאַבלודאָווע. עס זעט אויס, אַז ירוחם האָט געוווסט אַז די טעג זענען געציילטע און האָט דעריבער געוואָלט פאַרבלייבן ביז דעם לעצטן מאָמענט — אין דמיון און אין האַרצן, אין דער נשמה און אין גאַנצן ווען מיט זיין ליבער, אומפאַרגעסלעכער יידיש־טראַדיציאָנעלער היים־שטעטל זאַבלודאָווע.

זאָלן די אייניקע ביאָגראַפישע שטריכן פונעם זאַבלודאָווער לערער, היסטאָריקער און כלל־טוער, דינען ווי אַ בלימל אויפן אומבאַקאַנטן קבר פון איינעם, אויף וועמען די יידישע וויסנשאַפטלעכע וועלט האָט אַזויפיל האָפענונגען געלייגט און זייער פיל דערוואַרט, און איז אינמיטן פון זיין פאַנאַנדערגעבליטער טעטיקייט, אַזוי אכזריותדיק פאַרטיליקט געוואָרן.



פינף תלמידים. — פון רעכטס, שטייענדיק: דוד (דיאַדיע) זאַ־בלודאָווסקי, משהל באַרטנאָווס־קי, מאָטיע שעפּס. זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: שמואל און יצחק צעסלער. געלערנט אין דער שולע פון ירוחם באַכראַך און יוסף בלאַך.

דוד זאַבלודאָווסקי

# מיין פאָטער יוסף זאַבלודאָווסקי ע״ה

## (זכרונות אַנשטאָט אַ מצבה)


יוסף זאַבלודאָווסקי

מיט די זכרונות וועגן מיין אומפאַרגעסלעכן פאָטער, דעם קדוש יוסף זאַבלודאָווסקי ע״ה וויל איך דערמאָנען איינעם פון די אָריגינעלסטע און באַליבטסטע קולטור־טרעגער, פון אונדזערע צוויי יידישע חרוב־געוואָרענע שטעט: זאַבלודאָווע־ביאַליסטאָק.

דער נפטר איז געווען אַן אויסגעצייכנטער קינסטלער־רעציטאַטאָר, הויפּטזעכלעך — אַ וווּנדערלעכער שלום עליכם־פאַרלייענער (אָנערקענט פון שלום עליכמען בכבודו ובעצמו, ווי כ׳וועל ווייטער דערציילן). דער פאָטער מיינער, איז אויך געווען אַ ליטעראַט און שרייבער; זיינע דערציילונגען און זכרונות פלעגן זיך אָפט דרוקן אין ביאַליסטאָקער „אונדזער לעבן״ און נישט איינמאָל איבערגעדרוקט געוואָרן אין די וואַרשעווער און לאָדזשער צייטונגען. ער איז געווען אַ מיט־גליד פונעם ביאַליסטאָקער „ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־קרייז״, פונעם ערשטן טאָג פון זיין גרינדונג. צום באַדויערן איז ביי מיר נישט געבליבן קיין איין געשריבענער און געדרוקטער עקזעמפּליאַר פון זיינע כתבים, וועל איך מיר דעריבער מוזן באַגנוגענען מיטן איבערגעבן דאָס, וואָס כ׳האָב געהערט פון מיין פאָטער פערזענלעך, און וואָס ס׳איז מיר פאַרבליבן אין זכרון פון מיין פריסטער יוגנט אָן.

מיין פאָטער איז געבוירן געוואָרן אין זאַבלודאָווע לעבן ביאַליסטאָק אינעם יאָר 1877, זיין פאָטער אברהם זאַבלודאָווסקי, איז געווען אַ ייד אַ למדן, און באַרימטער מוהל, וועלכער האָט אויסגעאיבט זיין פּראָפעסיע נאָר לשם מצווה, — נישט נעמענדיק דערפאַר קיין שום באַלוינונג.

אַזוי ווי מיין פאָטער האָט געקריגן ביים זיידן מיינעם נאָר אַ רעליגיעזע דערציאונג, האָט ער זיך אַליין דערוואָרבן זיין וועלטלעכע בילדונג דורך אַן התמדהדיקן אָנלייענען זיך מיט אַלערליי השכלה־ביכער און אויך רוסישע. ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט לערעריי. ער האָט געעפנט די ערשטע מאָדערנע שול אין שטעטל צו יענער צייט, מיט „סקאַמייקעס״ (ספּעציעלע שול־בענקלעך), און מיט אַ „טאָוול״, און געלערנט יידישע קינדער לייענען און שרייבן יידיש און רוסיש. זייענדיק פון דער נאַטור באַשאָנקען מיט אַרטיסטישע פעאיקייטן, האָט ער אויסגעלאָדן זיין טאַלאַנט, ווי דער פּיאָנער פונעם ערשטן יידישן טעאַטער אין זאַבלודאָווע, אויפפירנדיק מיט אַמאַטאָרן, דעם גאַנצן גאָלדפאַדן־רעפּערטואַר, ווי: בר־כוכבא, שולמית, קאָלדוניאַ א. א. ווי דער שטייגער איז געווען צו יענער צייט.

דער עיקר וויל איך דאָ דערציילן, ווי ער איז געוואָרן אַזאַ באַליבטער „שלום עליכם־פאַרלייענער״. דאָס האָט מיר מיין פאָטער ע״ה אַליין איבערגעגעבן:

איז יענער „שטורעם־ און דראַנג־עפּאָכע״ פונעם יאָר 1905, האָט שלום עליכם דאָס

ערשטע מאָל באַזוכט ביאַליסטאָק (גענוי דאָס יאָר, געדענק איך נישט), איז מיין פאָטער, וועלכער איז געווען זיינער אַ פאַרברענטער חסיד, געקומען ספּעציעל פון זאַבלודאָווע קיין ביאַליסטאָק אים צו זען און הערן פערזענלעך.

זייענדיק אונטערן איינדרוק פון שלום עליכמס פאָרלעזונג, האָט ער אין אַ שטיקל צייט אַרום, זיך געווענדט צו דער פאַרוואַלטונג פון דער דעמאָלט נאָר־וואָס געגרינדעטער געזעלשאַפט „יידישע קונסט״, אין דער שפּיץ פון וועלכער עס זענען געשטאַנען די באַקאַנטע עסקנים: ד״ר גורוויטש, מאַקס באַראַש, פּסח קאַפּלאַן א. א. און זיי פאָרגעלייגט אים אויסצוהערן און זען, ווי ער אימיטירט שלום עליכמען. פאָרלייענענדיק עטלעכע זאַצן פון דעם באַרימטן שרייבערס אַ דערציילונג, זענען זיי אַזוי שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון דער פּינקטלעכקייט פונעם טאָן און פון דער מימיק, אַז זיי האָבן אים צוגעזאָגט בקרוב איינצולאַדן אויף אָן עפנטלעכע פאָרלעזונג. אין אַ שטיקל צייט אַרום איז טאַקע איינגעאָרדנט געוואָרן אַן „אָוונט״ מיטן נאָמען: „שלום עליכם אויף דער בינע״. דאָס איז פאָרגעקומען אינעם וואַלד־טעאַטער „ראָסקאָש״. מיין פאָטער, וועלכער האָט אין זיין פּנים און פיגור פאַרמאָגט ענלעכע שטריכן צו שלום עליכמען, איז נאָך צוגרימירט געוואָרן פונעם ביאַליסטאָקער טעאַטער־פאַריקמאַכער, באָלעסטא, אַ קינסטלער אין זיין פאַך, ער האָט אַרום אים געאַרבעט ביי די 4־5 שעה, קוקנדיק בשעת־מעשה אויף שלום עליכמס בילד, און אינעם ספּעציעלן פאַריק און וואָנצעס, וואָס דער פאַריקמאַכער האָט אים אָנגעקלעפּט, מיט דער צוגעפּאַסטער קליידונג דערצו, איז מיין פאָטער אַרויסגעקומען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער „שלום עליכם״.

פאָרגעלייענט האָט ער דאַן, די לענגערע דערציילונג „אויף פּסח אַהיים״, ווו עס ווערט געשילדערט, ווי פישל דער מלמד („מעלאָמעד״ — לויט שלום עליכמס כאַראַקטעריסטישער קיעווער אויסשפּראַך) פאָרט אויף פּסח אַהיים צו זיין ווייב און קינדערלעך. דאָס פאָרלייענען איז אילוסטרירט געוואָרן מיט לעבעדיקע טיפּן, פאָרגעשטעלט דורך מיטגלידער פון דער דראַמ.־סעקציע ביי דער געז. „ייד. קונסט״. — די פול־געפּאַקטע אוידיטאָריע האָט געהאַט דעם איינדרוק ווי שלום עליכם פערזענלעך וואָלט געווען אויף דער בינע. — דער דערפאָלג איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. די ריינע הכנסה האָט דערגרייכט צו אַן ערך טויזנט רובל, — דאָס געלט איז אַוועקגעשיקט געוואָרן צו שלום עליכמען, קיין נערווי, איטאַליע, ווו דער גרויסער שריפטשטעלער האָט זיך דאַן געפונען אויף קוראַציע.

פון דעמאָלט אָן איז מיין פאָטער מפורסם געוואָרן ווי אַ „קינסטלער־פאָרלייענער פון שלום עליכמען, — פריער אויף די ליטעראַריש־קינסטלערישע אָוונטן פון דער געז. „ייד. קונסט״; און שפּעטער אויך אין דער „אָבשטשעסטוואָ פּריקאַזשטשיקאָוו״. — זיין נומער פלעגט תמיד געגעבן ווערן צום סוף, ווי אַן אַטראַקציע נאָך דעם כאָר (וועלכער איז אָנגעפירט געוואָרן פון פּ. קאַפּלאַן), און נאָכן „איינאַקטער״ א. א. נומערן. זיין נומער איז אָבער שטענדיק געווען דער „טשוואָק״ פונעם פּראָגראַם. די דאַן רוסיש־רעדנדיקע אינטעליגענץ פלעגט לויפן הערן מיין פאָטער פאָרלייענען שלום עליכמען, און לעקן פון אים די פינגער... און אַזוי אַרום האָבן זיי שוין אויך אָנגעהויבן ליב־קריגן די דעמאָלט אויפגייענדיקע יידישע ליטעראַטור, און בכלל דאָס יידישע לשון. — איך געדענק נאָך ווי מיין פאָטער פלעגט מיר, אַלס קינד, מיטנעמען צו זיינע פאָרלעזונגען. איך גלייב אַז עס געפינען זיך נאָך היינט־צו־טאָג אין אַלע ווינקלען ווו עס זענען נאָר פאַראַן ביאַליסטאָקער, אַ סך מענטשן, וואָס געדענקען נאָך עד־היום דעם גרויסן דערפאָלג וואָס מיין פאָטער פלעגט האָבן ביי זיינע אויפטריטן און וווּנדערלעכן פאָרלייענען. דאָ אין אַרגענטינע, ווו איך געפין זיך היינט, דערמאָנען מיר אַ סך ביאַליסטאָקער, וועגן מיין פאָטערס געלונגענעם פאָרלייענען שלום עליכמען.

איך געדענק נאָך ווי היינט דעם גרויסן אַרכיוו זיינעם, פון פּראָגראַמען און אַפישן, וועלכן ער פלעגט אַזוי זאָרגפעליק אָפּהיטן. די גרויסע אַפישן אין רוסיש: „וועטשער״, מיט דער באַטייליקונג פונעם באַליבטן פאָרלייענער־דעקלאַמאַטאָר, י. זאַבלודאָווסקי; — פּראָגראַמען וועגן

זיין אויפטריט צוזאַמען מיט י. ל. פרץ, מענדעלע מוכר־ספרים, ה. ד. נאָמבערג, אַברהם רייזין וועלכע די געז. „יידישע קונסט" האָט אַראָפּגעבראַכט.

מיין פאָטער באַשרייבט אין זיינע זכרונות וועגן אַן אויפטריט זיינעם בעת אַ באַנקעט, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דעם „זיידן", האָט אים מענדעלע פאַרן אָנהייבן די פאַרלעזונג געוואָרנט: „נאָר ערנסט לייענט, איך האָב פיינט חוזק!..." יינגלעך לאַכן!... אָבער בעת מיין פאָטער האָט פאָרגעלייענט קאַפּיטלעך פון „פישקע דער קרומער", ווו דער עולם האָט האַרציק געלאַכט, האָט דער „זיידע" אַליין אויך גאַנץ געשמאַק געלאַכט אונטער די גאָל־דענע ברילן...

וועגן זיין אויפטריט צוזאַמען מיט נאָמבערגן, פלעגט מיין פאָטער תמיד דערציילן, ווי נאָמבערג איז אַזוי שטאַרק נתפעל געוואָרן פון זיין פאָרלייענען, אַז ער האָט אים הינטער די קוליסן אַרומגעכאַפּט און אים געגומען קושן, און געזאָגט אויף זיין ספּעציפיש וואַרשעווער דיאַלעקט: „ווועס ליגט עטץ אין אַזאַ עק, קימט מיט מיאַ אין דער גרויסער וועלט אַראַן!..."

מיין פאָטער פלעגט אויך דערציילן וועגן אַ גרויסאַרטיקן באַל, וואָס די באַוווסטע טעקס־טיל־מאַגנאַטין, העלענאַ טרילינג, האָט געהאַט איינגעאָרדנט לכבוד איר טאָכטערס חתן, — אויך אַ גרויסער מאַגנאַט פון מאָסקווע, — האָט מען ביי איר אין פּאַלאַץ ווו דער באַל איז פאָרגעקומען, אויפגעשטעלט אַ ספּעציעלע בינע. אין יענע יאָרן איז דאָס געווען אַ גרויסער וווּנדער, — מיין פאָטער איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן צו דעם דאָזיקן באַל, דורך אַ רעקאָמענ־דאַציע פון דער „ייד. קונסט". אַ ספּעציעלע קאַרעטע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין זאַבלו־דאָווע נאָך מיין פאָטער. צווישן אַלע קינסטלערישע אַטראַקציעס איז אויך געווען מיין פאָטערס אַ פאָרלעזונג. ער האָט דאַן פאָרגעלייענט „היה" טוביה דעם מילכיקערס, פון שלום עליכם. דער דערפאָלג זיינער איז געווען „אין לשער"! העלענע טרילינג האָט אים אַרומגעפירט געאַרעמט און פאָרגעשטעלט פאַר אַלע אַריסטאָקראַטישע געסט פון מאָסקווע, פּעטערבורג און אַנדערע מקומות.

די דאָזיקע עפּיזאָדן אילוסטרירן ווי ווייט מיין פאָטער האָט מיט זיין העכסט־קינסטלע־רישן אופן פון פאָרלייענען, געווען בכוח צו באַהערשן אוידיטאָריעס פון דורכויס רוסיש־רעדנ־דיקע און פולשטענדיק אַסימילירטע עלעמענטן.

שפּעטער, ווען שלום עליכם האָט צום צווייטן מאָל באַזוכט ביאַליסטאָק, נאָך זיין לענגערער קרענק אין באַראַנאָוויטש, האָט אים מיין פאָטער באַזוכט אין האָטעל צוזאַמען מיט אַ דעלע־גאַציע פון דער געז. „ייד. קונסט", וועלכע האָט פאַר אים פאָרגעשטעלט מיין פאָטער, ווי זיי־נעם אַ רעציטאַטאָר. שלום עליכם האָט זיך גראָד געהאַלטן אינמיטן גרימירן: האַלטנדיק אין צו־פאַרבן די האָר מיט די וואָנצעס. דערזעענדיק די אַריינגעקומענע, האָט ער זיך אָנגערופן: „אַזוי איז שוין די וועלט, מ'האָט ליב יונגע, געזונטע און שיינע, דאַרף מען זיך אויך מאַכן יינגער!..." דערביי איז אַרויסגעטראָטן אַ ביטערע גרימאַסע אויף זיין געלבלעכן, קרענקלעכן פּנים...

גלייך אויפן אָרט איז אויך פאָרגעקומען דער עקזאַמען: שלום עליכם האָט געבעטן מיין פאָ־טער ער זאָל פאָרלייענען אייניקע פּרקים פון זיין דערציילונג „דער דייטש". שלום עליכם האָט אויסגעדריקט זיין אָנערקענונג און געגעבן מיין פאָטער „סמיכה", ווי זיינער אַ גוטער פאָר־לייענער.

פאָרלייענען פלעגט מיין פאָטער אויף פאָלגנדיקן שטייגער: תמיד שטייענדיק, האַלטנ־דיק דאָס בוך אין דער לינקער האַנט; אין דער רעכטער — פלעגט ער האַלטן אַן „אייביקע פעדער", אַ בליישטיפט, מיט דער זעלביקער פלעגט ער אַרויסברענגען די נייטיקע זשעסטי־קולאַציעס. די מאָדולאַציע פונעם קול און די מימיק, פלעגן שאַפן עכטע טיפּן און בילדער, ווי לעבעדיקע ממש, אַרויסגענומענע פון שלום עליכמס ווערק. בכלל האָט זיך מיין פאָטער געזען צו האַלטן, ביים פאָרלייענען, אין דער זעלביקער פּאָזע און טאָן, ווי דער מחבר אַליין פלעגט עס מאַכן, וועלכער איז ווי באַוווסט געווען אַ זעלטענער קינסטלער אויך אין פאָרלייע־נען זיינע זאַכן, וואָס דאָס איז אַ זעלטנהייט ביי אַנדערע יידישע שרייבער.

אין יאָר 1925 האָט מיין פאָטער געקריגן פון שלום עליכמס אַלמנה, פרוי אָלגאָ ראַבינאָ־וויטש, אַלע ווערק פון פאַרשטאָרבענעם, — 14 פראַכט־בענדער, — ווי אַ מתנה. דאָס האָט מיין פאָטער דערהאַלטן דורך דער פאַרמיטלונג פונעם ביאַליסטאָקער געלערנטן און באַקאַנטן שרייבער, נוח זאַבלודאָווסקי, וועלכער איז געשטאַנען אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט שלום עליכמען און איז געווען זיינער אַ פּערזענלעכער ידיד.

מיין פאָטער האָט דאַן פאַרעפנטלעכט אַ דאַנק־בריוו דער אלמנה פון שלום עליכמען אין ביאַליסטאָקער „אונדזער לעבן".

צוליב אַ פאַמיליע־טראַגעדיע, וועלכע האָט אים צעבראָכן פיזיש און גייסטיק, האָט מיין פאָטער נישט געמאַכט קיין וועלט־קאַריערע פון זיין קונסט, וועלכע ער האָט בשעתו געהאַט אַלע מעגלעכקייטן אַזעלכע יאָ צו מאַכן.

די לעצטע יאָרן פלעגט ער שוין נישט אויפטרעטן, נאָר פלעגט זיך פאַרנעמען מיט שרייבן זכרונות און דערציילונגען. ער פלעגט זיך אויך פאַרנעמען מיט דער אַדמיניסטראַציע פון מיינע „וואָרט־קאָנצערטן". מיין פאָטער פלעגט מיר אָפט אויך „אַרויסהעלפן" מיט זיין האַרציקן זינגען און אינטערפּרעטירן יידישע פאָלקס־לידער, פון קיפּניסעס רעפּערטואַר אויף די דאָזיקע וואָרט־קאָנצערטן.

זעקס טעג פאַרן מלחמה־אויסברוך, אינעם יאָר 1941, האָט מיך מיין פאָטער באַגלייט צום באַן, ווען איך בין געפאָרן קיין מינסק אויף אַ קאָנקורס פון עסטראַדע־קינסטלער. די לעצ־טע מינוט פאַרן אָפגיין פון צוג, איז מיין פאָטער נאָכאַמאָל אַריינגעלאָפן צו מיר אין וואַגאָן אַריין, זיך מיט מיר צעקושט מיט טרערן אין די אויגן... אויף מיין פראַגע, וועגן דער סיבה פון זיין פלוצלינגען צעוויינען זיך, האָט ער גאָרנישט געענטפערט. ווי דאָס האַרץ וואָלט אים פאָר־אויסגעזאָגט, אַז מיר וועלן זיך שוין מער קיינמאָל נישט זען...

אינעם יאָר 1946, ווען איך בין צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, נאָכן דורכמאַכן אַלע גרוילן פון דער מלחמה, האָב איך געטראָפן זאַבלודאָווע און ביאַליסטאָק חרובע; און קיינער פון אונדזער פאַרצווייגטער משפחה איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. נאָכפרעגנדיק זיך וועגן די לעצטע טעג פון מיין פאָטער, האָט דער אַלטער ביאַליסטאָקער תושב, דוד קאָלעש־ניק און זיין זון זלמן, מיר איבערגעגעבן, אַז מיין פאָטער זאָל האָבן געשטאָרבן אין געטאָ אינעם יאָר 1942 און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן געטאָ־בית־עולם, איינער פון די „גליק־לעכע" וועלכע האָבן אויסגעמיטן אַ סך עינויים און לסוף די אַלגעמיינע אויסראָטונגס־אַקציע.

***

צוזאַמען מיט דעם לעבנגעבליבענעם קינסטלער, יודל גרינהויז, פלעג איך, נאָך די פאָר־שטעלונגען און קאָנצערטן וואָס מיר האָבן געגעבן פאַר דער שארית־הפליטה, אַרומבלאָנקען אויפן געטאָ־בית־עולם, צווישן די איינגעפאַלענע בערגלעך ערד און קלערן: צי שטיי איך נישט אַמאָל ביים קבר פון מיין ליבן און טייערן פאָטער...

לויט ווי איניקע לעבנגעבליבענע האָבן מיר איבערגעגעבן, זאָל אויך האָבן געווען אויפן געטאָ־בית־עולם אַ ברודער־קבר פון דער משפחה זאַבלודאָווסקי, דאָס האָט געזאָלט זיין דער קבר פון די הונדערט דערשאָסענע, אויף פראַגעס גאָרטן, נאָכן באַקאַנטן „מאַלמעד־אַקט", וועל־כער איז פאָרגעקומען אין מיין פעטערס הויז, אויף קופּיעצקאַ 29.

משהקע בערמאַן זאָל האָבן אַרויסגענומען די אַלע געפאַלענע און זיי געבראַכט צו קבר־ישראל און געשטעלט אַ מצבה. אָבער קיינער האָט מיר נישט געקאָנט אָנווייזן, ווו דער דאָ־זיקער קבר געפינט זיך, אַז איך זאָל זיך קאָנען אויף אים אויסוויינען...

זאָלן די דאָזיקע זכרונות כאָטש דינען ווי אַ מצבה אויף דעם אומבאַקאַנטן קבר פון מיין ליבן און טייערן פאָטער, ר' יוסף זאַבלודאָווסקי עליו השלום.

## יוסף זאַבלודאָווסקי

# לידער*)

### איך וויל אַמאָל אָן דיר פאַרגעסן...



איך וויל אַמאָל אָן דיר פאַרגעסן
און איך גיי אַוועק צום טייך;
וואַקסן דאָרטן לאַנדיש ווייסע —
וואָס דערמאָנט מיר אָן דיר גלייך...

איך וויל אַמאָל אָן דיר פאַרגעסן
און איך גיי אַוועק אין וואַלד,

---

* יוסף זאַבלודאָווסקי, אין דער יוגנט אַ לערער, איינער פון די שעפערישע קולטור־כוחות ביי אונדז אין זאַבלודאָווע און ביאַליסטאָק. איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער זאַבלודאָווער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק. רעציטאַטאָר פון שלום עליכמען, רעזשיסאָר און גרינדער פון די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען — - אַליין פון דער נשמה אַ לירישער דיכטער, מיט גרויסע מוזיקאַלישע פעיקייטן, האָט געשריבן זייער אַ סך לידער אָבער בטבע געווען אַ קעגנער פון געבן עס צו פאַרעפנטלעכן. עס איז דעריבער זייער אַ גרויסער שאָד, וואָס די מערסטע פון זיינע שאַפונגען זענען נישט אָפּגעדרוקט געוואָרן און אַזוי אַרום פאַרלוירן געגאַנגען. אַ סך לידער אין זיין צייט האָט מען געזונגען פשוט ווי פאָלקס־לידער, נישט וויסנדיק אַפילו ווער זייער מחבר איז.

מיר ברענגען דאָ אַ מוסטער פון אייניקע לידער מיט זייערע נאָטן, טעקסט און מעלאָדיע, געשאַפן פון אים אַליין.

רעדאַקציע

וואַקסן דאָרטן סאָסנעס שטאָלצע,
וואָס דערמאָנט מיר אָן דיר באַלד

און איך קוק שוין גאָר צום הימל,
כ'מיין דאָרט וועט דיין בילד נישט זיין,
פינקלען דאָרטן שטערן, שטערן
פונקט ווי דיינע אויגן פיין...

הימל, ביימער, שטערן, בלומען —
כ'ליב און לייד גאָר אָן אַ שיעור;
אַז מיין געליבטע וועט דאָ קומען,
גיט איר אָפּ אַ גרוס פון מיר...

מיין געליבטע, אָ, איר קענט איר —
כ'האָב מיט איר דאָ פיל פאַרבראַכט,
זי האָט מיין האַרץ אויף קויל פאַרברענט מיר
און דערצו מיר אויסגעלאַכט...

## ווי ס'קומט נאָר אָן דער אָוונט...

ווי ס'קומט נאָר אָן דער אָוונט, —
דאַן ציט עס מיר צום בריק,
מיר דוכט אַז דאָרטן וואַרט שוין
מיין ליבסטע און מיין גליק...

איך קוק מיט פייכטע אויגן,
און שטיי און זוך און וואַרט —
אָ נייך, אָ, מיינע קומט נישט...
זי האָט מיר אָפּגענאַרט...

שטיל רוישט די אַלטע ווערבע,
דער טייך זיך רואיק פליסט,

מיר דוכט זיי מורמלעןביידע —
דו וואַרסט מיין קינד אומזיסט...

איך זוך מיט פייכטע אויגן
מיין ליבע און מיין גליק,
איך הער דאָס טייכל, מורמלט שטיל:
גיי מיין קינד צוריק!...

## ווי ס'קומט דער ליבער זומער

(מיטן זעלבן ניגון פון „ווי ס'קומט נאָר אָן דער אָוונט")

ווי ס'קומט דער ליבער זומער,
פאַרלאָזט מען באַלד דאָס הויז —
מען עפנט טיר און טויער
מען גייט אין גאַס אַרויס.

אין גאַס איז לוסטיק פריילעך,
פריש און פריי די לופט,
דער יונגער גרינער וועלדל —
שמייכל'ט, ווינקט און רופט...

און דאָרט אין גרינעם וועלדל
אונטערן פריצס הויף —
יונגע, פרייע הערצלעך
קומען זיך צונויף...

## דער יידישער לאַך

(געווידמעט שלום עליכמען)

ס'האָט שוין דער שונא, ביי אונדז אַלץ צוגענומען,
עס איז אונדז פאַרבליבן איין זאַך;
און אָט שטייט ער ביים פעסטונג און וויל נאָך בייקומען
דאָס לעצטע — דעם יידישן לאַך...

ער שטייט און באַוואונדערט און ברעכט זיך דעם מח —
פון וואַנען עס נעמט זיך די מאַכט
פון וואַנען מיר שעפּן דעם מוט און דעם כוח,
וואָס מ'טראָגט אַלץ אַדורך און מען לאַכט...

אָט — שטייסטו ביים פעסטונג, שוין טויזנטער יאָרן
מיט גרויזאַמסטע מיטלען — טו! מאַך! — —
איך לאַך אָבער אויס־דיר, מיט שפּאָט און מיט צאָרן! — —
איך לאַך פון דיר, שונא!... איך לאַך!...

מיאוס און נאַריש איז וויינען און קלאָגן,
הכנהעדיק, קינדעריש און שוואַך;
מוטיק און קרעפטיק — אַלצדינג איבערטראָגן
קען דער ייד — מיט זיין יידישן לאַך...

פאַר אַ פריינט אַ געלעכטער איז אַ פרייד אַ נחמה,
פאַר אַ שונא — אַ בלוטיק געווער — —
ער פאַרסמט און צעברעקלט זיין קליינע נשמה,
נאָך טויזנט מאָל מער ווי אַ טרער.

איז מיר גוט אויפן האַרצן — נו מעג איך דאָך לאַכן,
לאַך איך פריי, זאָל די גאַנצע וועלט זען!...
איז מיר שלעכט אויפן האַרצן און כ'קען בעסער נישט מאַכן,
דאַן מוז איך דאָך לאַכן, — ווי דען?...

און אויב דו פרעסט־אויף, אונדזער האַרץ ווי אַ וואָרעם
און ס'דריקט דאָרט אין טיף אַזוי שווער,
וועל איך זיך באַהאַלטן בחדרי חדרים;
און קיינעם באַווייזן די טרער...

און, דו וועסט שוין, אָ שונא, מיט אונדז גאָרנישט מאַכן,
מיר האָבן אַן הייליקן סוד — —
מיר קענען דו וויסט שוין, אויך שטאַרבנדיק לאַכן.
מיטן שפּרוך אויף די ליפּן: — אחד!...

---

זייער פּאָפּולער איז געוואָרן יוסף זאַבלודאָווסקיס אַ ליד מיטן נאָמען „דער מבול" וואָס ער האָט אָנגעשריבן אומגעפער אין די יאָרן 1905־6. איבערהויפּט די יוגנט צוליב די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין יענע יאָרן און אויך די פּאָליטישע אַנטלאָפענע קיין אַמעריקע האָבן געזונגען דאָס ליד מיט דער מעלאָדיע פון אַנסקיס „אין זאַלציקן ים"... און איז פאַרשפּרייט געוואָרן ממש ווי אַ פאָלקס־ליד.

יוסף זאַבלודאָווסקי, זייענדיק פאַרכאַפּט מיטן רעוואָלוציאָנערן גייסט פון יענער שטורמישער צייט — פאַרגלייכט די אָנקומענדיקע רעוואָלוציאָנערע צייטן צום מבול... און אין איינע פון יענע סטראָפן האָט זיך אַזוי געזאָגט:

...איר זאָלט נישט מיינען, איר הערשער איר קרוינען,
אַז לאַנג וועט איר לעבן אַזוי רייך —
איר וועט עס געדענקען, מען וועט אייך נישט שענקען —
אַ מבול, אָ גרייט זיך אויף אייך...

דער טאָג וועט גיך קומען, איר וועט האָבן אַ סימן,
דער הימל וועט ווערן בלוט־רויט...
מיט אַ וואָלקן אַ שווערן, פון בלוט און פון טרערן
וועט ער ווערן אין גאַנצן פאַרשפּרייט...

און נאָכדעם ווי ער שילדערט די מבול־טעג, וואָס וועלן אָפּשווענקען די גאַנצע שמוץ פון דער ערד... און אין דעם שווימענדיקן קאַסטן (תיבה) וועלן זיך ראַטעווען די יעניקע וואָס האָבן עס פאַרדינט — וועט צוריקקומען די ווייסינקע טויב (דער סימבאָל פון שלום) וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אָנצוקוקן די נייע וועלט, און טראָגנדיק אין שנאָבל די גרינע בלאַט — וועט זי עס איבערגעבן דעם — פּראָלעטאַריאַט...

**מרדכי טובי** (שוואַרץ) — בת־ים, ישראל.

# די „משפחה זאַבלודאָווע״

•



מרדכי טובי־שוואַרץ

**כמעט** ביז ניינצן יאָר האָב איך געלעבט מיט דער „משפחה זאַבלודאָווע״. דאָס שטעטל איז געווען אַ קליינס, אָבער די „משפחהלע״ אַ גאַנץ גרויסע. איז דען געווען אַ ייד אין דער משפחה, וואָס זאָל נישט קענען איינער דעם צווייטן? איז דען געווען אַ ייד אין זאַבלודאָווע, וואָס זאָל נישט האָבן אַ צונעמעניש? און וועלכע יידענע האָט נישט געוווּסט, וואָס ביי אַ צווייטער אין טעפל טוט זיך?... האָט געדאַרפט פאַרקומען אַ חתונה, האָט זיך גאַנץ „משפחה זאַבלודאָווע״ געגרייט מיט חדשים פריער... און טאָמער, חס־וחלילה, עס איז פאַרגעקומען אַ גט, האָט אין דער „משפחה זאַבלודאָווע״ געקאָכט און געזודערט; יונג און אַלט זענען נאָכגעלאָפן דעם פאַרפאַלק, געשטאַנען ביי זיי הינטערן פענצטער און געטייטלט אויף זיי מיט די פינגער...

איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אין שטעטל, האָט די גאַנצע „משפחה״ זיך מאָביליזירט און געלאָפן מיט עמערס — באַקעמפן דאָס פייער — — —

זאַבלודאָווער יידן זענען אומגעקומען!... און מיט זיי אַ גאַנצע וועלט!...

נישטאָ מער די ליבע, האַרציקע „משפחה זאַבלודאָווע״... שטאַרק, שטאַרק בענקט זיך נאָך איר, נאָך דער גוטער האַרציקער פאַמיליע, חברים און פריינט, נאָך קליין און גרויס... נאָכן וואַלד, נאָכן טייך, נאָכן סאַד, נאָך די בריקלעך, ווו מיר, חברה, פלעגן פאַרברענגען טעג, וואָכן, יאָרן און געזוכט אַ תכלית... — מיר, די יוגנט, מיידלעך און יאַטן, וועלכע האָבן געפּטרט טעג און יאָרן, נישט געווען וואָס צו טאָן; איבעריק זענען מיר געווען פאַר דער רעגירונג און וועלט... ביז עס זענען געקומען די מערדערס! די נאַציס, ימח שמם וזכרם!

אַ קליין ביסעלע זענען מיר פאַרבליבן פון דער „משפחה זאַבלודאָווע״ אין דער גאַנצער וועלט — צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע לענדער... יעדער איינער פאַרטאָן אין זיין קאַמף פאַר דער טאָג־טעגלעכער פרנסה. — איז באַזונדערס צו באַגריסן אונדזערע זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע, וואָס פאַראייביקן אונדזערע קדושים וטהורים אין אַ יזכור־בוך, אַז דער אָנדענק פון „משפחה זאַבלודאָווע״ זאָל שיינען אויף דור־דורות! — — —

שרהביילע סובאָטניק־געלערשטיין (תל־אביב)

# ווי אַזוי מיין פאָטער הרב סובאָטניק האָט געראַטעוועט זאַבלודאָווע

## (דערינערונג פון 1914)

אַדאַנק דעם טאַטן מיינעם — דעם זאַבלודאָווער רב, ר׳ אברהם עקיבא סובאָטניק, ז״ל — איז אין 1914 געראַטעוועט געוואָרן אונדזער שטעטל.

אַזוי שנעל ווי די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צום שטעטל, האָט די יידישע באַפעל־קערונג אויף שנעל, מורא האָבנדיק צו פאַרבלייבן איין מינוט מער, פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַוועק — ווער מיט אַ פור, ווער מיט אַ דראָשקע און ווער צופוס, קיין ביאַליסטאָק. אַוועק־געפאָרן זענען זיי, איבערלאָזנדיק די געשעפטן, די הייזער, האָב און גוטס אויף גאָטס באַראָט.

זאַבלודאָווע איז געבליבן טויט, אָן לעבן; אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט אין אַן ענדלאָזע שטילקייט. נאָר אויף ביעלסקער גאַס האָט זיך אינעם רבס שטוב געהערט דער מאָ־נאָטאָנער ניגון פון תהלים־זאָגן. דאָס איז ר׳ אברהם עקיבא, דער רב מיטן הדרת פנים, מיט דער ווייסער פאַטריאַרכאַלער באָרד, וואָס שפּאַצירט געלאַסן מיט זיינע קורצע סאַמעטענע טריט פון איין וואַנט צו דער צווייטער און זאָגט אָן אָפּהאַלט. ער איז עס דער איינציקער וואָס איז פאַרבליבן אין שטעטל, מיטן טיפן גלויבן, אַז גאָט וועט העלפן, און מיט דער גאַנצער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ פירער, פאַרבלייבנדיק צו פאַרהיטן דאָס האָב און גוטס פון דער קהילה פון אַלע פאַרשיידענע געפאַרן, שטעלנדיק זיין אייגן לעבן אין געפאַר.

כאָטש איך, זיין טאָכטער שרה ביילע מיט מיין ייִנגערן ברודערל יהושע, האָבן געפאָדערט פון אונדזערע עלטערן אַז מיר זאָלן אויך אַוועקפאָרן קיין ביאַליסטאָק כל־זמן ס׳איז נאָך דאָ צייט, האָבן אונדז די עלטערן געענטפערט: יאָ קינדערלעך, אייך ווען מיר טאַקע אָפּשיקן קיין ביאַליסטאָק, נאָר מיר וועלן בלייבן דאָ. זאָל זיין וואָס ס׳זאָל נישט זיין, נאָר מיר וועלן דאָס שטעטל נישט לאָזן אויף הפקר. מיר, נאָך זייענדיק דאַן יונגע קינדער, האָבן פאַרשטאַנען אַז מיר טאָרן נישט לאָזן די עלטערן אַליין און זענען פאַרבליבן צוזאַמען מיט זיי.

צוויי סיבות זענען געווען וואָס האָבן מיטגעהאָלפן מיין פאָטער צו ראַטעווען דאָס שטעטל פון אונטערגאַנג:

ערשטנס, פאַרן פאַרלאָזן דאָס שטעטל האָבן די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים פון שטעטל אָפּגעהאַלטן אַ לענגערע אסיפה ביי אונדז אין שטוב און ס׳איז טאַקע גלייך ביי דער אסיפה איבערגעגעבן געוואָרן דעם טאַטן מיינע אַ גרעסערע סומע געלט, ס׳הייסט אין נויטפאַל זאָל ער קענען אויסלייזן דאָס שטעטל פאַר געלט. צווייטנס, האָט יוסף יאַבלאָנסקי (אַ שטענדי־קער מיטגליד פון שטאָט־ראַט), וואָס האָט געקענט אַ פערפעקטן ליטעראַרישן רוסיש און זייער אַ קלוגער מענטש, האָט שוין נישט באַוויזן צו אַנטלויפן און איז פאַרבליבן און ער האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן דעם פאָטער.

די ערשטע נאַכט האָבן אַ סך מיליטערישע רוסישע אָבאָזן און טויזנטער סאָלדאַטן אַדורכ־געמאַרשירט דאָס שטעטל. אויף מאָרגן, דאָס איז געווען דאָנערשטיק, האָבן די לעצטע רעשטן אויפגעריסן די קראָמען און צעראַבירט וויפל זיי האָבן נאָר געקענט. זיי האָבן אויך צעראַבירט פיל וווינונגען וואָס זענען געשטאַנען פאַרלאָזן.

די צווייטע נאַכט האָבן מיר אַדורכגעלעבט די גרעסטע שרעק. צוויי מאָל האָבן זיך אַריינ־געריסן צו אונדז צעווילדעוועטע קאָזאַקן און געצילט מיט די אָנגעשטעלטע ביקסן קעגן דעם טאַטן. מיר האָבן געוויינט, מיר האָבן געשריגן, מיר האָבן זיך געבעטן רחמים. און איך יוייס נישט דורך וואָס פאַר אַ נס זיי האָבן אונדז געלאָזן לעבן און זענען אַוועק ווייטער.

שבת אינדערפרי זענען אָנגעקומען די „צינדערס". אַזוי האָט מען אָנגערופן די לעצטע קאָזאַקן, וואָס פלעגן אַלץ פאַרברענען איידער זיי פלעגן אַוועקגיין. זיי האָבן זיך גלייך גענו־מען צו דער אַרבעט. מיין פאָטער און יוסף יאַבלאָנסקי זענען זיי כסדר פאַרלאָפן דעם וועג, און מיט אַ סומע געלט פלעגן זיי בייי זיי אויסקויפן דעם בית־המדרש, די שטוב צי די קראָם. איך געדענק ווי איצט, ווי איין גרופע (זיי זענען געווען איינגעטיילט אין עטלעכע צינדער־גרופעס) איז אַרויפגעקומען ביי אונדז אויפן הויף און האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט פון אונטערצינדן דעם ביעלסקער בית־מדרש. מיר האָבן געוויינט אויפן זעלבן הויף. ווען איך האָב עס געזען, בין איך גלייך אַרויסגעלאָפן און כ׳האָב זיי געבעטן אַז זיי זאָלן צוואַרטן, אַז מען וועט זיי גוט באַצאָלן פאַרן נישט אונטערצינדן. זיי האָבן דערהערט געלט, האָבן זיי געוואַרט. איך בין גלייך אַוועקגעלאָפן און אויפגעזוכט דעם טאַטן מיט יאַבלאָנסקין; זיי זע־נען גלייך געקומען צו לויפן. מען האָט זיך מיט זיי אויסגעדונגען 25 רובל און זיי זענען אַוועק. אין איניקע ערטער, וווּ דער טאַטע מיט יוספן האָבן נישט באַוויזן אָנצוקומען (זיי זענען דאָך געווען נישט מער ווי צוויי), ווי למשל צו די גאַרבאַרניעס אָדער מרדכי שמואל פלעבאַנס מויער הינטערן שטאָט, האָבן זיי אונטערגעצונדן און ס׳איז אַראָפּ מיטן פייער.

איינס איז געווען זיכער, אַז יענעם שבת, ווען די צעררייצטע קאָזאַקישע צינדער־גרופעס, זענען אויף די צעווילדעוועטע פערד אַריינגעלאָפן אין שטעטל, האָבן זיי געהאָט נאָר איין סאַדיסטישן נקמה־פאַרלאַנג: אונטערצינדן און צונישט מאַכן דאָס שטעטל. ערשטנס, ווייל זי איז אַ יידישע און צווייטנס, איבערלאָזן פאַרן דייטש בלויז אַש און פאַרברענטע ערד. נאָר מיין טאַטע, יוסף יאַבלאָנסקי און אויך אַהרן־הערש דער פעלדשער — צעסלער וועלכער איז אויך פאַרבליבן אין שטעטל, האָבן מיט אַ געוואַלדיקן סטאָאיזם געשטעלט זייער לעבן אין סכנה און גערעטעוועט דאָס שטעטל אין צוזאַמען מיט איר די אַלטע היסטאָרישע זאַבלודאָ־ווער שול.

שבת פאַרנאַכט האָבן אַריינגעמאַרשירט די דייטשן אין שטעטל, און נישט קוקנדיק וואָס די בריקן פון זאַבלודאָווע קיין ביאַליסטאָק זענען אַלע געווען אויפגעריסן, האָבן זונטיק אָנ־געהויבן אָנקומען צוריק אין שטעטל אַריין אירע איינוווינער. ערשט ווען אַלע זענען צוריק־געקומען, זיך באַזעצט, זיך אַביסל באַרויקט, און ס׳האָט זיך צוריק אָנגעהויבן אַ נאָרמאַל לעבן, האָבן ערשט די זאַבלודאָווער יידן פאַרשטאַנען דעם גרויסן אויפטו פון מיין טאַטן, זייער רב, פון יוסף יאַבלאָנסקין און אהרן־הערשן. אַדאַנק זייער גלויבן, קוראַזש און איבערגעגעבנ־הייט צו דער זאַבלודאָווער קהילה איז דעמאָלט געראַטעוועט געוואָרן די אַלטע היסטאָרישע שטאָט זאַבלודאָווע פון פולשטענדיקן אונטערגאַנג.



שמואל ליפשיץ

# אין דערוואַרטונג

## (פון מלחמה־צייט 1914)

אין געווען איז דאַן אַ צייט, מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען אָן אַ שטאָך מלאכה, יעדן איינעם איז געלעגן אין קאָפּ פּאָליטיק, און די נאָענטע מלחמה, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויפן שטעטל. שניידערס האָבן אָוועקגעוואָרפן שער און אייזן, שוסטערס האָבן די האַמערס אַוועקגעלייגט, קרעמער זענען געשטאַנען ביי די טירן און אַרום זיי רעדלעך מענטשן, מיט צעשראָקענע בלאַסע פּנימער. פאַרשוואונדן איז די פריילעכקייט פון די גאַסן, אַנטשוויגן געוואָרן איז דער זאָרגלאָזער געלעכטער פון די קינדער וואָס פלעגן זיך שפּילן אין גאַס. מאַמעס האָבן זיי צוגענומען און מיט שרעק געטולי'עט צו זיך. יעדן פרעמדן פאַרבייגייער, וואָס פלעגט דורכגיין איבערן שטעטל פלעגט מען אָנקוקן, מיט שרעק און נייגעריקייט: ווער וויס ווער דאָס איז?

אין בית מדרש געסל, דאָרט וווּ דער רב וווינט, גייען באַלעבאַטים פון אַ גאַנץ יאָר אַריין און אַרויס, אין זייערע צעריסענע וואָכנדיקע קאַפּאָטעס, דרייען זיך אַרום הין און צוריק. דאָס האַלט מען איצט אָפּ די גרויסע אסיפה ביים רב און מען קלערט וואָס זאָל איצט זיין? ביים רב אין שטוב איז פול אָנגערויכערט. דער רב אַליין מיט זיין מאַיעסטעטישער פיגור, מיט דער ווייסער באָרד, און הויכן ברייטן שטערן גייט אַרום הין און צוריק איבער זיין חדר, ער איז איצט פאַרקלערט. אויף אים פאַלט איצט די גאַנצע אחריות פאַרן שטעטל. ער פילט, אַז אַלע אויגן זענען געווענדט צו אים. און מען וואַרט אויף זיינעם אַ וואָרט. ער טאָר איצט נישט אַרויסווייזן קיין מוטלאָזיקייט פאַר דער עדה יידן. ער מוז זיי טרייסטן, ער מוז זיי עפּעס זאָגן אַזוינס, פון וואָס זיי זאָלן ווערן אַביסל מוטיקער.

נאָר וואָס קען ער טאָן? ער איז אַזוי אומבאַהאָלפן, אַזוי אומבאַהאָלפן... צי זענען זיי נאָר אין געפאַר... פאַר אים, פאַר זיך אַליין, וואָלט אים שוין נישט אויסגעמאַכט, אָבער וואָס טוט מען פאַרן קינד, פאַר דער טאָכטער, פאַר דער איינציקער. ווו פאַרבאַהאַלט מען איר, ווי היט מען איר אויס. ער ווייס אַז טאָמער קומען די קאָזאַקן, די שעה זאָל קיין שעה נישט זיין, איז... ער וויל גאָר נישט קלערן, ער קען נישט קלערן... ער דאַרף גאָר אויפמונטערן זיין עדה...

אַליין איז דער רב, ער פילט, אַז די סכנה איז נאָענט, אָט דוכט זיך, שטייט זי שוין אונטערן טיר, ווער ווייס וואָס די נאַכט וועט ברענגען. נו, מען מוז עפּעס טאָן, מען דאַרף זוכן מיטלען, די גאַנצע שטעטל איז אין געפאַר. אפשר זאָל ער גאָר גיין צום קסיאָנדז און זיך מיט אים מישב זיין. מען זאָל קענען בשותפות זיך פאַרטיידיקן.

דער קלויסטער־גלאָק קלינגט, קלינגט מאָנאָטאָן אָן אויפהער, זאָגט אָן עפּעס שרעקלעכעס. דער רב קוקט דורכן פענצטער אין דרויסן: עס ווערט טונקל, די נאַכט קומט אָן, וואָס וועט זי ברענגען?

שטיל און סודותפול האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט. די גאַסן זענען געוואָרן ליידיק, טיר און טויער זענען געווען פאַרקלאַפּט, מענטשן האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן, פּוסט איז געוואָרן

אין שטעטל. ווי מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם איז דאָס שטעטל געשטאַנען און געוואַרט אויף עפּעס...

נאָר אויפן הויף פון ביעלסקער בית־המדרש האָט זיך געטראָגן אַן אומעטיקער ניגון פון רבס חדר און אָפּגעקלונגען אין דער אויסגעשטאָרבענער גאַס. דאָס איז דער רב געזעסן אין זיין פאַרמאַכטן חדר און הייס געלערנט און געפילט האָט ער, אַז מיט זיין איצטיקן לער־נען פאַרטרייבט ער די שרעק און די מורא פון דער שרעקלעכער נאַכט.

---

אלטער גניעטשוצקי

# דער זאַבלודאָווער טייך איז אַנטלאָפן

געווען איז דאָס בעת דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע אין אַ שבת צו נאַכט. עס איז געווען אַ געוויטער. דער טייך האָט זיך צעשפּרייט, אַרויס פון די ברעגעס, גערעשט... פּלוצ־לונג, די פייערלעשער טרובען, מען אַלאַרמירט.

אין יענער צייט איז מען פאַר אַן אַלאַרם געווען צעשראָקן.

די יעקעס (דייטשן), פלעגן מיט דעם רוף פון דער פייערלעשער־טרובע, פאַרנאַרן דעם עולם. ווען מען פלעגט זיך צונויפלויפן, פלעגן זיי מאַכן אַ צעפּ — אַלעמען אַרומרינגלען, אויסקלייבן די יונגוואַרג און זיי אָפּשיקן אויף צוואַנג־אַרבעט, אַז מען פלעגט זיך וועלן אויס־קויפן פלעגט מען מוזן איינצאָלן צוויי הונדערט רובל אין גאָלד.

כאָטש דאָס איז באַוווּסט, אַז זאַבלודאָווער ייִנגלעך פוילן זיך נישט ביי אַ שרפה, מען איז זיך מוסר נפש און מען ראַטעוועט שטענדיק אָפּ, אָבער איצט פלעגן זיך די זאַבלודאָווער בריות אפילו צו קיין שרפה נישט איילן. און צו דעם פלעגן די יעקעס (דייטשן) האָבן אַ טבע צו שלאָגן, די גרעסטע העלדן פלעגן קריגן שרעקלעך צעשלאָגן. דערפאַר, ביי דער קאַטאַס־טראָפע ווען אונדזער טייך האָט אויסגעריסן דעם ברעג ביי דעם בריק, און די יעקעס האָבן גע־מאַכט אַן אַלאַרם איז קיינער נישט געקומען זען וואָס דאָס איז. אָבער אויף מאָרגן ווען דער עולם איז געקומען צום טייך, איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן: נישטאָ דער שיינער טייך! נישט די בריק! נאָר אַ שמאָלע ראָווע איז אין מיטן געבליבן! וווּ איז די קעסל גרוב?...

מען איז געשטאַנען אַרום ווי אבלים. זכרונות זענען אַרויפגעשוווּמען איינע נאָך די אַנ־דערע.

ווער געדענקט נישט די הייסע זומער פאַרנאַכטן? אַ גרויסער עולם באָדט זיך. פון איין זייט מאַנסבילן און פון דער אַנדערער זייט נשים אין קליידלעך. די שווימערס „לייגן קלאַפּ־טער", שפּאַרן צום צווייטן זייט. דער שווימער, יעקב זושעס, לאָזט זיך אַראָפּ „ניורקאָם", די אויגן קוקן ווו ער איז. עס פאַלט איין אין האַרצן, חס ושלום... נאָר ווו? פון יענער זייט איז שוין יעקב, אויפן פלאַך פון טייך מיטן פנים צום הימל און די הענט פאַרלייגט.

אין די סמיצקע האָבן זיך קונדייסימלעך פאַרגנבעט, אָפּגעבונדן די הויפישע לאָדקע, גע־נומען די וויאָסלעס און שיפן זיך.

אַרום שטייט מען מיט די ווענטקעס און מען כאַפּט פיש. און דאָ לאָזן זיך די הויפישע פאַראָבקעס אויף די פערד אין גאַלאָפּ. אויפן וועג הייבט זיך אויף אַ שטויב, דאָס לויפן זיי

די פערד פלאווען. די קונדייסים פון שטעטל לאָזן זיך אין טייך נאָך די פערד, כאַפּן זיך אָן פאַרן עק און שווימען נאָך. עס קומט צום קעסל גרוב. דער פערד לאָזט זיך אַראָפּ, מען זעט נאָר אַרויס דעם קאָפּ.

פלוצים ווערט אַ געוואַלד: אַ קונדעס איז אַביסל ווייטלעך אין מיטן טייך געשווומען און האָט זיך אַראָפּגעלאָזן. די וואַסער הייבט אים אויף און לאָזט אים ווידער אַראָפּ. מען ווערט צעשראָקן. פון ברעג לאָזן זיך די שווימער צום פּלאַץ ווו ער טרינקט זיך. אָט שלעפּט ער דעם דערטרונקענעם. עס קלאַפּן הערצער: דער דערטרונקענער ציט גאָר דעם צווייטן אַראָפּ, נאָר עס כאַפּט אים יענער אָן פאַר די האָר און שלעפּט אים אַרויס. עס ווערט פריילעכער. ביים דערטרונקענעם איז שוין אפילו פול דאָס מויל מיט וואַסער, אָבער מען קערט אים איבער, מען וואַרפט אים אין אַ יילעך און מען ראַטעוועט אים אָפּ.

דעם שווימער וואָס האָט אַרויסגעראַטעוועט דעם דערטרונקענעם, הייבט מען „נאַ הורא"!

זומער צייט פלעגט טאָג און נאַכט דער טייך נישט זיין אַליין. מען פלעגט שווענקען וועש אין זומפּיקן זייט און אין די בלייושן פלעגט מ'ען מיט קוישן כאַפּן פיש.

ביי דער נאַכט פלעגן די הויפישע דינער פאָרן אויפן טייך מיט פייער און פאַנגען פיש.

אויפן טייך איז פאָרגעקומען נאָך אַ מעשה:

ביי העשל געפּנער איז געווען אַ לערער צו די קינדער. איך ווייס נישט צי אַן אויס־לענדער צי אַ היגער, נאָר ער איז געגאַנגען אין אַ ווייס זומערדיק היטל און שטענדיק פאַר־פוצט, פלעגט מען אים דעריבער רופן „פוצער" און קיין אַנדער נאָמען האָט ער ביי די קונ־דייסים נישט געהאַט, האָט ער זיך באַוויזן אין גאַס, פלעגן אים די קינדער נאָכלויפן און שרייען: פוצער'. נאָענט צו אים פלעגט מען ציטערן צו גיין. ער האָט געטראָגן אַ שטאָק און אַ הונט אַ פודל פלעגט נאָכגיין.

איינמאָל האָט זיך דעם פוצער פאַרוואָלט שיפן אויף דער לאָדקע אויפן זאַבלודאָוועער טייך און דוקא אין די זאַכן ווי ער שטייט און גייט, מיט זיין הונט און ווייסער היטל... אַז פוצער וויל, איז ער דאָך ביי העשל דעם גביר', און שפּאַצירט מיט די פריצים פון הויף — האָט מען אים געלאָזן, קיין אַנדערע יידן פלעגט מען נישט לאָזן זיך שיפן... די הויפישע פאַראַבקעס האָבן צוגעשלעפּט די לאָדקע ביים סאַמע ברעג און פוצער איז אַריינגעשפּרונגען גענומען די וויאַסלעס און זיך געריררט פון ברעג.

פוצער האָט זיך געשיפט און געפּייפט און געזונגען אַ פריילעכע „פּיעסנע". אין טייך און אַרום טייך און אויפן בריק איז אַ גרויסער עולם, פוצער וויל זען און ווייזן אַז ער קען מאַכן קונצן אויף דער לאָדקע, דרייט ער זיך, מאַכט מיט די הענט צום פודל וואָס שווימט נאָך. נאָר פּלוצלינג: טראַך... די לאָדקע האָט זיך איבערגעקערט און פוצער איז אַריינגע־פאַלן מיט די זאַכן אין טייך. חברה שווימערס האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן, דער פודעל האָט געקוויטשעט. מען האָט דעם אויסגעבאָדענעם אַריינגעלייגט אין לאָדקע, די ווייסע היטל האָט מאַיעסטעטיש געשווומען איבערן טייך און די ווייסע חברהניקעס האָבן געשריגן הורא...

פון צווייטן זייט בריק איז געשטאַנען אַ וואַסער־מיל, דאָס וואַסער פלעגט טרייבן די רעדער, און פאַלן פון בריק ווי אַ וואַסער־פאַל. אויף דעם אָרט האָט דאָס וואַסער גע־קאָכט מיט אַ שוים, אין וואַסער־מיל איז אַמאָל געזעסן מיכליע מיט יואל מאַליער, אייזיקס אַן איידים, אַ גרויסער זינגער, און זיינס אַ מיידל וועלכע מען פלעגט רופן „די שיינע רחל". אין מיל איז שטענדיק פריילעך געווען, נאָר צוליבן רויש פון קאָכיקן וואַסער פלעגט מען אין דרויסן נישט הערן דאָס געזאַנג.

אויסגעטריקנט איז געוואָרן דער שטראָם פון טייך. נאָר צו פרילינג צו צעלאָזט ער זיך. דעמאָלט דערזעט מען די גרויסקייט פון דעם פריערדיקן טייך... אָבער עס האַלט נאָר אָן איין טאָג. דאָס וואַסער האַלט זיך נישט אויף, און אויף דעם אָרט פון טייך איז גאָר אַ גרינע לאָנקע.

---

יצחק צעסלער

# זאַבלודאָווע אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע 1914 ־ 1918

## (די צוואַנג־שולע — דער הונגער אין שטעטל)

אויפן ראָג פון ביעלסקער גאַס און הויף־גאַס איז געשטאַנען די רוסישע צערקווע. די רוסישע באַפעלקערונג פון שטעטל און דערפער אַרום האָבן אין איילעניש אַראָפּגענומען די גרויסע שווערע קופערנע גלעקער, אַרויפגעלייגט אויף גרויסע וועגענער און מיטן לויפנדיקן אַבאָז אַוועקגעפירט טיף אין רוסלאַנד.

פאַרלאָזן די צערקווע אויף גאָטס באַראָט — האָבן טאַקע די דייטשן ווי נאָר זיי זענען אַריין אין שטאָט — דאָרטן אַריינגעשטעלט פערד. אויך די גרויסע שטוב מיט די פיל צימערן



דער קליינער מאַרק אין זאַבלודאָווע. רעכטס פון ווייטן אויפן ראָג בילסקער גאַס און הויף־גאַס זעט זיך די צערקווע. לינקס אויפן מאַרק — דער ראַד קראַמען.

הינטער דער צערקווע, ווו דער פּאָפּ האָט געוווינט — איז געבליבן וויסט און פאַרלאָזט. אויך די אָרומיקע דערפער באַוווינט מייסטנס פון רוסן האָבן צוליב מורא פאַרן דייטש — אַוועק טיף אין רוסלאַנד. טירן פון די פויערים־שטיבלעך צעפראַלט, שייערן ליידיק און צע־עפנט. גרויסע גריבער האָבן די גויים געגראָבן לעבן זייערע הייזער און פאַרגראָבן זייער האָב און גוטס — טאָמער וועלן זיי אַמאָל אַהיימקומען — זאָלן זיי כאָטש עפּעס געפינען.

דער הונגער אין זאַבלודאָווע איז גרויס געווען, האָבן יידן זיך אַוועקגעלאָזט איבער די דערפער

עפּעס זוכן — עסן צו ברענגען. און צו די ביסעלעך ציבעלע, קאַרטאָפל און קערנער וואָס מ׳פלעגט פון די פאַרלאָזענע דערפער אַהיימברענגען איז צוגעקומען נאָך אַ געווינס: מ׳האָט „אוצרות" דערטאַפּט, מ׳האָט זיך אָן די פאַרבאַהאַלטענע גריבער אָנגעשלאָגן און אַרויסגעגראָבן, און אַהיים געבראַכט ווער לייוונטן, ווער חפצים און אַנדערע זאַכן; און יידן האָבן אין שלעכטע צייטן זיך „אָטכייקעט".

קינד און קייט — טאַטעס, מאַמעס מיט די קינדער האָבן זיך איבער די דערפער אַרויסגעלאָזט — פאַרבאַהאַלטענע „אוצרות" צו געפינען. יעדער איינער האָט געהאַט וואָס צו דערציילן. אַמאָל איז אַ ייד אין אַ שייער אַריין עפּעס וואָס אויסצוזוכן און איז פאַר שרעק צוריק אָפּגעטראָטן, מורא האָבנדיק זין אומצוקוקן. אין שייער איז געלעגן אויסגעצויגן אַ דערהרגעטער דייטשישער סאָלדאַט... דער ייד איז קוים מיטן לעבן פון שרעק אין שטעטל געקומען צולויפן און דערציילט פון זיין באַגעגניש. און פון דאַן אָן האָט זיך געענדיקט דאָס לויפן זוכן איבער די דערפער. יידן האָבן מורא געהאַט מען זאָל זיי נאָך חס וחלילה נישט באַשולדיקן אַז זיי האָבן געהרגעט דעם דייטשישן סאָלדאַט. יידן האָבן באַדויערט וואָס זיי קענען מער אין די דערפער נישט גיין, כאָטש די ביסל עסנוואַרג וואָס זיי האָבן אין דאָרף געפונען, איז אויך געווען איינגעשטעלט, ווייל מ׳פלעגט עס אַרומבינדן אַרום קערפּער, כדי צו קענען דאָס אַריינברענגען אין שטעטל, וואָרום טאָמער פלעגט די דייטשישע וואַך כאַפּן — פלעגן זיי עס צונעמען און זאָגן — „באַשלאָגן"...

דער הונגער איז געווען שרעקלעך. די שטערבלעכקייט זייער גרויס. מענטשן פלעגן אַרומגיין מיט קיילעכדיקע גלאַנציקע פּנימער. דאָס זענען זיי פון הונגער געשוואָלן געוואָרן.

אין דעם פּאָפּס שטוב וואָס הינטער דער צערקווע, האָט די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט אַ „צוואַנג־שולע" געמאַכט. דאָס איז געווען אַ מין אָבליגאַטאָרישע פאָלקס־שול. די לערערס פון שולע זענען געווען אַדעלאַ איינשטיין (אַ טאָכטער פון דעם לערער איינשטיין וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן אין ביאַליסטאָקער פּאָגראָם אין 1905) און איינער אַ געוויסער מאַקלער. אַדעלאַן, די שפּעטערדיקע לערערין, האָט די יידישע קהילה פון פראַנקפורט אָם מאַין (דייטשלאַנד) נאָכן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע קינדער — יתומים פון פּאָגראָם — דאַן אויפגעזאַמלט און אַוועקגעפירט קיין דייטשלאַנד — אויסצוהאָדעווען. אַדעלאַ איינשטיין איז אַ קליין קינד געווען בעתן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם אין 1905. זי איז דאַן געלעגן פאַרבאַהאַלטן אונטער אַ בעט בעת די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אַראָפּגעשלעפּט איר טאַטן דעם באַוווסטן לערער אין ביאַליסטאָק מיט איר מוטער און צוויי עלטערע ברידער — און פון באַהעלטעניש אַרויס, האָט זי געזען ווי אויפן הויף האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס אירע עלטערן און ברידער געטויט — שלאָגנדיק זיי טשוועקעס אין די קעפּ.

אָט די אַדעלאַ איינשטיין, האָט געהאַט אין זאַבלודאָווע אָן עלטערע שוועסטער חנה משהקעס (האַלפּערן) אין וועלן די דייטשן האָבן דאָס שטעטל אָקופּירט איז זי געקומען צו דער שוועסטער פון פראַנקפורט אַ געענדיקטע לערערין און האָט דעם פּאָסטן פאַרנומען אַלס דירעקטאָרין פון דער זאַבלודאָווער „צוואַנג־שולע".

ליב האָבן די קינדער אַדעלאַן געהאַט. און כאָטש אַ שטרענגע, האָבן די קינדער איר מער ליב געהאַט פון לערער מאַקלער, וועלכער פלעגט קיינמאָל נישט קענען „איינהאַלטן" דעם קלאַס. ווי אַ גוטע פּעדאַגאָגין, האָט זי אָנגעפירט סיי מיט די קלענערע שילער, פון קינדערגאָרטן מיט די אַלע שפּילן, קרייז־שפּילן און סיי מיט די גרעסערע קינדער אין די אַנדערע קלאַסן, אויספילנדיק אַליין די גאַנצע פּראָגראַם פון אַ פאָלקס־שול — אַלץ אין דער דייטשישער שפּראַך.

אין אָט דער צוואַנגס־שולע (ביים פּאָפּ אין שטוב) האָבן געלערנט אויסשליסלעך יידישע קינדער. רעליגיע פלעגט קומען איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין דער וואָך לערנען מיט די קינדער דער רב ר׳ עקיבא סובאָטניק ז״ל. מ׳קען זאָגן אַז אַדאַנק דער לערערקע אַדעלאַ איינ־

שטיין מיט דער מיטהילף פונעם לערער מאַקלער זענען אין יענער צייט די זאַבלודאָווער קינ־
דער נישט פאַרגרעבט געוואָרן. עס איז געווען אַ מאָדערנער לערן־אַנשטאַלט.

נישט ווייט פון דער שולע אין הויז וווּ ס'איז געווען פאַרן רוסישן רעזשים די פּאָסט,
מיטן פראָנט צו דער הויף־גאַס, צווישן יואל מילער (שיינע יענטעס) און מרדכי לייבן, איז געווען
די „אָרטס־קאָמענדאַנטור" — מיט אַ גרויסן אויפשריפט אויפן הויז אין דייטש, מיט בוכשטאַבן
איז גאָטישן סטיל. דאָרט איז געווען איינער אַ זשאַנדאַר וואָס ס'שטעטל האָט אים געקענט פּאַר
„אָטטאָ". ער איז געווען אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער, אַ בלאָנדער. דערמאָנענדיק נאָר זיין נאָ־



אַ קלאַס קינדער פון דער זאַבלודאָווער „צוואַנג־שולע" אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. אין
די יאָרן 1915—1917, אונטער דער דירעקציע פון דער לערערקע אַדעלאַ איינשטיין.

דאָס זיינען די שילער: ערשטע שורה פון אויבן, פון רעכט צו לינקס: חנה ראַפּע, (סימע) האַלפּערן, ליובע
סלוצקי, פאַני קאסאווסקי, מוליע (שמואל) רודי, מאַטיע שעפּס, אברהמל באַכראַך, יצחק צעסלער, שמואל צעסלער
און כייקל בעקער.

צווייטע שורה — פון רעכטס: שרה פאראזאווסקי, צביה סאַפּירשטיין, שרה וואַגמאַן, אסתר לין, מאַשקע
וויסאָצקי, די לערערקע אַדעלאַ איינשטיין, משהל באַרטנאָווסקי, דיאַדיע (דוד) זאַבלודאָווסקי, בערל אַש און אבא
קאלמאוויטש.

דריטע שורה — פון רעכטס: אסתר רחל שאָטלענדער, סימע איסערוק, סימע ראַפּע, פייגל גלוך, די צוויי
קליינע קינדערלעך — אַדעלאַס, דער לערערקעס פּלימעניקלעך, זלמן כאַראָווסקי, משהל אייזנבערג, משהל צעסלער
און יוסף אינטראליגאטאָר.

די אונטערשטע שורה — פון רעכטס צו לינקס: שרה קאַץ, חיהלע בעקער, חיהקע נאָוויק, ביילקע ראַפּאַ־
לאָווסקי, זלאַטקע פיינמאַן, אַלטע באַכראַך, הדסה אַש, בלומקע לעווין, גוטקע וואניעווסקי, סאַניע בלאַך, עטל מילער.

מען האָט מען שוין געציטערט אימת־מות. איינמאָל האָבן מיר, קינדער, אין „צוואַנגס־שולע"
אויף אַ פּויזע זיך געשפּילט אין די דערבייאיקע סטאַדאָלעס אויפן הויף, וואָס זענען פול גע־
ווען ביז אויף די בוידעמער מיט שטרוי. מיר פלעגן אַרויפקריכן גאָר אין דער הויך אויף די
בוידעמער און צוזאַמען מיט די סנאָפּעס היי זיך אַראָפּגליטשן ביז אונטן. פּלוצלינג דערזעען
מיר אין טויער פון שייער דעם הויכן אָטטאָ מיטן רויטן פּרצוף מיט אַ בייטש אין האַנט און

מיט געשרייען האָט ער אָנגעהויבן כוואַשטשען אויף רעכטס און לינקס. מיר האָבן אָנגעהויבן אַראָפּטאַנצן פון בוידעם איינע אויף די אַנדערע געהרגעט צו ווערן. אַ פּאָר ייִנגלעך האָט ער פון אונדז געפּאַקט און געשלעפּט פאַר די אויערן אין „אָרטס־קאָמענדאַנטור".

דער זעלבער אָטטאָ מיט נאָך פון זיינע דייטשישע זשאַנדאַרן פלעגן כאַפּן יידן אין די גאַסן, אָפּשערן זיי די בערד און שלעפּן מיט געוואַלד אין באָד אַריין, וואָס האָט זיך געפונען אויפן שול הויף. די באָד האָט געהאַט אַ שילד מיט אַן אויפשריפט אין דייטש:

Entlausungsanstalt

מען פלעגט מיט אונדז מאַכן אויספלוגן. און נישט איינמאָל דורכן יאָר פלעגט מען אונדז, די שילער פון „צוואַנג־שולע" אויסשטעלן פאַרנווייז און אַוועקשפּאַצירן אין די נאָענטסטע דערפער. פלעגן מעגן זיין די גרעסטע פרעסט — אין האַלב־צעריסענע שיך, און האַלב הונ־געריקע — אָבער אינטערעסאַנט פלעגט עס אונדז קינדער זיין, ווייל די ליבע אַדעלאַ — די לערערקע און דער גוטער לערער מאַקלער זענען געווען מיט אונדז. און אַדעלאַ פלעגט אונדז דערציילן פון אירע אויספלוגן אַלס שילערין אין פראַנקפורט אַם מאַין.

די דייטשישע מאַכט האָט פאַרלאַנגט אַז מיר שילער זאָלן צושטעלן אַזוינע וואַטע־בלומען וואָס פלעגן וואַקסן ביי די טייכן. פלעגן מיר קריכן זומער ביז די קני אין וואַסער ביי די טייכלעך אַרום זאַבלודאָווע און אָנרייסן אָט די בלומען. דאָס פלעגט אַוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד, ווו זיי פלעגן מאַכן דערפון שטאָף. איינמאָל האָט מען אונדז אַרויפגעזעצט אויף פורן, אַלע קינדער פון צען יאָר אָן, און אַוועקגעפירט אין דאָרף לעוויצקי. דאָרט איז געווען איינגעאָרדנט אַ גאַנצער מיליטערישער שטאַב; מ'האָט אונדז אַלע אָפּגעפאָטאָגראַפירט איינ־ציקווייז מיט אַ נומער איבער יעדער קינד און גענומען די פינגער־אָפּדרוקן. און נאָכהער האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן. דאָס זענען געווען די ערשטע פּאַספּאָרטן וואָס יעדער איינוווינער פון צען יאָר אָן האָט געדאַרפט באַזיצן, וואָס די דייטשן האָבן איינגעפירט אין אונדזער געגנט. דער פּאַספּאָרט איז געווען פאַרזען מיט אַ פאָטאָגראַפיע (גאַנצער קערפּער) און פינגער־אָפּדרוקן.

פאַר אונדז קינדער איז דאָס געווען אַ גאַנצער יום־טוב און מיר האָבן זיך שוין געהאַלטן פאַר גאַנצע מענטשן. מיר האָבן שוין פּאַספּאָרטן...

איינמאַל איז דורכגעפאָרן דורך זאַבלודאָווע דער קרוינפּרינץ אויגוסט־ווילהעלם צוזאַ־מען מיטן פעלדמאַרשאַל פאָן הינדענבורג און צוזאַמען מיט דער סוויטע באַזוכט אונדזער „צוואַנג־שולע". ער האָט אַביסל געהונקען אויף אַ פוס און געגאַנגען מיט אַ שטעקן. ער איז אַריין אין קלאַס. מיר האָבן זיך אַלע באַלד אויפגעשטעלט און אָפּגעזונגען „הייל דיר אים זי־געגערקראַנץ"... ער האָט עס אויסגעהערט שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אויפן שטאָק, אַ בורטשע גע־טאָן מיט אַ פאַרכמורעט פּנים: „דאַנקע שיין" און איז אַוועק.

אויפן שאָסיי זאַבלודאָווע־ביאַליסטאָק, האָט מען דערציילט, האָט ער יענעם טאָג פאַר־האַלטן אַן אָרעמע ייִדישע פרוי, וואָס איז געגאַנגען צופוס, אָפּגעשטעלט זיין אויטאָ, איר באַ־טאָפּט צי זי שמוגלט נישט עפּעס. געפונען ביי איר אַביסעלע קאַשע און דאָס צוגענומען, — „בעשלאַגען"...

די שיינע קינדער־פאַרשטעלונגען וואָס די לערערין אַדעלאַ איינשטיין פלעגט מיט אונדז אַדורכפירן (אין דעם גרויסן הויז פון איר שוועסטער חנה האַלפערן, אויפן גרויסן מאַרק) זע־נען געווען גאָר קינסטלערישע און דערציערישע אַפילו פאַר גרויסע. זייער אַ סך פאַר דעם דערפאָלג פלעגט איר צוהעלפן אין דער אַרבעט יוסף זאַבלודאָווסקי, דער באַוווסטער שלום עליכם פאַרלייענער.

אַ סך זאַבלודאָווער ווען אייביק געדענקען די צייט פון דער „צוואַנג־שולע" ווו אַ דאַנק דער אויסגעצייכנטער פעדאַגאָגין אַדעלאַ איינשטיין, האָבן זיי באַקומען אַ וועלטלעכע דער־ציאונג.

מיכאל ליפשיץ (בע"ז)

# מלחמה־איבערלעבונגען

גאַנץ שווערע און שלעכטע צייטן האָט אונדזער שטעטל זאַבלודאָווע איבערגעלעבט בעת עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען בייטן די אינוואַזיעס. אָנפאַנגס האָבן די רוסן אָפּטרעטנדיק פון דאַנען אין גרויסע מחנות מיליטער דורכגעמאַרשירט איבער אונדזער שטעטל. זיי האָבן געמוזט אָפּטרעטן דורך אונדזער שטעטל, ווייל די שאָסייען, וואָס שניידן זיך פון ביאַליסטאָק זענען געווען באַלאַגערט פול מיט מיליטער, האַרמאַטן, קוילנוואַרפער און גרויסע אָבאָזן. אַלע איבעריקע וועגן זענען געווען פאַרשפּאַרט פון דייטש, איז דורך אונדזער שטעטל געווען דער איינציקער מאַרשרוט, און עס איז דעריבער קיין ווונדער נישט וואָס מיר האָבן אַזוי פיל אויסגעשטאַנען פון די אַלערליי מינים מיליטער, וואָס האָבן אין שטעטל פיל פאַגראָמירט, נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ און דערצו נאָך געוואָלט פאַרברענען דאָס שטעטל.

צוליב דעם וואָס מען האָט אָנגעהייבן גראָבן אָקאָפּעס אַרום שטאָט און אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָ וועט זיין אַ הויפּט־פּאָזיציע, האָבן אונדזערע ביסל יידן פון שטעטל זיך געצויגן מחנותווייז קיין ביאַליסטאָק מיט דעם ביסל בעבעכעס וואָס איינער איז נאָר געווען ביכולת מיטצונעמען. אַנדערע האָבן עס נישט באַוויזן און אַלעס איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט, נאָר קיין פּאָזיציע איז דאַן נישט געווען נאָענט פון שטאָט, אַ חוץ אַ פינף ווי אָרסט פון שטאָט, פון וואַנען עס האָבן זיך געהערט די קלעפּ פון האַרמאַטן און אַ שיסעריי פון קוילנוואַרפער און ביקסן. נאָענט פון שטעטל האָט שוין קיין פּאָזיציע נישט געקענט זיין, ווייל אין מיטן זענען אָנגעקומען די דייטשן און די רוסן האָבן געמוזט אָפּטרעטן. איך מיט מיינע צוויי זין און נאָך פיל מענטשן האָבן שוין קיין פור נישט אויסגעפּייעט צו קריגן, זענען מיר געלאָפן צופוס ציענדיק זיך קיין ביאַליסטאָק. די איבעריקע שטוב־מענטשן מיט דער ביסל אָרעמקייט האָבן מיר אָפּגעשיקט נאָך מיט אַ פּאָר וואָכן פריער.

די עטלעכע גילדן וואָס יעדערער האָט פאַרמאָגט, איז געווען פאַרנייט ביי יעדערן אין די העמדער און אַזוי זענען מיר קוים געקומען נישט טויט, נישט לעבעדיק קיין ביאַליסטאָק. די קינדער זענען געקומען פריער און איך פלעג זיך אַלע ווייַלע אָפּשטעלן, ווייל מיר איז געווען שווער צו גיין. אין דעם וועלדל, וואָס פאַר דעם דאָרף קרויאַן, ביי ביאַליסטאָק, האָב איך פון ווייטן געזען עטלעכע סאָלדאַטן מיט ביקסן און פון ווייטן האָבן זיך געזען די הויפּן וועלכע זענען געשטאַנען אין פלאַמען פייער, וואָס די סאָלדאַטן האָבן אונטערגעצונדן פאַרן אַוועקגיין. איך הער פון ווייטן ווי איין סאָלדאַט זאָגט צו די איבעריקע: „נאָדאָ זאַסטרעליט עטאַווא יעווריייציקאַ". אויף מיין גליק זענען צווישן די סאָלדאַטן געווען אַ פּאָר יידן, האָבן זיי נישט דערלאָזט און איך האָב זיך דערצו אויסגעקויפט מיט עטלעכע פּאַפּיראָסן.

אַ קליין טייל מענטשן זענען פאַרבליבן, וועלכע האָבן זיך איסגעליטן גענוג צרות פון די קאָזאַקן, וועלכע מען האָט אונטערגעקויפט מיט געלט, אַבי זיי זאָלן נישט פאַרברענען די שטאָט.

הערנדיק אין ביאַליסטאָק אַז די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן מיר זיך אַלע אומגעקערט צוריק, מיר האָבן פון די דייטשן די ערשטע צייט אייך קיין האָניג נישט

געלעקט, זיי האָבן אונדז אויך פאַרטיילט געגוג צרות, קיין איבעריקן ביסן ברויט האָט זיך ביי קיינעם נישט געטאָרט געפינען און פאַר אַלץ איז געוואָרן געשלאָגן.

געגויע פיר יאָר האָבן מיר פון די דייטשן געליטן, און כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך פאַרנומען מיט שמוגלעריי, אַנדערש וואָלט מען פון הונגער געשטאָרבן, און פאַר־לאָזנדיק זיך אויף זייערע קאַרטן וואָלט יעדערער אויסגעשפיגן די נשמה פאַר דער צייט.

אָבער נישט זינדיק איז געווען דער שמוגלער ווען אַ דייטשע וואַך האָט אים געכאַפּט. קלעפּ האָט ער באַקומען ווי האָלץ, דערצו נאָך געפירט אים אין קאָמענדאַנטור. די סחורה, דעם פערד און וואָגן פאַרנומען, ווידער געשלאָגן און נאָך געקראָגן דערצו תפיסה.

אַז די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן פון דאַנען און פוילן האָט איבערגענומען די מאַכט, איז נאָך פון אָנפאַנג געווען צו דערליידן, שלעכט איז נאָך געווען ביי דעם אָפּטרעטן פון די פוילישע און דאָס אָנקומען פון די באָלשעוויקעס. דערנאָך ביים אָפּטרעטן פון די באָל־שעוויקעס און ווען דאָס פוילישע מיליטער איז אַריין צוריק.

נישט מיט קיין פעדער קען מען באַשרייבן די מערדערייען און רויבערייען, וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען. פיל צייט און מי דאַרף דויערן דאָס אַלעס צו באַשרייבן, און אויס־רעכענען יעדער איינצלהייט וואָס האָט דאַן פּאַסירט. מיין יינגערן זון האָט מען געוואָלט שיסן פאַר נישט לאָזן אויפברעכן די טיר פון הויז כדי צו נעמען דאָס פאַרבליבענע. שיינע באַלעבאַטים האָט מען פאַרנומען אויף אָקסן־טרייבן קיין ביאַליסטאָק, איך ווייס נישט ווי אַזוי איך בין ניצל געוואָרן פון דעם אָקסן־טרייבן. איך האָב שוין געהאַלטן דעם בייטש אין האַנט און שוין כמעט אָנגעהויבן טרייבן די סטאַדע אָקסן, נאָר עפּעס אַ באַקאַנטער קריסט האָט אויף מיר מיטלייד געקראָגן און האָט מיך צוגענומען פון דער אַרבעט, ער האָט זייער שטאַרק פאַר מיר געבעטן ביי דעם עלטסטן, האָט ער מיך אָפּגעלאָזן.

---

משה גאָניאָנדזסקי

# אונדזער זאַבלודאָווער ביבליאָטעק

אין אַ קליין צימערל אין קוואַסאַרניע ביי מיכאל ליפשיץ, פלעגט זיך צוזאַמענקומען אַ געוויסער טייל פון דער זאַבלודאָווער יוגנט, וואָס האָט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דער יידישער ליטעראַטור און קונסט. פאַר צוויי קאָפּיקעס איינטריט־אָפּצאָל האָבן זיי דאַן געהאַט די געלעגנהייט זיך צו געפינען אין אַ געזעלשאַפטלעכער סביבה. און יעדער איי־נער האָט געקענט לייענען פאַרשיידענע בלעטער און זשורנאַלן, אָדער שפּילן אַפילו אַ דאַמקע צי שאַך. חוץ דעם איז יעדן שבת בייטאָג געווען אַ פאָרלעזונג אָדער אַ רעפעראַט וועגן דער יידישער ליטעראַטור און קונסט.

איינמאָל אַ שבת, דאָס איז געווען אין 1911, איז געוואָרן באַהאַנדלט די פראַגע וועגן גרינדן אַ יידישע ביבליאָטעק אין זאַבלודאָווע. און באַלד דאָרטן, אין קליינעם צימערל, צווישן דער קליינער צאָל מיטגלידער, איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער גרונטשטיין. 20 מיטגלידער האָבן געגעבן צו רובל, און מען האָט גלייך איינגעקויפט אַביסל ביכער. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן די ביבליאָטעק, וואָס האָט אין אַ גאָר קורצער צייט, געציילט ביי דריי הונדערט ביכער. דאָס האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען דער מי און ענערגיע פון די 20. זיי פלעגן נישט דורכלאָזן קיין איין תנאים אָדער חתונה, צו קלייבן באַשטייערונגען לטובת




ערשטע שורה, שטייענדיק פון רעכטס: חיים שלעסער, לערער בראם, גוטקע וואניעווסקי, מאָטיע שעפּס, אברהם ראפּע. צווייטע שורה, זיצנדיק פון רעכטס: מאיר טענצער, אליהו געלערשטיין, איטשע מאלטשיק, לייבל בערנשטיין. דריטע שורה: יוסף פייערשטיין, אַרטשיק אינטראליגאַטאר און שמואל צעסלער.

דער ניי־געגרינדעטער יידישער ביבליאָטעק. גלייכצייטיק האָט זיך געשאַפן אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע פלעגט איר גאַנצע הכנסה פון די אָוונטן און פאָרשטעלונגען אָוועקגעבן פאַר דער ביבליאָטעק.

די פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען בשתיקה, ווייל יידיש טעאַטער איז געווען פאַרווערט פון דער מאַכט. געווען אַ פאַל, ווען מען איז שוין איינמאָל געווען צוגעגרייט צו שפילן, מ׳האָט שוין געמאַכט די גענעראַל־פּראָבע, אַפילו די בינע איז שוין געווען אינגאַנצן איינגעאָרדנט, האָט מען זיך פלוצלונג דערוווסט, אַז אַ זשאַנדאַר פרעגט זיך:

— ווו איז דער טעאַטער, וואָס מען דאַרף היינט שפּילן?

און כדי ער זאָל נישט פאַלן אויף די שפּורן, האָט מען מיט אַן אָוונט פריער פאַר דער באַשטימטער צייט, אָפּגעשפּילט דעם ספּעקטאַקל. דאָס איז געווען ביי יודל דעם בירניק, און חברה בחורים האָבן דערנאָך זיך גענומען צו דער אַרבעט, ס׳האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה און ס׳איז געוואָרן אַלץ צענומען, גלייך ווי גאָרנישט געווען... אַזוי פלעגט מען זיך ווייניק אָפּשטעלן פאַר די אַלע שטערונגען און ווי ענערגישע קעמפער, פלעגן זיי אויספילן יעטווידע אונטערנעמונג, וועלכע ס׳איז נאָר געווען זייער אויפגאַבע דורכצופירן.

מיט דער ביבליאָטעק האָבן אָנגעפירט די צוואַנציק ערשטע מיטגלידער. פון זיי איז געווען געקליבן אַ קאַסיר אברהם ליפשיץ (העמטשע) און אַ ביבליאָטעקאַר פלעגט שוין זיין יעדן אָוונט אַן אַנדערער. נאָכדעם האָט מען אויסגעקליבן שעפּסל בינדער פאַר אַ שטענדיקן ביבליאָטעקאַר, און אַזוי איז געגאַנגען אַ קורצע צייט די אַרבעט, ביז אייניקע מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. פּלטיאל ברוידע (דער וואַפּניק), יאָסל לאַפּאַטע (יאָסל פּיצעס), ישראל אַסטראָווייעצקי, דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער ביבליאָטעק מאָטל מייזל (אַ ביאַליסטאָקער) שפרה וואַניעווסקי, חיים מישאַנזניק (חיים סטראַזשניק), יאָסל שמיד (יאָסל וואַגאַנטשיק), אָפּגעשטעלט האָבן זיך בלויז די מיטגלידער: אַלתר גניעצוצקי (אַלטער דער שערער), העמטשע, שעפּסל בינדער, אליהו געלערשטיין, כייטשע שמיד, משה ברוך צעסלער, איטשע מאַלטשיק, העשל נאָוויק, קניאַראָזאָווסקי (משה טראַטש), אַלטער לאַבזאָווסקי, אבא אינטריליגאַטאָר׳, און מיט איינמאָל האָט מען מיט דער ביבליאָטעק געוואָנדערט פון איין אָרט צום צווייטן, ווייל די פּאָליציי פלעגט זיך שנעל דערוויסן איר אַדרעס, און דאָס וואָלט נישט געבראַכט קיין גוטע רעזולטאַטן. פונדעסטוועגן האָט דאָס קיינמאָל נישט אָפּגעהאַלטן פון דער אַרבעט, ווייל מען איז געווען צופיל איבערגעגעבן צו איר.

די לעצטע צייט, אין 1913טן יאָר, איז די ביבליאָטעק געווען ביי יוסף זאַבלודאָווסקי און באַלד אין 14טן יאָר, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע וועלט־מלחמה, און די צאַרישע סאָלדאַטן האָבן געהאַלטן ביים פאַרלאָזן אונדזער שטעטל, האָבן זיי דאַן פאַגראַמירט די ביבליאָטעק און צעריסן אַ סך ביכער. בלויז אַביסל ביכער זענען פאַרבליבן אין שטעטל ביי די לייענער.

אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן אַרום איר, האָט מען ערשט אין אַ יאָר אַרום, ווען דער דייטש איז שוין ביי אונדז געווען. דאַן האָט מען ביי אונדז געקליבן אַ ועד הקהל, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אָנצופירן מיט דער שטאָט און אויך די ביבליאָטעק האָט די שטאָט גענומען אונטער איר אויפזיכט. די באַפעלקערונג איז דאַן געווען זייער אָרעם, די יוגנט איז געווען פאַרשקלאַפט ביי צוואַנג־אַרבעט ביי שאָסייען און וועלדער, ווי גיינעווקע, ביעלאָוועזש און אוקראַינע. ס׳איז קיינעם נישט געלעגן אינזינען אַריינצוקוקן אין אַ ביכל, פאַרשטייט זיך, אַז קיין ביכער האָט מען נישט צוגעקויפט, ווייל ס׳איז נישט געווען פאַר וועמען. נאָר די ביכער, וועלכע זענען געווען איבער דער שטאָט, האָט מען צוזאַמענגענומען, און אין ועד הקהל האָט מען זיי געשטעמפּלט מיט זייער שטעמפּל, אַ צייכן, אַז די ביבליאָטעק געהערט צו דער שטאָט. אין ועד הקהל איז די ביבליאָטעק געווען די גאַנצע צייט, וואָס דער דייטש איז ביי אונדז געווען, נאָר זי איז נישט געווען טעטיק. אין 1919טן יאָר האָט מען ביי אונדז אין שטעטל אָנגעהויבן אַ ביסעלע פרייער אָפּצואָטעמען. מען האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די

דייטשישע קייטן פון דער פאַרשאַלטענער צוואַנג־אַרבעט און גענומען אַריינטרעטן מער אין נאָרמאַלן לעבן; ווער צום מסחר, ווער צו זיין אַרבעט — צו זיין פאַך. די ביבליאָטעק האָט אויך גענומען פּראָגרעסירן. מען האָט זיך אַרומגעזען אַרום איר. מ'האָט געפונען אַ צימער ביי חיים דעם שוחט און דאָרט אַריינגעשטעלט די שאַפע מיט די ביכער.

אין יאָר 1922, בעת דער מלחמה צווישן די באָלשעוויקעס מיט די פּאָליאַקן, ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריין צו אונדז אין שטעטל, האָט זיך דאַן עטלעכע בחורימלעך פאַר־גלוסט אַריינצופירן די ביבליאָטעקביים קסיאָנדז אין שטוב. דאָ האָט זי איבערגעלעבט דעם לעצטן און ערגסטן גלגול. דריי וואָכן זענען געווען ביי אונדז אין שטעטל די באָלשעוויקעס. דאַן זענען זיי אַוועק און עס זענען צוריק אַריין די פּאָליאַקן. אָנטרעפנדיק דאָרט די יידישע ביכער, האָבן זיי זיך נוקם געווען ווי ס'באַדאַרף צו זיין: מ'האָט געריסן און געפליקט וויפל איינער האָט נאָר געקענט. די פאַרבליבענע ביכער האָט מען אַוועקגעפירט אין דער סטאַ־ראָסטוואָ, דאָרט האָט מען זיי איבערגעקוקט, צי זיי זענען לעגאַל און אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט מען זיי צוריקגעשיקט צום רב. ביים רב האָבן די ביכער זיך געוואַלגערט אין זעק אויפן בוידעם און קיינער האָט נישט געוווסט ווו זיי זענען אַהינגעקומען. נאָכדעם האָט מען זיך דערוווסט ווו די ביכער וואַלגערן זיך. זענען געגאַנגען אייניקע פאַראינטערעסירטע און מען האָט אַראָפּגענומען די ביכער, געדונגען אַ צימער ביי משה־זעליקס אלמנה פּעשע־הינדע. דאָרטן האָט מען גענומען טראַכטן ווי אַזוי איר אַוועקצושטעלן אויף אַ געהעריקער הויך. אין דער שטוב ווו די ביבליאָטעק איז געווען, האָבן די ציוניסטן געדונגען אַ צימער, דאָרט איז געווען דער „מרכז“. גלייכצייטיק האָבן זיי גענומען די ביבליאָטעק אונטער זייער אויפזיכט. ביבליאָטעקאַרן זענען געווען צוויי: יצחק צעסלער און לייבל זילבער.

אין דער צייט איז פאָרגעקומען אַ סכסוך צווישן דעם „מרכז“ און די „יוגנטלעכע“ צור־ליבן איינקויף פון ביכער. ס'איז צונויפגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די לייענער — און די ביבליאָטעק איז אַרויס פון דעם „מרכז“ און איז אַריבער צו די „יוגנט־לעכע“. פונדעסטוועגן האָט מען די ציוניסטן געגעבן עטלעכע פּלעצער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק.

אונטער דער נייער פאַרוואַלטונג האָט די ביבליאָטעק אָנגעהויבן פּראָגרעסירן פון טאָג צו טאָג. די נייע פאַרוואַלטונג האָט אָנגענומען מיטלען ווי צו שאַפן געלט, אויף איינצוקויפן נייע ביכער. מען האָט געמאַכט אַ לאָטעריי, מ'האָט אָרגאַניזירט אַ פּאָר אָוונטן און פון דעם איז אַריין אַביסל געלט אין קאַסע. די ביבליאָטעק איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ רייכער אין ביכער.

די ביבליאָטעק האָט לעצטנס שוין געציילט איבער עטלעכע הונדערט מיטגלידער און אַבאָנענטן. אַ סך תלמוד־תורה־קינדער האָבן באַקומען צו לייענען ביכער אומזיסט. אויך אַרבעטסלאָזע האָבן געהאַט גרויסע הנחות.

די ביבליאָטעק איז געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו די אָרעמע יידישע יוגנט איז געקו־מען און באַקומען יידישע ביכער פריי צו לייענען. ביז דעם לעצטן טאָג איז די ביבליאָטעק געווען אַ הויכער קולטור־אַנשטאַלט, ווו די יידישע יוגנט האָט געצויגן איר גייסטיקע יניקה און באַקומען אַ געזעלשאַפטלעכע דערציאונג.

פאַקסימיל פון אַן אויפשריפט אויף אַ בוך קולבאַקס לידער, געשענקט דעם פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון זאַבלודאָווער י. ל. פרץ ביבליאָטעק אברהם ראַפּע, — צו זיין עמיגרירן קיין אַרגענטינע, אין יאָר 1928. מיר לייענען פאָלגנדע אונטערשריפטן: פאַרזיצנדער: אליהו געלערשטיין, סעקרעטאַר: מאַטיע שעקן, אַנוועזנדע: מאיר טענצער, שלעסער חיים, חייקל בעקער, שמואל צעסלער. וואַניעווסקי גוטקע, בערנשטיין ל., פייערשטיין יוסף, שמואל לאַפּאַטע, חיה בעקער, רחל בעקער, משהל צעסלער, זלמן טאַפּילאַווסקי, לייזער וואַלף, אהרן גאָלדפאַרב און יעקב באַכראַך.

דוד זאַבלודאָווסקי

# טעאַטער, קולטור און פאַרווײַלונג אין זאַבלודאָווע

די עפּאָכע פון טעאַטער הייבט זיך אָן אין זאַבלודאָווע, ווי אין ס׳רוב יידישע שטעט און שטעטלעך, פון דער צייט פון די פורים־שפּילער, ווען חברה בעלי־מלאכות און אַזוי פּאָלקס־יידן פלעגן זיך „פאַרשטעלן״ און גיין פורים פון שטוב צו שטוב בעת דער סעודה, משמח זיין, געבנדיק גאַנצע „פורים־שפּילן״. און ווי די פּיאָנערן פון שפּעטערדיקן יידישן טעאַטער, פאַרשאַפט פרייד און קולטורעלע עמאָציע אונדזערע עלטער־זיידעס און באָבעס. אין זאַבלודאָווע — ווי איינע פון די עלטסטע קהילות — האָט זיך די פורים־שפּילן אָנגעהויבן מיט אַ סך דורות צוריק. ווערדליק ווי מיין פאָטער יוסף זאַבלודאָווסקי ע״ה האָט מיר איבערגעגעבן, איז די לעצטע דינאַסטיע וואָס ער געדענקט נאָך אַלס קינד, באַשטאַנען פון אַ גאַנצער טרופּע, וואָס איז ווי אַ ירושה איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, פון זייער משפּחה. זיי פלעגן גיין פורים פון שטוב צו שטוב, פּאַראַדירט מיט אַ פּויק, און פלעגן אויספירן אַן „אחשורוש־שפּיל״ און אַ „מכירת יוסף־שפּיל״. זיי פלעגן אַריינגיין פריער מיט אַ פאָרשפּיל, וועלכע איינציקע סטראָפן געדענק איך, ווי מיין פאָטער האָט מיך אויסגעלערנט. די מעלאָדיע איז זייער אָריגינעל און האַרציק און וואָלט געדאַרפט פאַראייביקט ווערן:

אַ גוטן יום־טוב אייך צו בענטשן!
זענען מיר אַהער געקומען.
אונדזערע פיינע, איידעלע מענטשן
זענען ביי אייך זייער אָנגענומען.
ליאָם, פּאָם, טשיריבאָם פּאָם, טשיריבאָם, פּאָם,
טשיריבים, פּאָם, פּאָם, אאַז״וו, זאאַז״וו.

אין מיינע קינדער־יאָרן, געדענק איך, זענען שוין קיין גאַנצע פורים־שפּילן נישט פאָר־געקומען, אויסער אינדיווידועלע פורים־שפּילער אָדער גרופּעס, וועלכע פלעגן זיך פאַרשטעלן און אויספירן ל״דער אָדער אַזוי נומערן. דער ערשטער יידישער טעאַטער אין דער צייט פון דער גאָלדפאַדען־עפּאָכע איז געשפּילט געוואָרן אין זאַבלודאָווע אין מאיר לאַדיקעס „סטיינע״, ווו עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „טעאַטער־זאַל״ און מען האָט געשפּילט: שולמית, בר־כוכבא און נאָך פּיעסן. מיין פאָטער ע״ה, וועלכער איז דאַן געווען אַ יונג בחורל, האָט מיר דערציילט, אַז די טרופּע איז באַשטאַנען פון אַ גאַנצער פאַמיליע ציפּקוס (געוויס פריינט, אָדער אורעלטערן פון דער אַרטיסטן־משפּחה ציפּקוס אין נאָרד־אַמעריקע) און נאָך איינציקע אַקטיאָרן. איינגעשטאַנען זענען זיי ביי יונהכען אין שענק. מיין פאָטער, וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט אַ דראַנג צו טעאַטער און קונסט, איז פון זיי ממש נישט אָפּגעטראָטן, זיך צוגע־קוקט צו די פּראָבן און צו זייער גאַנצן אַרט לעבן. זיי אויך אַרויסגעהאָלפן אין אַנדערע פּיעסן, און ווי ער האָט מיר דערציילט, זענען לויט דעמאָלטיקע פּרימיטיווע באַדינגונגען פון יידיש טעאַטער און נאָך אַ וואַנדער־טרופּע דערצו, די פאָרשטעלונגען געווען אַוועקגעשטעלט זייער ריין. קינד און קייט זענען געלאָפן אין טעאַטער אַריין. זיי האָבן געוויילט אין זאַבלו־דאָווע ביי אַ דריי מאָנאַטן און דאָס האָט מיין פאָטער געגעבן דעם שטויס און ענערגיע אויפ־צופירן שפּעטער אין זאַבלודאָווע מיט אַמאָטאָרן — יידיש טעאַטער, וואָס מיין פאָטער באַ־שרייבט אין זיינע זכרונות אין אַ צווייט אָרט.

קיין אייגענע קאַפּעליע כלי־זמרים האָט זאַבלודאָווע נישט געהאַט. אויף חתונות פלעגן אַראָפּגעבראַכט ווערן כלי־זמר פון ביאַליסטאָק. ווי אימפּאָזאַנט פלעגט זיין דאָס בילד פון אַ חתונה אַ דינסטיק ביינאַכט, ווען מען פלעגט פירן חתן־כלה צו דער חופה, צו דער אַלטער שול, פאָראויס די כלי־זמרים פלעגן שפּילן חתונה־מאַרש. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט גיין; די חופה פלעגט פאָרקומען אויפן שול־הויף לעבן דער אַלטער שול, מיט אָנגעצונדענע





אַ חופה ביי דער שול.
אויבן: קונסט־צייכענונג פון דער שול — א. גודלמאַן.
אונטן: די חופה — קופּער־שטיך פון אריה מערזער.



ליכט און פאַקלען אין די הענט. דער שול־הויף פלעגט זיין פול אויך מיט קריסטן, וועלכע פלעגן קומען קוקן די „זשידאָווסקאַ וועסעליע". מיינסטנס פלעגן חתונות פאָרקומען פרייטיק. בייטאָג די חופה מיט די כלי־זמר צום שול־הויף, און שבת אין אָוונט די שבע ברכות; און מען פלעגט טאַנצן אַ גאַנצע נאַכט ביז פאַרטאָג. בדחנים וואָס פלעגן „באַזעצן" און משמח זיין אַלע חתונות, פלעגן אויך צוזאַמען מיט די כלי־זמר געבראַכט ווערן פון ביאַליסטאָק;

שמואל־חיים דער בדחן, אַ'תר שטיינבערג (חלהלע) (דער לעצטער מאָהיקאַנער פון דער בדחנים־משפחה, פאַרברענט געוואָרן אין טרויעריקן פרייטיק, אין דער ביאַליסטאָקער שול, דורך די נאַציס ימ״ש) און סאָניע בדחן, וועלכער פלעגט געבראַכט ווערן אויף געהויבענע חתונות, פלעגט שוין אויספירן זיין פראָגראַם טעאַטראַליש: מיטפירן אַ טשעמאָדאַנטשיקל גרים און קאָסטי:מען, זיך פאַרגרימירן און געבן נומערן, ווי „דער אַלטער בחור", „די קימפעטאָרן" א. אַ., וועלכע פלעגן פאַרשאַפן פיל פרייד און פאַרגעניגן אויף יי:דישע חתונות. פסח, אַלטע גאָלדע לאהס, איז דער איינציקער זאַבלודאָווער וואָס כאָטש נישט קיין פראָפעסיאָנעלער בדחן, פלעגט ער אויף חתונות און שמחות זינגען און אימפּראָוויזירן אין גראַמען זייער טאַלאַנטפול.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געגרינדעט געוואָרן די יידישע ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך אַ שטיק צייט געפונען אין דעם הויז פון משה־חיים געלערשטיין און דערנאָך ביי אונדז אין הויז. פריער האָבן מיר געוווינט טאַקע ביי משה חיים געלערשטיין און דערנאָך ביי אסתר־איטקע נאָוויק. אין דער אויבערשטער שטוב, מיטן גרויסן באַלקאָן, איז געוואָרן כמו אַ קולטור־קלוב, ווו מען פלעגט קומען בייטן אַ בוך, לייענען אַ צייטונג, שפילן אַ שאַך. דאָמינאָ. די הויפּט־טוערס פון ביבליאָטעק זענען דאַן געווען: אליהו געלערשטיין (וווינט איצט אין ישראל), אַבאָ אינטראַליגאַטאָר ע״ה, שעפסל בינדער ע״ה, עמטשע ליפשיץ ע״ה א. א.

מען פלעגט מאַכן ליטעראַרישע קערמישלעך. מיטן באַפרייט ווערן פון מענדל ביילים, אין באַוווסטן ביילים־פּראָצעס אין יענער צייט, געדענק איך איז ביי אונדז פאָרגעקומען אַ גרויסער באַנקעט ווו מען האָט זיך געפרייט, געזונגען און משמח געווען מיט דער מפּלה פון די שונאי ישראל. מיכאל ליפשיץ דער זאַבלודאָווער וויצלינג און הומאָריסט, אַרויסגעבער פון וויצן־ביכלעך ווי „שייקע פייפער" און אַנדערע, האָט גלייך „געקרוינט" מיטן נאָמען די „שמאַקאָוועס" (שמאַקאָוו — דער פּראָקוראָר אין ביילים־פּראָצעס און באַוווסטער שינאי ישראל) די נייע בתי־כסאות, וואָס מ'האָט גראָד אַרויסגעענדיקט אין יענער צייט אין ביעלסקן בית־המדרש, און אַזוי איז „פאַראייביקט" געוואָרן דער נאָמען פון די אַנטיסעמיטן אין באַרימטן ביילים־פּראָצעס...

ביי לייזער לייב הערשס אין דעם גרויסן הויז און גאָרטן פלעגט זיך אויך צונויפקלייבן די יוגנט און אינטעליגענץ, ווו מען פלעגט איינאָרדענען ליטעראַרישע „שבת־צונאַכטן" מיט אַרטיסטישע נומערן און פאַרווײַלנדיקע שפּילן ווי „פּלי־פּאָסט" און אַנדערע פאַרוויילונגען. אויך אין דער דעמאָלט געגרינדעטער יידיש־העברעאישער שולע פון ירוחם באַכראַך ע״ה, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַ הויז ערגעץ אין די גאַסן פון שול־הויף, פלעגן פאָרקומען ליטעראַרישע אָוונטן מיט רעציטאַציעס און פאָרלעזונגען דורך מיין פאָטער, און אויך רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס.

דורך אַ גרופּע יוגנט ביי דער ביבליאָטעק, אונטער דער רעזשי פון מיין פאָטער, איז אויך אין יענער צייט פאָרגעקומען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, ווו מען האָט געשפּילט „די פיר גוטע ברידער" פון א. רייזען, מיט רעציטאַציעס און כאָר־געזאַנג. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין דעם הויז פון יודל סלאָבאָדסקי, ווו ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שיינע בינע. די אָנטיילנעמער געדענק איך: אהרן יאַבלאָנסקי, מאַטל ליפשיץ, עמטשע ליפשיץ א. א.

צוויי שיינע פאָרשטעלונגען זענען דאַן פאָרגעקומען אין רוסיש, אָרגאַניזירט און אויסגעפירט דורך לייבל סערלין (דעם אוטשיטעלס), דעם אַפּטייקער שבח גאָבערס אַ שוועסטער, וועלכע האָט דאַן געוויילט צו גאַסט פון לידע, און איי:ניקע באַאַמטע און נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט. געשפּילט האָט מען א. טשעכאָווס צוויי איינאַקטערס — „דער בער" און „דער פאָרשלאַג". די פאָרשטעלונגען זענען פאָרגעקומען אין אַ סטאָדאָלע אויפן אָקסן־מאַרק, ווו מען האָט איינגעאָרדנט אַ טעאַטער־זאַל מיט אַ בינע. די פאָרשטעלונגען זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן זייער ריין און קינסטלעריש; די גרימען אויסגעפירט פון ספּעציעל געבראַכטן פון ביאַליסטאָק קינסטלער־פאַבריקמאַכער באָלעסטאַ און ספּעציעלע קאָסטיומען. איך געדענק אַלס

קינד פֿון 5 יאָר האָט מיר מיין פאָטער מיטגענומען אויף דער פאָרשטעלונג, און צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך געזען אַזוינע נאַטירלעכע טיפּן אויף דער בינע און אַזאַ טעאַ־טער־שפּיל, וואָס איך קען ביז היינטיקן טאָג נישט פֿאַרגעסן.

אין יענער צייט האָט אויך „פֿאַרלייגט זיינע געצעלטן" אַ גאָר גוטער וואַנדער־צירק, וועל־כער האָט געגעבן זיינע פאָרשטעלונגען ביי חנה משהקעס אין דעם גרויסן הויז. איך געדענק קאַרוזעל און „זוויערינעץ". און אַ שיינע עטלעכע וואָכן איז געווען פֿריילעך אין שטעטל מיטן דאָזיקן צירק. יידן און קריסטן זענען געלאָפֿן אין צירק אַריין, קוקן די שיינע קונצן און „ווונדער" פֿון די מאַלפּעס און בערן, די שיינע אַקראָבאַטישע נומערן אאַז"וו.

צום ערשטן מאָל איז אין יענער צייט אויך געוויזן געוואָרן קינאָ. אַ וואַנדער־קינאָ, וועל־כער האָט געגעבן זיינע פאָרשטעלונגען ביי חנה משהקעס אין דעם גרויסן הויז. איך געדענק



דראַמ.־קרייז ביים בית"ר אין זאַבלודאָווע, 1931.

ערשטע שורה, שטייענדיק פֿון רעכטס: לייבע נאָווינסקי, ראָזקע ראַגאָוויטש, קאָפּל וויזניק, ליפּשע האַלפּערן, שמעון שעפּס און יוסף רעזניק. צווייטע שורה, פֿון רעכטס: יאַנקל מאַרקוס (מיטן שטעקן), פּעלע שמוש, כייטשע האַלפּערן, אברהמל כאַראָווסקי, בנימין קאַפּוסטין (לערער), סאָניע ראַפּאַלאָווסקי און זלמן מילער. לעצטע שורה, פֿון רעכטס: איטקע פּשעסטאָניצקי, חיים האַלפּערן, אברהמל רעזניק, מאָשקע וואַדילעוויטש און איטקע רודי.

נאָך אַפֿילו וואָס מען האָט דאַן געוויזן: דער משפּט פֿון שלמה המלך מיט די צוויי קינדער און אייניקע קורצע קאָמעדיעס. דער עולם איז געלאָפֿן אויפֿן „בייזן ווונדער" אין „ליזיאָן" זען די מענטשעלעך אויפֿן ליילעך.

אַ גאָר וויכטיקע טעאַטער־ קולטור־ און פֿאַרווייַלונגס־עפּאָכע האָט זיך אָנגעהויבן אין זאַבלודאָווע בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיטן דער־נענטערן זיך פֿון די דייטשישע אַרמייען און זיך ריכטנדיק אויף שלאַכטן אין זאַבלודאָווע, איז כמעט דאָס גאַנצע שטעטל אַנטלאָפֿן ווי „בעזשענצעס" קיין ביאַליסטאָק, ווו ס'איז געווען זי־כערער. צוריקקומענדיק און טרעפֿנדיק אַ סך הייזער רואינירט פֿון די קוילן און סנאַריאַדן, און זיך אָנהייבנדיק צוצופּאַסן צום אָקופּאַציע־לעבן, מיט די „ברויט מיט וויקע" אויף קאַרטן, שווערע אַרבעט ביים שאָסיי אאַז"וו איז אַדאַנק אַ גרופּע ענטוזיאַסטן נאָך קולטור, ווי מיין פאָטער, ירוחם באַכראַך, דער אַפּטייקער שבח גאָבער, פּרץ שוואַרץ און אַנדערע, געגרינדעט געוואָרן די געזעלשאַפֿט „יידישע קונסט", לויט די סטאַטוטן פֿון דער ביאַליסטאָקער „יידישע

קונסט״. עס ווערט געדונגען דאָס גרויסע גאַנצע אונטערשטע הויז פון יהודה ליפיעץ, ווו די יוגנט און פאָלקס־מענטשן קומען זיך צונויף נאָך די שווערע אַרבעטן ביים שאָסיי. עס געפינען זיך צייטונגען, זשורנאַלן, מען שפילט אַ שאַך, אַ דאַמקע, דאָמינאָ. אין די פרייטיק־צונאַכטסן קומען פאָר פאָרלעזונגען, רעפעראַטן, לעבעדיקע צייטונגען, ווו עס צייכענען זיך אויס מיט זייערע אַקטועלע אַרטיקלען און עסייען אַלטער גניעטשוצקי (דער שערער), פּרץ שוואַרץ א. א. עס ווערט געגרינדעט אַ דראַמאַטישער קרייז אונטער דער רעזשי פון מיין פאָטער; אַ געמיש־טער דריי־שטימיקער כאָר אונטער דער לייטונג פון יוסף מיטן צונאָמען „פּרוטקע״, זיין פאָ־טער איז געווען דער סופר (וואָס פלעגט גלייכצייטיק מאַכן די פּרוטות מטבעות), אַליין אַ געוועזענער סאָליסט אין כאָר פון ביאַליסטאָקער „יידישע קונסט״. אין דעם גרויסן הויז פון משהקע האַלפּערן (חנה משהקעס) ווערט איינגעאָרדנט אַ גאָר שיינער טעאַטער־זאַל, מיט אַ פּרעכטיקע בינע און פאָרהאַנג און עס קומען פאָר רעגולערע „ליטעראַריש, דראַמאַטיש, וואָקאַ־לישע אָוונטן״. די פּראָגראַם באַשטייט פון כאָר, מיט אַלעמאָל נייע לידער, אַן איינאַקטער, פאָרלעזונגען און רעציטאַציעס דורך מיין פאָטער. עס זענען געשפּילט געוואָרן אַלע איינאַק־טערס פון שלום עליכם ווי „מזל טוב״, „אַ דאָקטאָר״, „מענטשן״ אאַז״וו. „דאָס אייביקע ליד״ פון מאַרק אַרנשטיין; שלום אַשס „מיטן שטראָם״ אין 2 אַקטן איז געשפּילט געוואָרן צוויי מאָל. איך רעכן דאָ אויס די ראָלן־פאַרטיילונג, וועט קלאָר ווערן מער־ווייניקער דער באַשטאַנד פון קרייז אין יענער צייט: רב זרח (אַ רב) — אלתר לאָבזאָווסקי ע״ה; הינדל, זיין ווייב — רייע זאַבלודאָווסקי ע״ה; רחלע (זייער טאָכטער) — כייטשע שמיד; דוד (זייער איידעם) —



רייע זאַבלודאָווסקי — די זאַבלודאָווער אַקושאַרקע

יוסף זאַבלודאָווסקי ע״ה; יחזקאלע (זייער איניקל) — דוד זאַבלודאָווסקי, דאַן 8 יאָר אַלט. מיין ערשטער דעבוט אויף דער בינע.

די דעמאָלטיקע דייטשע מאַכט, ווי דער בירגערמייסטער, קאָמענדאַנט און זשאַנדאַרן, וועלכע זענען נאָך דאַן נישט געווען אַזוינע מאַסן־מערדער און סאַדיסטן ווי די איצטיקע דייטשן, פלעגן באַזוכן די „אָוונטן״, זיצן אין דער ערשטער רייע, לאַכן אויפן קול, אַפּלאָדירן און הנאה האָבן פון די „יודישע ספּעקטאַקלען״... אַרונטערגיין הינטער די קוליסן, באַדאַנקען די אָנטיילנעמער און מכבד זיין מיט שאָקאָלאַד. צום סוף פון די פאָרשטעלונגען פלעגן אויף דער בינע אויסגעפּלעט ווערן צוויי בילדער פון יידישע שרייבער. פון דער ריינער הכנסה פון די אונטערנעמונגען איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידיש־העברעאישע שולע אין אַ מיעשטשאַנסקע הויז קעגן קאָשציאָל, פאַר אָרעמע קינדער, אונטער דער לייטונג פון ירוחם באַכראַך ע״ה.

די דאָזיקע קולטור און טעאַטער־עפּאָכע האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע און נאָך אַ שטיק צייט אונטער דער פּוילישער מאַכט. נאָך דער דייטשישער אָקופּאַציע, מיט דער ליקווידירונג פון די „צוואַנג־שולן“, געגרינדעט פון אַדעלאַ איינשטיין (איצט אין אַמעריקע) צוזאַמען מיט חייקע ראָזנבערג (יאָסקעס), אַ שולע וועלכע געפינט זיך טאַקע אין דעם הויז פון טעאַטער־זאַל, ווערט דאַן אויפגעפירט דורך די שול־קינדער אונטער דער רעזשי פון מיין פאָטער די באַוווסטע קינדער־פּיעסע, איבערזעצט פון פראַנצויזיש, מיט וועלכער נחום צמח ע״ה, האָט אין ביאַליסטאָק אָנגעהויבן זיין ערשטן דעבוט פון איצט באַוווסטן נאַציאָנאַלן מלוכה־טעאַטער „הבימה“. אין העברעאיש האָט עס געהייסן „מוסר נערע״; די איבערזעצונג אין יידיש האָט געמאַכט פּסח קאַפּלאַן ע״ה א״נ „דער צעלאָזענער יינגל“, אין 3 אַקטן. די דאָזיקע פּיעסע איז געשפּילט געוואָרן צוויי מאָל. איין מאָל פאַר שול־ און חדר־קינדער און איין מאָל פאַר דערוואַקסענע. די אָנטיילנעמער: די ברידער צעסלער (איצט אין אַרגענטינע), דער שרייבער פון די שורות (איצט אין אַרגענטינע), מאָטיע שעפּס ע״ה (געשטאָרבן אין טשילע), זלאַטקע פיינמאַן ע״ה, פייגל קאַסאָווסקי (לעבט אין רוסלאַנד), גוטקע וואַניעווסקי ע״ה און שרה וואגמאן ע״ה. אין זעלבן זאַל ווערן געשפּילט אייניקע פאָרשטעלונגען פון ביאַליסטאָקער אַרטיסטן ווי „כאַשע די יתומה“ מיט פאַניע רובינאַ (איצט אין נאָרד־אַמעריקע, אַלס חאַשע), „כאַנטשע אין אַמעריקע“, די דעמאָלט זייער פּאָפּולערע אָפּערעטע, מיט פריילן שאַפּיראָ אַלס כאַנטשע (איצט אין אויסטראַליע) און דער זייער פעאיקער שלום שוואַרץ ע״ה א. א. בעת דער דריי־וואָכיקער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע אין 1921סטן יאָר ווערן געשפּילט קינסטלערישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין רוסיש אין דער אַלטער פּאָסט אויף הויף־גאַס, ווו עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ טעאַטער־זאַל. אין דעם זעלבן זאַל קומען שפּעטער פאָר אייניקע שיינע קינדער־פאָרשטעלונגען, אונטער דער רעזשי פון שמואל צעסלער, וועלכער גרינדעט דאַן אין זאַבלודאָווע אַ יידיש־העברעאישע שולע. די פאָרשטעלונגען ווערן טאַקע אויסגעפירט דורך די שילער פון זיין שולע. עס ווערט געשפּילט די באַוווסטע קינדער־אָפּערע „דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידעלע“, „ראַבטשיק“ און אַנדערע.

אין אָנהייב פון די 20ער יאָרן באַזעצט זיך אין זאַבלודאָווע ביי זיין פאָטער אהרן־הערש צעסלער ע״ה, דער באַוווסטער פידל־ווירטואָז, אינטעלעקטואַל און שפּראַכן־קענער פּראָפ. שמואל ליב צעסלער ע״ה (געשטאָרבן אין 1953 אין נאָרד־אַמעריקע), וועלכער איז דאַן געקומען פון בערלין, דייטשלאַנד, ווו ער האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט אַלס ערשטער סאָליסט אין קייזערלעכן אָפּערן־טעאַטער. ער ווערט פידל־פּראָפעסאָר אין דער ביאַליסטאָקער מוזיק־שול א. נ. פון שאָפּען, און טרעט אויף מיט פידל־קאָנצערטן אין ביאַליסטאָק און גרעסערע שטעט פון פוילן. אַ גרופּע אינטעליגענץ נעמט אָן די איניציאַטיוו און אָרדנט איין צוויי גרויסע קאָנצערטן, טאַקע אין דעם זעלבן זאַל פון דער פּאָסט. די פּראָגראַם קלאַסישע מוזיק, אויסגעפירט דורך ש. ל. צעסלער פידל אַקאָמפּאַנירט און סאָלאָ־קאָנצערט דורך פּרל׳ קלאַראַ פּעטלין ע״ה (די טאָכטער פון יעקב פּעטלין ע״ה און אייניקל פון משה־זעליק פּעטלין ע״ה) אַ באַוווסטע פּיאַנאָ־שפּילערין און מוזיק־לערערין, און ס׳ווערט אויך אַנגאַזשירט די געשולטע זינגערין פון קלאַסישע און פאָלקס־מוזיק, אין איטאַליעניש, יידיש און פּויליש, פּרל׳ בערטאַ ראָטנבערג (איצט אין קאַנאַדע). צו די קאָנצערטן האָט מען ספּעציעל אויסגעליען די פּיאַנאָ ביים אָרגאַניסט פון קאָשציאָל. די קאָנצערטן זענען פאָרגעקומען צוויי מאָל: שבת־אָוונט פאַר יידן און זונטיק פאַר קריסטן. אַזוי האָט זאַבלודאָווע געהאַט די געלעגנהייט צו האָבן אַ גייסטיקן געניס פון עכטער קינסטלערישער קלאַסישער מוזיק.

קורץ נאָכדעם ווערט איינגעאָרדנט אַ פיינער טעאַטער־זאַל אין דער האַלב־פאַרענדיקטער געביידע פון יאַנקל שלמה־יואלס מיט אַ פיינער בינע און קוליסן, ווו מען שפּילט יידיש טעאַטער. אַזוי שפּילט דאָרט דער אַנסאַמבל פון דער דאַן געגרינדעטער סטודיע „ווינקעלע“ ביים ביאַליסטאָקער לינת הצדק, מיט דער באַטייליקונג פון מיין פאָטער, אונטער דער רעזשי און באַטייליקונג פון באַוווסטן אַרטיסט יהודה גרינהויז ע״ה (געשטאָרבן אין 1952 אין אויס־

טראַליע). עס ווערן אויפגעפירט די פּיעסן „שלמהקע שאַרלאַטאַן״ פון י. גאָרדין, „צו שפּעט״ און „דער יידישער קעניג ליר״ און אייניקע קליינקונסט אָוונטן. אויך גיט דאָרט אייניקע פאָרשטעלונגען די טרופּע פון באַקאַנטן אַקטיאָר י. טורקעוויטש.

אַ גאָר ערנסטע טעאַטער־טעטיקייט, און מען קען זאָגן די גלאָרייכסטע, הייבט זיך אָן אין זאַבלודאָווע מיטן קומען פון ביאַליסטאָק פון פּעאיקן אַקטיאָר און רעזשיסער — שפּעטער מיטאַרבעטער און קאָרעקטאָר אין ביאַליסטאָקער „אונדזער לעבן״ — ר. סולקעס ע״ה (אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ בעת די „שבתדיקע״). ער גרינדעט אַ דראַמאַטישע סטודיע פון פּעאיקע יוגנט און פירט אויף פּיעסן סיסטעמאַטיש, כמו סטאַבילער טעאַטער. די פאָרשטעלונגען פלעגן פּאַטראָניזירט ווערן אַלעמאָל פון אַ נייע אינסטיטוציע אָדער געזעלשאַפט, וועלכע פלעגן אָפּקויפן די אימפּרעזעס, צאָלנדיק אַלע קאָסטן ווי דעם רעזשיסער, זאַל אאַז״וו. די דאָזיקע טעאַטער־טעטיקייט האָט געדויערט שיינע עטלעכע יאָר. עס איז געשפּילט געוואָרן כמעט דער גאַנצער גאָרדין־רעפּערטואַר, פּיעסן פון פּרץ הירשביין, גאָלדפאַדן, י. קאָברין, בעסערע אַמעריקאַנער מעלאָדראַמעס פון י. קאַלמאַנאָוויטש, לעווין, י. סיגאַל. די פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען אין נייעם שוין מער־ווייניקער מאָדערנעם טעאַטער־זאַל פון די פייערלעשער, וועלכע האָבן אים געהאַט אויסגעבויט אַנטקעגן קאָשציאָל מיט אַריבער 300 זיצפּלעצער, אַ שיינע גרויסע בינע און קוליסן. עס מוז באַטאָנט ווערן אַז די פאָרשטעלונגען זענען געשטאַנען אויף אַ געהעריקער קינסטלערישער הויך. ווען אַ פּיעסע פלעגט פאַרטיק ווערן, פלעגט שבת בייטאָג פאָרקומען די גענעראַל־פּראָבע אויף דער בינע און אין אָוונט פלעגט מען שפּילן; און אויף מאָרגן זונטיק צום צווייטן מאָל.

איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף צוויי אויפפירונגען וואָס האָבן לויט מיין מיינונג געהאַט דעם גרעסטן מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג. דאָס זענען: „דער דאָרפס־יונג״ פון ל. קאָברין און ש. אַנסקיס „דיבוק״, וועלכע זענען געשפּילט געוואָרן די ערשטע — גאַנצע פיר מאָל, און די צווייטע — דריי מאָל. דאָס איז פאַרהעלטניסמעסיק זייער אַ גרויסער ציפער פאַר אַזאַ באַפעלקערונג ווי זאַבלודאָווע האָט פאַרמאָגט. מען איז געגאַנגען זען די פּיעסן צו עטלעכע מאָל. אויסער דעם פלעגן אַראָפּקומען גאַנצע גרופּעס באַזוכער פון די אַרומיקע שטעטלעך ווי האָראָדאָק, מיכאַלאָווע, בילסק, נאַרווע אאַז״וו. זאַבלודאָווער דראַמאַטישער קרייז האָט שוין געהאַט זייער אַ גוטן נאָמען. איך רעכן אויס דעם אַנסאַמבל פון די דאָזיקע צוויי פּיעסן וועט קלאָר ווערן מער־ווייניקער דער באַשטאַנד פון דראַמ.־קרייז, וועלכער פלעגט פאַרשטייט זיך אַלעמאָל באַרייכערט ווערן מיט נייע אָנטיילנעמער.

יאַנקל בוילע — ר. סולקעס; אין דיבוק — דער מיראַפּאָליער, און חנן. נאַטאַשאַ — זלאַטקע פיינמאַן; אין דיבוק — לאה (אומגעקומען אין וואַשליקאָווער געטאָ). זלמנקע — משה צעסלער; אין דיבוק — הענאַך. הערש־בער — דוד זאַבלודאָווסקי; אין דיבוק — סענדער בריניצער. נחום נאָוואָסיעלסקער — מאָטיע שעפּס ע״ה (געשטאָרבן אין טשילע); אין דיבוק — מחותן. פּראָקאָפּ און ישעיה — שמואל צעסלער; אין דיבוק — ערשטער בטלן. כאַצע — שמואל רודי (י. פּאַניטשעס); אין דיבוק — משולח (אומגעקומען אין געטאָ). פרומע — שיינטשע טראָיאַנאָווסקי (העברעאישע לערערין אין זאַבלודאָווע); אין דיבוק — די באָבע. חייקעלע — צו דער דאָזיקער כאַראַקטער־ראָל איז ספּעציעל אַנגאַזשירט געוואָרן די באַוווסטע אַרטיסטין פון דער ערשטער „ווילנער טרופּע״ — דאָראַ לעווינאַ (אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ), וועלכע האָט די דאָזיקע ראָל זיינער־צייט געשפּילט ביי „די ווילנער״ מיט גרויס דערפאָלג. ספּעציעלע דעקאָראַציעס האָט געמאָלן דער יונגער קינסטלער ליאָווקע (לעאָן) פּיין (לעבט איצט אין ישראל, ווו ער איז איינער פון די פּאָפּולערע קינסטלער־מאָלער), דאַן געווען אַ קורצע צייט העברעאישער לערער אין זאַבלודאָווע. זאָלן דערמאָנט ווערן דער פּעאיקער אברהמל ראָפּע, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס כאַראַקטער־קאָמיקער אין פיל פּיעסן (לעבט איצט אין אַדראָגע, אַרגענטינע), יצחק צעסלער (אין אַרגענטינע), וועלכער האָט פיל בייגעהאָלפן אַלס סופליאָר, און מיט זיינע פּרעכטיקע דעקאָראַציעס און פּלאַקאַטן. זאָל

אויך דערמאָנט ווערן: זלמן שׂרה מייטעס (טאָפּילאָווסקי) (אומגעקומען אין בילסקער געטאָ), דער זאַבלודאָווער „עדיסאָן“ פון זיך אַליין זיך אויסלערנענדיק פאָטאָגראַף, זייגערמאַכער, מאַשינען און ראַדיאָ־מאָנטיאָר, עלעקטריציסט, וועלכער האָט פיל מיטגעהאָלפן צו די פאָר־שטעלונגען מיט זיינע ליכט־איינפאַלן, רעקוויזיטן און בוטאַפאָרן.

מיטן ענדיקן דעם טעאַטער־פעריאָד נעמט איבער אויף אַ קורצע צייט די אָנפירונג פון דראַמ.־קרייז דער שרייבער פון די שורות, און מיט זיין אָנטייל, אויספירנדיק די הויפט־ראָלן, ווערן אויפגעפירט פאָלגנדע פיעסן: דאָס גרויסע געווינס (200.000) פון שלום עליכם, פאַר־אייניקט מיט מיכאלאָווער אָנטיילנעמער. ד׳ פיעסע איז געשפילט געוואָרן צוויי מאָל, אונ־טערן פּראָטעקטאָראַט פון דאַן געגרינדעטן אין זאַבלודאָווע „דאַמען־פאַראיין“, אונטער דער טיכטיקער מיטאַרבעט פון די פרויען: די רביצן מירסקי ע״ה, פרוי בארטעלסקי ע״ה, ביי־לע צעסלער ע״ה, חיה ריבע ביאַלאָסטאָצקי ע״ה א. אַ., וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט פי־לאַנטראָפּישער און מעדיצינישער הילף פאַר אָרעמע, און וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן אַז די



הסתדרות „השומר הצעיר“, זאַבלודאָווע 1925. אין צענטער: יצחק צעסלער (ראש הקן), ביי די זייטן די לערער: שמואל צעסלער און שמואל עברי.

פאָרשטעלונגען זאָלן דורכגיין מיט אַ קאָלאָסאַל מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג ביי פול־געפאַקטע זאַלן.

אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון לינת־הצדק, גאַרבער־פאַראיין און פייערלעשער, פיר איך שפעטער אויף: „מאָשקע חזיר“ פון י. ד. בערקאָוויטש, „דער בלינדער מאָלער“ פון י. סיגאַל און אייניקע קליינקונסט־אָוונטן.

אין יענער צייט גרינדעט זיך דער א. ג. מרכז (וועלכן אַנדערע פלעגן רופן „מערק־הויז“), וועלכער האָט זיך געפונען אין סענדער טאָפּטשעווסקיס גרויסע הויז. און אַרום וועלכער עס האָבן זיך גרופּירט אַלע ציוניסטישע און חלוצישע אָרגאַניזאַציעס, און וועלכער איז אין די אָוונטן געווען דער טרעף־פונקט פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער געזעלשאַפט און יוגנט.

אונטער דער אָנפירונג פון ש. צעסלער ווערן אויפגעפירט קליינקונסט־אָוונטן, מיט דורך אים געשריבענע אַקטועלע פּאַראָדיע־נומערן און לידער, וועלכע זאַבלודאָווער לעבנגעבליבענע זינגען נאָך ביז היינטיקן טאָג. עס קומען פאָר יעדן פרייטיק־צונאַכט קעסטל־אָוונטן, לעבע־

דיקע צייטונגען און „ליטעראַרישע משפּטים". אַזוי דאַרף דערמאָנט ווערן דער משפּט איבער „דער מאָדערנער יידישער פּרווי" מיטן פּראָקוראָר (פּיקסלס איידעם). פאַרטיידיקער ש. ל. צעסלער און דער גאַנצער ריכטער־קאָמפּלעט, אָ ריי עדות א. א. איז געווען אַ שטיק צייט די טעמע פון טאָג אין זאַבלודאָווע.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָט אַ גאַנצן זומער גאַסטראָלירט אין זאַבלודאָווע אין זאַל פון די פייערלעשער די באַוווסטע אוקראַאינער טרופּע פון שעווטשענקאָ. די טרופּע איז באַשטאַנען צוזאַמען ביי אַ 40 פּערזאָן, מיט מוזיק, כאָר, רייכע קאָסטיומען און דעקאָ־ראַציעס. זאַבלודאָווע האָט נאָך ביז דאַן אַזוינע רייכע פאָרשטעלונגען נישט געזען. אויסער זייער קלאַסישן רעפּערטואַר ווי: „ניע כאָדי הריצו טאַי נאַ ווטשערניצו", „גראַזאַ" א. א. פלעגן זיי אין די שבת־צונאַכן אויפפירן פּיעסן פון יידישן רעפּערטואַר, ווי „די משומדת", „גאָט פון נקמה" פון שלום אַש א. א. די טרופּע האָט איבערגעלאָזט אַ קאָלאָסאַלן רושם. פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער פלעגט מען קומען צו די פאָרשטעלונגען. און אַ שטיק צייט האָט מען נישט אויפגעהערט צו ריידן און קאָמענטירן וועגן דעם. עס ווערן אויפגעפירט איי־ניקע קאָנצערטן, וועלכע באַשטייען פון וואָרט, מוזיק און געזאַנג מיטן אָנטייל: דוד זאַבלוי־דאָווסקי (רעציטאַציעס); פידל־קאָנצערט — חיהלע בעקער (שילערין פון ש. ל. צעסלער),



שמואל צעסלער בעתן פאַרלייענען אַ פּיעסע פאַר אייניקע אַמאַטאָרן פון זאַבלודאָוווער דראַמקרייז. פון רעכטס: מאַטיע שעפּס און שוועסטער חנהלע; לינקס: אַלטע רובינס.

וועלכע האָט שוין באַוויזן צו ווערן אַ גאָר פיינע פידל־קאָנצערטיסטין; מוזיק אויפגעפירט אויף אַן אָריגינעלן איינסטרוניקן אינסטרומענט דורכן ביאַליסטאָקער ה. לאַזאָווסקי, איצט אין אַמעריקע א. נ. לאַזאָוו, וועלכער טרעט נאָך דאָרט אויף פאַר ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַ־ציעס; די טענצערין שוועץ פון ביאַליסטאָק (באַלעט) א. אַ.

שמואל צעסלער פירט אויף מיט גרויס דערפאָלג דורך שילער פון „תחכמוני־שול" — „שולמית" פון גאָלדפאַדן. די ראָל פון שולמית ווערט אויסגעפירט דורך דער פּעאיקער זאַבלו־דאָוווער טאָכטער אַלטע רובינס ע"ה, שפּעטער האָט זי חתונה אין לאָפּי, דער מאַן אירער ווערט דערשאָסן פאַר אירע אויגן, מיטן אָנקום פון די נאַציס גלייך אין די ערשטע טעג. זי איז דאַן אין אַנדערע אומשטענדן און דאָס קינד טראָגט שוין שפּעטער דעם נאָמען פון אומגעקומענעם פאָטער. ביי די „אַקציעס" וואַנדערט זי אַרום מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט האַלב־וואַנזי־ניק, אין שנייען און פרעסט, אין די וועלדער „שפּילנדיק" אין לעבן די טראַגישע ראָל פון

שולמית. דורך „גוטע" פויערים ווערט זי שפעטער אויסגעליפערט דער דייטשער זשאַנדאַר־מעריע, וועלכע ברענגען איר אום.

דער ביאַליסטאָקער באַוווסטער קליינקונסט־טעאַטער „גילארינא" האָט באַזוכט זאַבלו־דאָווע. די בעסטע רעפערענטן, קאָנצערטיסטן, ווי דער באַוווסטער פאָלקס־זינגער יאָסעלע קאָלאָדני האָבן באַזוכט זאַבלודאָווע. דער באַוווסטער טריבון זרובבל, די באַוווסטע יידישע שרייבער ז. סעגאַלאָוויטש, רחל פייגנבערג און בכלל די בעסטע רעדנער, פלעגט טרעפן זעלטן זיי זאָלן נישט באַזוכן אויך זאַבלודאָווע. גאַנצע גרופּעס עקסקורסאַנטן און אַזוי באַזוכער פלעגן אָפּט אַראָפּקומען קיין זאַבלודאָווע באַוווּנדערן די אַלטע זאַבלודאָווער שול, וועלכע איז אַלט הונדערטער יאָרן, זיך פאָטאָגראַפירן ביי איר ווונדערלעך, אַלטערטימלעכן געבוי, און וועלכע איז אין איצטיקן חורבן אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד.

אין מיטן פון די דרייסיקער יאָרן, מיטן גרינדן זיך אין ביאַליסטאָק פון סטאַבילן יידישן טעאַטער, וועלכער פלעגט שפּילן פערמאַנענט יידיש טעאַטער אין טעאַטער „פּאַלאַס", בייטנ־דיק יעדן סעזאָן מיט די בעסטע יידישע שוישפּילער פון פּוילן, איינלאַדנדיק די בעסטע „סטאַרן" פון דער יידישער בינע, פלעגן זיי אין די פרייע טעג פון דער וואָך אויך אַראָפּקומען קיין זאַבלודאָווע און געבן זייערע פאָרשטעלונגען. די באַקוועמע קאָמוניקאַציע מיט די פּרעכ־טיקע אָמניבוסן, וועלכע פלעגן יעדע שעה אָפּגיין הין און צוריק, די עלעקטרישע ליכט, וועל־כע איז איינגעאָרדנט געוואָרן דירעקט פון ביאַליסטאָק פערמאַנענט, מען האָט שוין נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַרן „טונק" (סיגנאַל) אַז מען זאָל נאָכדעם נישט בלייבן מיט די גרי־מען אויפן בינע, נישט קענענדיק פאַרענדיקן די פאָרשטעלונגען. מיט די אַלע מאָדערנע מיט־לען איז זאַבלודאָווע בכלל געוואָרן, קען מען זאָגן, ווי אַ פאָרשטעטל פון ביאַליסטאָק. די טרו־פּע פלעגט קומען מיט אַ ספּעציעלן אָמניבוס מיט דער גאַנצער אויסשטאַטונג און דעקאָראַ־ציעס, ווייל אויב צום אַנהייב פלעגט מען פּרובירן אַביסל אָפּפּטרן די פאָרשטעלונגען „כאַל־טורנע", האָט מען זיך איבערצייגט נאָכהער, אַזוי ווי אַ גרויסער טייל האָבן שוין די פאָרשטע־לונגען געזען אין ביאַליסטאָק, אַז זאַבלודאָווער עולם קען מען נישט „אָפּפּושערן" און פלעגן געשפּילט ווערן ווי געזאָגט מיטן אָרקעסטער, כאָר און גאַנצער פּינקטלעכקייט. אַזוי האָבן געשפּילט אין זאַבלודאָווע די באַוווסטע „סטאַרן" פון דער יידישער בינע: א. סאַמבערג ע"ה, בעני אדלער, צילי אַדלער, די דזשייקאָבסאָנס, בן־ציון וויטלער און נאָך און נאָך. דער טעאַ־טער־זאַל פון די פייערלעשער איז מאָדערניזירט און פאַרגרעסערט געוואָרן מיט אַ גרויסע גאַלעריע, עס ווערט געגרינדעט ביי די פייערלעשער אַ גאָר פיינער בלאָז־אָרקעסטער מיט אַ שטענדיקן דיריזשאָר, עס קומען פאָר טאַנץ־פאַרוויילונגען און עס ווערט איינגעאָרדנט אין זעלבן זאַל קלאַנג־קינאָ־אינסטאַלאַציע, וועלכער גיט יעדן פרייטיק, שבת און זונטיק קינאָ־פאָרשטעלונגען, מיט די בעסטע נייסטע בילדער געבראַכטע פון ביאַליסטאָק.

דער לעצטער עטאַפּ פון קולטור און פאַרוויילונגס־לעבן אין זאַבלודאָווע הייבט זיך אָן אין יאָר 1939, מיטן איבערנעמען פּוילן דורך דער סאָוועטן־מאַכט. אין זאַבלודאָווע ווערט אויסגעבויט אַ שיינע מאָדערנע געביידע א. נ. „קולטור־הויז", וואָס האָט אַ פּרעכטיקן טעאַ־טער־זאַל, כאָר, ביבליאָטעק, אויך אַ יידישער און ווייסרוסישער דראַמ.־קרייז. עס קומען אָפּט אַנסאַמבלען פון געזאַנג און טענץ, קאָנצערטן, גאַנצע טרופּעס. און אַזוי געדויערט עס ביז יוני 1941, ווען עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. זאַבלודאָווע גייט איבער פון האַנט צו האַנט, עס קומען פאָר גרויסע שלאַכטן צווישן דער רויטער און נאַצישע אַרמייען. דאָס שטעטל ווערט כמעט פולשטענדיק אָפּגעברענט און חרוב; אַ גרויסער טייל קומען אום פון די באָמבעס און די איבעריקע פאַריאָגט אין געטאָ אין די גאַרבאַרניעס.

און אָט אַזוי פאַרענדיקט זיך אַ בלעטל געשיכטע פון אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, שוועס־טער און ברידער, פון אונדזער אומפאַרגעסלעך שטעטעלע זאַבלודאָווע. אָט אַזוי האָבן זיי זיך פאַרוויילט, קולטורעל אויסגעלעבט, זיך געפרייט, געלאַכט, זיך עמאַציאָנירט ביי טעאַטער, קונסט און גייסטיקן געניוס, ביז זייער לעצטן גאַנג אין די קאַלך־אויוונס פון טרעבלינקע...

משה זילבערבערג — חיפה

# ווענן דער ציוניסטישער באַוועגונג אין זאַבלודאָווע



משה זילבערבערג

אַ טיפֿע, נאָגנדיקע בענקשאַפֿט דערוועקט זיך אין מיר, בעת איך פֿאַרמעסט זיך צו פֿאַרצייכענען די ציוניסטישע טעטיקייט אין די יאָרן 1929—1932 אין זאַבלודאָווע, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס מנהל און לערער אין דער אָרטיקער פֿאָלקס־שול און געווען יושב־ראש פֿון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די פֿען באַלעבט געשעענישן און געשטאַלטן — הערלעכע אין זייער באַשיידענעם טאָג־טעגלעכן לעבן און אַזוי טראַגיש־דערש־טערנדע אין זייער אומקום. מיינע זכרונות פֿון יענע יאָרן זענען באַצירט מיט אַזויפֿיל זיסע און פּאָזיטיווע דערינערונגען — פּערזענלעכע און אַלגעמיינע אין זייער קולטורעל־פּאָליטישן אַספּעקט.

פֿאַר מיר, דעם „פּוילישן" (אַליין אַ פּלאָצקער — וואַרשעווער קרייז) — איז זאַבלודאָווע געווען אין משך פֿון אַ גאַנץ קורצער צייט, מיין צווייטע ליבע היימשטאָט. איך האָב אָנגעטראָפֿן דאָס שטעטל קולטורעל און געזעלשאַפֿטלעך שוואַך אָרגאַניזירט; אָבער אונטער דער אויבערשטער קאַלטער שיכט פֿון פּאַסיוויטעט איז מיר נישט שווער געווען צו דערבליקן און אַרויסשפּילן טיפֿע און הייסע נשמות, וואָס לעכצן צו אָרגאַניזירטער געזעלשאַפֿטלעכקייט. איך האָב דערפֿילט די אינערלעכע פֿליכט אויפֿצולעבן די

Sara ...... ...... שרה Imię
שם
Miller ...... Nazwisko
משפחה
Zabludow ...... Adres
כתבת
31 grudnia 1931 Ważna do
קים עד
1 X 1931 Zabłudowo
זבלודובה
Prezes
יושב ראש
Sekretarz
מזכיר

ציון

Organizacja Sionistyczna
w ZABLUDOWIE.

ההסתדרות הציונית
בזבלודובה.

Karta członkowska
כרטיס־חבר

№ 21

דרוק מישאנדזוניק, ביאליסטאק ליפאווע 25.

אַ מיטגלידס־קאַרטל פֿון דער זאַבלודאָווער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ציוניסטישע באַוועגונג אין זאַבלודאָווע. ריינע און שטאַרקע סענטימענטן פֿאַר ארץ־ישראל און אירע אינסטיטוציעס, האָבן באַווירקט די עסקנים פֿון פֿאַרשידענע ציוניסטישע ריכטונגען אַז זיי זאָלן פֿאַרבייגן פּאַרטייאישע דיפֿערענציאַציעס און צווישן־קאַמפֿן — קאָנסאָלידירנדיק די

כוחות אין איין הויפט־ליניע און בשותפות באַלעבן די אַלגעמיין־ציוניסטישע אַרבעט אין שטעטל. עס איז באַלד געשאַפן געוואָרן אַ צענטער פאַר פאַרשידענע ציוניסטישע אַרבעט. ליבע און ערלעכע מיטבויער זענען דאַן געווען מיינע חברים די לערער שמואל צעסלער און בנימין



גרופּע בית״ר — זאַבלודאָווע, ל״ג־בעומר תרצ״ג.

קאַפּוסטין, אויך דער איבערגעגעבענער ציוני פּרץ שוואַרץ, דער ענטוזיאַסטישער און האַרציקער חבר חיים סלאָבאָצקי און אַנדערע. אונטערשטיצונג פאַר אונדזער פּלאַן און אַרבעט האָבן מיר אויך געפונען ביי הרב יוחנן מירסקי, דעם באַקאַנטן מזרחי־עסקן אין פּוילן (וועלכער איז



אַ גרופּע חלוצים אין זאַבלודאָווע (אויף הכשרה)

ביז צום טראַגישן חורבן געזעסן על כסא הרבנות אין זאַבלודאָווע). זאָלן דאָ אויך דערמאָנט ווערן די מיטאַרבעטער און איבערגעגעבענע טוער די ברידער באַכראַך, ליפּעץ, ליפּשיץ, שוועסטער וואַגמאַן, שוועסטער באַכראַך, גאָראָש, פאַניע צעסלער, בעקער און אַנד. אַדאַנק אָט די

אָלע איז דאַן גיך דער פּלאַן רעאַליזירט געוואָרן און עס איז ווידער דערעפנט געוואָרן דער „בית־עם", דער מרכז און היים וואָס האָט עלעקטריזירט און צוגעצויגן אַלע נאַציאָנאַלע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג און דער עיקר — די יוגנט. אין בית־עם איז געפירט געוואָרן די אַרבעט פאַר קרן קימת לישראל, קרן היסוד, שקל אאַז"וו.



אַ גרופּע פון דער זאַבלודאָווער ברית־טרומפּלדור אָרגאַניזאַציע.

אַ פאַרצווייגטע ציוניסטישע און קולטורעלע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן באַלד ביים ווידער־דערעפענונג פון „בית־עם": לעקציעס איבער געשיכטע פון ציוניזם, אַקטועלע ציוניסטישע פּראָבלעמאַטיק, אַלגעמיינע און יידישע פאָרלעזונגען, ליטעראַרישע משפטים, קעסטל־אָוונטן,



אַ גרופּע חלוצים ביי הכשרה־אַרבעט.

רעפעראַטן איבער אַלגעמיינע און יידישע געשיכטע, עקאָנאָמיע, קונסט און וויסן זענען געגעבן געוואָרן דורך שמואל צעסלער, קאָפּוסטין, שוואַרץ און דעם שרייבער פון די שורות. יעדן פרייטיק — אַ לעבעדיקע צייטונג. פעריאָדיש זענען דערשינען וואַנט־צייטונגען. זייער אָפט זענען

איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרוויילונגס־אָוונטן מיט קליינקונסט־פּראָגראַמען, אינסצעניזאַציעס, באַר, פּאַראָדיעס, מאָנאָלאָגן און רעציטאַציעס, סאָליסט, פידל־קאָנצערט פון פּראָפעסאָר שמואל־לייב צעסלער. די ליטעראַריש־אַרטיסטישע דערפּאָלגן זענען געווען דער אויסשליסלעכער פאַרדינסט פון דעם נאָבעלן און האַרציקן חבר מוליע (שמואל צעסלער), וועלכע זענען געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכן ניוואָ.

אַ דאַנק דער פאַרצווייגטער אַרבעט אין בית־עם איז געשטיגן דער פּרעסטיזש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין גאַנצן שטעטל. די הכנסות פון קק״ל, פון קרן היסוד זענען געוואַקסן, דער שקל איז פאַרקויפט געוואָרן דאָפּלט און די רעפעראַטן פון אונדזערע חברים איבער ציוניסטישע און לאַנד־פּראָבלעמען זענען שטענדיק געווען גוט באַזוכט און געהאַט דעם בעסטן דערפאָלג. די השפּעה פון די אַלגעמיינע ציונים איז דאַן געווען דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן.



אַ גרופּע פון החלוץ המזרחי, קיבוץ „יבניאל״ אין זאַבלודאָווע.

מיר איז אויסגעקומען צו פאַרטרעטן זאַבלודאָווע אַלס דעלעגאַט אויפן צענטן ציוניסטישן לאַנד־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע; דער ציוניסטישער באַוווסטזיין האָט דאָמינירט די זאַבלודאָווער יידן און אַקטיוו אויך אָנטיילגענומען ביי פאַרשידענע וואַלן צום פּוילישן סיים, דורכפירנדיק גרויסע מיטינגען און שטענדיק מיט דערפאָלג, מאַניפעסטירנדיק זייערע ציוניסטישע ריכטליניעס אין דער לאַנד־פּאָליטיק.

דאָס זענען נאָר אייניקע שטריכן פון דער ברויזנדיקער און פילפאַרביקער ציוניסטישער טעטיקייט אין זאַבלודאָווע.

אין דעם גרויסן נאַציאָנאַלן מאַסן־אומקום, וואָס האָט געטראָפן דאָס פּוילישע יידנטום איז אויך די ציוניסטישע באַוועגונג אין זאַבלודאָווע אָפּגעמעקט געוואָרן פון גאָטס ערד צוזאַמען מיט דער גאַנצער קהילה־הקדושה, וועלכע האָט געהאַט אַ רייכע און היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט.

ירק יצר

# אַן איבערבליק איבער דער זאַבלודאָווער אַרבעטער־באַוועגונג

זאַבלודאָווע האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעצייכנט מיט קיין שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־באַוועגונג. אין אָנהייב פון אַנטשטייאונג פון ישוב זענען די עטלעכע יידישע פאַמיליעס געווען אַרענדאַרן ביי דעם פּריץ, וואָס האָט זיי איינגעלאַדן צו באַזעצן זיך אויף דעם ליידיקן שטח אינעם אַמאָל גרויסן אַלטן קראַסנער וואַלד. די ווייניקע יידן פלעגן עס זיין די אָפּקויפער פונעם פּריצס תבואה און בהמות און פלעגן עס נאָכדעם ליפערן אויף די גרויסע געגנט־מערק, וואָס פלעגן פאָרקומען אין דער נאָענטער כאָראָשטש.

מיט פיל יאָרן שפּעטער, ווען דער ישוב האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט, האָבן צוליב דער רייכער צאָל דערפער און פויערים אַרום זאַבלודאָווע, אירע איינוווינער זיך אָפּגעגעבן מיט קרעמעריי. אויך צוליב די ערשטע, אָפּטע און שפּעטער וועכנטלעכע מערק אין שטעטל, זענען אויסגעבויט געוואָרן צוויי פאַראַלעלע שורות מיט קראָמען, וואָס האָבן פאַרמאָגט די נייטיקסטע פּראָדוקטן אין וועלכע די פויערים האָבן זיך גענייטיקט. צוליב דער געאָגראַפישער פּאָזיציע פונעם שטעטל, האָט זיך אויך געשאַפן אַ גרעסערע צאָל דאָרפס־הענדלער, אַ צאָל שמידערייען, אַ פּאָר שניידערס, דאָס זעלבע שוסטערס און עטלעכע סטאָלערס וואָס זענען אויך געווען טשעסלערס, ס׳הייסט — וואָס האָבן אויך געבויט הייזער. קיין אַרבעטערשאַפט איז נאָך אָבער אַלץ נישט געווען.

ערשט צום סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט און אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן, לויט דער פּראָפּאָרץ פון דער שטעטלשער באַפעלקערונג, אַ גרעסערע צאָל יידישע פּראָלעטאַריער. אין יענע יאָרן האָט זיך אין זאַבלודאָווע אָנגעהויבן אַנטוויקלען צוויי וויכטיקע אינדוסטריעס מיט דערפאָלגרייכע פּערספּעקטיוון. די קאַשע־אינדוסטריע, וואָס איז שפּעטער באַוווסט געוואָרן אונטערן נאָמען „די זאַבלודאָווער קאַשניקעס“ און די לעדער־אינדוסטריע.

די קאַשע־אינדוסטריע האָט אָבער נישט געהאַט קיין לוין־אַרבעטער, ווייל יעדער קאַשניק האָט אויסגעאַרבעט די קאַשע מיט זיין אייגענעם הויזגעזינד. און קינדער האָבן די קאַשניקעס געהאַט אַ סך. אַלע קאַשניקעס זענען געווען קאָנצענטרירט אין איין גאַס וואָס האָט זיך טאָקע גערופן „די קאַשניק־געסל“. די טאַטעס, מאַמעס, די קינדער מיט די איידעמס, אַלע האָבן געאַרבעט צוזאַמען און צווישן דער פאַמיליע איז מען שוין דורכגעקומען; האָט דערפאַר נישט געקענט זיין קיין רייד פון קענען אָרגאַניזירן אַ פאַראיין פון די קאַשע־אַרבעטער.

ביי דער לעדער־אינדוסטריע איז שוין דער סאָציאַלער צושטאַנד פון די אַרבעטנדיקע געווען אינגאַנצן אַן אַנדערער. צוליב דעם וואָס די אַרבעט אין די גאַרבאַרניעס איז געווען זייער אַ שווערע און אַ ספּעציאַליזירטע, און דערצו האָט מען געדאַרפט פּראָדוצירן זייער אַ סך, זענען אַלע וואָס האָבן ביי דעם געאַרבעט, געווען לוין־אַרבעטער. אָבער אויך די לעדער־אַרבעטער (גאַרבערס) איז דאַן געווען שווער צו אָרגאַניזירן.

גאָר שנעל האָט די לעדער־אינדוסטריע באַקומען די העגעמאָניע אין שטעטל אַלס די באַזע־אינדוסטריע פון וועלכער אַ סך יידישע פאַמיליעס האָבן געצויגן זייער חיונה. אויך דער־

פאַר, ווייל זי האָט באַקומען אַ צווייטע אָפּטיילונג. די לעדער־אינדוסטריע איז אין שטעטל גע־וועזן איינגעטיילט אין צוויי טיילן: אין נאַסער און טרוקענער אַרבעט. די נאַסע אַרבעט איז געווען אין די גאַרבאַרניעס, ווו מען פלעגט פון רויען פעל מאַכן רויע לעדער. און אין די וואַלק־רייען האָט געהייסן די טרוקענע אַרבעט, ווו מען פלעגט פונעם רויען לעדער מאַכן פאַרטיקן לעדער, עס צעשניידן און אויספאַרטיקן צוויי סאָרטן לעדער: „פלאַט" — פון וועלכן מ'פלעגט מאַכן די כאַליעוועס, און „שפיגל" — פון וועלכן מ'פלעגט מאַכן די צונגען, אין גרעסטנטייל פון שוואַרצן קאַליר און קלענערע טיילן פון ברוינעם קאַליר.

ס'זענען געווען מערער גאַרבאַרניעס: שיע בעקערס, כאַצקל בעקערס, ניסל בעקערס, פלאַווסקינס, ביאַליסטאָצקיס, רובינס און נאָך אַ פּאָר. און אייניקע וואַלקערייען, יאַנקל רודיס (פאַגיטשעס), לייב רעזניקס (לייבעלע אַלטעס), אברהם צעסלערס (אברהמל אהרן־הערשס) יעקב משה פורמאַנס (באַבעלעס), יעקב זילבער (יאַנקל דער אלשאנקער) און נאָך.



ביי דער שניידערין בלומקע קאַשטאַן אין וואַרשטאַט

פון 1901 ביז 1914 איז די אַרבעט געגאַנגען מיטן גאַנצן ברען. זאַבלודאָווער לעדער האָט באַקומען אַ נאָמען. ער פלעגט עקספּאָרטירט ווערן אין טיף־רוסלאַנד און ס'איז כסדר גע־ווען אַ נאָכפראַגע אויף אים. די פאַבריקן האָבן זיך פאַרגרעסערט און די צאָל פון די לעדער־אַרבעטער האָט זיך פאַרמערט.

נישט קוקנדיק וואָס די גאַרבערס האָבן דאַן געאַרבעט זייער שווער — אַ סך שעהן און זענען עקספּלואַטירט געוואָרן, האָבן זיי נישט באַוויזן זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ פאַראיין. און זייערע עקאָנאָמישע קאַמפן האָבן געטראָגן אַ ספּעציעלן כאַראַקטער פון אַ קלאַסנקאַמף מיט אַ רעליגיעזן אונטערשלאַק.

אין דער זעלבער צייט ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די לעדער־אינדוסטריע, האָט זיך אויך אָנגעהויבן די טעקסטיל־אינדוסטריע אין זאַבלודאָווע. אין אָנהייב זענען עס געווען קליינע פאַבריקלעך מיט איינעם, צוויי אָדער דריי האַנטשטולן. שפּעטער האָט הערשל אַש דער גרויסער וואַלד־סוחר, אויפגעגעבן זיין וואַלד־מיסחר און צוזאַמען מיט זיין זון ירוחם אויפגעעפנט אַ גרויסע פאַבריק מיט מאַשינען אויף שפּינען און האַנטשטולן צום וועבן. דאָס איז שוין געווען אַ פאַבריק, ווו ס׳האָבן געאַרבעט מער פון פופציק אַרבעטער מענער און פרויען.

אין אָנהייב האָט זיך דער גאַנצער קלאַסנקאַמף פון די וועבער־אַרבעטער אויסגעדריקט אינעם ספּעציעלן מנין וואָס זיי האָבן באַזונדער אויפגעהאַלטן מיטן בטחון אין גאָט, אַז ער וועט ווייכער מאַכן דאָס האַרץ פון באַלעבאָס. וואָס ווייטער איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער צו אַרבעטן אונטער די שקלאַפישע באַדינגונגען און אונטער דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע. האָבן זיך דאַן אָרגאַניזירט אַ גרופּע יונגע וועבער און זענען אַוועק קיין ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק איז שוין דאַן געווען אַ באַדייטנדיקע טעקסטיל־אינדוסטריע. די ביאַליסטאָקער וועבער־אַרבעטער זענען שוין געווען אָרגאַניזירט אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין האָט פאַרשטענדלעך גלייך צוגעזאָגט די אַבסאָלוטע הילף די זאַבלודאָווער טעקסטיל־אַרבעטער. גלייך נאָכדעם האָט אַ פאַבריק־דעלעגאַציע צוגעשטעלט הערשל אַשן אַ צעטל מיט זייערע גערעכטע פאָדערונגען, פון וועלכע דער באַלעבאָס האָט נישט געוואָלט וויסן. אויף מאָרגן איז די פאַבריק געווען פּוסט, אַלע אַרבעטער ווי איינער זענען אַראָפּ אין שטרייק. דער פאַבריקאַנט האָט געסטראַשעט מיט גאָט, מיט פּאָליציי. אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן האָט ער געבראַכט שטרייקברעכער. נאָר די סאָלידאַריטעט און דעם קאַמפּסגייסט פון די אַרבעטער האָט ער נישט געקענט ברעכן. דער שטרייק איז געווען אַ פאַרצויגענער, אַ פאַרביסענער, אַ קעמפערישער. דעם באַלעבאָס אַלע סטראַשונקעס און מיטלען זענען צעשטויסן געוואָרן אָן דער באַוווסטזיניקער עקשנות פון די קעמפנדיקע אַרבעטער פאַר זייערע גערעכטע פאָדערונגען. דער שטרייק איז געווונען געוואָרן. און דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער אָרגאַניזירטער קאַמף פון די זאַבלודאָווער אַרבעטער פאַר זייערע עקאָנאָמישע רעכט.

די טעקסטיל־אינדוסטריע אין זאַבלודאָווע האָט לאַנג נישט עקזיסטירט. צוליב אַ רייע סיבות איז זי שנעל פון שטעטל פאַרשוווּנדן. נאָר דער אויסגעהאַלטענער קאַמף וואָס די זאַבלודאָווער טעקסטיליער האָבן געפירט, איז פאַרבליבן פאַר די נאָכקומענדיקע גאַרבער ווי אַ לעבעדיקע פּראַקטיק אין זייער שפּעטערדיקן קלאַסנקאַמף.

ווי ס׳איז שוין פריער דערמאָנט, האָבן די לעדער־אַרבעטער ביז דעם 14טן יאָר, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מלחמה, נישט געהאַט קיין אָרגאַניזירטן סינדיקאַט. אין דער זעלבער צייט זענען אָבער די לעדער־אַרבעטער, די וואַלקאַרעס געווען די מער קעמפערישע. כאָטש זייער קאַמף איז געווען נישט קיין אָרגאַניזירטער און סעפּאַראַטיסטישער, פלעגן זייער אָפט די אַרבעטער פון אַ געוויסער וואַלקעריי אַראָפּגיין אין אַ שטרייק ביז ס׳פלעגן נאָכגעגעבן ווערן זייערע פאָדערונגען. דאָס זעלבע פלעגן טאָן די אַרבעטער פון אַ צווייטער און פון אַ דריטער וואַלקעריי. אין 1914 האָבן די אַרבעטער אין די וואַלקערייען שוין געהאַט אויסגעקעמפט באַדייטנדיקע רעכט, וואָס האָט זיי אין דעם פּרט אויסגעטיילט פון די איבעריקע אַרבעטער אין שטעטל.

אין די מלחמה־יאָרן זענען די וואַלקערייען אינגאַנצן פאַרמאַכט געוואָרן און די פאַבריקן אין שטעטל זענען כמעט ווי אָפּגעשטעלט געוואָרן. ערשט אין 1918, ווען אַ צאָל גאַרבאַרניעס האָבן צוריק אָנגעהויבן באַנייען צו ביסלעך זייער אַרבעט, האָבן די גאַרבער און איינציקע סטאָליער־אַרבעטער געמאַכט דעם ערשטן פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. די ערשטע אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג וואָס איז פאָרגעקומען אין דער געוועזענער „אוטשילישטשע" האָט זיך צוליב אַ מסירה, פאַרענדיקט מיטן איבערפאַל פון דער פּאָליציי, מיטן דריי־טאָגיקן

אָרעסט פון אַ צאָל אָנווענזנדע און מיטן צעשלאָגן דעם יוגנטלעכן סטאָליער־אַרבעטער חיים יאַכנוק. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשראָקן די גאַרבער־אַרבעטער. אין קורצן איז אויף דעם זעלבן פּלאַץ פאַררופן געוואָרן אַ צווייטע פאַרזאַמלונג, ווו ס׳איז צום ערשטן מאָל אין זאַבלודאָווע געגרינדעט געוואָרן דער פּראָפעסיאָנעלער לעדער־פאַראיין מיט משה טראַטש אַלס פאָרזיצער און מיישקע דעם „אוטשיטעלס״ אַלס סעקרעטאַר. ביז ענדע 1919 האָט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין געפירט אַ געוויסע טעטיקייט. אין 20סטן יאָר האָט דער פאַראיין צייטווייליק איבערגעריסן די אַרבעט, ווייל אַ טייל פון זיינע אָנפירנדיקע מיטגלידער זענען אוועק מיט דער רויטער אַרמיי.

מיטן צוריקקערן פון אייניקע חברים פון סאָוועטנפאַרבאַנד לעבט צוריק אויף די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג. ס׳ווערט אויסגעקליבן אַ נייע פאַרוואַלטונג אינעם גאַרבער־פאַראיין און אין דער אָנפירערשאַפט גייען אַריין פּראָגרעסיווע און באַוווסטזיניקע חברים ווי איטשע קאָגאַן, איטשע ראַפּאָוויטש, לייזער וואָלף, דער בונדיסט — פישל כאַראָווסקי און דער אומפּאַרטייאישער איטשע לאָפּאַטע. טאַקע אין יענע יאָרן האָט דער פאַראיין אָרגאַניזירט שטרייקן אין אַ ריי גאַרבאַרניעס, ביי מילערן, ביאַלאָסטאָצקין, בעקערן, פלעגען און פלאַווסקין.

אַדאַנק דעם אַנטשלאָסענעם און איינהייטלעכן קאַמף האָבן די זאַבלודאָווער גאַרבער־אַרבעטער דאַן אויסגעקעמפט אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג און אַ ענגלישע אַרבעטס־וואָך, זיך אויך אויסגלייכנדיק מיט די זעלבע פרייזן פון די ביאַליסטאָקער גאַרבער־אַרבעטער.

אין די נאָכקומענדיקע יאָרן איז דער גאַרבער־פאַראיין אַן אָנגעשלאָסענער אין דעם ביאַליסטאָקער לעדער־פאַראיין, געוואָרן אין שטעטל אַ שטאַרקער אַרבעטער־כוח. צוליב דער מורא פאַרן פאַראיין האָבן די פאַבריקאַנטן איינגעהאַלטן זייער חוצפה, ווייסנדיק אַז צווישן די אַרבעטער פון דעם גאַנצן אַרומיקן געגנט זענען די זאַבלודאָווער גאַרבאַרעס געווען די אַמבעסטן אָרגאַניזירטע. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטערן פאָרזיץ פון גדליה קאָגאַן, האָט זיך דער פאַראיין אויך אַקטיוו באַטייליקט אין כמעט אַלע געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע דערשיינונגען אינעם אַלגעמיינעם יידישן שטעטלשן לעבן.



גדליהו קאַגאַן מיט זיין פרוי און קינדער

גאָר אַ באַזונדער קאַפּיטל איז חוץ דער זאַבלודאָווער סינדיקאַלער באַוועגונג — ווערט דאָ פאַרצייכנט צו ווערן די פּאָליטישע אונטערערדישע אַרבעט, אין וועלכער ס׳האָבן אָנטייל גענומען אַ היפשע צאָל פון דער זאַבלודאָווער אַרבעטער־יוגנט. אין דער פּוילישער „קאָמפּאַרטיי״ וועלכע איז געווען פאַרווער״ט פון דער רעאַקציאָנערער פוילישער מאַכט, האָבן מיטגעאַרבעט אַ סך יוגנטלעכע וועלכע זענען געווען פאַרצווייגט אין זייערע קעמערלעך און האָבן מיטגעאַרבעט לויט די אינסטרוקציעס פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן־קאָמיטעט — מיט די פאָרשטייער פון די אַרומיקע דערפער.

אָט די בראַווע זאַבלודאָווער יוגנט האָט אַ סך מיטגעהאָלפן אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט האָבן זיי אויך מיטגעשטייערט, צוליב זייער באַוווסטזיין, פאַרן פּראָגרעס פון דער זאַבלודאָווער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, נאָכהער אויך דראַמאַטישן קרייז א. אנד. ווו זיי זענען געווען פאַרטראָטן.

אין יאָר 1925 האָט די פּוילישע מאַכט אַדורכגעפירט אַן אַלגעמיינעם אַרעסט מיטן צוועק צו ליקווידירן די קאָמוניסטישע פאַרטיי פון מערב ווייס־רוסלאַנד (אונדזער געגנט) — ס׳זענען דאַן אַרעסטירט געוואָרן זייער אַ סך פון דער זאַבלודאָווער יוגנט.

די אַראָפּגעקומענע געהיים־אַגענטן פון ביאַליסטאָק, מיט דער געהילף פון דער פּאָליציי, האָבן דאַן קיין אונטערשייד נישט געמאַכט און זיך אויך אַריינגעריסן אין „בית־עם ציון“, אַרעסטירט אויך חלוצים און געשלאָגן מכת־רצח. די אַרעסטירטע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין ביאַליסטאָקער, פּעטראַשעס און די ביעלסקער שפּיטאָלן, ווו זיי זענען דורך דער מערדערישער פּאָליציי שרעקלעך געפּייניקט געוואָרן און געשטעלט געוואָרן אין ביאַליסטאָקער קרייז־געריכט פאַר אַ פּראָצעס בעת וועלכן אַ סך זענען באַפרייט געוואָרן, אָבער אייניקע אויך פאַרמשפּט געוואָרן צו שווערע יאָרן תפיסה.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן אַביגדור וואַקסין, וועלכער האָט צוליב די באַקומענע קלעפּ — שוין לאַנג נישט געלעבט. און דער דינאַמישער משהקע גאַניאָנדסקי -- נאָכן אָפּקומען די שטראָף פון זעקס יאָר שווערע טורמע האָט ער אין רעזולטאַט פון די שרעקלעכע טאָרטורן — געקרענקט און געשטאָרבן.

זאָל דאָ פאַראייביקט ווערן מיט כבוד דאָס העראָאישע בלעטל פון קאַמף פון זאַבלודאָווער אַרבעטער און פון דער זאַבלודאָווער רעוואָלוציאָנערער יוגנט און פאַרצייכנט ווערן צוזאַמען מיטן יידישן בטחון און גלויבן פאַר אַ בעסערן מאָרגן און שענערער ליכטיקערער וועלט.



שריפטלעכע באַגריסונג פון זאַבלודאָווער גאַרבער און לעדער־אַרבעטער פאַראיין, געליייענט פאַר די דעלעגאַטן־געסט פון טשיקאַגאָ. אונטערגעחתמעט אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג: יצחק לאַפּאַטע (פאַרזיצער) און פישל כאַראַיעווסקי (פאַרן סעקרעטאַר און קאַסיר)

(אַרכיוו „ייִוואָ“, ניו־יאָרק)

## אָריגינעלער טעקסט פון דער באַגריסונג פון זאַבלודאָווער גאַרבער־ און לעדער־אַרבעטער פאַראיין, געליינט פאַר די דעלעגאַטן־געסט פון אַמעריקע.

(צו דער קלישע אויף זייט 290)

גאָר הערצלעך מיט באַגייסטערונג באַגריסן מיר אייך טייערע געסט אין דעם נאָמען פון גאַרבער־ און לעדער־אַרבעטער־פאַראיין, אויך אונדזערע אַלע גוטע חברים און פריינד אין טשיקאַגאָ. אַ דאַנק אייך, טייערע איבערגעגעבענע חברים און פריינד פון טשיקאַגאָ, האָבן מיר די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן אונדזער פאַריין; אַדאַנק אייער שטיצע האָבן מיר די מעגלעכקייט זיך צונויפצוקומען צוזאַמען און זיך אויסריידן די שווערע ביטערע הערצער און אויך צו דערהאַלטן די שוואַכע פּאָזיציע פון אונדזער אָפּגעשטאָרבענעם פאַך.

מיר האָבן דורך דער צייט פון אייער אָפּשיידן זיך פיל אויסגעקעמפט, ווי אַ 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, רעגירונג־שטיצע אין דער צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט — אָבער קיין ברויט פאַר אונדז און אונדזערע פאַמיליעס (צו דער זעט) זענען מיר נישט אומשטאַנד אויסצוקעמפן.

אונדז פרייט זייער, טייערע לאַנדסלייט, חברים פון טשיקאַגאָ, וואָס דער שיקזאַל האָט אייך באַשטימט אויסצומיידן אַזעלכע שלעכטע צייטן און איר האָט אַ נייעם לעבן אויפגעבויט אין אַ פרעמדער לאַנד, וואָס איז פאַר אונדז אויף 7 שלעסער פאַרשלאָסן.

לאָמיר האָפן אויף בעסערע צייטן; איין טרייסט בלייבט אונדז, וואָס איר, גוטע חברים, פאַרגעסט אונדז נישט.

מיר ווינטשן אייך איר זאָלט זיין גליקלעכער פון אונדז און אונדז קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

מיר שיקן אייך, דורך אונדזערע טייערע געסט, אַ לעבעדיקן גרוס און ווינטשן אייך אַלעס גוטעס.

מיט אַכטונג די פאַרוואַלטונג, אין נאָמען פון גאַרבער־פאַריין:

פּרעזעס — י צ ח ק ל א פ א ט ע  
סעקרעטאַר־קאַסיר — פ י ש ל כ אָ ר אָ ווס ק י

## אָריגינעלער טעקסט פון דער באַגריסונג אויפן באַנקעט פון טשיקאַגער פאַרטיילונגס־קאָמיטעט אין זאַבלודאָווע, לכבוד די דעלעגאַטן פון אַמעריקע, דעם 17טן יולי 1929.

(צו די קלישע אויף זייט 293)

באַגריסונג אויפן באַנקעט פון טשיקאַגער פאַרטיילונגס־קאָמיטעט לכבוד ה׳ מ אָ ר י ס פ ע ר ל ג ו ט און פ ר ו י און ק י נ ד ע ר, אין הויז פון ה׳ וועלוול פערלגוט, דעם 17טן יולי 1929.

טייערע געסט! האָבנדיק אַליין דעם כבוד צו זיין אַ מיטגליד פון היגן פאַרטיילונגס־קאָמיטעט פון די טשיקאַגער געלטער, ווייס איך די גרויסע פאַרדינסטן פון די ליבע לאַנדסלייט, הער און פרוי פערלגוט לטובת אונדזערע אינסטיטוציעס, און זייער פאַראינטערעסירונג און אַקטיוויטעט אין דער אַרבעט פון טשיקאַגער אונטערשטיצונגס־פאַריין פאַר זאַבלודאָווע.

מיט גרויס פרייד באַגריס איך אייער אָנקום אין דער אויסגעבענקטער היימשטאָט זאַבלודאָווע. איר מענטשן, וועלכע זענט שוין זייט אַזויפיל יאָרן אַוועק פון אונדז, זייענדיק דעמאָלט צוליב ז'ער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע געצוווּנגען אַוועקצופאָרן אין דער ווייטער אַמעריקע, זענט אַ דאַנק די גינסיטקע באַדינגונגען געוואָרן פאַרמעגלעך, און כאָטש אַזויפיל יאָרן זענט איר געווען אָפּגעטיילט פון דער היים, פאַריאָגט אין טויזנטער פּערזענלעכע אינטערעסן, פון דעסטוועגן געדענקט איר שטענדיק אייערע ברידער און שוועסטער פון דער זייט אָקעאַן. לײדער האָבן מיר דאָ זיך נישט דערוואַרט אויף בעסערע צייטן, פאַרקערט, עס זענען געקומען פיל ערגערע. עס איז צו באַוווּנדערן מיט וואָס פאַראַ געדולד איר אַרבעט און מיט וואָס פאַר אַן אָפּפערוויליקייט איר שטיצט אַלצדינג וואָס עס נויטיקט זיך אין הילף אין דער אַלטער היים, אַ דאַנק וואָס איר דערהאַלט ביים לעבן די נויטבאַדערפטיקע און די אינסטיטוציעס.

באַזונדערס צייכנט זיך אויס אייער אַרבעט צום גונסטן פון די אמתע פאָלקס־געזעלשאַפטן: צום ביישפּיל, אייערע אונטערשטיצונגען פאַר דעם גאַרבער־אַרבעטער־פאַריין, ווו דער אַזוי אונטערדריקטער אַרבעטער האָט אַ מעגלעכקייט צו פאַרטיידיקן זיינע פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן; אייערע סובסידיעס פאַר דער „י. ל. פרץ־ביבליאָטעק״, ווו עס לערנט און לייענט אונדזער פאָלקס־מאַסע. אויך אייערע אונטערשטיצונגען פאַר די שמאַכטנדיקע ברידער אין תפיסה, וועלכע ליידן פאַר זייערע אידעישע איבערצייגונגען. ווי עס איז צו זען ברענגען אייערע אונטערשטיצונגען די גרעסטע דערפאָלגן פאַר די ברייטסטע שיכטן וואָס נויטיקן זיך אין דעם. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע אונטערשטיצונגען האָבן מיר אַדאַנק די חשובע געסט, ח׳ חיים פּערלגוט און פרוי. פאַר זייער אומדערמידלעכע אַרבעט פאַרן טשיקאַגער אונטערשטיצונגס־קאָמיטעט איז טאַקע זייער באַזוך ביי אונדז זייער געשעצט.

איך וויל שוין לענגער נישט אויפהאַלטן די חשובע געסט ווי אויך דעם גאַנצן עולם, איך וויל נאָר דערמאָנען די נייע וויכטיקע פאָלקס־אינסטיטוציע פון וועלכער מיר די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן טרוימען שוין צייט עטלעכע יאָר און עס איז איצט געלונגען צו פאַרווירקלעכן, דאָס איז די יידישע וועלטלעכע פאָלקסשול, וועלכע ווערט געעפנט דעם 1טן סעפּטעמבער. מיר האָפן, אַז אויך די דאָזיקע אינסטיטוציע וועט אַזוי ווי אַלע אַנדערע ווערן אונטערגעשטיצט דורך אייך מיט דער פולער מאָס און מיט אַלע מעגלעכקייטן, כדי זי זאָל קענען עקזיסטירן.

איך ענדיק און טרינק פאַרן געזונט פון די חשובע געסט און פאַר אַלע אָנוועזנדיקע.

מיט אַכטונג: גדליה קאַגאַן.

# פון זאַבלודאָווער געזעלשאַפטלעכן לעבן

## (אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטן, געשעענישן)

### זאַבלודאָווער „לינת הצדק"

דער „לינת הצדק" אין זאַבלודאָווע האָט געהערט צו די גאָר וויכטיקע אינסטיטוציעס. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט הינטער זיך געהאַט אַ גאָר פיינעם קאַפּיטל פון קעגנזייטיקער הילף צווישן דער זאַבלודאָווער יידישער געזעלשאַפט. דער גורל האָט געוואָלט, אַז אין דעם ערב־חורבן־יאָר, אין 1939 איז געפייערט געוואָרן דער פופציק־יאָריקער יובילעאום פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. פון אַן איינלאַדונג צו דער דאָזיקער פייערונג, וואָס האָט זיך אויפגעהיט דערוויסן מיר זיך, אַז זאַבלודאָווער „לינת הצדק" האָט זיך געגרינדעט אין יאָר תרמ"ט — 1889.


„לינת־הצדק"
זאַבלודאָווע
עקזיסטירט זינט יאָר תרמ"ט 1889

זאַבלודאָווע ...

ווערטער חשובער לאַנדסמאַן כר. (מרס.) ...

מיר האָבן דעם כבוד אייך איינצולאַדן, אויף דער

גראַנדיעזער פייערונג

פון 50 יאָריקן יובילעאום

פון אונזער—אייערע וויכטיקע אינסטיטוציע „לינת־הצדק"

װעלכע וועט פאָרקומען כ"א אדר תרצ"ט 12 מערץ 1939 אין אונזער—אייערע

היים־שטעטל זאַבלודאָווע

מיט אכטונג

די פאַרוואַלטונג

די איינלאַדונג צו דער יובל־פייערונג פון „לינת־הצדק"

הגם דער „לינת הצדק" האָט זיך פאַרנומען מיט הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע חולאים, האָט די אינסטיטוציע פאַקטיש באַדינט דאָס גאַנצע שטעטל, ווייל גיין אויף אַ „לינה" פלעגט מען אויך אין באַלעבאַטישע הייזער, ווו די משפּחה־מיטגלידער זענען שוין געווען פאַרמאַטערט פון דער לאַנגער און פאַרצויגענער קראַנקהייט פון דעם חולה.

די הכנסה, אויסצוהאַלטן דעם „לינת הצדק", פלעגט געשאַפן ווערן דורך וועכנטלעכע באַשטייערונגען און ספּעציעלע זאַמלונגען: „בלימל־טעג"; אויף חתונות; פון טעאַטער־פאָר־שטעלונגען וכדומה. זייער אַ גרויסן אַנטייל האָבן אָבער אין די הכנסות גענומען די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכע פלעגן בכלל זיך באַטייליקן און העלפן די פאַרשידענע אינסטיטוציעס אין דער „אַלטער היים". ווער טאַקע זיין אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט אַ בריוו, וואָס די פאַרוואַלטונג פון זאַבלודאָווער „לינת הצדק" האָט איז יאָר 1928 צוגעשיקט צום אַמעריקאַנער רעליף פון די זאַבלודאָווער אין ניו־יאָרק. דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט אין דעם „פּנקס פון זאַבלודאָווער רעליף־קאָמיטעט און ליידיס אָקזילערי" ביים זאַבלודאָווער אונטערשטיצונג־פאַריין ניו־יאָרק", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1929. מיר ברענגען אַ ריי אויסצוגן פון דאָזיקן בריוו, פון וועלכן עס איז צו זען די שווערע מאַטעריעלע לאַגע, אין וועלכער אונדזער היימשטאָט האָט זיך דאַן געפונען ווי אויך די וויכטיקע אַרבעט פון דעם „לינת הצדק" אין יענער שווערער צייט. אין דערמאָנטן בריוו לייענען מיר:

„טייערע לאַנדסלייט!

די 100 דאָלאַר פון אייער רעליף פאַר דער אינסטיטוציע לינת הצדק האָבן מיר דורך דעם רב זאָל לעבן דערהאַלטן, אויף וועלכע מיר האָבן אונטערגעשריבן אַ קבלה. נאָר נישט באַגנוגענדיק זיך מיט דער קבלה אַליין, ווייל זי איז זייער קורץ אין אינהאַלט, שרייבן מיר אייך אַן אויספירלעכן בריוו.

מיר דאַנקען אייך האַרצלעך אין דעם נאָמען פון דער גאַנצער פאַרוואַלטונג, וועלכע באַשטייט פון 12 פערזאָן, אויך אין דעם נאָמען פון אַלע אַקטיווע מיטגלידער, און אין דעם נאָמען פון גאַנץ שטאָט, ביי וועלכע די אינסטיטוציע לינת הצדק איז זייער געאַכט מיט איר גרויסער הילף פאַר אַלע ליידנדע קראַנקע, וועלכע ווענדן זיך נאָר צו איר, נישט אָפּשטעלנדיק זיך זאָגאַר ח״ו ביי אַ אומגליקס־פאַל מיט אַ שווערן קראַנקן, וועלכן מ׳מוז אים פירן אין וואַרשע מאַכן אַן אָפּעראַציע, מעג עס זיין פאַרבונדן מיט די גרעסטע קאָסטן, און דאָס טרעפט גאַנץ אָפט. און נאָר אַדאַנק אייער שטיצע צו דער צייט, זענען מיר עס אומשטאַנד דורכצופירן. אַ ריכטיקן באַריכט און אַ רעכענונג פון דער לעצטער צייט, האָבן מיר אייך צוגעשיקט דורך דעם רב זאָל לעבן. אמת טאַקע, אַז מיט דער פינאַנציעלער זייט האָבן מיר נישט מיט וואָס צו שטאָלצירן, ווייל מיט דעם רעכנונג איז גראדע אונדזערע פינאַנץ־מיטלען געווען אין גאַנצ



**פאַרוואַלטונג פון „לינת הצדק" אין זאַבלודאָווע, — 1929**

שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: גוטקע וואַניעווסקי, יעקב שמידט און פרוי, הינטער זיי — אליהו געלערשטיין, פישל כאַראַווסקי, אברהם פערלגוט (אברהמקע דראלעס), נחמן גראַבער, רחל בעקער, בלומקע לעווין, רחטשע וואַניעווסקי (שרה־פעשעס) און יעקב באַכראַך. זיצנדיק, פון לינקס צו רעכטס: שמואל שלעסער, איטשע לאַפּאַטע (איטשע פיצעס), יצחק בייגל, משהקע פערלגוט מיט זיין פרוי (געסט פון אַמעריקע), חנא־הערשל צעסלער און פרוי.

זאָל דאָ פאַראייביקט ווערן מיט אַ באַזונדערן שבח, דער אָנדענק פון פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, דעם ערלעכן עמך־ייד — יצחק בייגעל, וואָס איז אין פאַרלויף פון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פון זאַבלודאָווער לינת־הצדק און צוליב ריינע הומאַניטאַרע געפילן אויך אָפּגעגעבן זיין הויז פאַר די אַלע אינסטרומענטן און אויך אַנדערע הצטרכותן פון דער אינסטיטוציע.

אויסגעשעפּט, דערפאַר אָבער גלייבן מיר, אַז מיר מעגן זיין שטאָלץ מיט דער צווייטער העלפט פון אונדזער באַריכט און רעכנונג, וועלכער צייגט אונדזער טעטיקייט, הילף און שטיצע אונ־דזער׳ע ליידנדע קראַנקע.

LINAS-HACEDEK
Zabłudów
Istnieje od r. 1889.





לינת־הצדק
זאַבלודאָווא.
עקזיסטירט פון יאָר 1889.

Zabłudów dn. 6/9 1929



№ 13 KWIT

dnia 6/9 1929 r.

אַ דאַנק־בריוו און קבלה פון זאַבלודאָווער לינת־הצדק צום רעליעף־קאָמיטעט אין טשיקאַגאָ פאַר זייער פינאַנציעלער שטיצע. -- אונטערגעשריבן פון דעם פאָרזיצער פישל כאַראַווסקי, סעקרעטאַר — יעקב באַכראַך און קאַסיר שמואל שלעסער (פון די „ייִוואָ״־אַרכיוון — ניו־יאָרק).

טייערע לאַנדסלייט! איר מעגט דאָס וויסן, און דאָס איז גאָר קיין סוד נישט, אַז 80 פּראָצענט פון אונדזער שטאָט באַנוצן זיך מיט דער הילף פון לינת הצדק אין אַ אומגליקס־פאַל. אונדזער לינת הצדק איז אויסגעוואַקסן צו אַ צענטראַלן שטיץ־פונקט פאַר די העכסט אומגליק־

לעכע, עלנדע און ליידנדע, וואָס קען נאָך געבן אומגליקלעכער ווי זיין קראַנק און הילפלאָז ביי אונדזער איצטיקן לעבן? און דאָס טאַקע אַליין האָט אונדז באַוועגט אייך דירעקט שרייבן אַ בריוו, ווייל מעגלעך אַז איר טייערע לאַנדסלייט קענט זיך גאָר אַליין נישט פאָרשטעלן ביי וואָס פאַר אַ צייט און ביי וואָס פאַר אַ לאַגע דער שיקזאַל האָט אונדז באַשטימט צו שטיין אין דער שפּיץ פון אַזאַ וויכטיקער אינסטיטוציע ווי דער לינת הצדק. זייער אַ שווערן ווינטער לעבט דורך אונדזער אינסטיטוציע, אויסער דעם, וואָס דער ווינטער איז גרויזאַם מיט די שרעקלעכע פרעסט ביי אַ טעמפּעראַטור צייטנווייז אַריבער 30 גראַד, און האַלט שוין אַזוי באַ״ד 3 מאָנאַטן, און גאָט ווייס ווען עס וועט זיך ענדיקן, איז ער נאָך פיל שרעקלעכער און גרויזאַמער מיט די פאַרשידענע קראַנקייטן, זאָגאַר די גריפּ־קראַנקייט שעמט זיך נישט צו באַזוכן אונדזער אָרי־מער זאַבלודאָווע, און פאַרשטייט זיך, אַז גרעסטנטייל זוכן זיי זיך צו קוואַרטירן ביי די אָרימע, וועלכע זענען גאָרנישט צוגעגרייט פאַר אַזעלכע געסט. מיט דער גרעסטער ווילדקייט וואַרפן זיך די פאַרשידענע קראַנקייטן אויף די בלאַסע שוואַכע, אַזוי אויך אויסגעמאַטערטע פון הונ־גער און קעלט קינדערלעך. פאַרשטייט זיך, אַז דער לינת הצדק שטייט אויף דער וואַך מיט אַלע מעגלעכקייטן צו העלפן. נישט איין מאָל ביי אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, ווען עס ווערט באַטראַכט די לאַגע פון דעם שרעקלעכן ווינטער פאַר אונדזער אינסטיטוציע, ברענגט אונדז צו דער גרעסטער פאַרצווייפלונג, וואָס וועט דאָס זיין, אַז עס וועט אונדז שוין אויסגיין אַלע מיטלען? אָבער נאָך אַלע דיסקוסיעס און פיל אַרומרעדן, בלייבט דאָך דער איינציקער טרייסט און האָפענונג זיך ווענדן צו אונדזערע גוטע טרייע לאַנדסלייט, צום גרויסן שאַפנדז רעליף פאַר אונדז. מיר גלייבן אַז אונדזער האָפענונג וועט אונדז נישט אָפּנאַרן, אונדזערע לאַנדסלייט וועלן נישט דערלאָזן אונדזערע קראַנקע שוואַכע קליינע קינדערלעך לאָזן ליגן אין די קאַלטע געפרוירענע הייזער מיט פאַרברענטע ליפּעלעך אָן הילף.

שרעקלעך גרויזאַם איז אויף אונדז דער ווינטער מיט זיינע שרעקלעכע פרעסט, קעלט און קראַנקייטן, און שמידט אונדז מיט זיינע קייטן, אָבער רחמנותדיק און מילד זענען אונדזערע לאַנדסלייט אויף יענער זייט ים...״



אין זעלביקן פּנקס פון אונטערשטיצונגס־פאַראיין געפינען מיר נאָך אַ ריי אינפאָרמאַ־ציעס פון אַנדערע טעטיקייטן אין זאַבלודאָווע אין יענער צייט, אין וועלכע די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן זיך מיטבאַטייליקט מיט זייער הילף. מיר ברענגען די דאָזיקע נאָטיצן ווי זיי זענען פאַרעפנטלעכט.



## די חלוקה פון האָלץ פאַרן ווינטער

„אין זאַבלודאָווע איז איצט סאַמע שטאַרקער ווינטער. דער פראָסט האַלט פאַרקאָוועט די פענצטער, און אין די אָרימע הייזלעך טוליען זיך די האַלב־אָפּגעריסענע קינדערלעך אַרום אויוון. אין שטעטל גייט איצט צו די חלוקה פון האָלץ געשיקט פון ניו־יאָרקער זאַבלודאָווער רעליף. דעם מאָל האָט זיך עס זייער גוט איינגעגעבן. אונדזער חשובער רב נ״י האָט געקראָגן אַ גוטע קניה האָלץ ביי אַ פּריץ, וואָס האָט עס געהאַט אָנגעגרייט פאַר זיך צום הייצן. דעם פּריץ איז גלאַט געפעלן געוואָרן די מעשה: עפּעס יידן פון אַמעריקע, זאַבלודאָווער, האָבן אין זינען צו שיקן קיין געלט קיין זאַבלודאָווע צום קויפן האָלץ פאַר די אָרימע לייט. מען פירט גרויסע שליטנס האָלץ און טרוקענע ווי ביין. אַ דאָרפס־שגץ איז אַ בעלן צו פרעגן פאַר וועמען פירט מען דאָס אַזוי פיל און אַזעלכע גוטע האָלץ, ענטפערט מען אים, אַז דאָס צעטיילט דער רב פאַר אָרימע, נעמט ער אַראָפּ דאָס היטל און צלמט זיך...״

## אָריגינעלער טעקסט פון דער באַגריסונג פאַר די געסט פון אַמעריקע, מאָריס פערלגוט, געהאַלטן פון פישל כאַראָווסקי, פאָרזיצער פון טשיקאַגער פאַרטיילונגס־קאָמיטעט אין זאַבלודאָווע.

(צו דער קלישע. אויף זייט 300)

...חשובע געסט, וויכטיקע אַקטיווע טוער אין רעליף פון טשיקאַגאָ פאַר זאַבלודאָווע פון מענער און ליידיס — הער מאָריס פערעלגוט און זיין געשעצטע פרוי און קינדער לעבן, חשובע געסט!

אין דעם נאָמען פון אייער פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעט, אויך אין דעם נאָמען פון אַלע וועלכע ווערן געשטיצט דורך אייך, באַגריסן מיר אייך הערצלעך אין דעם אָוונט פון אונדזער פרייד, אין וועלכן מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם שווערן אַלטעגלעכן לאַסט פון אונדזערע פּלייצעס און אים פאַרוואַנדלט אין אַ יום־טוב, כדי מיט אייך, ליבע געסט זיך צו פרייען. דערביי אויך אויסדריקן אייך די פיל דאַנקבאַרקייט, וואָס מיר זענען אייך שולדיק. עס פרייט אונדז זייער אייער קומען צו אונדז. מיר ווייסן וויפל צייט, מי, געזונט און געלט דאָס האָט אייך געקאָסט. עס האָט אויף אייך אויך נישט געווירקט די צענדליקער יאָרן וואָס איר זענט פון דער אַלטער היים צעשיידט און אויך נישט די ווייטע רייזע איבער ימים. איר האָט אייך נישט געקוקט אויף די גרויסע שוועריקייטן וואָס איר האָט געהאַטביים בויען אַ נייע היים אין אַ פרעמדער לאַנד — איר זענט צו אונדז געקומען און דאָס באַוויזן ווי צוגעבונדן איר און ווי ליב עס איז אייך אייער אַלטע היים.

חשובע געסט! זייער פיל האָבן מיר דורך דער צייט דורכגעלעבט זינט איר האָט זיך מיט אונדז צעשיידט. פיל פון אונדזערע זין האָבן זייערע לעבנס אָפּגעגעבן אויף די שלאַכטפעלדער פון דער וועלט־מלחמה. מיר, די פאַרבליבענע, האָבן אין די גרעסטע טויט־שרעקן, הונגער און נויט געליטן. פיל זענען טאַקע אומגעקומען. אונדזערע קינדער זענען פאַרצווייפלטע, הונגעריקע ווי צערייצטע חיות געלאָפן אויף שאָסייען, איבער פעלדער דורך וועלדער, כדי עפּעס צו געפינען צו שטילן זייער הונגער. די שלעכטע דערציִונג פון אונדזערע קינדער אין די שרעקלעכע יאָרן פאַרבלייבט אַ שרעקלעכער עדות פון די איבערלעבונגען פון דער דאָזיקער צייט.

אונדזער ווײ־געשריי איז אָבער צו אייך, אויף יענער זייט ים, דערטראָגן געוואָרן. איר האָט אונדז דערהערט און אייער אַלטע היים איז אייך נאָך ליבער און טייערער געוואָרן און איר זענט אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט אייער הילף.

עס זענען שוין פון דער צייט פאַרלאָפן פיל יאָרן, אָבער מיר זענען נאָך ווייט צו בעסערס נישט אַוועק. די שפּורן פון דער שרעקלעכער צייט האָט זיך נאָך ביז היינט נישט אָפּגעווישט; עס פאַרפאָלגן נאָך אַלץ אונדז די יאָרן פון דער ביטערער צייט און מיר פילן איר אכזריות. אונדזערע בעסטע אַרבעטער, וועלכע פלעגן מאַכן אַ לעבן בכבוד זענען צו שאַנד און צו שפּאָט, אָן אַ שטיקל האָפענונג אויף בעסערע צייטן. זייער לעבן איז שווער און ביטער און שטיל טראָגן זיי אַריבער זייער גורל.

חשובע געסט! איר זייט אונדז ליב און טייער, ווייל איר זענט נאָענט צו אונדז, איר זייט אונדזער פלייש און בלוט. איר זענט נישט באַוואַכט מיט קיין שום וואַך, אַז איר זאָלט צו אונדז נישט האָבן קיין צוטריט און איר זענט נישט פאַרקלונגען מיט קיין גלעקער, וואָס זאָלן פאַרטויבן די שטים פון אונדזערע נויטבאַדערפטיקע. אַלץ איז צוטריטלעך צו אייך און איר קענט טיפער און ברייטער פאַרשטיין אונדזערע נויטווענדיקייטן. אַלץ זעט איר אָפן, אָן באַפאַרבונגען.

צו אייך ווענדן מיר זיך ווי צו חברים און פריינד; דורך אייך שיקן מיר אַ לעבעדיקן גרוס צו אונדזערע טשיקאַגער חברים און לאַנדסלייט, וועלכע זענען אימשטאַנד פינאַנציעל און אין אַ גרויסער מאָס צו העלפן, אָבער מיט מער איינפאַכקייט און דערפאַר במילא בעסער און טרעפלעכער צום נוצן פון די נויטן.

לאָמיר האָפן, אַז מיטן צוריקקומען פון דער פאַמיליע פערלגוט, וועט זיך דער רעליף פון מענער און מיט די קרעפטן פון איצט־געשאַפענער ליידיס אָקזילערי שטעלן אַ העכערן ציל, וויסנדיק דורך אונדזערע חשובע געסט וועגן אונדזער איצטיקן שווערן עקאָנאָמישן צושטאַנד.

מיר באַגריסן ביי דער פייערלעכקייט פון אונדזער אָוונט לכבוד די חשובע געסט, אויך דעם טשיקאַגער רעליף און מיר ווינטשן זיי אַלעס גוטעס. דורך אונדזערע געסט שיקן מיר זיי איבער פיל ברכות און ווונטשן. אויך באַגריסן מיר אַלע אונדזערע לאַנדסלייט מיט פרייד און



אַ שריפטלעכע באַגריסונג פון „פּאַרטיי־לונגס־קאָמיטעט" פון די טשיקאגער געלטער אין זאַבלודאָווע, פאַר די געסט פון אַמעריקע, פאַמיליע פערלגוט.
(פון אַרכיוו — „ייוואָ", ניו־יאָרק)

באַגייסטערונג און באַזונדערס דעם ניי־געשאַפענעם ליידיס אָקזילערי, וואָס וועט ברענגען פיל נוצן אונדזערע נויטבאַדערפטיקע.

איר, טייערע ליידיס פון אָקזילערי, וועלכע אַ טייל פון אייך האָבן דורכגעלעבט די שרעקלעכע צייטן פון דער וועלט־מלחמה און אַ טייל פון אייך געדענקען נאָך געוויס דעם שווערן לעבן פון די געדריקטע אויך פון פאַר דער מלחמה, וועלן געוויס מיט דערפאָלג דורכפירן זייער גוטע אַרבעט, וואָס עס וועט געבענטשט ווערן אין אונדזער שטאָט פון הערצער פאַרביטערטע, פון הערצער פון אלמנות און יתומים, וועמען דער טשיקאַגער רעליף העלפט שטענדיק לויט זיינע מעגלעכקייטן.

אין נאָמען פון טשיקאַגער קאָמיטעט אין זאַבלודאָווע:

פרעזעס: פישל כאַראָווסקי

---

## פון דער פאַרוואַלטונג פון דער זאַבלודאָווער פאָלקס-באַנק

חשובע פריינט: יאַנואַר דעם 5טן, 1929.

מיר האָבן דערהאַלטן דורכן חשובן רב ר' יוחנן מירסקי די פרישע טויזנט דאָלאַר וואָס איז געגעבן געוואָרן צום רעליף, ספּעציעל פאַר אונדזער באַנק פון די ברידער שלום און לאַזאַר קאַפּלאַן. דאָס געלט האָט אונדז דערגרייכט אין אַ זייער נייטיקן מאָמענט, ווען דער קאַסע־

באַשטאַנד איז בלויז געווען אויף איין הלוואה צו דעקן. די רייע נאָך הלוואות איז העכער 20. מיר גיבן איצט אַרויס הלוואות ביז 50 דאָלאַר צו אַ פּערזאָן. די באַנק איז די גרעסטע הילף, וואָס דער רעליף האָט געקענט שאַפן אין זאַבלודאָווע.



פאַרטיילונג־קאָמיטעט פון די אַמעריקאַנער געלטער פאַר אַרעמע אין זאַבלודאָווע.
עס זיצן פון רעכטס: בנימין־שרגא ליפשיץ, יעקב צעסלער, הרב ר׳ יוחנן מירסקי, מיכאל ליפשיץ און יוסף יאַבלאָנסקי.
עס שטייען: רעכטס — אַלטער גניטשוצקי און גרשון קאגאַן.

## מען שרייבט אונדז פון דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק

„דערהאַלטן דורך הרב מירסקי די פון אייך געשיקטע 50 דאָלאַר פאַר אונדזער ביבליאָטעק. אַ דאַנק די געשיקטע שטיצע פון דעם זאַבלודאָוועער רעליף קאָמיטע פון ניו־יאָרק, איז דער פאַרוואַלטונג פון ביבליאָטעק געלונגען צו עפענען אַ לייען־זאַל פאַר דער שטעטלדיקער יוגנט. דער לייען־זאַל איז זייער אַ גרויסער און באַקוועמער און פאַרמאָגט אַ היפש ביסל צייטשריפטן, זשורנאַלן און אַלע טעגלעכע צייטונגען. די שטעטלדיקע יוגנט איז זיך גאָר מחיה, מען זיצט אַרום די טישן און מען לייענט מיט חשק. זאָל דער דאָזיקער אויפטו געקרוינט ווערן מיט דער־פאָלג. מיר האָבן אויך פאַר אַ טייל פון די געלט געקויפט אַ היפש ביסל נייע ביכער פון וועלכע מיר שיקן אייך דאָ די רשימה...״

## אַ קאָאָפּעראַטיוו פון בעל-עגלות

צוליב דעם וואָס לעצטנס האָט אַ פּוילישער פריץ געלאָזן לויפן עטלעכע אויטאָבוסן, וועלכע פירן עטלעכע מאָל אַ טאָג פּאַסאַזשירן פון זאַבלודאָווע אין ביאַליסטאָק, האָבן די פּאַ־סאַזשיר־פורמאַנעס פאַרלוירן זייער שטיקל ברויט, ווייל דער עולם וויל בעסער פאָרן מיט די אויטאָס ווי מיט די בעל־עגלהשע פערד. די פורמאַנעס האָבן דעריבער באַשלאָסן צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיוו און אויך לאָזן לויפן צוויי מאַשינעס און אויף אַזאַ אופן פּרובירן צוריק צו גע־ווינען די פּאַסאַזשירן און האָבן ווי עס איז פּרנסה. די בעלי־עגלות האָבן זיך געווענדט צום רב ר׳ יוחנן מירסקי, ער זאָל זיי העלפן אין דער אָנגעלעגנהייט ווי אויך דער רב זאָל קריגן פאַר זייער קאָאָפּעראַטיוו אַ הלוואה פון ניו־יאָרקער רעליף אויף קליינע פּראָצענטן מיט לייכטע אָפּצאָלונגען.

באקומענדיק אַ בריוו פון רב וועגן דעם ענין האָט דער רעליף קאָמיטע געהאַט אַ מיטינג און באַשלאָסן אויסצולייען דעם בעל־עגלה קאָאָפּעראַטיוו 600 דאָלאַר דערווייל אויף אַ מאַשין אויף זייער קליינע פּראָצענטן און קליינע וועכנטלעכע אָפּצאָלונגען.



קאָמיטעט פון זאַבלודאָווער „גמילות־חסדים״. פון רעכטס: פישל כאראווסקי, יהושע בעקער, נחום וואגמאן, הרב ר׳ יוחנן מירסקי, יעקב צעסלער (דער פּאַראַווקער), אהרן־הערש צעסלער (דער פעלדשער), חנא־הערשל צעסלער און שטייענדיק: גרשון קאגאן (גרשון דער שמש)

טייל פון אַ באַלאַנס פון גמילות־חסדים אין זאַבלודאָווע אין משך פון איין יאָר (אייגוסט 1928 — אויגוסט 1929)

(„יוואָ״, — ניו־יאָרק)

# בריוו, קאָרעספּאָנדענצן און אַרטיקלען וועגן ווינכטיקע געשעענישן אין זאַבלודאָווע

אונדזער לאַנדסמאַן שמואל צעסלער איז געווען דער זאַבלודאָווער קאָרעס־פּאָנדענט פון אַ ריי צייטונגען, וואָס זענען דערשינען אין ביאַליסטאָק. מיר ברענגען דאָ ווייטער אַ סעריע פון זיינע קאָרעספּאָנדענצן, ווו עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע און אַלגעמיינע לעבן פון אונדזער היימשטעטל.

## אַ שריפה אין זאַבלודאָווע מיט צוויי מענטשלעכע קרבנות

פון זאַבלודאָווע שרייבט מען אונדז:

דינסטיק דעם 10טן אַפּריל איז דאָ אויסגעבראָכן אַ שריפה. דאָס פייער האָט אַרומגע־כאַפּט די הויז פון זאַבלודאָווער איינוווינער אַנטעק פּילעצקי. נאָך אַ דריי־שעהדיקער ענערגי־שער אָנשטרענגונג פון די זאַבלודאָווער פייערלעשערס איז געלונגען דאָס פייער צו לאָקאַליזירן.

פּילעצקיס פרוי, וועלכע האָט געהאַט באַהאַלטן אויפן בוידעם אַ גרעסערע סומע דאָלאַרן, איז בעת דער שריפה אַרויפגעלאָפן עס ראַטעווען און איז שווער אָפּגעברענט געוואָרן אויפן גאַנצן קערפּער. איר לאַגע איז אַ האָפענונגלאָזע.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען געפונען צווישן די אָפּגעברענטע דילעס אַ פאַרברענטן טויטן קערפּער פון אַ מענטשן. נאָך אַ לענגערער אויספאָרשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז דער קערפּער פון קריסטלעכן יונגנמאַן יאַנעק קראַוויעצקי, 21 יאָר אַלט, אַ זון פון פּי־לעצקיס אַ שכן.

יאַנעק, פון פאַך אַ שוסטער, איז דינסטיק אין אָוונט געקומען אַ שיכורער אַהיים. מורא האָבנדיק אַז דער טאַטע זאָל אים נישט „מכבד" זיין פאַרן פאַרטרינקען די פאַרדינטע פאַר זלאָטעס, איז ער אַריין אין שטאַל פון זייער באַלעבאָס דאָרט איבערצונעכטיקן, כדי אויף מאָרגן צו קומען אַהיים שוין אַ ניכטערער. מ'איז זיך משער, אַז ער האָט אין שטאַל פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דאָס זאָל האָבן געווען די סיבה פון דער שריפה, אין וועלכער ער גופא האָט זיין לעבן פאַרלוירן.

אין שטעטל האָט די שריפה איבערגעלאָזט אַ דערשיטערנדיקן רושם.

„דאָס נייע לעבן", נומ' 89 (2689) 17 אַפּריל 1928.

## די אַסימילאַציע און דעמאָראַליזאַציע פון די יידישע קינדער אין די פּוילישע פאָלקס־שולן

### (אַן אינטערעסאַנטער בריוו פון אונדזער זאַבלודאָווער קאָרעספּאָנדענט, וועגן אַן אַנגעווייטיקטער פּראָבלעם)

זאַבלודאָווע האָט שוין אַזאַ טבע, אַז וועגן אַלץ אין דער וועלט וועט זי רעדן און אַלץ וועט זי האָבן „בדעה צו טאָן", נאָר טאָן וועט זי גאָרנישט... שוין דאָ ברוך־השם אַ נייער מאַגיסטראַט מיט גאַנצע 8 יידישע ראַטמענער (אַ טאָפּלטע מערהייט), נאָר וועגן שולן פאַר יידישע קינדער האָט מען נאָך אפשר „בדעה" צו רעדן. און אָט ווי אונדזערע יידישע קינדער אין זאַבלודאָווע ווערן געבילדעט און דערצויגן:

אַ פּוילישע פּאָוושעכנע שולע איז ביי אונדז פאַראַן, אין וועלכער עס לערנען כמעט 70 פּראָצענט יידישע קינדער, מערסטן מיידלעך ביז 17 יאָר, ווייל פאַר יינגלעך איז פאַראַן אַ „חדר־כללי תחכמוני״, וואָס מאַכט גאַנץ גוטע פאָרשריטן.

און אויף וואָס פּאַראַ אופן די מיידלעך ווערן דאָרטן באַהאַנדלט, וועט געווג זיין אָט דער פּאַקט:

אין דער דאָזיקער שולע, ווו אַלע לערער און לערערינס זענען אגב קריסטלעכע, איז דאָ אַ שול־ביבליאָטעק, ווו די שילער קריגן ביכער צום לייענען. דאָרט איז אויך דאָ אַזאַ בוך, ווו יעדער שילער, נאָכדעם ווי ער לייענט איבער אַ געוויסן בוך, מוז אַריינשרייבן זיין מיינונג וועגן דעם וואָס ער האָט געלייענט.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז יידישע קינדער דערזעען צווישן די ביכער, אַ בוך מיטן נאָמען: "Jak sie odzydzic" (ווי אַזוי מ׳קען זיך אָפּיידישן...), האָבן זיי געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי דעם בוך געבן דורכצולייענען און מ׳האָט זיי צוליב געטאָן.

וואָס פאַר אַ מין בוך דאָס איז געווען, קען מען זיך שוין, דוכט זיך נאָכן נאָמען אַליין אָנשטויסן. געווען איז דאָרט אַן אויפרוף צו די לערערס, ווי אַזוי צו רודפן די יידישע קינדער אין קלאַס, צו די קריסטלעכע קינדער — מ׳זאָל זיך מיט קיין יידישע קינדער נישט חברן, מ׳זאָל ביי קיין יידישע קרעמערס נישט קויפן אאַ״וו.

הכלל — ס׳איז געווען איינער פון יענע „געשמאַקע״ ביכלעך פון וועלכע די יידישע קינ־דער האָט — איבערלייענענדיק אים — פאַרקלעמט אין די הערצלעך און נאָכן אַריינשרייבן אין ביבליאָטעק־בוך אַ מיינונג: „זייער עקלהאַפטיק״, זענען זיי אַוועק מיט אַ געוויין צום לייטער פון דער שולע.

און דער לייטער האָט אַזוי געענטפערט :יעדער שרייבער מעג זיך האָבן איבער אַלץ זיין מיינונג, און איבעריקנס איז דער בוך נישט פאַר די יידישע קינדער... און ער האָט טאַקע שטרענג פאַרזאָגט דער לערערקע קיין יידישע קינדער דעם בוך נישט געבן.

און אָט נאָך אַ פראַגע:

אין דער זעלבער שולע איז אויך דאָ אַ לערערקע, וואָס אירע ערשטע ווערטער ,אַריינקו־מענדיק אין קלאַס זענען געווען: „עס שטינקט מיט ציבעלע און מיט זשידאָווסקן חדר״.

דער סוף דערפון איז, אַז יידישע קינדער ווערנדיק זיך פליסן פאַר די פּוילישע לערערס, הייבן אויך אָן צו קוקן אויף יידן און אַלץ וואָס איז יידיש, אַזוי ווי עס טוען זייערע קריסט־לעכע חברים און פּעדאַגאָגן. און אָט זעען מיר שוין ביי אונדז אין זאַבלודאָווע די ערשטע שפּורן פון אַסימילאַציע: גאַנצע אָוונטן שפּאַצירן אַרום אונדזערע מיידלעך פון די העכערע קלאַסן מיט קריסטלעכע יינגלעך אויף די פּאַרוואָרפענע וועגן און שאָסייען. מ׳בייט זיך כּלומרשט מיט „גאַט־פּינקערטאָן־ראָמאַנען״, אָבער דורכמישנדיק עטלעכע בלעטלעך געפינט מען „קוויטלעך״ מיט „אינטערעסאַנטע״ אויפשריפטן וועגן די קומענדיקע „ראַנדקעס״ אאַ״וו.

אָט גיב איך אַ פרעג איינע פון די מיידלעך: „פאַרוואָס מיידסטו אויס דיינע יידישע חברים?״ און דער ענטפער איז: „יידישע חברים? וואָס טויגן זיי? שטענדיק אומעטיקע, מרה־שחורהזיקע, אָבער די קריסטלעכע זענען דאָך עפּעס מונטער, שטענדיק פריילעכע, לעבעדיקע, עס שפּריצט דאָך פון זיי מיט יוגנט און קראַפט!״ און ס׳איז אפשר גאַנץ ריכטיק... זיי זענען אפשר גערעכט...

זאָלן דעריבער אונדזערע זאַבלודאָווער כלל־טוער און בפרט די ניי־געוויילטע ראַטמע־נער זיך וועגן דעם אַביסל פאַרטראַכטן, זיי האָבן דאָך אונדז פאַר די שטאָטראַט־וואַלן אַזוי פיל צוגעזאָגט. זאָלן זיי זיך נעמען צו מעשים און נישט בלייבן בלויז ביי די רייד.

# די פייערלעכע דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג אין זאַבלודאָווע

זונטיק איז פאַרגעקומען אין זאַבלודאָווע די פייערלעכע דערעפענונג פון דער „לאַנדווירט־שאַפט און האַנטווערקער־אויסשטעלונג", וועלכע האָט אַרויסגערופן פאַראינטערעסירונג נישט נאָר אין זאַבלודאָווע, נאָר אַפילו אין ביאַליסטאָק און אין אַ סך אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

פון 8 אַזייגער פרי האָבן גאַנצע מחנות טאַקסיס און אויטאָבוסן זיך געלאָזן צום פּלאַץ פון דער אויסשטעלונג, ברענגענדיק מיט זיך פאַרשידענע געסט און באַזוכער.

דער ספּעציעל־אויסגעבויטער און שיין־דעקאָרירטער טויער איז געווען פאַרצויגן מיט אַ גרינע זיידענע לענטע. שפּעטער זענען אָנגעקומען די זאַבלודאָווער פייערלעכער מיטן ביאַ־ליסטאָקער באַסאָ־אָרקעסטער בראש. 1 אַזייגער בייטאָג זענען אָנגעקומען דער ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדע מיטן סטאַראָסטע. פאַרן טויער זענען פאַר זיי געהאַלטן געוואָרן פאַרשידענע באַ־גריסונס־רעדעס און נאָכדעם האָט מען מכבד געווען דער פרוי פון ה' וואָיעוואָדע מיטן אי־בערשניידן די לענטע. דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן דעם פוילישן הימן. ווען ער האָט געענדיקט איז דער ה' וואָיעוואָדע געגאַנגען באַטראַכטן ז"י פאַרשידענע פּאַוויליאָנען און אָפּ־טיילונגען מיטן לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר. אַלץ האָט ער געפונען איינגעאָרדנט אייפן שענסטן אופן.

דער גאַנצער פּלאַץ איז איינגעאָרדנט מיט אַ פּאַרק מיט קינסטלעך־פאַרזעצטע ביימלעך, בענק און אַלייען; די אויסשטעלונג האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַן אייגענע דינאַמאָ, וועלכע גיט איר שיינע עלעקטרישע באַלייכטונג. עס איז אויך איינגעאָרדנט אַ שיינער בופעט.

איידער דער ה' וואָיעוואָדע האָט פאַרלאָזט דעם פּלאַץ, האָב איך זיך צו אים געווענדעט מיט אַ פראַגע: וואָס פאַר אַן איינדרוק די אויסשטעלונג האָט אויף אים געמאַכט?

— „זייער געלונגען, זייער געלונגען" — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט — „די אויסשטעלונג האָט זיך זייער גוט איינגעגעבן".

שפּעטער האָט זיך אויך דער סטאַראָסטע פאַר מיר אויסגעדריקט, אַז די אויסשטעלונג האָט אויף אים געמאַכט זייער אַ גוטן רושם.

# פון דער פּראָווינץ

אַ דאַנק דער הילף פון זאַבלודאָווער „רעליף" אין ניו־יאָרק מיט יעקב קרעפּליאַק און ליפּא רובין בראש, איז געלונגען דער זאַבלודאָווער „י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק" צו עפענען אַ לייען־זאַל אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

דער לייען־זאַל איז זייער אַ גרויסער און באַקוועמער ,ער פאַרמאָגט אַ היפּש ביסל טעג־לעכע צייטונגען, זשורנאַלן און ליטעראַרישע צייטשריפטן .

די שטעטלשע יוגנט, וועלכע לעכצט נאָך אַ געדרוקט יידיש וואָרט, וועט זיך איצט פּשוט מחיה זיין. זאָל דער אויפטו געקרוינט זיין מיט הצלחה!

# די פּילסודסקי-פייערלעכקייטן אין זאַבלודאָווע

## קרייז־סטאַראָסטאַ אויף אַ תפילה אין בית־מדרש

מאָנטיק, אינאָוונט זענען געקומען פון ביאַליסטאָק קיין זאַבלודאָווע דער קרייז־סטאַראָסטאַ אינזש' מיכאַלאָווסקי אין דער באַגלייטונג פון פּאָליציי־קאָמענדאַנט.

זייער ערשטער באַזוך איז געווען אין גרויסן בית־המדרש, וועלכער איז געווען שיין דע־קאָרירט און פול געפּאַקט. ביי זייער אָנקום האָט אַ שילער־כאָר אויפגעזונגען די „ערשטע ברי־גאַדע". נאָכדעם ווי די געסט זענען באַגריסט געוואָרן דורך הרב ר' יוחנן מירסקי און וויצע־

בירגערמייסטער ה׳ ש. גאָבער, האָט דער חזן מ. פיינמאַן געזונגען אַ תפילה און געמאַכט „הנותן תשועה״ דעם מאַרשאַל פּילסודסקי. דער כאָר האָט געזונגען דעם פּוילישן הימן.

דאַנקענדיק האַרציק די יידישע פאָרשטייערס האָבן די חשובע געסט פאַרלאָזן דעם בית־מדרש און געגאַנגען אָנטייל נעמען אין די ווייטערדיקע פייערלעכקייטן. אין דער רעדע, וואָס



אַ „דריטער־מיי״־פייערונג אין זאַבלודאָווע אויפן גרויסן מאַרק.
דאָס הויז רעכטס — איטשע לינס מויער; אינמיטן — חנה משהקעס הויז; דאָס דריטע — האַלפּערנס הויז, „קעטשעס״ טיי־הויז.

דער סטאַראָסטאַ האָט געהאַלטן אינמיטן מאַרק פאַר פאָרשטייערס פון אָרגאַניזאַציעס און רי־זיקן עולם, ביים שיין פון אַ גראַנדיעזן שייטער־פייער, האָט ער צוו׳ אַנד׳ דערמאָנט די עט־לעכע אַנגענעמע מינוטן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין יידישן מקום קדוש.

## פון פּראָווינץ.

### אימפּאָזאַנטער יום טוב פון דער פאָלקשול „תחכמוני״ אין זאַבלודאָווע.

מאָנטאָג איינאָוונט איז פאָרגעקו־מען, צום ערשטן מאָל אין אונזער שטעטל, אַ אימפּאָזאַנטער פאָקל־צוג פון דער היגער פאָלקשול „תחכמוני״.

איבער צווייהונדערט קינדער, אינגלאך און מיידלאך, טראָגנדיג ברענענדיגע שטוקאַרצן און פאַרבי־גע לאָמפּן און לאָמפּיאָנען, האָבן דעמאָנסטרירט דורך אַלע זאַבלודאָ־ווער גאַסן אונטער די קלאַנגען פון שטעטלשן בלאָז־אָרקעסטער.

דינסטאָג, ל״ג־בעומר, האָט די אויבנדערמאָנטע פאָלקשול איינגע־אָרדנט אַ וואַרימען, שיינעם קבלת־פּנים לכבוד דעם חשובן גאַסט פון אַמעריקע ה׳ ליפּא רובין, סעקרע־טאַר פון זאַבלודאָווער רעליעף אין ניו־יאָרק. דערנאָך האָט דער יום־טובדיגער קינדער־צוג זיך אָוועקגע־לאָזט מיט געזאַנגען און לידער אין וואַלד אריין צו פאַרברייננגען דעם ל״ג־בעומרדיגן טאָג.

אין שטעטל האָט דער אימפּאָ־זאַנטער קינדער יום־טוב איבערגע־לאָזן אַ גרויסן רושם.

**שמואל צעסלער.**

„דאָס נייע לעבן״, ביאַליסטאָק, 3טער מיי 1928

# אז אינטערעסאנטער רעפעראט פון זרב־בל אין זאבל־דאווע.

די פארוואלטונג פון דער זאבלו־דאווער „י. ל. פרץ־ביבליאטעק”, אין געפאלן אויף א געלונגענע איינפאל וועט אין ביאליסטאק חיילט, למשל, די לעצטע צייט א בארימטער אידי־שער דיכטער אדער „רעפערענט, באנוצט זי זיך מיט דער געלעגנהייט און ברייננט אים אראפ קיין זאבלו־דאווע, זאל שטעטל אויך אמאל הנאה האבן פון הערן א „גוט־ווארט”.

אט האט זאבלודאווע נעהאט, מיט א וואך פריער ביי זיך דער בארימטער דיכטערין רחל פיינגבערג אויף א פארלעזונג. און די סעג האט די פארוואלטונג פון דער „י. ל. פרץ־ביבליאטעק” איינגעלאדן קיין זאבלודאווע דעם באוואוסטן רעדנער זרבבל.

פאר א זייער אינטעליגענטער אודיטאריע, אין זאל פון די זאב־לודאווער פייערלעשערס, האט זרב־בל איבערגעגעבן זיינע „חעג־איינ־דרוקן פון דרום־אמעריקע”. וועלכע דער פארזאמלטער עולם האט אויס־געהערט מיט זייער גרויס אינטערעס, און באשאנקען דעם רעדנער מיט רוישיגע אפלאדיסמענטן. גלייכצייטיג האט דער עולם ווארים באדאנקט דער פארוואלטונג פון דער זאבלודאווער „י. ל. פרץ - ביבליאטעק” פאר איר לעצטן, גוטן אויפטו צו מזכה זיין דעם זאבלודאווער עולם מיטן הערן א אידיש - וארט פון פאפולערע אידישע פערזענלעכ־קייטן.

שמואל צעסלער.

„דאס נייע לעבן”, ביאליסטאק, 27 מאי 1929

פאקסימיל פון דער הכנסה, פון דער זאבלודאווער „תחכמוני”־שול, אין די חדשים תשרי — סיון תרפ״ט

(פון די „יווא”־ארכיוו, נ. יארק)




אַ קלאַס תלמידם פון „תחכמוני" מיט די לערער בנימין קאַפּוסטין און שמואל צעסלער.



אַ קלאַס תלמידים פון „תחכמוני" מיטן לערער פּערעסטטונסקי.



תלמידות פון 1טן קלאַס „תחכמוני" אין זאַבלודאָווע מיט זייערע לערער.




אָונט־קורסן פון דער „תחכמוני"־שול אין זאַבלודאָווע, אין 1932.




אַ צווייט בילד פון די אָוונט־קורסן ביי דער „תחכמוני״־שול.



לערער און תלמידים פון דער „תחכמוני״־שול — ל״ג בעומר אין וואַלד.

# די לערער פון דער „תחכמוני־שול" אין זאַבלודאָווע

די זיבן־קלאַסיקע תחכמוני־שול אין זאַבלודאָווע האָט שטענדיק אַנגאַזשירט איר פּערסאָנאַל נישט בלויז פון די שטעטל'שע לערער, נאָר אַ גרויסע צאָל אָנגעזעענע פּעדאַגאָגן פון דער פרעמד. אַ דאַנק דעם איז טאַקע די תחכמוני־שול געווען אַ וויכטיקער דערציערישער אַנשטאַלט און געשטאַנען אויף אַ גאַנץ הויכער מדרגה.

אייניקע פון אירע געוועזענע לערערס, פאַרנעמען היינט צו טאָג וויכטיקע העכערע פּאָסטנס אין אַרגענטינע, ישראל און נאָר־אַמעריקע.



אַ גרופּע זאַבלודאָווער לערער. פון רעכטס: ליב, קושניר, קאַפּוסטין, צעסלער, ש״ק, באַנדרימער.



שמואל עברי

געוועזענער לערער אין זאַבלודאָווע, גוטער רעדנער, גרויסער ציוניסטישער עסקן — זיך געראַטעוועט פון טויט פון יאַפּאַנישע מערדער אין שאַנכאַי, איצט באַוווסטער פּעדאַגאָג און קולטור־טוער אין די פאַראייניקטע שטאַטן און פּראָפעסאָר פון העברעאישער ליטעראַטור אין באַלטימאָר.



פינף לערער פון דער זאַבלודאָווער „תחכמוני״־שול: אויבן רעכטס: בראַם, שישקאַ, ד״ר מירסק. אונטן: מאַגענצע (רעכטס) און צעסלער.




אַ צאָל שטעמפּלען און מעמברעטעס פון זאַבלודאָווער יידישע אינסטיטוציעס
אין דער היימשטאָט און אין דער וועלט.

י. רעזניק

# זאַבלודאָווע אין רעליעוו

(אויסצוג פון אַ גרעסערער אַרבעט)

...שוין יאָרן און יאָרן ווי איך גיי אויפן ביאַליסטאָקער שאָסיי און קען נישט דערגיין צו מיין אַלט קליין שטעטעלע. וויפל גאָלדענע ווונטשן זענען שוין פאַר דער צייט צערונען געוואָרן; וויפל נייע האָריזאָנטן זענען שוין אין דעם לויף פון די יאָרן אויפגעקומען, און איך גיי נאָך אַלץ אויפן זעלבן שאָסיי צו מיין נישט דערגרייכבאַרן שטעטעלע.

נאָר עפּעס אויסטערלישעס איז איצט פאָרגעקומען אין מיין מידן דמיון, ס׳האָט זיך מיט איינמאָל אויפגעלייזט די געפּענטעטקייט און מיר דוכט זיך, אַז איך גיי מיט רעאַלע טריט. יאָ! איך גיי, דער וועג ווערט קירצער, קירצער — און אפשר איז עס נישט מער ווי דער עספעכיזם פון אַ גוססדיקן דורשטיקן? ניין! ס׳איז די ווירקלעכקייט. איך גיין אין דער אמתן. אָט בין איך שוין ביי די „מאָגילקעס", וואָס געפינען זיך פאַזע דעם ברעג. ער ציט זיך לאַנג דער פאַרקאַן מיט די גראָבע אייזערנע שטאַכעטן ,איינגעשמידטע אין אַ האַלב־איינגעמויערטע וואַנט. אָט קוקן אַרויס די פאַרשידנאַרטיקע צלמים דורך געדיכט־באַוואַקסענע אַקאַציע־ביימלעך. נאָר מער פון אַלע קוקט אַרויס דער הויכער מאַרמאָר־שוואַרצער צלם אין דער פאָרעם פון אַ מאָנומענט. אונטער אים ליגט באַערדיקט דעם פּריצס יינגסטער פּריצייטיק־פאַרשטאַרבענער זון. אויך דאָ, אין דער טויטער וועלט, זעט אויס ווי דער מאָנומענט וואָלט זיך געהאַלטן העכער פון אַלע אַנדערע.

אָט קרייזלען זיך אויפן האָריזאָנט פון דער לינקער זייט, די גרינע קעפּ פון די ווערבעס אין „קוכערע", ביים טייכל, ווו מיר פלעגן אין די הייסע דושנע זומער־טעג זיך אַרויסגנבענען פון חדר און לויפן זיך באָדן אין אים. אָט זע איך אים — זיין שטענדיק שטילן העל־גרינעם קלאָרן וואַסער, וואָס ליגט פאַרבאַהאַלטן אינעם שאָטנדיקן שויס פון שלאַנקע מורמלענדיקע ווערבעס. אָט שפּרינגען מיר אַריין און אַרויס און שפּילן זיך אין די טויזנטער צעשאָטענע זילבערנע טראָפּנס זיינע; אָט לויפן מיר נאַקעטע אַרום איבערן פעלד ווי די ווילדע פייגל און אָט ליגן מיר אויסגעצויגן אין די אָפּפרישנדיקע שאָטנס מיט געלעכטער און אויסגעשרייען פון קינדערישער זאָרגלאָזיקייט.

כ׳דערנענטער זיך צום שטעטל. פאַמעלעך שווימען אַרויס די צעוואָרפענע שפּיצן פון די גאַרבאַרניע־קוימענס; פון דער נאָענט זעען זיי אויס ווי גרויסע מעכטיקע ריזן וואָס באַוואַכן דאָס שטעטל. ס׳בייט זיך מיט אַמאָל די אַטמאָספער; די לופט ווערט אָנגעפילט מיט אַ ביטער־זויערן ריח, ענלעך צום ריח פון איינגעזייערטן ברויט. וואָס מער כ׳דערנענטער זיך, אַלץ שאַרפער ווערט די מיטן ריח אָנגעזאָפּטע לופט.

אָט שטיי איך ביים אַריינגאַנג פון שטעטל. פון לינקס שטייען ווי איינגעשלאָסן אין זיך ניסל און כאַצקל בעקערס גאַרבאַרניעס. אויף די ליידיקע פלעצער פאַר זיי, ליגט געדיכט אויסגעשפּרייט נאַסער דאָמב, וואָס טריקנט זיך אַנטקעגן דער הייסער זון. דאָס איז די סיבה פון דעם ביטער־זויערן ריח, מיט וועלכן ס׳איז דורכגעזאַפּט די אַרומיקע לופט. צוויי פעסטע גאַרבער־יונגען, באָרוועס און מיט פאַרקאַטשעטע הויזן און מיט לעדערנע פאַרטעכער שיטן אָן דעם דעם טרוקענעם דאָמב אין אַ טיפן קויש, צוגעפּעסטיקט צו צוויי שטאַנגען און טראָגן אים אַריין צוריק אין דער גאַרבאַרניע.

כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר איך פאַרנעם זיך רעכטס, ווו ס׳שטייט די גאָר אַלטע קאָפּ־

ליצע, וועלכער ס׳איז שווער צו דערקענען, צוליב די ווילדע געוויקסן מיט וועלכע זי איז באַ־וואַקסן. קיינער ווייסט נישט, ווען ס׳איז דאָס לעצטע מאָל פאַרמאַכט געוואָרן דאָס אייזערנע טירל, וואָס איז שוין צעפרעסן געוואָרן דורך די יאָרן און דורך דעם זשאַווער. באַלד לעבן איר איז פלאַווסקינס גאַרבאַרניע, ווו קעגנאיבער געפינען זיך די גרויסע ליים־ און וואַפנע־גריבער, פון וועלכע די פויערים פלעגן פירן דעם ליים פאַר דער ציגעלניע, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון זיי.

איך פאַרנעם זיך ווידער אויף לינקס און קום אַריין אין מצרים־געסל, וואָס איז באַווינט פון די מעשטשאַנעס און וועלכעס, מיר יידישע קינדער האָבן שטענדיק אויסגעמיטן צוליב אַן אינערלעכער אינסטינקטיווער מורא. אָט הייבט זי זיך אָן מיט הערצקע רובינס און זלמן ביאַ־לאָסטאָצקיס גאַרבאַרניעס. ווען איך שטיי פאַר אָט די גאַרבאַרניעס, דערמאָן איך זיך אָן דעם גרויסן בליץ וואָס איז אַמאָל אַריין איןביידע גאַרבאַרניעס, — הערצקעס פרוי האָט מען גע־ראָטעוועט און זלמן ביאַלאָסטאָצקי איז דאַן דערהרגעט געוואָרן.

אָט בין איך צוגעקומען צו דעם בית־החיים־געסל וואָס שניידט דורך די מצרים־גאַס. אין ראָג שטייט די רויט־געפאַרבטע הילצערנע שטוב ווו ס׳וווינט חיה־מינדל די פרוקט־פאַר־קויפערן אין מאַרק; איר מאַן — אַ שטילער, אַן איידעלער, וועלטלעכער מענטש און אַ גרויסער קענער. ער איז געווען מיין מאָדערנסטער און ליבסטער לערער, האָט דורכגעמאַכט 6 יאָר די ערשטע וועלט־מלחמה, די גרעסטע געפאַרן און די שווערסטע פיינען, כדי צוריק אַהיימצו־קומען און מיט צוויי יאָר שפּעטער אַוועקצושטאַרבן פון הונגער, איבערלאָזנדיק אַ שטענדיק וווּנד ביי זיינע תלמידים.

עטוואָס ווייטער — דער אַלטער בית־עלמין, שטאַרק פאַרוואַקסן מיט געדיכטע קוס־טעס. איבער דעם איינגעבויגענעם שטיינערנעם פלויט זעען זיך אַרויס די שפּיצן פון אַ סך אַלטע, צו דער ערד איינגעבויגענע מצבות. אָט קוקט אַרויס פון צווישן די קוסטעס דער אוהל פון דעם באַרימטן זאַבלודאָווער רב, דעם גרויסן צדיק ר׳ יאָסעלע, מיט וועמען חיה די זאָגערן שמועסט זיך אַדורך דעם גאַנצן חודש אלול, אַז ער זאָל זיין אַ מליץ־יושר פאַר די זאַבלו־דאָווער יידן.

אָט גיי איך אַריין אין מוכאָוועץ־געסל. ביז אַ שטיק אין געסל פאַרנעמט יאַשקע מינקעס אימעניע. יאַשקע איז אַ פאַרבאַהאַלטענער אַנטיסעמיט, כאָטש ווען ער טרעפט אַ באַקאַנטן יידן, שמייכלט ער און קלאַפּט יענעם ברודעריש אין פּלייצע, ווייסט מען אָבער אין שטעטל אַז יאַשקע איז נישט קיין גרויסער יידן־פריינט. פון דער צווייטער זייט ציט זיך אַנטקעגן סוואַטקעס גוט, ביז לייבעלע אַלטעס שטוב, וואָס איז געבויט ווי אַ דאַלעד; צום געסל איז די גרויסע היל־צערנע שטוב און טיפער אינעווייניק איז געשלאָסן מיט דער שטוב די טרוקענע וואַלקעריי און נאָכדעם דער שטאַל. דורכן פאָדערשטן פאָדוואָר, אין הינטערשטן גאָרטן, גייט אַדורך דער מוכאָוועץ (אַ ברייטער ראָוו וואָס ווערט קיינמאָל נישט אויסגעטריקנט), וואָס האָט געהאַט די זכיה ביי ביידע וועלט־מלחמות צו זיין אונטערגעצייכנט אין דער סטראַטעגישער מאַפּע מיט אַ רויטן צייכן. אויפן פאָדוואָר געפינט זיך דער ברונעם, ווו די שטעטלשע איינוווינער פלעגן נעמען מוכאָוויעץ־וואַסער צו מאַכן טיי, דערפאַר האָט מען אים גערופן דער ברונעם פון טיי־וואַסער. אָט זע איך די הילצערנע באַנק הינטערן פענצטער און די צוויי הילצערנע טרעפּלעך ביים אַריינגאַנג.

אָט דאָ, אין דער שטוב, אויפן פאָדוואָר, אינעם גאָרטן, ביים מוכאָוויעץ און ביים ברונעם, האָב איך פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן. אָט דאָ האָב איך באַקומען מיין ליבע צום מענטשן, צום אמת און צום קאַמף פאַר גערעכטיקייט. אָ, מיט וויפל ליכטיקע אומפאַרגעסלעכע זכרונות האָט איר פאַרבונדן מיין גאַנצן וועזן צו אייך.

צו דער אייביק פאַרזאָרגטער מאַמע, וואָס האָט נאָר געוווּסט פון אַן אומגליקלעכער ווירק־לעכקייט און בלויז געטרוימט פון קומענדיקע בעסערע צייטן. אַ פרוי אַן אשת־חיל, אַ דורכגע־דרונגענע מיט פאָלקס־חכמה און אַ באַזעלטע מיט אַן עקספּערימענטירטער פאָלקס־לאָגיק. אַ

פרוי, אַ רעבעלין אין פולן זיין פון וואָרט. זי האָט רעבעלירט קעגן גאָט, ווען זי האָט געזען די „שיינע מעשים" פון אַ גאָט־סטראַפּטשע — פלעגט זי פּראָטעסטירן אויפן קול: „אויב דאָס זענען גאָטס־גערעכטע פּאַראָנדקעס, איז בעסער צו זיין אָן אַ גאָט"... זי האָט רעבעלירט קעגן דער פּוילישער „פּאַנסקער" רעגירונג. זי האָט רעבעלירט קעגן איר שטרענג־רעליגיעזן מאַן, וואָס האָט געהערט מער צו קהל ווי צו דער אייגענער היים.

אָט טאַקע דער מאַן איר׳ער, — דער פאָטער מיינער, — אָט אַזאַ איז ער געווען. אַ נידערי־קער, אַ ברייט־פּלייציקער, אַ ציכטיקער, מיט אַ פראַנצויזיש בערדל, אַ גוטמוטיק שמייכלענדיק פּנים, מיט צוויי העל־ברוינע קינדערשע אויגן. מיט אַ הערקולעס־מוסקולאַטור און מיט שמשון הגבור־כוח. גערופן האָט מען אים לייבעלע אַלטעס, נאָך זיין מאַמען דער צדקניות. לייבעלע האָט מען אים גערופן צוליב זיין אומגעהויערער גוטסקייט. ער איז געווען גוט צו זיין ווייב און קינדער, צו אַלע מענטשן, ער איז געווען גוט אַפילו צו יענע, וואָס האָבן אויף אַ מיזע־ראַבעלן אופן אויסגענוצט זיין גוטסקייט און תמימות, צו ברענגען שאָדן אים, לייבעלען, און אויך אַנדערע. ווו ער איז געווען, האָט ער געדינט מיט אַלץ, בלב ונפש. איז ער געווען אין ביעלסקן בית־המדרש, איז ער דאָרט געווען דער גבאי, דער שמש, דער פּאַרזאָרגער מיט אַ שבת פאַר אַן אָרעמאַן. אַ מיטגליד און דער פּאַרזאָרגער פון די אַלע פאַרשידענע חברות, דער פּאַרהיטער פון דער רייניקונג און אויפהאַלטונג פון בית־מדרש. ווי אַ מיטגליד פון דער חברה־קדישא, האָט ער געערופן צו דער טהרה, ער האָט געוואַשן, ער האָט געטראָגן, ער האָט געגראָבן, ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם מת, ער האָט אַרויפגעלייגט די שערבלעך, ער האָט באַשאָטן און אַז ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל זאָגן קדיש, פלעגט ער אויך פאַרדינען די מצווה פון קדיש־זאָגן. ער פלעגט זיך שטאַרק מצער זיין, ווען ער האָט נישט געהאַט קיין געפאַלענעם בעל־הבית, פאַר וועמען ער האָט געקענט אַרויסגיין אין שטעטל צונויפזאַמלען אַ פּאָר זלאָטעס צו קענען געבן אים מתן־בסתר. ער איז מיט דער צייט געוואָרן איינער פון די שטעטלשע פּאַרזאָרגער. כ׳זאָג איינער, ווייל ס׳איז בלויז געווען איין עקזעמפּליאַר פון דעם מין וואָס איז נישט איבער־געפירט געוואָרן און איז פאַרבליבן ערלעך און געטריי ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן. אַ דאַנק דעם, האָט ער געפירט זייער אַ געדריקט פּערזענלעך לעבן. אויף לייבעלע אַלטעס קען מען מיטן פולן מויל זאָגן, אַז ער האָט מקריב געווען דאָס פּערזענלעכע לעבן פון זיין פאַמיליע, לטובת דעם ווילזיין פון כלל. ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס גליק פון אַלעמען שטייט פיל העכער ווי דאָס פּערזענלעכע גליק.

קעגנאיבער אונדזער שטוב האָט געוווינט אייזיק דער שמיד. אָט איז די קוזשניע; דער קליינער פאָדוואָר איז שטענדיק פול מיט פערד און מיט אָנגעוואָרפענע רעדער. אייזיק אַליין איז אַ נידעריקער, אַ פעסט־געבויטער. פון פיל־יאָריקער שווערער פּראַצע איז אים אַרויסגע־הויבן די פּלייצע אין דער פאָרעם פון אַ האָרב, אַ גרויסער קאָפּ און אַ פּנים אַ באַוואַקסענער מיט שוואַרצע טיפע פינטעלעך, אויסגעברענטע פונעם שטענדיקן פאַלן אויף אים פייערדיקע פונקען־שפּריצן. אין ווינקל אויבן, איבערן ברעם אַ גרויסע טונקעלע בראָדעווקע. הענט — קורצע, דיקע און די פלאַצן און פינגער האַרטע פון די דורכויסיק פּאַרהאַרטעוועטע מאַזאָליעס. ער האָט געאַרבעט פון פינצטער ביז פינצטער און פונדעסטוועגן האָט ער קיינמאָל נישט פאַר־לאָרן דעם הומאָר און דעם בטחון. ער האָט געוואַלדיק ליב געהאַט די אַרבעט און זיין היים. ער איז געווען אַ פּשוטער און האַרציקער מענטש. ער איז געווען דער סינאָנים פון פּראַצע און פּשטות.

האַרט ביי אייזיקס קוזשניע שטייט שמואל צאַלעבערס פאַרמעגן. אויסערלעך זעט עס אויס ווי אַן אַלטע פאַרלאָזענע הילצערנע שאָפּע, נאָר אינעווייניק געפינט זיך אַן אַלטער, האַלב־הענגענדיקער פרימיטיווער דעפּטאַק. גאָר אַמאָל, האָט שמואל געמאָלן קאַשע, נאָר אויף דער עלטער פלעגט ער שניידן סעטשקע פאַר די באַלעבאַטים וואָס האָבן פאַרמאָגט בהמות. שמואל צאַלעבער איז געווען אַן אַלטער בייזער ייד. ער פלעגט קיינמאָל נישט קוקן צו דעם צו וועמען ער פלעגט רעדן. ער איז בכלל געווען אַ שווייגער. אַז ער פלעגט רעדן, האָט עס

געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער רעדט בלויז האַלבע ווערטער פאַר זיך און נישט צו קיינעם. דערפאַר אַז ער פלעגט אַריינגיין אין צאָרן, פלעגט ער שרייען מיט אַזוינע ווילדע קולות, אַז ער פלעגט אויפוועקן די קינדער אין די וויגן. ער איז אויך געווען דער קאַרגער פון שטעטל. אָט שטיי איך אין דער שאַפע און זע ווי דאָס בידנע אויסגעמאָגערטע ברוינע פערדל מיט פאַר־בונדענע אויגן גייט אויפן דעפטאַק, גייט און גייט און שטייט שטענדיק אויפן זעלבן אָרט, קוים וואָס ער הייבט די פיס. איך הער דאָס שווערע אומעטיקע סאָפען, דעם נערוועזן ציטער פון די נאָזלעכער און מיר דוכט זיך אַז דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש קרעכצט, ווי אַ מענטש, ווען ער קען מער נישט איבערטראָגן זיינע פיזישעליידן. ביי יעדן קרעכץ פון פערדל פאַלט טעמפּ שמואלס אַ קללה: „אַ דונער זאָל אים נאָר טרעפן; פרעסן וויל ער, נאָר אַרבעטן נישט". און שמואלס קאַרגשאַפט האָט אים דערפירט צו אַ „געניאַלן" געדאַנק: ער וועט אָפּגעווינען דאָס פערדל פון עסן... אין איינעם פון די טעג, ווען שמואל האָט אַדורכגעפירט זיין עקספּע־רימענט, איז דאָס פערד געבליבן שטיין אויפן דעפטאַק, אָן פּראָטעסט, דאָסמאָל אַפילו אָן אַ קרעכץ, זיך שטיל אַוועקגעלייגט און איז שטיל אויסגעאַנגען. ווען מען האָט שמואלן, נאָכדעם געפרעגט: ס'טייטש, ווי קען אַ פערד לעבן אָן עסן? האָט ער געענטפערט: „אַ נאַרישער פערד, ווען ער האַלט אויס נאָך איין טאָג, וואָלטן ער געבליבן לעבן"... קורץ נאָכן פערדלס טויט איז אויך שמואל צאַלעבער געשטאָרבן.

אָט שטיי איך ביי אַ גרויסער הילצערנער שטוב מיט אַ הויכן בריקל וואָס האָט פון ביידע זייטן טרעפלעך אַרויפצוגיין. די שטוב שטייט אין סאַמע ראָג פון מוכאָוויעץ־געסל און שוסטער־גאַס. דאָ וווינט די אַלטע סולע. סולע — אַ נידעריקע, אַ דיקע מיט אַ קלוג, גוטמוטיק פּנים, איז געווען די טאָן־געבערין פון אַן אַלטער פונאַנדערגעצווייגטער, מיושבדיקער פאַמיליע אין שטעטל. מיט איר פירונג און מיט איר חכמה האָט זי שטאַרק דערמאָנט אָן אַ ביבלישער פיגור. די קינדער טראָגן אַלע דעם נאָמען אירן, משה סוליעס, נחמן סוליעס, ביילע סוליעס און רייזל סו־לעס. אין אָט־דער שטוב איז געווען די גרויסע בעקעריי, וועמענס געבעקס ס'האָט געהאַט אַ שם אינעם גאַנצן געגנט. סולע איז געווען פון יענע באַגאַבטע פרויען, וואָס לייגן אַוועק זייער חותם אויף דער געשיכטע פונעם ישוב, אין וועלכן זיי לעבן.




משה סוליעס בעקעריי

נאָך סולעס שטוב, אין שוסטער־גאַס, שטייט אַן אַלטע נעבעכדיקע כאַטקע מיט אַ קליינעם נידעריק־דערפישן פענצטערל. דאָ וווינט דער אַלטער זשידיק, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „טשאַרני זשידעק". ער איז געווען אַ קליין שוואַרץ יידל, דער דרדקי־מלמד. אָט שטייט ער, אַ

קליינוווקסיקער מיט לאַנגע אַראָפּהענגענדיקע ברעמען, מיט אַ גרויער לאַנגער באָרד, וואָס דערגרייכט ביזן גאַרטל. אין שטוב טראָגט ער אַ פּאָר קורצע, ברייטע אַטלאַסענע הויזן, אַ שוואַרץ וועסטל, וואָס איז שטענדיק פונאַנדערגעשפּיליעט, פון אונטער וועלכן ס׳זעט זיך אַרויס אַ פאַרגעלטער טלית־קטן, וועמעס ציצית באָמבלען זיך כסדר איבער די נידעריקע קניען.

אָט זיץ איך אויף דער קורצער האַרטער באַנק, לעבן מיר זיצט דער אַלטער קליינטשיקער ר׳בי, אין האַנט האַלט ער זיין באַקאַנטן לאַנגן, ברוינעם טייטל, וואָס איז ביי איין ברעג פאַר־בונדן מיט אַ פאַרסמאָליעטן שפּאַגאַט (צוליב אַן אַלטן פלאַץ) און ביים צווייטן ברעג פאַרענ־דיקט ער זיך מיט אַ קיילעכדיקן שפּיץ. רירט אָן מיט אים יעדן אות באַזונדער און רעדט אַרויס מיט אַ האַלב־זינגענדיקער שטילער פרויען־שטימע: „קמץ אלף — אָ“, „פתח אַלעף — אַ“. פלוצלינג פאַלט פון אויבן אַראָפּ אויפן סידור אַ קאָפּיקע און דער טאַטע, וואָס שטייט הינטער מיר, שרייט אויס: זעסט, יוסף, אַ מלאך האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ קאָפּיקע; דאָס איז פאַר דיר. אַז דו וועסט זיך לערנען גוט, וועט דער מלאך דיר אַלע מאָל אַראָפּוואַרפן אַ קאָפּיקע. זשידיק, ווי אַ פאַרשולדיקטער, כאַפּט שטיל אונטער: יאָ, יינגעלע, אוודאי, אַ מלאך... אַ מלאך... קיינער אין שטעטל האָט נישט געקענט אויסמיידן זשידיקן, דעם דרדקי־מלמד.

קעגנאיבער זשידיקס כאַטקע, וווינט יהודה דער סטאָליער. זיין ווייב, שרה־מייטע „טראַסק“, שטייט אויפן גאַניק און טענהט זיך אויס מיט דער קו. שרה־מייטע, אַ פרוי מיט אַן אומ־געהויערן כח־הדיבור, ווייל מען האָט איר נאָך קיינמאָל נישט געזען נישט־רעדנדיק און דער־פאַר טאַקע האָט מען איר צוגעגעבן דעם נאָמען „טראַסק“. זי האָט מער ליב געהאַט די קו, ווי איר מאַן מיט די צוויי זין. די קו איז פאַר איר געווען אַלץ. די קו, ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען, פלעגט איר טאַקע נאָכגיין ווי אַ קינד נאָך אַ מאַמען. אירע רכילותן אויף די שכנים, אירע טאָג־פּאַסירונגען פלעגט שרה־מייטע דערציילן פאַר דער קו. אַז שרה־מייטע פלעגט זיך צעקריגן מיטן מאַן און מיט די קינדער, פלעגט זי גלייך גיין אויסגיסן איר שווער האַרץ פאַר דער קו; די קו איז געווען די איינציקע ביי וועמען זי פלעגט געפינען אַ טרייסט, — אַזוי פלעגט זי זאָגן. ווען דער יינגערער זון אירער, זלמן, וואָס האָט קיין זאַך נישט געלערנט און אַלץ געקענט, פלעגט איר זאָגן: מאַמע, וואָס רעדסטו צו דער קו, זי פאַרשטייט דען? זי איז דאָך אַ בהמה... פלעגט שרה־מייטע „טראַסק“ ווערן אָנגעצונדן פון כעס און אים ענטפערן מיט אַ פאָרוורף: פאַרמאַך דאָס מויל, דו ביסט אַ בהמה, זי פאַרשטייט מער פון דיר... דאָך איז אין דער פּרי־מיטיווער איבערגעגעבנקייט געווען אַ סך הומאַניזם. צוליב איר קו, האָט שרה־מייטע „טראַסק“ ליב באַקומען חיות, ספּעציעל אַלע קי פון שטעטל.

עטוואָס ווייטער. קעגנאיבער, שטייט אַ טונקל־ברוין געפאַרבט הויז, פאַר דעם הויז, אונ־טער די צוויי פענצטער וואָס קוקן אַרויס צום געסל שטייט אַ גרין־געפאַרבטע באַנק, אָט פון די בענק וואָס געפינען זיך אין די עפנטלעכע פאַרקן. דאָ וווינט יוסף יאַבלאָנסקי. אין הינטער־גרונט פון פאָדוואָר, וואָס איז שטענדיק פאַרמאַכט מיט אַן אַלטן הילצערנעם טויער, געפינט זיך די „אָליעניע“, וואָס פלעגט מאַכן „אָליע“ (אַ ביליקער בוימל וואָס ווערט אויסגעקוועטשט פונעם ליאָן און קאָנאָפּליעס), דערפאַר פלעגט די שטוב שטענדיק אַרויסגעבן פון זיך אַ ריח ווי פון צוגעברענטן בוימל. יוסף יאַבלאָנסקי איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס אין שטעטל. העכער פון מיטלוווקס. אַ ברייט־בייניקער, שטענדיק ריין געקליידט, מיט אַ האַרטן קראַגן און אַ האַלב־אָפּגעלייגטן שניפּס, מיט אַ פליישיקער נאָז, אויף וועלכער עס זענען געזעסן פּענסנע, איינגערעמט אין דיקע שוואַרצע ראַמען, פון וועלכער ס׳איז אַראָפּגעהאַנגען אַ שוואַרצע, ברייטע סטענגע, באַצירט מיט אַ העל־בלויער פאַטשערקע אינמיטן, צוגעבונדן צו דעם מיטלסטן לעכל פון דעם וועסטל. מיט אַ שוואַרץ צעשאָטן בערדל אויפן ברייטן פנים, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פראָנצויזישן דיפּלאָמאַט פון סוף ביינצנטן יאָרהונדערט. ער איז געווען דער צווייטער אין שטעטל וואָס פלעגט אין די שבתים און אין די יום־טובים טראָגן אַ צילינדער און אויף זיין זיידענעם טלית איז געווען אָנגענייט די שענסטע עטרה, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ צעשפּרייטע גאָלדענע קרוין. ער איז געווען דער חזן פון שטעטל און ער האָט ליב געהאַט דאָס

חזנות בלב ונפש און ער האָט קיינמאָל נישט גענומען געצאָלט פאַר דעם. ער האָט געהאַלטן אַז דאָס איז אַ פאַרשוועכונג פאַר דער חזנות. ביי יוספן איז די ליטורגיע געווען דער גייסטיקער טייל פון זיין לעבן. ער האָט נישט געלערנט קיין נאָטן, ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ ראַפינירטן געהער פאַר נגינה. ער איז נישט געווען אָריגינעל, ס׳איז געווען אַ נישט־איינגע־



ר׳ יוסף יאַבלאָנסקי
געבוירן אין זאַבלודאָווע: י״ח כסלו ה׳תרכ״ב
געשטאָרבן אין מאָנטעווידעאָ: ו׳ טבת ה׳תרצ״ז

געבענער נאָכזינגען די גרויסע יידישע חזנים. דאָך האָט ער אויך פאַרמאָגט אייגנס. ער פלעגט זינגען אייניקע תפילות, צו וועלכע ער האָט געשאַפן זיין אייגענע נגינה דורך וועלכער ס׳פלעגט זיך אַרויסהייבן זיין אייגענע פערזענלעכקייט. און מאָדנע, דווקא אָט די תפילות פלעגן רירן אָממערסטן די מתפללים. דער בעסטער אָפשניט פון יאָר איז ביי אים געווען אלול־צייט, פאַר ימים־נוראים, ווען ער פלעגט נעמען איינקנעלן מיט די משוררים. אַלע יאָר פלעגן זיך בייטן די קינדער, אויסער אברהמל דער יתום וואָס פלעגט זינגען יעדעס יאָר. יוסף איז געווען זייער קאַרג אויף מאַכן אַ קאָמפלימענט און נאָך ווייניקער צו זאָגן יענעם אַ גוט וואָרט. ער פלעגט שטענדיק אויף אַלץ און אַלעמען געפינען חסרונות. פונדעסטוועגן, אַז אַ קינד פלעגט האָבן אַ שיין שטימעלע, און פלעגט שנעל אויפכאַפן דעם ריכטיקן טאָן, פלעגן זיך די אויגן־ווינקלען פון אונטער די פענסנע־גלעזער ברייט צעשמייכלען, און ער פלעגט מיט הנאה אַ זאָג טאָן, ווי צו זיך אַליין: „אָט דאָס נפשל וואַקסט אַ כלי!״... פאַר די מעשטשאַנעס איז יוסף געווען דער אָנגעזעענער ראַטמאַן פון שטאָטראַט און פאַר די זאַבלודאָווער יידן איז יוסף געווען דער גרעסטער חזן וואָס לעבט אויף דער וועלט. ס׳זעט אויס, אַז יוסף האָט עס געוווסט און די נגינה איז געוואָרן ביי אים נאָך מער אָנגעלייגט, אַזוי, אַז ווען מען פלעגט יוספן באַגעגענען, פלעגט ער שטענדיק אונטערברומען אַ ניגונדל. זיכער אַ נייער ניגון פאַר אַ תפילה. אינטערעסאַנט, וואָס קיינעם אין שטעטל האָט נישט אינטערעסירט יוסף יאַבלאָנסקיס פערזענלעכן לעבן און זיינע פריוואַטע געשעפטן, — ער איז געווען פאַרבונדן מיט רוחניות. האָט ווער געטראָפן יוספן האָט ער זיך גלייך פאַרגעשטעלט די ימים־נוראים, פונקט ווי אָט דער פאַרטיקער אָפשניט פון אָנהייב יידישן יאָר וואָלט אויסגעפורעמט יוסף יאַבלאָנסקיס אינדיווידועלע פערזענלעכקייט.

אויף דער זעלבער גאַס, דאָס צווייטע הויז פון יוספס „אָליעניע״, איז געשטאַנען משה־זעליקס שטוב. וויפל וווּנדערלעכע דעריננערונגען קומען אויף ביי אַ זאַבלודאָווער, ווען מיר

דערמאָנען דעם נאָמען: משה־זעליק. ווער איז דאָס געווען אָט די רעספעקטפולע פערזענלעכ
קייט? פאַר אונדז קינדער איז משה־זעליק געווען דער מאָדערנער רבי. פאַר אַלע דערוואַקסענע
איז משה־זעליק פעטלין געווען דער קאַזיאָנער ראַבינער. די עטוואָס טונקעלע ברילן אין די
דינע גאָלדענע רעמלעך אויף די שטרענגע, קלוגע און דורכדרינגלעכע אויגן, דאָס צעשאָטענע
עטוואָס גרוילעך קורץ־געשוירן בערדל, זיין מאַיעסטעטישער האַלטן זיך, האָט אים צוגעגעבן אַ
שטאַרקע ענלעכקייטן צו טשעכאָוון. דאָס אַלץ האָט געשאַפן צו אים גרויס רעספעקט. נאָר מער
ווי אַלע אַנדערע האָבן אים רעספעקטירט זיינע תלמידים. ס'איז געווען אַ רעספעקט, געמישט
מיט אַ שטילער איבערגעגעבענער ליבע, וואָס יעדער שילער האָט עס געפילט באַזונדער ביי זיך.
אין געוויסע מאָמענטן פלעגט פאַר אונדז שילער זיין פערזענלעכקייט אויסוואַקסן צו אַ מיס־
טיש־באַצויבערנדיקער פיגור, ספּעציעל ווען ער פלעגט לערנען תנ"ך. ער האָט געהאַט אַ
ספּעציעלן מעטאָד ווי אַזוי צו לערנען און ווי אַזוי צו אינטערפּרעטירן פאַר די קינדער דעם
תנ"ך. ער פלעגט, לערנענדיק דעם תנ"ך, אים אויסזינגען. ער פלעגט עס אויסזינגען מיט אַ
ספּעציעל משה־זעליקשן ניגון און אויף איין און איינציקן אופן, וואָס מיר דוכט זיך, אַז צו אים
איז קיין גלייכן נישטאָ. און מיט אָט דעם זינגען פלעגט ער אויך אָנשטעקן זיינע תלמידים.
זיין זינגען האָט פאַרמאָגט אַזויפיל זיסקייט, אַזויפיל סענטימענטאַליטעט און אַזויפיל איבער־
צייגונג, אַז ער האָט מיט דעם געצומען די שילער; נאָך היינט לעבן עלטערע זאַבלודאָווער,
וואָס געדענקען נאָך דעם פאַרכישופטן תנ"ך־ניגון פון משה־זעליק פעטלינען.

דווקא היינט, ווען זאַבלודאָווע איז שוין מער נישטאָ; דווקא, ווייל זי איז פאַרשוווּנדן
אויף דעם פיינלעכסטן און אומנאַטירלעכסטן אופן, אַנטפּלעקט זי זיך כסדר אין וויזיאָנערישער
געשטאַלט, ווי אַן איבערגעלאָזטע גוטע מאַמע, וועמענס לעבעדיקע געדעכעניש בלייבט שטענ־
דיק אין זכרון — — — — — — — — — — — — — — — — —



ד״ר אשר בבלי

# זאַבלודאָווע

אַלע יידישע שטעטלעך זענען, אין פלוג, ענלעך געווען איינס צום צווייטן, ווי צוויי טראָפּן וואַסער: עטלעכע קרומע, נישט־ברוקירטע גאַסן, קליינע, איינגעהויקערטע הייזקעס, אַ פּאָר געמויערטע, נגידישע הייזער, אַ גרויסער מאַרק־פּלאַץ, ווו ס׳זענען געשטאַנען דאָס אַלטע „רוטעס״ (ראַטהויז), דער קלויסטער און די נעבעכדיקע, יידישע קלייטלעך־קראָמען.

דער קלויסטער, אָדער קאָשציאָל, האָט געהערשט מיט זיינע קופּאָלן, מיט זיין „זוואָניצע״ (גלאָקן־טורעם) איבערן גאַנצן שטעטל.

אָבער די גרויסע שול, להבדיל, האָט דווקא מיט איר עניוותדיקער אַריסטאָקראַטישקייט, פאַרשפּרייט אַרום זיך קדושה און מער יראת־הכבוד אַפילו ביי די נישט־יידן.

ס׳האָט זיך געפילט, אַז אין קלויסטער קומען, אין די זונטיקס און אין „חאַגעס״, פּויערן־געסט און דאָס „דאַוונען״ זייערס איז עפּעס אַ שטיקל צוגאָב צו זייער מאַרק־טאָג, צו זייער יאַריד־משא־מתן, צו זייערע כוסות און קעלישעקלאך י״ש.

די יידישע שול האָט געלעבט מיט אירע יידן און די יידן האָבן זיך אין דער שול אויס־געלעבט.

וואָס מער וואָכעדיק מ׳האָט די שול געמאַכט, אַלץ מער הייליק איז זי געוואָרן.

און אַז די שול איז נאָך געווען דערצו אַן אַלטע, אַ גאָר אַלטע, איז זי שוין אַרומגעהילט געוואָרן מיט לעגענדעס און איז שוין געוואָרן אַ שם דבר אין דער יידישער וועלט.

יאָ, די שטעטלעך זענען אַלע געווען ענלעך נאָר למראית עין.

אין דער אמתן האָט יעדעס שטעטל געהאַט איר פּרצוף־פּנים, איר כאַראַקטער, איר גע־שיכטע, אירע מנהגים און אירע הנהגות.

דאָס לעבן פון יעדער שטעטל איז געווען, פּונקט ווי דאָס לעבן פון יעדן מענטשן, אַ לעבן פאַר זיך.

דער סוף אָבער פון די יידישע שטעטלעך איז געווען אַן ענלעכער. און דאָך, אויך נישט קיין ענלעכער:

עס זענען געווען שטעטלעך, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אָפּשטאַרבן נאָך פאַרן גרויסן חורבן. יידן האָבן עמיגרירט מעבר לים, מען איז געלאָפן אין די גרעסערע שטעט. שטעטלעך האָבן זיך געעלטערט. איינגעדאַרט געוואָרן, געגוססט...

עס זענען אָבער געווען מיוחסדיקע שטעטלעך. זיי האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן. מען האָט אינדוסטריעס אויפגעשטעלט, שיינע הייזער געבויט, די גאַסן ברוקירט און דער ישוב איז געוואַקסן.

עס זענען געווען שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך די רוצחים קעגנגעשטעלט, וועלכע זענען אין די וועלדער געלאָפן און עס זענען געווען ישובים, וועלכע זענען ווי שטילע טויבן אויפן מזבח פון גערמאַנישן וואָטאַן געבראַכט געוואָרן.

עס זענען געווען שטעטלעך, וועלכע האָבן, אין זכות פון אַ גרויסן רבין אָדער רב, גע־שמט אויף דער וועלט.

די גרויסע שטאָט ביאַליסטאָק האָט זיך אַמאָל געשריבן „ביאַליסטאָק הסמוכה לטיקטין״, ווייל אין טיקטין האָט געלעבט אַ גרויסער רב. אָדער „ביאַליסטאָק הסמוכה זאַבלודאָווע״, ווייל די מתים פון ביאַליסטאָק — פלעגט מען פירן מקבר זיין אין זאַבלודאָווע.

און צווישן די שטעטלעך אַרום ביאַליסטאָק, פאַרנעמט אַ גאָר בכבודיקן אָרט — זאַבלו־דאָווע — מיט איר אַלטער הילצערנער שול.

אַ שול — אַ מעטריקע פון אַן אַלטן יידישן ישוב, — מיט אַ גרויסן געשריבענעם מחזור. די אָפּגעריבענע, פאַרפלעקטע בלעטער פון דעם זעלטענעם מחזור, זענען אָנגעניזשעט אויף אַ קייט. (ווענן אָפּגעבן דעם מחזור אין אַ מוזיי, האָט מען נישט געטאָרט אַפילו ריידן).

אין מיטן שול, אַ פיין־געשניצטער „בעלעמער", אין מזרח — אַ קינסטלעריש־געשניטענער אין האָלץ, ארון קודש, אַ געפלאָכטענע באַלקאָן־קאָנסטרוקציע צווישן „פאָליש" און בית־המדרש. יעדעס ווינקעלע האָט געשעפטשעט דורות־סודות.

שריפות האָבן זאַבלודאָווע אַ פאָר מאָל גלייך געמאַכט מיט דער ערד, אָבער אויף דער אַלטער שול האָט דאָס פייער קיין שליטה נישט געהאַט...

און זאַבלודאָווע איז נישטאָ און די שול איז שוין נישטאָ...

און זאָלן טאָקע די לעבן־געבליבענע שטעלן מאָנאָגראַפיעס־מצבות אויף די קברים פון די טייערע שטעטלעך.

זאָלן די צוקונפטיקע דורות וויסן עפּעס מער פּרטים וועגן די דורות, וועלכע האָבן הונ־דערטער יאָר געבלאָנדזשעט־געוואַנדערט איבער אַלע וועלט־טיילן און אין ערגעץ קיין מנוחה נישט געפונען.

איז דער נאָמען — זאַבלודאָווע — נישט סימבאָליש?

דאָס סלאַווישע „בלודיט", בלאָנדזשען, „זאַבלודיט" — דאָס איז דאָך אונדזער יידישער „בלאָנדזשען"!

וועלן מיר, יידן, אויסנוצן די געלעגנהייט, וועלכע איז אונדז געגעבן געוואָרן, אין זכות פון זאַבלודאָווער — פאַרבלאָנדזשעטע — קדושים. (און אַלע קדושים זענען דאָך פאַרבלאָנ־דזשעטע?...) אפשר וועלן די קדושים וועקן ביי דער שארית־הפליטה דעם ווילן אַ סוף צו מאַכן צום בלאָנדזשען?



איטשעלע

# עפּעס פון זאַבלודאָווער פאָלקלאָר

זאַבלודאָווע, ווי אַלע שטעט און שטעטלעך, האָט פאַרמאָגט אירע ספּעציפישע טיפּן — ייִדן און ייִדענעס. קאָמישע, טיפּיטשנע, וואָס זענען אַליין געווען עקזעמפּליאַרן פון עכטן ייִדישן פאָלקלאָר. מ׳האָט דערציילט וועגן זיי מעשיות און זיי אַליין האָבן געקענט דערציילן אָדער זאָגן און זיך אויסדריקן אויף אַזאַ אופן, וואָס אומשולדיקערהייט און אַליין נישט־ווילנדיק און נישט־וויסנדיק האָבן זיי באַשאַפן עכטן ייִדישן פאָלקלאָר.

זאַבלודאָווע, איז דעריבער זייער רייך געווען מיט אַליין־געשאַפענע פאָלקס־וויצן און פאָלקס־מעשיות, וואָס נישט דאָ, אין יזכור־בוך, איז דאָס פּלאַץ פאַר דעם אויף אַלץ צו פאַר־צייכענען און פאַרייביקן. ס׳וואָלט אָבער געווען אַן עוולה, אַז כאָטש עפּעס פון דאָס וואָס מיר געדענקען זאָלן מיר דאָ נישט איבערדערציילן.

אָט איז אַ מוסטער פון זאַבלודאָווער וויץ און הומאָר:

## זאַבלודאָווער צונעמענישן

געווען אַ ייִד אין זאַבלודאָווע וואָס האָט געהייסן מרדכי־לייב (לעווין) — מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן וויצלער. אַז ס׳פלעגט שטיין אַ רעדל ייִדן און שמועסן און ס׳איז צו־געקומען מרדכי־לייב, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן וויצן, ווי פון אַרבל; און די וויצן האָט ער געשאַפן ספּאָנטאַן, שפּאָגל־נייע, פון נאָדל אַרויס. באַזונדער איז ער געווען אַ „ספּעציאַליסט" אין אויסרעכענען די זאַבלודאָווער צונעמענישן, לויטן א״ב, אָנצאָליקע מאָל און אַלעמאָל אַנדערש.

אָט פּרוּוון מיר פאַרצייכענען אַביסל פון זיי:

א — אָקס, אַטער, אָסמאַן, אָטשקע.

ב — באַראַן, בזשוך, ביטשוטש, באַן, בערישע־לאָפּע, בולבע, ברוקווע, באָק, בעבאַלאַ.

ג — גריל, גוי.

ד — דראַלע, דאַלי־בוג.

וו — ווייסע־קאָפּ, וואַגאָנטשיק.

ה — האָפּטשיק, האַרבול.

ז — זלאָם, זיידעליכע, זינגערל, זאַיעץ, זניידל, זשידיק.

ח — חלה׳לע.

ט — טאָרבע, טרי־ייאיצע, טראָצקי, טראַסק, טשאָרט, טשאַפּליע.

י — יוריע, יאַשטשיק, יורקע.

כ — כענדריק, כלב.

ל — לאַנגער, לאַנגאָצקע, לכבוד־שבת, לאַדיקע, לאַבער, לוכטע, לוקיאַן.

מ — מאַטשע־מאָרדע, מלאך־המות, מילכיקער, משוגענע מאַמע.

נ — נענדזע, נאַפּאָלעאָן, ניניק, נאָז.

ס — סמאָגס, סאַציער.

ע — עלשענער, עקסל.

פּ — פּאַזדער, פּאָפּקע, פּאַפּקע, פּאַכטער, פּאַניטש, פּרענטקע־מאָרודניק, פּרינצל, פּאָניע, פּאַוולער, פּאָזשניע, פּוזשאַק.

פּ — פּיקסל, פאַרפעלע, פּוצקעלע, פלעקל.
צ — צאָציק, צעמאַך.
ק — קאָטענע־יאַיקע, קוקיעליאַלע, קולטע, קייסערל, קייקל, קעטשע, קעקאַטש, קאַקסל, קניאַזש, קאַלב, קאַרטע, קאַוועליע, קירבעס, קרומע־מאָרדע, קוקערייטשיק.
ר — ריבאַלער, רישעכע, רערל.
ש — שמעק־טאַבאַק, שוואַרצער, שטשור, שטשוראַק, שייטשיק, שאַללעף, שמעגדע, שמענדריק, שמעגעגע.
ת — תנא.

זאָל דאָ באַמעקט ווערן,, אַז יעדער צונעמעניש איז פאַרבונדן מיט אַ געשיכטע אָדער פּאַסירונג און האָט אַ געוויסן שורש פאַרוואָס מ׳האָט דעם געגעבענעם יידן „געקרוינט" מיט אַזאַ צונעמעניש, אָבער דאָס וואָלט געפאָדערט אַ ספּעציעלע גרינטלעכע פאָרשונגס־אַרבעט, וואָס סיי צייט און געוויסע קאָמפּליקאַציעס האָבן עס אונדז נישט דערמעגלעכט.

## „פּאָדאַטקעס"*

הערשל דער שניט־קרעמער, ווענענס שניט־קראָם עס געפינט זיך טאַקע ביי אים אין איין פינצטערן צימער, אין אַ פאַרמאַכטן קאַסטן — אַ סגולה צו „פּאָדאַטקעס", איז געקומען אין אַ רעגנדיקן פאַרנאַכט אויף אַ דראָשקע פון ביאַליסטאָק, צוגעבויגן מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם, איינגעוויקלט אין געלע פּאַפּיר, איז ער כמעט צוגעלאָפן צום שטוב, ווייזט־אויס נישט־איבעריק זאַט פון ביאַליסטאָק. אַריינגעקומען אין שטוב, גייט אים זיין ווייב חיה־גאָלדע אַנטקעגן מיט אַ טעלער אין האַנט און עסנדיק, זאָגט זי אים אָן:

— ווייסט, הערשל, מיר האָבן היינט געהאַט ביי אונדז אַ גאַסט...

— ווער? — פרעגט ער נייגעריק, — אפשר אונדזער קוזין פון אַמעריקע איז געקומען?

— ניין, זאָגט זי, האַלטנדיק די אויגן אויפן פּעקל סחורה מיט געלן פּאַפּיר (מער פּאַפּיר, ווי סחורה).

— ווער־זשע דען, זאָג שוין!

— אייל זיך נישט אַזוי, וועסט נאָך צייט האָבן צו וויסן פון גליק...

— זעסט, — ווייזט זי אים אָן מיטן פינגער אויף די פרישע „פּעטשאַטן" פון שאַפע און טיש מיט די שטולן.

— דער „זאַקוצניק" איז דאָ געווען און מאָנט עפּעס 48 זלאָטעס פּאָדאַטקעס, עפּעס אַ פרישער, נאָר אַזאַ המן האָבן איך נאָך ניט געזען; לאָזט דיך קיין וואָרט ניט רעדן. „אָדער שוין געלט" — זאָגט ער — „אָדער איך שרייב אָפּ דאָס מעבל" און גלייך גענומען און אָפּגעשריבן דאָס מעבל און זיי פאַרפּעטשאַטעוועט...

— וואָסערע פּאָדאַטקעס, האָסטו אים כאָטש געפרעגט?

—זאָל איך אַזוי וויסן פון אים, ווו ער וועט אַהינקומען; ער לאָזט זיך דען רעדן? איך זאָג, אַ המן־הרשע און ער פרעגט וואָסערע פּאָדאַטקעס!... — נאַ־דיר אַ פּאַפּיר האָט ער עפּעס איבערגעלאָזט!...

---

* באַמערקונג פון רעדאַקציע: דעם אַרטיקל „פּאָדאַטקעס" וואָס מיר ברענגען דאָ דעם אָריגינאַל, איז אַ קאָפּיע פון כתב־יד, וואָס דער „ייִוואָ" פון ניו־יאָרק האָט אונדז צוגעשיקט פון זיינע אַרכיוון. מיר קענען פעסטשטעלן, אַז דער מחבר פון אַרטיקל איז ש מ ו א ל ל י פ ש י ץ (דער זון פון מיכאל ליפשיץ — פון קוואַסאַרניע) — און דאָס איז זיין אויטענטישע האַנטשריפט. דעם אַרטיקל האָט ער אָנגעשריבן פאַר דער „לעבעדיקער צייטונג", וואָס איז אַלע פרייטיק־צונאַכטס און אַמאָל שבת־צונאַכטס געלייענט געוואָרן אין זאַבלודאָווער „בית־עם ציון" אָדער „מרכז הציוני", ווי מ׳האָט אים גערופן.

די הומאָרעסקע האָט ער אָנגעשריבן אומגעפער אין 1927, אין די צייטן פון די שווערע שטייערן אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג און צוליב פאַרזיכטיקייט, טאָמער וועט עס ווערן אויסגעטייטשט ווי אַ קריטיק קעגן דער פוילישער מלוכה, האָט ער נישט אָנגעגעבן זיין נאָמען.

זי דערלאַנגט אים פון שאַפע אַ לאַנגן ברייטלעכן פּאַפּיר, פון אויבן מיט געדרוקטע שערפע ווערטער: „פּראָטאָקאָל עקזעקוציינע".

ער כאַפּט דאָס כמעט אַרויס פון איר האַנט, איינגראַבנדיק די אויגן מיט גרויס כוונה אין פּאַפּיר, פירט ער מיטן פינגער איבער די, אָנגעשריבענע מיט בלייפעדער, שורות, ביז ער קומט־צו צום רעכטן פונקט פון דער מכה: — „48 זלאָטעס „זאַליעגליע פּאָדאַטקעס" פון 26סטן





אָריגינאַל פון די „פּאָדאַטקעס"

און 27סטן יאָר — אַ פייער זאָל אים אָנצינדן! — מיר דוכט זיך אַז איך האָב אים שוין באַצאָלט און איך האָב אויף דעם קוויטלעך.

— דערלאַנג נאָר, חיה־גאָלדע די שקאַטולקע מיט די צעטלען.

זי דערלאַנגט אים אַ פירקאַנטיק קעסטל פול געפּאַקט מיט אַלערליי פּאַפּירלעך. ער לייגט פּאַנאַנדער אויפן טיש פּעקלעכווייז פון יעדן יאָר באַזונדער (ווייזט אויס, ער האַלט עס אין אָרדענונג), אַ סגולה צום נישט־צאָלן צוויי מאָל, און נעמט לייענען יעדן פּאָדאַטעק הויך אויפן קול, זיין חיה־גאָלדע זאָל הערן און וויסן זיינע למדנות אין פּאָדאַטקעס... ער לייענט אויך די פּאָדאַטקעס פון דער צייט, וואָס ער האָט נאָך „געהאַלטן אַ בילעט":

1) „אָבראָטאָווע"
2) „דאָכאָדאָווע"
3) „מאַיאָנטקאָווע"
4) „ניערוכאָמאָשטשי־פּאַנסטוואָווע"
5) „ניערוכאָמאָשטשי־מיִיסקע"
6) „דראָגאָווע־פּאַנסטוואָווע"
7) „דראָגאָווי־האַנדליאָווי"
8) „לאָקאַלני"
9) „שילדאָווי"

און נאָך, און נאָך...

חיה־גאָלדע שטייט און קוועטשט מיט די פּלייצעס:

— נעמען — פּינצטערע, מ׳דאַרף האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער דאָס צום געדענקען.

— בהמה! — זאָגט ער צו איר, — אַ קאָפּ פון אַ פערד דאַרף מען דערצו, דאָס צו שלעפּן!.. גיב וועטשערע, איך האָב נאָך היינט כמעט נישט געגעסן...

# אַ לשון פון אַ זאַבלודאָווער שענקערקע

אויפן גרויסן מאַרק האָט געהאַלטן אַ שענק שמואל־חיים זאָט, זיין ווייב אַ צעקראָכענע יידענע פלעגט אים העלפן אין דער פּרנסה און ווען שמואל־חיים פלעגן נעמען אָנגיסן פאַר אַ גוי אַ גלעזל בראָנפן, איז כדי דער ערל זאָל ניט פאַרשטיין וואָס זי שמועסט זיך אַדורך מיט איר מאַן (מחמת אַ סך גויים האָבן פאַרשטאַנען יידיש), פלעגט זי רעדן צו איר שמואל־חיימען מיט אַן אויסגעצויגענעם ניגון האַלב־יידיש און האַלב־לשון־קודש:

„שמולע־חיים!.. שמולע־חיים!... גיס־אָן דעם ערל —
חצי־מים, חצי־יין אין אַ קטנעם צינצנתעל"...

און אַזוי־ווי אין שענק האָבן זיי ניט געטאָרט פאַרקויפן קיין שאַרפע משקאות, פלעגט זי בעת־מעשה אַכטונג־געבן דורכן פענצטער צו עס גייט נישט קיין „קנעפּל" און טאָמער האָט זי אַזאַ איינעם דערזען פון ווייטן, פלעגט זי ווידער אויסזינגען צום מאַן, ער זאָל וואָס גיכער דעם ערל אַרויסשיקן דורך דער הינטער־טיר און ס׳פלעגט ביי איר אַרויסקומען אַזוי:

„שמולע־חיים, שמולע־חיים! דער „אַקציזנער" גייט...
לאָז אַרויס פון הינטן!..."

# די „עלעקטריטשעסטוואָ" האָט זיך אויסגעלאָשן...

די עלעקטרישע באַלייכטונג איז אינסטאַלירט געוואָרן אין זאַבלודאָווע, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה (אומגעפער אין 1915/16) און פלעגט אין יענע צייטן נאָר פונקציאָנירן אין די אָוונט־שעהן, פון פאַרנאַכט אָן ביז 12 דעם זייגער האַלבע נאַכט. פאַרן אויסלעשן זיך, אַ פופצן מינוט פריִער, פלעגט דאָס עלעקטרישע ליכט זיך געבן אַ שנעלן פאַרלעש און אַ צינד־אָן צוריק. דאָס איז געווען דער סיגנאַל, דער סימן פון דער עלעקטרישער סטאַנציע, אַז ס׳וועט שוין באַלד ווערן פינצטער. אָט־דעם סיגנאַל, האָט מען גערופן אין זאַבלודאָווע „דער טונק". אָבער ס׳פלעגט אויך גאַנץ אָפט טרעפן אַז פאַרן

„טונק", אומגעריכטערהייט, פלעגט זיך פּלוצים אויסלעשן דאָס עלעקטרישע ליכט און מ'פלעגט בלייבן אַ שטיקל צייט אין דער פינצטער.

דערציילט מען, אַז יודל דעם בירניקס ווייב, וואָס האָט זיך געהאַלטן „מעשה אינטעליגענטקע" און האָט ליב געהאַט צו רעדן „אַריסטאָקראַטיש" און האָט אַריינגעוואָרפן אין איר יידיש אַ סך רוסישע ווערטער, האָט זיך אויף מאָרגן נאָך אַזאַ געשעעניש, באַקלאָגט פאַר אירער אַ שכנה מיט אַזאַ לשון:

„שטעלט זיך פאָר מיין נעכטיקע פּאַלאָזשעניע און מיין יודלס אָבסטאָיאַטעלסטוואָ, אַז די עלעקטריטשעסטוואָ האָט זיך אויסגעלאָשן, די קינדער האָבן געוויינט און מיין ליאָווע, דער פּיסקליאַניקל, האָט זיך באַ..."

## „וועל איך מוזן עסן מיט אַ קאָכלעפל!"...

זיידקע לוכטע — אַ פּעיקער מעבל־סטאָליער, אַ מענטש מיט אַ שאַרפן קאָפּ און אַ גרויסער מאַדים צו אַריינזאָגן און ענטפערן גלייך אויפן אָרט מיט גרויס פּקחות, יעדן איינעם אַפילו דעם רב פון שטעטל, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון עמך.

האָט איינמאָל, בעת דער רב האָט געהאַלטן אַ דרשה אין גרויסן בית־מדרש, און ווילנדיק נישט־ווילנדיק, געמוזט מיט זיין רעדע זיך שטעלן אויפן צד פון די שטאָט־באַלעבאַטים און כלי־קודש, האָט זיידקע לוכטע געמאַכט דעם רב, אין מיטן די רייד, אַ שאַרפן צווישנרוף.

דער רב האָט גלייך רעאַגירט און אויסגערופן:

— רב זיידל, איר האָט אַ גרויס מויל!...

אויף דעם האָט לוכטע, תוך כדי דיבור, אָפּגעענטפערט:

— נו, מילא, רבי — וועל איך מוזן עסן מיט אַ קאָכלעפל!...

## „די כאָלירע זאָל זיי נעמען"...

אין די ביטערע צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, ווען מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען פּשוט געשוואָלענע פון הונגער און זענען געווען פאַרצווייפלט, איז געשטאַנען אויפן קליינעם מאַרק נעבן חיה־זלאַטעס שענק אַ רעדל יידן און זיך געחקירהט און געבראָכן די מוחות, ווי אַזוי כאָטש אַביסל צו לינדערן די נויט, דעם הונגער און פּורעניות פון וואָס עס ליידט די גאַנצע קהילה־קדושה זאַבלודאָווע און בעת־מעשה זאָגט יעדער אייגער אַרויס זיין מיינונג וואָס צו טאָן.

שטייט צווישן זיי אברהמקע דראַלעס, הערט אויס די אַלע עצות, קען זיך נישט איינהאַלטן און גיט אַ זאָג־אַרויס פון גאַנצן האַרצן מיט התלהבות און מיט ברען:

— יידן! מ'דאַרף גיין אויפן בית־עולם צו די ביידלעך פון די צדיקים וואָס ליגן זיך אַזוי רויק אין די קברים און אַריינשרייען אַז — מיר שטאַרבן דאָ פון הונגער! און מ'דאַרף זיי געבן, אַז די כאָלירע זאָל זיי נעמען!...



# אין נאָרד־אַמעריקע

זאַבלודאָווער האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע נאָך אַ סך פריִער פון פאַר 1900. אין יענע צייטן פאַרלאָזן די אַלטע היים (ווער צוליב אַ פריזיוו און ווער צוליב דער שלעכטער עקאָנאָמישער לאַגער, אָדער אַנדערע טעמים) — איז געווען אַ גאַנצע טראַגעדיע; מ׳פלעגט זיך אָפּגעזעגענען מיט עלטערן און מיט פאַמיליע, אַזוי ווי שוין אויף אייביק. מען פלעגט פאַרגיסן הייסע טרערן און אין די הייזער פון וואַנען דער מאַן, זון אָדער טאָכטער פלעגט אָוועקפאָרן, איז געווען „אמתער תשעה־באב"...

די ערשטע זאַבלודאָווער, קומענדיק אין דער גרויסער אַמעריקע, האָבן זיך אין אָנהייב געפילט אין דער פרעמד, נאַטירלעך ווי אַלע עמיגראַנטן, עלנט און פאַרלאָרן און געזוכט זיך צונויפצוקומען און זען אַ היימישן פּנים. אַזוי איז צושטאַנד־געקומען, נאָך אייניקע צוזאַמענקומען פון עטלעכע זאַבלודאָווער, אין אָקטאָבער פון 1900, אַ צונויפטרעף וווּ עס איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק דער „זאַבלודאָווער קראַנקן אונטערשטיצונגס־פאַראיין".

די הויפּט־גרינדער זענען געווען: סאַלאָמאָן (שלמהקע) צעסלער, הערי ברענער, אברהם גרינבערג, מאָריס גרינבערג, מאָריס גאָלדשטיין, דזשייק סאַרנאָף, אויך היימאַן (חיים) צעסלער, בייטן באָריסלאַווסקי און נאָך אייניקע.

ס׳האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ שטאַרקערע עמיגראַציע פון דער אַלטער היים, האָט זיך דער פאַראיין געשטעלט אַלס הויפּט־אויפגאַבע צו העלפן די נאָר־וואָס אָנגעקומענע. ווען אַ זאַבלודאָווער פלעגט קראַנק ווערן, אָדער זיך געפינען אין אַ נויט, פלעגט באַשטימט ווערן אַ מיטגליד פון פאַראיין, אים צו באַזוכן אָדער מבקר־חולה־זיין און מיטברענגען די באַשטימטע שטיצע.

דער פאַראיין האָט דאַן געציילט אַרום 40־50 מיטגלידער. יעדער מיטגליד האָט דאָרט געהייסן: „ברודער". פון די גאָר טיכטיקע מיטגלידער, ביים אָנהייב פון פאַראיין ווערן דערמאָנט: מאָריס גאָלדשטיין און היימאַן צעסלער, וועלכע האָבן פאַרנומען די אַמטן פון פאַרזיצער אין פאַרשיידענע פעריאָדן דזשייק סאַרנאָף — וויצע־פאָרזיצער, סאַלאָמאָן צעסלער — סעקרעטאַר (1901—1905). פון 1905 ביז 1914 איז געווען סעקרעטאַר חיים נאָווידוואָר. פון 1914 ביז 1922 איז געווען סעקרעטאַר אליהו פאָרמאַן. דער ערשטער קאַסיר איז געווען אברהם גרינבערג. איינער פון די איבערגעגעבנסטע מיטגלידער פון פאַראיין איז געווען ברודער שואל גרינבערג, מ׳קען זאָגן אַז ער איז געווען די נשמה פון פאַראיין; זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט לטובת דעם פאַראיין און לטובת די זאַבלודאָווער, סיי פאַר די נאָר־וואָס אָנגעקומענע און סיי פאַר דער אַלטער היים — מיטן גאַנצן לייב און לעבן; ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין פאַראיין אין 1902 און די גאַנצע יאָרן געווען אַן אַקטיווער און טיכטיקער מיטגליד. אין 1925 איז ער פאָרזיצער פון פאַראיין און אין זעלבן יאָר ווערט אונטער דער רעדאַקציע פון באַוווּסטן שרייבער, דעם זאַבלודאָווער לאַנדסמאַן י ע ק ב  ק ר ע פ ל י אַ ק (וועלכער איז אויך מיטגליד פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט), אַרויסגעגעבן דער „זאַבלודאָווער פנקס", מיטן מאָטיוו פון פייערן דעם 25־יעריקן עקזיסטענץ פון פאַראיין. סעקרעטאַר איז דאַן געווען דער ענערגישער און אינטעליגענטער ליפע רובין (וועלכער האָט, אגב, אין יוני 1929 באַזוכט זאַבלודאָווע און זיך פאַראינטערעסירט מיט די דאָרטיקע אינסטיטוציעס).

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַלד ווי דער „זאַבלודאָווער קראַנקן־אונטערשטיצונג פאַראיין" אין ניו־יאָרק האָט נאָר אָנגעהויבן באַקומען די ערשטע ידיעות פון זאַבלודאָווע, — דאָס איז געווען אין 1916 — פירן זיי אַדורך אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט און

פאַרופן פאַרזאַמלונגען פון אַלע לאַנדסלייט וועלכע קומען אונטער מיט הילף און פאַרשיי־דענע געלט־סומעס ווערן איבערגעשיקט פון צייט צו צייט צום ספּעציעל־געגרינדעטן **קאָמיטעט** אין זאַבלודאָווע, בראש מיטן הרב סובאטניק, זצ״ל און דאָס געלט ווערט דאָרט **צעטיילט** צווישן אלמנות, יתומים און נויטבאַדערפטיקע. ביים זאַבלודאָווער פאַראיין אין **ניו־יאָרק**




די גרינדער פון זאַבלודאָווער קראַנקן אונטערשטיצונגס פאַראיין אין ניו־יאַרק, אין 1900.

ווערט אַזוי אַרום געשאַפן אַ פּערמאַנענטער רעליעף־קאָמיטעט פאַר דעם צוועק, וועלכער **גיט** זיך אָפּ צו שאַפן ספּעציעלע פאָנדן צו העלפן די אַלטע היים.

זייער אַן איבערגעגעבענער טוער און פאָרזיצער פון רעליף־קאָמיטעט ביים „**זאַבלודאָ**־ווער ק.־אונטערשטיצונגס פאַראיין" איז דאַן שלום קאַפּלאַן, וועלכער געווינט דעם צוטרוי **פון** די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט צוליב זיין אומדערמידלעכער אַרבעט און איבערגעגעבנקייט **פאַר**

**דער** אַלטער היים. קאַסיר איז דאַן אהרן פיינשטיין, — זייער אַן איבערגעגעבענער און טיכ־טיקער טוער.

עס ווערט אויך געשאַפן אַ פּרויען־קאָמיטעט (ליידיס אָקזילערי) ביים זאַבלודאָווער פאַר־איין אין ניו־יאָרק, וואָס איז טעטיק מיט גרויס דערפאָלג; מאַכט אונטערנעמונגען און שאַפט אַ סך געלט צו העלפן די אַלע אינסטיטוציעס אין זאַבלודאָווע. די פּרעזידענטין איז מרס. פּ. ברענער, וועלכע האָט דאַן באַאיינפלוסט איר אָנקל לייב ברענער, ער זאָל זיך באַשטייערן מיט 5 טויזנט דאָלאַר, צום שאַפן אַן אמבולאַנס אין זאַבלודאָווע און זיין ברודער יצחק ברענער, —


זאַבלודאַווער פּנקס
פינף און צוואַנציג יאהריגען יוביליעאום
זאַבלודאַווער קראַנקען
אונטערשטיצונג פעראיין
ניו־יאָרק
1900—1925
רעדאַקטירט פון יעקב קרעפּלאַק

שער־בלאַט פון זאַבלודאָווער פנקס, אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק, 1925.

צו גרינדן די שולע תלמוד־תורה „בית־יצחק". איבערהויפּט האָט דער פרויען־קאָמיטעט זייער אַ סך געהאָלפן, געזאַמלט געלטער, דורכגעפירט אונטערנעמונגען אאַז"וו און אַזוי אַרום אויפ־געהויבן און געשאַפן אַ וואַרעמע סביבה אַרום דעם זאַבלודאָווער פאַראיין און זיין רעליף־טעטיקייט.

אַ דאַנק די אויסגערעכנטע טוער, אין דער שפּיץ פון יעקב קרעפּלאַק, שלום קאַפּלאַן, אהרן פיינשטיין, ליפּע רובין און די אַנדערע פריער־אויסגערעכנטע, מיט דער הילף פון דעם פרויען־קאָמיטעט, קען מען זאָגן, אַז די יאָרן 1920—1930, זענען געווען די שענסטע און פרוכבאַר־סטע אין דער אַרבעט פון זאַבלודאָווער פאַראיין אין ניו־יאָרק און דורכדעם האָבן זיי זייער אַ סך געהאָלפן אויפלעבן און שטעלן אויף די פיס די אינסטיטוציעס אין זאַבלודאָווע, ווי: די פאָלקס־באַנק, שולע, י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, באָד, גמילות־חסדים, לינת־הצדק אאַז"וו.

אַן אָפּטיילונג פון „זאַבלודאָווער קראַנקן אונטערשטיצונג פאַראיין" האָט אויך עקזיס־טירט אין טשיקאַגאָ. די פאַרוואַלטונג אין יאָר 1925 איז באַשטאַנען פון: חיים פרוזשאַנסקי

(פאַרזיצער), סעם שוואַרץ, אליהו פערלגוט, הערי שעפּסקי, מאָריס פּערלגוט, ירחמיאל פּערל־גוט, אברהם בעקער, מאַקס פּעטלין, בעני פּאַט, סעם בייער, אברהם פּאַט און חנא קאָן.

דער זאַבלודאָווער פאַראיין אין ניו־יאָרק האָט אין יענער צייט געציילט ביי די 150 מיט־גלידער און די אָפּטיילונג אין טשיקאַגאָ — אומגעפער 50. אויך אין אַנדערע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן געפינען זיך זאַבלודאָווער פאַמיליעס. מיר דאַרפן דעריבער רעכענען, אַז אין נאָרד־אַמעריקע געפינען זיך אומגעפער אַ 250—300 זאַבלודאָווער פאַמיליעס.

פונקט ווי די זאַבלודאָווער אין דער אַלטער היים האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן נאָענט מיט די ביאַליסטאָקער, אַזוי האָט אויך דער זאַבלודאָווער פאַראיין אין ניו־יאָרק, זיך געהאַלטן



פאַרוואַלטונג פון זאַבלודאָווער פאַראיין אין טשיקאַגאָ אין 1925.
אין די ערשטע רייע, זיצנדיק (פון רעכטס צו לינקס): אליהו פערעלגוט, סעם שוואַרץ, היימי פּרוזאַנסקי, הערי שעפּסקי, מאָריס פּערעלגוט. צווייטע רייע, שטייענדיק (פון רעכטס צו לינקס): בעני פּאַט, סעם בייער, מאַקס פּעטלין, אברהם פּאַט, חנא קאָהן, ירחמיאל פּערעלגוט, אברהם בעקער.

נאָענט נעבן „ביאַליסטאָקער צענטער" און די זאַבלודאָווער פלעגן דורכפירן זיצונגען און פאַר־זאַמלונגען אין זייער צענטער. ביי איינער אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די זאַבלודאָווער, וועלכע איז פאָרגעקומען אין האָטעל „פּענסילוואַניע", נ. י., אין נאָוועמבער 1928, אונטערן פאָרזיץ פון חשובן שרייבער יעקב קרעפּליאַק און פאָרזיצער פון רעליף־קאָמיטעט, שלום קאַפּ־לאַן, ווו ס'איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ געניוער באַריכט פון זייער טעטיקייט לטובת די זאַבלו־דאָווער אינסטיטוציעס, ווערן אויפגענומען די געסט: דער רעדאַקטאָר פון ביאַליסטאָקער צייַ־טונג „דאָס נייע לעבן", ה' פּסח קאַפּלאַן, וועלכער באַגריסט די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט און איז באַגייסטערט פון די זאַבלודאָווער און זייער הילפס־אַרבעט פאַר דער אַלטער היים. אין זעלבן זין באַגריסט אויך ה' דוד סאָהן — דאַן סעקרעטאַר פון ביאַליסטאָקער צענטער און רעדאַקטאָר פון „ביאַליסטאָקער שטימע" אין ניו־יאָרק.

די אַרבעט פון „זאַבלודאָווער ק. אונטערשטיצונגס־פאַראיין" און רעליף־קאָמיטעט איז אַזוי אָנגעגאַנגען, קען מען זאָגן, מער־ווייניקער אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרם ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ביסלעכווייז איז די טעטיקייט פון גלענצנדן פאַראיין אָפּגעש־וואַכט געוואָרן, ווייל אייניקע אַקטיווע טוער זענען אַוועק אויפן עולם־האמת, אַנדערע האָבן זיך דערווייטערט צוליב פאַרשיידענע סיבות פון דער אַרבעט און קיין נייע כוחות זענען נישט צוגעקומען, ווייל ס'איז קיין אימיגראַציע נישט געווען.

די לעצטע יאָרן, ווי מיר ווייסן, פיגורירן דאָרט אַלס פאָרזיצער: יוסף בערנשטיין און אַלט סעקרעטאַר: ל. סילווער (לייבל זילבער), וועלכע האָבן דורכגעפירט פאַרשיידענע זאַמלונ־גען צווישן די זאַבלודאָווער און אונטערגעקומען מיט הילף די געציילטע לעבנסגעבליבענע זאַבלודאָווער נאָך דער לעצטער קאַטאַסטראָפע. אויך האָבן זיי פאַר די לעבנסגעבליבענע אי־בערגעשיקט שפּייז־פּעקלעך קיין פּוילן און ישראל.

אויף זייערער אַ ווענדונג צו אונדז זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע, גלייך ווי די צווייטע

וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט (ווי מיר ד׳ערציילן וועגן דעם אויף אַ צווייטן פּלאַץ), האָבן מיר זיי צוגעשיקט אַ באַדייטנדיקע סומע טעלעגראַפיש פאַרן זעלבן צוועק.

מיר באַדויערן נאָר, וואָס נאָך אונדזערע פילצאָליקע ווענדונגען צו זיי, איז אונדז נישט געלונגען, זיי זאָלן אַנטייל נעמען אין אָט־דעם יזכור־בוך מיט דעם נייטיקן מאַטעריאַל וועגן די זאַבלודאָווער אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין די לעצטע יאָרן און איבערהויפּט מיטן וויכטיקן מאַטעריאַל און דאָקומענטן וואָס געפינען זיך אין זייער באַזיץ, וואָס די לעבנסגעבליבענע האָבן צו זיי צוגעשיקט וועגן „חורבן זאַבלודאָווע" (זע ווייטער אויסטראַליע).

דאָס אַלץ וואָלט נאָך מער באַרייכערט די דאָזיקע וויכטיקע אויסגאַבע, אין שריפט און בילד, וועגן לעבן פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און געבראַכט מערער דאַטן וועגן שרעקלעכן חורבן פון אונדזער ליבער היים.

מיר באַדויערן פאַר דעם דאָזיקן בלויז, וואָס איז נישט אונדזער שולד און האָבן געמוזט זיך באַנוגענען מיט דער קורצער איבערזיכט.

---

מיר ווילן נאָך צוגעבן, אַז צווישן די גרעסטעוועטע זאַבלודאָווער געפינען זיך אין אַמעריקע: פּיניע כאַראַוווסקי, לייב־הערשס וואַדילעוויטשעס (דעם ראַזירערס) קינדער, נחמיה גלאַטשטיין, רחל פלעבאַן און נאָך אייניקע.

אַ באַזונדערע אָנערקענונג דעם לעבנסגעבליבענעם פּיניע כאַראַוווסקי, פאַר זיין באַלדיקן אָפּרוף און צושיקן דעם וויכטיקן מאַטעריאַל פון זיינע איבערלעבונגען אין חורבן זאַבלודאָווע, וועלכע מיר דרוקן דאָ אין יזכור־בוך.

אויך דער האַרציקער און פילנדער סולקע משה זעליקס פאַר איר מיטאַרבעט און אינטערעס צום פאַראייביקן אונדזער נישט־פאַרגעסענער היימשטאָט זאַבלודאָווע, — אונדזער אָנערקענונג.

# אין ישראל

וועגן ארץ־ישראל האָבן זאַבלודאָווער יידן אַמאָל נאָר געחלומט און אויסגעגאָסן זייער בענקשאַפט, ווי דער שטייגער איז געווען — נאָר אין די תפילות. וועגן פאָרן קיין ארץ־ישראל איז גאָר קיין רייד נישט געווען. ווי פון אומעטום האָבן, אויך פון זאַבלודאָווע, יידן זעלטן געפאָרן און פאַרוואָרפן געוואָרן אין הייליקן לאַנד. אַזוי אַרום ווייסן מיר, אַז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען דאָרט געווען „דער אַלטער שטשוראַק" — פליקער, און דער טיפּיטשנער „יאָסל דער מילכיקער" און אפשר נאָך אייניקע, וועלכע זענען גיך צוריקגעקומען. יידן פלעגן זיי אַרומרינגלען און שלינגען מיט דורשטיקער נייגעריקייט די נייס, וואָס זיי פלעגן דערציילן, אַז זיי אַליין האָבן געזען און געשטאַנען לעבן דער כותל־המערבי...

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער ציוניזם האָט זיך שוין מער פאַרשפּרייט מיט זיין אידעאַל און אויסגעברייטערט זיין טעטיקייט אין אַלע שטעט און שטעטלעך, האָבן יידן און יוגנטלעכע אויך אין זאַבלודאָווע אָנגעהויבן טראַכטן פון פאָרן און זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. די ערשטע פאַמיליע, ווי אונדז שיינט, איז אַוועקגעפאָרן פון זאַבלודאָווע און זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל אומגעפער אין יאָר 1919 אָדער 1920, — דאָס איז געווען אשר ברענער מיט זיין משפחה, וועלכער איז דאָרט פאַרבליבן. עס זענען אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער אַוועקגעפאָרן די יוגנטלעכע קאַפּל לעווין, משהל באַרטנאָווסקי און לייבל ברעסלאַווסקי מיט זיין פאַמיליע און אין אַ קורצער צייט אַרום צוריקגעקערט אַהיים.

נאָכהער איז שוין געגאַנגען אַ ביסל אַ גרעסערע אויסוואַנדערונג און אומגעפער צווישן



בעת אַן אזכרה־אַקט נאָך אונדזערע קדושים ביי די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין ישראל.

די יאָרן 1928 -1939 האָבן מערערע בחורים און מיידלעך, חלוצים מיט סערטיפיקאַטן דורך דער זאַבלודאָווער אָרגאַניזאַציע „החלוץ" עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דער שטראָם, דורך פאַרשיידענע וועגן, געבראַכט די לעבנגעבליבענע זאַבלודאָווער צו די ישראל־ברעגן; די איינגעוואַנדערטע פון די פריער־דיקע יאָרן מיט די לעצטע עולים ציילן אַ הונדערט משפחות. זיי האָבן זיך איינגעלידערט



אַן אזכרה־אַקט נאָך די קדושים ביי די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין תל־אביב (מדינת ישראל).

אין אַלגעמיינעם לעבן, אַרבעטן, שאַפן און גייען מיטן טעמפּאָ און שווונג פון מדינת־ישראל.

אַממערסטן געפינען זיי זיך אין תל־אביב, ירושלים, בת־ים, חיפה, קרית־ביאַליסטאָק און אין די קיבוצים.

אַ סך פון זיי האָבן אַדורכגעמאַכט די לעצטע שוידערלעכע קאַטאַסטראָפע און עס טליעט אין זיין שטאַרק דאָס געפיל פון פריינטשאַפט, חברלעכקייט, נאָך היימישער צוזאַמענגעבונדנ־קייט און בענקעניש נאָך אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרלוירן...

עס איז דעריבער קיין וונדער נישט, וואָס זיי זענען געווען פון די ערשטע וואָס האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן אויפן געדאַנק פון אַרויסגעבן אונדזער יזכור־בוך, — דעם גרויסן מאָ־נומענט נאָך אונדזער פאַרשניטענער קהילה זאַבלודאָווע און אירע קדושים און צוגעשיקט דעם מאַטעריאַל וואָס זיי האָבן נאָר געקענט.

יאָר נאָך יאָר קומען זיי זיך צונויף פון אַלע עקן פון ישראל אין תל־אביב און פירן דורך אין אַ הייליקער געדריקטער שטימונג דעם אזכרה־אַקט: זיי פאַרגיסן אַ הייסע טרער נאָך



בעת אַ כינוס פון זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין תל־אביב (ישראל).

אונדזער ליבער היימשטאָט און זייערע נישט־פאַרגעסענע משפחות, וואָס זענען אַזוי שוידער־לעך, אומשולדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס, ימח שמם וזכרם.

די זאַבלודאָווער אין ישראל שטייען אין קאָנטאַקט מיט די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע. און סיי אין ישראל און סיי אין אַרגענטינע שטרעקן זיך די זאַבלודאָווער אויס אַ ברידערלעכע האַנט. כדאַי דאָ צו דערמאָנען אונדזער איבערגעגעבענעם לאַנדסמאַן און ערן־פּאַרזיצער פון „קאָמיטעט פאַרן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך", ח' א ל י ה ו ג ע ל ע ר ש ט י י ן, וועלכער האָט מיט זיין טרייער פרוי שרה־ביילע (דער רב סובאָטניקס טאָכטער) און פאַמיליע געוווינט אַ סך יאָרן אין טשילע און די לעצטע יאָרן זיך באַזעצט אין תל־אביב; ער איז טעטיק אויף אַלע געביטן און ווו ער קען נאָר עפּעס העלפן איז ער באַלד גרייט און קומט צו־הילף. אויך די זאַבלודאָווער אין ישראל: מיכאל ליפשיץ, אבישי דאַלינסקי, מוליע בערנשטיין און אַנדערע האָבן מיט זייערע מיטאַרבעטן און אינטערעס געזען און מיטגעהאָלפן אַז אָט דער מאָנומענט נאָך אונדזער פאַרשניטענער היים זאָל אַרויסקומען וואָס מער פאַלקאָמער.

דערפאַר זיי אַלע — אַ באַזונדערן יישר־כח!

## זאַבלודאָווער אין ישראל, מיט זייערע משפחות

### (די מערהייט פון זיי — געראַטעוועטע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה)

*יואל כהן; שלום כהן; חיים מילער; *יצחק לין; צביה רובינס; ראובן בינדער; שמעון רובינס; יוסף זאַבלודאָווסקי (טאָנעס אַ זון); יעקב ראַגאָווסקי; משה זאַלצמאַן; צפורה עפּ־שטיין (חיים אריהס ראַגאָוויצעס אַ טאָכטער); לאה כהן (חיים אריה ראַגאָוויצעס אַ טאָכטער); משה כידערסקי; פנינה גאָלדצווייג (פעשקע לעווין); שמעון לעווין; *ד"ר אברהם מירסקי; אליהו צעשלער; יצחק מאַלעץ; ליפשע גאָלדבערג (אברהמל וויזניקס אַ טאָכטער); ישראל מאַ־לעץ; מרדכי שוואַרץ; אַבישי דאָלינסקי; מיכאל ליפשיץ; לאה יפו, רחל און צילע (אליהו האַלפּערנס טעכטער); משה אַבראַמיצקי; מרים גלאַס יעקב רודיס טאָכטער; רחל לאַנגאַנסקי; חנה טאָפּעראָוויץ; מיניע געלערשטיין; באַשע געלערשטיין; עקיבא געלערשטיין; מוליע בערנ־שטיין; אברהם באַכראַך (יאָסל באַכראַכס אַ זון); רייזל באַכראַך (נחום וואַגמאַנס אַ טאָכטער); אָסמאַן גוטע (נח פעדערס אַ טאָכטער); שמואל כאַראָווסקי (ישראל משה כאַראָווסקיס אַן אייניקל, גדליהס אַ זון); משה שלאַפּאַק; רפאלי (רפאל ליפשיצס פון ביאַליסטאָק אַ זון); חנה וואַכט (שעפּס); רבקה לעוויטאַן (לייבציק דעם ראַזירערס ע"ה פרוי); אליהו בלאָך; יצחק קאַפּלינסקי; זלמן ביאַלאָסטאָצקי (אברהמל ביאַלאָסטאָצקיס אַ זון); מרדכי באַכראַך (ידידיהס דעם שוחטס אַ זון); חיים ראָזנבערג (יוסקע ראָזענבערגס אַ זון); יעקב גלאַדשטיין (געקומען פון קאַנאַדע, משה זושעס אַ זון); מענדל פּיטקאָווסקי (אין אַ קיבוץ).

# אין אויסטראַליע

אין מעלבורן — אויסטראַליע — געפינען זיך געציילטע זאַבלודאָווער פאַמיליעס — אַלע געראַטעוועטע נאָכן לעצטן חורבן — צווישן זיי: אפרים רובינס (געראַטעוועטער פון די קאַלך־אויוונס) און די געראַטעוועטע — צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד: משהל וואַגמאַן מיט זיין פרוי, טייבל (ביאַליסטאָצקי) אויך ראָזע ביאַליסטאָצקי און נאָך אייניקע.

די עטלעכע פאַמיליעס האָבן זיך איינגעגלידערט אין נייעם לאַנד און געזען אויפבויען צוריק זייער צעבראָכן לעבן.

אפרים רובינס, גלייך נאָך דער קאַטאַסטראָפע, איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך די גע־ציילטע זאַבלודאָווער לעבנגעבליבענע, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין ביאַליסטאָק, אַלס זייער פאָרזיצער און אַדורכגעפירט די הילפס־צוטיילונג, וועלכע איז דאַן צוגעשיקט געוואָרן פון אַמעריקע און אַרגענטינע.

ח' אפרים האָט גענומען אויף זיך דאַן די הייליקע מיסיע, מיטן צוועק צו פאַראייביקן עס נאָכהער אין אַ יזכור־בוך, פאַרצייכענען דאַטן און פאַקטן, פון זאַבלודאָווער אומקום, שטוב נאָך שטוב, נעמען נאָך נעמען, פאַמיליעס נאָך פאַמיליעס, און האָט עס אַלץ איבערגעשיקט קיין נאָרד־אַמעריקע, צו די פאָרשטייערס פון דאָרטיקן זאַבלודאָווער פאַראיין. קיין קאָפּיע איז ביי אים פון דאָס אַלץ נישט געבליבן און ליידער האָבן מיר דעם הייליקן און ווערטפולן מאַ־טעריאַל נישט געקענט אויסנוצן, צוליב דער קאַלטער באַציִונג פון די פאָרשטייערס פון די זאַבלודאָווער אין נאָרד־אַמעריקע, וועלכע האָבן עס אונדז נישט צוגעשיקט.

אָבער ס'מוז דאָ אויסגעדריקט ווערן אַ באַזונדער יישר־כוח פאַר די זאַבלודאָווער אין

---

* ביים שליסן דאָס יזכור־בוך האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז די אָנגעצייכנטע מיטן שטערנדל זענען שוין אויף עולם־האמת. שלום לעפרם!

אויסטראַליע און ספּעציעל דעם ח׳ א. רובינס, פאַר זיין וואַרעמען אָפּרופן זיך צום אַרויסגעבן דעם דאָזיקן פּנקס, זיך באַמיענדיק פונדאַסניי צו פאַרצייכענען, כאָטש אין אַ קירצערער פאָרם, וועגן אומקום פון זאַבלודאָווע, וועמענס אַרטיקל מיר ברענגען דאָ אין אַ באַזונדער פּלאַץ.

# אין טשילע

אין טשילע געפינען זיך אומגעפער אַ 15 זאַבלודאָווער משפחות; די מערהייט פון זיי וווינען אין דער הויפּטשטאָט סאַנטיאַגאָ און באַשעפטיקן זיך מיט קאָמערץ. מען קען זיי דאָרט פאַר ביאַליסטאָקער. כמעט אַלע פאַמיליעס האָבן איינגעוואַנדערט אין די יאָרן 30—1928, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַ פּאָר פאַמיליעס זענען אויך צוגעקומען נאָך דער לעצטער וועלט־קאַטאַסטראָפע, געראַטעוועטע פון רוסלאַנד. צווישן זיי: הערצקע רובינסעס טאָכטער — אסתר רובינס — עפּשטיין מיט אַ טאָכטער און פּערל ביאַליסטאָצקי מיט אירע קינדער.



מאָטיע שעפּס, וויכטיקער יוגנטלעכער זאַבלודאָווער קולטור־טוער. געשטאָרבן אין בליענדיקן עלטער פון 26 יאָר אין סאַנטיאַגאָ (טשילע).



ירוחם ראַפּאַלאָווסקי

אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ האָט פאַרנומען דאָרט דער זאַבלודאָווער תושב ירוחם ראַפּאַלאָווסקי ע״ה, וועלכער איז אַ סך יאָרן געווען דער פאָרזיצער פון יידיש־פּויליש פאַרבאַנד אין טשילע. ער איז געווען געשעצט אין אַלע קרייזן פון טשילענער יידישן ישוב. אַ קורצע צייט פאַר זיין פּלוצימדיקן טויט, דעם 4טן אַפּריל 1953, האָט ער נאָך באַוויזן מיט זיין פרוי סאָניע (שיינע שעפּס) צו באַזוכן בוענאָס־איירעס, ווו זיי זענען דעם 23סטן אָקטאָבער אויפגענומען געוואָרן פון די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט, דורכן „זאַבלודאָווער קאָמיטעט פאַר אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך״.

מיט זיין טויט האָט דער טשילענער יידישער ישוב פאַרלאָרן אַ וויכטיקן קולטור־טוער און די זאַבלודאָווער — אַ טרייען חבר, לאַנדסמאַן און אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע פּערזענ־לעכקייט.

אין די „גרינע״ יאָרן, דאָס הייסט באַלד ווען די ערשטע זאַבלודאָווער האָבן איינגעוואַנ־דערט קיין טשילע (אומגעפער אין 29—1928) איז דאָרט פּלוצים קראַנק געוואָרן און גע־



אַ קבלת פנים פאַר ירוחם און שיינע ראַפּאַלאָווסקי (פון טשילע), ביי די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין בוענאָס איירעס.

שטאַרבן (פון אַ טיפוס) דער זאַבלודאָווער יוגנטלעכער און טיכטיקער קולטור־טוער — מאָטיע שעפּס (אַ שוואָגער פון ירוחם ראַפּאַלאָווסקי), וועלכער האָט נאָך אין דער אַלטער היים מיט־געאַרבעט אין דער היימישער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק, דראַמקרייז, „השומר הצעיר" און אַנד' אינסטיטוציעס.

זאָל דאָ טאַקע פאַראייביקט ווערן דער אָנדענק פון דעם וויכטיקן יוגנטלעכן חבר, וועל־כער האָט מיטגעהאָלפן פאַרן פּראָגרעס פון זאַבלודאָווע — אונדזער קולטור־שטאָט.

אומגעפער אַריבער 20 יאָר האָט געוווינט מיט זיין פאַמיליע אין סאַנטיאַגאָ, אונדזער חשובער לאַנדסמאַן ה' אליהו געלערשטיין מיט זיין פרוי ח' פּרוי שרה־ביילע (דעם זאַבלו־דאָווער רבס, ר' עקיבא סובאטניקס טאָכטער) מיט זייערע קינדער. איינע פון די אָנגעזעענסטע משפחות פון דאָרטיקן יידישן ישוב.

אין יאָר 1947 איז זיין טאָכטער, מיניע געלערשטיין, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעלעגאַ־טין פון טשילענער יידישן ישוב צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל.

ה' אליהו געלערשטיין, אַן איבערגעגעבענער, האַרציקער מענטש און כלל־טוער, איז גע־ווען זייער געשעצט און באַליבט אין טשילע, און מיט זיין באַזעצן זיך מיט זיין משפחה דע־פיניטיוו אין די לעצטע יאָרן אין מדינת־ישראל, האָט דער טשילענער יידישער ישוב פאַר־לאָרן אַ וויכטיקן כח.

ה' אליהו געלערשטיין האָט אַ סך מאָל באַזוכט בוענאָס־איירעס און די ערשטע זאַך — שטענדיק געקומען אין קאָנטאַקט מיט זיינע זאַבלודאָווער לאַנדסלייט, ביי וועלכע ער איז זייער באַליבט פאַר זיין איבערגעגעבנקייט און האַרציקייט און שטענדיק געשאַפן דעם בונד צווישן די צעשפּרייטע זאַבלודאָווער אין דער גאָרער וועלט.

# אין אורוגוואַי

די זאַבלודאָווער אין אורוגוואַי — אַלע אין דער הויפּטשטאָט מאָנטעווידעאָ — ציילן נאָר אַ 10 משפחות, אַלע איינגעוואַנדערטע כמעט אין דער זעלבער צייט ווי די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע — אין די יאָרן 1927—1930. אייניקע פאַרנעמען זיך מיט מסחר און אַנדערע מיט זייערע פאַכן.

צווישן די איינגעוואַנדערטע האָט זיך אויך געפונען דער חשוב ר׳ יוסף יאַבלאָנסקי, וועלכער האָט מיט זיין זון אייזיק און פאַמיליע פאַרלאָזן זאַבלודאָווע. אויך דאָ אין מאָנטעווידעאָ, פּונקט ווי אין דער אַלטער היים, איז דער אָנגעזעענער זאַבלודאָווער באַלעבאָס, בעל־תפילה און ראַטמאַן יוסף יאַבלאָנסקי, באַלד באַליבט געוואָרן ביי די מאָנטעווידעער רעליגיעזע יידן און אַלע וואָס האָבן אים געקענט. ער פלעגט לערנען אַ שיעור פאַר די יידן פון זיין שול. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער געשטאָרבן און אויף זיין קבר אויפן בית־עולם אין מאָנטעווידעאָ ברענט שטענדיק אַ נר־תמיד. די פרומע יידן, מענער און פרויען באַזוכן זיין קבר, ווייל זיי האַלטן אַז דאָ ליגט אַ צדיק. אויך זיין זון אייזיק יאַבלאָנסקי איז שוין אַ



אייזיק יאַבלאָנסקי (לינקס) ביים קבר פון זיין פאָטער ר׳ יוסף יאַבלאָנסקי ז״ל, מאָנטעווידעאָ.
רעכטס: ביי דער מצבה דאָס אייניקל פון יוסף יאַבלאָנסקי ז״ל, ישי דרייזיק, פון פּאָרטאָ־אַלעגרע, בראַזיל.

שוכן־עפר. און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אַז ווען ס׳איז אין 1951 אויפגעקומען די אידעע פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך נאָך אונדזער היימשטאָט, איז ער געווען פון די ערשטע וועלכער האָט זיך באַלד געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אונדזער קאָמיטעט און צוגעשיקט די ערשטע פּאָטאָס פאַרן יזכור־בוך.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער באַוווסטזיניקער, דינאַמישער זאַבלודאָווער יוגנטלער פּתחיה אינטראַליגאַטאָר, וועלכער האָט ליידער אַ קורצע צייט נאָך זיין איינוואַנדערונג קיין אורוגוויי — געשטאָרבן אין מאָנטעווידעאָ.

ערע זייער אָנדענק!

צוליב דער נאָענטקייט פון בוענאָס־איירעס מיט מאָנטעווידעאָ זענען די זאַבלודאָווער פון אַרגענטינע אויפגעלעבט מיט די זאַבלודאָווער משפחות פון אורוגוויי און ביי פאַרשידענע אַקציעס פון די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע, קומען די אורוגווייער אַנטקעגן. אויך איצט, מיטן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך, האָבן אַלע אָן אויסנאַם אויפגענומען אונדזערע חברים, וועלכע האָבן זיי באַזוכט, בסבר פנים יפות.

זאָלן דאָ באַזונדער דערמאָנט ווערן די איבערגעגעבענע — אונדזער האַרציקער חבר יעקב העפנער מיט זיין שוועסטער פּאָלי (פּעשקע מינץ). דער חבר יעקב העפנער מיט דער גאַנצער האַרציקייט, היימישקייט און חברישקייט טוט און העלפט־מיט, אַז יעדע שליחות זאָל געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג.

# אין מעקסיקע

פון די ווייניקע ידיעות, וואָס מיר האָבן וועגן די זאַבלודאָווער אין מעקסיקע, קענען מיר בלויז פאַרצייכענען דעם פאַקט אַז אויך אין דאָרטיקן לאַנד געפינען זיך שטאַרק פאַרצווייגטע זאַבלודאָווער משפחות. איינע פון זיי די משפחה בינדער (יאַשטשיקס): מאָטיע בינדער מיט זיינע פינף פאַרהייראַטע טעכטער און קינדער, וועלכע איז דאָרט באַקאַנט און אָנגענומען אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעך־רעליגיעזער טעטיקייט. ס'איז זיכער אויפן פלאַץ, דאָ אויך צו דערמאָנען די זאַבלודאָווער אָפּשטאַמיקע אין מעקסיקע, די חשובע און אָנגעזעענע משפחות — זאַבלודאָווסקי; צווישן וועלכע עס ציילן זיך: דוד זאַבלודאָווסקי — יידישער שרייבער און מיטאַרבעטער פון מעקסיקאַנער „וועג", ניו־יאָרקער „ביאַליסטאָקער שטימע" און אַנדערע אויסגאַבן; זיין זון יעקב (כאַקאָבאָ) זאַבלודאָווסקי איז אַן אָנגעזעענער יונגער יידיש־מעקסיקאַנער זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „נאָוועדאַדעס" — אויספירנדיק פיל מאָל אָפּיציעלע רעגירונגס־שליחותן אין אויסלאַנד ווי אין אינלאַנד. אויך זיין ברודער אברהם, — אַ באַרימטער אַרכיטעקט אין מעקסיקע און אויסער אירע גרעניצן; זיין יינגערער ברודער ד"ר שמואל זאַבלודאָווסקי, איז סעקרעטאַר פון „ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין", קולטור־טוער און מיטאַרבעטער פון פאַרשיידענע אויסגאַבן אין מעקסיקע, און זיין פרוי וועליע — אַן אָנגעזעענע באַליבטע פעדאַגאָגין און דירעקטאָרין פון דער פרעבליסטן־אָפּטיילונג ביי דער „י. ל. פרץ שול", אונטער דער דירעקציע פון באַוווּסטן פעדאַגאָג און שרייבער א. גאָלאָמב.

אַלע אויבנדערמאָנטע לאַנדסלייט זענען אַקטיווע עלעמענטן אויפן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן געביט און פון די פיאָנערן פון דעם דאָרטיקן קערנדיקן יידישן ישוב.

# אין קובאַ

אין האַוואַנאַ — הויפּטשטאָט פון קובאַ - געפינען זיך אייניקע זאַבלודאָווער משפחות פון יאָר 1924 אָן, בעסער געזאָגט, ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע עמיגראַציע פון אונדזערע געגנטן קיין לאַטיין־אַמעריקע. אייניקע פאַמיליעס זענען צוריקגעפאָרן און ס'זענען פאַרבליבן דאָרט, בלויז עטלעכע, ווי: זלאַטע זאַלצמאַן־שולמאַן, ראובן און זלמן כאַראַווסקי מיט



אין האַוואַנאַ — יוסף רעזניק מיט זלאַטע זאַלצמאַן (שולמאַן) לינקס. אינמיטן — סולקע פעטלין (בעת איר באַזוך אין קובאַ).

זייערע פאַמיליעס און נאָך אייניקע וועלכע נעמען דאָרט אַן אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפט־לעכן לעבן.

אין יאָר 1926 האָט איינגעוואַנדערט קיין קובאַ אונדזער בן־עיר, יוסף רעזניק, וועלכער האָט זיך געציילט צווישן די ערשטע אַקטיווע אָנטיילנעמער אויפן געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן געביט און אַנטוויקלונג פון דאָרטיקן יידישן ישוב. איז געוואָרן איינער פון די רעדאַקטאָרן פון



אין האַוואַנאַ — קובאַ

דער פערטער שטייענדיק: יוסף רעזניק — סעקרעטאַר פון לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין פון ביאַליסטאָק און אומגעגנט. די פערטע, זיצנדיק: זלאַטע זאַלצמאַן (שולמאַן) — פאַרוואַלטונגס־מיטגלידערין. אויפן וואַנט די בילדער פון אומגעקומענע יידישע פירער פון פוילן און דער מאַנומענט פון די קדושים אויפן בית־עולם פון האַוואַנאַ.

דער צייטונג „קובאַנער יידיש־וואָרט", וועלכע איז דערשינען 3 מאָל אַ וואָך, איינמאָליקע אויסגאַבע „יונגע שפּראָצונגען" און אַנדערע. געווען אויך דירעקטאָר און לערער פון דער דאָרטיקער „שלום עליכם־שול", פאָרזיצער פון דער „קולטור־געזעלשאַפט" און סעקרעטאַר פון „יונג־קובאַ" (ליטעראַטן־פאַראיין).

נאָכן פאַרלאָזן קובאַ אין יאָר 1948 האָט ער זיך באַזעצט ביי אונדז אין אַרגענטינע (זיך צונויפגעקומען מיט זיינע צוויי ברידער: זלמן און אברהם). דאָ זעצט ער ווייטער פאָר זיין קולטורעלע און דערציִערישע טעטיקייט ביי אונדז אין לאַנד.

# אין אַרגענטינע

זאַבלודאָווער האָבן שוין איינגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע צוזאַמען מיט די ערשטע עמי־גראַנטן פון דער ייק"אַ. אַזוי האָבן זיך געפונען צווישן די ערשטע יידישע קולטור־טוער, הרב ר א ו ב ן ה כ ה ן ס י נ י מיט זיין משפחה. דאָס איז דער פאָטער פון מיכל הכהן סיני, וועלכער איז אין זאַבלודאָווע אַ סך יאָרן געווען דער הויז־לערער ביי העשל העפנער, וועמענס תלמיד עס איז געווען וואָלף העפנער (העשל העפנערס זון) — דער שפּעטערדיקער גרינדער פון זאַבלודאָווער „לינת הצדק" און נאַכהער אויך איינער פון די אָנגעזעענסטע עסקנים פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק.

מיכל הכהן סיני — דער שפּעטערדיקער וועטעראַן פון די יידישע שרייבער אין אַרגענ־טינע, האָט זיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט אין זאַבלודאָווע (אויף אַ צווייטן פּלאַץ ברענגען מיר זיינע אַן אַרבעט) און אין אַרגענטינע איז ער געווען דער פּאַקטישער אַרויסגעבער פון דער ערשטער יידישער צייטונג „ד ע ר   װ י ד ע ר ק ו ל" — אַ געכתיבהטע, וועלכע איז דערשינען אין יאָר 1898.

צווישן יענע עמיגראַנטן האָט זיך אויך געפונען אַ זאַבלודאָווער פאַמיליע בעקער פון די זלאָמעס, וואָס זייערע משפחות געפינען זיך נאָך היינט אין די קאָלאָניעס פון ענטרע־ריאָס. פון יענער עמיגראַציע האָט זיך אויך געפונען חיים־פּייוולס פון קוואָסאַרניע אַ ברודער, אַן אַנ־געזעענער רעליגיעזער ייד — שוין אויפן עולם־האמת, וועלכער האָט געלאָזן משפּחה אין גערלי, ביי בוענאָס־איירעס, און נאָך אייניקע משפחות.

נאָך יענע יאָרן אָן איז פּאַקטיש קיין עמיגראַציע פון זאַבלודאָווע קיין אַרגענטינע נישט געווען, מען איז געפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע. אַ גרעסערע עמיגראַציע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און דאָס ערשט אין 1927.

די ערשטע צוויי, וועלכע זענען אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע זענען געווען: בנימין צוריק און אַבע קאַלמאָוויטש. דאַן איז געקומען קיין ב. איירעס יצחק צעסלער, נאָך אים חיים יאַכנוק,



די ערשטע פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פון די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין בוענאָס־איירעס.
זיצנדיק, פון לינקס: יצחק צעסלער (פאָרזיצער), בנימין צוריק (וויצע), פסח פליקער (סעקרעטאַר).
שטייענדיק, פון לינקס: חיים יאַכנוק (קאַסיר), מוליע ראַבינאָוויטש, חיים פורמאַן און אבא קאַלמאָוויטש.

מוליע ראַבינאָוויטש, פסח פליקער און חיים פורמאַן. די ערשטע זיבן זאַבלודאָווער, זייענדיק „סאָלטעראָס", האָבן פאַקטיש אין דער ערשטער פּסח־נאַכט (1928) ווען זיי זענען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען אין אַ קליין צימערל פון חיים יאַכנוק און פסח פליקער, אויף קאַנגאַזשאָ אין די 3600, בענקענדיק נאָך זייערע פאַמיליעס, נאָך דער אַלטער היים, ביי אַן אַזוי־גערופע־נעם „סדר" פון אַ פלעשל וויין מיט צובייסן, געשלאָסן אַ מין קעגנזייטיקן „הילפס־פאַראיין", מיטן צוועק צו געבן ווי ווייט מעגלעך אָנווייזונגען און הילף לויט זייערע מעגלעכקייטן. די עמיגראַנטן פון זאַבלודאָווע, וואָס האָבן אָנגעהויבן קומען אין לאַנד. די צייט אין יענע יאָרן און אין פּוילן בכלל איז געווען עקאָנאָמיש זייער אַ שלעכטע און די יוגנט האָט געזוכט נייע לענדער וווהין צו עמיגרירן.

די אויבנדערמאָנטע 7 זאַבלודאָווער, אַלע אַרבעטער מיט קליינע פאַרדינסטן, האָבן באַ־שלאָסן צו צאָלן איין פּעזע אַ חודש. די ערשטע פעזעדיקע, אָט די 7 פעזעס וועלכע האָט אומ־געפער דאַן באַטראָפן 5 נאָרד־אַמעריקאַנער דאָלאַר, האָבן זיי גלייך אַוועקגעשיקט אין זאַבלו־דאָווער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק.

פאָרזיצער איז דאַן געווען **יצחק צעסלער**, סעקרעטאַר — **פסח פליקער** און קאַסיר **חיים יאַכנוק**. אויך זענען געגעבן געוואָרן קליינע הלוואות צו די נייע אָנגעקומענע זאַבלודאָווער. ביסלעכווייז האָט זיך די זאַבלודאָווער משפחה אין אַרגענטינער פאַרגרעסערט און צום יאָר האָבן זיי געציילט אומגעפער אַ 30 פערזאָן.

דער ערשטער אַניווערסאַר איז געפייערט געוואָרן ביי בנימין צוריק אין הויז (וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט אַראָפּגעבראַכט זיין משפחה). עס זענען זיך דאַן צונויפגעקומען אַלע זאַבלודאָווער.

אַ דערדריקנדיקן איינדרוק האָט געמאַכט אויף אַלע זאַבלודאָווער דער פּריצייטיקער טויט פון יונגטלעכן נאַר־וואָס אָנגעקומענעם אהרן (אַרטשיק) אינטראַליגאַטער ע״ה, וועלכן אַלע זאַבלודאָווער — אַליין, נאָך אַלע „גרינע״ — האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו, אויפן בית־עולם אין ליניערס, דעם 15טן יאַנואַר 1929.



די זאַבלודאָווער אין יאָר 1928 אין בוענאָס־איירעס, פייערנדיק דעם 1טן אַניווערסאַר פון זייער לאַנדסמאַנשאַפט.

ערשטע שורה, שטייענדיק פון רעכטס: פסח פענער, פייגל פורמאַן, חיים פורמאַן, בערל פורמאַן, אפרים גניעטשוצקי, פייוול קאַלמאַנוויטש, לייבל ברעסלאַווסקי און משה בייגעל.

צווייטע שורה, פון רעכטס: צביה און בנימין (ניאָמע) צוריק מיט זייערע 3 קינדער, חיים יאַכנוק, יצחק צעסלער, משה זאַלצמאַן, אברהם ראַפּע, חנא ראַפּע און בערל (קאַוועליע).

אונטערשטע שורה, פון רעכטס: ברוך גאָלדבערג, אברהם (זיידקע) קאַשטאַן, אבא קאַלמאַנוויטש און נחום שעפּס.

פון זאַבלודאָווע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ווענדונגען נאָך הילף און ביי אַ סך געלעגנ־הייטן, האָבן די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע זיי אנטקעגנגעקומען.

צו אַן אַניווערסאַר־פייערונג פון „לינת הצדק״ אין זאַבלודאָווע האָבן זיי צוגעשיקט אַ גרעסערע סומע. — זיי האָבן אויך געהאָלפן די דאָרטיקע שולע און אַדורכגעפירט זאַמלונגען צו העלפן פּאָליטישע אַרעסטירטע, וועלכע זענען דאַן געווען קרבנות פון דער פּוילישער רעאַקציע.

ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און אַלע פאַרבינדונגען מיט דער אַלטער

היים זענען איבערגעריסן געוואָרן און ווי ס'איז געשען מיט אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, איז אויך ביי די זאַבלודאָווער יעדע אַרבעט אָפּגעשטעלט געוואָרן, ווייל קיין שום קאָנטאַקט מיט זאַבלודאָווע איז נישט געווען.

גלייך נאָך דער שוידערלעכער קאַטאַסטראָפע, ווען ס'איז נאָר דערגאַנגען צו די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע די ערשטע ידיעות פון די געציילטע לעבנסגעבליבענע, האָבן זיי געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט און די ערשטע 400 דאָלאַר זענען איבערגעשיקט געוואָרן קיין נאָרד־אַמעריקע צו לייבל זילבער און יוסף בערנשטיין — זיי זאָלן דאָס איבערשיקן צו די זאַבלודאָווער לעבנסגעבליבענע, דורך דער פּאַרטיזאַנקע חיהלע גראָסמאַן, וועלכע איז דאַן געווען



אויפן בית־עולם אין ליניערס (בוענאָס־איירעס) מיט אַרטשיקס (אהרן אינטראליגאטאָרס) ארון צום קבר (15.1.1929)

ספּעציעל אין אַ שליחות אין ניו־יאָרק. מיר האָבן דאַן דערהאַלטן ידיעות פון אפרים רובינס און דיאַדיע זאַבלודאָווסקי, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין ביאַליסטאָק מיט נאָך געציילטע געראַטעוועטע זאַבלודאָווער, וויפל יעדן איינעם איז פאַרטיילט געוואָרן. אויך זענען איבערגעשיקט געוואָרן שפּייז־פּעקלעך, סיי אין אייראָפּע און סיי אין ישראל פאַר די זאַבלודאָווער לעבנסגעבליבענע.

אייניקע לעבנסגעבליבענע ווי דיאַדיע זאַבלודאָווסקי, נחמה (כאַמע) יאַכניוק, און חיים בעזרוק, געלינגט עס לסוף אַריינצוקומען צו אונדז קיין אַרגענטינע. אויף אַ ספּעציעלן צוזאַמענקום פון אַלע זאַבלודאָווער, אין לאָקאַל פון ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד. דערציילן די לעבנסגעבליבענע פון זייערע איבערלעבונגען און ווי אַזוי זיי האָבן געטראָפן די חרובע זאַבלודאָווע.

אויפן פאָרשלאַג פון יצחק צעסלער, וועלכע מאַכט אַ רוף אין דער היגער פּרעסע צו די לאַנדסלייט וועגן דער נויטיקייט אַרויסצוגעבן אַ פּנקס און צו פאַראייביקן אין אַ יזכור־בוך אונדזער פאַרשניטענע היים, ווערט — נאָך אַ צוזאַמענרייד און איינפאַרשטענדעניש מיט שמואל צעסלער, די ברידער רעזניק, חיים יאַכניוק און נאָך אייניקע זאַבלודאָווער — פאַררופן אויף שבת, דעם 1טן סעפּטעמבער 1951 די ערשטע זיצונג וועגן דעם ענין, אין לאָקאַל פון ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד, אויף וואַלענטין גאָמעז 3243, אין בוענאָס איירעס. אין דער פאַרזאַמלונג באַטייליקן זיך: יוסף רעזניק, יצחק צעסלער, דוד זאַבלודאָווסקי, זלמן רעזניק, חיים יאַכניוק, אברהם רעזניק, אברהם ראָפּע, שעפּסל ברעסלאַווסקי און שמואל שערמאַן. אין זיין וואָרט ווייזט אָן יצחק צעסלער וואָס די דאָזיקע פאָלט גראָד אויס ווען די נאַצישע בעסטיע האָט אויסגעוויקלט אויף דער וועלט די צווייטע וועלט־שריפה און עס איז געקומען צום גרויסן פאָלקס־אומגליק, וואָס צווישן די 6 מיליאָן קדושים ציילן אויך אונדזערע ליבסטע און טייערסטע משפחות און חרובע זאַבלודאָווע און עס איז מער ווי סימבאָליש, וואָס פון




די אַרגענטינער קאָמיטעט־מיטגלידער פון זאַבלודאָווער יזכור־בוך, צוזאַמען מיטן ערן־פּאַרזיצער אליה געלערשטיין (תל־אביב).

הײנטיקן צוזאַמענקום וועט אַרויסקומען און פֿאַרווירקלעכט ווערן, וואָס ביי יעדן זאַבלודאָווער טליעט אין האַרצן — צו פֿאַראייביקן אין אַ בוך־פֿאָרם לדורות, זיין פֿאַמיליע און געבוירן־שטאָט, וואָס דאָס וועט זיין אַ מצבה און גלייכצייטיק אַ מיטשטייער פֿאַר דער יידישער פֿאָר־שונג פֿון די אומגעבראַכטע יידישע קהילות אין פּוילן, דורך די דייטשישע רוצחים, ימח שמם.

יוסף רעזניק רעדט אין זעלבן זין און זאָגט צווישן אַנדערס, אַז מיט וועלכע שוועריקייטן מיר זאָלן זיך נישט אָנטרעפֿן, איז געפֿאַלן אויסשליסלעך אויף אונדז, די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע, דער גורל און די אויפֿגאַבע אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך נאָך אונדזער ליבער היים זאַבלודאָווע.

דאָס ווערק דאַרף זיין אַ גראַנדיעזע און ווי אַ מוסטער הן אין ליטעראַרישן זין, הן עס זאָל אָפּשפּיגלען אונדזער היימשטאָט, מיט אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט איר עבר און מיט איר לעבן אין די לעצטע יאָרן.

אויף דער צווייטער זיצונג וועלכע קומט פֿאָר שבת דעם 16טן סעפּטעמבער 1951, מיט דער באַטייליקונג פֿון אַ גרעסערער צאָל זאַבלודאָווער, ווערט קאָנסטיטוירט דער קאָמיטעט פֿאַר אַרויסגעבן דאָס זאַבלודאָווער יזכור־בוך.

נאָך אייניקע שפּעטערדיקע ענדערונגען איז זיין דעפֿיניטיווער צוזאַמענשטעל פֿאָלגנדער: פֿאָרזיצער — שמואל צעסלער; וויצע — יוסף רעזניק; סעקרעטאַר — יצחק צעסלער; פּראָ־סעקרעטאַר — זלמן רעזניק; קאַסיר — חיים יאַכניוק; פּראָ־קאַסיר — אברהם ראַפּע; וואָקאַלן: דוד זאַבלודאָווסקי, אברהם רעזניק, שעפּסל ברעסלאַווסקי, אברהם לאַפּעטשיי, גדליהו בעזרוק, חיים פּורמאַן, אברהם שעפּס, זיידקע קאַשטאַן, און חיים שלעסער; רעכענונגס־איבערזעער: שמואל שערמאַן און משה צעסלער. אַלס סוב־קאָמיטעט אין מדינת־ישראל ווערן באַשטימט:



בעת אַ באַזוך פֿון אונדזער ערן־פֿאָרזיצער פֿון „יזכור־בוך״, ה׳ אליהו געלערשטיין, אין בוענאָס־איירעס — אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט. די ערשטע פֿון רעכטס: דער מיטאַרבעטער פֿון פּנקס, מרדכי בערנשטיין און זיין פֿרוי.

מיכאל ליפּשיץ (בן בנימין שרגא), אבישי דאָלינסקי און שמואל (מוליע) בערנשטיין. אַלס רעדאַקטאָרן ווערן באַשטימט: שמואל און יצחק צעסלער און יוסף רעזניק.

אויף אַ ספּעציעלער שפּעטערדיקער זיצונג, אָפּשאַצנדיק די פֿאַרדינסטן פֿון זאַבלודאָווער לאַנדסמאַן, ה׳ אליהו געלערשטיין פֿון טשילע, וועלכער באַזוכט אונדז עטלעכע מאָל אין בוענאָס איירעס, ווערט ער איינשטימיק באַשטימט אַלס ערן־פֿאָרזיצער פֿון קאָמיטעט.

דער קאָמיטעט טרעט צו גלייך צו זיין אַרבעט צום אָנהייבן פֿאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פֿון פֿאַראייביקן אונדזער אַלטע קהילה זאַבלודאָווע אין אַ מאָנומענטאַלן יזכור־בוך.

אַ ספּעציעלן יישר־כח און אָנערקענונג זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערן דעם היסטאָריקער און שרייבער ה׳ מרדכי וו. בערנשטיין, וועלכער הגם נישט־זייענדיק קיין זאַבלודאָווער, האָט ביי פֿאַרשיידענע צוזאַמענקומען מיט די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט, עקספּאָנירט און געשיל־דערט אונדזער היים־שטאָט, ווי ער וואָלט געווען ממש אַ דאָרטיקער געבוירענער. ער האָט זיך זייער פֿאַראינטערעסירט מיט אָט־דער אויסגאַבע און אַ סך צוגעהאָלפֿן, איבערהויפּט אין

דער לעצטער פאַזע פון איר דערשיינען, מיט ראַט און טאַט, הן רעדאַקציאָנעל און איבערהויפּט אויפן טעכנישן געביט, ביים שליסן דעם ספר און צוהעלפן זיין גיכע דערשיינונג.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז די איניציאַטיוו פון אונדזער יזכור־בוך איז געקומען פון יצחק צעסלער, דאַרף אויך אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אויך די רעאַליזירונג פון פּראָיעקט איז געוואָרן מעגלעך אַ דאַנק דער מיזאַמער, קאָנטינויאירנדיקער אַרבעט פון זעלביקן, וועלכער האָט ווי דער סעקרעטאַר פון פּנקס־קאָמיטעט געשטאַנען אין כסדרדיקער פאַרבינדונג מיט יחידים,



זאַבלודאָווער — ביים מאָנומענט פון די קדושים אויף טאַבלאַדאַ — און דער אָנדענק־טאָוול אין אָנדענק פון זאַבלודאָווע.

לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציעס אין גאָר דער וועלט, ווי אויך מיט אינסטיטוציעס (ייִוואָ — ניו־יאָרק, נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק און „יד ושם" — ירושלים, היסטאָרישער אינסטיטוט — וואַרשע און אַנד.) כדי צונויפצוזאַמלען די נייטיקע היסטאָרישע מאַטעריאַלן.

די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע ציילן אומגעפער אַ 70 משפחות, האָבן פּאַקטיש נישט קיין שום אָרגאַניזירטן לאַנדסלייט־פאַראיין, אָבער דאָך האַלטן זיי זיך ווי איין משפחה. פאַמיליעס, צוגעבונדן איינער צום צווייטן; ביי יעדן רוף זענען זיי תמיד גרייט, שטענדיק צוזאַמען, סיי אין פריידן און חס־וחלילה, אין ליידן.

זאַבלודאָווער זענען פאַרטראָטן אין דעם אַלגעמיינעם קולטור־לעבן פון לאַנד, זענען לע־רער און שרייבער, גרינדער און בויער פון שולעס, אַרבעטן מיט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפט־לעכע קולטור־אינסטיטוציעס, פינאַנץ־אַנשטאַלטן, לייַ־קאַסעס אאַז״וו און אויב אַפילו מיר רעכענען דאָ נישט אויס באַזונדער יעדן איינעם, קענען מיר נישט פאַרבייגיין און נישט דער־מאָנען אונזער חשובן לאַנדסמאַן שמואל צעסלער, — אונדזער טייערן חבר מוליע (ווי מיר האָבן אים גערופן אין זאַבלודאָווע), וועלכער איז שוין אַזוי פּאָפּולער געווען, אַלס יונגער, פעיקער, טאַלאַנטפולער דיכטער נאָך אין אונדזער אַלטער היים און דאָ אין דער נייער היים, אַרגענטינע, אַזויפיל בייגעטראָגן צו דער ייִדישער ליטעראַטור מיט זיינע פּאָר צענדליק ביכער — קינדעוו־לידער און אַנדערע שאַפונגען, וועלכע ער האָט ביז־איצט אַרויסגעגעבן און אויך אַלס לערער ספּעציעל בייגעשטייערט פאַר דער ייִדישער דערציִונג אין די שולן און אין היגן לערער־סעמינאַר, — זייַן כרעסטאָמאַטיע „אונדזער המשך" ווערט געלערנט אין אַלע ייִדישע שולן אין אַרגענטינע און אין אויסלאַנד.

די זאַבלודאָווער אין אַרגענטינע, זיך אָנשליסנדיק אין 1959, צום שלום־עליכם־יאָר וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט צום באַערן אונדזער גרויסן פאָלקס־דיכטער, טראָגט מיט צו די אַלגעמיינע פייערונגען און אַקטן אין לאַנד מיט אַ פּרעכטיקן פייערלעכן שלום־עליכם אָוונט, וועלכער ווערט דורכגעפירט זונטיק דעם 8טן נאָוועמבער 1959, אין סאַ־לאָן „קדימה" אויף דיאַז וועלעס 3964, אין בוענאָס־איירעס. די גאַנצע הכנסה פון אַקט איז געגאַנגען לטובת אָט־דעם יזכור־בוך. אויפן אַקט זענען גראָד אָנוועזנד געווען כמעט אַלע זאַב־לודאָווער משפחות. עס זענען גראָד דאָ צוויי זאַבלודאָווער געסט פון נאָרד־אַמעריקע: איינע איז יעקב־משה ראַפּאַלאָווסקיס, דעם פּאָטשטערס אַ טאָכטער, ביילקע (בעקי) גאַלץ־ראַפּאַלאָוו־סקי און די צווייטע: כאַצקל פורמאַנס אַ טאָכטער, חנהלאה מיט איר מאַן מאָריס אָפּפער פון אַמעריקע.

עס זענען פאַרטראָטן אויף דער פייערונג פאַרשטייער פון דער קהילה און אַנדערע וויכ־טיקע אינסטיטוציעס, ווי אויך פאַרטרעטער פון די ייִדישע צייטונגען: „די פּרעסע" און „די אידישע צייטונג" פון ב. איירעס.

מיטן אַקט פירט אָן יצחק צעסלער. מיט אָפּשאַצונגען וועגן אונדזער גרויסן פאָלקס־שרייבער נעמען אַן אָנטייל שמואל צעסלער און יוסף רעזניק און מיט רעציטאַציעס פון שלום־עליכמס ווערק פירט אויס אַ פולשטענדיק רייכע פּראָגראַם אונדזער דוד (דיאָדיע) זאַבלו־דאָווסקי. ס'נעמט אויך אָנטייל מיט נומערן וועגן שלום־עליכמען דער אָפּשטאַמיקער פון זאַב־לודאָווער עלטערן, אַרטיסט און לערער זלמן הירשפעלד.

דער אַקט האָט אַן אויסערגעוויינלעכן פיינעם אָפּקלאַנג אין אַלע קרייזן. און אַזוי אַרבעטן און שאַפן די זאַבלודאָווער אין זייער נייער היים אַרגענטינע און אין דער פאַריאַגטקייט נאָך זייערע טעגלעכע דאגות פאַרגעסן זיי אויך נישט אין דאָס ביסעלע רוחניות.

דאָס איז דאָס בעסטע און טייערסטע וואָס זייערע עלטערן און די אַלטע היים האָט זיי מיטגעגעבן אויף זייער וואַנדערונג און איבערפלאַנצונג אין די נייע מקומות.

יאָר נאָך יאָר, א: כסלו אָדער אין חודש נאָוועמבער, פאַרזאַמלען זיך די זאַבלודאָווער משפחות אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, ביים מאָנומענט נאָך די קדושים, אין וועלכן עס איז אויך איינמאָנטירט אַ זכרון־פּלאַקע פון די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט לזכרון אונדזערע קדושים און פירן דורך אַן אזכרה נאָך זייער פאַרשניטענער היים־שטאָט און קדושים — זיי באַערן די געפאַלענע, לאָזן אַ טרער ביי דעם קאָלעקטיוון קדיש.

—::—::—::—

קאמיטעט

פאר ארויסגעבן א „יזכור־בוך" פון זאַבלודאָווע

שלום־עליכם־פייערונג דעם 8טן נאוועמבער 1959

סאלאן „קדימה" דיאז־וועלעז 3964 - ב. איירעס

COMITE PRO EDICION DEL "LIBRO EN MEMORIA DE ZABLUDOWO"

קאמיטעט פאר ארויסגעבן א יזכור־בוך פון זאבלודאווע

חתימות פון די אַנוועזנדע אויף דער שלום־עליכם פייערונג אין „שלום־עליכם־יאָר".

אליהו געלערשטיין

# באַגעגענישן מיט זאַבלודאָווער אין אַמעריקע און ישראל

## (איינדרוקן פון אַ רייזע)

פאָרנדיק קיין ישראל, דורך די פאַראייניקטע שטאַטן, איז געווען מיין געדאַנק אויפזוכן און זען די זאַבלודאָווער אין דער גרויסער אַמעריקע. מען האָט דאָך שטענדיק געזאָגט אַז אין אַמעריקע געפינען זיך מער זאַבלודאָווער ווי אין זאַבלודאָווע גופא. אין זאַבלודאָווע איז געווען דאָס ווערטל: „ער איז אַוועק קיין אַמעריקע" — נישט געפאָרן; נאָר ער האָט פאַרמאַכט די לאָדנס פון שטוב און אַוועק מיט דער נאַכט...

געפאָרן איז מען צוליב צוויי טעמים: נויט און אָרעמקייט, אָדער צוליב פריזיוו; אַדאַנק דעם האָבן מיר היינט אין אַמעריקע דעם גרעסטן יידישן ישוב. אין ניו־יאָרק האָב איך אויפגעזוכט מיינע שול־חברים וואָס שוין 40 יאָר ווי מיר האָבן זיך נישט געזען. טיילעכע פון זיי האָב איך דערקענט און זיי מיך אויך. זיך אויפריידנדיק מיט זיי וועגן די איבערלעבונגען דורך די ביסל פאַרלאָפענע יאָרן, האָב איך גאַנץ גענוי אַרויסגעזען, אַז זיי שמייכלען נאָך צום אַמעריקאַנער לעבן, נאָר די קאַפּיטאַליסטישע אַמעריקע האָט צו זיי נישט געשמייכלט און אַ סך פון זיי, וועלכע האָבן מיטגענומען אין זייער עמיגראַנטן־באַגאַזש די רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן — זענען געבליבן שטענדיקע שאַפּ־אַרבעטער. אייניקע, וועלכע זענען אַוועק מיטן שטראָם — האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און מאַכן אַ שיין לעבן. ווי די מאָדע אין אַמעריקע, האָט יעדער לאַנדסמאַנשאַפט איר פאַראיין; און די גאַנצע אויפהאַלטונג איז וואָס מען האָט אַן אייגענע שורה אויפן בית החיים לנצח... וואָס דאָרטן מוזן זיך אַלע טרעפן. ס'איז דאָ אַ פרעזידענט מיט אַ פאַרוואַלטונג. ס'ווערט געמאַכט פון צייט צו צייט זיצונגען און במילא ווערט שוין אויך אָפּגעטאָן גוטע אַרבעט, ווי צו שטיצן אייגענע לאַנדסלייט, וועלכע נייטיקן זיך אין געלט און אין אַן עצה.

אַזוי האָבן זיי אויך געהאָלפן אַראָפּברענגען אייניקע זאַבלודאָווער לעבנגעבליבענע פון די פּליטים־לאַגערן. אויך האָבן זיי געשיקט אַביסל הילף פאַר די זאַבלודאָווער געראַטעוועטע אין ישראל. נאָר ווי איך האָב שפּעטער געהערט און געזען אין ארץ ישראל, האָב איך געקענט פעסטשטעלן אַז די אַמעריקאַנער שטיצע פון די דאָרטיקע לאַנדסלייט האָט זייער ווייניק דערגרייכט צו די ארץ ישראלדיקע זאַבלודאָווער, וועלכע נייטיקן זיך אין דעם. ווער זענען די שולדיקע אין דעם, ווייס איך נישט.

אַביסל זאַבלודאָווער האָב איך געטראָפן אין טשיקאַגאָ. אין זאַבלודאָווע פלעגט מען אַמאָל זאָגן, אַז „טשיקאַגאָ האָבן אַנטדעקט די „דראַלעס" — די פאַמיליע „לאָפּאַטע", דאָרטן האָבן מיר זיך טאַקע אויפגעטראָפן מיט אַ סך זאַבלודאָווער ביי אליהו לאָפּאַטע און כאַשקע דעם אָליצקערס (באַרטנאָווסקי) אין הויז. אַזיווי זיי זענען פון די לעצטע עמיגראַנטן פון זאַבלודאָווע, האָבן מיר זיך אַלע באַלד דערקענט און דאָרטן האָבן מיר פאַרבראַכט ביי אַ שיינעם טיש מיט די עמיגראַנטן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה: מיט דער גאַנצער פאַמיליע לאָפּאַטע, אויך מיט מיינע חברים ווי: משהל עפּשטיין (עזריאלס זון), יוסף שמידט (וואַגאָנטשיק), אויך חיים פּרוזשאַנסקי מיט זיינע ברידער ווען זיי האָבן זיך דערוווסט — זענען

זיי געקומען מיר זען. צופעליק האָב איך דאָרט געטראָפן מיין פריינדס משהקע פיינמאַנס אַ זון — אהרן פיינמאַן, אַ געראַטעוועטער פון מיידאַנעקער אויוונס; איך בין געבליבן זייער איבעראַשט — אַזויווי כ׳וואָלט אים דערזען פון יענער וועלט... ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן, האָט זיך איין ברודער זיינער געראַטעוועט אין רוסלאַנד און געפינט זיך איצט אין פוילן.

זיך אומקערנדיק קיין ישראל האָב איך געטראָפן אייניקע זאַבלודאָווער, וועלכע זייענדיק אין דער פוילישער אַנדערס אַרמיי, האָבן דעזערטירט און דורך פּערסיע זיך דערשלאָגן קיין ארץ ישראל און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט. קומענדיק קיין ירושלים צום יום־העצמאות, האָב איך אַריינגייענדיק אין אַ נאַר־וואָס אינסטאַלירטן פריזיר־אַנשטאַלט, גראָד געטראָפן צו מיינעם אַ „ראַזירער" נאָך פון זאַבלודאָווע, דאָס איז משהקע אַבראַמיצקי (דעם סאַציערס), וועלכער האָט געאַרבעט ביי לייב־הערש וואדילעוויטשן און נאָכהער געעפנט אַליין אַ פריזיר־אַנשטאַלט ביי שעלענגאַוויטשן אין מויער. ער האָט מיך גלייך דערקענט און איך אים — אויך.



זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין מדינת ישראל.

אַ צווייטן פון אַנדערס אַרמיי האָב איך געטראָפן דעם איינציקן זאַבלודאָווער בונדיסט. ווי איך געדענק איז ער אַמאָל געקומען מיט נאָך אַ ביאַליסטאָקער בונדיסט האַלטן אַ רעפעראַט אין זאַבלודאָווע אויף דער טעמע: „חלומות און ווירקלעכקייט". דער רעפעראַט איז פאָרגעקומען אין הויז פון די פייערלעשער. דער אויספיר איז געווען אַז חלומות — איז ציוניזם און ווירקלעכקייט איז — בונדיזם... טרעפנדיק זיך דאָ מיט אים, האָב איך אים אַ פרעג־געטאָן: „וואָס איז מיט אייערע „חלומות און ווירקלעכקייט אויף דער יידישער גאַס"?... אויף וואָס ער האָט מיר אַביסל זיך פאַרשעמענדיק געענטפערט: „אַ שאָד, אַ שאָד, ווען נישט דער בונד און די רעליגיעזע — וואָלטן מיר איצט געהאַט אַ סך, גאָר אַ סך יידן אין אונדזער מדינה"...

נאָך אַ זאַבלודאָווער האָב איך געטראָפן אין ישראל — שוין נישט וואָס די וועלט־איבערקערעניש האָט אים אַוועקגעטראָגן אין אונדזער לאַנד, נאָר ער איז אויף דער עלטער געפאָרן צו זיין זון — דאָס איז דער טיפּיטשנער יואל קאַגאַן אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן אין דער אַלטער היים „יואל דער שטאַרקער יונג". דער בוימייסטער און סטאָליער, נאָך איצט

אויך מיט זיין פיזיש־פעסטער פיגור; ווי ער האָט מיר דערציילט, אַרבעט ער נאָך איצט אויך און מאַכט „קאַטקעס" און „באַראַבאַנעס" פאַר זיינע אַלטע קונדן די לעדער־פאַבריקאַנטן פון זאַבלודאָווע: יעקב בעקער (כאַצקל בעקערס זון) און דעם אָנגעקומענעם פליט חיים מילער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט אַדאַנק דעם וואָס זיי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סאָוועטן־רוסלאַנד.

יואל קאַגאַן האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר און מיר שטאַרק געדריקט די האַנט. „האַ, וואָס זאָגסטו? — „יואל דער שטאַרקער" איז נאָך גענוג שטאַרק, אַז ער דריקט נאָך אַן האַנט — קען מען נישט אויסהאַלטן"... — האָט ער עמאָציאָנירט גערעדט און דערציילט ווי זיינע אייניקלעך זענען „סטראַזשניקעס" ביי דער יידישער רעגירונג... „וואָס זאָגסטו? — גוט דערלעבט"!... — מיר זענען אַריין אין אַ קאַפע און געטרונקען לחיים און זיך געווונטשן געזונט. אין אַ יאָר אַרום איז ער געשטאָרבן ביי זיך אין שטוב בשיבה טובה, אַרומגערינגלט מיט די קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך.



דריי געראַטעוועטע בחורים אין ישראל.
פון רעכטס: שמעון רובינס (בן נפתלי),
מרדכי שוואַרץ (טובי) און יעקב
ראַגאָווסקי.

דערנאָך האָב איך זיך דערוווסט אַז דער געראַטעוועטער יצחק (איטשע) לין, געפינט זיך אין ישראל, און בין באַלד געפאָרן צו אים. נאָר טרעפן צו אים איז געווען נישט אַזוי פון די לייכטע זאַכן. ער האָט זיך געפונען אין „רכוש הנוטש", דאָס איז אין דער געגנט פון פתח־תקוה, אין די פאַרלאָזענע הייזער מיט די פרדסים פון די אַראַבער, וואָס די רעגירונג האָט דאָרט איינגעאָרדנט די נייע עולים אין יאָר 1949. קוים געטראָפן צו מיין אַלטן שכן. אין אַ שטוב מיט גרינע פרדסים אַרום — און לעבן שטוב אַ רעגירונגס־לאַגער פון אַלטע אויטאָס און קאַמיאָנען — האָב איך אין אַ באַזונדער צימער איינער אַליין געטראָפן דעם אַלטן איטשע

לין זיצנדיק און זאָגנדיק דעם יום תהילים פון דעם טאָג. אַז האָט מיך דערזען, איז ער אַ פּאָל געטאָן אויף מיר און זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט — און איך מיט אים... קוקנדיק אויף אים און זיין צימער, קומענדיק צו זיך, האָט ער צו מיר געזאָגט: וואָס זאָגסטו מיין טייערער, וואָס פון מיר איז געוואָרן?... וואָס זאָגסטו צו מיין לעבן?... עס איז גאָט פון נקמה — וואָס ער לאָזט מיך אַזוי לאַנג לעבן. ווען האָב איך דאָ און וועמען נוץ איך דאָ? צו אַ שול איז מיר שווער צו גיין — ס'איז ווייט. מענטשן קומען דאָ נישט, אַ פאַרוואָרפן ווינקל; די אויגן דינען נישט, שווער אַריינצוקוקן אין אַ ספר. אַ גליק וואָס זאָגנדיק אין זאַבלודאָווע אין גרויסן בית־מדרש דעם תהילים אַלע שבת באַגינען — קען איך אויף אים אויסנווייניק. אין תהילים געפין איך אַ טרייסט פון מיין גאַנצן לעבן און אין די גרויסע ווינטער־אָוונטן, ווען די קאַלטע ווינטן רייסן די ווענט פון דער אַלטער אַראַבישער שטוב און עס הערט זיך דער קלאָג פון די



איטשע (יצחק) לין

שאַקאַלן וואָס קומען זוכן אַרום שטוב עסן, — דאַן איז דער תהילים מיין גרעסטע רפואה און אין אַזוינע אָוונטן זאָג איך איבער דעם גאַנצן תהילים צוויי מאָל אויסנווייניק, מיט פאַר־מאַכטע אויגן און פול מיט טרערן...

איך האָב פּרובירט אים טרייסטן, וואָס מיר האָבן דערלעבט די „אתחלתא דגאולה" און ס'איז אים מקוים געוואָרן דער פּסוק וואָס ער זאָגט אַלע טאָג: ותחזינה עינינו בשובך לציון. און ער איז לעבן געבליבן פון היטלערן ימ"ש, און האָט אַ זון און אַ טאָכטער מיט אייניקלעך אין ישראל און צוויי זין אין אַמעריקע; דאַרף ער נישט וויינען און דאגהן... ער האָט אַ טיפן קרעכץ געטאָן און געבליבן שטיל... און שמועסנדיק מיט אים, האָט ער מיר דערציילט אַביסל פון זיין לעבן, פון די לעצטע איבערלעבונגען:

„אין יאָר 1940, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט פאַרנומען פּוילן, זענען אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי געקומען מיט אַ באַפעל, געהייסן מיטנעמען די נייטיקסטע זאַכן און מיך, מיט מיין פרוי און קינדער, אַרויסגענומען און אַוועקגעפירט צום באַן, ווו אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס האָט מען אונדז — מיט נאָך אַ סך יידן פון ביאַליסטאָק — אָפּגעפירט אין טיף־רוסלאַנד. אפשר איז דאָס געווען דאָס גליק פון מיר און מיינע קינ־דער, וואָס מיר האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלערס גיהנום. אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט וואָכן און חדשים, ביז די סיבירער טייגעס און מען האָט אונדז אַראָפּגעלאָזט אין אַ פאַר־

וואָרפן דאָרף הינטער טאָמסק ביי בייקאַל. איך בין דאַן געבליבן דער איינציקער ייד פון אַלע יידן פון ביאַליסטאָק און אומגעגנט. מיט פיל מאַטערניש האָבן מיר געפונען אַ ליימענע הייד־קע און דאָרט איז געבליבן אונדזער וווינאָרט.״

קרעכצנדיק, האָט דער אַלטער איטשע לין, מיט טרערן אין די אויגן דערציילט, ווי אויף זיינע הענט איז געשטאָרבן זיין ליבע פרוי און אַליין געגראָבן פאַר איר אַ קבר און איר מקבר געווען כדת וכדין; און קומענדיק צוריק פון דער קבורה, האָט ער געטראָפן זיין טאָכטער טויט פון דער טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט דאַן געבושעוועט אין דאָרף... און אין שלוכצן וואָס האָט געצופּט ביים האַרצן, צוגעגעבן: „נו, איז מען נישט שטאַרקער פון אייזן, אַז מען קען אַזעלכע זאַכן איבערלעבן און ווילנדיק נישט־ווילנדיק מוז מען לעבן כל־זמן די נשמה האַלט זיך נאָך״...

מיט אַ „להתראות״ און אויגן פול מיט טרערן ביי אונדז ביידן, ביים קלאָג פון די שאַ־קאַלן, האָב איך זיך געזעגנט מיטן אַלטן יצחק (איטשע לין), מיין אַמאָליקער שכן און אָנגע־זעענעם זאַבלודאָווער תושב.





בעת אַ ן א ז כ ר ה אין תל־אביב. אליהו געלערשטיין מיט די זאַבלודאָווער אין ישראל, באַערנדיק אונדזערע קדושים.

# דאָס ניט דערהערטע געשריי



„אין די פלאַמען"...
צייכענונג פון קינסטלער בען (פּאַריז).

שמואל צעסלער

# אל מלא רחמים

גאָט פון רחמים, גאָט פון הימלען, —
אונטער פליגלען פון דיין שכינה,
נעם אַרונטער אַלע קדושים
אומגעבראַכט דורך מאָרד און שנאה.

און אין טאָג פון אונדזער טרויער
שטראָף די מערדער, שענק ניט קיינעם,
מעק זיי אויס פון אַלע וועלטן
און פאַרטיליק זיי ביז איינעם.

גאָט פון רחמים, האַר פון הימלען,
הייל אונדז מיט דיין ליבן נאָמען,
שיק אונדז טרייסט און מוט און גלויבן,
שטאַרק דיין פאָלק ישראל. אמן.

טאָפּאָגראַפישער פּלאַן פון זאַבלודאָווע מיט אירע גאַסן, פּלעצער און באַדייטנדיקע געביידעס.

סכעמע געצייכנט פון  י צ ח ק   צ ע ס ל ע ר.

רעכטס אונטן מיט דיקן שטריך אַרומגענומען, דער שטח פון געטאָ.



פיניע באַראָווסקי (ניו־יאָרק)

# אונדזער טייערע היימשטאָט זאַבלודאָווע אין די טעג פון איר גרויליקער נסיסה

אַלס איינער פון די געציילטע לעבן־געבליבענע זאַבלודאָווער האַלט איך פאַר מיין היי־ליקן חוב, ווי אַן עד־ראיה, צו פאַרצייכענען און פאַרשרייבן אין זאַבלודאָווער יזכור־בוך די לעצטע פאָר יאָר ראַנגלענישן, אין גרויל און אין פיין, פון אונדזער אַלטער היסטאָרישער שטאָט זאַבלודאָווע, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט און דורכגעלעבט איידער זי איז אומגעקומען און חרוב געוואָרן פון די נאַצישע באַנדיטן, ימח שמם וזכרם!

כאָטש ס׳איז איצט מיר שווער פון אַלץ אויסצושרייבן — וועל איך זיך מיען צו פאַר־צייכענען, ווי ווייט מעגלעך, געוויסע דאַטעס, נעמען פון די געפאַלענע און אומגעקומענע — און זאָלן מיר מוחל זיין אונדזערע זאַבלודאָווער, וואָס איך וועל אָנרופן אַ סך מיט זייערע צונעמענישן, ווייל אַ סך פאַמיליע־נעמען געדענק איך נישט.

איך וויל אויך אויסדריקן אַ גרויסן יישר־כוח אונדזערע זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע פאַרן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך נאָך אונדזער חרוב־געוואָרענער געבוירן־שטאָט זאַבלודאָווע. זאָלן אונדזערע ווייטערדיקע דורות וויסן און געדענקען וואָס דער עמלק האָט מיט אונדז געטאָן!

* * *

דאָנערשטיק, דעם 19טן יוני 1941, קומענדיק צופאָרן אויפן פלי־פלאַץ וואָס מען האָט געבויט אין זאַבלודאָווע אויף דעם קסיאָנדזס און פאָפּס פעלדער, וואָס די סאָוועטן האָבן רעקווירירט, ווייל די וואָס האָבן געהאַט פערד־און־וואָגן האָבן געפירט שטיינער — און איך בין געווען איינער פון זיי — דערוויסן מיר זיך, אַז די דערמאָנטע פעלדער זענען צו־קליין פאַר דעם צוועק און זיי מוזן נאָך צונעמען אַ שטיק „מעשטשאַנסקע״ פעלד און גלייכצייטיק דעם נייעם יידישן בית־עולם. קומענדיק אַהיים, האָב איך עס דערציילט מיין טאַטן ישראל־משה ע״ה, וועלכער איז גלייך אַוועק צום רב און אים איבערגעגעבן די נייס... דער רב איז געווען מיט דער מיינונג, אַז ער אַליין וועט גאָרנישט אויפטאָן, נאָר ס׳זאָל גיין אַ דעלע־גאַציע פון עלטערע מענטשן צום פירער פון אונדזער שטאָט, איינער אַ געוויסער מאַרגאָלין. מיין פאָטער האָט זיך גראָד געקענט מיט אים, צוליב זיין פאָטער, וועלכער איז אַמאָל גע־קומען פון רוסלאַנד און האָט פאַרבראַכט אין לערנען צוזאַמען מיט מיין טאַטן ע״ה. — האָט מעןביים רב אָפּגערעדט צו גיין, אויף מאָרגן, פרייטיק, צו אָט־דעם מאַרגאָלין און אָפּבעטן די גזירה, אָבער ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי צו דער אַרבעט, הערן מיר, אַז די נאַכט האָט מען אַרויסגעפירט אונדזערע „רייכע״ יידן, משטיינס געזאָגט: ציווע רובינס מיט די קינדער (הערצקע, איר מאַן, איז גראָד אין דער היים נישט געווען), אויך די פאַמיליעס פון חיים און לייזער־וועלוול מילער (זיי אַליין, חיים און לייזער־וועלוול, זענען שוין פון

פריער געווען אַרעסטירט און געזעסן אין די רוסישע טורמעס), נאָר לייזער־וועלוול איז געזעסן אין מינסקער טורמע און ווען די דייטשן זענען אַריין, איז ער געקומען אַהיים... אַזוי איז ער שוין נאָכער אומגעקומען. און די וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד, האָט זיי זיך נאָכער אויסגעדרייט לטובה און אַ סך פון זיי זענען דעריבער געבליבן לעבן. אַזוי איז אויך דאַן געבליבן לעבן אין רוסלאַנד נחום לאפיציי מיט ריוועז, זעליג וואַניעווסקי, דער קצב, איז אויך געזעסן אין טורמע אין רוסלאַנד, נאָר אויפן וועג אַהיים איז ער געשטאָרבן, אויך פיל „מעשטשאַניעס" און רייכע מאַזורעס, וואָס האָבן געקויפט די הויפישע ערד, האָט מען אַרויסגעפירט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. יענעם טאָג איז שוין ביי אונדז די אַרבעט נישט געגאַנגען, ווייל יעדער איינער פון אונדז האָט מורא געהאַט, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז די קומענדיקע וואָך וועט מען נאָך אַרויספירן; פונדעסטוועגן איז די דעלעגאַציע געגאַנגען צום דערמאָנטן מאַרגאָלין, וועלכער איז גראָד געווען אַ פריינטלעכער מענטש און ער האָט געהייסן קומען נאָכאַמאָל צו אים דעם 23טן יוני.

עלטערע מענטשן אין זאַבלודאָווע, האָבן, ווי דער שטייגער איז, זיך געוויצלט און נביאות געזאָגט: „אויב זיי האָבן זיך שוין גענומען צו די טויטע, וועלן זיי שוין האָבן אַ מפּלה..." (דאָס האָט מען זיך באַצויגן צוליב דעם. וואָס מען וויל צונעמען דעם בית־עולם פאַרן פלי־פלאַץ) און אַזוי איז טאַקע געשען... אין זאַבלודאָווע זענען איינגעשטאַנען אַ סך רוסן, וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן פלי־פלאַץ און אויך פיל אָפיצירשע פרויען, וועמענס מענער זענען געווען אויף מאַנעוורעס, האָבן זיי שבת, דעם 21טן יוני אין אָוונט, וואָס ס'איז אויסגעפאַלן גראָד עפּעס זייערער אַ יום־טוב, געמאַכט בעלער און טאַנץ־אָוונטן און גוט געשיכורט — זענען מיר, חברה, אויך אַרומגעגאַנגען ביז פאַרטאָג. אַזוי ווי כ'בין נאָר אַריין אין שטוב, זיך געוואָלט לייגן שלאָפן, איך דערהער גרויסע אויפרייסן פון באָמבעס... איך לויף אַרויס אין דרויסן, מען זעט גאָרנישט — מענטשן, אַרויסגעלאָפענע פון די הייזער, זאָגן אַז דאָס איז פון די מאַנעוורעס, וואָס זיי פירן דורך... איך האָב אָבער געזאָגט, אַז דאָס קען נישט זיין; דאָס איז אַ ריכטיקער אָפּהילך פון אמתע באָמבעס, וואָס מען וואַרפט געוויס אויף ביאַליסטאָק... (איך האָב שוין גוט דערקענט די אויפרייסן, איך בין דאָך געווען אויפן פראָנט אין 1939, ווען מיר האָבן זיך געשלאָגן מיט די דייטשן). אין אַ שעה שפּעטער איז מיין השערה באַשטעטיקט געוואָרן: קריסטן, וועלכע זענען געפאָרן פון ביאַליסטאָק, האָבן איבערגעגעבן און דערציילט, אַז ביאַליסטאָק איז באָמבאַרדירט געוואָרן פון די דייטשן...

דעם פרימאָרגן פון 22טן יוני 1941, ווען מען איז נאָך גוט געשלאָפן, זענען די נאַציס אָנגעפאַלן און באָמבאַרדירט אַלע פונקטן, ווו די סאָוויעטן האָבן זיך נאָר געפונען. אין ביאַליסטאָק האָבן זיי געוואָרפן באָמבעס אויפן „זוויערינעץ", דאָרט איז איינגעשטאַנען אַ סך מיליטער, האָבן זיי דערווייל געטראָפן אויפן פיש־מאַרק און עס זענען דערהרגעט געוואָרן אַ סך ציווילע. איבער זאַבלודאָווע זענען זיי שוין געפלויגן זייער נידעריק, אָבער קיין באָמבעס האָבן זיי נישט געוואָרפן.

דער טומל אין שטאָט איז געוואָרן זייער גרויס. די רוסן האָבן זיך גענומען פּאַקן און די יידישע באַפעלקערונג האָט שוין נישט געוווסט וואָס צו טאָן, ווייל די רוסן אַליין זענען געוואָרן שטאַרק צעטומלט פון דעם קלאַפּ, וואָס דער דייטש האָט זיי געגעבן. אַ סך קינדער פון אונדזער שטאָט זענען גראָד אין דער היים נישט געווען, אַממיינסטן שוואַכע קינדער, האָט מען געהאַט אַוועקגעשיקט קיין דרוסקעניק, זענען די עלטערן פון די קינדער אַוועקגעלאָפן און נישט געוווסט וואָס צו טאָן. די בהלה איז געוואָרן זייער גרויס. לייבל טעוולס (דעם בעל־עגלהס), איז אַרויסגעלאָפן זוכן ווער עס וויל פאָרן אין כאָראַשטש, דאָרט איז געווען זיינע אַ מיידעלע ביי זיין פרויס עלטערן, נאָר קיינער האָט נישט געוואָלט פאָרן, ווייל אויף ביאַליסטאָק איז שוין געווען דער וועג אוממעגלעך און אַזוי ווי איך בין געווען באקאנט מיט די דאָרפישע וועגן, האָב איך זיך אונטערגענומען צו ברענגען דאָס מיידעלע. ווי נאָר איך בין אַריינגעפאָרן אין די פעלדער, זע איך — סאָלדאַטן ליגן צעשראָקענע... זיי

האָבן מיך פונדעסטוועגן דורכגעלאָזן, נאָר ווען כ׳בין אַריינגעפאָרן ווייטער אין אַ גרויסן וואַלד, איז שוין געשטאַנען אַ גרויסע וואַך פון אַ סך סאָלדאַטן און מען האָט מיך שוין נישט דורכגעלאָזט. ווייטער פאָרן האָב איך שוין נישט געקענט... עס האָט זיך מיר דאַן פאָרגעשטעלט דאָס זעלביקע בילד, וואָס איך האָב אַליין דורכגעמאַכט אין דער פּוילישער אַרמיי אין יאָר 1939: אַזוי זענען מיר אויך דאַן געלעגן באַהאַלטן אין די וועלדער... און איצט ליגט דאָ אַזאַ ריזיקע אַרמיי און קען זיך נישט אַנטקעגנשטעלן...

איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אַהיים. אין זאַבלודאָווע האָט זיך שוין געטאָן חושך! קומענדיק, האָב איך שוין געטראָפן אַ קאַרטל צו מעלדן זיך וואָס שנעלער צום מיליטער אין הויפּישן סאָד. דאָרט האָבן זיך שוין אויפגעקליבן אַ סך מענער פון די דערפער אַרום און מיר האָבן שוין געדאַרפט אָפּמאַרשירן צום פראָנט...

מאַרגאָלין, דער שטאָט־אויפזעער, האָט געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט, אַז עס מאַכט נישט אויס, וואָס די דייטשן זענען שוין טאַקע אַריבער די גרענעץ, מיר וועלן זיי אָפּשטויסן ווען מען וועט צוקומען צו אַ פונקט. פלוצלונג, אינמיטן זיין רעדע, איז אָנגעפלויגן אַן עס־קאַדרע דייטשע עראָפּלאַנען און אָנגעהויבן באָמבאַרדירן דעם פלי־פּלאַץ. אַ סך באָמבעס זענען געפאַלן אין שטאָט. ס׳איז גלייך אָפּגעברענט געוואָרן דער גאַנצער קוואַרטאַל פון קאָשציאָל ביז דער צערקווע. עס זענען דאַן דערהרגעט געוואָרן נחום־מענדלס זאַלצמאַנס צוויי טעכטער און אייניקלעך, שלום־חיים אָסטראָוויעצקיס אַן אייניקל, ליבע באַרטאַשס זון, רחל (אַלטע גאָלדע לאַהס) בינדערס אַ זונעלע און אויך אַ סך קריסטן. אַזוי האָבן מיר גלייך מאָנטיק שוין געהאַט די ערשטע קרבנות. דאַן זענען די סאָוויעטן זיך צעלאָפן און מיר האָבן שוין נישט געהאַט מיט וועמען צו גיין אין מיליטער... פאַרנאַכט איז שוין דאָס סאָוויעטישע מיליטער געלאָפן פון אַלע זייטן. פון לויפן צוזאַמען מיט זיי קיין רוסלאַנד, האָט שוין קיין רייד נישט געקענט זיין, ווייל די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין באָמבאַרדירן און באַשיסן אַלע וועגן...

אויף מאָרגן, דינסטיק, האָבן מיר שוין געהערט, אַז די דייטשע זענען אַריין אין מינסק. און מיר, דאָס ביסל יידן, האָבן שוין געמוזט בלייבן אויפן אָרט, ווייל די, וועלכע זענען אַפילו געלאָפן קיין רוסלאַנד, האָבן זיך געמוזט אומקערן צוריק. זייער אַ סך זענען געפאַלן אויף די וועגן...

אין זאַבלודאָווע זענען געווען גרויסע מאַגאַזינען. האָבן די קריסטן גענומען אויפרייסן און ראַבירן. האָבן מיר געוואָלט אָנגרייטן כאָטש אַביסל עסנוואַרג, האָבן די מעשטשאַניעס נישט געלאָזן. האָב איך, מיט אברהמל בעקער (זלאָמס) מיט געוואַלד אַרויסגענומען אַ זעקל מעל און אַוועקגעטראָגן צו אונדז און באַהאַלטן. די מעשטשאַניעס האָבן אַרויסגעפירט גאַנצע פורן מיט לעדער פון די פאַבריקן צו זיך אין די הייזער. אַלץ איז זיי געלעגן אין זינען... דערווייל איז זאַבלודאָווע געבליבן אָן קיין שום מאַכט.

מיטוואָך פאַרנאַכט, איז געקומען צו מיר אברהמל בעקער זיך צו טיילן מיטן זעקל מעל. מיר דערהערן, אַז די נאַצישע באַנדיטן, — די דייטשן, זענען שוין אַריין צו אונדז אין זאַבלודאָווע, פון ביעלסקער גאַס, און זיי גייען שוין אַרום מאַכן אָרדענונג, מען זאָל נישט ראַבירן. נאָר ס׳איז שוין סיי־ווי נישט געווען וואָס... מיר האָבן זיך ביידע באַהאַלטן ביי אונדז אונטערן גאַניק, רופט זיך אָפּ צו מיר אברהמל: „דו האָסט אַ רעוואָלווער? גיב מיר, איך מוז זיך נעמען דאָס לעבן, ווייל אונדזער לעבן האָט שוין סיי־ווי קיין ווערט נישט... מיר ווייסן דאָך וואָס זיי טוען מיט אונדזערע יידן, ווו זיי גייען נאָר אַריין״... איך האָב אים אָפּגערעדט דערפון, אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז שפּעטער איז ער סיי־ווי אומגעקומען...

די ערשטע דייטשע אויספאָרש־גרופּע איז צוריק אַוועק און אָנגעזאָגט, אַז עס זאָל זיין אָרדענונג. מאָרגן אינדערפרי וועלן זיי אַריינמאַרשירן.

אינמיטן דער נאַכט האָבן מיר ווידער געהערט גרויסע שיסערייען. אינדערפרי האָט נאָך מיין טאַטע ע״ה גענומען דעם טלית און תפילין און אַוועק דאַווענען אין קליינעם בית־המדרש

(די גרויסע בתי־מדרשים האָט די סאָוויעטן־מאַכט געהאַט צוגענומען פאַר מאַגאַזינען אויף תבואה). דערווייל איז געוואָרן אַ גרויסע שיסעריי אין שטאָט, מען האָט זיך באַהאַלטן אין די קעלערס. מיין טאַטע ע״ה איז געקומען צולויפן מיט אַ געשריי מיר זאָלן וואָס גיכער אַרויסגיין פון די קעלערס, ווייל די גאַנצע שטאָט ברענט... מיר האָבן גענומען ראַטעווען פון אונדזער שטוב וואָס מען האָט נאָר געקענט, אָבער ס׳איז געווען אומזיסט וואָס מען האָט געראַטעוועט, ווייל אַלצאיינס האָט מען עס אַלץ שפּעטער געמוזט איבערלאָזן.

איך האָב גלייך איינגעשפּאַנט דאָס פערד און מיר האָבן אַרויסגעטראָגן מיין פעטער אבא־דניאלן, וועלכער איז געלעגן אַ פּאַראַליזירטער. דורך דער גאַס האָט מען שוין נישט געקענט פאָרן, ווייל אַלע הייזער האָבן געברענט — בין איך געפאָרן דורכן גאָרטן. איך זע, ווי זיידקע מילעוויצקי (זיידקע לוכטעס) ליגט און קרעכצט. לויף איך צו אים צו, ער באַווייזט מיר נאָך צו זאָגן, אַז איצט נאָרוואָס האָט אים אַ דייטש געשאָסן. איך גיב אים אַ שטיקל צוקער אין מויל, לויף צום טייכל נאָך אַביסל וואַסער, נאָר קומענדיק צוריק האָב איך שוין נישט געהאַט צו וועמען צו ריידן... איך פאָר אַרויס הינטערן ווינטמיל, דאָרט זענען שוין געלעגן אַ סך זאַבלודאָווער מיט זייערע פּעק. איך שטעל אָפּ די פור מיט מיין קראַנקן פעטער און לויף צוריק אַהיים... — אפשר נאָך עפּעס אָפּראַטעווען... טרעף איך מיין



ר׳ ישראל משה כאַראַווסקי

טאַטן, זיין פּנים און הענט פאַרברענט, ווייל ער האָט נאָך געדאַרפט אַרויסטראָגן די ספרים פון הויז. איך דערזע נישט ווייט פון מיר ליגט, אַ דערשאָסענע, די אַלטע חנה לאַפּיטשיי־איכע... ס׳לויפן פאַרוווּנדעטע — אַ שוידערלעך בילד, די גאַנצע שטאָט שוין אָפּגעברענט... די בתי־מדרשים אַרום דער שול, אַלע הייזער, אַפילו די געמויערטע באָד איז שוין פאַרברענט, נאָר אונדזער אַלטע היסטאָרישע שול שטייט און וויל נישט ברענען!... שטיי איך מיט מיין טאַטן ע״ה און קוקן זיך צו און ס׳דוכט זיך אונדז — אַ נס!...

אָבער פּלוצלינג זענען אָנגעקומען די באַנדיטן, די נאַציס, ימח שמם וזכרם! — זיי באַגיסן די אַלטע היסטאָרישע שול אונדזערע אַרום און אַרום מיט גאַזאָלין און צינדן זי אונטער! אַזוי איז פאַרברענט און אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד איינע פון די זעלטנסטע

דעליקוויעס, די באַרימטע 400 יאָריקע זאַבלודאָוועער שול... נאָר דער גרויסער שטיין, וואָס איז געלעגן ביי דער שול, איז געבליבן, ווי פאַריתומט...

אַזוי האָבן זיי אויך געטאָן אויף מאָרגן אין ביאַליסטאָק. זיי האָבן אויפגעטריבן אַ 2000 יידן אין דער דאָרטיקער שול און צוזאַמען פאַרברענט... דאָרט זענען פאַרברענט געוואָרן אונדזערע לערערס, וואָס האָבן געלערנט אין אונדזער „תחכמוני־שול"... ווער געדענקט נישט דעם לערער קאַפּוסטין און אַנדערע? ס'איז אויך פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט דער באַרימטער ביאַליסטאָקער שאַכשפּילער אַהרן זאַבלודאָווסקי (אַן אייניקל פון אברהם און סוליע זאַבלודאָווסקי, פון זאַבלודאָווע).

און אַזוי זענען מיר שוין אין זאַבלודאָווע געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. ווער עס האָט עפּעס אָפּגעראַטעוועט, האָט עס אַריינגעטראָגן צו די קריסטן. פון גאַנץ זאַבלודאָווע זענען געבליבן נאָר עטלעכע הייזער אויף ביעלסקער גאַס: דעם רבס הויז און דער ביעלסקער בית־המדרש. דאָרטן האָבן זיך אויפגעקליבן אַ שיין ביסל יידן און מען איז געלעגן איינע אויף די אַנדערע. — די דייטשן זענען אַריין צו אונדזער רב, הרב ר' יוחנן מירסקי ז"ל, אים אַרויסגעפירט אויפן גאַס און אים גענומען שלאָגן... אַ פּאָר קריסטן האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אים און קוים אָפּגעבעטן... — די פערד און וועגענער ביי די יידן האָבן זיי גלייך צוגענומען און געזאָגט מען זאָל גיין מיט זיי אין „הויף", וועט מען זיי באַצאָלן דערפאַר. אייניקע זענען טאַקע געגאַנגען, נו האָבן זיי די נאַציס טאַקע גוט „באַצאָלט"... זיי זענען קוים מיטן לעבן געקומען! איך האָב גלייך נישט געוואָלט גיין, ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט.

שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן אויפקלייבן די הרוגים און אַוועקטראָגן אויפן בית־עולם צום באַערדיקן. לייזשקע גאָראָשעס פרוי (דעם אייזן־קרעמערס) איז אויך דערהרגעט געוואָרן. בערטשע באַרטנאָווסקין (דעם אָליצקערס) האָבן די דייטשן דערשאָסן ווי נאָר ער איז אָרויס פון קעלער; חיים־פייוול דער וואַסערטרעגער איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן בית־המדרש. ער איז דאָרט געווען באַהאַלטן אויפן בוידעם...

אַ סך יידן האָבן גענומען לויפן אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווו איינער האָט נאָר געהאָט פריינט. אונדזער רב ר' יוחנן מירסקי ז"ל מיט דער טאָכטער און אייניקל, יעקב צעסלער, (יאַנקל פאַראָווקער), משה דער שרייבער מיט דער פרוי, באָבקע חייה־דבורהקעס מיט דער פאַמיליע, חייה־עשקע די בעקערקע מיט אַלע זין און נאָך עטלעכע פאַמיליעס, זענען אַוועק קיין נאַרווע. לייב־הערש דער ראַזירער מיט דער פרוי, חנא־הערשל צעסלער מיט זיין פאַמיליע, משה־הערש גלאַטשטיין מיט דער פרוי, זעליק הערשקעס פרוי און קינדער, פּסח פליקער מיט דער פאַמיליע, יאַנקל דער קירזשנער מיט דער פאַמיליע, יצחק בייגל מיט די קינדער, אברהמקע טענצער (דער קירזשנער) מיט זיינע קינדער, אסתר אוןביילע פורמאַן (באָבעלע און יעקב־משהס ביידע מיידלעך) און נאָך פאַמיליעס, וועלכע איך געדענק נישט אויסצורעכענען — זענען אַלע אַוועק קיין ביעלסק. משה־ברוך צעסלער מיט דער פאַמיליע, פייוול צעסלער מיט זיין פאַמיליע, עמטשע און שמואל ליפשיץ מיט זייערע פאַמיליעס (שמואלס שיינער זונעלע איז שוין געווען דערהרגעט) אויך דוד עפּשטיין (שוין איינער אַליין, ווייל זיין פרוי און טעכטערל זענען שוין אויך געווען דערהרגעט), אַלע דראַלעס, לייזער רעזניק (זייעץ) מיט דער פאַמיליע, איסר צירולניק מיט זיין פאַמיליע, אויך די ברידער זיינע און נאָך אַ סך אַנדערע, זענען אַוועק קיין ביאַליסטאָק.

אַ סך יידן זענען אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די מעשטשאַניעס, זיי זאָלן זיי נישט פאַרמסרן פאַר די דייטשן, ווייל זיי האָבן פאַרנומען פּאָסטנס ביי די רוסן. נח פעדער, למשל, איז שוין אַפילו געווען אין ביאַליסטאָקער געטאָ, האָבן אים די דייטשן פון דאָרט אַרויסגענומען און אומגעבראַכט. אַסך פאַמיליעס זענען אַוועק קיין אָרלע, ליפּע קאָזאַנסקיס (קאָזשענערס) פאַמיליעס, דוד אָרלאַנסקיס פאַמיליעס, סענדער און זלמן דעם שמוקלערס, איטשע־מאירס קינדער מיט דער מאַמען, יששכר באָברע מיט דער פרוי אין קינד, פייוול פּעטלין און זיין פאַמיליע, נחום און ניאָמע פערלגוט (פּאָזשניעס) מיט

זייערע פאַמיליעס און בישקע, יואל דעם שטאַרקנס מיט דער פאַמיליע, זענען אַלע אַוועק קיין מיכאַלאָווע, אָבער די דייטשן האָבן דאָרט אויסגעפונען בישקען (דעם שטאַרקנס) און ניאָמע פאָזשניעס און זיי דערשאָסן.

אַזוי זענען אונדזערע זאַבלודאָווער צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אַנדערע, וואָס זענען געפאָרן מיט די פורן, האָט מען ביי זיי אויפן וועג צוגענומען די פערד און זיי האָבן מיט די הענט געמוזט שטופּן די וועגענער און אַנ־דערע, וועלכע האָבן געהאַט קי, האָט מען ביי זיי אויך צוגענומען די בהמות. אין זאַבלודאָווע האָט מען שוין אויך געהייסן ברענגען די קי, האָט אָבער מיין מאַמע ע״ה געטענהט: וואָס עס וועט זיין, זאָל שוין זיין... נאָר די קו וועט זי נישט אָפּגעבן! און זי נעמט די קו און טרייבט איר אַוועק אין ביאַליסטאָק, אָבער ווען זי איז שוין געווען אין דאָיליד, ביי ביאַליס־טאָק, האָבן קריסטן צוגענומען ביי איר די קו מיט געוואַלד. מיין מאַמע האָט זיך מיט זיי געאַמפּערט, נישט געוואָלט אָפּגעבן, האָבן זיי איר צעבראָכן אַ פוס... אַזוי איז זי געלעגן אַ גאַנצע נאַכט, ביז וואַנען איטשקע סוקעניק (וועלכער איז געלאָפן מיט זיין פאַמיליע קיין ביאַליסטאָק), האָט אָנגעזאָגט די בשורה מיין שוואָגער חיים־מנשה פאַראַזאָווסקין (וועלכער האָט געוווינט אויף דער נאָווע־מיצקעוויטשאַ גאַס). מיין שוואָגער האָט גלייך גענומען אַ האַנט־וועגעלע און מיין מאַמען אַוועקגעפירט אין ביאַליסטאָקער שפּיטאָל.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס טרויעריקע בילד, ווען אויף מאָרגן זענען מיר, אַ גרופּע יידן, אַרויס פון זאַבלודאָווע מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס און די אומפאַר־שעמטע שקצים און שיקסעס זענען אונדז נאָכגעלאָפן און ביי וועמען זיי האָבן געקענט, האָבן זיי געריסן די פּעקלעך און געשלאָגן אונדז מכות רצח... דאָס איז געווען אַ טרויעריק בילד ווי־אַזוי מיר זענען אַרויס, זיך אַרויסגעשלעפּט פון אונדזער טייערער זאַבלודאָווע... פאַר־שעמטע און פאַרשטויסענע... און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

איך בין אַריין אין שטוב פון מיין שוועסטער כאַנטשע. ס'איז פונקט דאַן אַרויס דער באַפעל, אַז יידן מוזן טראָגן די „געלע לאַטע"... האָב איך אָנגעטאָן די געלע לאַטע מיטן מגן־דוד און געגאַנגען אין שפּיטאָל געוואָר־ווערן צו מיין מאַמען. קריסטן זענען געשטאַנען אויף די גאַסן און האָבן אויסגעלאַכט און געחוזקט פון די יידן מיט די געלע לאַטעס... דעם צווייטן מאָל, ווען איך בין געגאַנגען צו מיין מאַמען געוואָר־ווערן אין שפּיטאָל, בין איך שוין קוים דערגאַנגען און קיין כוח נישט געהאַט, אַזוי צעהרגעט בין איך געווען... איך וויל דאָ פאַרצייכענען ווי אַזוי איך בין ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. כ'מיין, אַז ס'איז גע־שען מיט מיר דער ערשטער נס... מען האָט שוין דאַן גערעדט וועגן שאַפן אַ „געטאָ" אין ביאַליסטאָק, האָב איך גענומען מיין שוועסטער גוטקעס זונעלע, אברהמל צוריק און צו־זאַמען מיט אים זענען מיר אַוועק אין דאָרף ריגיוועץ צו באַקאַנטע פּויערים קריגן עפּעס עסן. געשלייכט האָבן מיר זיך אונטער די שייערן. דורך דעם דאָרף זענען גראָד אויך דורכגעגאַנגען די זאַבלודאָווער חיים גאַרבער (באַרטאָש) און ליבע באַרטאָשס מאַן, נחום. אין דאָרף זענען געווען דייטשן. אויף נחומען האָבן זיי געמיינט, אַז ער איז אַ קריסט, האָבן זיי אים דורכגעלאָזן און חיים איז דאָך געווען דער ריכטיקער ייד, האָבן זיי אים גלייך דער־שאָסן. מיר האָבן נאָך אַליין געהערט דעם שאָס... מיר זענען גלייך אַרויס אויפן וועג צו אַ באַקאַנטן דאָרף, עטלעכע קריסטן אין דאָרף האָבן אונדז געגעבן מעל, גרויפּן און פּוטער אַוועקצוטראָגן פאַר מיין מאַמען אין שפּיטאָל. פאַרטאָג האָבן אונדז באַקאַנטע פּויערים אַרויס־געפירט מיט אַ הינטערוועג אויף צו גיין קיין ביאַליסטאָק, אָבער מיר האָבן נישט געקענט אויסמיידן דאָס דאָרף „האַלמאָנד", וואָס גייט אַריין נאָענט צו ביאַליסטאָק. אָבער ווי נאָר מיר ווילן דורכגיין די ערשטע שטוב און ווילן זיך פאַרנעמען אונטער די שייערן, דערהערן מיר ריידן דייטש און איידער מיר האָבן באַוויזן זיך אומצוקוקן, האָבן מיר שוין דערהערט דעם אויסגעשריי „האַלט! איר פערפלוכטע יודען!..." מיר זענען גלייך שטיין געבליבן און איך האָב שוין באַקומען אַ פּאַטש אין פּנים, אַז ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

די נאַציס האָבן אונדז געהייסן אַוועקוואַרפן די פעקלעך און איך האָב אָנגעהויבן זיך בעטן ביי זיי: „מיר זענען אָפּגעברענטע, דאָס טראָג איך עפּעס עסן פאַר מ׳יין קראַנקער מוטער אין שפּיטאָל...״ נאָר עס העלפט שוין נישט אונדזער וויינען און געבעט, זיי האָבן אונדז געגעבן פירן זייערע ביציקלעטן און זיי גייען פון הינטן מיט די רעוואָלווערן אין די הענט און פירן אונדז אַריין אין וואַלד... איך פיל, אַז אונדזערע מינוטן זענען געציילטע. זאָג איך שטילערהייט צו אברהמלען, דעם ייִנגל: „לאָמיר אַוועקוואַרפן די ביציקלעטן און זיך לאָזן לויפן אין וואַלד, ווייל ס׳איז דאָך שוין סיי־ווי אַלצאיינס...״ מיט רעוואָלווערן קענען זיי אפשר אַזוי לייכט נישט טרעפן ווי מיט ביקסן... נאָר דאָ האָט מיך איינער אַ נעם־געטאָן, צוגעשטעלט צו אַ בוים און מיך גענומען צובינדן, האָב איך אין דער לעצטער פאַרצווייפלונג אַרויסגעריסן מיינע הענט פון די שטריק, אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אַ געשריי געטאָן: „גאָט, העלף אונדז!״ — „וויזאָ?! ביסטו קיין קאָמוניסט? גלויבסט אין גאָט?״ — האָבן די נאַציס מיך גלייך געפרעגט און אָפּגעבונדן. איך ווייז זיי מיין רוסישן פּאַספּאָרט מיט דער אָפּצייכענונג „נומער 11״, דאָס הייסט, די, וועלכע זענען פריער געווען סוחרים. (גאָר גרויסע סוחרים האָבן געהאַט די פּאַספּאָרטן געצייכנט מיטן נומער 5). זיי נעמען און פירן אונדז אַוועק אין 10טן אולאַנער פּולק. דאָרט איז געווען איינגעאָרדנט די „געשטאַפּאָ״. זייער אַ סך רוסישע געפאַנגענע האָבן זיך דאָרט געפונען. זיי פירן אונדז אַריין צום עלצטן און זאָגן, אַז „זיי האָבן געפאַנגען 2 ייִדן״ און אַזוי ווי איך וויל נאָר זאָגן עפּעס אַ וואָרט, האָב איך שוין געקראָגן פון הינטן אַ זעץ איבערן קאָפּ און איך בין אַנידערגעפאַלן. מען האָט מיך אָנגעהויבן שלאָגן מכות רצח, ביז איך בין געפאַלן אין חלשות... ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, בין איך געלעגן אין אַ טייך בלוט... איך האָב זיך געוואָלט אויפשטעלן און נישט געקענט. האָבן זיי מיך אויפגעהויבן און אַ נאַצי־באַנדיט מיט אַ ביקס האָט מיך אַרויסגעשטופּט פון פּולק. איך מיין, אַז דאָ איז שוין זיכער מיין סוף, מען גייט מיך דערשיסן — צום סוף זע איך, דער נאַצי קערט זיך אום צוריק און מיך לאָזט ער איבער אַליין... איך דערשלעפּ זיך צום שאָסיי, ווו עס זענען געשטאַנען קריסטנס. ווען זיי האָבן מיך דערזען, האָבן זיי זיך צעוויינט, אַזוי צעשלאָגן בין איך געווען. איין אויג איז אינגאַנצן געווען פאַרמאַכט, איך האָב געמיינט, איך בין שוין בלינד. מיינע אברים האָב איך נישט געפילט. איך זוך צווישן די מענטשן אברהמלען, מיין פּלימעניק; איך זע אים נישט, כ׳האָב געמיינט, אַז זיי האָבן אים שוין פאַרטיק געמאַכט... דער געדאַנק לאָזט מיך נישט רוען. „ווי אַזוי וועל איך קומען אין שטוב אָן דעם ייִנגל?״ נאָר דאָ דערזע איך ווי דער זעלביקער באַנדיט שטופּט אויך אים אַרויס פון דאָרטן אַ צעמזיקטן... מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט צו דער „נאָווע״. ווען מיר זענען אַריין, האָט מען אונדז נישט דערקענט, אַזוי געשוואָלן בין איך געווען. איך האָב נישט געקענט נישט זיצן און נישט ליגן. מען האָט מיר געהאַלטן אין איין לייגן קאַלטע קאָמפּרעסן, ביז איך בין קוים געקומען אַביסל צו זיך. אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך געווען אין שפּיטאָל. דאָרט איז נאָך געווען ד״ר ראָטבערג. ער האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט וויאַזוי איך האָב עס געקענט אויסהאַלטן אַזוינע קלעפּ... ביי מיין קומענדיקן באַזוך אין ביאַליסטאָקער שפּיטאָל איז שוין ד״ר ראָטבערג נישט געווען. ווען עס איז איינגעשטעלט געוואָרן די געטאָ, האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן...

מיר האָבן נאָך דאַן געוווינט ביי מיין שוועסטער, אויף מיצקיעוויטשאַ גאַס אין ביאַליסטאָק. אָבער אין שטאָט פלעגט מ׳ען שוין אָפשליסן גאַנצע ייִדישע קוואַרטאַלן, כאַפּן די מענער און בעטן פאַר זיי אויסלייז־געלט. מען פלעגט די געלטער שאַפן און זיי געבן, אָבער די נפשות צוריק האָט מען שוין נישט אָנגעזען... אין אַ שבת האָבן זיי איינמאָל אויפגעקליבן צוויי טויזנט מאַן. אויך זאַבלודאָווער זענען אַריינגעפאַלן צווישן זיי: פייוול צעסלער (יאַנקל פאַראָווקערס) מיטן זונעלע, וועלוול גלאַטשטיין מיטן זונעלע און איידעם שלמה גאָראָש (לייזשקעס), לייבל יאַשטשיקס, אָדל שייטשיקס מאַן מיט צוויי זין און אַן איידעם און נאָך זאַבלודאָווער. די נאַציס האָבן געפאָדערט אַ סך אויסלייז־געלט — מען האָט אויסגעטאָן די

רינגען און אוירינגלעך. מיט גרויס מאַטערניש האָט מען אויפגעקליבן און זיי צוגעשטעלט די געפּאַדערטע סומע געלט אין גאָלד, אָבער צוריק זענען אונדזערע טייערע יידן שוין נישט געקומען... אָט־די קרבנות האָט מען אַ נאָמען געגעבן און גערופן „די שבתדיקע”... אין געטאָ איז פאַרפאַסט געוואָרן אַ ליד וועגן זיי. שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט איינצלהייטן. ווי אַזוי מען האָט זיי אַרויסגעפירט אויף „פּעטראַשע” צווישן בערג, זיי געהייסן אַליין גראָבן פאַר זיך קברים און — זיי דערשאָסן...

עס איז אַרויס די פאַראָרדענונג „מען מוז זיך אַריינקלייבן אין געטאָ”. ווו אייגער האָט נאָר געקענט, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט. מיר האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן. אַ סך זאַבלודאָווער, וועלכע זענען געווען אין ביאַליסטאָק, האָבן נישט געוואָלט גיין אין געטאָ, ווייל מען האָט גערעדט, אַז די געטאָ וועט זיין אַ פאַרשלאָסענע און אין זאַבלודאָווע וועלן זיי קיין געטאָ נישט קענען מאַכן, וועט מען ווינען אין די פאַבריקן, גאַרבאַרניעס און אין די עטלעכע איבערגעבליבענע הייזער. דעריבער האָבן אַ סך זאַבלודאָווער באַשלאָסן, אַז זיי וועלן זיך אומקערן צוריק קיין זאַבלודאָווע. דערווייל האָב איך געהאָלפן מיין שוואָגער זיך אַריבערצו־קלייבן אין געטאָ. אייביק וועט דאָס טרויעריקע בילד שטיין פאַר מיינע אויגן, ווי־אַזוי די ביאַליסטאָקער יידן פון אַלע אַרומיקע גאַסן האָבן זיך געשלעפּט מיט זייער ביסל אָרעמקייט אין געטאָ אַריין!... קריסטן האָבן געחוזקט און געריסן די פּעקלעך פון זייערע הענט און זיי געשלאָגן און די דייטשן האָבן זיך צוגעקוקט און געלאַכט... מיין טאַטן, וועלכער איז געלאָפן (קעגן אונדזער ווילן) צו מיין שוועגערן מנוחה דער פוכלערקע מאַכן אַ „מנין” ביי איר אין שטוב, כדי צו קענען זאָגן קדיש נאָך זיין זון (מיין ברודער לייבל), וועמען באַנדיטן האָבן דערמאָרדעט מיט צען יאָר צוריק — האָבן די דייטשן געכאַפּט און אָפּגעשניטן אַ האַלבע באָרד, צוזאַמען מיט אַ שטיק באַק...

נאָכדעם ווי איך האָב געהאָלפן מיין שוואָגער זיך אַריבערציען אין געטאָ, האָבן שוין געוואַרט אויף מיר איסר צירולניק מיט דער פאַמיליע, אויך מיין שוואָגער מיכל „צוריק” מיט זיין פאַמיליע און מיר זענען אַלע אַוועק אין זאַבלודאָווע. ווען מיר זענען צוגעקומען נענטער צו זאַבלודאָווע, האָבן קריסטן — וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון שטאָט (דאָס איז געווען אַ זונטיק) — אונדז דערציילט, אַז די נאַציס האָבן אויפגעקליבן אַ שיין ביסל זאַבלודאָווער יידן אויפן גרויסן מאַרק, ווו ס'איז אַמאָל געווען דער פּלומפּ און די סאָוויעטן האָבן דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ סטאַטוע פון סטאַלינען — און האָבן זיי געהייסן אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ און די רעשט צעהאַקן אויף שטיקלעך. דערביי האָט מען זיי געשלאָגן מכות רצח. דאַן האָבן די נאַציס באַפוילן די יידן צו מאַכן אַ „יידישע לוויה”... און דעם קאָפּ האָבן אַלע געמוזט אַוועקטראָגן אויפן בית־עולם און באַגראָבן... אַזוי אַרום איז סטאַלין „באַגראָבן” גע־וואָרן אויפן זאַבלודאָווער בית־עולם... און דאָרט האָבן די רוצחים זיי ווידער געשלאָגן! — זענען מיר שוין געבליבן שטיין און נישט געוווסט וווהין צו גיין, נאָר גיין צוריק קיין ביאַ־ליסטאָק איז שוין געווען שפּעט, זענען מיר אַריין ביי סאַרנאַצקין אין פאַבריק. דאָרט זענען שוין געווען נאָך עטלעכע פאַמיליעס, האָבן מיר שוין דאָרט איבערגענעכטיקט. אויף מאָרגן האָט מען זיך גענומען איינאָרדענען פאַר יעדער פאַמיליע אַ שטיקל פּלאַץ. מיר האָבן גע־מאַכט „נאַרעס”, מיר זענען געגאַנגען אויף די חורבות פון די פאַרברענטע הייזער, אויסגע־זוכט פּליטעס און געמאַכט קיכן צום קאָכן. אַנדערע זענען מיט היגטערוועגן אַוועק אין די דערפער צו קריגן עפּעס עסן. איך האָב שוין מורא געהאַט צו גיין אויפן דאָרף, בין איך אַריין אַרבעטן ביים קריסט ווינציג וואָלאָסעוויטשן, אין דער לעצטער שטוב פון שוסטער־גאַס. זיין איידעם איז געווען צעשעק שעלענגאָוויטש, ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איך וועל זיין ביי אים, וועל איך נישט דאַרפן גיין אַרבעטן ביי די דייטשן. געשלאָפן בין איך דאָרט אין שייער און דערווייל כאָטש באַקומען עפּעס עסן אויך פאַר מיין פאָטער און שוועסטער. אַנ־דערע האָבן אַוועקגעגעבן זייערע יינגלעך פאַר פאַסטוכער, אַבי נישט זיין הונגעריק. אברהמל וויזניק (חיה אָדעסעס), וועלכער איז געווען אין ביאַליסטאָק, איז איינמאָל אַרויס פון דער

שטאָט מיט זיין זונעלע, געוויס צו קומען קיין זאַבלודאָווע, זענען זיי שוין צוריק נישט געקומען. די קינדער זענען זיי נאָכער געקומען זוכן, אָבער מען האָט שוין אַפילו נישט געקענט אויסגעפינען ווו מען האָט זיי געהרגעט...

אַזוי האָט מען יעדעס מאָל זיך אָנגעהערט מיט שוידערלעכע נייס. דערווייל האָט דער נאַצי־קאָמיסאַר אין זאַבלודאָווע באַפוילן צו שאַפן אַ „יודענראַט". דער עלצטער פון „יודענראַט" איז געווען שמעון וויסאָצקי. אייניקע יידן פון „יודענראַט", וועלכע איך געדענק, זענען געווען: זלמן ראַגאָווסקי (דער ריבעלער), יעקב „די באַן" (לייזער לייב־הערשס זון), אהרן קרופניק (שקאָפּס), ראובן בעקער (זלאָמס) און נאָך אייניקע. אלקנה עפּשטיין (רבקה זיידעליכעס אַן אייניקל) איז געווען סעקרעטאַר און יודל פעטלין (זשאַמעס) איז געווען אַ פּאָליציימאַן. יעדן טאָג פלעגט מען אַרויסשיקן מענטשן צו אַרבעטן ביי די דייטשן אויף די שאָסייען. אַ סך האָבן געאַרבעט אויפן שאָסיי ביאַליסטאָק־וואָלקאָוויסק. דאָרט איז עס געווען די פירמע „קירכאָוו" פון דייטשלאַנד. ביי דער אַרבעט האָט מען דאָרט געשלאָגן אומברחמנותדיק. יעדע וואָך האָבן די זאַבלודאָווער יידן געדאַרפט צושטעלן 10 מאַן. אַ סך יונגע מיידלעך און בחורים פון די שטעטלעך יאַנאָווע, סאָקאָלקע און טרעסטינע, וועלכע האָבן דאָרט אויך געאַרבעט, זענען שוין געווען זייער אויסגעמאַטערט. ווען אונדזערע זאַבלודאָווער פלעגן קומען אַהיים אויף זונטיק, פלעגן זיי מיטגעבן עפּעס געלט, מען זאָל זיי קויפן עפּעס ברויט און קאַרטאָפל. איך פלעג נעמען די פור ביי וואָלאָסעוויטשן און זיי אָוועקגעפירט. כ'פלעג פאָרן אַן די לאַטעס אַלס קריסט. פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב פשוט איינגעשטעלט מיין לעבן...

די ערגסטע אַרבעט איז געווען ווינטער, אין די גרויסע פרעסט. די דייטשן האָבן געוואָלט מאַכן דעם שאָסיי דריי מאָל ברייטער פון ביאַליסטאָק ביז מאָסקווע, אָבער זיי האָבן דאָס נישט דערלעבט! מען האָט געדאַרפט האָבן וואָס מער שטיינער צום שאָסיי, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן פונאַנדערנעמען דעם אַלטן בית־עולם אין זאַבלודאָווע. מיר פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין די ביידלעך פון די קברים פון די רבנים און גרויסע צדיקים און זיך גוט אויסוויינען אויף אונדזער גרויסן אומגליק...

די זאַבלודאָווער יידן האָבן, ווי שוין געזאָגט, געוווינט צעוואָרפן איבער אַלע פאַבריקן און גאַרבאַרניעס און אין די עטלעכע הייזער, וואָס זענען געבליבן גאַנץ: אין שעפּסעלע וויסאָצקיס הויז, אין יעקב קופּלינסקיס מויער. דוד לעווינס הויז האָט מען צוגענומען פאַר קאָמיסאַר און דעם ביעלסקער בית־מדרש, דעם רבס הויז, האָבן קריסטן צוגענומען. אין רבקה זיידעליכעס הויז האָבן געוווינט עטלעכע פאַמיליעס. אין אַ געוויסן אָוונט איז שלום עפּשטיין דער שוחט (אלקנהס פאָטער) אַרויס אין דרויסן, איז גראָד אָנגעגאַנגען דער דייטשער קאָמענדאַנט, אים געהייסן שטיין־בלייבן, אַריינגעפירט אים אין הויז אַריין און פאַר אַלעמען אין די אויגן — אים גלייך דערשאָסן.

מיר האָבן נאָך אַלץ געוווינט ביי סאַרנאַצקין אין פאַבריק. איינמאָל אַן אָוונט בין איך, אליהו פעטלין, זיידקע בעקער (מיכאלס), דוד גלאַטשטיין (אַסנעס) און איינער אַ מייסטער פון יאַשינאָווקע, וועלכער האָט געוווינט אַנטקעגן, אין מאָטל בעקערס פאַבריק, אַרויס אויף אַ רגע אין דרויסן. מיר ווייסן נישט פון וואַנען, ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן אַ „געסטאַפּאָוויעץ" און אונדז געהייסן אויף מאָרגן פרי זיך גלייך קומען מעלדן, קיינער זאָל נישט פעלן! אין דער פרי זענען מיר גלייך אַוועק צו שמעון וויסאָצקין און עס אים דערציילט. האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט מיט אונדז מיטגיין. ווי מיר זענען נאָר אַריינגעקומען, האָט מען אונדז אַריינגענו'יען איינציקווייז און מען האָט אונדז מכבד געווען מיט די אמתדיקע שמיץ, אַז מיר זענען קוים מיטן לעבן אַרויס. איך פלעג זיך בעטן ביי שמעון וויסאָצקין ער זאָל מיך אַזויפיל נישט שיקן צו דער אַרבעט, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. כאָטש ער איז אין 1939 געווען צוזאַמען מיט מיר אויפן פראָנט, ווען מיר האָבן זיך געשלאָגן מיט די דייטשן. שמעון וויסאָצקי איז ז׳אַן פאַרווונדעט געוואָרן אין אַ פוס. אַלע זענען זיך דאַן צע־

לאָפּן, נאָר איך מיט משהל ברענער (ניסל אָפּטשיקס) האָבן אים נישט איבערגעלאָזט אויפן פעלד אַליין, אים געטראָגן אַ שטיק וועג ביז צו אַ קאָלאָניע ביי אַ פויער. מיר האָבן דאָן צוליב דעם אונדזער קאָמפּאַניע נישט געטראָפן, שיעור נישט אַריינגעפאַלן צו די דייטשן און נאָר על פּי נס זיך געראַטעוועט. אים, שמעונען, האָט דער קריסט שפּעטער אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל, ער איז נאָכער געזונט געוואָרן און געקומען אַהיים. עס האָט דעריבער געטליעט אין מיר אַ שטאַרקער פאַרדראָס אויף שמעונען: „פאַרוואָס האָט ער איצטער אַלץ פאַרגעסן?...״

מיין מאַמע איז נאָך אַלץ געלעגן אין יידישן שפּיטאָל אין ביאַליסטאָק. דאָס ערשטע מיידל, וואָס האָט איינגעשטעלט איר לעבן און איז אַוועק פון זאַבלודאָווע אין ביאַליסטאָקער געטאָ, איז געוועזן שרהקעלע קופּלינסקי. אויף איר קוקנדיק האָבן שוין אַנדערע אויך גענומען גיין קיין ביאַליסטאָק. אין געטאָ פלעגט מען זיך אַריינגנבענען מיט אַ בריגאַדע, וואָס פלעגט גיין פון דער אַרבעט, אָדער מען פלעגט אַריבערשפּרינגען דעם פּלויט. אין געטאָ האָט מען נאָך עפּעס געקראָגן צו קויפן. מען האָט דאָרט אויסגעאַרבעט זייף און אויך פיל גאַלאַנטעריי־אַרטיקלען. דער עיקר האָט מען זיך געניי׳טיקט אין זייף, ווייל מען איז געלעגן זייער ענג, איינע אויף די אַנדערע. בפרט נאָך אין פאַבריקן, איז די שמוץ געווען זייער גרויס.

מיין שוועסטער איז געוואָרן זייער אָפּגעשוואַכט און פון די כסדרדיקע שרעקן האָט זי גאָרנישט געקענט עסן. איינמאָל איז ווינציג (דער קריסט, ביי וועמען איך האָב זיך אויפגעהאַלטן), געפאָרן קיין ביאַליסטאָק, האָב איך נישט געקלערט, אויסגעטאָן די געלע לאַטע און ווי־עס־איז זיך אַריינגעריסן אין געטאָ און אַוועק צו מיין מאַמען אין שפּיטאָל. ווי נאָר זי האָט מיך דערזען, האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט און מיך געבעטן מען זאָל איר פון דאָרט אַרויסנעמען, ווייל זי ליגט שוין אויפן פאָל — אַזוי פיל קראַנקע זענען דאָרט געווען. בין איך געגאַנגען צו מיין שוועסטער, נאָר ביי איר איז אויך קיין אָרט נישט געווען פאַר איר, ווייל אין געטאָ האָבן גאַנצע פאַמיליעס געוווינט אין איין צימער, און ביי מיין שוועסטער זענען זיי געווען זאַלבעזעקסט... בין איך אַוועק צוריק אין זאַבלודאָווע און געבעטן דעם קריסט צעשעקן (ווייל ער האָט געאַרבעט ביים קאָמיסאַר) ער זאָל אַרויסבאַקומען אַ שיין, האָבן מיר איינגעשפּאַנט דעם וואָגן און געבראַכט די מאַמע פון ביאַליסטאָקער שפּיטאָל צו אונדז אין „פאַבריק״, אין דער „היים״ אין זאַבלודאָווע.

מיטן עסן אין ביאַליסטאָקער געטאָ, האָט מען זיך ווי־עס־איז אַן עצה געגעבן. ווען מען פלעגט אַרויסגיין אויף דער אַרבעט פלעגט מען מיטנעמען פאַרקויפן אַנצוגן, זאַכן אא״וו און פאַר דעם געלט קויפן עסנוואַרג. אַ סך מאָל איז די וואַך געווען אַזוי צו זאָגן „אַ גוטע״ און עס פלעגט זיך איינגעבן אַריינצופירן די עסנוואַרג. אויך אונדזערע זאַבלודאָווער פון אָרלע פלעגן אונדז ברענגען צו פאַרקויפן עסנוואַרג און מיר פלעגן עס אַוועקשמוגלען קיין ביאַליסטאָק. אַזוי אַרום איז מיר אויסגעקומען צו זען ווי אונדזערע זאַבלודאָווער „מעשטשאַניעס״ האָבן געקויפט די שענסטע הייזער אין ביאַליסטאָק פאַר קליינע געלטער — ווייל די יידן זענען דאָך געווען אין געטאָ. די קריסטן האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן איינע די אַנדערע אין די מסחרים, אַבי צו בלייבן מיט יידישן האָב־און־גוטס. אַזוי פלעגן מיר איינשטעלן דאָס לעבן און שמוגלען עסנוואַרג פון זאַבלודאָווע אין ביאַליסטאָקער געטאָ אַריין און דערווייל פלעגן מיר אויך האָבן מיט וואָס צו דערהאַלטן אונדזערע לעבנס.

דערווייל איז אין זאַבלודאָווע אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן מוזן וווינען אין איין פלאַץ, ווייל אַזוי איז מען געווען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע הייזער פון אָפּגעברענטן שטעטל. איצט האָט מען געמוזט וווינען נאָר אין ביאַליסטאָצקיס און אין הערצקעס פאַבריקן, די גאַרבאַרניעס. און ווייל ס׳איז געווען זייער ענג, האָט מען נאָך אָפּגעגעבן בערקע איידלמאַנס פאַבריק (די געוועזענע פּלאַווסקיס) און אַזוי האָט יעדער איינער זיך גענומען איינאָרדענען אויף די קאַטקעס און מען פלעגט גיין צו דער אַרבעט. אָבער לאַנג דאָרט זיין און לעבן אָט־דעם געמוטשעטן לעבן, האָבן די מערדערישע נאַציס אויך נישט געלאָזן. עס האָבן

אָנגעהויבן בלאָזן נאָך בייזערע ווינטן און שוואַרצע כמאַרעס האָבן זיך אָנגעטראָגן אויף ביאַליסטאָק און אומגעגנט. מען האָט געגומען אַרויספירן אַ סך יידן פון ביאַליסטאָקער געטאָ. מען האָט זיי געפירט קיין פּרוזשענע. צווישן זיי זענען דעריבער אויך געווען אַ סך זאַבלודאָווער. מען האָט געזען דורכפאָרנדיק אברהמקע דראַלעס און הערשל בעזרוק מיט זייערע פאַמיליעס און נאָך. אויך די יעניקע, וואָס זענען געווען אין נאַרווע, האָט מען אַרויסגעפירט קיין פּרוזשענע. אַזוי אַרום האָבן די נאַציס אין ביאַליסטאָק געמאַכט דעם געטאָ נאָך קלענער און פאַרשטאַרקט די וואַך. אין איינעם אַ טאָג זענען הערשל בעזרוק און אברהמקע דראַלעס געקומען צופוס פון פּרוזשענע קיין זאַבלודאָווע און געבעטן מען זאָל זען העלפן אונדזער רב ר׳ יוחנן מירסקי און יעקב צעסלער (יאַנקל פּאַראָווקער). מען האָט נאָך דאַן, זייענדיק אין אַזעלכע שוידערלעכע באַדינגונגען, אין זאַבלודאָווע פונדעסטוועגן געשאַפן עפּעס געלט און עס מיטגעגעבן פאַר זיי.

אַ סך געראַטעוועטע פּרוזשענער יידן ווייסן זיכער צו דערציילן פון אַ סך זאַבלודאָווער, וואָס זענען איינגעשטאַנען ביי זיי אין די הייזער.

עס זענען אָנגעקומען די יום־טובים. וועגן מיין משפחה דערגייען צו אונדז טרויעריקע גרוסן. מיין פעטער, דניאל כאַראָווסקי, איז געשטאָרבן און פונקט ערב ראש־השנה. אויך מיין שוואָגער, מלך צירולניק, אויך יונה פעדער (דראַלעס). מיין שוועסטער כאַנטשע (חיים־מנשה פּאַראַזאָווסקיס פרוי), וועלכע איז אדורך דעם פּלויט פון ביאַליסטאָקער געטאָ, האָט זיך צעקאַליעטשעט אַ פינגער, געקראָגן אַ בלוט־פאַרגיפטונג און מען האָט איר נישט געקענט אָפּראַטעווען.

יום־כיפור קומט אונדז אויס, אַ גאַנצע חברה, צו זיין אין פּאַלאַץ נעבן דאָרף דאַבריניאָווקע, ווו מיר זענען אַוועק האַקן האָלץ. מיר מאַכן אין געהיים אַ מנין און גיבן אַכטונג, אַז די נאַצי־באַנדיטן זאָלן אונדז נישט דערשנאַפּן.

זאַבלודאָווער פרויען גייען נאָך אַוועק צו די קריסטן אויף די פעלדער גראָבן קאַרטאָפל, בכדי צו קריגן אַביסל קאַרטאָפל אויפן ווינטער. זיי האָבן זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַזוי נאָענט איז שוין זייער סוף... און, אַזוי, אין פּיין און אין צרות, זענען אַריבער די ימים־נוראים...

עס איז געווען, דוכט זיך, דער 1טער נאָוועמבער 1942, אַ וואָך נאָך סוכות. אייניקע זאַבלודאָווער פון ביאַליסטאָקער געטאָ זענען אַריינגעקומען אין זאַבלודאָווע. איינער פון זיי, יוסף אינטראַליגאַטאָר (שעפסל וויסאָצקיס איידעם), האָט דערציילט, אַז אין ביאַליסטאָק איז די געטאָ שטאַרק באַוואַכט און מען גייט שוין נישט אַרויס צו דער אַרבעט. און דאָ דערוויסן מיר זיך אויך פון די קריסטן, פון די דערפער אַרום זאַבלודאָווע, אַז די דייטשן האָבן באַשטעלט ביי זיי אַ סך פורן אויף מאָרגן אין דער פרי, אויף אַרויסצופירן די זאַבלודאָווער יידן. אַנדערע האָבן געזאָגט — קיין פּרוזשענע, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז אין אַנדערע שטעטלעך, אָבער וווהין אויף זיכער, האָט קיינער נישט געוווסט. בין איך אַריין צו וואָלאָסעוויטשן און געפרעגט צי זיי ווייסן עפּעס וועגן דעם, האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי ווייסן דערווייל גאָרנישט, נאָר ווען זייער איידעם צעשעק וועט קומען פון קאָמיסאַר, וועלן זיי שוין אַלץ ווייסן. דערווייל ווערט נאַכט, איך גיי אַריין צו מיינע עלטערן און דערצייל זיי, אַז מען רעדט אַז מען וועט מאָרגן אַרויספירן אַלע זאַבלודאָווער יידן און בין זיך מיישב וואָס צו טאָן, צי זאָל איך בלייבן מיט זיי אָדער זאָל איך זיך אויסבאַהאַלטן. מיינע עלטערן הייסן מיר זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער זיי אַליין ווילן נישט. פאַר זיי, זאָגן זיי, איז עס צו שווער און ווער ווייס ווי־לאַנג עס קען געדויערן... מיין שוועסטער, וועלכע איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט, מיט איר האָב איך גאָרנישט געקענט אויפטאָן. איך האָב געבעטן מיין שוועסטער און שוואָגער זיי, זאָלן מיר כאָטש געבן די קינדער, אפשר וועל איך זיי קענען אויסבאַהאַלטן מיט זיך, האָבן זיי מיר געענטפערט דעציזירט, אַז ווו זיי וועלן גיין — וועלן די קינדער אויך גיין. איך האָב זיך מיט זיי אויף גיך אָפּגעזעגנט און אַריין צו שמעון וויסאָצקין און אים גע־

פרעגט, אפשר וויל עמיצער מיט מיר גיין זיך אויסבאַהאַלטן? ער ענטפערט מיר, אַז ער קען נישט גיין, ווייל ערשטנס איז ער דער עלצטער פון „יודענראַט" און צווייטנס, האָט ער אַ פרוי און אַ קינד, מוז ער בלייבן. אָבער ער האָט מיך געבעטן איך זאָל נעמען זיין שוואָגער יוסף אינטראַליגאַטאָרן, ווייל אַזוי ווי זיין פרוי געפינט זיך אין ביאַליסטאָק, וועט אפשר אים געלינגען זיך מיט זיי נאָך צוזאַמענטרעפן. מיר גייען אַריין צו ווינציג וואָלאָסעוויטשן אין שייער, פאַרגראָבן זיך טיף אין היי, ביים וואַנט וואָס גייט אַרויס צו די פאַבריקן, צו די גאַרבאַרניעס, כדי מיר זאָלן קענען זען אַלץ וואָס עס קומט פאָר. ווי מיר פאַרבאַהאַלטן זיך אין היי, זעען מיר: עס שטייט שוין אַ פּאַטרול ביים שייער אַנטקעגן די פאַבריקן און היטן מען זאָל שוין נישט קענען אַנטלויפן. מיר ליגן און עס קלאַפּט אונדז שוין אַ צאָן אָן אַ צאָן. וואָלאָסעוויטש קומט אַריין זייער שטיל צו אונדז אין שייער און גיט מיר איבער, אַז זיין איידעם איז געקומען פון קאָמיסאַר און ער זאָגט, אַז ס'איז אמת — מאָרגן גאַנץ פרי פירט מען אַרויס אַלע זאַבלודאָווער יידן און מיר הייסט ער מיטגיין מיט זיי... נאָכער, זאָגט ער, וועט זיין צו שפּעט. אויב די דייטשן וועלן ביי אים טרעפן אַ יידן, וועלן זיי אים גלייך דערשיסן. איך האָב אים אָנגעהויבן בעטן, איך וויל נאָר איבערוואַרטן ביז וואַנען איך וועל זיך קענען אַרויסכאַפּן, וועל איך פון דאָרט אַנטלויפן. (פון יוסף אינטראַליגאַטאָר, אַז ער ליגט מיט מיר באַהאַלטן, האָט ער אינגאַנצן נישט געוווּסט). אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר נישט געקענט איינשלאָפן, מיר האָבן געהערט ווי די וואַך האַלט אין איין אַרומגיין און ריידן. מיטן באַגינען האָבן געגומען אָנפאָרן די פורן פון די דערפער. דאָס איז געווען מאָנטיק, דעם 2טן נאָוועמבער 1942. מיר הערן שוין די פּאַניק וואָס עס קומט פאָר אין די פאַבריקן. אַנדערע לויפן נאָך אָפּנעמען די קינדער, וואָס זענען געווען ביי קריסטן אַלס פּאַסטוכער. מיר זעען אַלץ פון אונדזער באַהעלטעניש, דורך די שפּאַרונעס פון שייער, ווי־אַזוי מען וואַרפט אַרויף די פעקלעך אויף די פורן. די נאַצי־באַנדיטן טרייבן נאָך גיכער צו. אַרום און אַרום איז אַרומגערינגלט מיט „געסטאַפּאָ"־לייט.

מיט געוויינען און יללות טרייבט מען זיי אויף די פורן אַרויף. און איך זע זיי אַלעמען צום לעצטן מאָל... אָט זע איך, ווי מיין מאַמע גייט אַרויס, זי קען נישט אַרויפגיין אויף דער פור, מ'העלפט איר אַרויפגיין... מיין שוואַכע שוועסטער פירט מען אַרויס אונטער די הענט... אָט טראָגט מען אַרויס טילקע ראָגאָווסקין (בערקע פּענערס טאָכטער), זי האָט ריכטיק געבוירן אַ קינד... די פורן נעמען זיך רירן פון אָרט... אָט זע איך מיין טאַטן, ער גייט נעבן וואָגן מיט דעם שטעקן אין האַנט, זיין טלית און תפילין אונטערן אָרעם... זיי וואַרפן דעם לעצטן בליק אויפן שייער — ווו איך געפין זיך...

די פורן פאַרנעמען זיך צו ביאַליסטאָקער שאָסיי. פאַרשטיי איך שוין אינגאַנצן נישט, וווהין מען פירט זיי... פריער האָט מען דאָך געזאָגט — פּרוזשענע, און דאָ גאָר אין ביאַליסטאָקער ריכטונג? ליגן מיר ביידע פאַרשטומטע און ווייסן אינגאַנצן נישט וואָס איבערצוקלערן: „ווו האָט מען זיי געקענט אַוועקפירן?!..."

עס קומט אַריין צו מיר ווינציג און זאָגט מיר, איך זאָל זיין זייער שטיל, ווייל די פּאָסטנס שטייען נאָך אַלץ אַרומגעשטעלט און זיי זוכן אין די פאַבריקן, אפשר האָט זיך נאָך ווער אויסבאַהאַלטן. ער גיט מיר עפּעס עסן, אָבער וועמען קריכט עס אין האַלדז, ווען איך האָב געזען אַוועקנעמען מיינע ליבסטע און טייערסטע... איך בעט אים זיך צו דערוויסן וווהין מען האָט זיי אַוועקגעפירט, זאָגט ער, אַז אויפן וועג קיין ביאַליסטאָק, אָבער וווהין ווייסט ער אויך נישט. אין אָוונט האָבן מיר געהערט כסדרדיקע שיסערייען. ביי פּלאָווסקין איז פאַבריק האָט זיך אויסבאַהאַלטן מאָטיע וואַניעווסקי'ס יינגסטער זונעלע יצחק־הערשל, האָט ער ביינאַכט געוואָלט אַרויסגיין, האָבן זיי אים גלייך דערשאָסן. אויך אברהמל פיינמאַן האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אים אין די הייזער (וואָס זענען גאַנץ געבליבן), האָט מען אים אויך געפּאַקט און דערשאָסן אויפן אָרט. אַזוינע גרוסן גיט מיר איבער דער קריסט, ביי וועמען איך בין פאַרשטעקט און ער דערציילט מיר אויך, אַז פון די פורן, וואָס האָבן אַוועקגעפירט

די זאַבלודאָוואַער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מען האָט זיי אַריינגעפירט אין אָראַניאַן, אין 10טן פּולק אולאַנער און וואָס מען טוט דאָרט מיט זיי, ווייסט מען נישט. און אַזוי זענען מיר — איך און יוסף אינטראַליגאַטאָר — געלעגן ביידע און געטראַכט וואָס וועט מיט אונדז זיין. מיר הערן, אַז די נאַציס גייען אומברענגען אַלע יידן. פון וואַרשע פירט מען שוין אויך אַרויס, מען זאָגט, אַז מען פירט זיי אין גאַז־קאַמערן... מען פירט אַרויס פון אַלע שטעטלעך אַרום און אין די געטאָ אין ביאַליסטאָק איז שוין אויך געשלאָסן. עס קומט אַריין צו מיר וואָלאָסעוויטשעס פרוי און זאָגט מיר, אַז די קריסטן אין שטאָט ריידן, אַז מיך האָט מען נישט געזען אַוועקפאָרן און אַזוי־ווי אַלע מעשטשאַנעס ווייסן דאָך, אַז איך בין געווען די גאַנצע צייט ביי זיי — איז מסתמא באַהאַלטן מיר דיך אויס, בעט זי מיך, אַז איך זאָל זען רחמנות האָבן אויף זיי, ווייל אַז מען וועט מיך פּאַקן, וועט זיי קומען זייער אַ גרויסע שטראָף פאַרן אויסבאַהאַלטן אַ יידן... איך האָב זיך ביי איר אָפּגעבעטן ביז זונטיק, ווייל זונטיק, גלויב איך, וועט מיר זיין לייכטער אַרויסצוגיין פון דאָרט. יוספן האָב איך אַלץ אויסבאַהאַלטן, פון אים האָבן זיי אינגאַנצן נישט געוווּסט, אַז ער איז מיט מיר... איך האָב זיך דורכגערעדט מיט יוספן, וואָס זאָלן מיר טאָן? ער באַשטימט, אַז ער וועט, ווי ווייט מעגלעך צוקומען קיין ביאַליסטאָק צו זיין ווייב און קינד. אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר זיך גוט אַרומגעקוקט צי קיינער גייט נישט. מיר האָבן זיך געזעגנט און יוסף האָט זיך פּאַמעלעך אַרויסגערוקט פון שטאָט. איך האָב זיך נאָך צוגעהערט, צי מען הערט נישט קיין שאָס.. .איך בין געבליבן איינער אַליין און געוואַרט אויף זונטיק, איך זאָל קענען אַנטלויפן פון מיין געבוירנשטאָט!... זונטיק ביינאַכט האָב איך זיך אַרויסגעשלייכט פון דער פאַרברענ־טער, וויסטער זאַבלודאָווע — אָן יידן — און אַרויס מיט די גערטנער צום וועג, וואָס פירט צום נייעם בית־עולם. דורכגייענדיק דעם בית־עולם, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, זיך גוט אויסגעוויינט און מיט אַ הינטערשטן וועג אַוועק צו די דערפער.

איך בין אַריין אין דאָרף „נאָוואָסאַד" צו מיינעם אַ גוטן באַקאַנטן קריסט. זיי זענען געוואָרן דערשטוינט, ווען זיי האָבן מיך דערזען און געזאָגט, אַז ס'איז דאָ אַ פאַראָרדענונג, אַז ווען מען טרעפט נאָר אַ יידן, זאָל מען אים גלייך ברענגען צו די דייטשן, איך זאָל דע־ריבער זען זיך גוט אויסהיטן. איך האָב ביי זיי אַביסל אָפּגערוט. דער קריסט האָט מיך אַרויסגעפירט הינטער די שייערן און איך בין אַוועק ווייטער. מיט דער נאַכט בין איך אַריין אין אַ צווייטן דאָרף צו אַ באַקאַנטן קריסט (איך בין געווען מיט אים צוזאַמען אין געפאַנ־גענשאַפט ביי די רוסן). ער האָט מיר געגעבן אָפּעסן, איך בעט אים: אפשר וועל איך קענען זיין ביי אים אַביסל, וויל ער נישט, ער האָט זייער מורא. ער גיט מיר מיט עפּעס עסן און איך גיי אַריין אין אַ שייער ביי אַ צווייטן קריסט, פאַרגראָב זיך טיף אין היי און ליג דאָרט אָפּ עטלעכע טעג און קיינער ווייסט נישט. איינמאָל איז דער קריסט אַרויף אויף מיר און פשוט געשטאַנען אויף מיר אַ שיין שטיקל צייט און איך האָב עס אויסגעהאַלטן און זיך נישט־וויסנדיק געמאַכט... איך בין אַוועק נאַכער און ווייטער און געלעגן אויך באַהאַלטן אַ שטיק צייט אין אַ קאָלאָניע ביי באַקאַנטע קריסטן. אָבער איינמאָל זאָגט מען, אַז עס וועלן קומען אַ סך דייטשן אויף „געיעג" און וועלן דאַרפן נעכטיקן ביי אָט־דעם קריסט, ווייל ביי אים איז זייער אַ שיינע הויז. האָט ער מיך געבעטן איך זאָל פון דאָרט אַוועקגיין. איך בין אַוועק מיט דער נאַכט דורך פעלדער און וועלדער און אַריין אין מיין טאַטנס בעסטן דאָרף „באַ־ראַנקי". כ'בין אַריין צו אַ באַקאַנטן קריסט, זיך אָפּגעראַזירט, אַרומגעוואַשן, זיי האָבן מיר אויך געגעבן ריינע וועש. איך בין געלעגן אין דער צווייטער האַלבער הויז, וואָס איז געווען ליי־דיק און קיינער האָט נישט געטאָרט וויסן פון דעם. פּלוצים, איך הער, אַ פור פאָרט. כ'גיי צו צום פענצטער און דערזע — דייטשן זענען צוגעפאָרן צום סאָלטיס. דער קריסט לויפט אַריין צו מיר און זאָגט מיר אָן די „טייערע" נייס. איך זאָג אים, כ'וועל זיצן רואיק און כ'גלויב, אַז דאָ וועלן זיי נישט קומען. אָבער דאָ קומט צולויפן זיין זון און הייסט מיר שוין אַנטלויפן ווי שנעלער, ווייל די דייטשן גייען אַהער. דורך דער טיר קען איך שוין נישט

לויפן, נאָר דורכן פענצטער, איך גיב אַן עפן דאָס פענצטער און לויף אַרויס מיט די שטיוול אין האַנט. איך בין גראָד געווען באָרוועס און אַזוי בין איך געלאָפן באָרוועסערהייט אויפן שניי, דורך די פעלדער אין וואַלד אַריין. עס איז שוין דאַן געווען אַ גרויסער פראָסט און איך האָב דאַן אָפּגעפרוירן מיינע פינגער פון די פיס. איך האָב געוואַרט ביזן אָוונט. אין אָוונט האָב איך זיך אומגעקערט פאָרזיכטיק צום קריסט. די דייטשן זענען שוין נישט געווען, אָבער בלייבן דאָרט האָב איך שוין נישט געקענט און די קריסטן האָבן אויך מורא געהאַט. איך בין אַוועק ווייטער און אַריין אין אַ קאָלאָניע, דאָרט געווען עטלעכע טעג, נאָר אויך נישט געקענט דאָרט בלייבן זיך אויסצובאַהאַלטן, צוליב די קליינע קינדער, וואָס זענען דאָרט געווען און די קריסטן האָבן מורא געהאַט, טאָמער דערציילן זיי, בין איך דעריבער געצוווּנגען געווען צו גיין ווייטער. אין אַ קאָלאָניע נענטער צו סוראַזש, האָב איך געטראָפן ביי אַ קריסט — דוד אָרליאַנסקיס איידעם (מאָטשעס) פון סוראַזש. זיין פרוי מיט צוויי מיידעלעך האָבן נישט געוווּסט, אַז זאַבלודאָווער יידן האָט מען אַרויסגעפירט, איז זי אַוועקגעגאַנגען מיט די קינדער קיין זאַבלודאָווע; אין דאָרף באַראַנקי האָבן איר די דייטשן געכאַפּט, זי האָט זיך קוים אָפּגעבעטן און מען האָט איר מיט די קינדער אַוועקגעפירט אין ביאַליסטאָקער געטאָ. מוליע גלוך האָט דאָס געהערט, האָט ער אויך געוואָלט גיין קיין ביאַליסטאָק, האָבן אים די דייטשן געכאַפּט אין טוראַסנע און דערשאָסן גלייך אויפן אָרט. איך בין געבליבן באַהאַלטןביים קריסט (מיט זיין זון האָב איך זיך גראָד געקענט פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט). דערווייל זענען אָנגעקומען די קריסטלעכע חגאות, כ׳בין בייגעווען ביי זייערע צערעמאָניעס און כ׳האָב געמיינט, אַז ביי זיי וועל איך שוין קענען איבערזיין די אומגליקלעכע צייט, אָבער ס׳איז נישט ווי מ׳רעכנט אויס. אַזוי־ווי אין די וועלדער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן רוסישע סאָלדאַטן, פלעגן זיי קומען צו די קריסטן אין די דערפער און קאָלאָניעס, צו קריגן עפּעס עסן. עמיצער פלעגט עס דערטראָגן די דייטשן און די נאַציס פלעגן אָפט קומען פון סוראַזש און מאַכן אָבלאַוועס און צונעמען באַלד די קריסטן, ביי וועמען מען פלעגט זיי כאַפּן. אויך דאָ האָט מען זיך געריכט אויף אַ גרויסער אָבלאַווע איבער אַלע קאָלאָניעס, ווייל די דייטשן האָבן געזוכט — פּאַרטיזאַנער אין גאַנצן אומגעגנט; און איך ווייס שוין נישט יווהין לויפט מען איצט? איך האָב געמוזט אַוועק און כ׳בין אַריין אין גרויסן דאָרף ״זאַביק״. קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן, בין איך פאַרקראָכן צו אַ קריסט אין אַ שייער און געלעגן ביז פאַרטאָג. איך האָב גראָד אָנגעטראָפן אויף אַ גוטן קריסט, וועלכער האָט מיך אַריינגעפירט צו אים אין שטוב, מיר געגעבן עסן און אין זאַל, וווּ קיינער גייט נישט, איז געווען אַ קעלער, וואָס קיינער האָט נישט געקענט וויסן וווּ דער אַריינגאַנג איז, ווייל ער איז געווען אונטער אַ בעט און פאַרדעקט, האָט ער מיך אַריינגעלאָזן אין אָט־דעם קעלער. דער דאָרף איז פול געוואָרן מיט דייטשן און איך האָב געהערט פון מיין באַהעלטעניש, ווי די דייטשן זענען געווען אין הויז אין באַגלייטונג פון דער סוראַזשער פוילישער פּאָליציי, אָבער אין דאָרף האָבן זיי כמעט גאָרנישט געזוכט און זענען אַוועקגעפאָרן. אויף מאָרגן איז דער קריסט אַראָפּ צו מיר אין קעלער, ער האָט אויסגעזען טויט־דערשראָקן און ער האָט מיר אַלץ דערציילט, וואָס די נאַכט האָט זיך אָפּגעטאָן אין די קאָלאָניעס. מען האָט אומעטום געזוכט יידן און פּאַרטיזאַנער. די נאַכט האָבן ברײנסקער יידן, וואָס זענען געלעגן באַהאַלטן אין די וועלדער, געפאָרן קיין ביאַליסטאָק, ווייל זיי האָבן שוין נישט געקענט זיין אין די וועלדער מיט קליינע קינדער, האָט מען זיי דאָרט ריכטיק געכאַפּט און דערשאָסן אויפן אָרט.

איך ליג אין מיין באַהעלטעניש און באַטראַכט מיין גורל — וואָס וועט זיין דער סוף? אַזוי בין איך דאָרט געווען עטלעכע טעג, ווען איינמאָל קומט אַריין צו מיר די קריסטן און הייבט אָן וויינען פאַר מיר: „איך בין אַ מאַמע פון 6 קינדער, זאָגט זי, טאָמער וועט מען זיך דערוויסן, אַז מיר באַהאַלטן דיך אויס (ווייל די קינדער ווייסן דאָך, קענען זיי זיך אַמאָל אַרויסריידן) איז אונדזער לעבן אין געפאַר... איך וועל דיר מיטגעבן עסן און טרינקען און

גיי ווייטער... האָב רחמנות, ראַטעווע מיך און מיין פאַמיליע און ראַטעווע זיך אַליין אויך...״ איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז ביינאַכט וועל איך אַוועקגיין. אינמיטן נאַכט האָב איך זיך מיט זיי געזעגנט און בין אַוועק צוריק מיט די פעלדער אין טיפן שניי, אין דער קאָלאָניע, ווו איך בין פריער געווען. די קריסטן זענען געווען זייער דערשראָקן און האָבן מיר דערציילט, אַז ווען איך בין אַוועק יענעם אָוונט, זענען גלייך געקומען די דייטשן און האָבן געזוכט אַפילו אין אויוון; אין די שייערן האָבן זיי מיט פיקעס געשטאָכן אין היי און אין שטרוי... עס איז געווען פשוט אַ נס, וואָס יענער קריסט איז געקומען אָנזאָגן און כ׳בין אַנטלאָפן באַצייטנס. זעענדיק אַז איצט איז דאָ אויך געפערלעך צו בלייבן, בין איך אַוועק ווייטער, שוין אַליין נישט וויסנדיק — ווו גייט מען?... איך האָב באַשלאָסן זיך דערנענטערן צו ביאַליסטאָק. קומענדיק אין אַ קאָלאָניע, הייב איך אָן פרעגן, איך וויל זיך דערוויסן צי האָבן זיי עפּעס געהערט פון די זאַבלודאָווער, וועלכע מ׳האָט אַוועקגעפירט אין 10טן פּולק. איך דערוויס זיך, אַז מ׳האָט זיי אַרויסגעפירט אין וואַגאָנעס, אָבער וווהין ווייסט מען נישט. אין ביאַליסטאָק, זאָגן זיי, איז שטיל. די יידן גייען צו דער אַרבעט און זיי ראַמען די שטאָט, די פאַרשנייטע גאַסן .דער קריסט, וועלכער דערציילט עס מיר, פאָרט מאָרגן קיין ביאַליסטאָק אַוועקפירן תּבואה. איך בעט אים ער זאָל מיך מיטנעמען, זיין פרוי גיט מיר מיט אַ ברויט מיט פּעטס און מיר פאָרן אַרויס מיטן באַגינען, כדי קיין קריסטן זאָלן נישט זען אַז איך פאָר מיט. מיר פאָרן פאַרביי דעם 10טן פּולק, עס פאָרן אָן דייטשן, איך מאַך זיך נישט וויסנדיק, באַגריס זיך מיט זיי און מיינע אויגן קוקן נאָר אויפן פּולק... ווו אונדזערע זאַבלודאָווער זענען געווען... איך זע אַ סך פרישע קברים... ווער ווייס?... אפשר פון אונדזערע טייערע, וואָס די באַנדיטן האָבן דערשאָסן...

אין שטאָט האָט דער קריסט מורא געהאַט, איך זאָל זיצן ביי אים אויפן וואָגן, ביז איך אַראָפּ, אָנגעשטעלט דעם קאָלנער און גענומען גיין, אַזוי בין איך געקומען אויף סאָסנאָווע, יידן מיט געלע לאַטעס האָבן געראַמט דעם שניי, איך גיב זיי אַ פרעג גייענדיק, צי קען מען אַריינגיין אין געטאָ? זיי זאָגן מיר איך זאָל גיין צו קאָמאַראָוון, דאָרט אַרבעט אַ גרויסע בריגאַדע יידן, וועל איך צוזאַמען מיט זיי קענען אַריינגיין. איך בין אַהין אָנגעקומען און גלייך געטראָפן זאַבלודאָווער. די בריגאַדירשע איז געווען גיטל פישביין (חיה זלאַטעס) און זלמן מילער (משה וועלוולס). זיי דערציילן מיר, אַז אַלע זאַבלודאָווער האָט מען געהאַלטן אַ וואָך צייט אין 10טן פּולק און מען האָט זיי נאַכער אַוועקגעפירט אין טרעבלינקע און אַלעמען אומגעבראַכט!... יששכר באָברע און שניאור פון אַנדרעַנקי און איינער אַ געוויסער מאָטל דער מיכאַלאָווער (וועלכער פלעגט קומען אָפט אין זאַבלודאָווע) איז געלונגען דורך אַ צופאַל פון דאָרט צו אַנטלויפן. זענען זיי געקומען אין ביאַליסטאָק און אַלץ דערציילט, ווי־אַזוי מען נעמט די מענטשן, מען טרייבט זיי אַריין אין אַ באָד און מען פאַרגאַזט זיי!... קיינער האָט זיי דאַן נישט געגלייבט, מען האָט זיי אַפילו געוואָלט דערפאַר איינשפאַרן אין טורמע אין געטאָ. איך בין פונקט געקומען אין טאָג, ווען מען האָט צוריקגעבראַכט די זאַכן פון די קרבנות מיט די וואַגאָנען פון טרעבלינקע, פאַר די פאַבריקן, און צווישן די זאַכן האָט מען געפונען בילדער און פאַספאָרטן פון די אַלע מענטשן, וואָס מען האָט אומגעבראַכט. אין אַנדערע ביכעלעך און סידורימלעך איז געווען אָנגעשריבן: „איר זאָלט נקמה נעמען פאַר אונדז!״ מיר זענען פאַרשטיינערט געוואָרן, דאָס זעענדיק...

יששכר באָברע האָט מיר אויך דערציילט, אַז אין אָראַניאַן, אין 10טן פּולק, זענען צוזאַמען מיט די זאַבלודאָווער, געווען אויך אַ סך יידן פון אַנדערע שטעטלעך, וועלכע מ׳האָט אַרויסגעפירט כמעט אַלע אין זעלביקן טאָג. ער האָט מיר איבערגעגעבן אייניקע דאַטן: „מיין טאַטן ע״ה האָט ער געזען אַ פאַרהונגערטן (ער האָט פון קעסל נישט געוואָלט עסן). זלמן ראָגאָווסקין האָבן זיי דאָרט דערשאָסן און גרשון סלוצקי (דער הויפישער) איז דאָרט געשטאָרבן. *לויט יששכר באָברע האָט מען אַלע אונדזערע זאַבלודאָווער געבראַכט אין טרעבלינקע און זיי אומ־*

געבראַכט — דינסטיק, דעם ערשטן טאָג אין חודש כסלו ה׳תש״ג — דעם 10טן נאָוועמבער 1942. אַלע זאַבלודאָווער זענען כמעט אומגעקומען אין אָט־דעם טאָג, חוץ די יעניקע זאַבלודאָווער, וועלכע זענען געווען אין ביאַליסטאָקער געטאָ און זענען דאָרט אומגעקומען אין די „אַקציעס״, אין פעברואַר 1943. די זאַבלודאָווער, וועלכע זענען געווען אין פּרוזשענע — זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין יאַנואַר 1943.

איך האָב געהאַט אָנגעטאָן אַ פּאָר לאַטעס אויף מיין פּעלצענעם פוטערל און אַזוי־אַרום זיך צוגעטשעפּעט צו דער אַזוי גערופענער „בריגאַדע״. איצט דאַרפן מיר צוריקגיין אין געטאָ דורך „טשיסטע־טויער״, מיר זעען, מ׳ען פירט אונדז גאָר דורך נאָוואָליפּיע, מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז עפּעס נישט גוט. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אויף וואַשילקאָווער גאַס, ביי זַסטראָווסקין אין הויף; דאָרט איז געווען די געסטאַפּאָ. דער קאָמענדאַנט איז געווען פרידעל, ימח שמו וזכרו, מען האָט גענומען אַריינפירן צו 5 מאַן און מיר הערן שוין ווי זיי שרייען. אַלע האָבן גענומען אַרויסוואַרפן פון די טאַשן וואָס איינער האָט נאָר עפּעס פון דאָרט מיטגענומען. איך האָב נאָך געהאַט ביי זיך דעם רוסישן פּאַס, עפּעס געלט, ברויט און פעטס. „אַז זיי וועלן מיך דערזען, וועל איך שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויס״ — איז מיר דורכגעלאָפן דער געדאַנק. זאָג איך צו זלמן מילער: „שפּילע מיר אָפּ פון הינטן די לאַטע״ און איך האָב אָפּגעשפּיליעט אויף גיך די לאַטע פון פאַרנט און ווי־גיך דער געסטאַפּאָ־וויעץ, וועלכער האָט אונדז געהיט, האָט זיך נאָר אָפּגעדרייט אַביסל אָן אַ זייט, האָב איך זיך שנעל אַרויסגעכאַפּט פון טויער, אויף גאָרנישט געקוקט און אָנגעהויבן שפּרייזן גלייך מיטן טראָטואַר. איך דערזע פון דער ווייטנס, גייט אַ גרויסע בריגאַדע, איך בין שנעל צו־געגאַנגען צו זיי און זיך אַריינגעכאַפּט אין מיטן. (עס איז געווען אַ נס, וואָס ס׳איז שוין געווען פינצטער). ס׳איז גראָד געווען די בריגאַדע, וואָס האָט געאַרבעט אין 42טן פּולק און מ׳האָט איר נישט קאָנטראָלירט, מען האָט אויפגעעפנט דעם טויער און אַזוי בין איך אַריין אין געטאָ. ווי נאָר איך בין אַריין, האָב איך אָפּגעאָטעמט און שנעל אַוועקגעלאָפן צו מיין שוואָגער. ווי איך בין אַריין, האָט מען זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט. אין דער הויז זענען גע־ווען אַלע אונדזערע קוזינעס און קוזינס, אָבער מיין שוועסטער כאַנטשע איז שוין נישט געווען. (ווי געזאָגט, איז זי געשטאָרבן פון אַ בלוט־פאַרגיפטונג, ווען זי האָט זיך פאַרוווּנ־דעט אין די דראָטן פון געטאָ־צוים). ווען זי וואָלט געלעבט, ווען מיין פאַמיליע איז געווען אין אָראַניאַן, אין 10טן פּולק, וואָלט זי מער ווי זיכער זיי פון דאָרט אַרויסגענומען, ווייל מ׳האָט פון דאָרט אַרויסגענומען עטלעכע פאַמיליעס. שמעון וויסאָצקין האָט אַרויסגענומען דער עלצטער פון ביאַליסטאָקער „יודענראַט״ — באַראַש; און אַסנע גלאַטשטיין מיט די קינדער האָט מען אויך אַרויסגענומען, אויך איטשקע קופּלינסקי האָט דורך אַ צופאַל זיך אַרויסגעקריגן פון דאָרט און אַזוי־אַרום לעבן־געבליבן (געפינט זיך איצט אין ישראל), אויך ניסל בעקער, דעם פאַבריקאַנט, האָט מ׳ען אַרויסגענומען און נאָך עטלעכע, וועלכע כ׳געדענק איצט שוין נישט.

ווען מען האָט גענומען אַריינפירן די זאַבלודאָווער אין 10טן פּולק, האָט איסר צירול־ניק אָפּגעשטופּט זיין עלטסטן זונעלע, ער זאָל פּרובירן אָפּגיין אָן אַ זייט און אַזוי איז ער אויך אַריינגעגאַנגען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. פּלטיאל דעם קאַשניקס יינגסטע מיידעלע אסתר, אויך מרדכי־מענדל דעם פאַטשערס מיידל חוה און לייזער נורזיצס אַ מיידל, זענען ריכטיק געווען אין מיכאַלאָווע, ווען מען האָט גענומען אַרויספירן די יידן, זענען זיי אַנט־לאָפן פון דאָרט, אָבער אויפן וועג צו זאַבלודאָווע־צו, האָבן זיי שוין געהערט, אַז די זאַבלו־דאָווער האָט מען שוין אויך אַרויסגעפירט, האָבן זיי זיך דערשלאָגן קיין ביאַליסטאָק און האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום געטאָ און נישט געקענט אַריין, ווייל ס׳איז געווען זייער שטאַרק באַוואַכט, זענען זיי אַוועק אין 10טן פּולק און מען האָט זיי לײדער גלייך מיט אַלע אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע. זלמן וועליסן מיט זיין זונעלע איז עס געלונגען אויפן וועג

זיך אָפּצוטראָגן און נאָכער זענען זיי אָנגעקומען אין געטאָ. חנא לעווין (מרדכי לייבס זון) איז אויך אַנטלאָפן מיט די קינדער, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין סטאָגעס היי, זיין מיידל האָט אָפּגעפרוירן די פיס, ער האָט זיך געמוטשעט מיט איר, ביז מען האָט זי געכאַפּט און דערשאָסן; און דוד לעווין, וועלכער איז געווען באַהאַלטן ביי אַ קריסט, האָט דער קריסט שוין ביים ענדע קריג — אַריבערפירנדיק אים איבער אַ טייך — אים גענומען און דער־טרונקען. יאָסעלע לעווין האָט זיך איינגעגעבן אויסצובאַהאַלטן און בלייבן לעבן (געפינט זיך אין אויסטראַליע). אויך שמואל גאַרבער (יאָסל באַרטאָשס זון) האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן; דאָס זעלבע אויך שמעון לעווין (דעם אייזנקרעמערס) געפינען זיך איצט אין ישראל. עס וואָלט זיך אַ סך אפשר איינגעגעבן אויסצובאַהאַלטן ביי קריסטן, נאָר מען האָט נישט געקענט איבערלאָזן די פאַמיליעס אַליין. יצחק גאַרבער (באַרטאָש) למשל, וואָלט זיך אויך אויסבאַהאַלטן, אָבער ער האָט נישט געקענט, ווייל זיין פרוי גוטקע (מרדכי וואַניעוו־סקיס טאָכטער) איז ריכטיק געשטאָרבן און אים אָפּגעשטעלט אַ שיין מיידעלע. אַזוי־אַרום האָט ער שוין נישט געקענט אַנטלויפן. נאָטע וואַניעווסקי, דער ברודער, איז אויך געשטאָרבן און אָפּגעשטעלט אַ פרוי מיט קליינע קינדער. מערי די פוכלערקע (חנאס פרוי) איז דאַן געווען אין ביאַליסטאָק און זי איז נאָך געלאָפן זוכן דעם מאַן מיט די קינדער און זי האָט זיי שוין נישט געטראָפן. מיין שוועגערן מנוחה די פוכלערקע איז אויך דאַן געווען אין ביאַ־ליסטאָק מיט איר מיידל. די מיידל איז געווען באַהאַלטן ביי אַ קריסט, זי איז געווען אַ זעל־טענע שיינהייט, ווי נאָר דער קריסט האָט דערהערט, אַז מען האָט שוין אַרויסגעפירט די יידן פון ביאַליסטאָק, האָט ער איר איבערגעשניטן דעם האַלדז... אַזוי האָבן געטאָן אַ סך קריסטן. עס איז פיל צו שרייבן וועגן זיי, זיי האָבן גענומען געלט און גאָלד און נאָכער דערהרגעט. דער יינגל, מאָריס, האָט זיך דורך אַ צופאַל געראַטעוועט, ווייל די רוסן האָבן אים געהאַט אַוועקגעשיקט אין דרוסקעניק זיך צו פּאָפּראַווען — ער איז געווען אַ שוואַכער. ער געפינט זיך איצט אין ישראל.

משהל און שמערל בינדער (יאַשטשיקס) זענען אויך דאַן אַנטלאָפן און געקומען קיין ביאַליסטאָק און פעלע לאַפּאַטע (זיידקע מענדלס זון) און משהל פליקער (אָפּטשיקס) זענען אויך געווען אין געטאָ. יששכר באָברע (וועלכער איז אַנטלאָפן פון טרעבלינקע), איז געקו־מען צו מיר און מיר איבערגעגעבן, אַז אין געטאָ איז נישט גוט, מען רעכנט אינגיכן אַרויס־פירן פון ביאַליסטאָק צוויי טויזנט מאַן און מיר, פון די שטעטלעך, וועלן געוויס זיין די ערשטע, אַזוי־אַרום זאָלן מיר זיך זען ראַטעווען. איך זאָג אים, אַז אין די דערפער איז זייער שווער, מיר דאַרפן זען צו אַנטלויפן אין וואַלד און זיך אָנשליסן צו די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיך געטראָפן מיט קרינקער און טרעסטינער בחורים און האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי צו אַנטלויפן, נאָר מיר האָבן געדאַרפט האָבן געווער (פאַר געלט האָט מען עס געקענט קריגן). דערווייל פלעג איך אַרויס מיט אַ בריגאַדע וואָס האָט געאַרבעט אין דער גרויסער אָליעוואַרניע — בוימל־פאַבריק — ביי די פליקערס און פון דאָרט פלעגן אַנדערע נעמען אין די קעשענעס צוביסלעך שוואַרצע יאַנדרעס. איינמאָל האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע און געפונען ביי אַ צוויי מאַן צוביסלעך יאַנדרעס, האָבן די נאַציס זיי אַריינגעפירט אין געטאָ און פאַר אַלעמען אין די אויגן זיי אויפגעהאנגען. איינער פון זיי איז געווען ליפע דער האָ־בערניק, פון פיאַסקעס (אברהם דעם פאַוולערס שערמאַנס איידעם, פון זאַבלודאָווע). מיר זעען, אַז די לאַגע אין געטאָ איז נישט קיין גוטע, בעט איך מיין שוואָגער חיים־מנשה, אַז מיר זאָלן אַלע אַנטלויפן, ענטפערט ער מיר, אַז ער מיט די קינדער אַרבעטן אין געטאָ און האָבן גוטע שיינען. גלויבט ער, וועט מען זיי נישט אַרויספירן.

דערווייל האָבן מיר זיך געגרייט צו אַנטלויפן אין וואַלד, נאָר מען האָט געדאַרפט אַ מאַשין (געווער גועמיינט אַן אויטאָ. — רעד.) און דאָס איז אָנגעקומען אַביסל שווער און דאָס געווער איז שוין געלעגן גרייט אויסערן געטאָ. אין איין אָוונט איז יששכר באָברע אַרויס מיט נאָך עטלעכע בחורים צו קריגן אַ מאַשין און אַריין צוריק האָבן זיי שוין נישט געקענט.

די גאַנצע געטאָ איז שוין געווען באַוואַכט און מיר האָבן שוין נישט געקענט אַרויסגיין. עס איז געווען דער 5טער פעברואַר 1943, די נאַציס האָבן אָנגעהויבן די ערשטע אַקציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ. מען האָט געפאָדערט פון „יודענראַט" צוויי טויזנט מאַן. דער „יודענראַט" האָט די פאָדערונג צוריקגעוויזן, זענען זיי אַליין אַריין נעמען אויף כוח. עס האָט דאַן געקאָסט 2000 מענטשלעכע לעבנס!... אין אַ סך הייזער זענען געווען געמאַכט „סכראָנעס" (פאַרבאַהעלטענישן), זענען די דייטשן, ימח שמם וזכרם, געגאַנגען מיט יידישער פּאָליציי, אויפגעזוכט די באַהעלטענישן און געפירט גלייך צום באַן און ווער עס האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין פון די „סכראָנעס", האָבן זיי גלייך דערשאָסן אויפן אָרט... קליינע קינדערלעך האָבן זיי געזשאַלעוועט אַ קויל, האָבן זיי זיי געוואָרפן פון די שטאָקן און אַנדערע צעריסן אויף צווייען. די נאַצי־באַנדיטן האָבן צוגעזאָגט, אַז ווער עס וועט זיי אַרויסגעבן אַ „סכראָן", דעם יעניקן וועלן זיי נישט נעמען... צום גרויס באַדויערן האָבן זיך נאָך געפונען אַזוינע, וועלכע האָבן זיי געגלויבט און האָבן אָנגעוויזן... דערווייל איז געשען: די נאַצי־באַנדיטן זענען באַפאַלן דעם הויף אויף קופּיעצקאַ 29. אַ דרייסטער יונגערמאַן, אַן אַרבעטער מיטן נאָמען יצחק מאַלמעד, כאַפּט אַרויס אַ פלאַש „אָליע וויטריאָל" און גיסט־אָפּ דעם נאַצי, וואָס וויל אים נעמען, פון וואָס יענער איז בלינד געוואָרן. די אָפּגעגאָסענע נאַצי־בעסטיע, כאַפּט נאָך אַרויס אַ רעוואָלווער און פּרוווט זיך ווערן, טרעפט ער אָבער אַ צווייטן נאַצי, וועלכער פאַלט טויט אויפן אָרט. מאַלמעד, אין טומל, ווערט נעלם. דער פירער, דער נאַצי־באַנדיט פרידעל, אויס נקמה, נעמט אַרויס 100 יידן פון יענעם הויף, מענער, פרויען און קינדער, און זיי ווערן געטריבן צו פּראַגעס גאָרטן און נעבן וואַנט פון ניי־וועלט־בית־המדרש ווערן זיי אויסגעשאָסן מיט מאַשין־געווער!... זיי ווערן אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב, ווו די ערד האָט זיך אַ שטיק צייט באַוועגט... אַ סך פון זיי זענען געווען ניט אינגאַנצן קיין דערשאָסענע...



מאָטקע און חיה טויבע זאַבלודאָווסקי מיט אַ טייל פון זייער משפחה (דער זאַבלודאָווער בעקער; געוווינט אין ביאַליסטאָק אויף יאַטקע־גאַס (זאַמענהאָף נומ׳ 5) אויפן הויף ווו די זאַבלודאָווער פורן פלעגן פאַרפאָרן. — דערמאָרדעטע ערובניקעס פון דער מאַלמעד־טראַגעדיע.

צווישן אָט־די קרבנות האָט זיך געפונען די גאַנצע משפחה פון מאָטקע זאַבלודאָווסקי (דער בעקער פון יאַטקע־גאַס נומ. 5, ווו די זאַבלודאָווער פורן פלעגן פאַרפאָרן. ער איז געווען דער זון פון אברהם און סוליע זאַבלודאָווסקי, פון זאַבלודאָווע), אויך די שוועסטער פון מאָטקע זאַבלודאָווסקי — אונדזער זאַבלודאָווער חשובע פרויביילע צעסלער מיט אירע צוויי טעכטערלעך ליליע און סוליע ע״ה (די מוטער און שוועסטערלעך פון די ברידער שמואל, יצחק און משה צעסלער אין אַרגענטינע) — דאָס איז געווען דעם 5טן פעברואַר 1943, ל׳ שבט ה׳תש״ג.

דאָס בילד ווי די אַלע קרבנות זענען געלעגן אַלע דערשאָסענע, שטייט מיר נאָך איצ־טער פאַר די אויגן!... דער דערמאָנטער אַרבעטער יצחק מאַלמעד, ווען ער האָט געזען, אַז עס דראָט אַז צוליב דאָס געשעענע, זאָלן אומגעבראַכט ווערן טויזנטער יידן אין געטאָ, גיט



ביילע צעסלער מיט אירע צווי טעכטערלעך: ליליע (רעכטס) און סוליע (לינקס) — דערמאָרדעטע צווישן די 100 ערובניקעס אין דער ביאַליסטאָקער מאלמעד־טראַגעדיע.

זיך איבער אין די הענט פון די נאַציס, ווו נאָך שרעקלעכע פייניקונגען — הענגען זיי אים אויף אויף קופּיעצקאַ־גאַס, ווו ער הענגט אַ וואָך צייט.

(דעם באַנדיט פרידעל האָט מען נאָך דער מלחמה געפּאַקט און טאַקע אין ביאַליסטאָק געמשפּט און אים דאָרט אויפגעהאנגען).

די „אַקציע" איז אַזוי אָנגעגאַנגען פון מאָנטיק ביז פרייטיק. יעדער אין דער פרי פלעגן



פריץ פרידעל, דער נאַצי־מערדער. וואָס האָט פּערזענלעך דערשאָסן דעם זאַבלודאָווער יודן־ראַט.



פריץ פרידעל פאַרן ביאַליסטאָקער פאָלקס־געריכט.

זיי אַריינגיין און אַרויספירן די קרבנות ביז פאַרנאַכט. פאַרנאַכט פלעגן מענטשן אַרויסגיין פון די באַהעלטענישן און לויפן צו די אייגענע — זען וואָס עס פעלט און שטעלט זיך פאַר די סצענעס, וואָס עס פלעגט זיך אָפּטאָן, ווען מען פלעגט שוין אַ סך נישט טרעפן... אויך די טראַגעדיע האָב איך צוגעזען און דורכגעמאַכט, איך בין אַריינגעלאָפן צו מיין מומע חיה־מלכה (מיין טאַטנס שוועסטער) אויף קופּיעצקאַ־גאַס און זיי קיינעם נישט געטראָפן. אין אונטן זענען געקומען די זין און איין מיידל, וועלכע איז אַנטלאָפן פון באַן און נאָכהער ווי־עס־איז, זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ. ביי דער לעצטער אַקציע האָט מען איר מיט אַ ברו־דער צוגענומען. איין ברודער, וועלכער איז שוין געווען אין וואַלד — געקומען אַרויספירן נאָך מענטשן, איז ביים אויפשטאַנד געהרגעט געוואָרן. מיין שוואָגערס מאַמע איטקע האָט שוין געפעלט. מיכאל פאַראַזאַווסקי (פאַפקע), וועלכער איז צוזאַמען מיט מיר געווען אין יאָר 1939 אויפן פראָנט און איז געהאַט אַריינגעפאַלן ביי די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט אין ביאַלאַ־פּאַדלאַסקי, צוזאַמען מיט הערשל פענער, האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן און אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט — ווייל ער האָט דאָך געהאַט אַ פרוי מיט 2 קינדער — און אָנגעקומען אין געטאָ פונקט ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן די אַקציע.

אין דער אַקציע האָט מען כמעט אַלע זאַבלודאָווער צוגענומען, נאָר דער אַפּטייקער גאָבער און אשר סלוצקי זענען געבליבן. איך בין געבליבן באַהאַלטן אין אַ „סכראָן" צוזאַ־מען מיט משהל און שמערל בינדער און דער שוין דערמאָנטער מאָטל פון מיכאַלאָווע. אויך זלמן וועליס מיטן זונעלע און אַ יונגער דאָקטאָר מיט זיין פרוי, וואָס זענען געווען ביי אונדז אין זאַבלודאָווע. דער „סכראָן" האָט זיך געפונען אויף פּאַבריטשנע 44, ביי אייזנשטאַטן אין אַ שטאַל ריכטיק נאָענט פון דעם צוים פון געטאָ. מיר האָבן געקלערט, אפשר, וועט עס אונדז געלינגען זיך אַרויסצורייסן פון דאָרט. דער „סכראָן" איז געווען זייער קליין און מען איז געלעגן איינע אויף די אַנדערע. מיר האָט פאַרפעלט לופט, כ'האָב מורא געהאַט טאַמער מיט מיין הוסטן וועל איך פאַרראַטן, האָב איך זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן בוידעם און צווישן מעבל, וועלכעס איז דאָרט געווען אָנגעשטעלט — האָב איך זיך פאַרשטעקט אונטער אַ שאַפקע. איך הער ווי די באַנדיטן פירן אַרויס אַ סך מענטשן פון דעם הויף, איך הער ווי זיי גייען שוין אַריין אין שטאַל און אָט הער איך ווי מען גייט צו מיר אויפן בוידעם... די האָר האָבן זיך מיר געשטעלט קאַפּויער... די טרעפּ צום בוידעם זענען געווען צעבראָכענע, האָט דער דייטש אַרויפגעשיקט אַ יידישן פּאָליציאַנט. דער דייטש גיט אַ געשריי ער זאָל אויפ־עפענען די שאַפע ווו איך ליג... דער יידישער פּאָליציאַנט האָט מיך דערזען... איך גיב אים אַ מאַך מיט דער האַנט... ער גיט כלומרשט אַן עפן דעם שראַנק און זאָגט דעם דייטש, אַז קיינער איז נישטאָ... איך בין דאָרט איבערגעבליבן ביז ס'איז שטיל געוואָרן. ווען איך בין צוריק אַראָפּ אין „סכראָן" און מען האָט מיך דערזען — האָבן זיך אַלע מיט מיר אַרומגע־כאַפּט... זיי האָבן געמיינט, אַז איך בין שוין נישטאָ און מען האָט מיך שוין צוגענומען...

דערווייל זאָגט מען, אַז די־יעניקע, וואָס אַרבעטן אין געטאָ און האָבן שיינען קענען גיין צו דער אַרבעט און ווער עס האָט נישט, איז שלעכט; אַ מאַן האָט געקענט נעמען אַ פרוי אויף זיין שיין און אַ פרוי — אַ מאַן, האָב איך געבעטן דער פרוי אייזנשטאַט, זי זאָל מיך מיטנעמען אין פאַבריק. די איבעריקע האָבן נישט געוואָלט גיין, ווייל עס איז געווען זייער אַ גוטער „סכראָן". אין לעצטן טאָג פון דער „אַקציע" האָבן די נאַצי־באַנדיטן אָט־דעם „סכראָן" אויך אויסגעפונען און זיי אַלעמען צוגענומען. אַזוי האָב איך זיך ווידער גע־ראַטעוועט, און איך האָב שוין ווייטער נישט געהאַט מיט וועמען צו אַנטלויפן. פון יששכר באַברע, מיט די אַנדערע, וואָס האָבן צוזאַמען געהאַט אַרויס אויף יענער זייט און זענען אַוועק אין וואַלד, האָב איך ביז היינטיקן טאָג גאָרנישט געהערט און כ'גלייב, אַז אין די אַבלאָוועס אויף די וועלדער זענען זיי אומגעקומען. דער ביאַליסטאָקער בחור און משהל פליקער (אַפּטשיקס), פעלע לאַפּאַטעס (דראַלע) און איטשקע קופּלינסקי, האָבן געלעבט באַ־האַלטן ביי אַ קריסט הינטער ביאַליסטאָק און אַזוי איבערגעלעבט די קריג, איז אָבער געשען

וואָס פּעלע לאַפּאַטע האָט זיך דאָרט פאַרליבט אין דעם קריסטס מיידל און נאָכן קריג גע־וואָלט מיט איר חתונה־האָבן — זענען זיי אַלע אַוועק אויף דער קאָלאָניע (חוץ איטשקע קאָ־פּלינסקין, וועלכער האָט נישט געוואָלט גיין און איז איצט אין ישראל) און געמאַכט דאָרט אַ גאַנצן באַל. עס האָבן זיך פון דעם דערוווסט די אַ.ק. — האָבן אַרומגערינגלט און אונ־טערגעצונדן די שטוב און דערשאָסן די מיידל. ס׳איז אויך געפאַלן טויט משהל פליקער. און דער ביאַליסטאָקער בחור און פּעלע לאַפּאַטע זענען פאַרווונדעט געוואָרן. אַט־אַזוי האָבן די „אַ־קאָווצעס" זיך אָפּגערעכנט און ווו ס׳איז נאָך געווען באַהאַלטן אַ ייִד — האָבן די קריסטן פאַרברענט!

שמעון וויסאָצקי האָט געוואָלט דורכלויפן דעם צוים פון געטאָ, האָט מען אים דער־שאָסן. און יוסף אינטראַליגאַטאָרן מיט דער פאַמיליע האָט מען אַרויסגעפירט. אַ סך האָבן זיך אַליין געגומען דאָס לעבן, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אַריינפאַלן צו די נאַצי־רוצחים אין די הענט. ס׳איז אויך געווען אַ זאַבלודאָוווער קרבן. בכדי נישט אַריינצופאַלן צו די נאַ־ציס, ווען מען איז געגאַנגען זיי נעמען — איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אויפהענגען זיך, דער חשובער זאַבלודאָוווער תושב משה־וועלוול מילער (שווער פון דיכטער שמואל צעסלער און פאָטער פון זיין פרוי שרה־עטל, וועלכע געפינען זיך אין אַרגענטינע). די געטאָ איז נאָך אַלץ געווען שטאַרק באַוואַכט, מען האָט גענומען אויפקלייבן די טויטע אין שטאָט, כדי אַלע צו מקבר זיין אין איין גרויסן מאַסן־קבר אויף זשאַביע־גאַס. מיר האָבן געפונען אַ סך קינדער, וואָס מאַמעס אָדער טאַטעס האָבן זיי אַליין דערשטיקט, ווייל זיי האָבן געוויינט, אָדער געהוסט אין די באַהעלטענישן. די פאַרבליבענע האָבן זיך גענומען פאַרשרייבן צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ. איך בין אַוועק צו סובאָטניקן (אונדזער אַלטן זאַבלודאָוווער רבס זון), וועלכער איז געווען אין געטאָ אַ גרויסע פּערזענלעכקייט און האָב אים געבעטן, איך וויל גיין צו דער אַרבעט אין 42טן פּולק; געקלערט האָב איך, אַז פון דאָרט איז לייכטער צו אַנט־לויפן אין וואַלד. ער האָט מיך פאַרשריבן און איך האָב אָנגעהויבן אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, אָבער אַ פאַרבינדונג מיט וועמען צו גיין אין וואַלד האָב איך נישט געהאַט. איינער אַ וואָלקאָוויסקער, מיט וועמען איך האָב זיך באַפריינדעט ביי דער אַרבעט און ער האָט זיך גוט געקענט מיט באַראַשן, דעם עלטסטן פון „יודענראַט" אין ביאַליסטאָקער געטאָ, האָט מיר געזאָגט, אַז דערווייל וועט מען שוין מער פון ביאַליסטאָק נישט אַרויספירן און אויב עס וועט האַלטן שלעכט, וועט באַראַש אים צו־וויסן־געבן. מ׳ר פלעגן יעדן טאָג גיין צו דער אַרבעט און גענומען אַריינשמוגלען עסנוואַרג אין געטאָ. איינמאָל האָט מען געמאַכט אַ גרויסע רעוויזיע ביים טויער און אַלץ צוגענומען און איך האָב נאָך געקריגן פון באַנדיט פרידעל — גוט צעהרגעט. אָבער מיר האָבן נישט געקוקט אויף קיין זאַך און ווייטער גע־טראָגן. איינמאָל בין איך אַדורך דעם טויער, איז געווען אַ גרויסע רעוויזיע, מען האָט פּונקט אינגאַנצן ליקווידירט גראָדנע, איז פון דאָרטן געקומען דער קאָמענדאַנט סטרעבלאָוו און ער אַליין איז פּונקט געשטאַנען ביים טויער און ביי וועמען ער האָט נאָר עפּעס געפונען, האָט שוין יענעם קיין צרות נישט געפעלט און איך האָב פּונקט אַרום זיך געהאַט אַרומגע־לייגט עסנוואַרג, און אין די קאַלאָשעס פון די הויזן אָנגעהאנגען ווורשטן. איך האָב זיך דורכ־געריסן אָן אַ רעוויזיע. כ׳בין אַריין אין אַ הויף און אַלץ אַרויסגענומען, איז צו מיר צוגע־גאַנגען דער יידישער קאָמענדאַנט פון גראָדנע, וואָס מען האָט זיי געבראַכט אין ביאַליסטאָ־קער געטאָ און ער האָט מיר געדריקט די האַנט און געזאָגט, אַז ס׳איז געשען אַ נס מיט מיר, ווייל ווען סטרעבלאָוו פּאַקט עס, וואָלט ער מיך געוויס פאַר דעם דערשאָסן.

איינמאָל זענען די באַנדיטן געקומען אין געטאָ באַקוקן די צוימען אַרום, מ׳האָט גענו־מען ווידער ריידן פון אַרויספירן, האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז מאָנטיק וועלן מיר אַרויסגיין מיט דער בריגאַדע און פון דאָרט אַנטלויפן אין וואַלד. אָבער עס איז נישט ווי מען רעכנט אויס. זונטיק הערן מיר שוין, אַז די גאַנצע געטאָ איז שוין באַוואַכט און איך בין שוין ווידער געבליבן אין פּאַסטקע. אַ גאַנצע נאַכט פון זונטיק אויף מאָנטיק זענען מיר אַ חברה אַרום־

געלאָפן אַרום די צוימען און בשום אופן זיך נישט געקענט אַרויסרייסן. אין דער פרי, האָט מען שוין צו דער אַרבעט נישט אַרויסגעלאָזן און געהייסן אַלעמען זיך אויפקלייבן אויף איין פּלאַץ און ווער עס וועט בלייבן — דעמיעניקן וועט מען גלייך דערשיסן; און געזאָגט האָבן זיי, אַז מען פירט אַלעמען אַרויס קיין לובלין — אויף אַרבעט. נאָך אַ באַראַטונג מיט דער חברה, איז ביי אונדז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר וועלן אַלע זיצן אין איין וואַגאָן. מיר זאָלן מיטנעמען געצייג און פאָרנדיק וועלן מיר שפּרינגען, ווייל קיין אַנדער אויסוועג האָבן מיר נישט געהאַט. דערווייל זענען די באַנדיטן אַריין אין געטאָ און גענומען אַרויסטרייבן אַלעמען פון די הייזער. מען האָט דאַן געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן זיי. אַ סך פון די באַנדיטן זענען געפאַלן, איך בין פאַרוואונדעט געוואָרן און באַקומען אַ קויל אין דער לינקער האַנט און זיך געמוזט צוריקציען. מיין קוזין איז געפאַלן מיט אַ מאַשין־געווער אין האַנט — די איבעריקע האָבן זיי געכאַפּט און אויסגעשאָסן; אַזוי האָט מען אונדז אַלעמען אַרויסגעטריבן פון געטאָ אויף די „פּעטראַשער פעלדער". עס זענען געווען אַ סך אוקראַינער, וועלכע האָבן אונדז אַלעמען אויפגעטריבן אויף איין פּלאַץ, אונדז געהרגט און געשלאָגן מכות רצח... ווער עס האָט געטראָגן גוטע שטיוול האָבן זיי אַראָפּגעריסן פון די פיס. פרויען האָבן זיי געשטאָכן מיט די פּיקעס, אַ סך זענען דערשטיקט געוואָרן פון געדראַנג, ווען איינער פלעגט פאַלן, פלעגן אַלע פאַלן איינע אויף די אַנדערע. זיי האָבן אַרומגעשטעלט אַרטילעריע אַרום און אַרום און עס איז אומעגלעך געווען צו אַנטלויפן פון דאָרט. אַזוי בין איך נאָך יענע נאַכט געלעגן צוזאַמען מיט מיין שוואָגער און קינדער, קוזינס, קוזינעס און זייערע קינדערלעך, וואָס זיי האָבן קוים אויסבאַהאַלטן פון דער ערשטער „אַקציע". אין דער פרי זענען געקומען די נאַצי־רוצחים, אויפגעקליבן אַלע קליינע קינדערלעך אין פעלד אויף איין פּלאַץ. די קינדערלעך האָבן גענומען לויפן צוריק צו די מוטערס — זענען די מערדערס געשטאַנען און מיט קולקעס (שטעקנס מיט פאַרדרייטע הענטלעך) אין די הענט, האָבן זיי געכאַפּט די קינדערלעך פאַר די העלדזער און געוואָרפן צו דער ערד... די געשרייען פון די קינדערלעך און פון די מאַמעס צום הימל, קלינגט מיר נאָך איצט אין די אויערן. מען האָט זיי אַלע געטריבן ווי די שעפּסעלעך צוריק אין געטאָ, זיי דאָרט געהאַלטן אומגעפער צוויי וואָכן. מיט זיי איז נאָך געבליבן דער ראַבינער ד"ר ראָזנמאַן און דער „יודען־עלטסטער" באַראַש, נאָכער האָט מען פון די קליינע קינדערלעך אַרויסגעצויגן דאָס בלוט און געגעבן עס פאַר זייערע פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן; און צו ד"ר ראָזנמאַן און צו באַראַשן האָבן זיי געזאָגט אין אוישוויץ: „איר זענט געווען גוטע יידן, וועלן מיר אייך אין אויוון נישט שיקן, נאָר מיט אַ קויל דערשיסן!..." — אַזוי איז געוואָרן אויך ביאַליסטאָק — „יודען־ריין"...

פון פעלד פלעגן זיי אָפּשיקן גאַנצע גרופּעס צום באַן און איך בין אַלץ געבליבן פון די לעצטע. נאָכער האָט מען שוין אונדז אויך אַוועקגעטריבן צום באַן און אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג צו טרעבלינקע!...

מען האָט אונדז אָנגעפּאַקט אין די וואַגאָנעס און ווי מיר זענען אַרויסגעפאָרן, האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז מען פירט אונדז אין דער ריכטונג, פון וואַנען מען קומט שוין נישט צוריק... אונדזער חברה האָט גענומען מיט די געצייג וואָס מיר האָבן געהאַט, אויפברעכן די וואַגאָנעס, מען האָט גענומען שפּרינגען פון די צוגן אין גאַנג, אָבער די באַנדיטן זענען געזעסן אויף די דעכער פון די וואַגאָנען און מיט מאַשין־געווער געהאַלטן אין איין שיסן. איך האָב אַליין געזען ווי דער חבר מיינער פון וואָלקאָוויסק איז אַראָפּגעשפּרונגען און מען האָט אים גלייך דערשאָסן, אַזוי־אַרום האָב איך שוין נישט געוואָלט שפּרינגען. די באַנדיטן האָבן אַפילו געשאָסן אין די וואַגאָנעס — האָבן זיי דערהרגעט אַ סך פון מיינע באַקאַנטע. איך בין שוין געלעגן אויפגעדרייט אין אַ ווינקל, אַז קיין קויל זאָל מיך נישט טרעפן; און אַזוי האָט מען אונדז צוגעפירט ביז טרעבלינקע. מיר האָבן געזען דעם אויפשריפט מיט גרויסע ווערטער: „אַרבייטס־לאַגער". מען האָט אָפּגעטשעפּעט עטלעכע וואַגאָנעס, ווו עס זענען געווען נאָר פרויען און מען האָט זיי דאָרט אַריינגעפירט און אונדז האָט מען געפירט

ווייטער. אויפן וועג האָט מען זיך אַ סך מאָל אָפּגעשטעלט. מיר האָבן זיך געבעטן ביי זיי אַביסל וואַסער, ווייל די היצן זענען דאַן געווען זייער גרויס און איך אַליין האָב געהאַט פּי־בער פון דער קויל, וואָס איך האָב געקריגן. עס איז געווען שרעקלעך און מיר האָבן זיך געבעטן ביי די אוקראַאינישע באַנדיטן, אַ טרונק, מיר האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן פון דורשט, האָבן זיי געפּאָדערט פון אונדז — געלט און מיר האָבן זיי געגעבן, וויפיל מיר האָבן נאָר געהאַט, אָבער קיין וואַסער האָבן זיי נישט געגעבן; און אַזוי זענען מיר ביינאַכט אָנ־געקומען קיין לובלין. מען האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין די וואַגאָנעס ביז פּאַרטאָג און דאַן האָט מען אויפגעעפנט די וואַגאָנעס און אונדז געהייסן אַרויסגיין און מיטנעמען די טויטע... מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין די נאַציס „ס.ס.״־לייט מיט הינט האָבן אונדז געטריבן אין טויטן־לאַגער — מיידאַנעק. — — —

איך האָב זיך קוים דערשלעפּט ביז דאָרט, מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין אַן ארומ־געצוימטן פּלאַץ מיט שטעכעדיקע דראָטן און מיר זעען ווי דער קוימען רויכערט זיך און עס שמעקט מיט מענטשן־פלייש... די היץ איז שרעקלעך געווען, מיר האָבן געהאַלטן אין איין שרייען: „וואַסער״! האָט מען געבראַכט צופירן אַ הייסן קעסל מיט קאַווע און יעדער איינער האָט זיך געשטופּט צום קעסל קריגן אַ ביסל און אַזוי שטופנדיק זיך האָט מען אויסגעגאָסן ז׳עם גאַנצן קעסל קאַווע אויף דער ערד. אַ סך האָבן זיך אָפּגעפּאַרעט און אָפּגעבריט אין די באַנדיטן זענען געשטאַנען פון ווייטן און געלאַכט... מיר האָבן גענומען טיכעלעך און אויפ־גענומען די ערד מיט דער שמוציקער פליסיקייט און אַזוי אַריינגעקוועטשט אין מויל אַביסל „קאַווע״ — אָפּצונעצן די ליפּן פון עטלעכע טעג וואָס מיר האָבן אין מויל נישט געהאַט, דערצו בין איך נאָך געווען פאַרוואונדעט מיט דער קויל אין פּלייצע, האָב געהאַט פיבער, האָב איך שוין געבעטן גאָט, עס זאָל לאַנג נישט געדויערן און איך זאָל שוין לאַנג נישט דאַרפן זיך מוטשען... מען האָט אַריינגעטריבן גאַנצע פּאַרטיעס אין אַ באַראַק, אַלעמען זיך געהייסן אויסטאָן אינגאַנצן נאַקעט, עס זענען דאָרטן געשטאַנען גרויסע קאַסטנס מיט גאָלד, געלט און זייגערלעך און זיי האָבן געהייסן אַלץ אַריינוואַרפן אין די קאַסטנס. איך האָב נאָך געהאַט עפּעס געלט אין די שטיוול און געמוזט אַלץ אָפּשטעלן. נאָר איך האָב געהאַט איין אויערינגל מיט אַ ברילִיאַנט, דאָס איז נאָך געווען ביי אונדז פון זייער לאַנג. מיין מאַמע ע״ה האָט עס מיר געגעבן, ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט זיי אין פאַבריק. מיין מאַמע האָט דאַן צו מיר געזאָגט: „נעם עס, אפשר וועט עס דיר צונוץ־קומען און דו וועסט זיך ראַטעווען פאַר דעם״... האָב איך גענומען דאָס אויערינגל און עס צוגעבונדן צום פּאַסיק פון די הויזן. אַלץ האָט מען צוגענומען, אָבער די פּאַסקעס האָט מען געהייסן נעמען צווישן די פינגער פון די הענט און דאָס מויל האָט מען געמוזט האַלטן אָפן; און אַזוי זענען מיר אַריין אין אַ צווייטן באַראַק. דאָרט האָט מען אונדז אָפּגעשוירן. דער ראַזירער פרעגט מיך, צי איך האָב עפּעס באַהאַלטן אין מיינע באַנדאַזשן וואָס איך האָב געהאַט באַנדאַזשירט מיין וווּנד, וועט ער עס נעמען ביי מיר און מ׳יר נאָכער צוריקגעבן, ווייל מיר האָבן פון דאָרט געדאַרפט אַריינ־גיין אין באָד. ביים שמאָלן אַריינגאַנג זענען געשטאַנען צוויי הויכע געסטאַפּאָ־לייט און זיי האָבן באַטראַכט יעדן איינעם — ווער עס זאָל גיין רעכטס און ווער לינקס... איך זאָג דעם ראַזירער, אַז איך האָב גאָרנישט, נאָר איך פרעג אים צי איך קען אַראָפּנעמען די באַנדאַזשן, זאָגט ער מיר, אַז מען קען שוין נישט, ווייל זיי האָבן מיך שוין באַמערקט און איך מוז דורכ־גיין לעבן זיי; און ווי איך גיי דורך, האָבן זיי מיך גלייך פאַרהאַלטן און איינער אַ נאַצי פרעגט מיך: „וואָס איזט דאַס?״ (אָנווייזנדיק אויף די באַנדאַזשן). איך זאָג אים: „איך האַבע איין קוגעל בעקאָממען״. פרעגט ער מיך צי איך קען אויפהייבן די האַנט (ווייל די קויל האָב איך באַקומען אין מוסקל און איז אַריין אין פּלייצע) — איך האָב אויפגעהויבן די הענט מיט מאַטערניש. ער פרעגט מיך מיין „בערוף״ און עלטער, איך זאָג אים — איך בין פון פאַך אַ „טישלער״ און בין אַלט 26 יאָר. ער האָט מיך שוין געוואָלט דורכלאָזן, אָבער פּלוצלינג האָט דער צווייטער געגעבן אַ געשריי: „לינקס!״, ס׳האָט שוין גאָרנישט געהאָלפן... איך

האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן מיר לאָזן זיך אָנטרינקען מיט וואַסער — האָבן זיי מיר געלאָזן — און כ׳האָב אַזויפיל, אַזויפיל געטרונקען און זיי האָבן געלאַכט, וואָס פאַרן טויט וויל איך כאָטש זיך אָנטרינקען מיט וואַסער. — מען האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאָר קורצע הויזן און געהייסן גיין אין „באָד״ — דאָס הייסט, איך זאָל אַריינגיין אין קאָרידאָר, ווו עס פירט צום אויוון, ווו מען פאַרברענט די מענטשן... ווי איך קום דאָרט אַריין, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, איך גיב אַ קוק, איך געפין זיך מיט אַלע פאַרווונדעטע אַלטע לייט, און די וואָס האָבן זיך אָפּגעבריט ביי דער קאַווע און „גם אני בתוכם״... און אַלע שטופּן מיך שוין... איך זאָל גיין ווייטער... בעט איך זיי: „שטופּט מיך נישט, די קויל שטעקט מיר אין פּלייצע, לאָזט מיך שטיין ביי דער טיר...״ און שטייענדיק ביי דער טיר, האָב איך אַביסעלע געעפנט די טיר און געבעטן דעם יידישן „קאַפּאָ״, וואָס האָט אונדז געהיט — ער זאָל מיך זען ראַטעווען, איך בין נאָך אַ יונגער מענטש. פרעגט ער מיך, צי איך האָב פאַר אים עפּעס אַ ווערטפולע זאַך. כ׳האָב אים אַ ווייז־געטאָן דאָס אויריגגל מיטן בריליאַנט... „רייס אַרונטער שנעל די באַנדאַזשן״, האָט מיר דער „קאַפּאָ״ אַ זאָג־געטאָן און איך וועל זיך דורכרעדן מ׳יט דעם „בעסערן״ באַנדיט און ווי נאָר ער האָט באַמערקט, אַז זיי זענען נישטאָ, האָט ער אויף שנעל צוגענומען ביי מיר דאָס אויריגגל און מיך אַריינגעלאָזט אין באָד, איך האָב אַרומגעוואַשן דאָס פאַרטריקנטע בלוט פון האַנט, איך האָב דאַן געקריגן אַ פּאָר וועש מיט הילצערנע שיך און אַ קיילעכיקע היטל און אויף שנעל אַרויס אויפן הויף. עס זענען שוין געשטאַנען גרייט אַ 50 מאַן אַריינצומאַרשירן אין די בלאָקן און איך האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן מיך אַריינלאָזן אין מיטן. (איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועט מען מיך דערקענען, ווי זאָגט מען: „אויפן גנב ברענט דאָס היטל״). איך שטיי שוין מיט דער גרופּע, און עס פיבערט אין מיר מיין גאַנצער קערפּער פון אומגלויבלעכן נס: „זיך געראַטעוועט פון אויוון!...״

מיר האָבן אַריינגעמאַרשירט אין די באַראַקן, דאָרט האָט אונדז אויפגענומען אַ יידישער „בלאָקאַווער״ — אַ וואַרשעווער טרעגער — און ער האָט געהאַלטן אַ שטעקן אין האַנט און געשלאָגן פאַר יעדער קלייניקייט, און מען האָט צוגעטיילט פאַר יעדע צוויי מאַן אַ „בעט״... דריי בעטן איינע אויף די אַנדערע. מיר איז געווען זייער שווער צו שלאָפן זאַלבעצווייט, ווייל די קויל האָט מיר זייער געשטאָכן, האָב איך געבעטן דעם „בלאָקאַווער״ ער זאָל מיך לאָזן שלאָפן אַליין אין אַ בעטל, האָט ער מיך געפרעגט צי איך האָב עפּעס „אַרונטערגעשלונגען״ גאָלד צי אַ בריליאַנט, וועט ער שוין זען עס אַרויסצונעמען... איך זאָג אים, אַז איך האָב גאָרנישט, נאָר איך האָב גאָלדענע קאָראָנעס אויף די ציין, וועל איך עס אַראָפּנעמען. ער האָט מיר געגעבן דאָס אייבערשטע בעטל אַליין.

בייטאָג קומט אַריין דער שרייבער פון בלאָק און פרעגט ווער עס איז קראַנק — זאָל זיך מעלדן, און מען וועט גיין צום דאָקטאָר. אַנדערע האָבן זיך געמאָלדן, נאָר איך האָב זיך אָפּגעדרייט אָן אַ זייט, איז צו מיר צוגעלאָפן דער „בלאָקאַווער״ און אָנגעהויבן שרייען אויף מ׳יר: „אויב דו האָסט אַ קויל אין פּלייצע, מוזטו גיין״. ווען איך בין אַריין צום דאָקטאָר, האָב איך געזען, אַז אַ סך קראַנקע פאַרשרייבט מען שוין; דער דאָקטאָר — אַן אוקראַאינער, שיקט מיך צום צווייטן דאָקטאָר, יענער זאָל מיר פאַרשרייבן און איידער איך גיי־צו צום צווייטן דאָקטאָר (וועלכער איז גראָד געווען אַ ייד), באַמערק איך ווי ער האָט צו מיר אַ ווונק־געטאָן, איך האָב גלייך פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, איך האָב זיך גלייך אַרויסגעשאַרט און אַוועק צוריק אין מיין בלאָק. דער „בלאָקאַווער״, מיך דערזעענדיק, פרעגט מיך גלייך וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט — איך זאָג אים, אַז דער דאָקטאָר זאָגט, אַז די קויל איז נישט שעדלעך — איך זאָל זען זיך היטן נישט קריגן קיין קלאַפּ. דאָס איז געווען שבת און פון איין באַראַק אין אַנדערן האָט מען נישט געקענט גיין, נאָר זונטיק האָט מען געקענט גיין איינע צו די אַנדערע.

איך בין געווען אין בלאָק נומ. 29 און אין באַראַק נומ. 30 זענען געווען מיינע קוזינס פון וואַשילקאָוו און אַ סך באַקאַנטע קצבים און דאָרט איז געווען איינער אַ ד״ר קלעמענטי־

נאָווסקי — דעם ד״ר ראָטבערגס, פון ביאַליסטאָק, אַן אַסיסטענט. איך האָב אים געפרעגט אַן עצה וואָס צו טאָן, זאָגט ער מיר, ווען ער האָט אַפּילו אַ פּראָסטן מעסערל, נעמט ער אַרויס די קויל, אַזוי נאָענט איז זי געווען, אָבער קיינער האָט קיין מעסערל אויך נישט געהאַט, מ'ען האָט דאָך ביי אַלעמען אַלץ צוגענומען — אַפּילו קיין לעפל צום עסן האָט מען נישט געגעבן, נאָר מען האָט געגעסן פון דער שיסעלע. דער ד״ר קלעמענטינאָווסקי ראָט מיר איך זאָל ריידן מיטן יידישן דאָקטאָר, וואָס האָט מיר געהייסן אַוועקגיין. כ'האָב שוין אַ גאַנצן טאָג נישט גערוט און געזוכט אומעטום דעם דאָקטאָר און ענדלעך אים דערקענט. כ'בין צו אים צו, זאָגט ער מיר אויף פויליש: „פּאַן יעסט מאָנדרי״, דאָס הייסט, איך בין קלוג, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען זיין ווונק, ווען נישט, וואָלט איך שוין איצט מיט אים נישט גערעדט... און ער הייסט מיר שמעקן מיט דער נאָז... ווייל, די אַלע מענטשן, ווען ער האָט פאַרשריבן, די אַלע ברענען שוין איצטער!... פרעג איך אים: „דאָקטאָר, אפשר קענט איר מיר העלפן און אַרויסנעמען די קויל?״ עס איז זייער לייכט — ווי אויסרויכערן אַ סיגאַרעט — ענט־פערט ער, אָבער ער קען דאָס נישט און טאָר דאָס נישט טאָן, ווייל אויב מען וועט זיך דער־וויסן, וועט ער גיין צוזאַמען מיט מיר אין אויוון... פרעג איך אים, וואָס זאָל איך טאָן? עס שטעכט מיך זייער, זאָגט ער מיר — עס מאַכט נישט אויס, איך וועל זיך צוגעוווינען צו דעם, איך זאָל זיך נאָר אָפּהיטן פון קלעפּ. און ווען מען וועט פאָדערן מענטשן צו דער אַר־בעט, זאָל איך זיין דער ערשטער און זיך נישט אויסבאַהאַלטן, ווייל אַנדערע ווילן נישט גיין צו דער אַרבעט, פאַלן זיי ווי פליגן פון שטיין גאַנצע טעג און נישט עסן; אָבער די וואָס גייען אַרויס צו דער אַרבעט, קריגן עפּעס פּאַרט צו עסן, ווייל עס קומען דאָרט קריסטן און ברענגען עסנוואַרג, נאַטירליך נישט אומזיסט, מען טראָגט זיי אַרויס זאַכן, וואָס מ'גנבעט אַרויס פון די מאַגאַזינען און דערוווייל קען מען לעבן. דער דאָקטאָר איז אַליין געווען אַ וואָר־שעווער, אָבער ליידער איז ער אויך נישט געבליבן לעבן...

איך האָב אים געפאָלגט און יעדן טאָג, ווען מען האָט נאָר געדאַרפט מענטשן צו דער אַרבעט — בין איך געווען דער ערשטער, און אַזוי פלעגט מען אַ גאַנצן טאָג שטיין און מאַכן מיט די היטלען: „מיטצן אַפּ!״ אָדער „מיטצן אַאוף!״ ד. ה. מען זאָל אויסטאָן די היטלען אָדער אָנטאָן די היטלען, דאָס זענען געווען די פאַראָרדענונגען... און מענטשן פלעגן חלשן אַזוי שטייענדיק אין די גרויסע היצן. אין אַ געוויסן טאָג, אַזוי שטייענדיק אויסגעשטעלט אויף דעם גרויסן פעלד פון מיידאַנעק, איז אַריינגעריטן אויף אַ ווייסן פערד דער גרעסטער באַנדיט פון מיידאַנעק און אַז ער פלעגט אַריינפאָרן, האָט מען זיך נישט געטאָרט קיין ריר טאָן, ווייל אַז ער פלעגט באַמערקן ווער עס גיט זיך אַ ריר, פלעגט ער גלייך צופאָרן; אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ נאַגייקע פון בליי און גלייך יענעם דערהרגענען צום טויט...

דאָס איז געווען דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָפמאַן! ימח שמו וזכרו!

(נאָכן קריג האָט מען אים געכאַפּט און אויפגעהאַנגען, טאַקע דאָרט אין לובלין).

איינמאָל האָט ער אַ געשריי־געטאָן: „ווער עס איזט שניידער -- הענדע האָך!״ — ד. ה. מען זאָל אויפהויבן די הענט. איך קלער נישט קיין סך, הויב אויף מיין האַנט! באַקאַנטע ביאַליסטאָקער, וועלכע שטייען נעבן מיר, פרעגן מיך צי איך בין אַ שניידער — איך זאָג זיי: איך האָב אַמאָל געהאַלטן אַ נאָדל אין האַנט... ווען איך בין געווען אין מיליטער, פלעג איך שטענדיק איבערנייען שיינע קנעפּ... אָדער די „פּאַטקעס״ אין מיין „בענדל״, וואָס איך האָב געהאַט...

די־יעניקע, וועלכע האָבן אויפגעהויבן די הענט, האָבן זיי גלייך אָפּגעטיילט און צונויפ־געקליבן שניידערס, רימערס, טישלערס א. אנד. און אונדז אַריינגעפּאַקט צו 60 מאַן אין אַ וואַגאָן און אַריינגעוואָרפן עטלעכע ברויטן און אַ פּאָר פלעשער קאַווע. זיי האָבן געזאָגט, אַז מען פירט אונדז אין ראַדאָם. מיר זענען שוין דורכגעפאָרן ראַדאָם און מען האַלט אונדז אין איין אַרומפירן, כדי עס זאָל ווערן נאַכט, מיר זאָלן נישט זען וווהין מען פירט אונדז אַריין — ענדלעך, אין מיטן נאַכט, זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ סטאַנציע. דאָרט האָט מען

אונדז אויסגעלאָדן — עס האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז די „ס.ס.“ און אַ סך אוקראַאינישע באַנדיטן. מען האָט אונדז אַרייַנגעפירט אין דעם לאַגער „בליזשין“. דער לאַגער בליזשין איז געווען באַקאַנט מיט דעם, וואָס די דייטשן האָבן דאָרט דערמאָרדעט אַ סך רוסישע געפאַנגענע, נאַכער איז „בליזשין“ געוואָרן אַן אַרבעטס־לאַגער פאַר די דייטשן פון שניידערס, שוסטערס, סטאָליערס א.א.וו.

אויפן פלאַץ זענען מיר אַזוי געלעגן ביז עס איז געוואָרן טאָג, נאַכער האָט מען אונדז צעטיילט אין בלאָקן; איך בין אַרייַנגעפאַלן גאָר אין דעם בלאָק פון שוסטערס און דאָרט זענען שוין געווען יידן פון פיאָטרקאָוו, פון קיעלץ און פון ראַדאָם. איינער אַ ייד פון פיאָטר־קאָוו האָט מיך מקרב געווען, אַרייַנגענומען צו אים אין וואַרשטאַט; מיין אַרבעט איז געווען דערלאַנגען צום האַנט און טראָגן די סחורה. אַ גאַנצע וואָך פלעגט מען אַרבעטן און זונטיק איז דאָרט געווען דער גלאַוונער אַפּעל ד.ה. מען פלעגט גוט דורכציילן צי קיינער פעלט נישט.

דאָ אין בליזשין האָבן די יידישע קאַפּאָס געהאַט די גאַנצע מאַכט און די עלטסטע פלעגן נאָר קומען קאָנטראָלירן בייַנאַכט און אונדז פאַרשליסן אין די בלאָקן. נאָכן איבערציילן פלעגט מען דורכגיין אַ שמאָלע טיר און מען פלעגט נאָך ווייטער ציילן. יעדער איינער האָט זיך גיכער געשטופּט צום אַרויסגאַנג, ווייל מען האָט געוואָלט לויפן נאָך די ביסל וואַסער־דיקע זופּ, וואָס מען האָט געגעבן. — איינמאָל, זיך שטופּנדיק, איז געשטאַנען אַ „קאַפּאָ“ און געשלאָגן מיט אַ נאַגייקע און איך האָב באַקומען פון אים אַ קלאַפּ מיט דער נאַגייקע פּונקט אין דעם אָרט ווו איך האָב די קויל און איך האָב גלייך געחלשט. מען האָט מיך אָפּגעמינ־טערט און דער „קאַפּאָ“, זיך דערוויסנדיק, אַז איך האָב אַ קויל אין פּלייצע, האָט מיך גלייך גענומען אונטער דער האַנט און אַרייַנגעפירט צום דאָקטאָר. ווי דער דאָקטאָר האָט נאָר אַ קוק־געטאָן, האָט ער גלייך מיר געהייסן זיך לייגן, מיר געגעבן אַ שלאָף־טרונק... ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָט מיר דער דאָקטאָר געוויזן די קויל. אין שפּיטאָל האָב איך לאַנג נישט געטאָרט זיין. ווען איך בין צוריק אַריין אין וואַרשטאַט, האָט מען דאָרט געמאַכט די שענסטע שטעק־שיך פאַר די דייטשע סאָלדאַטן. מען האָט עס איבערגעאַרבעט פון די שענס־טע יידישע קליידער, וואָס זיי האָבן צוגענומען.

איך האָב אָנגעהויבן ווידער טראָגן היין און צוריק די סחורה צו די מאַגאַזיניען, ווייל דאָרט, נעבן די מאַגאַזינען, האָט מען געקענט אַ כאַפּ־טאָן אַמאָל אַ קאַרטאָפל, אַמאָל אַ בו־ראַק, ווייל די מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין וואַרשטאַט זענען געווען געשוואָלן פון הונגער. ביי די דראָטן פלעגן קומען קריסטן און ברענגען עסנוואַרג און זוכן עס אויסצובייטן אויף זאַכן פון די מאַגאַזינען. איינמאָל הערן מיר אַ שיסעריי ביי די דראָטן, מיר זעען ווי אַ מיידל לויפט און די באַנדיטן דערשיסן איר אויפן אָרט. דאָס איז געווען אַ ביאַליסטאָקער מיידל (זי האָט זיך דערוווסט, אַז אַ סך ביאַליסטאָקער געפינען זיך דאָ, האָט זי זיך פאַר־שטעלט פאַר אַ שיקסע און געקומען אַזוי־ווייט). זי האָט שוין אַפילו געהאַט אָפּגערעדט מיט די ביאַליסטאָקער ביי די דראָטן, אַז מיר זאָלן זיין גרייט, מען וועט קומען אונדז אַרויסנע־מען און מיר וועלן אַנטלויפן אין וואַלד. אָבער ווי זי האָט גערעדט, זענען, צום אומגליק, אָנגעקומען פּוילישע שקצים, וועלכע האָבן איר דערקענט, אַז זי איז אַ יידישע, — האָבן אָנגעהויבן אויף איר אָנווייזן און שרייען: „זי איז אַ יידישע!...“ ווען זי האָט גענומען אַנט־לויפן — האָט זי געפונען דעם טויט... פאַר מיין צייט, זענען אויך דריי פּיאָטרקאָווער (וואָס זענען געווען צוזאַמען מיט מיר אין באַראַק) אַנטלאָפן, גויים האָבן זיי געכאַפּט, איבערגע־געבן צו די דייטשן ביי אונדז אין לאַגער און נאָכן פּייניקן זיי — האָט מען זיי דערשאָסן פאַר אונדז אין די אויגן... דאַקעגן דריי ביאַליסטאָקער בחורים, האָט זיך איינגעגעבן צו אַנט־לויפן.

אין אַ געוויסן טאָג, ביים לאַדעווען שטיינער, איז מיר אַראָפּגעפאַלן אַ שטיין אויפן פוס און כ׳האָב זיך צעקלאַפּט. ווען איך בין געקומען צוריק פון דער אַרבעט, איך זע, ס׳איז שלעכט — מען שטייט אַלע אויסגעשטעלט אויפן אַפּעל־פּלאַץ און מען קלייבט אויס די

שוואַכע, איך האָב זיך אויסגעדרייט מען זאָל מיך נישט באַמערקן; אָבער דער „קאַפּאָ" האָט גלייך באַמערקט מיין צעקלאַפּטן פּוס און האָט שוין פאַראָרדנט — איך זאָל אַרויסגיין. איך האָב זיך אָנגעהויבן בעטן ביי אים: „מיר איז שוין בעסער..." אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. איך האָב געמוזט גיין, מען פירט אונדז אַריין אין אַ ליידיקן באַראַק און מען פאַרשליסט אונדז. שפּעטער קומען אַריין צו אונדז דער קאָמענדאַנט מיט זיינע יוצר־משרתים — מען נעמט פון אונדז אַראָפּ די בעסערע קליידער און מען פאַרבייט עס אויף שמאַטעס — מיר האָבן דאַן געמיינט, אַז נישט אַנדערש — ביינאַכט פירט מען אונדז אַרויס דערשיסן. מיר הויבן זיך אָן בעטן, זיי באַרואיקן אונדז, אַז מען וועט אונדז גאָרנישט טאָן, — נאָר מען שיקט אונדז אין אַן אַנדער לאַגער. די גאַנצע נאַכט האָבן מיר קיינער מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט פאַר שרעק. מיר זענען געשטאַנען גרייט — אָט נעמט מען אונדז שוין אַרויס... צום טויט. — — —

אין דער פרי איז געקומען אַ „שטורם־פירער" פון ראַדאָם, האָט אונדז אַלעמען אַרויס־געפירט, געהייסן — דורכלויפן יעדן איינעם ווי פערד אויף אַ יאַריד, זען צי די „סחורה" איז גוט, אַרויפגעזעצט אונדז אויף אויטאָס און אַוועקגעפירט אונדז קיין ראַדאָם אויף אַר־בעט. אַזוי־אַרום איז פון דער רעה, וואָס דער „קאַפּאָ" האָט מיר געוואָלט טאָן — זיך אויס־געלאָזן אַ טובה און איך בין דערווייל ווידער ניצול געוואָרן...

אָנגעקומען אין ראַדאָם, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין באָד און געגעבן בעסערע זאַכן, נאָכער האָט מען אַ טייל פון אונדז — באַשטימט אין די פאַבריקן פון אַמוניציע. איך בין אַריינגעפאַלן צווישן 10 מאַן, וועלכע מען האָט אויסגעקליבן צו גיין אַרבעטן אין שטאָטביים „גענעראַל בעטשער" — מיר האָבן דאָרט געבויט אַ שוך־קעלער. די געטאָ איז שוין אין שטאָט נישט געווען, די וועלכע זענען דאָרט לעבן־געבליבן, זענען אַלע געווען אין די באַראַקן און עסן איז דאָ געווען מערער, אַזוי־אַרום איז דאָרט שוין געווען „נישט שלעכט". דערווייל הויבן אָן דערגיין צו אונדז ידיעות, אַז דער דייטש קריגט גוטע קלעפּ אויפן פראָנט און פון לובלין האָט מען געבראַכט צו אונדז אַ סך מענטשן, וואָס דערציילן, אַז אין לובלין האָט מען שוין אַלע אומגעבראַכט — אַפילו די פוילישע געפאַנגענע. זיי דערציילן, אַז די סאָוויעטישע אַרמיי, גייט מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, ס'דערוועקט זיך ביי אונדז אַ פונק פון האָפענונג — אפשר וועט אונדז נאָך פאָרט זיך געלינגען צו ראַטעווען. — פּלוצלונג, מען באַוואַכט אונדזער לאַגער און מען לאָזט קיינעם נישט אַרויס. מען זאָגט, אַז מען וועט אונדז אַרויספירן פון דאַנען, ווייל די סאָוויעטן שטייען שוין ביי וואַרשע. מיר האָבן שוין אַפילו געהערט די קלעפּ פון די האַרמאַטן; אין אַזאַ צייט, ווען די ישועה, דוכט זיך, איז שוין אַזוי נאָענט — הייסט מען אונדז אַלע אַרויסמאַרשירן. אַ סך האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן אין די באַראַקן, אָבער מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ווען מיר וועלן אַוועקגיין, וועלן זיי די באַראַקן אונטערצינדן. אין שפּיטאָל פון באַראַק איז געלעגן אַ ביאַליסטאָקער פרוי, איינע ווינאַקור (איר מאַן האָט געדינט צוזאַמען מיט מיר אין דער פּוילישער אַרמיי) — האָבן די דייטשן אויף שנעל אויסגעגראָבן אַ גרוב און זי דערשאָסן. ווען מען האָט אונדז אַרויסגע־פירט פון ראַדאָם, האָבן אַ סך ראַדאָמער, געפּלאַנט צו אַנטלויפן. איינער, וועלכער איז אַריינ־געלאָפן אין די קאָרן, האָבן די דייטשן אים גלייך דערשאָסן. מען האָט געהאַלטן אין איין יאָגן וואָס שנעלער, אַ סך זענען געווען זייער שוואַך און נישט געקענט גיין, זענען נאָכגע־פאָרן פורן און דער דייטשער דאָקטאָר האָט פאַראָרדנט (כלומרשט פון גוטסקייט...) אַז ווער עס איז שוואַך, זאָל זיך זעצן אויף די פורן; און ווען זיי האָבן שוין געהאַט פולע וועגענער, האָט מען די קרבנות אַריינגעפירט אין וואַלד און אויסגעשאָסן... אַזוי זענען זיי פּטור גע־וואָרן פון די שוואַכערע. מיר זענען אדורך אַ סך שטעטלעך, מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פעלד צום נעכטיקן, איך האָב מיט זיך געהאַט אַ דעקע, האָב איך אָפּגעריסן שטיקער, גע־ווייקט אין וואַסער און צוגעלייגט צו די פיס, וואָס זענען געשוואָלן געוואָרן פון גיין. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו — מען האָט אונדז אַלע אַריינגעטריבן אין אַ גרויסער

זייד־פאַבריק און אונדז דאָרט פאַרשפּאַרט. מען איז דאָרט געלעגן איינע אויף די אַנדערע און די באַדערפענישן אַפילו — האָט מען דאָרט אויך געמאַכט... מיר האָבן געמיינט, אַז דאָרט וועלן מיר שוין אומקומען... אָבער ענדלעך האָבן זיי ווי־עס־איז געקריגן וואַגאָנעס, אונדז אַריינגעפּאַקט און אַוועקגעפירט אין דעם „גוטן" לאַגער — אוישוויץ. ווען מיר האָבן דערזען דעם טויטן־לאַגער אוישוויץ, מיט די גרויסע קוימענס, האָבן מיר שוין געמיינט אַז דאָ וועט מען אונדז שוין זיכער אַלע פאַרברענען, אָבער מען האָט אונדז אויסגעשטעלט נעבן די וואַגאָנעס און מען האָט געמאַכט אַ קליינע סעלעקציע — מען האָט אויסגעקליבן די עלטערע מענטשן און אויך עטלעכע קליינע קינדער, — וואָס אַנדערע האָבן אויסבאַהאַלטן אין לאַגער און דעם גאַנצן וועג האָט מען זיך גענוג אָנגעפּלאָגט ביז מען האָט זיי געבראַכט, — זיי אַלעמען אַריינגעפירט אין אויוון און פאַרברענט... (צווישן זיי איז אויך אַריינגעפאַלן אַ קינד פון מיינעם אַ גוטן באַקאַנטן, איינער פרידמאַן, וועלכער האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט און איך האָב אים געהאָלפן עס טראָגן). — פאַר אונדז האָט זיך משתדל געווען דער לאַגער־קאָמענדאַנט פון ראַדאָם, ער האָט אונדז רעקאָמענדירט אַלס גוטע אַרבעטער. מיר זענען געווען אָנגעטאָן אין געשטרייפטע זאַכן ווי אַרעסטאַנטן, האָט מען אונדז געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג און געגעבן צו שטיקלעך ברויט מיט מאַרגאַרין, נאָכער צוריק אונדז פאַרפּאַקט אין די וואַגאָנעס און אַוועקגעפירט אונדז קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. (אַזוי־אַרום האָבן מיר זיך געראַטעוועט פון אוישוויץ). נאָך צוויי מעת־לעת פאָרן, זענען מיר געקומען אויף אַ סטאַנציע נאָענט פון שטוטגאַרט, מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין נייע באַראַקן, וואָס זענען געווען אויפגעבויט צווישן בערג, כדי די עראָפּלאַנען, וואָס קומען באָמבאַרדירן זאָלן זיי נישט אַרויסזען. מען האָט אונדז גענומען אייגטיילן גרופּעסווייז און צו פאַרשיידענע אַרבעטן — אַנדערע צו שטיינער, אַנדערע צו פלעכטן דראָטן, מיך האָט מען גענומען צו לאָדעווען אין די וואַגאָנעס די פאַרטיקע אייזן און דראָטן. קיין אַרבעט האָט נישט געפעלט, אָבער עסן איז געווען זייער ווייניק, דאָס עסן איז באַשטאַנען פון אַביסל וואַסער, מיט וואַסערדיקע ריבן. פרוכט איז דאָרט געווען זייער אַ סך אויף די פעלדער, אָבער מען האָט נישט געטאָרט צוגיין נאָענט צו דיביימער (דאָרט איז אויף די פעלדער געווען אַ סך פרוכט־ביימער). די פויערים פלעגן נישט אויפקלייבן די פרוכטן פון דער ערד, וואָס פלעגט אַראָפּפאַלן פון די ביימער און די באַנדיטן פלעגן עס נישט לאָזן אויפהייבן. נישט איינמאָל האָבן זיי דערשאָסן אַ יידן פאַר וועלן נעמען עפּעס פון פעלד. איינמאָל האָט אַ יונגער בחור, פון סטאַשעוו איז ער געווען, זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ בוים, מיינענדיק אַז מ'זעט אים נישט, אָבער אַ נאַצישע קויל האָט אים גלייך געטראָפן אויפן בוים...

פון די רוסישע געפאַנגענע (וועלכע האָבן דאָרט אויך געאַרבעט) דערוויסן מיר זיך, אַז וואַרשע איז שוין פאַרנומען... און מיר זענען איצט אַזוי ווייט... עס פליען דורך אַמאָל אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען, יעדן טאָג הערן מיר ווי די דייטשע שטעט ווערן באָמבאַרדירט. ווען עס פלעגן אָנפליען די אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען, פלעגן מיר זיך צעלייגן אויפן פעלד. צו אונדזער פרייד איז גאָר קיין גלייכן נישט געווען, ווען מיר האָבן געהערט, אַז די אַליאירטע האָבן באָמבאַרדירט שטוטגאַרט, הייסט עס דאָך — זיי זענען שוין נאָענט פון אונדז! אַ מאָדנעם געפיל האָבן מיר דאַן געהאַט: „אויב ס'איז באַשערט געהרגעט צו ווערן, טאָ זאָל עס זיין פון די אַמעריקאַנער — איידער פון די באַנדיטן"...

אָבער פּלוצלונג האָט מען אויפגעקליבן אַ שיין ביסל יידן און מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער, צו דער אַרבעט האָבן מיר יעדן טאָג געדאַרפט גיין 6 קילאָמעטער, דאָרט זענען געווען גרויסע בערג, האָבן זיי געוואָלט מאַכן פאַבריקן אין די בערג. אונדזער אַרבעט איז געווען אונטערצולייגן דינאַמיט און אויפרייסן און נאָכער אַרויספירן די ערד מיט וואַגאָנעטקעס. ביינאַכט זיך אויסרוען האָט מען נישט געקענט; ווי נאָר מען פלעגט זיך צולייגן, פלעגן קומען די באַנדיטן און הייסן מאַכן אָרדענונג און ווער עס פלעגט זיך אַזוי גיך נישט אויפהייבן, פלעגט שוין יענער אַריינכאַפּן די אמתע קלעפּ... איינמאָל

האָט מען אַראָפּגעבראַכט צו אונדז פון וואַרשע די פּוילישע אויפשטעטנדלער פון דער באַלאַגערונג אַרום וואַרשע, פון זיי האָבן מיר זיך אַלץ דערוווסט וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די יידן אין וואַרשע און ווי־אַזוי די נאַציס, ימח שמם וזכרם, האָבן ליקווידירט דעם געטאָ. אַ סך פּאָליאַקן פון דער גרופּע, וואָס מען האָט געבראַכט צו אונדז, האָבן אָנגעהויבן פאַלן ווי פליגן. מיר זענען שוין געווען פאַרהאַרטעוועט, אָבער זיי זענען נאָך נישט געווען צוגעוווינט צו דער אַרבעט און צו די קלעפּ. אַנדערע פלעגן וועלן אַנטלויפן, פלעגט מען זיי גלייך דערשיסן. אַ סך פון זיי זענען אויסגעשטאָרבן אין לאַגער. זיי זענען כמעט אַלע געווען די אינטליגענץ פון וואַרשע. מיר פלעגן נישט זיין איבערקלייבעריש, וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט, האָט מען געגעסן, מיר פלעגן ׳גיין צו דער קיך און קלייבן די שאָלעכץ פון קאַרטאָפל און וואָס מ׳יר האָבן נאָר געקריגן, אַבי צו דערהאַלטן די נשמה.

עס רוקט זיך שוין אָן דער ווינטער און קיין הילף זעט מען נאָך אַלץ נישט. די אַמעריקאַנער גייען פּאַמעלעך און מיר שמאַכטן נאָך אַלץ אין די טיפע טונעלן פון די בערג... איינמאָל וועקט מען אונדז אויף גאַנץ פרי, מען זאָגט, מען „קלייבט״ שוין אויס ווייטער מענטשן אַוועקצושיקן אין אַ צווייטן לאַגער. מיר גיט זיך איין, דורך דער אייבערשטער בעטל, פאַרשטעקן אויפן בוידעם פון באַראַק. איך הער ווי די יידישע „קאַפּאָס״ לויפן אַרום, זוכן מיך און שרייען: „ווו איז דער ליטוואַק פאַרפאַלן געוואָרן?״ דערווייל זענען שוין אָנגעקומען די דייטשן צוצונעמען די „אָפּגעקליבענע״ — די „קאַפּאָס״ האָבן געמוזט אוודאי צושטעלן אַן אַנדערן. כמעט אַלע ביאַליסטאָקער האָבן זיי דאַן אַוועקגעשיקט. ווען די דייטשן זענען אַוועק, בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש. ווי דער „בלאָקאַווער״ האָט מיך דערזען, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „נו, גוט, דערווייל ביסטו געראַטעוועט״, אָבער די קאַפּאָס האָבן מיך נאָר געוואָלט איבערגעבן צו די דייטשן, אָבער אַדאַנק אַ ביאַליסטאָקער יינגל, וועלכער איז ביי די דייטשן געווען דאָרט אַ שיק־יינגל — „דער זינגער פון די שיך״ האָט מען אים גערופן — האָט מיר אָפּגעבעטן, מען זאָל מיר גאָרנישט טאָן. מען האָט נאָכער דערציילט, אַז די אַלע וואָס מען האָט אַוועקגעפירט אין צווייטן לאַגער — זענען כמעט אַלע אויסגעשטאָרבן. מסתמא איז מיר נאָך באַשערט זיך לענגער צו מאַטערן. מיר הערן מען באָמבאַרדירט די דייטשישע שטעט און ביי אונדז האָט מען שוין ביסלעכווייז אָפּגעשטעלט די אַרבעט, פאַרשטייען מיר שוין, אַז די דייטשן גייט שוין נישט אַזוי פויגלדיק. אַ פּאָר מאָל האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין גרויסן וואָקזאַל פון לודוויגסבורג, דאָרט האָבן די אַמעריקאַנער באָמבאַרדירט און חרוב געמאַכט דעם וואָקזאַל, האָבן מיר גערדאַרפט אָפּרייניקן די ברוכשטיקער. אויפן וואָקזאַל האָבן זיך געפונען אַ סך וואַגאָנעס מיט סחורות און כל־טוב — אָבער קיינעם איז נישט געלעגן אין זינען עפּעס צו נעמען, מען האָט נאָר געזוכט עסנוואַרג און מענטשן זענען געהן ווי חיות, מ׳פלעגט צוכאַפּן איינער ביים צווייטן — איינער האָט געוואָלט איבערלעבן דעם אַנדערן... צוריק פון לודוויגסבורג צו אונדזער לאַגער, האָבן מיר נישט איינמאָל געמוזט גיין צופוס און די־יעניקע, וועלכע פלעגן נישט קענען גיין און זיך אָפּשטעלן אויפן וועג — פלעגן די דייטשן דערשיסן.

איינמאָל, אין מיטן דער נאַכט, אין לאַגער — אַ טרעוואָגע, מען וועקט אונדז אַלע אויף. מיר מוזן זיך אויסשטעלן אויף גיך און מען שיקט אונדז אַלע (חוץ די קראַנקע) אין אַן אַנדער לאַגער — דאָס איז שוין געווען דער לעצטער לאַגער: קאַנענדאָרף. דאָרט האָבן אונדז איבערגענומען דייטשן מיט הינט. מען טרייבט אונדז אַריין אין אַ באַראַק, אַלע האָבן זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט, די זאַכן האָט ביי אונדז צוגענומען, כלומרשט אויף אויספּאָרען, אָבער זיי האָבן פריער גוט באַטאַפּט און ביי וועמען זיי האָבן עפּעס געפונען, האָבן זיי צוגענומען. אַזוי זענען מיר געשטאַנען אין קעלט אַ גאַנצן טאָג, מען האָט דאָרט אַריינגעטראָגן אַן אייזערנעם אויוון, האָבן זיך אַלע געשטופּט נאַקעטערהייט אָנצוואַרעמען, האָט מען מיך אַרויפגעשטופּט אויפן ברענענדיקן אויוון און איך האָב פאַרברענט ביידע הענט מיט די קני פון די פיס. קיין מעדיצינישע הילף האָט מען נישט געגעבן. שפּעט אין אָוונט האָבן מיר

צוריקבאַקומען די זאַכן און זיך אָנגעטאָן, אַריינגעטריבן אונדז אין אַ צווייטן בלאָק זיך לייגן שלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט צוגעמאַכט מיט קיין אויג פון די גרויסע ווייטיקן. אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען אַלעמען געשיקט צו דער אַרבעט, מ׳האָט געדאַרפט בויען אַ באַן־ליניע. איך און נאָך עטלעכע, פאַרברענטע פון אויוועלע, האָבן זיך געמאָלדן, אַז מיר קענען נישט גיין צו דער אַרבעט, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַמבולאַנס, גע־געבן אַביסל הילף און אויף עטלעכע טעג באַפרייט אונדז פון דער אַרבעט ביי דער באַן־ליניע. אָבער רוען אין די באַראַקן האָט מען נישט געקענט. מען האָט געדאַרפט גאַנצע טעג רייניקן און פוצן דעם באַראַק און אַרום באַראַק. איך האָב זיך געפילט זייער קראַנק און גאָר־נישט געקענט טאָן, געוואָלט זיך אַביסל אויסרוען און דער „בלאָקאַווער" — (אַ פּוילישער שייגעץ, אַן אַנטיסעמיט, אַ היצעל) האָט זיך גאָרנישט געלאָזטריידן און האָט מיך געהאַלטן אין איין שלאָגן. ער איז געווען דער אמתער באַנדיט. כ׳האָב שוין בעסער געוואָלט גיין צו דער אַרבעט און נישט בלייבן אין באַראַק. ביי דער אַרבעט האָט מען אויך געקענט אַ כאַפּ־טאָן אַמאָל אַ בוראַק און אין לאַגער איז דאָס געווען געפערלעך...

אויסרוען אַביסל פלעגן מיר קענען, ווען די אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען פלעגן אָנפליען. אַ סך מאָל האָט מען נעבן אונדז אַראָפּגעשאָסן אַן אַמעריקאַנער עראָפּלאַן און שטיקער זענען געפלויגן איבער אַלע זייטן; און קיין תקומה זעט מען נאָך אַלץ נישט... פון אַנטלויפן איז קיין רייד נישטאָ, ווייל עס איז טיף אין דייטשלאַנד און דערצו גייען מיר נאָך אין געשטרייפּ־טע זאַכן. לסוף איז געקומען דער טאָג, ווען מיר זענען געקומען פון דער אַרבעט, האָט מען אונדז צו־וויסן־געגעבן, אַז מען פירט אונדז אַרויס. ווהין — האָבן מיר נישט געוווסט. אַנ־דערע האָבן געזאָגט, — צו דער שווייצאַרישער גרענעץ און אַז דער רויטער קרייץ וועט אונדז איבערנעמען; אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט — אין דעם טויטן־לאַגער דאַכאַו. מיר האָבן ווידער געדאַרפט גיין צופוס; אַזוי־ווי מיינע קני זענען נאָך נישט געווען פאַרהיילט, בין איך מיט נאָך אייניקע אַריין אין אַמבולאַנס. מען האָט אונדז איבערגעבונדן, מיר האָבן באַקומען צו שטיקלעך ברויט און אַזוי זענען מיר אַוועק פון לאַגער. אָבער ווי־נאָר מיר זענען אַרויס, האָבן די נאַצי־באַנדיטן אונדז געגומען יאָגן און טרייבן צופוס, ווייל קיין באַנען זענען שוין נישט געגאַנגען. די וועגן זענען פול געווען מיט פוסגייער, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייערע היימען... ווייל די אַמעריקאַנער, הערן מיר, זענען שוין זייער נאָענט... די דייטשן יאָגן אונדז אָן אָפּרו, נאָר ווען די עראָפּלאַנען לויפן־אָן, לייגן מיר זיך ביי די וועגן. די דייטשן האָבן געהאַט מיט זיך גרויסע פּעק מיט זאַכן, וואָס זיי האָבן געהאַט אָנגענומען אין די וואַ־גאָנען, האָבן זיי נאָך אונדז געגעבן צו טראָגן. אַזאַ פּאַק האָב איך אויך געדאַרפט טראָגן און די פיס האָבן מיר ווי־געטאָן. איך דריי זיך אין דרייען און פיל — איך פאַל פון די כוחות, איך בעט זיך ביים דייטש: „איך קען שוין נישט מער" — גיט ער אויף מיר אַ גע־שריי: „דו פלוידער־יודע..." און דרייט איבער די ביקס מיר צו געבן איבערן קאָפּ, האָב איך אַ הייב־געטאָן אינסטינקטיוו די לינקע האַנט, זיך צו שיצן, האָט ער מיר געטראָפן אין האַנט און מיר זי צעבראָכן... איך האָב גענומען וויינען און שרייען פון ווייטיק, זענען צוגעגאַנגען צו מיר אַ פּאָר דייטשן, באַטראַכט די האַנט, און ס׳איז גראָד געווען ביי אונדז אַ דאָקטאָר פון פראַנקרייך, האָט ער אַרויסגענומען אַ באַנדאַזש, באַגאָסן מיט וואַסער און שטאַרק פאַר־בונדן, און אַזוי איז עס געוואָרן פאַרהאַרטעוועט... צו די צרות איז נאָך קיין סוף נישט. אויפן וועג האָבן מיר שוין געהערט, אַז אין אונדזער לעצטן לאַגער, זענען שוין אַריין די אַמערי־קאַנער. נישט איין מאָל פלעגן אָנפליען איבער אונדז די אַמעריקאַנער, אָבער ווען זיי האָבן געזען אונדזערע געשטרייפּטע זאַכן — פלעגן זיי נישט שיסן. איינמאָל האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ וואַלד און מיר זענען דאָרט געלעגן 3 טעג אָן עסן. עס איז שוין געווען באַלד פרילינג, האָבן מיר זיך דערנערט מיט די פאַרפוילטע ניס פון וואַלד. אויפן דריטן טאָג, פאַרנאַכט, האָט מען געבראַכט פון אַ דאָרף אַ קיך מיט זופּ און צו פּאָר געקאָכטע קאַרטאָפל. מענטשן האָבן זיך געאַמפּערט אַרויסצורייסן איינער ביים אַנדערן אַ קאַרטאָפל. ווען עס איז

געוואָרן נאַכט, האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו אַ סטאַנציע, מען האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאָנעס און ווען עס איז געוואָרן טאָג, האָבן מיר זיך געפונען דירן פון אָרט. ווען מיר זענען אָפּגעפאָרן עטלעכע קילאָמעטער, זענען אָנגעפלויגן די אַמעריקאַנער „פייגל" און גענומען באָמבאַרדירן דעם צוג. דעם לאָקאָמאָטיוו האָבן זיי גלייך צעשמעטערט, זייער אַ סך פון אונדז זענען דאַן דערהרגעט און פאַרוואונדעט געוואָרן. מיר האָבן גלייך אַרויסגעשטעלט די געשטרייפטע זאַכן, זענען זיי גלייך אַוועקגעפלויגן. מיר זענען שוין געבליבן אויפן פעלד און נישט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן ווייטער. מיר האָבן ווידער געדאַרפט גיין צופוס, ווער עס פלעגט שוין נישט קענען גיין און בלייבן הינטערשטעליק, פלעגן די נאַצי־בעסטיעס האַלטן שטעקנס און יאָגן, און ווער עס פלעגט זיך אַביסל אָפּרוען, פלעגט שוין יענער נישט קענען אויפשטיין — די באַנדיטן פלעגן גלייך דערשיסן. ווען מיר פלעגן דורכגיין אַ דאָרף, האָט מען אונדז געגעבן רויע קאַרטאָפל צו עסן, און אַ צולייג — אַ שטעקן איבערן קאָפּ... אַזוי האָבן מיר זיך מיט גרויס מאַטערניש קוים דערשלעפּט ביז אַוגסבורג. דאָס איז געווען אין בייערן. מיר זענען אַריין ביינאַכט אין שטאָט, עס איז געווען ליכטיק צו גיין, ווייל די שטאָט האָט געברענט פון די באָמבעס. מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר זיך דערשלעפּט צום באַן — מען האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאָנעס און אַזוי זענען מיר געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט. מיר זענען געלעגן איינע אויף די אַנדערע. איך שטיי־אויף אין דער פרי, נעבן מיר ליגע אַ סך טויטע. אויך דער מינסקער בחור, וועלכן איך האָב קוים דעם גאַנצן וועג אויפגעהאַלטן — איז אויסגעגאַנגען. וווהין מען פירט אונדז, ווייסט מען אַלץ נישט. בייטאָג זענען ווידער אָנגעלאָפן עראָפּלאַנען און גענומען באַשיסן דעם צוג — האָבן מיר שוין געהאַלטן אָנגעגרייט די געשטרייפטע זאַכן, אָבער ווייטער פאָרן — האָט מען שוין אַלציינס נישט געקענט, ווייל דער לאָקאָמאָטיוו איז געווען אינגאַנצן צעשעדיקט. מען האָט אויפגעעפנט די וואַגאָנעס און אונדז אַרויסגעלאָזן אויפן פרייען פעלד. מיר האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די יונגע שפּראָצן פון דער ערד, גענומען רייסן און עסן די גרינע בלעטלעך... אָבער מען נעמט אונדז טרייבן ווייטער און ווי נאָר מען האָט גענומען גיין, האָב איך גענומען חלשן. צוויי ראַדאָמער, אַ טאַטע מיט אַ זון, האָבן מיך גענומען אונטער די הענט און געפירט און מיך געמינטערט — איך זאָל זיך האַלטן, אָבער איך האָב שוין ווייטער נישט געקענט גיין. איך האָב געדאַרפט אַביסל וואַסער און ס'איז נישט געווען. אָבער ווי אַ נס, האָבן מיר דערזען אַ טייכל און דערשעפּטערהייט, מיט מיינע לעצטע כוחות — בין איך צוגעלאָפן צום טייך, געוואָלט מיט מיין היטל אָנשעפּן אַביסל וואַסער און פון שוואַכקייט — אַריינגעפאַלן. ווען מען האָט מיך אַרויסגעצויגן, בין איך געווען אינגאַנצן אַן אַנדער מענטש — מיט אַביסל אָפּגעפרישטן כוח, אָבער צום גרויס באַדויערן, ווען מיר האָבן אַרויסגעמאַרשירט פון דעם לאַגער קאַנענדאָרף — זענען מיר געווען צוויי טויזנט מאַן, און אָנגעקומען אין דעם לאַגער אַללאַך, ביי דאַכאַו, זענען מיר נישט מער ווי אַ צוויי הונדערט מאַן און פון די צוויי הונדערט, וואָס מיר זענען אַריין אין איצטיקן לאַגער — זענען לעבן־געבליבן אינגאַנצן 80 מענטשן, און איך בין איינער פון די אַכציק... ווען מיר זענען אַריין אין אָט־דעם לאַגער, האָבן מיר שוין ממש געזען, אַז די מלחמה איז שוין באַלד צום סוף — אָבער וואָס איז די פּעולה?... איך בין זייער קראַנק... און די האַנט איז ביי מיר צעבראָכן, כאָטש אויף קיין אַרבעט נעמט מען דאָ שוין נישט. מיר זעען — די דייטשן זענען שוין צערודערט... אָבער נישט ווייט, אַ פּאָר קילאָמעטער פון דאַנען, איז דער טויטן־לאַגער דאַכאַו און דאָס שרעקט מיך זייער... עס ווילט זיך נאָך פאָרט לעבן... כאָטש איך ווייס, אַז אַלע מיינע נאָענטסטע און ליבסטע זענען שוין נישטאָ... עס ווילט זיך אָבער זען און דערלעבן די נקמה אין די עמלקים, ימח שמם וזכרם!

איך בין געלעגן און זיך נישט געקענט רירן, אַנדערע זענען דאָרט אַרומגעגאַנגען זוכן קרובים און באַקאַנטע. איך האָב טאַקע דאָ אויך געטראָפן: יוסף זאַבלודאָווסקין, פון זאַבלודאָווע, (דאָס איז דבורה קאַליסנאַיערקעס אַן איייניקל — געפינט זיך איצט אין ישראל). מען

האָט מיך אַרייַנגעטראָגן אין שפּיטאָל, אַרייַנגעפירט אין באָד, אָפּגעשניטן דעם באַנדאַזש, מיר גוט אַרומגעוואַשן, די דאָקטוירים וועלכע האָבן באַטראַכט מיין האַנט, האָבן געזען. אַז זי איז שלעכט צוזאַמענגעוואַקסן — האָבן, אָן אַ שלאָף־טרונק, אויפגעבראָכן זי אויף צוריק, פאַרגיפּסעוועט פונדאָסניי, און כ׳בין געבליבן אין שפּיטאָל.

די דייטשן קלייבן אויס אַלע „געזונטע" און מאַרשירן אַוועק מיט זיי צו דער שווייצאַרישער גרענעץ און אַלע קראַנקע איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט! אַ גליק, וואָס עס זענען געבליבן אין שפּיטאָל עטלעכע דאָקטוירים (אונגאַרישע יידן), זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז די אַמעריקאַנער זענען שוין נישט ווייט... און די באַפרייאונג איז שוין נאָענט... עס איז געווען שבת, דער 28טער אַפּריל 1945, דעם טאָג וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. מיר זענען געלעגן אין שפּיטאָל, צו צוויי בעטלעך — איינע אויף די אַנדערע. די דייטשן האָבן נאָך געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דער אַמעריקאַנער אַרמיי און די באָמבעס פון די אַמעריקאַנער קאַנאָנען האָבן, נישט ווילנדיק, געטראָפן ביי אונדז אין שפּיטאָל. אַ סך קראַנקע זענען דאַן דערהרגעט געוואָרן — אַ פּאָר שעה פאַר דער באַפרייאונג!... איך בין געלעגן אויף אַן אייבערשטן בעטל, בין איך אַראָפּגעפאַלן און אַזוי געלעגן ביז אינדערפרי. אין בלאָק איז געווען פינצטער, אַלע קראַנקע זענען געלעגן און געוויינט און איך האָב זיי געטרייסט מיט מיין טאַטנס ע״ה וואָרט: „ישועת ה׳ כהרף עין!..." די הילף פון גאָט איז ווי אַ פינטל מיטן אויג — קומט אין איין אויגנבליק...

און זונטיק דעם 29טן אַפּריל 1945, אין דער פרי, זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער זיגרייכער אַמעריקאַנער אַרמיי! ווען די אַמעריקאַנער סאָלדטן זענען אַריין צו אונדז אין בלאָק, האָבן זיי זיך אַליין פאַרוואונדערט, דערזעענדיק אין וועלכן צושטאַנד זיי האָבן אונדז געטראָפן... און מיר אַלע האָבן געוויינט פאַר פרייד... וואָס ענדלעך, נאָך אַזויפיל מאַטערנישן און ליידן — זענען מיר באַפרייט!

אַ סך מענטשן זענען, נאָך דער באַפרייאונג אויסגעשטאָרבן, ווייל זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו־שטאַרק צום עסן און מען האָט זיי נישט געקענט אָפּראַטעווען. איך בין געווען זייער אָפּגעשוואַכט און אויסגעמאָגערט. איין פוס, דין ווי אַ שטעקן, די צווייטע געשוואָלן. דער גאַנצער אויסזען מיינער איז געווען ווי אַ סקעלעט, ווען די אַמעריקאַנער האָבן מיך, מיט נאָך אַ סך קראַנקע לעבנגעבליבענע אַריבערגעפירט מיט אַמבולאַנסן אין גרויסן שפּיטאָל פון דאַכאַו. עסן האָט מען אונדז געגעבן ביסלעכווייז און געמאַכט אונדז בלוט־טראַנספוזיעס. אויפן טויער פון דאַכאַו האָב איך נאָך געזען דעם אָפּנאַרערישן אויפשריפט: „אַרבייט מאַכט דאַס לעבן זיס"... און דאָרט האָט היטלער, ימח שמו וזכרו, אומגעבראַכט אין די גאַזקאַמערן אונדזערע טויזנטער ברידער... איך האָב נאָך אַליין געזען גאַנצע הורבעס טויטע, וואָס זיי האָבן שוין קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרברענען... איך בין אין שפּיטאָל געלעגן אַ פּאָר וואָכן, ווער עס איז געזונט געוואָרן, האָט געקענט פאָרן אַהיים... איך האָב נאָך נישט געקענט גיין, מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין שפּיטאָל „סאַנט־אוטיליען", ביי לאַנדסבערג.

אַ גאַנץ יאָר בין איך אָפּגעלעגן אין אָט־דעם שפּיטאָל, ווו מען האָט מיך געדאַרפט קאָרמענען ווי אַ קליין קינד, ביז איך בין געקומען צו זיך. אין זעלביקן שפּיטאָל האָב איך זיך נאָכער צופעליק געטראָפן מיט זאַבלודאָווער איטשקע קופּלינסקי, וועלכער האָט געליטן אויף געלזוכט. שפּעטער איז ער אַוועק קיין וויילהיים. פון ווייל‏היים זענען געקומען צו מיר געוואַר־ווערן די לעבנגעבליבענע זאַבלודאָווער גדליה לין מיט אַ כלה, מאיר ראָפּע (פּלטיאל דעם קאַשניקס אַ זון) און חיים בעזרוק (מענדעלעס), אויך אליהו צעסלער (משה־ברוכס זון) און נחמיה גלאַטשטיין. ווען איך בין שוין געוואָרן געזינטער, בין איך אַריבער אין שטעטל ווייל‏היים און בייגעווען די חתונה פון מאיר ראָפּע. אין לאַגער פעלדאַפינג און אין קולמבאַך האָב איך אויך געטראָפן מוליע בערנשטיין, אברהמל בעקער, וועלוול דעם חסידס אַ זון און משה וועליסעס אַ טאָכטער. דאָס זענען כמעט די איינציקע לעבנגעבליבענע זאַבלו־

דאָווער, וועלכע האָבן, פונקט ווי איך, זיך געראַטעוועט מיט ניסים — אייניקע פון זיי, זענען זיך נאַכער צעפאָרן: אין אַמעריקע, ישראל און אַרגענטינע.

אַנדערע געראַטעוועטע פלעגן נאָך פאָרן קיין פוילן, צו פאַרקויפן די הייזער אָדער פאַר־מעגנס וואָס ס'איז פאַרבליבן... איך האָב נישט געהאַט נאָך וואָס צו פאָרן... אונדזער טייערע זאַבלודאָווע איז פאַרברענט ביזן גרונט... אָפּגעווישט דורך די נאַצישע רוצחים, ימח שמם וזכרם! — פון די טייערסטע און ליבסטע איז קיינער נישט געבליבן...

מען פרעגט אַ לעבנגעבליבענעם: „ווי־אַזוי ביסטו געבליבן לעבן? ווי אַזוי האָסטו זיך געראַטעוועט?" — איז דאָס, וואָס איך האָב דאָ דערציילט און עדות־געזאָגט, דער ענטפער אויף דעם. דערפאַר טאָקע האָב איך געוואָלט אין זאַבלודאָווער „יזכור־בוך" פאַרצייכענען מיינע איבערלעבונגען לעולם ועד! ווייל די פייניקונגען און גיהנומס וואָס יעדער איינער פון דער שארית־הפליטה האָט דורכגעמאַכט, זענען זייער ענלעך איינער צום צווייטנס — און געראַטעוועט געוואָרן און לעבן געבליבן איז מען נאָר דורך ניסים.

פון שטעטל ווילהיים בין איך, מיט מיין חברטע, מיט וועלכער איך האָב זיך דאָ באַקענט און דאָרט חתונה־געהאַט, אַוועק קיין אַמעריקע, בויען אַ ניי לעבן, די „גאָלדענע קייט" זאָל זיך ווייטער ציען — — — אָבער איך בין שוין געבליבן אַ קראַנקער און צעבראָ־כענער אויפן גאַנצן לעבן און זאָלן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וויסן און געדענקען: „זכור אשר עשה לך עמלק!"

געדענק וואָס היטלער־דייטשלאַנד האָט מיט דיר געטאָן!



# דאָקומענטן פון חורבן זאַבלודאָווע

פון דעם אַרכיוו פון „יד ושם" אין ירושלים האָבן מיר באַקומען צוויי דאָקומענטן וועגן חורבן פון אונדזער היימשטאָט. דער ערשטער איז אַ פּראָטאָקאָל, וואָס עס האָט אונטערגעשריבן דעם 25סטן סעפּטעמבער דער בירגערמייסטער פון זאַבלודאָווע פאַר דעם ביאַליסטאָקער געריכט אין דער אָנוועזנהייט פון פּאָרזיצער פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין ביאַליסטאָק, מאַגיסטער מ. ט ו ר ע ק. דער צווייטער איז דער ענטפער אויף אַן אַנקעטע־בויגן וועגן די נאַצישע לאַגערן. דעם אַנקעטע־בויגן האָט בשעתו צעשיקט די אויבנדערמאָנטע היסטאָרישע קאָמיסיע.

מיר ברענגען דאָ ווייטערביידע דאָקומענטן אין זייער אָריגינעלער שפּראַך און אין דער יידישער איבערזעצונג. די זכרונות און די גבית־עדותן וואָס מיר האָבן אין אונדזער פּינקס דערגאַנצן די טרוקענע ציפערן פון די דאָזיקע דאָקומענטן.

## דאָקומענט נומער 1

**odpis**
M11-4/120

**PROTOKOL**

Dnia 25 wrzesnia 1945 r. Sad Grodzki w Bialymstoku w osobie p.o. Sedziego Damulewicza Leona, w trybie art. 255, 254 a 1 art. C kpk przesluchal Mularczyka Jana burmistrza m. Zabludowa, w sprawie zbrodni niemieckich dokonanych w Polsce.

Mularczyk Jan syn Mikolaja i Agaty, lat 47, Polak, katolik, rolnik, burmistrz m. Zabludowá, uprzedzony o odpowiedzialnosciach za nieprawdziwe zeznanie, zeznal:

Na terenie miasta Zabludowa zadnych masowych egzekucji i masowych grobow niema. Przez caly czas okupacji pojedynczo zostalo rostrzelanych 10 osob, nazwisk tych osob ustalic nie udalo sie, z tych 10-ciu osob —jedna osoba. to byl obywatel m. Zabludowa, zabitego widzialem, lecz rozpoznac kto to byl nie moglem— inni pomordowani to byli ludzie nieznani, z poza m. Zabludowa. Wsród rostrzelanych bylo 7 Zydów i 3 Polaków. Zydzi pochowani sa na zydowskim cmentarzu w pojedynczych grobach, a Polacy na polskim cmentarzu rowniez w pojedynczych grobach.

Powyzsze dane opieram na podstawie wlasnych obserwacji i rozpytywanych mieszkancow gminy. Na tym protokol zakonczono i po odczytaniu podpisano.

dwa podpisy nieczytelne

Przewodniczacy
Woj. Zyd. Komisji Historyćznej
Mgr. M. Turek

## איבערזעצונג פון דאָקומענט 1

M11-4/120

קאָפּיע

# פּראָטאָקאָל

אין טאָג פון 25סטן סעפּטעמבער 1945 יאָר האָט דאָס שטאָט־געריכט אין ביאַליסטאָק אין דער פּערזאָן פונעם אויספירנדיקן דעם אַמט פון ריכטער דאַמולעוויטש לעאָן, אין זין פון אַרטיקל 254־255 און אַרטיקל C פון KPK אויסגעהערט מולאַרטשיק יאַנען, דעם בירגער־מייסטער פון דער שטאָט זאַבלודאָווע אין ענין פון די דייטשישע פאַרברעכנס, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן אין פּוילן.

מולאַרטשיק יאַן, דער זון פון מיקאָלאַי און אַגאַטאַ, 47 יאָר אַלט, אַ פּאָליאַק, קאַטויל, לאַנדווירט, בירגערמייסטער פון דער שטאָט זאַבלודאָווע איז געוואָרנט געוואָרן בנוגע דער אחריות פאַר פאַלשע גבית־עדות, האָט דערקלערט:

„אויפן שטח פון דער שטאָט זאַבלודאָווע זענען קיין שום מאַסן־עקזעקוציעס נישט פאָר־געקומען און ס׳זענען נישטאָ קיין מאַסן־קברים. במשך דער גאַנצער אָקופּאַציע־צייט זענען אין איינצלנע פאַלן דערשאָסן געוואָרן צען פּערזאָן, ווערמענס נעמען עס איז נישט געלונגען פעסט־צושטעלן; פון די דאָזיקע צען מענטשן איז געווען איינער, וואָס איז געווען אַן איינוווינער פון זאַבלודאָווע. איך האָב געזען דעם דערהרגעטן, אָבער איך האָב אים נישט געקענט אידענטי־פיצירן. די אַנדערע הרוגים זענען געווען אומבאַקאַנטע מענטשן פון מחוץ זאַבלודאָווע. צווישן די דערשאָסענע זענען געווען 7 יידן און 3 פּאָליאַקן. די יידן זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם אין באַזונדערע קברים און די פּאָליאַקן אויפן פּוילישן צמענטער, אויך אין באַזונדערע קברים.

דאָס אויבנגעזאָגטע, בין איך סומך אויף די אייגענע באָאָבאַכטונגען און פון דערקלע־רונגען ביי אויסגעפרעגטע איינוווינערס פון שטאָט.

אויף דעם איז דער פּראָטאָקאָל פאַרענדיקט און נאָכן איבערלייענען געחתמעט געוואָרן.

צוויי נישט־לייענבאַרע אונטערשריפטן.

פאָרזיצער פון דער
וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע
(—) מאַגיסטער מ. טורעק.

---

## דאָקומענט נומער 2

**kopia** M11-4/122

WOJEWODZKA
ZYD. KOMISJA HISTORYCZNA
BIALYSTOK dnia 10.VII. 1946
Miejscowosc: m. Zabludow
Wojewodztwo: Bialostockie

### KWESTIONARIUSZ OBOZACH

1) **Nazwa obozu:** Ghetto w Zabludowiu.
2) **Polozenie obozu:** 1 teren garbarni B-ci Bialostockich.
3) **Rozmiary obozu:**

4) **Data zalozenia obozu:** Styczen 1942 r.
5) **Data likwidacji obozu:** 1 listopada 1942 r.
6) **Czy w obozie byli wylacznie Polacy:** nie - w obozie byli Zydzi Zabludowscy.
7) **Czy w obozie byli cudzoziemcy:** nie.
8) **Jaki byl przecietny stan zaludnienia obozu:** 1200 osob.
9) **Ile osob przeszlo oboz podczas jego istnienia:** 1200 osob.
10) **Co sie stalo z wiezniami podczas likwidacji obozu:** zgineli w Treblince.
11) **Czy wiezniowie pracowali w obozie:** w ghetcie zandnych prac nie wykonyano.
12) **Czy wiezniowie pracowali poza obozem, jaka prace wykonywali, gdzi pracowali:** przy remoncie drog i przy kamieniolomce.
13) **Jak odzywiano wiezniow:** zadnych prodoktow nie przydzielano.
14) **Czy w obozie byla izba chorych:** nie.
15) **Czy w obozie byly epedemie:** nie.
16) **Czy sa dane o smiertelnosci:** nie.
17) **Czy adbywaly sie egzekucje w obozie, poza obozem:** byly 3 lub 4 wypadki pojedynczego zastrzelenia poza ghettem.
18) **Czy zwdloki niszczono:** nie - zakopywano.
19) **Czy w obozie bylo krematorium:** nie.
20) **Czy ustalono gdzie zostaly pochowane zwloki zamordowanych i zmarlych:** zwloki pochowano na cmentarzu zydowskim.
21) **Jaki jest obecnie stan obozu:** teren garbarni zniszczony, budynki rozebrane.
22) **Czy zachowaly sie z obozu jakies dowody rzeczowe:** nic nie zachowalo sie.
23) **Czy znane sa nazwiska i ewentualnie adresy osob, ktore wieziono w obozie:**
znane sa nastepujace nazwiska osob, ktore pozostaly przy zyciu:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1) | Rubins Efroim | zam. | Bialystok | ul. Kupiecka | 27 |
| 2) | Lewin Jozek | ,, | ,, | ,, | 7 |
| 3) | Garber Szmul | ,, | ,, | ,, | 7 |
| 4) | Lewin Szymon | ,, | ,, | ,, | 21 |

reszta zginela w Treblince, nazwisk nie ustalono.

24) **Czy znane sa nazwiska niemcow, kier. obozu i innych funkcjonariuszy:**
1) Amtskomisarz, Olech z Prus Wschodnich (Prostem).
2) Majster zandarmerii, Pilat imienia nie ustalono.

Pieczec: Podpis wojta (nieczytelny)

Przewodniczacy
Woj. Zyd. Komisji Historycznej
Mgr. M. Turek

## איבערזעצונג פון דאָקומענט 2

M11-4/122

**ביאַליסטאָק,** דעם 1946-VII-10.
לויף-נומער 122/46.
**אָרט: שטאָט זאַבלודאָווע**
וואָיעוואָדשאַפט: ביאַליסטאָקער

## פרעגבויגן וועגן לאַגערן

1) **נאָמען פון דעם לאַגער:** געטאָ פון זאַבלודאָווע
2) **דאָס אָרט פון לאַגער:** 1 שטח פון דער גאַרבערײַ פון די ברידער ביאַלאָסטאָצקי.
3) **די גרויס פונעם לאַגער:**
4) **דאַטע פון שאַפן דעם לאַגער:** יאַנואַר 1942
5) **דאַטע פון ליקווידירן דעם לאַגער:** 1טער נאָוועמבער 1942
6) **צי זענען אין לאַגער געווען אויסשליסלעך פּאָליאַקן:** ניין, — אין לאַגער זענען געווען זאַבלודאָווער ייִדן
7) **צי זענען אין לאַגער געווען אויסלענדער:** ניין
8) **וויפל איז געווען די דורכשניטלעכע צאָל פון דער באַפעלקערונג אין לאַגער:** 1.200 נפשות
9) **וויפל מענטשן זענען געווען אין לאַגער במשך פון זיין עקזיסטענץ:** 1.300 נפשות
10) **וואָס איז געשען מיט די געפאַנגענע, בעת דער ליקווידאַציע פון לאַגער:** זיי זע־ען אומגעקומען אין טרעבלינקע.
11) **האָבן די געפאַנגענע געאַרבעט אין לאַגער:** אין געטאָ זענען קיין שום אַרבעטן נישט אויסגעפירט געוואָרן
12) **צי האָבן די געפאַנגענע געאַרבעט מחוץ דעם לאַגער? וואָס פאַר אַן אַרבעט האָבן זיי אויסגעפירט, ווו האָבן זיי געאַרבעט:** זיי האָבן געאַרבעט ביים פאַרריכטן די וועגן און אין די שטיינהאַקערייען
13) **ווי אַזוי האָט מען דערנערט די געפאַנגענע:** מ'האָט זיי קיין שום פּראָדוקטן נישט צוגעטיילט
14) **צי איז אין לאַגער געווען אַ קראַנקנשטוב:** ניין
15) **צי זענען אין לאַגער געווען עפּידעמיעס:** ניין
16) **צי זענען פאַראַן דאַטעס בנוגע שטאַרביקייט:** ניין
17) **צי זענען פאָרגעקומען עקזעקוציעס אין לאַגער אָדער מחוץ דעם לאַגער:** ס'זענען געווען דריי אָדער פיר פאַראיינצלטע פאַלן פון דערשיסן אויסערן געטאָ
18) **צי האָט מען די מתים פאַרניכטעט:** ניין — מ'האָט זיי באַגראָבן
19) **צי איז אין לאַגער געווען אַ קרעמאַטאָריע:** ניין
20) **צי זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן ווו מ'האָט מקבר געווען די דערמאָרדעטע און געשטאָרבענע:** די מתים האָט מען מקבר געווען אויפן יידישן בית-עולם
21) **ווי איז איצטער דער צושטאַנד פון לאַגער:** דער לאַגער-שטח פון דער גאַרבערײַ איז ליקווידירט, די געביידעס זענען פונאַנדערגענומען געוואָרן.
22) **צי זענען אין לאַגער אויפגעהיטן געוואָרן וואָסערע זאַכלעכע באַווייזן:** גאָרנישט איז געבליבן
23) **צי זענען באַוווסט נעמען און עווענטועלע אַדרעסן פון מענטשן וואָס זענען גע־האַלטן געוואָרן אין לאַגער:** עס זענען באַוווסט די וויטערדיקע נעמען פון מענטשן וואָס זענען געבליבן לעבן:

1) רובינס אפרים — געוווינט ביאַליסטאָק קופּיעצקאַ 27
2) לעווין יוסף " " " 7
3) גאַרבער שמואל " " " "
4) לעווין שמעון " " " 21

די איבעריקע זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע, זייערע נעמען זענען נישט פעסטגעשטעלט

24) **צי זענען באַוווסט פאַמיליע־נעמען פון דייטשן, אָנפירער פון לאַגער און אַנדערע פונקציאָנאַרן:**

1) אַמטסקאָמיסאַר אָלעך פון מזרח־פּרייסן (פראָסטעם)
2) זשאַנדאַרם־מייסטער, **פּילאַט**, זיין נאָמען נישט פעסטגעשטעלט

אונטערשריפט פון וואָיט
(נישט לייענבאַר)

שטעמפּל:
פאָרזיצער פון דער וואָיעוואָדישער
יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע
(—) מאַגיסטער מ. טורעק





אפרים רובינס (אויסטראַליע)

# די פאַרניכטונג פון אונדזער ליבער היים

דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון 21טן אויפן 22טן יוני 1941. איך בין דאַן געווען אין אַ רוסישן אַרבעטס־באַטאַליאָן אין ביעלסק. זאַבלודאָווער זענען מיר געווען אינגאַנצן 3 מאַן. מיין יינגסטער ברודער יענקל, יוסף דירדאק און איך. מיר האָבן דאַן געאַרבעט — נאַכט־שיכט. דאָס איז געווען פון שבת אויף זונטיק. אין אַלע רוסישע מיליטער־לאַגערן האָט מען דאַן איינגעאָרדנט פאַרוויילונגען. מיר האָבן דאָרט געבויט אַ פלי־פלאַץ, פון דער אַר־בעט האָט מען אונדז נישט אַראָפּגענומען.

אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט, האָבן מיר דערהערט אַן עקספּלאָזיע, מען האָט זיך אָנ־געהויבן אַרומקוקן, נאָר מען האָט גאָרנישט געזען, האָט מען ווייטער געאַרבעט. נאָר אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן מיר דערהערט אַ גערויש פון עראָפּלאַנען, און מיר האָבן באַלד דערזען איבער אונדזערע קעפּ אַ גאַנצע כמאַרע, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו צעלויפן. מיר האָבן נישט באַוויזן צו אָפּלויפן קיין הונדערט מעטער, ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן באָמבעס. אַזוי האָט דאָס געדויערט מער ווי אַ שעה, וואָס דאָס האָט אויסגעזען ווי אַן אייי־ביקייט. ווען עס איז געוואָרן שטיל, איז שוין געווען ליכטיק. אַרום זיך האָב איך דערזען אַ שרעקלעך בילד: צענדליקער הרוגים און הונדערטער פאַרוווּנדעטע... נאָר דער לעבעדיקער לעבט דאָך ווייטער... האָט מען זיך באַלד אָנגעהויבן אַרומזוכן. איך האָב גלייך געפונען יוסף דירדאק און מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן מיין ברודער, נאָר מיר האָבן אים נישט געפונען. נאָר אַז ער לעבט, האָבן מיר געוווּסט, ווייל מען האָט אים געזען נאָך דער באָמבאַרדירונג. בין איך דאַן מיט יוספן אַוועק אין שטאָט, דאָס הייסט אין ביעלסק. עס איז געווען אינגאַנצן 2 קילאָמעטער פון שטאָט. מיר זענען אַריין צו זיינעם אַ פעטער. זיך אָפּגערוט און פאַרנאַכט זענען מיר אַוועק אַהיים, קיין זאַבלודאָווע.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין אונדזער היים, איז אַלץ געווען שטיל, נאָר אַ מלחמה־שטימונג. דאָס רוסישע מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן אין אָרדענונג. מיר זענען שוין גע־בליבן אין שטוב; איבערגענעכטיקט, און צומאָרגנס האָבן מיר אַפילו געוואָלט מיטגיין מיטן רוסישן מיליטער, נאָר אַזוי ווי זיי אַליין האָבן נישט געוווּסט גענוי ווו מ׳לויפט, זענען מיר שוין געבליבן אין דער היים.

מאָנטיק, דעם 23טן יוני, 10 דעם זייגער אין דער פרי, איז אָנגעקומען אַן עסקאַדרע דייטשע עראָפּלאַנען און באָמבאַרדירט זאַבלודאָווע. עס זענען דאַן פאַרברענט געוואָרן עט־לעכע הייזער און עס זענען געפאַלן די ערשטע קרבנות. ס׳איז ווידער געוואָרן שטיל; ביז מיטוואָך, דעם 25טן יוני פאַרנאַכט, ווען עס זענען אַריין אין שטעטל די דייטשע „ראַזוויעד־קעס" און אין אַ שעה אַרום איז שוין געווען אַ פול שטעטל מיט דייטשן. זיי האָבן גלייך

## אפרים רובינס פאָטאָגראַפירט אויף פאַרשיידענע פלעצער אין זאַבלודאָווע. נאָכן חורבן, ווינטער 1946



אויפן אַלטן בית־עולם — אָן אַ פּאַרקאַן, אָן מצבות, ביים איינציקן פונדאַמענט פון אַן אוהל.



אויפן אָרט פון דער „תחכמוני״־שולע.



אויפן פלאַץ ווו די היסטאָרישע שול איז געשטאַנען.



אויפן פלאַץ פון דער באָד.

געגומען אַביסל ערובניקעס, זיי אַריינגעזעצט אין אַ שטוב, געשטעלט אַ וואַך און געזאָגט, אַז אויב עס וועט זיי, די דייטשן, חלילה עפּעס געשען, וועט מען די ערובניקעס דערשיסן, נאָר אין אַ פּאָר שעה אַרום איז די וואַך אַוועקגעגאַנגען; די ערובניקעס זענען זיך אויף גיך צעגאַנגען און די נאַכט איז אַריבער רואיק.

דאָנערשטיק, דעם 26טן יוני 1941, 7 דעם זייגער אין דער פרי, זענען אַריין איז זאַבלודאָווע אַ דריי אָדער פיר דייטשן און אָנגעהויבן אונטערצינדן די שטאָט. די ערשטע פייערן זענען אויסגעבראָכן אין ביעלסקער גאַס; אַלע מענטשן פון שטעטל, סיי יידן און סיי קריסטן, זענען זיך צעלאָפן אין די פעלדער. און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַ שיסעריי פון אַלע פיר זייטן שטאָט. אַזוי האָט געדויערט דאָס פייער מיט דער שיסעריי ביז 4 אַזייגער בייטאָג. ביז עס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע עראָפּלאַנען און די שיסעריי האָט אויפגעהערט. דער עולם האָט זיך גענומען ציען צוריק אין שטאָט אַריין, נאָר ס'איז ליידער נישט געווען ווו. ווייל געבליבן זענען נאָר עטלעכע הינטערשטאָטישע הייזער, צום מיינסטנס קריסטלעכע. איך האָב דאַן געוווינט אין שוסטער־גאַס. צום גליק איז מיין שטוב שטיין־געבליבן. האָט זיך דאָרט אויפגעקליבן זייער אַ גרויסער עולם און אַוו איינער האָט נאָר געקענט. אַזוי איז מען אָפּגעזעסן, ביז מאָנטיק פרי, דעם 30טן יוני — אין הונגער —; ביז וואַנען אַ פּאָר מיעשטשאַניעס האָבן אָנגעשיכורט עטלעכע דייטשן און מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוטרייבן די יידן. אַלע זענען זיך צעלאָפן ווו איינער האָט געקענט, ווער אין די קליינע שטעטלעך, ווער אין ביאַליסטאָק, ווייל אַלע שטעטלעך זענען געבליבן גאַנץ.

איך בין דאַן אַוועק מיט מיין פאַמיליע קיין ביאַליסטאָק. דער וועג קיין ביאַליסטאָק איז אויך נישט געווען אַזוי לייכט, ווייל דורך דעם שאָסיי האָט מען נישט געקענט גיין, ווייל די פּאָליאַקן האָבן געשלאָגן. האָט מען געמוזט גיין דורך פעלדער און וועלדער, מיט מיין פרוי און דריי קליינע קינדערלעך אויף די אָרעמס, און אַזוי ווי איך, זענען דאָך געווען אַלע. קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן ווי מען האָט אויסגעזען. מען האָט זיך געשלעפּט ביז ביאַליסטאָק דריי טעג. אין ביאַליסטאָק איז מען לאַנג נישט געזעסן, ווייל דער הונגער האָט געדריקט. האָט מען זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און מען איז געגאַנגען ווו איינער האָט נאָר געקענט, זוכן עפּעס צו עסן. אַזוי אַרום איז מען געווען ע ט ל ע כ ע מאָל אין זאַבלודאָווע; און מען האָט זיך פאַמעלעך אָנגעהויבן צו באַזעצן אין ביעלסקער בית־המדרש. דאָס איז געווען דער איינציקער בנין, וועלכן די קריסטן האָבן נישט באַזעצט. אַזוי האָבן זיך פאַמעלעך, אין פאַרלויף פון אַ דריי־פיר וואָכן, אויפגעקליבן קרוב צו 600 יידן, אין ענגשאַפט און אין שמוץ. דאַן האָט דער קאָמיסאַר פון שטאָט, אַ דייטש, פאַראָרדנט צו איינשטעלן אַ געטאָ, נאָר אַזוי ווי ס'איז נישט געווען קיין שטאָט און קיין הייזער, האָט מען דעם געטאָ געמאַכט אין די גאַראַרניעס. ביי אונדז, ביי ביאַלאָסטאָצקין און אין פלאָווסקינס פאַבריק, ווייל אַלע גאַראַרניעס זענען דאָך געווען אין איין ווינקל.

ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ליידן אויף אַן אָרט. מען האָט אָנגעהויבן נעמען אויף אַרבעט. וואָלט דאָס געווען נאָר אַרבעט, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. מען האָט ביי דער אַרבעט געשלאָגן מכות־רצח. איינמאָל האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע יידן אין גרויסן מאַרק. דאָרט האָבן די סאָוויעטן געהאַט אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל פון לענינען. האָט מען געהייסן דעם דענקמאָל צעברעכן, מאַכן אים אַ יידישע לוויה און אַוועקטראָגן אויפן יידישן בית־עלמין און דערביי, פאַרשטייט זיך, האָט מען געשלאָגן מיט וואָס איינער האָט נאָר געקענט; מיט דראָנגעס, מיט רידלס, מיט העק, מען האָט געשפּאָלטן קעפּ, צעבראָכן — פיס, און דאָס אַלץ האָבן געטאָן די מעשטשאַניעס צוזאַמען מיט די דייטשן. פון בית־עלמין האָט מען אונדז צוריקגעיאָגט אויפן גרויסן מאַרק און געהייסן אַלעמען זיך שטעלן דאַוונען, בעטן צו אונדזער גאָט, ער זאָל אונדז העלפן און דערביי אָנגעהויבן אויף אַ פרישן קאָן צו שלאָגן...

קיין מענטשלעכע פעדער קען נישט באַשרייבן אַלץ, וואָס מען האָט אַדורכגעלעבט אין די 15 אָדער 16 מאָנאַטן, ביז מען האָט געמאַכט זאַבלודאָווע אינגאַנצן יידן־ריין. נאָר דאָך,

ווען מען לאָזט אפשר אויף אַן אָרט, וואָלטן אַ סך מענטשן איבערגעלעבט. אַזוי האָבן מיר זיך געמאַטערט אין די גאַרבאַרניעס, ביז דעם 1טן נאָוועמבער 1942. אין דער נאַכט פון 1טן אויפן 2טן נאָוועמבער 1942 האָט מען אויפגעטריבן פון אַלע נאָענטע דערפער גויים מיט פורן און פאַרטאָג זענען געקומען באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס ס.ס.־לייט און מיט דער הילף פון די פוילישע מיליציאַנטן האָט מען אַרויפגעטריבן אַלע יידן אויף די פורן און זיי אַוועקגעפירט, אונטער אַ שטרענגער וואַך אין 10טן פולק, הינטער ביאַליסטאַק, אין גאַראַד־ניאַן. דאָרטן האָט מען אונדז אַריינגעוואָרפן אין פערד־שטאַלן. דאָרט האָבן מיר שוין גע־טראָפן אַלע איבעריקע זאַבלודאָווער. ווייל מען האָט דאַן צונויפגעבראַכט פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך אַלע יידן; מען האָט דאַן געמאַכט יידן־ריין גאַנץ ביאַליסטאָקער קרייז.

די יידן אין אָט־דעם אָרט איז אוממעגלעך אויסצושרייבן. דאָרטן האָבן מיר זיך אָפּגע־מאַטערט אומגעפער דריי וואָכן. געניי די דאַטע, ווען מען האָט אַרויסגעפירט די זאַבלודאָ־ווער יידן קיין טרעבלינקע, געדענק איך נישט. ווייל דאָרט האָט מען שוין אָנגעווירן די רע־כענונג, נאָר אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דאָס געווען דעם 20טן אָדער דעם 21טן נאָוועמבער 1942. און גלייך דעם זעלביקן טאָג זענען זיי פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים, ימח שמם וזכרם!

און אַזוי איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד אונדזער באַליבטע היימשטאָט זאַבלו־דאָווע און אונדזערע טייערע זאַבלודאָווער יידן. ערע זייער אָנדענק!!!



אומגעקומענע: פון רעכטס: קאַדל ליפּ־שיץ, פרלי מאַרקוס, שלמה בעקער, סאָ־ניע ראַפּאַלאָווסקי און שואל וואַניעווסקי. דאָס בילד איז געפונען געוואָרן דורך אפרים רובינס צווישן די חורבות אין זאַבלודאָווע.

דוד זאַבלודאָווסקי (דיאַדיע)

# בילדער פון גרויל, אומקום און חורבן

## (לובלין - מאַידאַנעק, וואַרשע, ביאַליסטאָק און זאַבלודאָווע)

### איינדרוקן פון אַ לעבנגעבליבענעם



דוד זאַבלודאָווסקי (דיאַדיע)

נאָך אַ משך פון 3 וואָכן פאָרן, דורכשניידנדיק אוראַל, גאַנץ מיטל־רוסלאַנד און אוקראַינע, קומט אָן אונדזער עשאַלאָן מיט רעפּאַטריאַנטן, פּוילישע בירגער, פּאָליאַקן און יידן, סוף 1946 אין דער שטאָט לובלין. אַרויסגעפאָרן איז דער עשאַלאָן פון 60 וואַגאָנען, פון ווייטן אוראַל דעם 1טן אַפּריל. די וואַגאָנען פאַרזעצן מיט נאַרעס צום שלאָפן און בכלל זאָרגפעליק צוגעפּאַסט צו אַזאַ לאַנגער רייזע און מיט אַן אייזערנעם אויוון צום קאָכן. די רעפּאַטריאַנטן האָבן געקראָגן פריער אַ גאַנץ גענוגנדע צאָל שפּייז. אויף גרעסערע סטאַנציעס פלעגן מיר אָפּגעוואַרט און באַזאָרגט ווערן מיט וואַרעמע שפּייז.

אַרויסגעפאָרן פון אוראַל זענען מיר אין נאָך אַ גאַנץ פעסטן ווינטער, מיט שניי־בערג די הויך פון אַ הויז. אָנגעקומען קיין לובלין זענען מיר שוין אין פריען פרילינג, מיט אַ ליבלעכע וואַרעמקייט פון דער זון. עס איז ריכטיק אויסגעפאַלן חול־המועד פּסח. עס וואַרטן אונדז אָפּ פאָרשטייער פון קאָמיטעט, יום־טובדיק און זומערדיק געקליידטע. מיר — אין די שטיוול, וואַליאַקעס און פופייקעס זענען אין זייער אַ שטאַרקן קאָנטראַסט צו דער גאַנצער אומגעבונג. מיר ווערן באַזאָרגט מיט פּסחדיקע עסנס, מצות און וויין.

די שטאָט לובלין איז שוין קרוב 2 יאָר נאָך דער באַפרייאונג. עס איז דאָ אַ גרויסע צאָל קיבוצים פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען; אַ גרויסע צאָל יידישע פאַמיליעס און אינדיווידועלע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן אַריינצוגיין אין די קיבוצים. ווערן טאַקע אַראָפּגענומען פון עשאַלאָן און איינגעאָרדנט אין די קיבוצים, פון וועלכע זיי האָבן שוין שפּעטער עולה־געווען קיין ישראל.

עס דערקענט מיך אַ בריינסקער ייד — בוראַק, וועלכער איז אויך דאַן געווען אויפן וואָקזאַל. איך בין נישט איין מאָל איינגעשטאַנען ביי אים אין אַריינפאָר־הויז, בעת מיינע אויפטריטן איבער דער פּראָווינץ. זיין פאַמיליע איז אומגעקומען, און ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף ביי אַ קריסט. ער הייבט אָן גלייך פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די קאָמיטעט־פאָרשטייער, זיי זאָלן אויף מיר ווירקן און מיך אַראָפּנעמען אין לובלין.

דער עשאַלאָן גייט אַוועק מיט זיין פריער־אָנגעצייכנטן פּלאַן קיין נידערשלעזיע, אין דער שטאָט וורָאצלאַוו און איך בלייב אין לובלין. די שארית־הפליטה פון לובלין און אומגעגנט ווערן איינגעאָרדנט אין דעם גרויסן פּרץ־הויז, וואָס איז קורץ פאַר דער מלחמה געבויט און נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן. מיך אָרדנט מען איין אין אַ הויז פון אַ כעמישער פאַבריק, ווו אַ טאָכטער איז לעבן־געבליבן און וווינט דאָרט מיט איר מאַן. די גאַנצע 6 וואָכן וואָס איך בין געווען אין לובלין האָב איך דאָרט געהאַט אַ וואַרעמע האַרציק־יידישע היים. נאָך די יאָרן פון וואַנדער און ליידן איז דאָס פּשוט געווען אַ חיות פאַרן צעבראָכענעם געמיט.

נאָכן אָפּרוען זיך און קומען אַביסל צו זיך פון דער לאַנגער רייזע, גיי איך אַרויס אין גאַס און דאָס ערשטע איז — זען מיידאַנעק, גיין אויף קבר־אבות אין דער גרויסער מאָרד־פאַבריק, ווו עס זענען פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן אַריבער דריי מיליאָן מענטשן פון פיל נאַציעס, נאָר דער גרעסטער טייל פאַרשטייט זיך פון יידישן פאָלק.

אַ פּאָר קאָמיטעט־מיטגלידער פירן מיך באַטראַכטן די שטאָט, וועלכע איך האָב נישט דערקענט; זי איז היפּש רואינירט נאָך פון יאָר 1939, ווען די פּוילישע רעגירונג איז אַריבער פון וואַרשע קיין לובלין, און איז באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די נאַציס. מען ווייזט מיר אָן אויף אַ שטיק וויסטעניש און רואינען, ווו עס האָט זיך געפונען דער געטאָ. ווי אַ כותל־מערבי נאָכן חורבן, סטאַרטשעט אַרויס אַ וואַנט ווו עס איז נאָך דאָ אַ פאַרסמאַליעטער אויפשריפט פון דער אַלטער היסטאָרישער מהר״ם־שול. אַזוי זענען די גאַסן און הייזער אין שטאָט נישט געריהרט. עס זענען גאַנץ די טעאַטערן, קינאָס, אויסער ווי שוין דערמאָנט חורבות, פון די סטראַטעגיש־באָמבאַרדירטע ערטער.



דוד (דיאַדיע) זאַבלודאָווסקי מיט זיין מוטער רייצ — די זאַבלודאָווער אַקושעריןָ, פאָטאָגראַפירט אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עס איז חול־המועד פסח, און ריכטיק פאַלט דאַן אויס די קריסטלעכע „פּאַסכאַ״. די פּוילישע באַפעלקערונג, אויסגעפּוצטע און צעיאַכמערטע, פאַרפלייצן די גאַסן; פון די קאַסציאָלן שטראָמען מאַסן מענטשן. לובלין, די רעזידענץ פון אַרציביסקופּ, איז פול מיט די טויזנטער עולה־רגלניקעס, מיט פּראָצעסיעס פון די אַרומיקע שטעט און דערפער. ביסלעכווייז הייב איך אָן פילן די שטימונגען פון אונדזערע געוועזענע פּוילישע שכנים מיט וועלכע מיר זענען דורות געוועזן אין גלות — קיין פּיצל מיטלייד צו אונדזער גרויסן אומגליק. אויף אונדז, געראַטעוועטע יידן, קוקן זיי ווי אויף אויסטערלישע באַשעפענישן, געקומענע פון יענער וועלט. — „נישט־דערהרגעטע״ און „נישט־דערברענטע״ רופן זיי אונדז אָן. אַנדערע דריקן עס פּשוט אויס מיט ווערטער: „וואַרט! וואַרט! מ י ר וועלן פאַרענדיקן וואָס די דייטשן האָבן נישט באַוויזן״.

איך קוק אויפן זוניקן אויסגעלייטערטן הימל, אָט־דער זעלבער הימל איז געווען 3 יאָר אָן אויפהער טאָג און נאַכט געווען פאַרוואָלקנט מיט כמאַרעס רויך פון געסמאַליעטע מענטשן־פלייש, פון דערבייאיקן מאַידאַנעק. אָט־דער מענטשן־פלייש־ריח האָט משמעות פאַרטשאַדעט און פאַרסמט זייערע מוחות — אַז אַזוי האָט עס געדאַרפט זיין און נישט אַנדערש.

די זעלבע שנאה ווערט אויך אַרויסגעוויזן צו רויטאַרמייער, די וועלכע האָבן אין די טויזנטער אַוועקגעגעבן זייערע יונגע לעבנס ביים באַפרייען די פוילישע ערד, און וועמענס קברים מען באַגעגנט ביים באַפרייען די שטאָט לובלין, צווישן זיי זייער אַ סך מיט יידישע נעמען. דער פּרעכטיקער גראַניטענער דענקמאָל פאַר די וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן ביים באַפרייען די שטאָט, ווערט טאָג־טעגלעך געשענדט.

איך הייב זיך אָן אָנטרעפן פּנים־אל־פּנים מיט די גערעטעטע רעשטלעך פון אונדזער פאָלק. צום מיינסטן פאַרטיזאַנען פון די אַרומיקע וועלדער. יידן וואָס האָבן איבערגעלעבט אין בונקערס און לעכער ביי משונהדיקע באַדינגונגען. אָט רעד איך מיט אַ דאַרן בחור, וועלכער האָט איבערגעלעבט אין אַ קוימען פון אַ הויז, דאָרט האָט ער זיך געפונען עטלעכע יאָר. אַ פּאָר שוועסטער וועלכע האָבן זיך אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די וועלדער און אַ גלח פון אַ דאָרף, צו וועלכן זיי פלעגן בגנבה קומען — אַ ליבעראַלער מענטש — פלעגט זיי געבן שפּייז און קליידונג, און געטרייסט און פאָראויסגעזאָגט, אַז „גאָט זאָגט אים אַז זיי וועלן איבערלעבן". אַ מיטליאָריקער ייד וועלכן אַ גלח האָט אויסגעהאַלטן אויף אַ בוידעם פון זיין הויז ערגעץ הינטערן שטאָט, די גאַנצע צייט, און אין טאָג פון דער באַפרייאונג ווען די טרופּן האָבן שוין מאַרשירט אין שטאָט און אַ צעשטראַלטער פון פרייד האָט ער געוואָלט גיין מקבל־פּנים זיין



אַ גרופּע זאַבלודאָווער יוגנטלעכע. — שטייענדיק פון רעכטס: יעקב פּערלגוט, זלמן מילער, איטשע רודי, מאיר יאַכנוק, אפרים פליקער, הערשל וועליס, עבער פּערלגוט, איסער האַלפּערן און פּעלע לאַפּאַטע. זיצנדיק פון רעכטס: יוסף ר'עזניק, אברהמל רעזניק, פּעלע שמוש און יאַנקל וואַדילעוויטש. פון דער גרופּע זענען לעבנגעבליבן: פּעלע לאַפּאַטע און אברהמל רעזניק. די איבעריקע זענען אומגעקומען דורך די נאַציס.

די באַפרייער, דאַן איז דעם גלח ריכטיק געפעלן געוואָרן צוצונעמען דעם לייטער דורך וועלכן ער פלעגט שטענדיק אַראָפּגיין דערליידיקן זיינע מענטשלעכע באַדערפעניש, און נישט ווייסנ־דיק, איז ער אַראָפּגעפאַלן, צעברעכנדיק זיך רוק־און־לענד. שוין 2 יאָר נאָך דעם האָב איך אים געטראָפן אין גיפּס מיט אַ ספּעציעלן גאָרסעט, מיט אַ צעבראָכענעם חוט־השדרה.

די לייטערין פון דער קיך פאַר די אָנגעשטעלטע פון יידישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, ווו ס'איז פאַר מיר באַשטימט געוואָרן צום עסן, איז אַ יידישע פרוי מיט אַן אינטעליגענטן עכט־אַרישן פּנים, איר מאַן איינער פון די באַוווסטע כירורגן אין שטאָט, איז פאַרברענט געוואָרן מיט אַלע יידן. זי האָט איבערגעלעבט ווי אַ קריסטן, און מען דערציילט מיר אַז זי איז נישט לאַנג אויך געקומען פון קלויסטער, ווו זי גייט נאָך, מיטן צלמל אויפן האַלדז. מען קען איר נישט איבערצייגן בשום אופן, אַז איצט האָט זי שוין נישט וואָס מורא צו האָבן, וואָס זי איז

אַ יידישע, עס וועט איר שוין גאָרנישט געשען; עס העלפט אָבער גאָרנישט, עס איז שוין ביי איר אַזאַ פסיכישער מורא־קאָמפּלעקס, פון וועלכן זי קען זיך בשום אופן נישט באַפרייען.

אָט רעד איך מיט אַן אינטעליגענטע פריילן מיט העכערע בילדונג. ווי האָט איר איבער־געלעבט? — גאַנץ פשוט, ענטפערט זי מיר, „איך בין די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע גע־ווען אַן „אַרטיסטקע" אויף דער אַרישער זייט. אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַ משוגענע און אַ טויב־שטומע דערצו, און געבעטלט". אַזוי האָט זי איר „ראָל" געשפּילט ביז דער באַפרייאונג; און נאָך און נאָך אויסטערלישע געראַטעוועטע, אין גרעסטן טייל רע־פּאַטריאירטע פון ראַטנפאַרבאַנד.

מוצאי־פסח האָב איך געהאַט מיין ערשטן אַרטיסטישן אויפטריט אין זאַל פון פּרץ־הויז. מיט מיין צוגעקליבענעם פּראָגראַם פון שלום־עליכמס הומאָר, פּרצעס בטחון פון זיך ייִשט מיאש זייך, און שאַפונגען פון סאָוועטישע שרייבער, האָב איך אַזוי געווירקט אויף דער מאַסע



אַ גרופּע חברטעס: שטייענדיק פון רעכטס: פאַניע צעסלער (מ. אייזנבערג), טאַניע גאָבער, פעשקע העפּנער־(מינץ) — היינט אין אורוגוויי, און רחל גאָלדפאַרב (אין ישראל); זיצנדיק פון רעכטס: צירל וויסאָצקי און ביילקע זאַלצמאַן; אויפן גראָז: באַבל בעקער (חיה העשקעס). אַלע אַנדערע — אומגעקומען.

פליטים, אַז דעם איינדרוק וועל איך נישט פאַרגעסן כל־זמן כ׳וועל לעבן. אגב איז דאָס טאַקע געווען דער ערשטער אַרטיסטישער אָוונט פון נאָכן חורבן. שפּעטער האָב איך געהאַט נאָך אייניקע אויפטריטן. איך ווער אויך דעלעגירט אין דער שטאָט כעלם, ווו עס געפינען זיך דאַן ביי אַ הונדערט געראַטעוועטע יידן, ווו איך האָב געהאַט 2 אויפטריטן.

פון כעלם מוז איך אַגב דערציילן וועגן אַן עלילת־דם־שטימונג וואָס איך האָב דאָרט אי־בערגעלעבט: 3 בייטאָג בין איך געקומען אין קאָמיטעט זיך געזעגענען פאַר מיין אָפּפאָרן צו־ריק קיין לובלין. קומען אַריין צוויי פּוילישער מיליטערלייט, אין דער טונקל־גרינער גרענעץ־אוניפאָרם, איינער אַ פּאָדפּאָרוטשניק, מיט אַוטאָמאַטישע געווער, און גייען אַריין אין צווייטן צימער מיטן פאָרזיצער און נאָך אייניקע קאָמיטעט־מיטגלידער. פון דאָרט הערן זיך קולות און דראָאונגען. ביים אַרויסקומען, איז דער פאָרזיצער (איינער אַ געראַטעוועטער ייד, אַ שרייבער מיטן פּסעוודאָנים „הערשעלע") און די איבעריקע מיטגלידער געווען ווייס ווי קאַלך. דער

עלטסטער מעלדעט מיט אַ הויכן קאַטעגאָרישן טאָן, אַז אויב היינט נאָך וועט זיך נישט געפינען דאָס קינד, זאָלט איר וויסן אַז איר וועט טייער באַצאָלן דערפאַר. דער פאָרזיצער דערציילט מיר, אַז די געשרייען אין צווייטן צימער, זענען דאָס געווען, וואָס זיי זענען געקומען זוכן אַ קריסטלעך פאַרלוירן קינד, וואָס די „זשידעס" האָבן כלומרשט געהרגעט. אייניקע מיטגלידער לויפן נאָך הילף אין פּאָליציי, און אויסבאַהאַלטענע מיידל קומט אַריין אַ צעשראָקענע, און דערציילט אַז די זעלבע 2 מיליטערלייט האָבן איר געפרעגט ווי זי איז לעבן־געבליבן. ווען זי האָט זיי דערציילט, האָבן זיי איר „באַרואיקט" אַז אַ שאָד וואָס זי האָט זיך געראַטעוועט פון דייטש, שפּעטער וועט מען איר „דערליידיקן". מען פּרוווט זיך פאַרשטענדיקן טעלעפאָניש מיט לובלין, אָבער עפּעס איז כסדר פאַרנומען. אין אַ געדריקטער שטימונג גיי איך אַוועק צו



אַ צעריסן בילד און פאַרפלעקט מיט בלוט, פון אַ קלאַס תלמידים פון דער שולע פון ירוחם באַכראַך אין זאַבלודאָווע, געפונען געוואָרן פון דיאַדיע זאַבלודאָווסקי, אויפן בוידעם פון דער חרובער הויז אין ביאַליסטאָק, וו ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט די מאַלמעד־טראַגעדיע.

דער באַן, מיט מיין באַגלייטער, איינער אַ יונגערמאַן פון פּינסק מיטן נאָמען פוקס, וועלכן דער קאָמיטעט פון לובלין האָט מיט מיר מיטגעשיקט. אויף דער גאַס טרעפן מיר גרופּקעס קריסטן, וועלכע קאָמענטירן די מעשה מיט דאָס „פאַרלוירענע" קינד. די לופט שמעקט מיט פּאָגראָם.

אַלס אַ „צובייס" האָבן נאָך די באַנדעס ווייסע סאָלדאַטן, פּאָליאַקן פון די וועלדער, אָפּגעשטעלט אין מיטן נאַכט דעם צוג און אָט וואָס איך האָב איבערגעלעבט: דער צוג איז באַלויכטן געוואָרן מיט פּראָזשעקטאָרן, און פויליש מיליטער אָנגעטאָן ווי פאַר די מלחמהדיקע פוילישע מיליטער, מיט אַוטאָמאַטן־געווער שטייגן אַרויף. עס הערן זיך באַפעלן: יידן! סאָוועטן! און פּאָליציי! אַרויס פון די וואַגאָנען!... עס גייט מיר אַדורך אַ שוידער איבערן לייב, און לעב־איבער טויט־שרעק. וויפל צענדליקער געראַטעוועטע יידן האָט מען שוין אויף אַזאַ אופן געשאָסן גלייך אויפן אָרט לעבן די וואַגאָנען. פוקס זאָגט שטיל: מאַך־זיך ווי דו שלאָפסט.

די צוגן זענען דאַן געגאַנגען אין דער פינצטער. ביי דער טיר פון אונדזער וואַגאָן בלייבן שטיין צוויי זעלנער, באַלייכטן דעם וואַגאָן, און מיטן זעלבן פּזמון. אַ גויע גיט אַ זאָג: „או נאָס ניעמאַ טאַקיך" (ביי אונדז זענען אַזעלכע נישט פאַראַן) און צלמט זיך איבער. עס ווערט פלוצלינג אַ סומאַטאָכע, עס ווערט צוריק פינצטער, די באַנדע טרעט אין איילעניש אָפּ נישט צונעמענדיק קיינעם. עס איז געשען אַ נס, זיי האָבן פון דערוויייטנס דערבליקט אַ גייענדיקן צוג און דאָס זאָל האָבן געווען די סיבה פון זייער אַנטלויפן. מיר קומען אָן פאַרטאָג קיין לובלין דערשראָקענע.

פליטים וואַרטן אונדז שוין אָפּ, פרעגן זיך נאָך וואָס ס'איז געשען אין כעלם; אַנדערע האָבן דאָרט קרובים, און וואָס האָבן מיר זיי געקענט ענטפערן? אינדערפרי איז באַוווסט געוואָרן, אַז פון כעלם האָט מען באַוויזן זיך צו פאַרשטעקן, און פון לובלין איז גלייך אַרויסגעפאָרן אַ זיכערקייטס־בריגאַדע; און אַזוי אַרום איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ שחיטה אויף דער שארית־הפליטה אין כעלם.

מען וויל מיך פאַרהאַלטן איך זאָל בלייבן אין לובלין ביים קאָמיטעט, אָנפירן מיט אַ דראַמ־קרייז, דאָס האַרץ ציט אָבער קיין ביאַליסטאָק, זאַבלודאָווע, אפשר וועט מען פאָרט עמעצן טרעפן. כאָטש דאָס פאָרן איז פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות, פאַרלאָז איך לובלין און פאָר קיין וואַרשע.

איך האָב שוין פריער דערמאָנט אַז מיין ערשטער געדאַנק איז געווען צו גיין אויף קבר־אבות אין מאַידאַנעק, און גלייך דעם ערשטן טאָג פון מיין זיין אין לובלין בין איך געגאַנגען באַזוכן דעם טויטן־לאַגער.

# מאַידאַנעק

אַרויספאָרנדיק הינטערן שטאָט, ווייזט אונדז שוין דער פוילישער דראָשקאַרזש אָן אויף געפלאָכטענע דראָט־פאַרצוימונגען, אויף דעם אַרויסשטאַרטשענדיקן קוימען פון קרעמאַטאָריע. מיר דערנענטערן זיך צו אַ היפשן שטיק אַרומגעצאַמטן שטח, מיט אַ סך בנינים — אַ גאַנצע שטאָט. ביים טויער אַ וואַך פון פוילישע מיליטער. דער לאַגער איז געבליבן גאַנץ און דאָ איז איצט אַ נאַציאָנאַלער מוזעאום. ביים טויער טרעפן מיר שוין וואַרטנדיקע באַזוכער. פיל פּאַליאַקן און אויך אייניקע טוריסטן, פראַנצויזן, ענגלענדער און שוועדן. מען לאָזט אַריין אַ גאַנצע גרופּע. די אויפקלערער: אַ מאַן און אַ פרוי, קלערן־אויף אין פויליש; זיי באַזיצן אָבער 5 שפּראַכן און ענטפערן אויף פראַגן און גיבן דערקלערונגען אין אַלע שפּראַכן. מען ווייזט אונדז דעם גרויסן באַרג מיט שיך וואָס ליגט אָנגעוואָרפן אין אַ גרויסע שאָפע. אַ גרויסער אויפשריפט זאָגט: „נ י ש ט  אָ נ ר י ר ן!". דאָס זענען די שיך וואָס מען האָט אויסגעטאָן ביי די קרבנות פאַרן גיין צום טויט. און דאָ קומען מיר די ווערטער פון דיכטער מ. שולשטיין אויפן זינען:

**„כ'האָב געזען אַ באַרג — איז ער העכער געווען פון מאָן־בלאַן, און הייליקער פון נעם באַרג סיני. נישט אין טרוים, אויף דער וואָר, אויף דער ערד איז ער געשטאַנען"...**

און ווייטער:

**„כ'הער דאָס אויסגעמישטע טרעטן פון רבינס שטיוועלעטן, פון שטיוול פראַסטע און געמיין, און פון געשטריקטע שיכעלעך פון קינדער, וואָס הייבן נאָר־וואָס אָן צו גיין".**

מען פירט אונדז אַריין אין אַ בנין, דער אַזוי־גערופענער דיזענפעקציע־אָפּטייל. אין ערשטן צימער פלעגט מען די קרבנות אָפּשערן די האָר. די ספּיקערן דערקלערט אונדז, אַז די האָר פלעגן אַוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד ווו פון זיי איז געמאַכט געוואָרן אין די טויזנטער מאַטראַצן. עס עפנט זיך אויף אַ טיר און מיר גייען אַריין אין אַ לאַנגן צימער וואָס מאַכט אַן איינדרוק פון אַ מיליטערישע באָד. אויפן סופיט לאַנגע רערן, פון וועלכע ס'גייען אַרויס דושן; רעכטס און לינק ביים זייט אַ פירקאַנטיקע צעמענטענע וואַנע, ווו מען פלעגט די קרבנות פאַרן גיין זיך באָדן הייסן מאַכן גימנאַסטיק, עס זאָל אַרויספאַלן טאָמער ליגט ערגעץ באַ־

האַלטן צירונג. די ווענט, דער פּאָל פון זעלבן גרינעם צעמענט. די בעסטיעס פלעגן אַזוי אָפּ־נאַרן די קרבנות, אַז ביזן לעצטן מאָמענט האָבן זיי נישט געוווסט וואָס מיט זיי וועט באַלד געשען. מען פלעגט זיי אַפילו נאָכן אָפּשערן געבן אַ שטיקל זייף מיט אַ האַנטעכל.

מען עפנט פאַר אונדז אויף אַ טירל פון דער וואַנט גלייך אין פאָדערגרונט, און מיר דער־זעען דעם גאַז־קאַמער. די קרבנות פלעגט מען איינשמועסן נאָך דער באָד אַז דאָ דאַרפן זיי דורכגיין אַ דיזענפעקציע. נישט קיין גרויסער פיר־קאַנטיקער הילצערנער קוימענדל, דורך וואַ־נען ס'פלעגט אַריינגעשאָטן ווערן דער גאַז־סם. די טיר ווערט הערמעטיש פאַרמאַכט. ביים זייט אַ קליינינקע לעכל מיט אַ שייבעלע, דורך וועלכן אַ תליון פלעגט צוקוקן מיט איין אויג, ביז די קרבנות פלעגן שוין בלייבן דערשטיקט און שטיל.

מיר גייען אַריין אין גאַז־קאַמער, איך טאַפּ אָן מיט די הענט די גליטשיקע קאַלטע ווענט, און אַ אימהדיקער שוידער גייט מיר דורך איבערן לייב. אָט ביי די ווענט ווו איך שטיי איצט, האָבן זיך געקלאַמערט אין גסיסה־געראַנגל די הענט פון די הונדערטער טויזנטער קדושים, די שיינע יידישע צניעותדיקע טעכטער, די ליבינקע און טייערע קינדערלעך, די יאָסעלעך, שלמה־לעך, רבקהלעך און שרהלעך, האָבן דאָ מיט זייערע הענטעלעך ביי די דאָזיקע ווענט געזוכט אַ רעטונג און אויסגעהויכט זייערע הייליקע כשרע נשמהלעך.

איך שטיי קוים איין, — און אָט עפנט זיך אויף די פאָדערשטע וואַנט פון יענער זייט, וואָס דינט אויך ווי אַ הערמעטיש־פאַרמאַכטע טיר, און עס אַנטפּלעקט זיך אַ באַן־ליניע מיט וואַגאָנעטקעס, אויף וועלכע די פאַרגאַזטע טויטע קערפּערס פלעגן אַרויפגעוואָרפן ווערן און אָפּגעפירט ווערן צום קרעמאַטאָריום. מיר גייען טאַקע מיט דער באַן־ליניע ביז דעם קרעמאַ־טאָריום. דער קרעמאַטאָריום — אַ היפּשער בנין פון רויטע ציגל — מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַבריק; דער קוימען אַ פירקאַנטיקער, ברייטער, ביים אַריינגאַנג רעכטס און לינקס, צוויי ברידער־קברים פון די פאַרגאַזטע קערפּערס, וועלכע די נאַציס האָבן נישט באַוויזן צו פאַר־ברענען. אויף די קברים — פרישע קרענץ בלומען. אַנדערע באַזוכער לייגן אויך בלומען. ביי אַ וואַנט אַ באַרג מענטשלעכע ביינער און שאַרבנס מיטן אויפשריפט: „נ י ש ט  אָ נ ר י ר ן!״ דאָס זענען די ביינער אַרויסגעשאַרט פון די אויוונס, וועלכע האָבן געברענט ביז דער לעצטער מינוט פון דער באַפרייאונג. מיר גייען אַריין אינעווייניק. 5 אויוון־לעכער, מיט אַזוינע שופּ־ליעס אויף רעדלעך, מיט 2 הענטלעך. די פאַרעם אַן אַקער־אייזן. מיט דער דאָזיקער שופליע פלעגט דער טויטער קערפּער אַריינגעשיקט ווערן אין קאַלך־אויוון אַריין. ביים זייט אַ צימער מיט אַ ספּעציעלן צעמענטענעם טיש, ווו ביי די טויטע קערפּערס פלעגן אַרויסגעריסן ווערן די גאָלדענע ציין און די פאַרדעכטיקע קערפּערס אויפגעשניטן און זוכן צי עס געפינען זיך נישט קיין צירונג און בריליאַנטן אין די געדערים, ווי עס זענען געווען פאַלן פון אַראָפּשלינגען צירונג.

ביים זייט פון קרעמאַטאָריום־קעסל גייען אַרויס ספּעציעלע רערן, דורך וועלכע עס פלעגט אָפּפליסן דאָס פעטס, פון וועלכן מען האָט דערנאָך פאַבריצירט די באַוווסטע זייף „ריף״ (ריי־נער יודן־פעטס). מען ווייזט אונדז אַ פעסל מיט אַ ברוינער פעטס, וואָס מען האָט נאָך סעק־וועסטרירט אין קרעמאַטאָריום ביים באַפרייען דעם לאַגער.

מען ווייזט אונדז אויך אַ בלעך מיטן טויטלעכן גאַז „ציקלאָן״, מיט וועלכן מען פלעגט פאַרגאַזן די קרבנות. עס זעט אויס ווי אומשולדיקע ווייסער קאַלך. מען קלערט אונדז אויף, אַז דער דאָזיקער „ציקלאָן־גאַז״ איז סעקוועסטרירט געוואָרן אין די מאַגאַזינען ביים באַפרייען, אין אַ סכום וואָס מען וואָלט נאָך געקענט טויטן זיבן מיליאָן מענטשן.

דער טויטן־לאַגער איז געווען איינגעטיילט אין 7 „פעלדער״. יעדעס „פעלד״ האָט גע־האַט אירע פונקציעס, מיט אירע באַראַקן.

מיר באַטראַכטן די פאַרשיידענע באַראַקן מיט די נאַרעס, ווו עס האָבן „געוווינט״ די „שקלאַפן״ ביז מען פלעגט ביי זיי אַרויסציען דאָס לעצט ביסל חיות, און דאַן אַ סעלעקציע און „אין אויוון אַריין״...

דער שפּיטאָל, ווו עס פלעגן דורכגעפירט ווערן די שוידערלעכסטע עקספּערימענטן ביז

דאָס לעצטע „פעלד״ ווו עס פלעגן פאַרקומען די עקזעקוציעס פון „הענגען״ פּאַר עפּעס אַ שטיקל זינד און די איבעריקע „שקלאַפן״ זאָלן עס צוזען. אויף דעם זעלבן עקזעקוציע־פּלאַץ זענען לסוף אויפגעהאַנגען געוואָרן די נאָך־פאַרכאַפּטע בעת דער באַפרייאונג — נאַצי־קאָמענדאַנט מיט זיינע געהילפן. זיי זענען אַזוי 3 טעג געהאַנגען און די געראַטעוועטע און די גאַנצע באַפעלקערונג זענען עס געגאַנגען זען.

צולעצט באַטראַכטן מיר דעם גרויסן בנין — דעם מוזעאום. גלייך ביים אַריינגיין וואַרפט ממש אָן אַ שרעק. די פיגורן פון וואַקס, פונקט ווי לעבעדיק, מיט דער הלבשה און שיך, און באַטירלעכער קאָליר ווי עס האָט אויסגעזען אַ שקלאַף אין לאַגער. אַ ייִד מיט אַ געלער לאַטע און מגן־דוד, אַ פראַנצויז מיטן בוכשטאַב „פ״ אויף דער ברוסט, אַ פּאָליאַק מיט אַ „פּ״. יעדע נאַציע מיט איר באַצייכענונג. אונטער גלאָז פאַרשיידענע דיאַגראַמעס, סטאַטיסטיקעס, בילדער, פייניקונגס־מכשירים אאַז״וו אאַז״וו. ביז די לעצטע בילדער פון דער באַפרייאונג: די עקזעקוציע און די הענגענדיקע בעסטיעס.

אַ דערשיטערטער ביזן מאַרך פון די ביינער פאַרלאָז איך די דאָזיקע מאָרד־פאַבריק, דער שאַנד פון אונדזער יאָרהונדערט. און די וועלט האָט עס צוגעזען און געשוויגן. אַ שטיק צייט בין איך נאָך געווען אונטערן שוידערלעכן איינדרוק, און דאָס זעלבע פיל איך איצט ביים שרייבן די שורות.

## וואַרשע

די שטאָט וואַרשע איז 3 מאָל באָמבאַרדירט און רואינירט געוואָרן — אין 1939 ביים אויסברוך פון דער מלחמה, ביים פוילישן אויפשטאַנד קעגן דייטשישן אָקופּאַנט, און אינצווישן ביים ליקווידירן דעם געטאָ בעת דעם העלדישן ווידערשטאַנד, בעת וועלכן מ׳האָט מיט געווער געקעמפט קעגן דער דייטשער בעסטיע, פאַרשרייבנדיק אַ גאָלדן בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן מאַרטירערטום.

פּראַגע (די וואַרשעווער פאָרשטאָט) איז חוץ געוויסע אויסנאַמען, כמעט גאַנץ. דער שטאָטישער און וואָיעוואָדישער קאָמיטעט געפינט זיך אין פּראַגע. איך פאַרפאָר אַ זונטיק ביים טאָג צום קאָמיטעט. עס איז דער אָפּרו־טאָג. די אָנגעשטעלטע דיזשורנע פריילן, ביים אויפנעמען מיינע דאַטן, אַלס פּליט, און דערהערנדיק: „געבוירן אין זאַבלודאָוו״, שטעלט זיך אָפּ און פרעגט מיך ווער איך בין פון זאַבלודאָוו. און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אָנגעשטעלטע איז אַ טאָכטער פון טייבל ביאַלאָסטאָצקי, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט און געווינט מיט איר פאַמיליע אין פּראַגע.

קריגנדיק די באַשטימטע שטיצע און אַ אָרט צום שלאָפן, אין די שיין אויסגעבויטע באַראַקן אין פּראַגע, ווו איך טרעף זיך מיט אַ סך ביאַליסטאָקער געראַטעוועטע, און נאָך באַקאַנטע.

איך וויל דאָ באַשרייבן בלויז איין סצענע, וועלכע האָט זיך מיט איר רירנדיקייט אָפּגעשטעלט אין מיין געדעכעניש ביזן היינטיקן טאָג: דעם צווייטן טאָג שבועות זענען מיר אַ גרופּע פּליטים געפאָרן פון פּראַגע קיין וואַרשע צו הזכרת־נשמות. די לאַנגע שיינע גאַסן פון וואַרשע, רואינען, רואינען און חורבות; די באַרימטע נאָזשיקס שול איז דורך אַ נס ניצול געוואָרן. די היפּש־רואינירטע שול, פול מיט געראַטעוועטע, אויך פיל יידישע און סאָוועטישע מיליטער־לייט, מיט די גרעסטע אויסצייכענונגען. דער פּאָל און טישן פול מיט אָנגעצונדענע ליכט נאָך די הייליקע נשמות פון די ליבסטע און טייערסטע.

ווען דער חזן, אויך אַ געראַטעוועטער, האָט געמאַכט די אזכרה נאָך די פאַרברענטע, דערהרגעטע און דערשטיקטע איז די לופט פאַרהילכט געוואָרן פון די שלוכצן און געוויינען: און אָט זע איך אַ פּאָר מיידלעך מיט צלמימלעך אויף די העלדזער: ווער ווייס ביי וואָסערע אומשטענדן זיי זענען לעבן געבליבן און געקומען דערמאָנען די טייערסטע, און האָבן נאָך מורא אויסצוטאָן די צלמימלעך, שטייען און וויינען, באַגיסן זיך מיט טרערן.

מיר גייען באַטראַכטן דעם געוועזענעם געטאָ. אָט דאָ ווו ניט לאַנג האָט נאָך געשפּרודלט

מיט אַזאַ צאַפּלדיקן יידישן לעבן, די נאַלעווקעס, גענשע, טלאָמאַצקע א״אַ. אַ שטיק פּוסטקייט, אַפילו די רואינען זענען שוין צענומען, מען קלייבט זיך דאָ מאַכן, לויט אַ נייעם פּלאַן, אַ סקוועיר. צווישן אונדזער גרופּע זענען דאָ אַ סך וואָס האָבן דאָ געוווינט, אַ פרוי וואָס האָט געוווינט אויף גענשע 2. זי זוכט אויס מער־וויניקער דעם פּלאַץ, שלעפּט אַרויס פון אַש אַ צעבויגענעם, פאַרברענטן לעפל, אַ נישט־דערברענטע „שיימע״ און באַגיסט עס מיט טרערן.

# ביאַליסטאָק

זיך טרעפנדיק אין לאָדזש מיט מיין פריינד גרינהויז ע״ה, ווו מיר האָבן זיך שוין גע־האַלטן צוזאַמען די גאַנצע צייט ביז אונדזער צעשיידן זיך אין פאַריז, באַשליסן מיר דאַך, ניט קוקנדיק אויף די געפאַרן, צו פאָרן אין ביאַליסטאָק.

די ערשטע איינדרוקן אַ קוק טוענדיק אויף ביאַליסטאָק זענען שרעקלעכע. די שטאָט קען מען גאָרנישט דערקענען — חרוב ומוחרב. די שארית הפליטה געפינען זיך אין געוועזענעם הקדש. פון די אייגענע — קיין זכר נישט, קיינעם נישט געטראָפן.

אברהמל באַכראַך מיט זיין פרוי רייזעלע, די יונגסטע טאָכטער פון נחום וואַגמאַן, לעבן געבליבן פון פאַרשיקונג אין רוסלאַנד, וווינען אין אַ הויז וואָס איז גאַנץ געבליבן אויף סוראַזער גאַס אַנטקעגן שול־הויף. ביי זיי האָב איך זיך געפונען די גאַנצע צייט. ביז מיין אָפּפאָרן, ווו איך האָב געהאַט אַ האַרציקע היים.

צו די גרויליקסטע איבערלעבונגען אין ביאַליסטאָק דאַרף מען פאַררעכענען: דער טויט פון די 4 חלוצים, וועלכע זענען אַראָפּגענומען געוואָרן פון צוג, פאַרנדיק קיין וואַרשע דער־לײדיקן די פאָרמאַליטעטן אָפּצופאָרן אין ישראל. 2 אַזייגער בייטאָג זענען זיי אַרויסגעפאָרן, און נעבן מאַלקין זענען זיי דערשאָסן געוואָרן פון די פוילישע באַנדעס. 3 קאָסטנס מיט די טויטע קערפּערס האָט מען אויף מאָרגן געבראַכט אין ביאַליסטאָק און אַוועקגעשטעלט אין ציטראָנס בית־המדרש, וואָס האָט געדינט ווי אַ קלוב, ווו עס פלעגן פאָרקומען אַלע אַקטן. איינעם אַ שווער־פאַרווונדעטן האָט מען אָפּגעפירט אין וואַרשע ווו ער איז דערנאָך געשטאָרבן. די לויה צום געטאָ בית־עולם אויף זשאַביע־גאַס, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאַנצע דע־מאָנסטראַציע פון די געראַטעוועטע ביסל יידן מיט קרענץ און רעדעס. די געווײנען האָבן פאַר־הילכט די לופט.

די עקסהומאַציע פון די 72 דערשאָסענע אויפשטענדלער וועמענס ביינער מען האָט אויפ־געטראָגן אין אַ גרויסן ברודער־קבר אויפן בית־עולם אויף זשאַביע, איז פאָרגעקומען ווינטער. די צעפאַלענע קערפּערס זענען אַרויסגענומען געוואָרן, באַשאָטן מיט כלאָר, און אַזוי אויף טראָג־בעטלעך אַריבערגעפירט געוואָרן. פון די צעריסענע פאַרפוילטע קליידער פון די העלדישע ווי־דערשטענדלער, זענען ביים אַרויסנעמען אַרויסגעפאַלן אַמוניציע און געווער, מיט וועלכע זיי האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דער דייטשער בעסטיע.

דער ביאַליסטאָקער העלדישער ווידערשטאַנד רעכנט זיך דער צווייטער נאָך וואַרשע, לויט זיין פאַרנעם און דערנאָך די עקסהומאַציע פון אַריבער 300 צעשאָסענע פון געטאָ־שפּיטאָל, וועלכע זענען אַרייגנעוואָרפן געוואָרן אין אַ גרויסע קאַלך־גרוב ניט ווייט פון געטאָ בית־עולם; כאָטש ס׳איז געווען פאַרווערט צו קוקן דורך די פענצטער האָט מיר אַ שכנישער קריסט איבער־געגעבן, ווי ער האָט פון אַ דאַך געזען ווי דער געטאָ־קאָמענדאַנט, די בעסטיע פריץ פרידעל, איז געזעסן אויף אַ שטול און מיט אַ רעוואָלווער געשאָסן אין קאָפּ די קרבנות און געוואָרפן אין גרוב אַריין די קראַנקע פון שפּיטאָל.

שוידערלעך זענען געווען די בילדער ווי איך בין געגאַנגען זען די עקסהומאַציעס. אָט נעמט מען אַרויס אַ קערפּער פון אַ מוטער מיט אַ צוגעקלעפּט קינד צו איר ברוסט. פאַרשטייט זיך אַז די קערפּערס איז נישט געווען צו דערקענען; ווער ווייס וויפל אייגענע ליבסטע און טייערסטע מען האָט אַזוי אַרויסגעשלעפּט.

די אַזוי־גערופענע ערשטע אַקציע וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן פרייטיק, דעם 5טן פעברואַר

1943, דער העלדישער מאַלמעד־אַקט, וועלכער איז ענג פאַרבונדן מיט ז'עם הויז און משפחה פון מיין פעטער מאָטקע זאַבלודאָווסקי ע"ה, וויל איך דאָ באַשרייבן:

די גאַסן ווערן אַרומגעשטעלט מיט ס"ס־לייט און ספּעציעלע געשטאַפּאָ־בריגאַדעס און צוזאַמען מיט דער יידישער געטאָ־פּאָליציי לאָזן זיי זיך איבער די הויפן, און כאַפּן יידן, לויט פון פריער־צוגעגרייטע ליסטעס. מען פירט זיי צום טראַנספּאָרט. ביים שטעלן דעם קלענסטן ווידערשטאַנד ווערט מען גלייך דערשאָסן. פון די געטאָ־פאַבריקן, די וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטער־שיינען ווערן אויפן אָרט דערשאָסן. צוזאַמען מיט געטאָ־פּאָליציי לאָזן זיי זיך צו די פון פריער־צוגעגרייטע בונקערס, ווו מען האָט זיך באַהאַלטן פאַרן שונא, און מען שלעפּט צום טראַנספּאָרט.

צו אונדזער גרויסן ווייטיק זענען געווען פיל יידישע מוסרים, וואָס פאַרן פרייז פון אַ באַשטעטיקונג: „דיזער יודע איזט באַפרייט פאַרן טראַנספּאָרט", האָבן זיי אויסגעגעבן פיל



נאָך דער עקסומאַציע. פון רעכטס: אַרטיסט י. גרינהויז, האַמבורגער, פאַרזיצער פון ביאַליסטאָקער קאָמיטעט אַדוואָקאָט טורעק, די פאַרטיזאַנערן חיהלע גראָסמאַן, אומבאַקאַנטער, די שוועסטער פון חיהלען — מירל און דוד (דיאַדיע) זאַבלודאָווסקי — ביים מאָנומענט אויף זשאַביער בית־עולם אין ביאַליסטאָק, נאָך דער עקסומאַציע פון די 72 אויפשטענדלער, וועלכע זענען אויפגעדעקט געוואָרן אין זייער בונקער און צעשאָסן געוואָרן פון די נאַציס, ימח שמם!

באַהעלטענישן. דער באַוווסטער ביאַליסטאָקער שרייבער פּסח קאַפּלאַן ע״ה שרייבט אין זיינע נאָטיצן פון געטאָ, וועלכע מען האָט געפונען באַהאַלטן: אין משך פון אַ וואָך שפּילן זיך אָפּ אין געטאָ דאַנטישע סצענעס: די שוחטים האָבן געשאָכטן, און די חברה קדישא־לייט האָבן זיי דערנאָך צונויפגענומען און אָפּגעפירט אין מתים־שטיבל פון געטאָ־בית־עולם אויף זשאַביע־גאַס. מוראדיק איז געווען דאָס בילד פון די אַראָפּהענגענדיקע הענט און פיס, צעשפּאָלטענע, צעריסענע, ווי געשאָכטענע קעלבער. די בעסטיעס פלעגן שיסן מיט דום־דום קוילן, צעריסנדיק די קערפּערס.

# דער מאַלמעד־אַקט

אויף קופּיעצקאַ 29, אין הויז פון מיין פעטער מאָטקע זאַבלודאָווסקי, ווען די „כאַפּונעס״ זענען גלייך דעם ערשטן טאָג פון דער אַקציע צוגעקומען, האָט דער יונגערמאַן יצחק מאַלמעד, אַן אָפּשטאַמיקער פון סלאָנים, און וועלכער האָט געאַרבעט אין פאַרב־געשעפט פון וויינבערגן, אויף מאַרק־גאַס, אַרויסגעכאַפּט אַ פון פריער צוגעגרייטע פלאַש וויטריאָל און אַריינגעכליאַפּעט אין פּנים דעם ס״ס־מאַן מינטער. יענער כאַפּט אַרויס דעם רעוואָלווער און משוגע פון ווייטיק און בלינד — שיסט ער אויס און טרעפט אַ צווייטן דייטש מיטן נאָמען פריטש, וועלכער פאַלט טויט. עס קומט גלייך אַראָפּ פריץ פרידעל און ציילט אָפּ 100 מענטשן, פון געדיכט־באַוווינטן פלאַץ, מיט די דריי בנינים, וועלכע מען פירט אָפּ, דורך אָוונטעס־געסל צו פראַגעס גאָרטן אויף ניי־וועלט, ווו זיי ווערן נעבן פּאַרקאַן צעשאָסן מיט מאַשין־געווער. צווישן די הונ־דערט זענען געווען מיין פעטער מאָטקע, מיט כמעט זיין גאַנצער פאַמיליע, מיין מומעביילע צעסלער ע״ה, (די מוטער פון מיינע קוזינס, די ברידער צעסלער) מיט אירע צוויי טעכטערלעך ע״ה ליליע און סוליע, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון דער ברענענדיקער זאַבלודאָווע און זיך גע־פונען אין געטאָ, ביים פעטער מאָטקע אין הויז. מיין קוזינע, די באַוווסטע שניידערן צילע מילער־זאַבלודאָווסקי, וועלכע איז געווען באַקאַנט ווי די בעסטע שניידערן און געניט פאַר די דייטשישע פרויען און געהאַט אַ נאָמענטלעכן שוץ־בריוו אַרויסצוגיין פון געטאָ, און דאָס האָט אַלץ גאָרנישט געהאָלפן.

דער זאַבלודאָווער גערעטעוועטער יאָסל זאַבלודאָווסקי (ניט פון אונדזער פאַמיליע) וועל־כער לעבט איצט אין ישראל, האָט פון אַנטקעגנאיבערדיקן דאַך צוגעזען די גאַנצע גרויל־סצענע פון דעם אָפּקלייב און צעשיסונג.

פרידל מעלדעט דערנאָך דעם יודנראַט, אַז אויב מאַלמעד שטעלט זיך ביז מאָרגן נישט צו, שיסט ער אויס נאָך 5 טויזנט יידן. מאַלמעד דערוויסט זיך עס אין זיין באַהעלטעניש און גיט זיך פרייוויליק איבער די מערדער אין די הענט. נאָך עינויים קשים טראָגט אַ שטאַנד־געריכט אַרויס דעם טויט־אורטייל און ער ווערט אויפגעהאַנגען, קעגנאיבער מיין פעטערס הויז, נעבן בית־המדרשל. ער האָט זיך געהאַלטן זייער ווירדיק, געשפּיגן די מערדער אין פּנים אַריין און אויסשרייענדיק: „באַנדיטן, איר וועט באַצאָלן פאַר דעם, אייער סוף איז שוין נישט ווייט״, הויכט ער אויס זיין לעצטן אָטעם. דריי טעג הענגט זיין טויטער קערפּער כדי די באַפעלקערונג זאָל צוקוקן. די גאַס קופּיעצקאַ טראָגט איצט דעם נאָמען נאָכן העלד: "Ulica Malmeda" (מאַלמעד־גאַס).

מיין פעטערס הויז מיט די אַלע בנינים זענען געבליבן גאַנץ, און קוקנדיק אויף דער אי־בערגאַנג־טיר פון איין צימער אין צווייטן, אין דעם דעפּאַרטאַמענט ווו עס האָט ביז דער מלחמה געוווינט מיין קוזין חיים זאַבלודאָווסקי ע״ה, אויף וועלכער עס איז נאָך געווען קאָנ־טיק די אַראָפּגערונענע וויטריאָל־פלעקן, וועלכע דער העלד מאַלמעד האָט געגאָסן די מערדער אין די אויגן, האָט דאָס מיר דערמאָנט די ווערטער פון מאָריס ראָזענפעלד:

„איר דערציילט פון בלוטיקייט, בריהשאַפט און מוטיקייט וווּנדער פון אַמאָל״.
יאָ! נישט פון אַ מאָל, נאָר פון נישט לאַנג, ביי מיין פעטער מאָטקע אין הויז.
נישט איין מאָל פלעג איך אויף פאַרבלאָנדזשען, צו פראַגעס גאָרטן, אויפן עקזעקוציע־

פלאַץ, ווו עס איז אומגעקומען אַזאַ גרויסער טייל פון אונדזער פאַמיליע. איך פלעג שטיין אַ צוגעשמידטער און קוקן שווייגנדיק אויף דער ערד וועלכע האָט איינגעזאַפּט דאָס בלוט פון די אומשולדיקע קרבנות און זי האָט געשוויגן און די וועלט האָט געשוויגן.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער טרויעריקער פּרייטיק, גלייך ביים אַריינמאַרש פון די נאַצישע חיילות, ווען ביי אַ 1500 יידן פון ביאַליסטאָק און אומגעגענט זענען לעבעדיקערהייט פאַר־שפּאַרט און פאַרברענט געוואָרן אין דער גרויסער שול, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מיין קוזין, דער לאַנג־יאָריקער שאַן־מייסטער אהרן זאַבלודאָווסקי ע״ה, די אַזוי־גערופענע „שבתדיקע״ צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען אַ גרויסער טייל זאַבלודאָווער.

מיין פאָטער, יוסף זאַבלודאָווסקי, וועלכער האָט אויך געלעבט אין געטאָ ביי מיין פעטער מאָטקע, אויפן בוידעם. ער איז געשטאָרבן, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, פריער פאַר דער ערשטער אַקציע, און ליגט באַגראָבן אויפן געטאָ־בית־עולם; זיין קבר האָב איך נישט געפונען.

# זאַבלודאָווע

אין אַ זוניקן נאָכמיטאָג זענען מיר, דריי געראַטעוועטע זאַבלודאָווער, צוגעפאָרן אַ קוק טאָן זאַבלודאָווע: חיים איציקס (מילער), אברהמל באַכראַך און דער שרייבער פון די שורות. דאָס פאָרן איז דאַן געווען פאַרבונדן מיט מסירת־נפש, צוליב די פּוילישע באַנדעס וועלכע האָבן געלויערט פון די וועלדער. אָבער דער ווילן צו זען זאַבלודאָווע נאָכן חורבן, דאָרט ווו עס איז געשטאַנען אונדזער וויג, און דאָרט ווו מיר האָבן דורכגעלעבט אונדזערע בעסטע קינדער־ און יוגנט־יאָרן, האָט איבערגעשטיגן אַלע געפאַרן.

מיר פאָרן אָפּ פון פּלאַץ, ווו ס׳איז אַמאָל געשטאַנען דער שטאָט־זייגער, מיט אַ מיליטער־רישן דזשיפּ, — דער איינציקער קאָמוניקאַציע־מיטל וועלכער גייט אָפּ צוויי מאָל אין טאָג קיין זאַבלודאָווע. מיר פאָרן אַריבער סקאָרופּ, און אָט זענען מיר שוין אויפן שאָסיי, — קוריאַן, זשווערקי; דאָס האַרץ הייבט אָן האַסטיקער צו קלאַפּן. דער דזשיפּ טרייסלט זיך איבערן היפּש צעבראָכענעם שאָסיי.

אָט באַווייזט זיך שוין דער פּוילישער צמענטאַזש מיטן געפּלאָכטענעם דראָטענעם פאַר־קאַן; אָט באַווייזט זיך יאַנקל פּאַניטשעס שטוב, הינטן אַ פּאָר גאַרבאַרניעס, ווו עס איז גע־ווען דער זאַבלודאָווער געטאָ, און פון וואַנען מען האָט דערנאָך די זאַבלודאָווער יידן אַוועקגע־פירט צום טויט. — אַ פּוסטעניש, עס שווינדלט פאַרביי דער צווייטער פּוילישער צמענטאַזש מיטן קלויסטערל, דערנעבן פּלאָווסקינס גאַרבאַרניע, און נאָך אייניקע בנינים און אין אַ מינוט אַרום בלייבט דער אויטאָ שטיין. חיים און אברהמל וועלכע זענען שוין פריער געווען אין זאַבלודאָווע, אַ פּאָר מאָל, זאָגן מיר: נו, דיאָדיע, גיי אַרויס פון אויטאָ, מיר זענען שוין אין זאַבלודאָווע.

איך בלייב שטיין אַ צעטומלטער און קען זיך פון אָרט נישט רירן... נו, איצט דינט מיר מער נישט די פעדער; די עמאָציע און איבערלעבונג איז נישט צו באַשרייבן און וואָס קען מען טאָקע זאָגן: מיר שטייען נעבן קאָסציאָל, און ווייטער אַ שטיק וויסטעניש, באַוואַקסן מיט הויכע ווילד־גראָזן, ווו ניט ווו האָט שוין אַ מעשטשאַניע אַוועקגעשטעלט עפּעס אַ שטיבל.

איך מאַך צו די אויגן און עס אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר זאַבלודאָווע, וואָס איך געדענק פון פריער, מיט די צוויי מאַרקן, מיט איר פּלאַנמעסיקייט, מיטן לאַבירנט פון גאַסן און געס־לעך, וועלכע פלעכטן זיך איינע מיט דער אַנדערער, און איצט — זע איך, ווי אַלץ איז אָפּגע־ווישט, אָפּגעווישט אַ ישוב פון אַ סך הונדערטער יאָר — „ביאַליסטאָק הסמוכה לזבלודובה״ — נישטאָ מער און נישטאָ מער די איינוווינער אירע.

אַ ביסל ווייטער שטייט די צערקווע, אויף די „היסטאָרישע דראָטן״. נעבן איר זיצן אַ פּאָר מעשטשאַנעס, דערקענען מיך און זאָגן: „אָ, אַקושערקי סין (אָ, דער אַקושערקעס זון!); מיט וועלכע ניסים ביסטו לעבן געבליבן?״...

נעבן צערקווע שטייט גאַנץ יואל מילערס שטוב, מרדכי־לייבס שטוב, ווו עס געפינט זיך

דער מאַגיסטראַט, פון יענער זייט צערקווע שטייט דער בילסקער בית־המדרש, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תבואה־שפּייכלער. מיר נעמען זיך ווייטער צו דער הויף־גאַס. עס שטייט שעפּסעלע מאָטל־בעקערס איינגעפאַלן הויז. די רינווע פון זאַבלודאָוווער גרויסן טייך, ביז מיר קומען צו צו חיים מילערס פאַבריק, ווו עס שטייען גאַנץ כמעט אַלע בנינים. אין דער הילצערנער גרויסער שטוב נעבן גאָרטן, וווינען אַ סך קריסטלעכע משפחות, מען קלייבט זיך אַלע צענויף, די גלאָוונע „ריידערקע״ איז מאַלאַשקע, וואָס האָט אַ סך יאָרן געדינט ביי חיה־זלאַטען און רעדט אַ זאַפטיקן גוטן יידיש. זי וווינט דאָ מיט איר מאַן און קינדער.

עס מערקט זיך ביי זיי אַלעמען — ביי די קריסטן — אין די אויגן עפּעס אַ סאָרט שרעק, טאָמער חלילה נעמט מען צו זייערע וווינונגען. דער גוטמוטיקער חיים באַרואיקט זיי, אַז עס וועט זיי גאָרנישט געשען... ער וויל נאָר עפּעס דירה־געלט, כאָטש אויף אַ פלאַש בראָנפן...

מאַלאַש, דער פאַסטעך, דערציילט מיר ווי אַזוי ער איז מיט זיין פערד און וואָגן געוואָרן מאָביליזירט צום אָפּפירן די יידן אין די קאַזאַרמעס פון 10טן אולאַנער פאָלק. ער דערציילט מיר נאָך פיל איינצלהייטן.

איך נוץ אויס די געלעגנהייט אָפּצונעמען, לויטן געזעץ, די פלעצער פון מיין זיידע, באַבע, אברהם און סוליע ע״ה ווו עס זענען געשטאַנען די שטוב און קראָם, אַ פּאָר מעשטשאַנעס שרייבן זיך אין מאַגיסטראַט אונטער ווי עדות, אַז איך בין דער איינינקל. דער געריכט האָט עס אָבער אַלץ איינס נישט צוגעפּסקנט, מאָטיווירנדיק עס מיט געוויסע טעמים.

מיר בראָדזשען נאָך אַרום איבער די חורבות און פּילפּלען זיך צווישן די פונדאַמענטן, וואָס טיילן אָפּ ביידע מאַרקן, וועלכע קראָם איז דאָ געשטאַנען און וועלכע דאָרט... מיר זוכן צווישן די ווילדע גראָזן: ווו איז דאָ געשטאַנען די זאַבלודאָווער אַלטע היסטאָרישע פיל הונ־דערט־יאָריקע שיל, און קענען דעם פּלאַץ נישט געפינען.

עס ווערט שפּעט, מיר לויפן נאָך צו אויפן נייעם בית־עולם. די גרעסטע טייל מצבות זענען צעבראָכן און אַרויסגעפּירט, אַנדערע שטייען נאָך. אַזוי די מצבה פון אהרן־הערש צעס־לער, משמעות די גויים האָבן נישט געהאַט קיין האַרץ צוצונעמען די מצבה פון זייער דאָקטער און רעטער פון זייערע לעבנס.

די צוויי מעשטשאַנעס פאָדערן „באַריש״ פאַרן עדות־זאָגן. מיר גייען אַריין אין אַ מין בודע און הייסן שטעלן אַ פלאַש בראָנפן מיט פאַרבייסן. דו ווייסט ווו מיר זיצן איצט? — פרעגט מיך אברהמל. — ביי פלטיאל דעם קאַשניק, — אויף אָט דעם פּלאַץ איז געשטאַנען זיין גרויסער מויער... אינסטינקטיוו הייס איך געבן נאָך אַ פלאַש בראָנפן, כדי כאָטש אַ ביסל צו פאַרטרייבן די קאָשמאַרנע געפילן, וואָס באַהערשן מיר, אַ קוק טוענדיק דורכן טיר און זעענ־דיק וואָס ס׳איז געוואָרן פון זאַבלודאָווע, פון אונדזער אומפאַרגעסלעכער היים ווו ס׳איז גע־שטאַנען אונדזער וויג.

קומענדיק צוריק אין ביאַליסטאָק, האָב איך ערשט דאַן דערפילט דעם טיפן ווייטיק אויף דער נשמה וואָס איך לעב אויך איבער איצטער, שרייבנדיק די דאָזיקע שורות. זאָלן אָט די פאַרצייכענונגען, די בילדער פון גרויסן אומקום, זיין אַ ביישטייער צום באַשיידענעם מאָנומענט וואָס מיר שטעלן אונדזערע ליבסטע און טייערסטע, אַז אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער — לדורות, זאָלן וויסן ווי ס׳האָבן געליטן, געקעמפט און פאַרפייניקט געוואָרן אונדזערע טאַ־טעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער פון זאַבלודאָווע — ביאַליסטאָק, צוזאַמען מיט אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים.

איך שרייב די שורות און טרערן פליסן פון מיינע אויגן און כ׳פאַרענדיק מיט די ווערטער פון אונדזער גרויסן מקונן ז. סעגאַלאָוויטש:

וואָס געבליבן, איז אונדז מער,<br>חוץ די דורכגעגעליטע טרער?...<br>אויף די חורבות, אויף די אַש —<br>יתגדל ויתקדש!

י. ל. אַלטעס

# מאַמע! ווו ביסטו, ווו?

(אין הייליקן אָנדענק פון מיין מאַמע מיכלע)

אַ מאַמע, מיין מאַמע, די שענסטע פון מין —
מאַמעניו זאָג מיר, ווו ביסטו, וווהין?
כ'האָב שוין געזוכט, ביי אַלע געפרעגט,
דערווײַלע ביז איצטער, נאָך גאָרנישט אַנטפּלעקט.

ווי ווייס איך אויף ווייטער צו זוכן דיך, ווו?
און ווו איז דאָס פּלאַץ פון דיין אייביקער רו.
די געהייליקטע ערד ווו עס ליגט דיין געביין.
כ'וואָלט עס צעווייקט מיט מיין שטומען געוויין.

כ'וואָלט עס געצערטלט, געקושט און געגלעט.
כ'וואָלט עס געמאַכט פאַר מיין איינציקע בעט.
כ'וואָלט עס צום האַרצן אָן אויפהער געדריקט,
און פרישינקע בלומען טאָג־טעגלעך געשיקט.

כ'וואָלט דאָרטן אַ ווייסע בעריאָזע פאַרפלאַנצט,
און אונטער איר שאָטן מיין טרויער געטאַנצט.
כ'וואָלט דאָרט געגעכטיקט ביטאָג און ביינאַכט,
דאָס רעשט פון מיין לעבן וואָלט איך דאָרט פאַרבראַכט

אַמווייניקסטן — כ'וואָלט אַ מצבה געשטעלט, —
ס'זאָלן אירע זין צעשפּרייט אויף דער וועלט,
קענען אַמאָל אין אַ טאָג — פון זיי ווער,
אויף איר קבר פאַרגיסן אַ קינדערשע טרער.

נאָר וואָס קען איך העלפן? וואָס קען איך טאָן?
מ'שיקט מיך נישט רופן, מ'זאָגט מיר נישט אָן.
כ'ווייס אַז ס'וועט מיך נישט לאָזן צורו,
דאָס שטענדיקע זוכן איר אייביקע רו.

דוד זאַבלודאָווסקי (בן חיים צבי) — מעקסיקע

# מי באש...

געהייליקט דעם אָנדענק פון מיין ברודער אהרן ע״ה, וועלכער איז דורך די נאַציס, ימח שמם, פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט מיט נאָך 1200 יידן, אין ביאַליסטאָקער שול.

דאָס בלוט וועדט פאַרגליווערט אין די אָדערן, — 1200 זענען זיי געווען, צוועלף הונ־דערט הייליקע נשמות קדושים וטהורים, האָט מען זיי פאַרשפּאַרט אין שול און פאַרברענט לעבעדיקערהייט און איינער פון זיי איז געווען מיין ברודער אהרן — אַ באַגאַבטער שאַכמאַ־טיסט. ווען עס איז דערגאַנגען צו מיר די פינצטערע ידיעה האָב איך יענעם טאָג זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען; איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און עס האָט זיך מיר אויסגע־וויזן אַז אויף מיר גופא ברענען די בגדים מיינע און מיט בלוט פון מיין האַרצן האָב איך דאַן אָנגעשריבן פאָלגנדע שורות:

די שול געפּאַקט, ניט צו געבן זיך אַ דריי<br>
און מיין ברודער איז אויך צווישן זיי — — —<br>
„זע גאָטעניו, משמים הבט!״ —<br>
עס ברענט מיין ברודער לעבעדיקערהייט...

אין פלאַמען שטייט די גרויסע שול,<br>
דער מקום קדוש — מיט צעשראָקענע יידן פול;<br>
מיט שמע ישראל באַגעגענען זיי דעם טויט — — —<br>
עס ברענט מיין ברודער לעבעדיקערהייט...



אהרן זאַבלודאָווסקי (שאַכמאַטיסט)



צאַלקע קאַץ

עס פלאַקערן די ווענט, עס קראַכט שוין דער דאַך — — —
עס ברענט ווי אַ ליכט, דער מייסטער פון שאַך,
די אויגן זיינע — צעעפנט ברייט — — —
עס ברענט מיין ברודער לעבעדיקערהייט...



דער פאַרברענטער קופּאָל פון ביאַליסטאָקער שול.



ביאַליסטאָקער שול

באַמערקונג פון רעדאַקציע:

מיר ברענגען דעם „מי באש" פון ד. זאַבלודאָווסקי (מעקסיקע), געשריבן אין אָנדענק פון זיין ברודער אהרן, דעם באַוווסטן ביאַליסטאָקער שאַכמאַטיסט, וועלכער איז געווען אַן אייניקל פון אברהם און סוליע זאַבלודאָווסקי, פון זאַבלודאָווע, ווי אויך אַלס אָנדענק נאָך דעם לעבעדיק־פאַרברענטן זאַבלודאָווער יונגנמאַן צאַלקע קאַץ און גע־וויס נאָך זאַבלודאָווער וועלכע מיר זענען זיך משער זענען דאַן אומגעקומען אויפן זעלבן גרויזאַמען אופן.

זאָלן די דאָזיקע ווערטער אויך דינען ווי אונדזער אַ באַערונג פאַר די אַלע טייערע יידן פון דער שטאָט ביאַ־ליסטאָק, ביט וועלכע אַ גרויסע צאָל זאַבלודאָווער האָבן געטיילט דעם זעלבן טראַגישן גורל אויף זייער לעצטן וועג.



נחמה יאכניוק־לאשיצקי

# מײנע איבערלעבונגען אין דער צײט פון היטלערישן קריג

### איך קום צוריק אין דער פאַרברענטער זאַבלודאָווע

דער אויסברוך פון קריג, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען היטלער־דײטשלאַנד איז איבערגעפאַלן פּוילן — האָט אײנגעהילט אין טרויער די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג און אויך אונדזער היים־שטעטל זאַבלודאָווע. — מ׳האָט גלײך מאָביליזירט אַלע מענער און דאַן האָבן די רעאַקציאָנערע פּוילישע רעגירער ווי: מאָשציצקי, בעק, רידז־שמיגלי און אַנדערע שוין נישט געמאַכט קײן אונטערשייד פון יידן און נישט־יידן ווי ביז דאַן, נאָר האָבן אַלעמען געשיקט אין קריג אויף די פראָנטן, וועלכע זענען כאַאָטיש אָרגאַניזירט געוואָרן.

מ׳האָט אַרויסגעריסן פון די עלטערן זײערע קינדער, פון די פרויען זײערע מענער און פון די קינדער זײערע פאָטערס און זײ אַלע געשיקט — אויף קאַנאָנען־פלײש... אָבער צום גליק איז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, זאַבלודאָווע שוין געווען פאַרנומען פון דער רויטער אַרמײ. פון דאַן אָן האָט זאַבלודאָווע אויפגעלעבט, די יוגנט, וועלכע האָט אין דער פאַשיסטישער פּוילן נישט געהאַט ווו זײערע הענט צו פאַרקויפן און אײן פערזאָן האָט געדאַרפט שלעפּן דעם יאָך אויף אויסצוהאַלטן אַ גאַנצע פאַמיליע — האָבן באַלד באַקומען באַשעפטיקונג אין די גרויסע געשעפט־מאַגאַזינען און אויך אין די פאַרשיידענע קולטור־אַנשטאַלטן און ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס — האָבן געפונען אַרבעט אַ סך יוגנטלעכע. יעדער, ווער עס האָט נאָר געוואָלט, האָט געהאַט די מעגלעכקײט זיך צו לערנען, נישט קוקנדיק אויף אָפּשטאַם אדער מאַטעריעלער לאַגע, אַלץ איז געווען אין די הענט פון אַרבעטער. אָבער די פרייד, האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. — זיך לײגנדיק זאָרגלאָז שלאָפן, איז זונטיק, דעם 22טן יוני 1941, פיר אַזײגער פאַרטאָג — היטלער־דײטשלאַנד באַפאַלן סאָוועט־רוסלאַנד און אין בעסטן שלאָף איז אויך אונדזער זאַבלודאָווע שוין אויפגעוועקט געוואָרן פון די באָמבעס און „סנאַראַדן“...

אַלט און יונג, קראַנקע און שוואַכן, קינדערלעך פון די וויגן — זענען אויפגעטרייסלט גע־וואָרן... פון דעם טאָג אָן, האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער אַלעמענס פּיין!...

ביים אויסברוך פון קריג און טומל — האָבן די יוגנטלעכע געזען מיט אַלע מעגלעכ־קייטן עס זאָל נישט אַנטשטיין קיין פּאַניק צווישן דער באַפעלקערונג און האָבן געהאַלטן אָרדענונג און באַשיצט זאַבלודאָווע.

דעם ערשטן טאָג פון קריג, בין איך נאָך געשטאַנען ביי מיין באַשעפטיקונג אין גע־שעפט־מאַגאַזין ביי יוזשקען (ווו ס׳איז פריער דאָרט געווען אַ בעקעריי — נעבן מאַגיסטראַט).

מאָנטיק, דעם 23טן יוני, האָבן די פּאָליאַקן זיך נאָך געהאַלטן גוט, אָבער לאַנג האָבן זיי נישט געקענט איינהאַלטן זייער צעיושעטע בלוט, פון אַזויפיל לערע פון דער ענדעקישער, אַנטיסעמיטישער רעגירונג און אויפן דריטן טאָג, דינסטיק, ווען אַלץ אַרום איז געשטאַנען אין פלאַמען, ווען דער גאַנצער מאַרק איז שוין געווען חרוב פון באָמבעס, האָבן זיך אַריינ־געריסן אַ מחנה צעיושעטע פּאָליאַקן און אָנגעהויבן ראַבירן. איך האָב מיין פּאָסטן נישט פאַרלאָזן, אָבער קיין עצה האָב איך זיך נישט געקענט געבן מיט זיי, ביז עס איז געקומען אַ סאָוועטישער הויכער באַאַמטער, מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע און מען האָט זיי צעטריבן און מיר האָבן אויך זיך גענומען גרייטן צו אַנטלויפן. צוזאַמען מיט מיר, אויפן אויטאָ, איז אייך מיטגעפאָרן מיין אומפאַרגעסלעכער פאָטער ירחמיאל, מיין שוועסטער גאָלדע מיט איר יינגעלע ישראלקעלע, מיין יינגסטע שוועסטער פייגל און יאָסעלע זאַבלודאָווסקי (טאַסקי).

יעדער שפּאַן ערד איז געווען באַדעקט מיט מענטשלעך בלוט... יעדער טראָט איז געווען מיט פייער, מ׳האָט נישט געוווּסט וווהין צו לויפן. מיר זענען געפאָרן צו זשעדנע, אַלץ איז געווען אין פלאַמען... פאָרויס — פייער!... און צוריק — קיין וועג...

אין וואָלקאָוויסק איז אונדזער אויטאָ צעשמעטערט געוואָרן פון אַ באָמבאַרדירונג. מיר זענען אַרויס אַלע אומבאַשעדיקט, ווייל מיר האָבן זיך באַהאַלטן באַצייטנס, אָבער מיר זענען געבליבן אָן אַלץ, ווייל וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך, איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן אויטאָ.

מיר האָבן אויך אין וואָלקאָוויסק דורכגעלעבט אַ קאַמף. נאָכדעם זענען מיר אַלע, מידע, צעבראָכענע און הונגעריקע, דורכגעגאַנגען אַ סך שטעט און שטעטלעך, ווי: ווילנע, לעמ־בערג און שפּעטער צוריק (צוליבן פאַרנעמען די געגנט דורך די דייטשן) אויך סטאָלפּצי און באַראַנאָוויטש און נאָענט פון מינסק (נישט ווייסנדיק ווען און ווי־אַזוי) האָבן מיר זיך פאַר־לוירן ביי אַ פאַרגעקומענער שלאַכט און כ׳בין געבליבן איינע אַליין, עלנט ווי אַ שטיין... אָן מיינע טייערסטע און ליבסטע... דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס כ׳האָב אַפילו נישט גע־קענט גיין זיי זוכן — נישט צוליב מורא פאַרן טויט, נאָר כ׳האָב פשוט נישט געוווּסט. ווו כ׳קען זיי געפינען, ווייל אַלץ איז געווען אויסגעמישט מיט דער ערד. כ׳האָב אויך מורא גע־האַט כ׳זאָל נישט אַריינפאַלן אַ לעבעדיקע צו די דייטשן אין די הענט...

אַזוי האָב איך ווייטער, שוין בלייבנדיק עלנט אַליין, דורכגעמאַכט אַ געפערלעכן וועג פון 600 קילאָמעטער צופוס. די פיס האָבן מיר מער נישט געדינט, ביז איך בין אָנגעקומען נאָך אַ חודש וואַנדערן, אינגאַנצן דערשעפּטע — אין ראַטנפאַרבאַנד. זייענדיק אין סאָוועט־רוסלאַנד פון 1941 ביז 1942, האָב איך געאַרבעט ביי פאַרשיידענע אַרבעטן, ווי פעלד־אַר־בעט, אין אַ שפּיטאָל און אין אַ קינדער־גאָרטן. אין האַרצן האָט אין מיר כסדר געגליט אַ פונק פון נקמה צו די פאַרשאָלטענע נאַציס און כ׳האָב נאָר געטראַכט, אַז כ׳טאָר נישט בלייבן אַזוי מיט פאַרלייגטע הענט און אין מוח האָט מיר געעקבערט די פראַגע: „צוליב וואָס בין איך לעבן־געבליבן? — וואָס דאַרף איך זיין בעסער ווי אַנדערע הונדערטער און טויזנ־טער?״ — און אין אַפּריל 1942, ווען די גאַנצע פרויען־יוגנט האָט זיך פרייוויליק צוגע־שטעלט, צו גיין העלפן די מענער פאַרטיידיקן דאָס לאַנד און דעם מענטשלעכן כבוד, בין

איך, צוזאַמען מיט זיי, אַוועק און זיך אַנגעשלאָסן אין דער רויטער אַרמיי — כדי צו קענען נקמה־נעמען פאַר: פאָטער, מוטער, שוועסטער און ברידער, פאַר קליינע אומשולדיקע קינ־דערלעך, פאַר אַלע דערמאָרדעטע און אומגעבראַכטע דורך די נאַצישע בעסטיעס!...

אין דער אַרמיי האָב איך דערפילט אַן איבערגעבנקייט פון איינעם צום אַנדערן. ווען מיר זענען אָנגעקומען, שפּעט אין אָוונט, צום פונקט פון מאָבילליזירן, זענען די געלעגערס צו שלאָפן געווען גרייט. פאַרן שלאָפן גיין, ווען כ׳האָב פון מיינע פיס אַראָפּגעוואָרפן די לעדערנע הויכע כאַליעווקעס — האָט אַ סאָלדאַטקע ביים זייט באַמערקט מיינע צעריסענע שיך, מיט די הוילע באָרוועסע פיס, וועלכע זענען אַרויסגעקראָכן פון די צעפּליקטע פּאָדעש־וועס — איז זי צוגעגאַנגען גלייך צום אָפיציר און דאָס אים דערציילט. דער אָפיציר איז גלייך צו מיר צו און מיך געפרעגט צי מיר פעלט עפּעס. ווען איך האָב אים געענטפערט, אַז גאָרנישט, האָט ער אין שפּאַס מיך אַ פרעג־געטאָן: „און דיינע שיך זענען גאַנץ?" — זיי באַטראַכט און מיט אַן ערנסטן פּנים מיך געטאַדלט, פאַרוואָס איך האָב גלייך וועגן דעם נישט געמאָלדן, מען זאָל מיר געבן אַ פּאָר גאַנצע שיך. אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען דער מאַיאָר האָט אונדז אויפגענומען, האָט ער אַליין טעלעפאָנירט אין סקלאַד, מען זאָל שיקן פאַר מיר אַ פּאָר נייע שטיוול.

די דריי מיט אַ האַלבן יאָר וואָס כ׳בין געווען אין דער אַרמיי, האָב איך דורכגעמאַכט אַ סך שוועריקייטן, אָבער כ׳האָב דאָס אַלץ איבערגעטראָגן מיט ווירדע און שטאָלץ. איך האָב דורכגעמאַכט די פּאָזיציעס ביים פאַרטיידיקן די שטעט ווי: פּענזע, אָריאָל, וואָראָניעזש, גאָרקאָווסקי־געגנט, ריגע און אַ סך אַנדערע. וואָכנלאַנג פלעגט מען נישט קענען צושטעלן קיין שפּייז צו די פראָנטן, אָבער דער קאָמפּסלוסט און נקמה־דורשט איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די ליידן זענען מיר געווען ליב, ווייל כ׳האָב זיך געפילט אַ מענטש מיט מענטשן גלייך — איך בין נישט געווען דערנידעריקט צוליב מיין יידישקייט.

אין זכרון איז מיר געבליבן איינגעקריצט דער איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר גע־מאַכט, ווען איינמאָל, ווען מיר זענען געווען אויסגעשטעלט ביי די געוויינלעכע ראַפּאָרטן, איז אַ מאַרשאַל, וועלכער איז געקומען צו אונדז אין פּאָלק, דערוויסנדיק זיך אַז כ׳ביז אַ סאָלדאַטקע, אַ יידישע פרוי פון פוילן — צו מיר צוגעגאַנגען און אָנגעהויבן ריידן — יידיש.

דורכמאַרשירנדיק שטעט און דערפער און זעענדיק די גרויזאַמע דייטשישע בעסטיאַלי־שע פאַרניכטונג פון אַלע יידן און יידישע שטעטלעך — האָב איך שוין אָנגעהויבן צווייפלען, צי כ׳וועל נאָך עמיצן פון מיינע אייגענע אַמאָל טרעפן, אָבער פונדעסטוועגן איז מיר נאָך אַלץ געבליבן אַ שטיקעלע האָפענונג —· אפשר? אפשר איז דער שיקזאַל פאָרט נישט אַזוי גרויזאַם געווען צו אונדזער שטעטעלע זאַבלודאָווע און אפשר האָט זי אויסגעמיטן די אַלע שרעקלעכע פאַרניכטונגען, וועלכע די טייוואָלים האָבן צוגעטראַכט...

מאַרשירנדיק מיט דער סאָוועטישער אַרמיי, וועלכע האָט באַפרייט אַ סך שטעט און שטעטלעך — איז מיר אויסגעקומען צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן די גרויס פון די דיי־טשישע חורבנות אין אונדזערע יידישע ישובים, דאָס וואָס אַ מענטשלעכער מוח קען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן.

נאָכן באַפרייען פוילן, האָב איך אָנגעהויבן שרייבן בריוו צו באַקאַנטע, צו אַלע אונ־דזערע שכנים אין זאַבלודאָווע, אָבער קיין שום ענטפער האָב איך נישט באַקומען. איך האָב נישט געקענט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַלץ און אַלעמען האָט מען אויף אַזאַ נישט־גלויבלעכן שרעקלעכן אופן אומגעבראַכט...

און — ס׳איז געקומען דער נישט־פאַרגעסענער טאָג, ווען די זיגרייכע רויטע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט אין בערלין, דעם 9טן מאַי 1945 און די סאָוועטן, צוזאַמען מיט די אַליאירטע אַרמייען האָבן אויף שטענדיק צעקוועטשט די נאָרע פון די חיות אין מענטשן־

געשטאַלט. אָט־דער טאָג וועט בלייבן איינגעקריצט אין זכרון אויף אייביק! דער טאָג פון נצחון איבערן נאַציזם, איבערן מערדער פון דער מענטשהייט!...

גלייך נאָך דער באַפרייאונג האָט מען גענומען דעמאָביליזירן די פרויען פון דער אַר־מיי און זיי אָפּשיקן צו זייערע היימען. איך בין אויך געווען צווישן זיי און ס'האָט זיך מיר געשטעלט אַ פראַגע: „צי האָב איך ווו אַ היים? צי האָב איך ערגעץ ווו צו פאָרן? און וואָס זאָל איך איצטער טאָן?!"

און דער טאָג איז געקומען — פאַר וועמען פרייד און פאַר וועמען — לייד. פאַר מיינע אויגן האָט זיך דורכגעטראָגן דאָס גאַנצע בילד, וואָס כ'האָב דורכגעמאַכט אין די פאָר יאָר; און וואָס דערוואַרט מיך איצט?

עס רופט מיך אַרויס דער פּאָלקאָווניק און פרעגט מיך — ווו איך וויל פאָרן. צי וויל איך פאַרבלייבן אין ראַטנפאַרבאַנד? אָדער פאָרן קיין פוילן? — איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטע און פאַרשטיינערטע בעת־מעשה און נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. דאָך האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן אין מיין געבוירנשטאָט — זאַבלודאָווע! דער געדאַנק „אפשר?" — האָט נישט געלאָזן רוען. „טאָמער איז פאָרט עמיצער לעבן געבליבן?"...



שיינע לאפעטשי (רעכטס) און פייגל יאַכנוק (לינקס) —
אומגעקומענע חברטעס.

איך האָב גענומען מיין סאָלדאַטסקן טשעמאָדאַן, מיט אייניקע זאַכן און 10 קילאָ ווייסע מעל, וואָס איך האָב געקריגן — אַז איך זאָל ברענגען מיין פאַמילע... זיי זאָלן נישט זיין הונגעריק די ערשטע צייט... אויך שפּייז־קאַרטן אויף אַ גאַנצן חודש, עס זאָל זיין וואָס צו עסן, און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אָנגעטאָן בין איך געווען אין מיליטערישן מונדיר. דער צוג האָט מיך געפירט קיין ביאַליסטאָק. כ'בין דורכגעפאָרן: ווילנע, גראָדנע, סאָקאָלקע. — איך האָף צו טרעפן עמיצן אין זאַבלודאָווע... זיך טיילן מיט דאָס דורכגעמאַכטע... אָבער, דאָס איז געווען בלויז אַ האָפענונג, נישט מער... אַן אילוזיע...

זיצנדיק אין באַן, גייט צו צו מיר אַ קריסט, אָנגעטאָן אין אַ פּוילשן מיליטערישן מונ־דיר און פרעגט מיך: „ווו פאָרסטו?“ ענטפער איך אים: „נאַ ראַדינו!“ — אַהיים. זאָגט ער מיר, מיט אַנטיסעמיטישן גיפט און חוזק־שמייכעלע: „דיין ראָדינע איז נישטאָ מער“...

משמעות, דער פּאָליאַק האָט אין מיר דערקענט, אַז איך בין אַ יידישע און די אַנטיסע־מיטישע יוכע האָט אין אים אַ ברען־געטאָן — אָבער אַדאַנק דעם, וואָס איך האָב געטראָגן דעם סאָוועטישן אוניפאָרם, האָב איך געוואָגט און אין אים אויפגעדעקט זיין אַנטיסעמיטישן פּרצוף!

דער באַן האָט זיך דערנענטערט צו ביאַליסטאָק. איך וואַרט אויפן וואָקזאַל, אפשר וועל איך טרעפן באַקאַנטע פּנימער, יידישע „דראָשקאַזשעס“ — אָבער לײדער, נישטאָ קיין וואָק־זאַל... נישטאָ קיין יידישע באַלעגאָלעס... אַלץ צעשטערט און צעשמעטערט, קיין סימן פון קיין זאַך, אַז דאָ איז אַמאָל עפּעס געווען...

איך זיץ איבער כמעט די נאַכט, ביז עס ווערט ליכטיק. כ׳גיי אַרויס פון באַנהויף אויפן גאַס, שטייען אַ פּאָר גויישע פורלעך. כ׳גיי צו און פרעג איינעם צי ער וועט מיך אָוועקפירן קיין זאַבלודאָווע? — ענטפערט ער מיר, אַז ביז דאָיליד קען ער מיך פירן. כ׳גיב אים אָפּ די 10 קילאָ מעל פאַרן פירן מיך ביז דאָיליד. כ׳פאָר דורך די גאַסן, ליפּאָווע, סאָסנאָווע, דורכן פלאַץ, ווו ס׳איז אַמאָל געשטאַנען דער שטאָט־זייגער, וואַרשעווער גאַס און זע דעם גאַנצן חורבן און פאָר אַזוי ווייטער ביז איך קום קיין דאָיליד. כ׳גיי אַראָפּ פון וואָגן און דאָ פאָרט־אָן אַ מיליטערישער אויטאָ מיט פּוילישע סאָלדאַטן, וועלכע פאָרן קיין ביעלסק. איך שטעל אָפּ דעם אויטאָ, מעלדע זיך מיליטעריש און בעט, זיי זאָלן מיך מיטנעמען ביז זאַבלו־דאָווע. זיי נעמען מיך אַרויף און איך באַווייז זיך נישט אַ דריי צו טאָן — הער איך ווי מען זאָגט מיר: „שליזאַי, זדיעס זאַבלודאָוו“... (גיי אַראָפּ, דאָ איז זאַבלודאָווע)...

כ׳גיי אַראָפּ פון וואָגן, בלייב שטיין ווי פאַרגליווערט... ווי אָן באַוווּסטזיין... צעטומלט... אַפילו נישט געזען ווי דער אויטאָ איז אַוועקגעפאָרן... איך שטיי אויף מיין פּלאַץ ווי פאַר־שטיינערט... קען זיך פון אָרט נישט רירן... קוק שטאַר מיט מיינע אויגן... „דאָס איז זאַ־בלודאָווע?...“ — אַלץ האָט מיר אויסגעזען ווי אַ שטילער בית־עולם מיט אַ סך צעשעדיק־טע קברים...

קיין שום שטאָט און שטעטל האָט אויף מיר נישט געמאַכט אַזאַ שוידערלעכן איינדרוק ווי אונדזער שטאָט, וואָס האָט אַמאָל געהייסן — זאַבלודאָווע... און איצט, זעט עס אויס אין מיינע אויגן ווי אַ מאַסן־קבר, אין וועלכן עס ליגן אַלע שטעטלדיקע יידן — אַריינגעוואָר־פענע, פאַרברענטע, פאַרגאַזטע... צעשאָסענע און צעריסענע פּיצלעך קינדער...

איך שטיי און פיל נישט, ווי טרערן גיסן זיך אָן אויפהער... ווען פּלוצלינג גייט צו צו מיר אַ קריסטן, דאָס איז געווען זאַשע וווּיטעקס, פון ביאַליסטאָקער גאַס, הייבט זיך אָן צו צלמען און זאָגט מיר אין פּויליש (זי האָט אויך גערעדט יידיש): „וויעש יאַכניוק, (זי האָט מיך גלייך דערקענט) ווּשיסטקיך זשידקוו — וויבילי — ניעמאַ טו אַני יעדנעגאָ“... (ווייסט, יאַכניוק, אַלע יידן האָט מען דאָ אויסגעהרגעט, אַפילו קיין איינער נישט געבליבן)...

פון די פּאָר שוידערלעכע ווערטער האָב איך זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לעטאַרגישן שלאָף, פאַרגליווערט זי אָנגעקוקט און קיין וואָרט נישט געקענט אויסריידן...

זי פירט מיך צו בראַנטשיקס ווייב (וועלכע האָט געוווינט נעבן טייך, גייענדיק צום סאָד) — זי ווייס, זאָגט זי, וועגן אַ פּאָר זאַבלודאָווער לעבן־געבליבענע יידן, וואָס געפי־נען זיך אין ביאַליסטאָק. איך קום אַריין צו בראַנטשיקס פרוי אין שטוב און זי דערציילט מיר, אַז אין ביאַליסטאָק געפינט זיך אַ יידישער קאָמיטעט און אין ביאַליסטאָק געפינען זיך די זאַבלודאָווער לעבן־געבליבענע: פעלע לאָפּאַטע, שמעון לעווין, שמואל גאַרבער, יאָסל לע־ווין, סאָניע וועליס און מאיר ראָפּע; און זי הייבט אָן וויינען און זאָגט מיר — איך זאָל וואָס גיכער אָוועקגיין פון זאַבלודאָווע, ווייל אַז מען וועט זיך דערוויסן, קען מען מיך דער־הרגענען... עס זענען נאָך דאָ אַ סך באַנדיטן, וועלכע לויערן אויף יידישע לעבנס...

נישט געפינענדיק קיין יידיש לעבן און צוזעענדיק דעם חורבן — נישט געפינענדיק ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן, נישט האָבנדיק ווו איבערצושלאָפן אַ נאַכט, זעענדיק פּוסטקייט אַנ־שטאָט הייזער — אַפילו די פונדאַמענטן, די שטיינער זענען נישט געבליבן; דאָס פּלאַץ פון אונדזער שטוב האָב איך דערקענט נאָר צוליבן גרויסן שטיין, וועלכער איז שטענדיק געלעגן ביי אונדזער טיר... אַ צעבראָכענע וואַש־שיסל פון אונדזער שטוב האָט זיך געוואַלגערט אויפן אָרט... עס דערמאָנט זיך די הענט, וואָס האָבן זיך געוואַשן אין איר... די הענטלעך און פיסלעך, וואָס פלעגן זיך פּאָליושקען בעתן וואַשן... — אָט דאָס שוידערלעכע בילד האָט מיך דערשיטערט און צעמישט, אַז כ'האָב נישט געוווסט וואָס צו טאָן... און זייענדיק שוין גלייכגילטיק צו אַלץ, האָב איך געטראַכט, אַז דאָס וואָס בראַנטשיקס פרוי האָט מיר געזאָגט, אַז מען קען מיך נאָר דאָ דערהרגענען — אָט דאָס, וואָלט שוין געווען דאָס בעסטע... דאָס וואָלט מיך אויסגעלייזט פון אַלע צרות אין יענעם מאָמענט... ווייל אייגנטלעך, האָב איך געטראַכט, צו וועמען געהער איך?... ווער איז פון מיינע טייערסטע געבליבן?... אַליין, ווי אַ שיף מיט צעבראָכענע רודערס... אָן שום אינטערעס צו לעבן... אַ קבר ווו זיך גוט אויס־וויינען, האָב איך דאָך אַפילו נישט...

עס איז שוין געווען גוט פינצטער, האָב איך געבעטן דער קריסטן, זי זאָל מיך לאָזן איבערנעכטיקן אין שייער אויפן היי. אַזוי האָב איך איבערגעלעגן די נאַכט און נישט צוגע־מאַכט מיט קיין אויג, נאָר געטראַכט, וואָס וועט זיין און וואָס זאָל איך טאָן? — מיטן באַ־גינען בין איך אַוועק צוריק קיין ביאַליסטאָק, קומענדיק אַהין האָב איך זיך דערוווסט ווו



אַ גרופּע זאַבלודאָווער חברים: פון רעכטס: שמעון לעווין (געראַטעוועט אין ישראל), מאיר טענצער, נפתלי צירולניק און זבולון צירולניק — אומגעקומענע.

עס געפינט זיך דער קאָמיטעט. שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, ווו עס וווינען די פּאָר לעבן־געבליבענע זאַבלודאָווער און כ'בין אַוועק צו זיי... אין ביאַליסטאָק אין קאָמיטעט איז אויך געקומען יאָסעלע זאַבלודאָווסקי — דערזעלבער, וואָס איז מיטגעפאָרן מיט אונדז אויפן אויטאָ ביים פאַרלאָזן זאַבלודאָווע, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. — ווען מ'האָט אים געזאָגט, אַז צווישן די עטלעכע לעבן־געבליבענע זאַבלודאָווער, געפינט זיך אויך איינע אַ יאכניוק, אַ סערזשאַנט פון דער רויטער אַרמיי, איז ער געקומען צולויפן, האָט זיך נישט געקענט באַהערשן און אויסגעבראָכן אַ געוויין... ער האָט מיר דערציילט, אַז ווען מיר האָבן זיך צעשיידט, איז ער מיט די איבעריקע אַריינגעפאַלן צו די דייטשן און שפּעטער זענען זיי אַלע געווען אין זאַבלודאָווע אין סאַרנאַצקיס גאַרבאַרניע, ווו ס'איז געווען די געטאָ. זיי האָבן

אַלע מיך שוין געהאַלטן פאַר אַ דערהרגעטע; ער האָט בשום אופן נישט געקענט באַגרייפן ווי אַזוי מיר האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין ראַטנפאַרבאַנד.

אַ סך מאָל האָט מיך נאָך געצויגן אַהינצו, אין אונדזער היימשטעטל, געוואָלט ווידער אָנקוקן דעם גרויסן חורבן, וואָס ס׳האָט אונדז אַלעמען געטראָפן און מיט דעם אַרויסרייסן פון האַרצן אַלץ, וואָס ס׳איז געווען און וואָס ס׳איז געשען מיט אונדזער ליב שטעטעלע, אָבער ליידער איז דאָס נאָך נישט געווען געגנוג און אָפּוואַלגערנדיק זיך אַ פּאָר וואָכן אין ביאַליסטאָק און אין לובלין, בין איך קראַנק געוואָרן, ס׳האָט זיך אָפּגערופן די מלחמה־יאָרן אויף מיר מיט אַ שווערער קראַנקייט, וועלכע האָט מיך אַריינגעלייגט אין בעט און געצווונגען צו וואַנדערן פון איין שפּיטאָל צום אַנדערן, פון איין סאַנאַטאָריע אין דער צווייטער... אָפּליגנדיק אין וואַרשע צוויי וואָכן אין שפּיטאָל, האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין אַ סאַנאַטאָריע אין רוטקע, ביי וואַרשע. דאָרט האָב איך געטראָפן צווישן די קראַנקע פינף יידן, צעבראָכענע לעבנס פון פאַרשיידענע געגנטן פון פוילן, מיט וועלכע איך האָב זיך זייער גוט איינגעלעבט. איין קראַנקער פון אונדז, אַ לובלינער, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן צוגעזען ווי מ׳האָט אומגעבראַכט זיין גאַנצע פאַמיליע און זייענדיק איצט אַ געפערלעכער חולה, אויף די לונגען, האָט זיך איין טאָג, ביי זיך אין צימער אויפגעהאנגען... דאָס האָט אויף אונדז געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. וועלנדיק אים באַערדיקן ווי אַ מענטשן, האָב איך מיט נאָך אַ קראַנקן, געבעטן ביים דאָקטאָר, ער זאָל אונדז געבן אַ דערלויבעניש צו גיין אויף דער פּאָסט, וועלכע איז געווען דריי קילאָמעטער פון דער סאַנאַטאָריע, בכדי צו שיקן אַ טעלעגראַמע אין יידישן קאָמיטעט אין וואַרשע וועגן דעם פאַל. דער דאָקטאָר האָט מיר נישט דערלויבט, איז דער צווייטער קראַנקער אַליין אַוועק, אָבער צוריק איז ער שוין נישט געקומען... דורכגייענדיק צוריק דורך אַ וואַלד, האָבן אים אין מיטן העלן טאָג אַנטיסעמיטישע באַנדיטן דערשאָסן.. דערוויסנדיק זיך וועגן דעם צווייטן פאַל, האָט די סאַנאַטאָריע־דירעקציע מורא געהאַט אונדז, די איבערגעבליבענע, אויפצוהאַלטן לענגער. צו מיר אין צימער איז אַריין דער דאָקטאָר, וועלכער האָט מיך באַהאַנדלט, און מיר געזאָגט: „זעסט, יאַכניוק, דיר איז באַשערט געווען צו בלייבן לעבן אויך פון די... באַנדיטן!... מיט מיין לערע, מיט מיין וויסן און מעדיצינישער הילף, האָב איך אַזויפיל נישט אויפגעטאָן, ווי מיט דעם, וואָס כ׳האָב דיר נישט דערלויבט צו גיין, און אַזוי־אַרום, נישט־ווילנדיק, דיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט!...”

מיר האָבן באַזאָרגט אין וואַרשעווער יידישן קאָמיטעט, מ׳זאָל אונדז העלפן אַנטלויפן פון דאָרט, מורא־האָבנדיק, טאָמער קומט מען צו אונדז, ווייל די סאַנאַטאָריע איז געווען אינגאַנצן אומבאַשיצט און דאָס געזונטהייט־מיניסטעריום האָט געשיקט אַ פאַרמאַכטן אויטאָ מיט די אָנווייזונגען און די נומערן פון די צימערן, ווו מיר האָבן זיך געפונען, נישט מעלדנדיק קיינעם וועגן דעם; אַריינגענומען אונדז, אַלע 3 קראַנקע, און אַוועקגעפירט אין וואַרשע אין אַ שפּיטאָל און שפּעטער פון דאָרט אין אַ סאַנאַטאָריע אין נידער־שלעזיע.

אַרויסגייענדיק פון סאַנאַטאָריע שוין אַ געזונטע, בין איך שוין געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט מיין ברודער חיים און שוועסטער שפרה, מיט די פאַמיליעס, אין אַרגענטינע און אַדאַנק זיי בין איך מיט מיין מאַן און קינד איצט צוזאַמען מיט מ׳יינע טייערע, וואָס אַדאַנק זייער אַוועקפאָרן, האָבן זיי זיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן אומקום און זענען די איינציקע איבערגעבליבענע פון אונדזער גרויסער טייערער און אומפאַרגעסלעכער משפחה.

דאָס איז דער טרויעריקער סך־הכל פון אונדזער ליבער היים, וואָס די גרויזאַמע נאַציבעסטיע, האָט אַזוי אומברחמנותדיק פאַרניכטעט און אומגעבראַכט.

ערע און כבוד פאַר אונדזערע קדושים און אומפאַרגעסענער היימשטאָט זאַבלודאָווע!...



שמואל (מוליע) בערנשטיין (ישראל)

# אונדזער חרובע זאַבלודאָווע און אירע קדושים

זייט מיר מוחל, איר הייליקע נשמות... אייער גייסט און אָנדענק רוט אין זכרון פון די איינצל לעבנגעבליבענע; זייט מיר מוחל, וואָס כ׳וועל אפשר מיט מיין שרייבן נישט קענען איבערגעבן אייער אוממענטשלעך ליידן און אייער העראָאיזם! ווייל אַ מענטשן־קינד איז דאָך נישט מסוגל איבערצוגעבן דאָס אַלץ, וואָס איר האָט אדורכגעמאַכט ביז אייערע לעצטע מינוטן פון אייער לעבן און דאָס וואָס מענטשן־חיות האָבן פון אייך געמאַכט...
כבוד אייער אָנדענק!

אין מאַי 1941, בין איך גערופן געוואָרן (דורך דער, דאַן ביי אונדז, רוסישער סאָוועטן־מאַכט) צו רעזערוו־מיליטער אויף 6 וואָכן. איך האָב דאָס שטעטעלע אונדזערס, זאַבלודאָווע, איבערגעלאָזן אין איר אויסזען פון דור דורות, די יוגנט אַ מונטערע, אַ זינגעוודיקע; אַ נייע מאַכט, ניי לעבן, נייע לידער. מיין פרוי חנה און זונעלע עליק האָבן מיך צום אויטאָ באַגלייט.

## די ערשטע קריגס־קרבנות

אין מיין באַטאַליאָן האָבן זיך געפונען עטלעכע זאַבלודאָווער, און אין ערשטן פאַרטאָג פון פלוצלינגדיקן בליץ־קריג, פון דעם אומגעריכטן דייטשישן איבערפאַל (מיר האָבן זיך דאַן געפונען אין געגנט בוג — ביאַלאָוויעזש), זענען שוין אומגעקומען צווישן אַנדערע שמואל ראָפּע (פּוזשאַק דעם שניידערס זון), מאיר פערלגוט (פון די פּאָזשניאַקעס), אברהמל כאַראָווסקי און זלמן דעם גאַרבערס אַ זון. געבליבן איז קאָפּל לעווין (אברהם־יצחק טיליעס דעם אייזנקרעמערס אַ זון). ער האָט זיך נאָך געפונען אַ פּאָר טעג נעבן מיר. איך בין געווען אין ראַנג פון אָפיציר. ער איז געווען שוואַך און אָן איניציאַטיוו, איז אויף וויפל ס׳איז מיר נאָר געווען מעגלעך, האָב איך אים געשיצט. ער איז געפאַלן אין געגנט וואָלקאָוויסק־באַראַנאָוויטש, און איך בין, נאָך גרוילעכע פּראָנט־איבערלעבונגען, אַריינגעפאַלן אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט, מיט נאָך טויזנטער, אין געגנט פון מינסק, און אויף די דייטשע באַפעלן: יידן באַזונדער, רוסן באַזונדער, פּאָליאַקן, אוקראַינער, אא״וו, האָב איך זיך צוגעשטעלט צו אַ גרופּע רוסישע אָפיצירן. מען האָט אונדז נאָכדעם אַריינגעטריבן אין אַ גרויסן שייער. מיין אינערלעך געפיל האָט מיך געשטויסן צו זוכן אַ וועג צו אַנטלויפן; כ׳האָב געפילט, אַז כ׳וועל אַרויסגעגעבן ווערן אַלס ייד. אין דעם ווינקל, ווו איך בין געלעגן אין דער פינצטער, האָב איך, אָן גרויסע שוועריקייטן, אָפּגעשאַרט די ערד פון אונטן און געמאַכט אַן אונטערגראָבונג, נאָר פלוצלונג איז געשען אַ זאַך, וועגן וואָס איך האָב נישט געטראַכט. כ׳ווייס נישט פון וועמען, צי פון די דייטשן, צי פון אונדזערע אינעווייניק, אַ פלאַם פייער און אַ שטיקנדיקער רויך האָט אַרומגענומען דעם שייער און אַ שיסעריי פון אַלע זייטן. מיר איז געלונגען דורכקריכן דורך דעם גרוב און שאַרנדיק זיך אויפן בויך, פאַרקראָכן אין אַ קוסט, און נאָכ־

דעם, איבער פעלדער צו אַ וועלדל, האָב איך אויסגענוצט ביז פאַרטאָג און אין געלויף איי־בער פעלדער זיך דערווייטערט פון דעם אָרט. כ'בין דעם טאָג אָפּגעלעגן אין אַ גרוב, ביים ראַנד פון אַ וועלדל, אָבסערווירנדיק פון צייט צו צייט די ריכטונג צו אַ נאָענטן דערפל. איך האָב זיך דערנערט מיט וואַלד־יאַגעדעס און פעלד־גרינס. די נעכט פלעג איך זיך באַוועגן אויסמיידנדיק דערפלעך, ביז איך בין אַ דערשעפּטער דערקראָכן צו אַ שטעטעלע — זשעטל. ביים ראַנד פון שטעטל האָב איך אין דער פינצטערער נאַכט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר און — צופעליק אַ יידישע. מיט צעשראָקענע אויגן האָט מען מיך אויפגענומען. מיין יידיש ריידן האָט זיי אַביסל באַרויקט. די זעלביקע נאַכט זענען מיינע מיליטערישע קליידער פאַרברענט געוואָרן אין אייוועלע. כ'האָב באַקומען ציווילע קליידער און ביי זיי איבערגעווען 5 טעג.

איך וויל ביי דער געלעגנהייט איבערגעבן אַ קליינינקן פאַל. דאָס וואָס כ'האָב שפּע־טער, איבערלעבנדיק געטאָ און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, געזען טויזנטער גרוילעכערע טאַטן דורך די דייטשן, אָבער אָט־דער קליינער פאַל אין שטעטל ז ש ע ט ל איז מיר איינגעקריצט געוואָרן שאַרף אין זכרון, אפשר דערפאַר, ווייל עס איז געווען פון די ערשטע און באַזונדער כאַראַקטעריסטיש פאַר דייטשן אין אַלגעמיין. אין שטיבעלע, ווו איך האָב זיך געפונען, האָט געהערשט אַ צעשראָקנקייט, די באַלעבאָסטע איז צוריקגעקומען פון שטעטל און דערציילט פון ערבֿ־ניקעס, וואָס די דייטשן האָבן געגומען אין שטעטל. מען האָט צוגענומען דאָקטוירים פון שפּיטאָל, צוויי לערער, דעם אַפּטייקער און אַנדערע, און איצט פאָדערן זיי אַגרויסע סומע אויסקויף־געלט אין גאָלד און זילבער, אַניט וועט מען זיי דערשיסן (כאָטש זיי זענען שוין געווען דערשאָסן)... שפּעטער האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז דאָס איז געווען יעדער טרויעריקער אָנהויב, אין יעדער שטאָט און שטעטל. אין אַ געדריקטער שטימונג ,אויסהערנ־דיק די נייס, שטיי איך און קוק דורכן פענצטער; אַנטקעגן שפּרייט זיך אַ פעלד, וואָס ענ־דיקט זיך ביים שאָסיי, וועלכער שניידט אַדורך אין סקווער דעם וועג, וואָס פירט קיין סלאָ־נים. איך קוק און זע ווי פון פעלד, פון ווייטן, דערנעענטערט זיך — צו אונדזער שטיבל צו — צוויי געשטאַלטן, דער ערשטער אַ ציווילער, אַ הויכער, אַ שמאָל ברוין געזיכט, האַלט אין האַנט אַ וואַליזקע, הינטער אים גייט נאָך אַ דייטש, אין מיליטערישער אויסשטאַטונג, מיטן שטאָלהעלם אויפן קאָפּ, אין האַנט אַ רעוואָלווער. ביים ענדע פעלד גייט אַ טיפער גראָבן, זיי שפּרינגען איבער און פאַרנעמען זיך — לויט דער האַנט־באַוועג פונעם דייטש — אויף רעכטס, פון מיין אָבסערוויר־פונקט פון פענצטער, זע איך זיי איצט זייער פולן רוקן־טייל. דער ערשטער גייט גלייך, דער צווייטער, אין העלם — הינטער אים — הויבט אויף לאַנגזאַם די האַנט מיטן רעוואָלווער, אַזוי שטיל, קעציש, גנבהיש, דער רעוואָלווער דערגרייכט ביזן נאַקן, עס פאַלט אַ שאָס, און עס פאַלט דער קרבן... דער דייטש, זע איך, שטייט אַ ווײַלע, דערנאָך בויגט ער זיך איין און זיינע הענט באַוועגן זיך אין זוכעניש אַרום דערשאָסענעם, נאָכדעם שטעלט ער זיך אויף, האַלט אין האַנט די וואַליזקע פון זיין קרבן, גייט אָפּ אַ פּאָר טריט און ביי אַ ביימל דערליידיקט ער, מיט דער גאַנצער רואיקייט — אַ פיזיאָלאָגישע באַדערפעניש... (נישט מער ווי אַ מענטש)... ביים צוגויפקנעפּלען די הויזן, פאַלט זיין בליק אויפן אָרט ווו ס'ליגט זיין קרבן, דרייט ער זיך נאָכדעם אויס און גייט אַוועק מיטן זעלביקן טראָט. עס בלייבט דער איינדרוק ווי דער אַוועקגייענדיקער איז זאַט, צופרידן, פון זיין טאָפּל־טער פיזיאָלאָגישער באַפרידיקונג... דער דערמאָנטער פאַל, אַ קליין שטריכעלע אויפן פאָן פון דער דייטשישער בעסטיאַליטעט, אונטער פאַשיסטיש־היטלעריסטישער אָנפירונג אין 20סטן יאָרהונדערט.

נאָכן אויפהאַלטן זיך אין שטעטל פינף טעג (דער פראָנט האָט שוין געהאַט געשטעקט טיף אין רוסלאַנד), און באַמערקנדיק, אַז דער שאָסיי איז שוין אַביסל באַוועגלעך, אויך דורך ציווילע, בין איך אַוועק צו דער ריכטונג פון סלאָנים־האַראַדאָק־זאַבלודאָווע. דער שאָסיי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ ריזיקן אויסשטעלונג־פּלאַץ, פון צעבראָכענע טאַנקען, אויטאָס, מענטשן און פערד נישט באַגראָבענע, דערפאַר פאַרברענטע. אין פאַרשיידענע פונקטן אויפן וועג לויערן

דייטשישע פּאָסטנס און כאַפּן מענטשן פון די וועגן. מיינע איבערלעבונגען פונעם וועג ביזן קומען אין האָראָדאָק־זאַבלודאָווע, איז אַ גרויליק קאַפּיטל פאַר זיך. אין האָראָדאָק האָב איך געטראָפן די ערשטע זאַבלודאָווער און דעם ערשטן גרוס פון זאַבלודאָווע. דאָ האָב איך גע־טראָפן די פאַמיליעס באַרטאַשעס, צירולניקס (אַ באַלעגאָלע פון שוסטער־גאַס), 2 פאַמיליעס פון די שמוקלערס א. א. דער איינדרוק וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט איז געווען: אַ הייפל מענטשן פון מענער, פרויען און קינדערלעך, וועלכע טוליען זיך אין שרעק נעבן אַ פּאָר שטאַלן, מיט עטלעכע פּעקלעך בעבעכעס. איך דערוויס זיך פון זיי, אַז זאַבלודאָווע איז פול־שטענדיק פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשן. און אין האָראָדאָק האָט מען נעכטן פאַרפּיי־ניקט און דערשאָסן בישקען דעם סטאָליער (יואל דעם שטאַרקנס זון), זיי דערציילן אויך וועגן קרבנות פון אַ לופט־אָנגריף אויף זאַבלודאָווע, און אַז די יידישע איינוווינער זענען פאַרטריבן און צעלאָפן געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער: טייל אין ביעלסק, אין נאַרווע, נאַרעווקע, און די גרעסטע טייל אין ביאַליסטאָק. וועגן גורל פון מיין פאַמיליע איז זיי נישט באַקאַנט. איך בין דורך די וועלדער פון זשעדנע אַוועק אין דער ריכטונג צו זאַבלודאָווע. וואָס מער איך דערנענטער זיך, דריקט און קלאַפּט דאָס האַרץ... כ׳האָב סך־הכל מיט אַ חודש צוריק געלאָזן אַ פאַמיליע, אַ מוטער, ברידער, אַ האַרציקע לעבנסבאַגלייטערן חנה בענדעט־סאָן (פון גראָדנע) און אונדזער זוניקן בליענדיקן זונעלע עליק, איך וויל וויסן זייער גורל. איך פאַרהאַלט זיך ביי דער שטיבל פון ברעטשע בארטנאָווסקי, דעם שמיד, ס׳איז דונקל, פאַרנאַכט. פון וויטן זע איך אַ פאַרברענט שטעטל, די גאַנצע ברייט פון איר פאַרנעם. עס סטאַרטשען אַרויס בלויז שפּיצן פון קאַטוילישן קאָשציאָל און דער רונדער קופּאָל פון דער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע. איך קלאַפּ אָן אין טיר פון מיין גוטן און נאָענט־באַקאַנטן בער־טשע (זיין שטיבל איז נישט פאַרברענט). איך וואַרט אַ ווײַלע. כ׳הער פון אינעווייניק אַ באַוועגונג, נאָכער אַ געוויין, און אַ קוויטשעריי פון קינדער. עס וועדט מיר פיינלעך. די טיר עפנט מיר יאָספּע — די פרוי פון ריווע בעקער, פון אינעווייניק טראָגן זיך האַרצרייסנדיקע געוויינען; ס׳דויערט אַ ווײַלע, ביז זי דערקענט מיך. זי דערציילט מיר, אַ געבראָכענע אין טרערן, אַז מיט צוויי טעג צוריק האָבן די דייטשן אַרויסגענומען בערטשען פון שטוב, אים צוגעפירט צום בריקל פון טייכל, נעבן זייער שטוב, און אין קעגנוואַרט פון זיין פרוי און 3 קינדערלעך, אים דערשאָסן... זיין קערפּער האָט זיך געוואַלגערט אין טייכל... עס שוידערט אויף! בערטשע דער שמיד... דו ליבלעכער! שמייכלענדיקער! האָסט דעם גאַנצן אַרום מיט דיינע שמידישע הענט אַזוי טריי געדינט... הענט פון גאָט געבענטשטע, הענט פון אַ קינסט־לער, וועלכער איז דערהויבן געוואָרן פון אַ שמיד צו אַן אינסטרוקטאָר אין דער האַנטווער־קער־שולע אין ביאַליסטאָק! נישט אומזיסט איז די פרוי דיינע, חאַנטשע — משוגע, וואָנ־זיניק און דערקענט מיך נישט! שפּעטער זענען זיי אויך פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן אין טרעבלינקע, מיט אַלע, אַלע זאַבלודאָווער...

הייליק, הייליק אייער אַלעמענס אָנדענק!!!

איך האָב מיין פאַמיליע געפונען אין ביאַליסטאָק און עטלעכע טעג שפּעטער, זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן עטלעכע גאַסן מיט אַ הויכן צוים פון ברעטער און שטעכל־דראָט, וואָס יידן האָבן אַליין געמוזט אויפשטעלן, און עטלעכע און זעכציק טויזנט ביאַליסטאָקער יידן זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן פון דער אַרומיקער וועלט — און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַזוי גערופענע „לעבן אין געטאָ״...

איך וועל וועגן געטאָ־לעבן פון ביאַליסטאָק — ווו כ׳בין געווען ביזן אונטערגאַנג — נישט שרייבן. דאָס האָבן שוין געטאָן טאַלאַנטירטע שרייבער, ווי ב. מאַרק, ד״ר ש. דאַטנער, רייזנער א. אנד. איך וועל בלויז דערציילן וועגן אונדזערע זאַבלודאָווער, וועלכע זענען נאָך דער שריפה אַנטלאָפן פון זאַבלודאָווע אין ביאַליסטאָק. און איך פלעג זיך טעגלעך טרעפן מיט זיי, שמועסן, אאַ״וו. דעם ערשטן שבת, נאָכן פאַרנעמען דורך די דייטשן, האָבן זיי אויפגעכאַפּט אַ פּאָר טויזנט מענער און דערשאָסן אין וועלדל פון פּעטראַשע (נעבן ביאַליס־

טאַק). מען האָט נאָך דאָן געגלויבט די דייטשן, אַז מען האַלט זיי אַלס ערובניקעס, אויף אויסצוקויפן מיט גאָלד און בריליאַנטן. דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן, נאָר די מענער זענען שוין קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. אין אונדזער טרויעריקער היסטאָריע זענען זיי פאַרצייכנט געוואָרן אונטערן נאָמען „די שבתדיקע". איז, צווישן אַנ־די „שבתדיקע" זענען אַריינגעפאַלן אַביסל זאַבלודאָווער: שלמה גאַראָש און ברודער, אברהמל בעזרוק (פון די מענ־דעלעך), מלך איסערוק (דער שניידער) מיטן ברודער, שניידעראָווסקי (יאַשטשיק) פאָטער און זון, פייוול צעסלער מיטן עלטסטן זון, דער מאַן פון חיהלע בעקער, און דער מאַן פון דער מיטלסטער שוועסטער, א. אַ. איך פלעג שפּעטער טרעפן אין גאַס די דריי שוועסטער צוזאַ־מען, דריי שאָטנס מיט אויסגעלאָשענע אויגן. זיי זענען אַלע אומגעקומען.

איך פלעג אויך טעגלעך טרעפן עמטשען מיט שמואלן ליפשיץ, פון קוואַסאַרניע. זייע־רע פרויען און קינדער זענען געווען פון די ערשטע קרבנות אין זאַבלודאָווע, פון אַ דייטשישן לופט־אַנגריף. כ'פלעג אָפט טרעפן אייזיק ביאַלאָסטאָצקי מיט זיין פאַמיליע, זייער טאָכטער פייגעלע מיטן מאַן. זיי זענען אומגעקומען, ווען זייער בונקער, אויף טשעפּליע־גאַס, איז אויפגעריסן געוואָרן מיט גראַנאַטן דורך די דייטשן, אין ערשטן טייל פון חורבן ביאַליסטאָק, דעם 6טן פעברואַר 1943.

כ'פלעג דאָרט אָפט אויך באַגעגענען די פאַמיליע פיינמאַנס, משהקע פיינמאַן און פרוי שולמית, אויך אומגעקומען אין אוישוויץ, זייער ייִנגסטער זון, אַרקע, איז געבליבן לעבן, היינט אין אַמעריקע. כ'פלעג אָפט טרעפן די פאַמיליע פון משה־וועלוול מילער, דער זון זלמן פלעגט אָפט קומען צו מיר אין וווינונג, דער ייִנגסטער, גדליהקע, האָט געשפּילט די



משה וועלוול מילער

ראָל פון אַ שייגעץ — זיך באַוועגט אויסערן געטאָ, אָן לאַטעס, איז גאָכדעם, פאַרנדיק קיין וואַרשע, אויפן וועג — דורכגעפאַלן, און דערשאָסן געוואָרן אין פאַוויאַק. דער פאָטער, משה־וועלוול (שוועד פון דיכטער שמואל צעסלער, אין אַרגענטינע), האָט זיך אויפגעהאַנגען אין שטוב, ווען דער טויט האָט געהערשט אין געטאָ, אין דעם ערשטן טייל פון ביאַליסטאָקער פאַרניכטונג. ער האָט נישט געקענט זיך לאָזן פירן צו דער שחיטה...

דאָס זעלביקע האָט אויך געטאָן לייזער רבקה זיידעליכעס, דער בעקער (פריידקעס מאַן, פון ביאַליסטאָקער גאַס). כ'פלעג אויך טרעפן יוסף זאַבלודאָווסקי, דעם באַקאַנטע רעציטאַ־טאָר און פאַרלייענער פון שלום־עליכמען. ער איז געווען קראַנק און זייער מוטלאָז. ער איז

געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט... אַ פּאָר וואָכן פאַר דעם ערשטן טייל פון חורבן ביאַליסטאָק, ער רוט אויפן געטאָ־בית־עולם, אויף זשאַביע־גאַס.

כ׳פלעג אויך טרעפן די ביידע שוועסטערס צעסלער, ליליע און סוליע, טעכטער פון ביילע צעסלער. זיי האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ, אין אַ פאַבריק פון פעלץ־הענטשקעס פאַר דער דייטשער אַרמיי. מיין פרוי האָט דאָרט אויך געאַרבעט, כ׳פלעג אָפט מיט זיי שמועסן, אָפּוואַרטנדיק מיין פרוי ביים געטאָ־טויער. די דריטע שוועסטער, פאַני צעסלער, מיט איר מאַן משהל אייזנבערג און 2 קינדערלעך, האָבן זיך געפונען אין ווילנע און דאָרט אומגעקומען און די צוויי שוועסטערלעך, ליליע און סוליע צעסלער מיט זייער מוטער ביילע סוליעס, זענען אומגעקומען אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַל מאַלמעד, (זייער פאָטאָ אויף זייט 380), ווו ביים אַקטיוון ווידערשטאַנד האָט ער אָפּגעוואַרט די דייטשן און ווען זיי האָבן נאָר געעפנט די טיר, האָט ער זיי אָפּגעגאָסן מיט אַליע־וויטריאָל. אים איז געלונגען צו אַנטלויפן און שפּעטער זיך העלדיש אַליין צוגעשטעלט. די דייטשן האָבן אויס נקמה אויף שנעל אויפגעכאַפּט 100 יידן און זיי דערשאָסן אין „געטאָ־גאָרטן“. איז צווישן אָט־די קרבנות זענען אויך געווען די חשובע פרוי ביילע צעסלער און אירע טעכטער ליליע און סוליע. די צוויי שוועסטערלעך, די צאַרטע, בויגעוודיקע, וועלכע האָבן נאָך אַזוי ווייניק גליק און פרייד גענאָסן פון זייער קורצן, איבערגעהאַקטן לעבן...

דעם זעלביקן פאַרנאַכט האָב איך געזען, פירנדיק אויף ברייטע פּלאַטפאָרמעס־וועגענער דעם בלוטיקן שניט פון טאָג, צווישן זיי אויך די הונדערט דערשאָסענע פון „גאָרטן“... אויף דער פּלאַטפאָרמע זענען געזעסן צוויי יידן, אין אַ ספּעציעלן אוניפאָרם־היטל מיט אַ גרויסן באַנד (די דייטשן האָבן פריער צוגעגרייט אַ גרופּע חברה־קדישא, וועלכע דאַרפן אָפּראַמען און אַראָפּפירן די קרבנות נאָך זייערע מאָרדן, די וועלכע לאָזן זיך נישט פירן צו טראַנספּאָרטירן קיין טרעבלינקע און פלעגן דערשאָסן ווערן אויפן אָרט). אויף דעם פּלאַטפאָרמע־וואָגן זענען געווען אָנגעוואָרפן און איינגעפּלאָנטערט איינס אין צווייטן קעפּ פאַרבויגענע, ווי גרויסע פראַגע־צייכנס! פיס און הענט אַראָפּגעהאנגענע, וועלכע האָבן זיך באַוועגט אַזוי הפקרדיק... אומנייטיק... אַלץ איז געפירט געוואָרן אויף זשאַביע־געסל, אויפן נייעם געטאָ־בית־עולם... אָט די 10 טעג האָט עס געדויערט דער ערשטער טייל פון דער פאַרניכטונג פון ביאַליסטאָקער יידנטום (דער צווייטער טייל, וועלכער האָט פאַרענדיקט דעם אונטערגאַנג פון ביאַליסטאָקער יידנטום, איז געשען מיט פינף חדשים שפּעטער). האָב איך שוין דאַן פאַרלוירן מיין פאַמיליע, מיין פרוי, זונעלע און מוטער (די ברידער מיינע מיט זייערע פאַמיליעס, זענען אומגעקומען ביים אונטערגאַנג און אויפשטאַנד) איז נאָך דעם ערשטן טייל פאַרניכטונג, בין איך געווען אויף זשאַביע־בית־עולם, די פרוכט פון דעם בלוטיקן שניט איז געלעגן נאָך נישט באַגראָבן, אַ פאַרשטייפטע מענטשן־מאַסע פון צוויי שטאָק די הויך, אָנגעוואָרפענע מענער, פרויען און קינדערלעך... איך בין נאָכדעם געשטאַנען מיטן רידל אין האַנט, געהאָלפן גראָבן אַ טיפן און לאַנגן ברודער־קבר און דאָרט, אויף זשאַביע־בית־עולם, ווו שפּעטער, נאָך דער באַפרייאונג, איז פאַראייביקט געוואָרן אין אַ דענקמאָל — רוען די אומשולדיקע, די הייליקע.

כבוד צו אייער אָנדענק אויף אַלע אייביקייטן!

ווי שוין דערמאָנט, איז זאַבלודאָווע אָפּגעברענט געוואָרן, און די יידן צעלאָפן און פאַרטריבן געוואָרן. דאָך האָבן ביי אַ 200 משפּחות זיך נאָך צוגעטוליעט צו די ווענט פון די נישט אָפּגעברענטע גאַרבאַרניעס, און דאָרט האָבן די דייטשן באַשטימט אַלס די געטאָ אין זאַבלודאָווע. ס׳האָט זיך אַפילו געשאַפן אַן אַזוי־גערופענער „יודענראַט“, מיט שמעון שעפּסעלעס (וויסאָצקי) בראש. מיט אַביסעלע אויסקויף־געלט פאַר די דייטשן, און לעדער האָבן נאָך די יידן אויסגעאַרבעט אין די קאַטקעס, די דייטשן האָבן נאָך זייער כיטרען מאַנעווער — אַזוי ווי אומעטום — אַביסל נאָכגעגעבן, כדי איינשלעפערן און אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון וואַלד, פון אַנטלויפן, פון פאַרטיזאַנער, ביז אין אַ פאַרטאָג פון נאָוועמבער 1942, איז די

זאַבלודאָווער געטאָ (גלייכצייטיק די גאַנצע פּראָווינץ אַרום ביאַליסטאָק) אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשן, אַרויסגעטריבן אונדזערע יידן אונטער קלעפּ און שיסערייען, אויפגעלאַדעוועט זיי אויף די פון פריער־צוגעגרייטע פויערישע פורלעך, און אָפּגעפירט זיי אין דעם אַלגעמיינעם זאַמלפונקט, אין די קאַזאַרמעס פון אַזוי־גערופענעם 10טן פולק אין ביאַליסטאָק. פון דאָרטן האָט מען, נאָך עטלעכע טעג פון פייניקן זיי און אויסהונגערן, אָפּגעשיקט מיטן באַן טראַנספּאָרטנווייז — קיין טרעבלינקע, צום פאַרגאַזן און פאַרברענען. אַ פּאָר פאַמיליעס איז געלונגען פון דעם זאַמלפונקט אַרויסצוראַטעווען זיך. שמעון שעפּסעלעס (וויסאָצקי) מיט דער פאַמיליע, אפרים רובינס (הערצקעס) מיט זיין פאַמיליע. זיי זענען אַריינגעפירט געוואָרן



דאָס בילד פון דער באָמבאַרדירטער, פאַרברענטער און חרובער זאַבלודאָווע, פאָטאָגראַפירט פון „יונייטעד פּרעס", איז דערשינען אין „די אידישע צייטונג", בוענאָס־איירעס, פרייטיק, דעם 5טן סעפּטעמבער 1941 — מיטן פאָלגנדיקן אינטערשריפט: „זאַבלודאָווע איז אַ באַקאַנט יידיש שטעטל ביי ביאַליסטאָק. האָט איר דאָ אַ בילד, אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן צושטאַנד דאָס שטעטל איז געבליבן, אינגאַנצן חרוב, נאָך דעם דייטשישן „בליץ־קריג".

מיט אַ פורל אין ביאַליסטאָקער געטאָ (די ביאַליסטאָקער געטאָ האָט נאָך דאַן עקזיסטירט), וווּ כמעט אַלע פון זיי זענען מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער אומגעקומען.

פון זאַבלודאָווער געטאָ וויל איך נאָך דערמאָנען עטלעכע, וועלכע ס'איז דאָך געלונגען צו אַנטלויפן און זיך אַרויסראַטעווען. אייניקע זענען געבליבן לעבן, די אַנדערע זענען אומגעקומען. דער אַפּטייקער (גאָבער) מיט דער פאַמיליע, האָבן זיך עטלעכע טעג באַהאַלטן אין „זאַבלודאָווער הויף" ביי אַ באַקאַנטן קריסט, וועלכער האָט זיי נאָכדעם אַרויסגעגעבן צו די דייטשן. מען האָט זיי געבראַכט אין באַוווסטן קעלער פון ביאַליסטאָקער געסטאַפּאָ (סיענקיעוויטש 15). דורך יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין הויף פון געסטאַפּאָ, ביי

ריין־מאַכן, שיך־פּוצן א. א., האָב איך זיך אין געטאָ וועגן זיי דערוווּסט. כ׳בין געלאָפן אין „יודענראַט“, געקלאַפּט אין טיש פון דעם פאָרזיצער, אינזשיניער באַראַש, געזוכט פּראָטעקציע, געפּאַקט דעם פאַרטרעטער פון פאָרזיצער, דעם זאַבלודאָווער געוועזענעם רבס זון סור־באָטניק, און מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט מען דעם אַפּטייקער מיט דער פאַמיליע אַרייַנגעוואָרפן אין ביאַליסטאָקער געטאָ, ווו זיי האָבן געלעבט נאָך דריי חדשים און אומגעקומען ביי דער בלוטיקער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָק. ס׳האָט זיך אויך אַרויסגעראַטעוועט פון זאַבלודאָווער געטאָ לייזער דער קצב, דוד מרדכי־לייבס, זיי זענען נאָכדעם דורך די אייגענע פּויערים באַרויבט און דערמאָרדעט געוואָרן. ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן ביי פּויערים און דערלעבט די באַפרייאונג, יאָסל מרדכי־לייבס, שמואל בארטאש, פּיניע כאַראָווסקי, פּעלע לאָפּאַטע (מענדל דראַלעס),איטשקע קופּלינסקי (פּרייסל)... (זיי האָבן געהאַט אַ געמויערט הויז מיט אַ פאַרקויף פון תבואה, נישט ווייט פון שעפּסל וויסאָצקיביים טייכל). משה פּאָטשטער (פליקער). (ער איז אומגעקומען נאָך דער באַפרייאונג אין ביאַליסטאָק, דורך ווייסע פּאָליאַקן), און שמעון לעווין (זון פון טילע דעם אייזנקרעמער), וועלכער האָט זיך אַ פּאָר יאָר אַרומגעבלאָנקעט ווי אַ געיאָגטער האָז, אַרום די וועלדלעך און דערפלעך אַרום זאַבלודאָווע און דערלעבט די באַפרייאונג (היינט איז ער אין ישראל). עטלעכע האָבן דערלעבט די באַפרייאונג, דורכמאַכנדיק די גיהנומס פון דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווי: אפרים רובינס הערצקעס (היינט אין אויסטראַליע), חיים מענדעלעס (בעזרוק, היינט אין אַרגענטינע). דער ייִנגסטער זון פון משהקע פיינמאַן (היינט אין אַמעריקע), אַ ייִנגסטע טאָכטער, רחל, פון די פּליעבאַנס (היינט אין ישראל) און אַ טאָכטער פון וועליס (קאַלב, אין אַמעריקע). און אַ זון פון וועלוול חסיד (היינט אין אַמעריקע), יאָסל זאַבלודאָווסקי (טאַנעס) היינט אין ישראל.

איך אַליין בין נאָכן בלוטיקן פּאָגראָם און פאַרניכטונג פון ביאַליסטאָקער געטאָ (ערשטן טייל), ווו איך בין, אין בלוטיקן געראַנגל, געאָרעמט מיטן טויט, הונדערטער מאָל, דאָך געבליבן לעבן, בין נאָכדעם פאַרכאַפּט געוואָרן אין אַ קליינער גרופּקע האַנטווערקער און אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מזרח־פּרייסן (זאָלדאַו). דאָרט בין איך געווען אַ צוויי יאָר, געוואַרט טעגלעך אויפן טויט, בוכשטעבלעך! און דערלעבט דאָך די באַפרייאונג. וועגן די פּאָר יאָר קאָנצענטראַציע־לאַגער, וועגן די טויזנטער, וועלכע זענען אומגעקומען דאָרט — פון פאַרשיידענע פעלקער — וועגן גרויסן בלוטיקן אפּעל־פּלאַץ, וועגן די פאַרניכטונג־ און פייניקונג־קעלערן, וועגן דעם גאַנצן שוידערלעכן גרויל ביז איך האָב, מיט נאָך 21 ייִדן, דערלעבט די באַפרייאונג — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך און נישט דאָ איז דער פּלאַץ צום אויסשרייבן, ווייל ס׳האָט נישט קיין דירעקטן שייכות צו זאַבלודאָווע. ווען איך בין שוין, נאָך דער באַפרייאונג, אין מערץ 1945, געקומען צוריק קיין ביאַליסטאָק, טיף צעוויייטיקט דורך און דורך, האָב איך געטראָפן דעם שטח פון געוועזענעם ביאַליסטאָקער געטאָ, אָפּגעמעקט, איין שטיק חורבן! שטיל און טויט! איך שפּרייז אין דער טויטער שטילקייט, אויף די חורבות, איך דערגראַבל זיך צו דעם פּונקט, ווו ס׳איז אַמאָל געווען יוראָווועצקי־גאַס נומער 10. כ׳האָב דאָרט אין אַ קליין צימערל געהאַט אַמאָל אַ נעסט (אין געטאָ — ביאַליסטאָק), מיין ליבנדיקע האַרציקע חנהלע, מיין בלאָנד־זוניקן זונעלע, וועלכער האָט קיין פינפטן פרילינג נישט דערלעבט, מיין מוטער, מיינע ברידער, לייבעלע דער סטאָליער און ביבליאָטעקאַר פון זאַבלודאָווער ביבליאָטעק, מיין שטילער צווילינג־ברודער משהל דער שניידער, איצט שטיי איך ביי אַ הויפן גראָז, ציגל און זאַמד... עס קלעמט דאָס האַרץ, עס גיסן זיך טרערן, כ׳געפין נישט אַפילו קיין אָנדענקונג פון זיי. עפּעס ליידיקע קאָנסערוון־שאַכטלען וואלגערן זיך אַרום... ס׳מאַכט דעם איינדרוק, ווי שדים וואָלטן דאָ אַ שמחה געפּראַוועט... נאָכן איינשטילן און פאַרניכטן אַ רוישיקן לעבן... די דייטשן פלעגן טאַקע הוליען, שיכורן טאָג־טעגלעך, נאָך זייער בלוטיקער אַרבעט.

כ׳בין אויף מאָרגן אַוועקגעפאָרן אויף אַ מיליטערישן אויטאָ קיין זאַבלודאָווע. גאַנץ

זאַבלודאָווע — זע איך — אַ ברייט פעלד, פאַרוואקסן מיט גראָז, ביי די ראַנדן — עטלעכע צעוואָרפענע הייזקעס, און אַ פּאָר הייזקעס אין ווינקל פון דער רוסישער צערקווע. כ'באַגעגן עטלעכע באַקאַנטע גויים, זיי קוקן מיך אָן אַזוי ווי פון יענער וועלט. איינער נעמט מיך אַרום און קושט מיך (ס'ווערט מיר פריקרע). זיי דערציילן מיר, אַז דאָ זענען פאַראַן צוויי יידן, אַרויסגעקראָכענע פון באַהעלטעניש. אין אַ פינצטערן צימערל הינטער דער צערקווע האָב איך געטראָפן צוויי לעבעדיקע יידן, יאָסל לעווין (מרדכי־לייבס) און שמעון לעווין (טילע



אַ גרופּע חברים און חברטעס: די איינציק ־ לעבנגעבליבענע בלומקע קאַשטאַן — היינט אין אַרגענטינע. אַלע איבעריקע — אומגעקומען דורך די נאַציס.

דעם אייזנקרעמערס). מיר זענען די נאַכט געשלאָפן דריי יידן, דריי צעווייטיקטע פון אַן עדה יידן, פון אַ גאַנץ שטעטל. מען האָט פאַרן שלאָפן פאַרקלאַפּט און פאַרזיגלט טיר און לאָדן און יעדער פון די דריי האָט קאָנטראָלירט זיין רעוואָלווער — ס'האָבן נאָך דאַן גע־הערשט אין פּוילן, פאַרבאַהאַלטענערהייט, די ווייסע פּאָליאַקן. זיי האָבן געלויערט אויף די איינצלנע לעבנגעבליבענע יידן; אַ סך יידן זענען געפאַלן דורך זיי, שוין נאָכן דערלעבן די באַפרייאונג. דאָס איז אַזוי גרויזאַם! אין אַ צוויי טעג אַרום האָבן מיר פאַרלאָזן זאַבלודאָווע, זיך אַריבערגעצויגן אין ביאַליסטאָק. ס'איז געבליבן זאַבלודאָווע יידן־ריין... דאָס אַש פון די פאַרברענטע זאַבלודאָווער, אין טרעבלינקע, האָט צעטראָגן דער ווינט... פון די הונדערטער טויזנטער אויף אַן אַנדער אופן, אַן אַנדער סאָרט טויט, איז קיין אָנדענק געבליבן. ווועלן מיר, די לעבנגעבליבענע, טראָגן הייליק און אויף אייביק אייער ליכטיקן אָנדענק.



שמואל צעסלער

# אַ מעשה פון גרויל

מיט געבויגענע קעפּ,
מיט פאַרבראָכענע הענט,
זעצט זיך אוים אויף דער ערד
ווו אַ יאָרצייטליכט ברענט.

ס'איז אַרום און אַרום
אַזוי פינצטער און הויל —
וועל איך זינגען פאַר אייך
דאָ אַ מעשה פון גרויל:

ס'שמעקט מיט פרילינג אַרום,
ס'איז דער הימל צעבלויט, —
פירן נאַציס צען יידישע
קליינוואַרג צום טויט.

צוויי נאַציסטן. פאָרויס
מיט אַ ביקס אין דער האַנט —
פריק, ער שפּרייזט. ביי דער זייט
גייט אַ שטאַב־לייטענאַנט.

איבער בלום, איבער גראָז,
איבער זוניקן פעלד,
פירט מען קינדערלעך גלייך
אין אַ שורה צעשטעלט.

קוקן אייגעלעך שוואַרץ,
קוקן אייגעלעך בלוי:
— אוי, ווי גוט ס'איז אָט דאָ!
— אוי, ווי שיין ס'איז אַזוי! —

אָטאָ זילבערט דער טייך,
אָטאָ גרינט דאָרט דער וואַלד.
און דער לייטענאַנט שרייט
אויפן קול אַרויס: — האַלט!!

שטעלט זיך פריק גלייך אַוועק
און די קינדער נאָך אים;
רעדט דער לייטענאַנט ווייך
מיט אַ צינישער שטים:

— שטייט נאָר קינדערלעך שטייף,
האַלט די קעפּעלעך גלייך, —
וועל איך שענקען, אָט באַלד,
דעם גן־עדן פאַר אייך!

אַך, איז גוט דאָרטן, שיין,
ס'וואַרטן דאָרט ביי דער טיר
טאַטע־מאַמע אויף אייך.
גיט זיך נאָר ניט קיין ריר!

שמייכלען קינדער נאַאיוו,
ניט פאַרשטייען דעם טייטש,
שמייכלען קינדער אים צו:
— סאַראַ גוטינקער דייטש!

און דער לייטענאַנט צערטלט
די קינדער און גלעט,
גיט סאַדיסטיש אַ לאַך
אין די וואָנצלעך און רעדט:

— קוקט נאָר איינס אויפן קעפּל
פון צווייטן, אַהער!
— ווייז אַ קונץ פאַר זיי, פריק,
מיט דיין פייער־געווער!

מאַך עס גלאַט, מאַך עס שנעל,
ווי דו קענסט עס שוין וויל,
מאַך עס גוט, מאַך עס גיך
און — נאָר בלויז מיט איין קויל!...

שטייען קינדערלעך שטייף,
קאָפּ נאָך קעפּל, אין ריי;
און פריק מאַכט זיך שוין גרייט, —
צילט אין ערשטן פון זיי.

אָבער — דאָ גיט אַ קינד
זיך אַ דריי און עס רופט:
— זעט, אַ שפּאַרבער, ער יאָגט
נאָך אַ טויב אין דער לופט!

זאָגט דער נאַצי: — מ׳יין קינד,
דאַרפסט אַזעלכעס ניט זען!
דו קוק גלייך! ווייל דאָרט הויך
גייט אַן אומרעכט געשען:

אָט דער שפּאַרבער איז בלוטדורשטיק,
יאָגט זיך נאָך רויב,
באַלד פאַרצוקן וועט ער
אַן אומשולדיקע טויב!...

וועגדן קינדערלעך אָפּ
פונעם הימל דאָס אויג.
אָבער — דאָ, צו דער ערד,
גיט אַ קינד זיך אַ בויג

און עס קוקט צו דעם גראָז
פול מיט נייגער אין בליק:
— אוי, אַ שפּין האָט אין שפּינוועבס
געפאַנגען אַ פליג!

זאָגט דער נאַצי: — מיין קינד,
דאַרפסט נישט קוקן אַהין,
ווייל די פליג ליגט אין קלעם
ביי דער בלוטיקער שפּין!...

שטייען קינדערלעך ווידער
שוין שטייפע און שטיל.
גיט דער נאַצי אַ ווונק:
— ציל, פריק, ווידער אין ציל!...

און אין אומרו אַ שלאָג
גיבן הערצעלעך צען,
און דער שמייכל צערינט:
— וואָס־זשע גייט דאָ געשען?

קוקן קינדער מ׳יט שרעק — — —
ס׳גיט אַ שאָס — ס׳גיט אַ קנאַל — — —
טוען קינדערלעך אַלע
אין שורה אַ פאַל,

קינד נאָך קינד מיט אַן אָפענער
וווּנד, אין דער ריי,
ווי אַ בלוטיקער אויג
אינעם שטערן ביי זיי — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

בויגט דער לייטענאַנט איין
זיך אַראָפּ און באַטראַכט:
— אָ, ווי טרעפלעך און פיין
האָסטו, פריץ, עס געמאַכט!...

— לויט דיין ווילן, הער לייטענאַנט,
בלויז מיט א יי ן קויל! — — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

און עס ענדיקט אַזוי זיך
די מעשה פון גרויל. — — —




„די זאַבלודאָווער שול גייט אויף אין פלאַמען אין אירע אייביקייטן"...
קונסט־צייכענונג ספּעציעל פאַרן יזכור־בוך פון קינסטלער בען — פּאַריז.

איך דערמאָן דיך מיין חרוב־געוואָרענע היימשטאָט און ווי שאַרפע מעסערס שניידן זיך איין אין מיין לייב בילדער פון דיין חורבן — — — סצענעס פון דיין אומקום — — — די פיס בייגן זיך, דאָס האַרץ קאָרטשעט זיך פון יסורים און דער מאַרך ברענט פון ווייטיק, ווען איך זע פון דערווייטנס די געדיכטע שוואַרצע קנוילן רויך, וועלכע קייקלען זיך צום הימל!...

די אַלטע היסטאָרישע שול איז אַרומגענומען מיט פלאַמען פון אַלע פיר זייטן, די פייער־דיקע צונגען רייסן זיך דורך די פענצטער — — —

די מערדערישע נאַציס האָבן אָפּגעווישט אַ שטיק היסטאָריע — אַן עדות פון אַן אַלטן איינגעזעסן יידישן ישוב — — —

אָבער די פייערצונגען ברענען און ציען צום הימל — — —

די זאַבלודאָווער אַלטע הייליקע שול — גייט אויף אין אירע אייביקייטן — — — לעולמי עד!...

**ד. ז. (בן חיים צבי)**

רייזל וואגמאַן באַכראַך (קרית ביליסטוק, ישראל)

# איך האָב געזען מיין חרובע היים

קומענדיק פון רוסלאַנד קיין ביאַליסטאָק, גלייך ווי די שרעקלעכע מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָב איך באַשטימט צו באַזוכן אונדזער היימשטעטל זאַבלודאָווע; און כאָטש מענטשן האָבן געראָטן נישט צו פאָרן אין קיין קליינע שטעטלעך, ווייל אויף די וועגן איז נישט געווען רואיק און די באַנדעס האָבן געבושעוועט — האָב איך דאָך נישט געקענטביישטיין דעם נסיון און צוגערעדט ראָזע ביאַליסטאָצקין, אויך פערל ביאַליסטאָצקין און מיין שוועגערן טייבל וואַגמאַן — צו פאָרן אַ קוק־טאָן אויף אונדזער ליבער היימשטאָט און זען וואָס פון איר איז געוואָרן.



אויפן זאַבלודאָווער נייעם בית־עולם,ביים אוהל פון הרב ר׳ אברהם עקיבא סובאטניק זצ״ל — נאָכן חורבן. שטייען פון רעכט: רייזל באכראך (וואגמאן), ראָזע ביאַלאָסטאָצקי (מילער), טייבל וואגמאן (אלכי). זיצט: פערל ביאַלאָסטאָצקי (בעקער).

דערשיטערט און פאַרשטיינערט זענען מיר געבליבן, קוקנדיק אויפן טרויעריקן בילד: דאָס שטעטל — וויסט... פון ווייטן האָבן זיך נאָר געזען די שפיצן פון דיביידע גאַנץ־געבליבענע קלויסטערס — דער פוילישער קאָשציאָל און די רוסישע צערקווע... ווו־נישט־ווו אַ הויז... צווישן די געציילטע הייזער, זעט מען אויף בילסקער גאָס דעם בילסקן בית־המדרש און די שטוב, ווו דער רב יוחנן מירסקי זצ״ל האָט געוווינט — אַ וווּנדער!... איך גיי זוכן דאָס פלאַץ, ווו אונדזער הויז איז געשטאַנען — — — איך זוך און קען זיך נישט אָריענטירן... קיין סימן נישטאָ...

טרערן שטיקן אין האַלדז... דאָס בלוט קלאַפּט אויף גיך אין די אָדערן... בילדער פאַר־גאַנגענע, יאָגן און קומען אויף אין ברענענדיקן מוח... איך זוך מיט די אויגן, מיט די הענט... דאָ איז דאָך דאָס פּלאַץ, ווו כ׳בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן... אין פריידן און אין ליידן דורכגעמאַכט מיינע קינדערשע יאָרן... שפּעטער געלעבט, געליבט... חתונה־געהאַט און די חופה געשטעלט — טאַקע אָט־דאָ... ביי אונדז אין שטוב, נעבן מיין פּאָטערס ע״ה טויטן־בעט. — — — —



די גרעסטעווע: רייזל באַכראַך (וואגמאן) מיט איר מאַן אברהמל (לינקס) מיט זייער קינד און דיאדיע זאַבלודאָווסקי (רעכטס) פאָטאָגראַ־פירט אין ביאַליסטאָק, גלייך נאָכן חורבן.

איך כאַפּ זיך אויף ווי פון אַ קאָשמאַר און בראָדזשע אָוועק ווייטער, דורכן מוכאָוועץ־געסל, צום נייעם בית־עולם. די גויישע גאַס, ווו דער אַלטער בית־עולם איז געווען, שטייט גאַנץ, נישט גערירט, אָבער אויפן פּלאַץ פון בית־עולם, אויפן אָרט פון די מצבות — פּאַשען זיך גויישע קי און קאָזעס...

דער נייער בית־עולם איז אינגאַנצן חרוב, אַלע מצבות צעבראָכן... די מצבה פון מיין פאָטער נחום וואַגמאַן ע״ה, וואַלגערט זיך שטיקלעכווייז... איך הייב אויף אייניקע שטיקער און לייען־איבער זיין נאָמען...

מיט פאַרקלעמטע הערצער און אומבאַשרייבלעכן צער — — — שעפּטשענדיק אַ היי־ליקן י ז כ ו ר ! . . . נאָך אַלע אונדזערע פאַרשניטענע — פאַרלאָזן מיר דעם בית־הקברות און אויך דעם איין־גאַנצן גרויסן בית־עולם... וואָס ערשט נישט לאַנג איז דאָס געווען אונ־דזער בליענדיקע שיינע זאַבלודאָווע!...



ר׳ נחום וואַגמאַן, פון די אָנגעזעענע זאַבלודאָווער תושבים — ראַטמאַן, געזעלשאַפטלעכער עסקן, מיטגליד פון פאַרשיידענע חברות און שטעטלשע אינסטיטוציעס.



יעקב ראָגאָווסקי (ישראל)

# אונדזער גרויסע טראַגעדיע

... איך וועל איך קורצן שרייבן וועגן אונדזער גרויסער טראַגעדיע: דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָב איך גראָד געדינט אין פּוילישן מיליטער. אונדזער פּאָלק האָט מען אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט, צווישן טשענסטאָכאָוו און פּיעטריקאָוו. דער דייטש האָט דאָן מיט אַ שרעקלעכער מאַכט געבראָכן אַלע פראָנטן און פאַרנומען שנעל פּוילן. אויך אונדזער פראָנט איז באַלד געבראָכן געוואָרן און גלייך דעם 6טן סעפּטעמבער 1939 בין איך שוין אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט אין דער שטאָט ראַדאָמסק; אין אַ פּאָר טעג אַרום געלינגט עס מיר צו אַנטלויפן און איך קום קיין וואַרשע. דאָרט רעאָרגאַניזירט מען איבער די צעקלאַפּטע פּוילישע אַרמייען, און מיר ווערן שנעל אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט אין לובלין, ווו מיר שטעלן אַ קורצן ווידערשטאַנד דעם דייטש. דערווייל גייט אַריבער די סאָוויעטישע אַרמיי — דעם 17טן סעפּטעמבער פון זעלביקן יאָר — די פּוילישע גרענעץ און באַפרייט די פּוילישע ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע. די פּוילישע צעפאַלענע אַרמיי גיט אַ שוואַכן ווידערשטאַנד די סאָוויעטישע אַרמייען — און די וועלכע גיבן אַ ווידערשטאַנד, פאַלן אַריין אין סאָוויעטישער געפאַנגענשאַפט — אַממערסטן די אַלע פּוילישע סאָלדאַטן, וועלכע געפינען זיך אין וועג. אויך איך פאַל אַריין אין געפאַנגענשאַפט צו די רוסן אין דער שטאָט לוצק — מיט מיר איז צוזאַמען דער זאַבלודאָווער בחור (אויך אַ סאָלדאַט) סאַריע פישביין (חיה־זלאַטעס אַ זון) און מיר ווערן אָפּגעשיקט טיף קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין יאָר 1942 בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער ניי־אויפגעשטעלטער פּוילישער אַרמיי אין רוסלאַנד, וועלכע איז געשיקט געוואָרן אויפן נאָענטן מזרח, און פון וועלכער איך האָב דעזערטירט און אין זעלביקן יאָר 1943 — זיך דערשלאָגן קיין ישראל. מיט מיר זענען געקומען אבישי דאָלינסקי (עבעש׳), משה אבראמיצקי, רבקה בינדער און שמעון רובינס מיט זיין מוטער.

וועגן אונדזער טייערער, נישט־פאַרגעסענער זאַבלודאָווע, מיט איר שיינער יוגנט, וועלכע איז דערשטיקט געוואָרן מיט גאַזן און פאַרברענט געוואָרן אין טרעבלינקע דורך די נאַציס ימח שמם וזכרם, איז זייער שווער צו שרייבן, ווייל די אויגן זענען נאָך נישט אויסגעטריקנט פון די טרערן און אין האַרצן בלייבט איינגעקריצט די שבועה, עס קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן און עס טליעט דער פונק פון נקמה נאָך אונדזער בלוטיקסטן שונא! — ס׳איז כדאַי אָבער איבערצוגעבן אייניקע פּרטים פון זאַבלודאָווער אומקום: ווען די קריג איז אויסגעבראָכן, איז די פּאַניק אין זאַבלודאָווע געוואָרן זייער גרויס, זייער אַ סך זענען מאָביליזירט געוואָרן — פאַמיליעס גאַנצע זענען געבליבן אָן פּרנסה און ווער עס זאָל זיי העלפן איז

נישט געווען; דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939 און דעם 13טן סעפּטעמבער איז שוין זאַבלודאָווע געווען פאַרנומען פון די דייטשן. זיי האָבן דאַן די יידן קיין שלעכטס נישט געטאָן — ווייל זיי זענען געווען נאָר עטלעכע טעג — און דעם 18טן סעפּטעמבער 1939 איז זאַבלודאָווע שוין פאַרנומען געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי.

פאַרן פאַרלאָזן ווייס־רוסלאַנד, צווישן זיי אונדזער זאַבלודאָווע, פון די דייטשן, האָבן די נאַציס באַדויערט, וואָס זיי דאַרפן איבערגעבן די שטאָט צו די „שמוציקע רוסן״ און גע־סטראַשעט, אַז ווען זיי וועלן צוריקקומען, וועלן זיי אויסשעכטן אַלע „יודען״ — און דער־ביי געוויזן אויפן האַלדז.



זלמן ראָגאָווסקי

ווי געזאָגט, האָבן די סאָוויעטן פאַרנומען זאַבלודאָווע דעם 18טן סעפּטעמבער 1939 און דאָס לעבן איז באַלד נאָרמאַליזירט געוואָרן. יידן האָבן זיך געפילט פריי ווי מענטשן. אַלע אַמטן זענען באַזעצט געוואָרן פון יידן, מען האָט געקענט מיינען, אַז דאָס איז אַ יידי־שע רעפּובליק. אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. דעם 22סטן יוני 1941, פאַלט איבער היטלער, ימח שמו וזכרו, אויף סאָוויעט־רוסלאַנד, און די נאַציס פאַרנעמען פונדאָסניי שנעל אונדזער געגנט, ביאַליסטאָק און דעם אַרום. זאַבלודאָווע ווערט פון די דייטשן אונטערגע־צונדן פון אַלע פיר זייטן — און ברענט פולשטענדיק אָפּ — אויך פון די מלחמה־אָפּעראַ־ציעס. עס בלייבן נאָר איבער געציילטע הייזער אויסערן שטאָט, נעבן די גאַרבאַרניעס, ווו אין אַ קורצער צייט אַרום, טרייבן אַריין די דייטשן, ווי אין אַ געטאָ, די איבערגעבליבענע זאַבלודאָווער יידן אין די גאַרבעריי־פאַבריקן, ווו זיי ווערן געהאַלטן אין הונגער און שמוץ, און פון דאָרט ווערן זיי אַרויסגעפירט קיין ביאַליסטאָק און נאָכער קיין טרעבלינקע, ווו זיי ווערן אַלע פאַרגאַזט. — מיין טאַטע, מיטן פעטער דוד מיט זייערע פאַמיליעס, וועלכע זענען געווען ביים פעטער לייבל אין דאָרף ריבאַלע, ווערן אַרויסגעגעבן פון קריסטן. מיין טאַטע זלמן ע״ה ווערט דערשאָסן אין ביאַליסטאָק אין קעגנוואַרט פון מיין מאַמען און שוועסטער ע״ה, וועלכע גייען נאָכער זייער לעצטן וועג — מיט אַלע אונדזערע קדושים וטהורים.

אַזוי זענען אומגעבראַכט געוואָרן אונדזערע טייערע זאַבלודאָווער יידן.

כבוד זייער אָנדענק!

ד״ר אברהם מירסקי * (חיפה — ישראל)

# אין אָנדענק פון מיין ליבן פאָטער, דעם לעצטן זאַבלודאָווער רב ר׳ יוחנן מירסקי זצ״ל, מוטער ביילע, שוועסטערס און ברודער

(דער סך־הכל פון אונדזער משפחה)

איידער איך וועל דאָ שרייבן וועגן מיין פאָטערסליידן און לעצטן וועג, וויל איך דאָ קודם באַערן מיין טייערע מוטער ביילע ע״ה, וועלכע איז גאַנץ פלוצלינג, דעם 13טן יאַנואַר 1937 (א׳ שבט התרצ״ז), געשטאָרבן אין ביאַליסטאָק און געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין אונ־



דער לעצטער זאַבלודאָווער רב און זיין משפחה, הרב ר׳ יוחנן מירסקי (זצ״ל) מיט זיין פרוי, זין און טעכטער, ביי אים אין הויז.

דזער היים־שטאָט — זאַבלודאָווע. — זאָלן מיינע ווערטער נישט נאָר זיין אַן אויסדרוק פון כבוד ווי פון אַ קינד צו אַ מאַמען, נאָר אויך ווי אַן אַלגעמיינע באַערונג פון אַ זאַבלודאָווער, אין נאָמען פון די אַלע וועלכע האָבן איר אין אונדזער היים־שטאָט געקענט פון דער נאָענט

* זאָל דאָ אויף אייביק דערמאָנט ווערן מיט כבוד דער אָנדענק פון אויבנדערמאָנטן ד״ר אברהם מירסקי, — דער איינציקער לעבנגעבליבענער פון דעם לעצטן זאַבלודאָווער רבס משפחה — דער טייערער פריינט און חבר, וועלכער האָט זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיטן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך, צום פאַראייביקן אונדזער ליבער היים־שטאָט און אירע קדושים. ד״ר אברהם מירסקי (דער זון פון הרב ר׳ יוחנן מירסקי זצ״ל) האָט נאָך באַוויזן צו באַזוכן אונדז, די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין בוענאָס־איירעס, אין יאָר 1955, און אין אַ קורצער צייט אַרום, נאָכן אומקערן זיך אין מדינת־ישראל, איז ער דאָרט גאַנץ פלוצלינג געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ פרוי און דריי קינדער (איין טאָכטער — אין דער ישראל־אַרמיי). צום גרויסן באַדויערן, האָט ער נישט דערלעבט צו זען, אָט־דעם אייביקן מאָנומענט וואָס מיר שטעלן נאָך אונדזערע קדושים. שלום לעפרו! — רעד.

און געוווסט פון האַרציקער מאַמישער איבערגעגעבנקייט, פאַר די אַלע וועלכע האָבן זיך גע־נויטיקט אין אַ גוט־וואָרט און אין ממשותדיקער הילף, נעמענדיק אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט, בראש פון די אינסטיטוציעס ווי לינת־הצדק״, „פרויען פאַראיין״ (פאַר אָרעמע קימ־פעטאָרנס), עזרת נשים, הכנסת כלה א. אַ. וו. איר גוט האַרץ און נשמה איז געווען באַקאַנט פאַר די אַלע אָרומיקע. איר נפטר ווערן האָט געלאָזן אַ גרויסן בלויז אין די זאַבלודאָווער אינס־טיטוציעס און געזעלשאַפטן ווו זי האָט מיטגעאַרבעט. די אבידה איז געווען גרויס און זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן איר אָנדענק מיט כבוד און ערע, אויף אייביק!

וועגן מיין ליבן פאָטער, הרב ר׳ יוחנן מירסקי זצ״ל — דעם לעצטן און דינאַמיש־פולן רב פון זאַבלודאָווער קהילה, ביז דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, פון דעם צווייטן וועלט־קריג, איז מיר, לויט די דאַטן פון אַ זאַבלודאָווער בחור, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל,



ציון לנפש יקרה

לנשמת

הרבנית בילה מירסקי ז״ל

בת הרב הגאון ר׳ צבי זאב ראזסקער זצ״ל

בעל מחבר ספר „זרע אברהם״, ראב״ד בגאווי־סווינצאיאן

אשת הרב הגאון ר׳ יוחנן מירסקי, ראב״ד זבלודובה.

שער־בלאַט פון אַ ספּעציעלער אויסגאַבע פון קק״ל אין זאַבלודאָווע, אין זכר פון דער רביצןביילע מירסקי ז״ל.



אַ דאַנק־בריוו פון „זאַבלודאָווער פרויען־פאַראיין״ צום טשיקאַגער פרויען־פאַראיין, פאַר זייער שטיצע. אונטער־געשריבן אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג: פאָרזיצערין: ביילע מירסקי (זאַבלודאָווער רביצן) און סעקרעטאַרן: (רחל בינדער (רחל אַלטע גאָלדע לאהס).

(פון די „יוואָ״־אַרכיוון, ניו־יאָרק)

באַקאַנט פאָלגנדעס: מיין ליבער פאָטער, צוזאַמען מיט מיין שוועסטער חנה מיט אירע אַ קליין טעכטערל זענען אומגעקומען אין אוישוויץ. לויט ווי דער בחור האָט מיר איבערגעגעבן, איז ער געפאָרן אין זעלבן וואַגאָן, וואָס האָט זיי געבראַכט קיין אוישוויץ. דער פאָטער, דער־ציילט דער געראַטעוועטער בחור, איז טראָץ זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד, אויך אין געטאָ געווען וואַך און מונטער און האָט געפונען פאַר די יידן, וואָס האָבן געליטן צוזאַמען מיט אים, זיין ריכטיק טרייסט־וואָרט און האָט געווירקט געזעלשאַפטלעך — אויף וויפל אין יענע גהינום־אומשטענדן איז עס נאָר מעגלעך געווען.

זיינע לייַדן האָבן קולמינירט טאָקע אין דעם מיט־קאַלך־געשמירטן וואַגאָן, וואָס האָט אים און נאָך יידן געפירט קיין אוישוויץ; דער פאָטער מיינער האָט איינפאַך פאַרלאָרן די חושים און האָט זיך געריסן אַרויסצושפּרינגען פון צוג.

דאָס זענען די איינציקע און ווייניקע פרטים, וואָס מיר איז געלונגען צו דערגיין וועגן מיין פאָטערס לעצטן און ליידנספולן פעריאָד פון די נאַציס, ימח שמם וזכרם.

מיין ברודער צבי (הערשקע) איז אַרעסטירט געוואָרן דורך די רוסן ביים איבערגיין די גרענעץ קיין ליטע. (נאָענט צו דער רוסישער אָקופּאַציע 1939/40). ער איז געווען אינטערנירט אין וויטן צפון, „אוכטאַ״ — אַרכאַנגעלסק, אין אַן אַרבעטס־לאַגער; דאָס האָבן איבערגעגעבן מענטשן וואָס זענען דאָרט מיט אים צוזאַמען געזעסן און וואַרשיינלעך איז ער מיט אַלע פּוילישע בירגער פון דאָרט באַפרייט געוואָרן.

שפּעטער זענען געווען אויך ידיעות, אַז ער איז געווען ערגעץ אין אַן אינוואַלידן־הויז אין רוסלאַנד. אָבער די אַלע זוכענישן פון זאַבלודאָווער וואָס זענען דאָרט דעמאָלט געווען,

פון דער טעטיקייט פון הרבנית מירסקי:
באַלאַנס פון „פרויען־פאַראיין״ (פאַר קימפּעטאָרנס) אין זאַבלודאָווע.
(אַרכיוו — „יוואָ״, ניו־יאָרק)

ווי אויך דורך אונדזער משפּחה אין סטאָלפּצי — האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַט. אַזוי, אַז אונדזערע קרובים פון סטאָלפּצי, זענען ביי דער פעסטער מיינונג אַז ער איז אומגעקומען אין רוסלאַנד, גלייך מיט אַ סך טויזנטער אַנדערע יידן, וואָס זענען געשטאָרבן דאָן אין רוסלאַנד פון הונגער, קראַנקייטן, פאַרפרוירונגען א. אַ. וו.

מיין יינגסטע שוועסטער, די טייערע רחלע, איז געווען אין ארץ־ישראל זינט 1938. זי איז געשטאָרבן אין חשון 1946 פון אַ האַרץ־שלאַג. דאָס ביסל יאָרן וואָס זי איז דאָ געווען, איז

זי געווען מסירות־נפשדיק טעטיק אין דער מזרחי־באַוועגונג. זי האָט טראָץ איר שוואַכן גע־זונט דערפילט אין קריגס־צייט שווערע אויפגאַבןביים געבן הילף אין יידישע סאָלדאַטן־קאַמפן (קאַמפּ פאַר ווירטשאַפט־לייטונג פון פרייוויליקע ביים מזרחי) ביי זייער שווערע באַדינגונגען.

אַלע חברים און פריינד האָבן איר זייער געשעצט אַלס געטרייע איבערגעגעבענע חברה אין איר באַוועגונג, אַלס כשרע נשמה, אָפּפערוויליק ביי יעדן רוף.

איר פטירה האָט אַרויסגערופן פיל שמערץ און די ישראלדיקע מזרחי־פּרעסע האָט וואַכנ־לאַנג געשריבן וועגן איר.

דאָס איז דער טרויעריקער סך־הכל פון מיינע ליבסטע און נאָענטסטע...
פאַריתומט בין איך איינער אַליין, פון זיי אַלע פאַרבליבן...

אין דער אמתן, איז מיר פול דאָס האַרץ וועגן זאַבלודאָווע און איך האָב געמעגט אָנשרייבן אייניקע זכרונות פון די גוטע צייטן פון דאָרט, פון די געשטאַלטן פון חברים און פריינט, וואָס זענען מיר אַזוי נאָענט געווען פון דער פאַר־מלחמהדיקער זאַבלודאָווע. אָבער ס׳לייגן זיך נישט די הענט... און ס׳פעלט טאַלאַנט. איך וויל נאָר אויסדריקן די רעדאַקטאָרן פון זאַבלודאָווער יזכור־בוך און אַלע קאָמיטעט־מיטגלידער אַ גרויסן יישר־כוח פאַר דער הייליקער אַרבעט וואָס זיי האָבן אונטערגענומען. תחזקנה ידיהם!

זאָלן מיינע קורצע ווערטער דינען ווי אַן אייביקער אָנדענק, נאָך מיין טייערער אומגע־בראַכטער און פאַרלאָרענער משפחה, צוזאַמען מיט דער אַזוי טייערער נישט־פאַרגעסענער, פאַרשניטענער קהילה זאַבלודאָווע.

כבוד זייער אָנדענק!



מיכאל ליפשיץ (בע"ז)

# ר' יוחנן מירסקי*)

געבוירן אין סטויבץ (מינסקער גוב.) פון זייער אָנגעזעענע עלטערן. זיין פאָטער, ר' מאיר, האָט געשפּילט אַ היפּשע ראָלע אין דער סוחרישער וועלט. זיין מוטער, רחל, האָט געשמט פאַר אַן אשה צנועה און האָט אים געגעבן אַ גוטע דערציאונג, געהאַלטן פאַר אים די בעסטע מלמדים און לערער, און ער האָט געלערנט תורה והשכלה צוזאַמען. צו 14 יאָר האָט ער געלערנט אין דער מירער ישיבה ביי דעם אַלטן גאון ר' חיים לייב; צו 16 יאָר איז ער אָנגעקומען אין דער סלאָבאָדקער ישיבה אויפן נאָמען פון ר' יצחק אלחנן (כנסת בית



הרבנית ביילע מירסקי



דער לעצטער רב פון זאַבלודאָווע:
הרב ר' יוחנן מירסקי זצ"ל

יצחק); פון סלאָבאָדקער ישיבה איז ער ווידער אַריינגעטראָטן אין דער מירער ישיבה, וואו דאָרטן איז אויפגענומען געוואָרן דער גרויסער גאון ר' אליהו ברוך, פון טשעכאַנאָוצי.

שפּעטער האָט ער געלערנט אין דער נייער מאַלצער ישיבה ביי דעם גרויסן גאון ר' זלמן סענדער כהנא, דער פאָטער פון דעם היינטיקן קאָוונער רב.

---

*) די דאָזיקע אַרבעט איז געוועזן פאַרעפנטלעכט אין דער פובליקאַציע פון זאַבלודאָווער קראַנקן־אונטער־שטיצונגס־פאַראיין, „זאַבלודאָווער פנקס", ניו־יאָרק, 1925.

חתונה געהאַט האָט ער אין שטעטל נאָוואָסווינצאַנקע (ווילנער גוב.) מיט דער טאָכטער פון דעם דאָרטיקן רב הרב הגאון ר׳ צבי זאב ראצקער.

דאָרטן האָט ער זיך פאַרפולקאָמט אין לערנען און באַקומען סמיכה פון די גרעסטע גאונים, ווי ר׳ איצעלע פאָנעוועזשער, ר׳ אליהו טעלזער, ר׳ רפאל וואָלאָזשינער, ר׳ אליהו ברוך טשעכנאָווצער ז״ל, און אויך הרב הגאון ר׳ חיים עוזר פון ווילנע.

זייענדיק דער גרויסער עסקן און כלל־טוער און נישט זייענדיק פרעמד אין דער לאַנד־שפּראַך, האָט ער אין נאָוואָסווינצאַנקע איינגעפירט און אַנטוויקלט זייער וויכטיקע אינסטי־טוציעס. צווישן זיי אויך אַ פאָלקס־באַנק, וועלכע עקזיסטירט נאָך ביז היינט.

אין 1912 פאַרלאָזט ער דעם שווערס הויז און נעמט אָן די כסא הרבנות אין שטעטל באַדקי (בילסקער קרייז), וואָס איז באַוווּסט דורך אירע פריערדיקע רבנים און גאונים. דאָרט האָט ער זיך אויך פאַרנומען מיט כלל־טוערײַ, געלייגט פיל מי אויף דער דערציאונג פון די יידישע קינדער, זיי מדריך צו זיין אין רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן גייסט, שיצן דעם יידישן כבוד און פאַרמעגן, וואָס איז געשטאַנען אין סכנה בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, אין די מלחמה־יאָרן 1914־1918, ווען דאָס יידישע לעבן און יידיש גוטס איז געווען הפקר.

זייענדיק אָנגעזען דאָן ביי דער דייטשער מאַכט און אירע באַאַמטע, האָט ער שטענדיק פאַרטיידיקט און מציל געווען נישט נאָר אין איין שטעטל, נאָר אויך אין גאַנצן געגנט.

ער איז שטענדיק געווען דער ראש וראשון אין אַלע כלל־זאַכן. זייענדיק אַ מיטגליד פון דער „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע" אין יענער צייט פון בילסקער קרייז־קאָמיטעט, האָט ער אין זיין שטעטל באדקי אַלעס בעסטעס איינגעריכטעט. דאָס שטעטל האָט גאָר נישט געוווּסט ווי אים אָפּצודאַנקען.

אין יאָר 1923, ווען אויף די יידן אין פּוילן איז אַרויפגעפאַלן אַ שווערע לאַסט פון אומ־ברחמנותדיקע שטייערן און געדראָעט צו רואינירן דאָס גאַנצע יידישע לעבן, איז ער מיט אַ גרופּע כלל־טוער געפאָרן פון בילסקער קרייז קיין וואַרשע און מיט דער הילף פון די יידי־שע דעפּוטאַטן אַפּעלירט צו דער צענטראַלער מאַכט און געווירקט צו לינדערן דעם דעמאָל־טיקן גרויסן שטייער־לאַסט. שפּעטער איז דורך זיין איניציאַטיווע געגרינדעט געוואָרן אין שטעטל אַן אָפּטיילונג פון סוחרים־פאַריין, וואָס האָט פיל געהאָלפן צו פאַרגרינגערן די שווע־רע שטייערן, וואָס האָבן געקענט חרוב מאַכן די גאַנצע יידישע עקזיסטענץ אין דער גאַנ־צער געגנט.

אָפּזייענדיק 13 יאָר אין שטעטל באדקי, דערוואָרבנדיק אַ גרויסן נאָמען אין לערנען און אין כלל־טוערײַ, איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד אין אונדזער שטאָט זאַבלו־דאָווע, נאָך דער פטירה פון דעם פריערדיקן רב, הרב הגאון ר׳ אברהם עקיבא סובאָטניק ז״ל, וואָס איז געזעסן 20 יאָר על כסא הרבנות. הרב ר׳ יוחנן מירסקי האָט זיך דאָ אויך מיט דער זעלביקער ענערגיע גענומען פאַר עסקנות, געזען באַלד איינצואָרדענען אין שטאָט די תלמוד־תורה און אַלע אַנדערע צרכי־ציבור.

ד״ר שמואל זאַבלודאָווסקי (מעקסיקע)

# אַנשטאָט אַ מצבה אויף אַן אומבאַקאַנטן קבר

פון די אַלע שריפטן און כתב־ידן פון מיין פאָטער חיים־צבי זאַבלודאָווסקי ע״ה, אַליין אַ געבוירענער אַ זאַבלודאָווער און אַ סך יאָרן געווען לערער אין ביאַליסטאָק, העברעאישער שרייבער און זשורנאַליסט, — האָט זיך מער נישט געפונען ליידער אין מיין באַזיץ, וואָס איז ווערט עס זאָל פאַראייביקט ווערן אין זאַבלודאָווער יזכור־בוך — די שער־בלאַט פון זיין בוך „חידות ושאלות״ און די ערשטע זייט, די הויפט־חידה, וואָס באַדייט דער נאָמען אברהם, געווידמעט זיין טאַטן און מיין זיידן פון זאַבלודאָווע.



ר׳ חיים צבי זאַבלודאָווסקי

אַ מאָדנעם ציטער פיל איך ביים שרייבן די דאָזיקע ווערטער און געדאַנקען טראָגן זיך אַוועק ערגעץ ווייט און נאָענט... ערגעץ־ווו, עס טיילט אונדז אָפּ שטח, צייט און לאַנד. אָט נאָרוואָס, דוכט זיך, איז עס געווען — ווי אַ ייד, אַ תלמיד־חכם איז געזעסן איבער אַ באַרג מיט ספרים, פאַפּירן אַלערליי, געבלעטערט, געשריבן, פאַרצייכנט און זיך געפרייט, זיך גע־פרייט און געשמייכלט אין זיין קורץ־געשוירן בערדל...

אָט זיצט ער צוזאַמען מיט זיין יינגערן ברודער, דעם שלום־עליכם־פאַרלייענער, יוסף זאַבלודאָווסקי, לייענען צוזאַמען שלום־עליכמען און קייכן פון געלעכטער און דער עלטערער ווייזט־אָן דעם יינגערן אויף אַ שורה, אויסדרוק — וואָס פאַראַ פיקח שלום־עליכם איז גע־ווען; ער באַמערקט זיין ברודער, דעם שלום־עליכם־פאַרלייענער, אין וועלכן אָרט ער זאָל אויפהויבן זיין שטים און ווו ער זאָל שטילער מאַכן... און ביידע ברידער, כאָטש דער על־

טערער, אַ פרומער מיט אַ באָרד און דער צווייטער — אַ פרייער, אַ גלוח, האָבן געהאַט אַ געמיינזאַמע שפּראַך און ביידע האָבן זיך קאָמפּלעטירט און פאַרשטאַנען...

דער שרייבער ב. מאַרק, אין זיין בוך וועגן ביאַליסטאָקער אומקום, שרייבט וועגן (נח) זאַבלודאָווסקי, אָבער דאָס איז אַ טעות און לויט זיינע אַלע אָנגעגעבענע סימנים, מיינט ער מיין פאָטער: חיים־צבי זאַבלודאָווסקי — וועגן וועלכן ער שרייבט אומגעפער אַזוי:


א.
חידת השם.

דאָס ערשטע בלעטל פונעם בוך „חידות ושאלות" פון חיים צבי זאַבלודאָווסקי, געווידמעט זיין פאָטער אברהם.


חיים צבי זבלודובסקי
מורה שפת־עבר בביאליסטוק
חידות ושאלות
מקרא שעשועים
לכל אוהבי השפה העבריה
ביליסטוק

שערבלאַט פונעם בוך „חידות ושאלות" פון חיים צבי זאַבלודאָווסקי

„דרייט זיך אַרום איבער די גאַסן פון ביאַליסטאָקער געטאָ אַ הינקענדיקער אויף אַ פוס, אָבער מיט אַ גלייכן חכמהדיקן קאָפּ דער באַקאַנטער ביאַליסטאָקער שרייבער און זשורנאַליסט — פּראָפעסאָר פון „חידות ושאלות" — דער אַריינזאָגער פון גלייכווערטלעך און וויצן דער אַלטער (נח) זאַבלודאָווסקי (געמיינט חיים־צבי) און גיט איבער בעל־פּה זיינע שטעך־ווערטלעך און חוזק־אויסדרוקן אויפן חשבון פון די נאַצישע באַנדיטן און זייער פירער אַדאָלף היטלער, ימח שמו וזכרו!"

שרייבן וועגן מיין טאַטן ע"ה איז מיר זייער, זייער שווער. וואָלט איך געוווסט ווו זיין קבר געפינט זיך, וואָלט איך די עטלעכע ווערטער, וואָס איך שרייב דאָ, איבערגעשריבן אויף פּאַרמעט און עס באַהאַלטן אין אַ אוהל... אָבער אַז פון זיין גוף איז געוואָרן אַ הויפן אַש, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט מיליאָנען קדושים, הייליקע יידן, פּיקחדיקע יידן, טייערע, ליבע טאַטעס... טאָ — ווי בינדן זיך די הענט צום שרייבן און וואָס קען מען זאָגן, אַז די ליפּן שעפּטשען נאָר אַ שטילע תפילה, אַ קדיש נאָך אַ הייליקער נשמה... נאָך מ י ל י אָ נ ע ן נשמות!...



אבישי דאָלינסקי (תל־אביב)

# מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן!...

י ז כ ו ר !...

— נאָך די זעקס מיליאָן אומגעקומענע, פאַרברענטע און פאַרגאַזטע יידן, טאַטעס, מאַ־מעס, שוועסטער, ברידער, קליינע קינדער, זיידעס און באָבעס; רבנים, שרייבער ,קינסטלער, סוחרים און בעלי־מלאכות; לערער און מלמדים.

קהילות גאַנצע, עדהס גאַנצע, זענען געשיקט געוואָרן אויף די שייטערהויפנס, אין די גאַז־קאַמערן און צווישן זיי — אונדזער נישט פאַרגעסענע קהילה זאַבלודאָווע!...

י ז כ ו ר !...

— נאָך אונדזער היים־ און געבורט־שטעטל זאַבלודאָווע, וואָס יעדער פון אונדז וועט אויף אייביק געדענקען זייַנע קרובים, זיינע נאָענטסטע... זייערע בילדער, זענען ביי יעדן פון אונדז טיף איינגעקריצט אין האַרצן... אָבער זיי אַליין — זענען נישטאָ מער!... אַוועק מיטן רויך!... די נאַציס, ימח שמם וזכרם, האָבן זיי פאַרברענט לעבעדיקערהייט!... מען זאָגט אַ פאָלקס־וואָרט: „וואָס די ערד דעקט־צו ווערט פאַרגעסן"... אָבערליידער קענען מיר נישט אָנווענדן אָט דעם פאָלקס־וואָרט... ווייל אונדזערע קדושים זענען נישט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און נישט באַערדיקט געוואָרן!... זייערע לעבנס זענען אַוועקגעריסן געוואָרן אין מיטן בליען, דורך דער היטלעריסטישער חיה אין מענטשן־געשטאַלט, — אויפן שוי־דערלעכסטן אופן!...

אַלט און יונג, מענער און פרויען, קינדער און קליינע קינדערלעך, אַלעמען האָבן זיי פאַרגאַזט און פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס פון מיידאַנעק, טרעבלינקע און אָשוויענ־טשים! און עס זענען אַפילו קיין קברים נישט געבליבן... קיין מצבות נאָך זיי, קיין שטיין!...

די שטיינער ליגן און דריקן דעם טרויער אין אונדזערע הערצער, וואָס מיר וועלן טראָגן אויף אייביק — ביזן סוף פון אונדזערע טעג...

און דאָס אַש פון אונדזערע קדושים, האָבן ווינטן צעטראָגן איבער דער גאַנצער וועלט, איבער טייכן און ימען — — — און ווו עס געפינט זיך נאָר אַ זאַבלודאָווער, פילט ער, פאַרגעסט נישט — און געדענקט, אַז נישט נאָר וויינען, נאָר זיך אויך מתיחד זיין מיט אונ־דזערע קדושים דאַרפן מיר און מיר מוזן דערפילן די אַלטע צוואה: „מחה תמחה את זכר עמלק!"...

מיר קענען נישט און טאָרן נישט פאַרגעסן! — לפחות, דאָס זענען מיר שוליק אונדזערע קדושים — נישט מוחל זיין און נישט פאַרגעסן! ווייל די קדושים שרייען צו אונדז און מאָנען נקמה!!!



מיכאל ליפשיץ (בן בנימין־שרגא) — תל־אביב, ישראל.

# זאַבלודאָווער לעצטער פּנקס

זאַבלודאָווע איז געווען רייך אין היסטאָרישע פּנקסים: פּנקס פון ועד ארבע ארצות, פאַרשיידענע פּנקסים פון אַלטע זאַבלודאָווער חברות, פון דער אַלטער חברה קדישא א.א.וו., יעדער פּנקס האָט דערציילט היסטאָריע און יעדער פּנקס האָט איבערגעלאָזן פּאָרזעצער פון אָט־דער היסטאָריע, פון אָט־דער אַלטער קהילה, וועלכע האָט געהייסן — זאַבלודאָווע; אַלע האָבן געוועבט און געצויגן ווייטער דעם היסטאָרישן פאָדעם אָן איבעררייס — ביז ס'איז געקומען די נאַצי־דייטשלאַנד און האָט אין איין טרויעריקן פרימאָרגן דעם פאָדעם איבער־געריסן...

אָט דאָס יזכור־בוך, איז אַ מ צ ב ה ־ פּ נ ק ס, דער ל ע צ ט ע ר פּנקס, נאָך אָן איינ־געוואָרצלטער, אַלטער יידישער קהילה, וואָס האָט עקזיסטירט לויט דער מסורה 700 יאָר און וואָס נאַצי־דייטשלאַנד האָט פאַרטיליקט און חרוב־געמאַכט ביז צום גרונט!

פאַרברענט איז די יידישע זאַבלודאָווע, פאַרברענט זענען די זאַבלודאָווער יידן — זיי זענען געווען פון די ערשטע אומגליקלעכע קרבנות, וואָס היטלער־דייטשלאַנד, ימח שמם וזכרם, האָט געשיקט אין אויוון אַריין צום פאַרגאַזן!...

ווי אַזוי־זשע באַקלאָגט מען אייך, טייערע זאַבלודאָווער יידן? ווי אַזוי־זשע באַקלאָגט מען אַ טאַטן, אַ מאַמען, אַ ברודער, שוועסטערלעך און פריינט? — מיט מענטשלעכע טרערן? מיט מענטשלעכן געוויין? מיט אַ מענטשלעכן קרעכץ?... ניין! אַזוי קען מען אייך נישט באַקלאָגן, אַזוי איז נישט גענוג צו באַוויינען אייך!... נאָר אַ מענטשן, ווען ער שטאַרבט מיט זיין נאַטירלעכן טויט — קען מען באַקלאָגן מיט מענטשלעכע עמאָציעס, ווייל נאָך יעדן געוויין און נאָך יעדן קרעכץ קומט — צדוק הדין... אָבער נאָך אייך, פאַרברענטע?! — איז בישטאָ קיין צדוק הדין!... און כל־זמן די שרידים פון דעם פאַרברענטן דור לעבן נאָך, וועלן זיי נישט דערלאָזן אָנצונעמען קיין צדוק הדין...

ווען מיר קוקן זיך צו צו די בילדער און מיר לייענען די רשימה פון די אומגעקומענע, זעען מיר זיי אַלע פאַר אונדזערע אויגן... און — אָט נעכטן, דוכט זיך, זענען זיי נאָך אַלע מיט אונדז געווען, געלעבט, געהאָפט און זיכער זיך נישט פאַרגעשטעלט אַזאַ ביטערן סוף... מיר בלייבן ווי פאַרגליווערט און פאַלן אין אָנמאַכט... ווי־אַזוי האָט מען אייך פון אונדז אַזוי שנעל אַוועקגעריסן?...

נישט צום פאַרגעסן דעם „עמלק", שנאה צו דער נאַצישער אומה — דייטשלאַנד — און נקמה פאַר די מערדער! — דאָס איז געווען דאָס לעצטע וואָרט און די צוואה פון יעדן פאַר־ברענטן יידן. דעריבער האָט אָט־דער פּנקס די אויפגאַבע, נישט נאָר צו שטעלן אַ מאָנומענט נאָך דער קהילה און אירע קדושים, נאָר ער האָט אויך דעם צוועק צו וועקן שנאה, כעס און פאַראַכטונג צו די מערדער פון אונדזער פאָלק!

די וווּנדן זענען נישט פאַרהיילט, זיי קענען זיך נישט פאַרהיילן.

קיין טרייסט קענען מיר נישט אָננעמען. די איינציקע טרייסט איז — אַז דער גאָט פון נקמה וועט זיין חוב דערפילן!...

**
*

אויף זייער רייזע טור קיין מדינת־ישראל האָבן אונדז אין מערץ 1961, ווען מיר זענען שוין געווען אין דער לעצטער פאַזע פון פאַרענדיקן דעם יזכור־בוך, באַזוכט די לאַנדסלייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן קלאַרע און מאָריס קרוגמאַן (חיה ווישקעס מיט איר מאַן משהקע דעם טאָקערס). זיי זענען אויפגענומען געוואָרן דורך אונדזער יזכור־בוך־קאָמיטעט אין לאָקאַל פון ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד אין בוענאָס־איירעס.

אונדזערע געסט, די האַרציקע פריינט האָבן, נאָכן באַקענען זיך מיט די אַרבעטן פון אונדזער יזכור־בוך, אַוועקגעפירט די בעסטע איינדרוקן פון אונדזער אַרבעט. זיי האָבן דערביי אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס און טאַקע גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אָפּשליסנדיקער פאַזע פון יזכור־בוך און אויך באַווירקט אַנדערע לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן צו טאָן דאָס זעלביקע.

זייענדיק אין מדינת ישראל האָבן זיי באַזוכט דעם הר־ציון אין ירושלים, ביי דער מצבה אין אָנדענק פון זאַבלודאָווע און האָבן אויך אין נאָמען פון אונדז אָפּגעגעבן כבוד אונדזערע פאַרשניטענע קרובים פון דער חרובער קהילה.



דאָס בילד איז פון דעם צוזאַמענטרעף פון די דערמאָנטע ליבע געסט צוזאַמען מיטן אַקטיוו פון זאַבלודאָווער לאַנדסלייט און מיטגלידער פון יזכור־בוך־קאָמיטעט, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין שטאָט.

# די טרויער־דאַטעס פון די בלוטיקע יאָרצייטן נאָך אונדזערע קדושים

**שבת, י״ז תמוז ה׳תש״א — דעם 12טן יולי 1941**

אַריין אין אונדזער חורבן־כראָניק ווי דער „שוואַרצער שבת". צווישן די פאַר־שלעפטע 5000 ביאַליסטאָקער יידן, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן אויף די פעטראַשער פעלדער און נאָכהער אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער אויסער דער שטאָט זענען אויך אומגעקומען אַ סך זאַבלודאָווער יידן. מיר ווייסן די נעמען פון די ווייטערדיקע: מלך איסערוק (דער שניידער); זיין ברודער מעמע (אברהמל); פייוול צעסלער מיט זיין עלטסטן זון; אברהמל בעזרוק; וועלוול גלאַטשטיין מיט זיין זון און איידעם; שלמה און לייבל גראַש (לייזשקע דעם אייזנקרעמערס זון); משה בנימין שניידעראָווסקי (לייקע יאשטשיקס מאַן) און זיין זון לייבל; האָדל שייטשיקס מאַן מיט אירע צוויי זין און איידעם; דער באַוווסטער ביאַליסטאָקער פעדאַגאָג משה זאַבלודאָווסקי (זון פון זאַבלודאָווער עלטערן); און דער לערער בנימין קאַפּוסטין (דירעקטאָר פון דער זאַבלודאָווער „תחכמוני"־שול).

די אומגעבראַכטע אין דער דאָזיקער אכזריותדיקער שחיטה זענען באַקאַנט מיטן נאָמען „ד י ש ב ת ד י ק ע".

**דינסטיק, א׳ כסליו ה׳תש״ג — דעם 10טן נאָוועמבער 1942**

**(דער אַלגעמיינער יאָרצייט נאָך דער גאַנצער אומגעבראַכטער קהילה זאַ־בלודאָווע)**

דעם 1טן נאָוועמבער 1942 האָבן די נאַציס, ימח שמם וזכרם, אַרויסגעפירט קיין ביאַליסטאָק אויף פורן אַלע זאַבלודאָווער יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם געטאָ אין די גאַרבאַרניעס. דאָרט האָט מען זיי פריער געפּייניקט אין די קאַ־זאַרמעס פון געוועזענעם 10טן פּוילישן אולאַנער פּולק. דאַן זענען זיי אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, ווו זיי זענען אַלע פאַרגאַזט געוואָרן דעם 10טן נאָוועמ־בער 1942. אין דעם דאָזיקן טאָג זענען אומגעקומען מיטן דאָזיקן בעסטיאַלישן מאַרטירער־טויט די מערהייט פון אונדזערע זאַבלודאָווער יידן.

**יאַנואַר 1943**

אין חודש יאַנואַר 1943 זענען אַ סך זאַבלודאָווער, וואָס זענען פריער דעפּאָר־טירט געוואָרן אין פּרוזשענער געטאָ, צוזאַמען מיטן ליקווידירטן געטאָ אין פּרוזשענע, אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ, ווו זיי זענען אומגעקומען. צווישן זיי האָבן זיך געפונען דער לעצטער זאַבלודאָווער רב ר׳ י ו ח נ ן מ י ר ס ק י זצ״ל, מיט זיין טאָכטער און אייניקל; ר׳ י ע ק ב צ ע ש ל ע ר (יאַנקל דער פאַראָווקער) און אַנדערע.

**ל' שבט ה'תש"ג — דעם 5טן פעברואַר 1943**

אין דער ערשטער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ, זענען צוזאַמען מיט די 12.000 ביאַליסטאָקער יידן, אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע צום אומקום, אויך אַ סך זאַבלודאָווער יידן.

אין דער דאָזיקער דאַטע האָט דער נאַצי־מערדער פריץ פרידל דערשאָסן אַלס נקמה־אַקט פאַר יצחק מאַלמעדס העראָישן ווידערשטאַנד, העכער 100 יידן, ערבניקעס. צווישן די דערשאָסענע האָט זיך געפונען די גאַנצע משפחה פון מאָטקע זאַבלודאָווסקי (געבוירענע זאַבלודאָווער), צוזאַמען מיט זיין שוועסטער — די זאַבלודאָווער פרוי ביילע צעסלער און אירע 2 טעכטערלעך: ליליע און סוליע.

**ט"ו אב ה'תש"ג — פון דעם 16טן ביזן 23סטן אויגוסט 1943**

די וואָך פון דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ. דאַן זענען אויך געפאַלן די לעצטע רעשטלעך זאַבלודאָווער, וועלכע האָבן זיך נאָך דאָרט געפונען.

יצחק צעסלער

# אין די אומבאַשטימטע יאָרצייט־טעג...

גועהיייליקט דעם ליכטיקן אָנדענק פון אַלע
טייערסטע און נאָענטסטע, אומשולדיק פאַר־
שניטענע.

ווען ס'קומען אָן די אומבאַשטימטע יאָרצייט־טעג,
פון טאַטע־מאַמע, קרובים טייערע,
פון קדושים אומפאַרגעסענע, וואָס געגאַנגען זענען זייער לעצטן וועג —
גליט אויף אַן הייסע טרער — — —
און פילסט אין האַרץ אַ ווונד אַ בראַנד,
ווי פייער־פלאַם, וואָס ברענט און ברענט
און שרייט און מאָנט:
כ'וועל אייך דאָך קיינמאָל שוין נישט זען...
און ס'בענקט דאָס האַרץ און נאָגט און נאָגט, —
פאַרוואָס געקומט האָט אייך, אַזאַ מין סוף? — — —
פאַרשניטן ווערן פאַר דער צייט, אָן אַ פאַרוואָס, פאַרוועז?! — — —
און ס'רייסט אַ שלוכץ זיך פון מיין האַלדז — —
און דאַן אַ תפילה — שטיל אויף ליפּן קומט:
„פאַר אונדזער כבוד, זענט איר מער נישטאָ און אייער אַש אין חלל שוועבט — — —
אויף אייביקייטן זייט דערמאָנט — מיט ציטער הייליקן, מיט כבוד און מיט רום,
אין הערצער און נשמות אונדזערע, לדורות —
און נעמען אייערע, פאַרשניטענע אין פייער און אין בלוט —
זיי וועלן אייביק שיינען, ביזן לעצטן שלאָג פון אונדזער האַרץ,
אין קדושה און אין טרער" — — —

י. ל. אַלטעס

# דער קדושים־מאָנומענט

(אין אָנדענק פון די זאַבלודאָווער קדושים)

כ'גיי אויפן בית עולם און צייל נישט די טריט —
צווישן קברים מיט קברים וואָס ליגן געשמידט.
ס'גיסט זיך אָן אויפהער דער צער פון מיין בליק,
ס'פאַרהאַלט מיך דער שאָטן — אַ מאַרמאָרנע שטיק.

דער שאָטן! אוי דער שאָטן פונעם קדושים־מאָנומענט;
כ'דרינג אין אים איין, אוי, כ'האָב זיי דערקענט, —
די מיליאָניקע מאַסע פון גאַזיקן טאָל,
זיי האָבן פרייע ווי מיר, אויך געאָטעמט אַמאָל.

געלעבט און געשאַפן ווי מיר דאָ אַצינד,
אין שטוב טאַטע־מאַמע, אין שולע דאָס קינד.
מיט פריידן און זאָרגן, מיט יאָרן און טעג,
און פאַרגרעסערט די זאַמלונג פון אונדזער פאַרמעג.

כ'שטיי מיר אַזוי אין מחשבות פאַרטראַכט.
פאַרזונקען אין חושך ווי אַ פינצטערע נאַכט.
נאָר פּלוצלונג, דערהער איך אַ שטילן געוויין —
איך שווער, אַז ער קומט פונעם הייליקן שטיין.

כ'הייב אויף דעם קאָפּ, ס'דערזעט וואָס מיין אויג:
פון יידישע מתים אַ ריזיקן סטויג.
מיליאָנען פון בליקן, מיליאָנען פון הענט,
כ'האָב זיי דורך ווייטיק, דורך שטאָלצקייט דערקענט.

די משהלעך, יאָסעלעך, רייזעלעך פיל,
זיי האָבן מיר עפּעס פאַרטרויט אין דער שטיל,
פאַרטרויט און געבעטן האָט איטלעכעס גליד:
שריי אויס! אין דיין קומענדיק ליד,

אַז קיינער פאַרגעסן זאָל פון אַצינד,
ער און זיין קינד און זיין אייניקלס קינד,
אַז גרוילן אַזעלכע זאָל מער נישט געשען
און אַ סוף זאָל מען מאַכן צו דעם וואָס געווען.

אברהם זאַק

# ביים דענקמאָל אויף טאַבלאַדאַ *

(רעפלעקסן)

ווי די שאָטנס קומען זיי צוגיין אויפן „גוטן אָרט" — די רעשטלעך פון די פאַרשני־טענע עדהס אויף יענער זייט אוקינוס. אַזוי פיל עדהס, אַזוי פיל קהילות חרובע, צעשאָטענע אין ציגל און שטויב... אַזוי פיל יידישע שטעט און שטעטלעך אויסגעליידיקטע, אָפּגעמעקטע פון דער אויבערפלאַך, אָדער פאַרבליבענע אַפילו אָן איין־איינציקן ייד; געירשנטע פון די אַרישע שכנים — די „גוטע פריינט" אונדזערע — אָן שום סקרופולן, אָן רעג, אָן שום ציטער פון געוויסן... גלייך ווי „ירושה" על פי דין... גלייך ווי אַלץ וואָלט אַזוי באַדאַרפט צו זיין...

שלאָפן זיי רואיק, די אַריער, אין פאַרלאָזענע יידישע בעטן; וויגן זיי איין זייערע קינ־דער אין די פאַריתומטע „וויזיקלעך" (וועגעלעך); קוקן זיי אַרויס רואיק און שלווהדיק דורך די יידישע פענצטער, דורך וואַנען יידישע מאַמעס פלעגן אין די שבת־צונאַכטן אַרויסקוקן צום הימל, וואַרטנדיק אויפן ערשטן שטערן, כדי צו קענען שוין זאָגן: „גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב"...

ווי די שאָטנס קומען זיי, די רעשטלעך און רינגלען אַרום דעם דענקמאָל — דעם סימ־באָלישן קבר — נאָך אונדזערע קדושים וטהורים. ווייל קיין אמתער קבר איז דאָך זיי „דאָרטן" נישט באַשערט געווען. דער ווינט האָט דאָך זייער אַש פאַרטראָגן אין וויסטן הפקר...

יאָר־איין, יאָר־אויס קומען זיי אַהער, די רעשטלעך פון יעדער עדה מיט דער מגילה פון צער און צאָרן אין די הערצער, הערן אויס אַ קדיש, אַן „אל מלא רחמים", פאַרגיסן אַ טרער...

קומען וואַרשעווער, לאָדזשער, ווילנער, ביאַליסטאָקער, סאָקאָלקער, זאַבלודאָווער, גראָד־נער. קומען פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין אַמאָליקן פוילן.

אינעם פאַרזונקענעם שווייגן עגבערט יעדן איינעם די פיינלעכע, נישט־פאַרענטפערטע פראַגע:

„פאַרוואָס?!" — — — —

פאַרוואָס האָט געשוויגן די וועלט, ווען דער שוחט האָט געשאָכטן?...

פאַרוואָס האָט דער הימל בעת־מעשה געבלויט, די זון געשיינט און די גראָזן געגרינט?...

פאַרוואָס האָט געשוויגן דאָס געוויסן פון דער וועלט?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— אל מלא רחמים...

דער טרויעריקער ניגון צעטראָגט זיך ווייט, ווייט... עס הערט שווייגנדיק דער הימל, די וועלט.

שטייען מאַנסבילן מיט פאַרקלעמטע הערצער, מיט פאַרפרעסטע ליפּן, און פרויען ווישן

---

*) דער „דענקמאָל אויף טאַבלאַדאַ", דאָס איז דער מאָנומענט — די מצבה, אין אָנדענק נאָך די זעקס מיליאָן קדושים אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, בוענאָס איירעס, געשטעלט פון דער דאָרטיקער קהילה. אויפן מאָנומענט געפינט זיך אויך דער אָנדענק־טאָוול, נאָך זאַבלודאָווער קהילה, פאַראייביקט פון די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע. (רעד.)

זיך די פּייכטע אויגן. און אַז דאָס קול פון חזן ווערט פאַרשטומט, רוקן זיך אָפּ די שאָטנס פון דענקמאָל און בלייבן נאָך שטיין, פאַרזונקענע אין צער, פון דערוויטנס.

קומען באַלד אַרויס שטילע רייד פון דער פאַרגליווערטקייט. מען נעמט זיך חשבונען, מאַכן דעם סך־הכל: וויפיל ווער האָט „דאָרטן" פאַרלוירן... איינער — אַ דריטל פון דער משפחה, דער צווייטער, אַ העלפט, און נאָך איינער מאַכט דעם טרויעריקסטן „סך־הכל" — ער האָט זיין גאַנצע פאַרצווייגטע משפחה פאַרלוירן: טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער, פעטערס, מומעס, קוזינען... ער האָט זיינע אבידות אין צענדליקער געציילט, אין פיל צענדליקער... און ער איז געבליבן אַליין אויף גאָטס וועלט. איינער אַליין ווי אַ דאָרן!...

אַזוי „ליציטירט" מען זיך אין דער שטיל, מיט געבראָכענע שטימען און מיט פאַרבראָכענע הענט. און דאָרט, ביים סימבאָלישן קבר, איז אויסגעוואַקסן אַן אַנדער רעדל ייחן — אַן אַנדער רעשטל פון אַן אַנדער פאַרשניטענער עדה „דאָרטן", אויף יענער זייט...

די פאַרבליבענע פון יעדער שטאָט ריכטן אָפּ באַזונדער זייער יזכור ביי דעם שטומען מאָנומענט, וואָס איז פון איין זייט פול מיט טאָוולען. אויסגעקריצטע טאָוולען נאָך אונדזערע פאַרשוווּנדענע שטעט און שטעטלעך — נאָך אונדזער פאַרלוירן לעבן...

און אַזוי בייטן זיך די רעשטלעך ביים דענקמאָל, און אַזוי קלינגט עס כסדר דער טרויעריקער ניגון פון חזן:

— אל מלא רחמים...

און די אַלע קלאַנגען, די אַלע טרערן און די אַלע רעשטלעך גיסן זיך צוזאַמען אין איין לאָגל — אַקוראַט ווי „דאָרטן" האָט זיך זייער בלוט און זייער אַש אויסגעמישט אינאיינעם...

דאָס זענען טרערן פון פאָלק...

אַ גאַנץ פאָלק וויינט און באַוויינט. אַ גאַנץ פאָלק פרעגט דעם „פאַרוואָס?!"...

הערן זיך וויינענדיקע שטימען ביים דענקמאָל — הספּדים... פאַרקלינגען צערפולע ווערטער:

„מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן... קיינמאָל — עד סוף כל הדורות" ...

„מיר וועלן אייביק געדענקען אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע פון אונדזערע היימשטעט — ביי דער וויסל און ניעמאַן, ביים בוג און ביים דניעסטער... פאַרלאָזן און פאַרשעמט זענען געבליבן די היימישע טייכן און פאַרפאַרבט מיט יידיש בלוט...

„מיר וועלן שטענדיק זען פאַר אונדזערע אויגן זייער לעצטן וועג —

„צו פּאָנאַר —

„צום אומשלאַג־פּלאַץ —

„צו פּאָניאַטאָוו —

„צו קעלבאַסין —

„צו טרעבלינקע —

„צו מאַידאַנעק —

„צו אָשוויענטשים"...

יעדע שטאָט מיט איר קבר, מיט איר קאַלכאויוון, מיט אירע פלאַמען פון קידוש־השם...

מיר, די רעשטלעך, וועלן תמיד מאָנען ביי דער שולדיקער וועלט אַן ענטפער. מיר וועלן איר אייביק דערמאָנען איר שולד. ווייל נאָר צוליב דעם זענען מיר לעבן געבליבן — צו מאָנען און דערמאָנען!...

און נאָך אונדז, בעת מיר וועלן שוין נישט זיין, וועלן די בלוטיקע מגילה לייענען אונדזערע קומענדיקע דורות. אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער.

מיר וועלן שטענדיק טייטלען אויף דעם קין־צייכן, וואָס איז אויסגעקריצט אויף מיליאָנען אַרישע שטערנס...

מיר וועלן תמיד רויבן זייער רו:

— קול דמי אחיך צועקים אלי מן האדמה...

יוסף רעזניק

# געדענק און דערמאָן!...

**(בעת אַ יאָרצייט נאָך אונדזערע קדושים, ביים מאָנומענט אויפן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ)**

הײַנט זענען מיר מקיים די שבועה וואָס מיר האָבן געגעבן ביים אומבאַקאַנטן קבר פון אַ דערמאָרדעט פאָלק, אַ הייליקע שבועה, וואָס איז פאַראייביקט געוואָרן אין צוויי ווערטער: געדענק! און דערמאָן!

געדענק פריער פון אַלץ, ווער ס'איז געווען דער פינצטערער מערדערלעכער שונא, וואָס האָט נישט געשוינט, נישט קיין עלטער, נישט קיין סאָציאַלן צושטאַנד, נישט קיין מאָראַלישע ווערטן, וואָס האָט אונטער זיין בלוטיקן חלף פאַרניכטעט און פאַרטיליקט אַלץ און אַלעמען וואָס האָט נאָר געטראָגן דעם שטעמפּל פון יידיש און ייד.

געדענק די מיטלאַלטערלעכע וויסטע כוליגאַנעס, וואָס האָבן איצט אין אונדזער צוואַנציקסטן יאָרהונדערט( איבעראַנייעס אַדורכגעפירט די גרויזאַמע קרייצצוגן איבער אונדזערע שטעט און שטעטלעך. און נאָכאַמאָל אומגעבראַכט אויף די „אויטאָ־דאַ־פעס”, אונדזערע גרעסטע קולטור־אינסטיטוציעס, אונדזערע שענסטע קונסט־אוצרות, אונדזערע גייסטיקע ווערטן, געשאַפענע דורך יאָרהונדערטער מיט מסירת־נפשדיקער קרבנותפולקייט.

געדענק די, וואָס האָבן מטמא געווען און פאַרשוועכט דאָס לאַנד, מיט די טראַגישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן און האָבן פאַרוואַנדלט אונדזער געווען היימלאַנד אין דאַנטעס גהינום.

געדענק, די אַלע געוויסנלאָזע פּחדנים, וואָס זענען מיטן קין־צייכן אויפן שטערן, צוליבן ראַטעווען זייער אייגן לעבן, געוואָרן שותפים, צום ווילדן שונא, און האָבן צוגעגעבן זייער פאַרעטערישן בייטראָג צו דעם אומקום פון זייערע אייגענע ברידער.

ס'איז אָבער נישט גענוג צו געדענקען אַליין; מיר דאַרפן אויך דערמאָנען:

דערמאָן די אַלע וואָס האָבן מיט עקשנות און באַוווסטזיין, געקעמפט און באַזיגט אונדזערע טויטלעכן שונא — די היטלעריסטישע פעסט.

דערמאָן די יעניקע דעמאָקראַטישע כוחות אין דעם אַלוועלטלעכן הינטערלאַגער, וואָס האָבן געשטיצט און געשטאַרקט די אַליאירטע קעמפער אויף די פראָנטן און האָבן באַהויכט מיט האָפענונג אונדזערע פאַמשפטע ברידער אינעם אומענדלעכן טויטנלאַגער.

דערמאָן מיט יראת־הכבוד די גרעסטע געשיכטלעכע העלדן — די געטאָ־קעמפער, וואָס האָבן מיט זייער אומפאַרגלייכלעכן הערואיזם, באַוויזן אַן אומפאַרגעסלעכן ביישפיל פון נאַציאָנאַלער ווירדע, ליבע צו פרייהייט און רעכט צום לעבן. די וואָס האָבן מיט זייער גיבורים־ווידערשטאַנד, פאַנאַנדערגעפלאַקערט די ערשטע פלאַמען פון מפלה פון אונדזערע פאַרטיליקער.

דערמאָן! און זאָלסט קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען, די הייליקע צוואה פון אונדזערע קדושים: „פאַרזיכערט מיט אייער גאַנצן וועזן, אַז אין דער צוקונפט זאָל זיך מער קיינמאָל נישט איבערחזרן די טראַגיש־בלוטיקע ווירקלעכקייט!..

מיר, זאַבלודאָווער, גיבן דעם „געדענק און דערמאָן”, אַ באַשיידענעם און דאָך היסטאָרישן תיקון, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם מאָנומענטאַלן זאַבלודאָווער יזכור־בוך.

אויב מיר האָבן אין יענע טראַגישע מאָמענטן, גאָרנישט געקענט טאָן צו ראַטעווען אונ־

דזערע נאָענטסטע, צו ראַטעווען זאַבלודאָווע פון פולשטענדיקן אומקום, זעענן מיר אָבער נאָכ־געקומען אונדזער חוב צו זיי, מיטן צוריק־אויפלעבן, מיטן פאַראייביקן דעם אַלטן חשובן זאַבלו־דאָווער ישוב פון דעם בראשית פון זיין אַנטשטייאונג, ביז די לעצטע טעג פון זיין אומקום.

דאָס יזכור־בוך וועט פאַרבלייבן אויף ווייטער, נישט נאָר ווי אַ לעבעדיקער אָנדענק פון יעדן זאַבלודאָווער קדוש באַזונדער, נאָר אויך ווי אַ לעבעדיקער עדות און היסטאָרישער פאַקט, פון דעם אַלטן פילפאַרביקן און לעבנספולן זאַבלודאָווער ישוב, אין דער געשיכטלעכער אַנט־וויקלונג פונעם יידישן פאָלק.



מאָמענטן פון אזכרה־אַקטן פון די זאַבלודאָווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע, ביים מאָנומענט פון די קדושים אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ.

אברהם זאַק

# כ׳דערמאָן זיי...

כ׳דערמאָן זיי, די ליטווישע שטעטלעך קליינע,
זיי ליגן צעזייט און צעשפּרייט דאָ און דאָרטן.
די הייזעלעך הילצערנע, אַלט און געבויגן,
און וואו־נישט־וואו גרינט קוים אַ ביימל, אַ גאָרטן.

די הייזעלעך אָרעמע, שוואַרצע פון רעגן,
די קוימענס צעפאַלענע, פינצטערע ציגל.
די פענצטערלעך קליינע, עס פעלן ווו שויבן;
עס טראָגט זיך פון דאָרט אַ געוויין פון אַ וויגל.

די פענצטערלעך טריבע, פאַרגרינטע פון אַלטקייט;
עס קוקט דורך די שייבלעך דער פינצטערער דלות.
דאָ נייט אַ מאַשין, ס׳קלינגען מיידלשע לידער —
דאָס זענען די יידישע טעכטער, די כלות.

דאָ נייט אַ מאַשין, און דער פאָדים ער ציט זיך,
ער ציט זיך און ציט זיך אַ זומער־טאָג לאַנגן,
דאָס פּנים ווערט בלאַסער, די אויגן מער גלאַנצן,
און בענקענדער ווערן אין האַרץ די פאַרלאַנגען.

דאָס קלינגט פון אַ פענצטער אַ יינגלשער קולכל.
— „נו, אָמר אביי... זאָגט, קינדער, כסדר..."
דאָס לערנען די יינגלעך ביים רבין גמרא,
עס שטאַרבט זייער לוסט אָפּ באַצייטנס אין חדר...

און ווייטער — אַ שול, אַ בית־מדרש, „חסידאַרניע",
אַ באָד מיט אַ קוימען, וואָס אָט־אָט־אָ פאַלט ער;
אַ בלאָטיקער מאַרק, אַ פּיר שמאָלינקע געסלעך,
אַ ברונעם, אַ ווינט־מיל, אַ פאַרקאַן אַן אַלטער.

פון איין עק — אַ קאָשטשאָל, פון צווייטן — אַ צערקווע,
עס סטאַרטשען קופּאָלן הויך־הויך אין דער לופטן.
און ווייטער — עק שטעטל. אַ רואיקע גרינקייט,
אַ לאָנקע. רומיאַנעק. מחיהקע דופטן.

פון איין זייט אַ גרינער „מאָגילניק" מיט צלמים,
פון צווייטן — דער יידישער שטילער בית־עולם.
מען קומט צו דעם ערשטן מיט קרענץ און געזאַנגען,
דער צווייטער, ער קען נאָר אַ קרעכצנדן עולם...

שמואל צעסלער

# אדם יסודו מעפר

ס'איז דער מענטש פון ערד באַשאַפן
און מוז צוריק צו איר זיך קערן — — —
פאַר אַ ביסן ברויט, ביים לעבן,
צאָלט ער מיט געפּאַר און טרערן — —

און דער מענטש איז צוגעגליכן
צו אַ ברוכשטיק, צו אַ שאַרבן;
צו די גראָזן אין די פּליינען —
העלע גרינען זיי — און שטאַרבן — —

צו די בלומען אין אַ גאָרטן
וועלכע בליען און פאַרבליען;
צו אַ שאָטן צו אַ שטילן
ווען ער ציט פאַרביי אין פליען — — —

צו אַ וואָלקן אין דעם הימל,
וועלכער ווערט אין רוים צעלאָזן;
צו די ווינטן וואָס זיי ווייען
און זיי בלאָזן, און פאַרבלאָזן — — —

צו אַ שטויב וואָס שוועבט אין לופטן
אָן אַ ציל און אָן אַ זינען — — —
צו חלומות וועלכע קומען
און פאַרגייען, און צערינען — — —

# יזכור

## אונדזערע קדושים און טהורים

האַלטן מיר שוין ביים סוף פון אונדזער חורבן־מגילה; מיר האָבן געלאָזט דער־ציילן די על־פי־נס געראַטעוועטע, די עדי־ראיה, וועגן דעם שווידער און אכזריות פון די נאַציישע הענקערס און פון די פייניגן, יסורים און טויט פון אונדזערע נאָענטע.

מיר ברענגען דאָ ווייטער די רשימה פון אונדזערע טייערע און ליבע, וואָס דער נאַציישע מערדער האָט פאַרפייניקט. מיר ברענגען דאָ די נעמען פון אונדזערע טאַ־טעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, קינדער — פריינט, שכנים, נאָענטע, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן.

מיר האָבן געוואָלט, אַז אין אונדזער סימבאָלישער מצבה, אויף די בלעטער פון אונדזער יזכור־בוך זאָל אויף אַלע אייביקייטן אויסגעקריצט ווערן די פולע מאַרטירער־רשימה פון דער קהילה קדושה זאַבלודאָווע.

מיר ווייסן, אַז וויפל מיר האָבן זיך נישט באַמיט; געפאָדערט און פאַרלאַנגט פון אַלעמען, ווי עס איז נאָך געווען מעגלעך, איז די רשימה נישט קיין פולע. אפשר פעלן דאָ אָדער דאָרטן מישפחות אָדער יחידים; אפשר אַ ריי נעמען אַרויס פאַרגרייזט.

מיר האָבן איצט פאַר זיך די דאָזיקע רשימה. מיר זעען זיי אַלעמען, מיר האָבן זיי דאָך אַלעמען געקענט. מיט טייל צוזאַמען געלערנט, מיט טייל צוזאַמען געשטרעבט און געחלומט וועגן ליכטיקע טעג. מיט טייל פון זיי האָבן מיר אויך געפירט וויכוחים.

איצט זענען זיי אַלע פאַרשניטן געוואָרן. מיר ווייסן אַפילו נישט זייער ריכטיקן יאָרצייט; מיר ווייסן אויך נישט ווו עס איז אַהינגעקומען זייער פאַרפייניקטער איבער־בלייב — דאָס אַש פון זייערע פאַרגאַזטע און פאַרברענטע גופים.

גאָר וועגן געציילטע ווייסן מיר, אַז זיי געפינען זיך צווישן די ביאַ־ליסטאָקער „שבתדיקע"; טייל זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די געטאָס פון ביאַליסטאָק און פּרוזשענע; טייל זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף די פאַרשידענע שליאַכן פון נע־ונד, אין וועלדער און פעלדער; די גרעסטע מערהייט איז אָבער פון די דערמאָנטע געטאָס אַרויסגעפירט געוואָרן אין די טויט־פאַבריקן קיין טרעבלינקע און אוישוויץ.

דערמאָנען מיר זיי אַלע:

ווו זיי זאָלן נישט האָבן זייער געליטערטע נשמה אויסגעהויכט; ווען דאָס איז נישט געשען; דורך וואָס פאַר אַ געפייניקטן טויט זיי זענען נישט אומגעקומען.

מיר דערמאָנען זיי און זאָגן צו, אַז קיין מאָל וועלן מיר נישט פאַר־געסן זייער מאַרטירער־טויט, זייער אומקום אויף קידוש־השם און קידוש־העם. זייער צוואה — נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן, וועלן מיר אויף אַלע אייביקייטן אָפּהיטן.

יזכור

# יזכור

שטייען פאַר אונדזערע אויגן די שוואַרצע טעג פון:

| |
|---|
| י"ז תמוז תש"א — 12טער יולי 1941 |
| א' כסלו תש"ג — 10טער נאָוועמבער 1942 |
| יאַנואַר 1943 |
| ל' שבט תש"ג — 5טער פעברואַר 1943 |
| ט"ו אב תש"ג — 16טער — 23טער אויגוסט 1943 |

דאָס זענען די טעג ווען די נאַצישע בעסטיעס האָבן אייער שפּרודלדיקן לעבן איבערגעריסן. די דאָזיקע טעג וועלן מיר היילִיק אָפּהיטן, כדי מיט געבראָכענע הערצער און טיפן טרויער דערמאָנען אייך — אונדזערע ליבסטע און טייערסטע.

צוזאַמען מיט די אַנדערע זעקס מיליאָן קדושים וטהורים וועט איר אייביק לעבן אין אונדזער זיכרון, אין זיכרון פון גאַנצן פאָלק.

# א.

**אינטראַליגאַטאָר אברהם, 46 יאָר**
**זיין פרוי און 4 קינדער**
**אינטראַליגאַטאָר חיים, 24 יאָר**

פאַראייביקט דורך הערצקע אינטראַליגאַטאָר
מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי.

---

**אינטראַליגאַטאָר נחום**
**אינטראַליגאַטאָר ריווע (כאַראָווסקי)**
**אינטראַליגאַטאָר היהלע (קינד)**
**אָסיפּאָוויץ מאַטקע (מוטער)**
**אָסיפּאָוויץ געצל, מיט זיין פאַמיליע**
**אָסיפּאָוויץ פריידע־חיה**
**איר מאַן מאיר שמוש און פאַמיליע**
**אָסיפּאָוויץ שרהקע**
**איר מאַן און פאַמיליע**
**אָסיפּאָוויץ מייטע**
**משפּחה: ליבע מיט איר מאַן און קינדער**

פאַראייביקט דורך העניע אָסיפּאָוויץ (בארטאשס טאָכטער)
קרית ביאַליסטאָק, מדינת ישראל.

---

**איסערוק דוד, 67 יאָר**
**איסערוק לאה, 65 יאָר**
**איסערוק מלכה, 26 יאָר**
**איסערוק רחל, 23 יאָר**
**איסערוק שרה, 26 יאָר**
**איר מאַן לייבל בערנשטיין**
**איסערוק מלך, 31 יאָר**
**איסערוק אברהמל, 29 יאָר**
**איסערוק מאַשע, 25 יאָר**
**און זייערע פאַמיליעס**

פאַראייביקט דורך יוסף איסערוק
סאַן־מאַרטין, בוענאָס־איירעס — אַרגענטינע.

---

**אייזנמאַן שאָשקע — מוטער**
**אייזנמאַן אברהמל**
**אייזנמאַן רבקה**
**אייזנמאַן אהרן**
**אייזמאַן שיינע און קינד**
**אייזנמאַן ישׂשכר**
**אייזנמאַן חנה — מוטער**
**אייזנמאַן חיים**

אייזנמאַן מערי
אייזנמאַן רבקה
פאַראייביקט דורך לייבל און רבקה ברעסלאווסקי און פאַמיליע
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

אינטראַליגאַטאָר פסחיה, 42 יאָר
אינטראַליגאַטאָר יהושע, 34 יאָר
אינטראַליגאַטאָר־פרידמאַן רייזל, 36 יאָר
אינטראַליגאַטאָר שולמית, 18 יאָר
אינטראַליגאַטאָר באבל, 32 יאָר
אינטראַליגאַטאָר באַשע ר., 30 יאָר
אינטראַליגאַטאָר רבקה, 17 יאָר
אינטראַליגאַטאָר שמואל, 10 יאָר
אינטראַליגאַטאָר שלמה פרידמאַן, 32 יאָר
אינטראַליגאַטאָר מיניע פרידמאַן, 7 יאָר
אינטראַליגאַטאָר דבורה, 4 יאָר
אינטראַליגאַטאָר דוד, 1 יאָר
די גאַנצע משפחה אינטראַליגאַטאָר פון ר' חיים און רבקה אינטראַליגאַטאָר
פאַראייביקט דורך פריידקע אינטראַליגאַטאָר ־ רובין
בוענאָס־איירעס.

---

אייזנבערג שמערל און פאַמיליע

---

אַבראַמיצקי רחל
אַבראַמיצקי זאב
אַבראַמיצקי ראָזע
אַבראַמיצקי רבקה
פאַראייביקט דורך משה אַבראַמיצקי
מדינת־ישראל

---

## ב.

באָברע שיינע, 66 יאָר
באָברע מירל, 44 יאָר
איר מאַן צאַלקע וואָלף און קינדער
באָברע פייוול
זיין פרוי גאָלדע און 2 קינדער
באָברע רבקה
איר מאַן און קינד
באָברע יששכר
זיין פרוי ציפע און קינד
פאַראייביקט דורך דוד באברע
מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי.

באַכראַך מיכלע
באַכראַך שלמה
באַכראַך יעקב
באַכראַך רעיה

פאַראייביקט דורך אברהמל באַכראַך און זיין פרוי רייזל (וואַגמאַן)
קרית־ביאַליסטאָק, מדינת־ישראל.

---

באַכראַך טויבע (ידידיה דעם שוחטס פרוי)
באַכראַך ירוחם (געטאָ ביאַליסטאָק)
באַכראַך מרים (טאָכטער פון יודקע ליפשיץ) זיין פרוי
באַכראַך ישראל
באַכראַך צילע
באַכראַך העניע
איר מאַן און קינדער
באַכראַך אַלטע
איר מאַן און קינדער
באַכראַך חנה
איר מאַן און קינדער
באַכראַך רחל
איר מאַן און קינדער
באַכראַך אַדעלאַ (פרוי פון מרדכי באַכראַך)
באַכראַך שולמית
באַכראַך יהודה
באַכראַך רבקה (פרוי פון אהרן דעם שוחטס זון)
באַכראַך דוד — זייער זון
טאָכטער פון אַהרן, נאָמען אומבאַקאַנט

פאַראייביקט דורך מרדכי באַכראַך
תל־אביב, מדינת ישראל.

---

גלאַטשטיין משה־הערש און חנה־גאָלדע (עלטערן)
זין: וועלוול, בערל, נח מיט זייערע משפחות
שוועסטער: ליבע און פייגל מיט זייערע מענער און קינדער

פאַראייביקט דורך שעפסל גלאַטשטיין און פאַמיליע — בוענאָס איירעס

---

ביאַליסטאָצקי אייזיק, 54 יאָר
ביאַליסטאָצקי שרה־רבקה, 54 יאָר
ביאַליסטאָצקי פייגעלע
איר מאַן שלמה פליקער
זייער יינגעלע מאירקע, 2 יאָר

פאַראייביקט דורך משהל און טייבל וואַגמאַן (אַלכי)
אויסטראַליע.

**בייגל יצחק, 62 יאָר**
**בייגל אסתר (קאַגאַרנאָוויטש), 40 יאָר**
**איר מאַן נאָטקע און 2 קינדער**
**בייגל בריינע, 22 יאָר**
**בייגל שלום, 25 יאָר**
**בייגל רבקה, 35 יאָר**
**איר מאַן מנחם זאַזדראַ און קינד**

פאַראייביקט דורך משה בייגל און פאַמיליע ראָפּע
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

**בינדער יעקב (יאַנקל יאַשטשיקס)**
**בינדער משה מיט זיין פאַמיליע**
**בינדער שמערל מיט זיין פאַמיליע**
**בינדער שיינע מיט איר פאַמיליע**

פאַראייביקט דורך ראובן בינדער
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

**בעזרוק מייטע, 58 יאָר (געטאָ פּרוזשענע)**
**בעזרוק הערשל, 40 יאָר (געטאָ פּרוזשענע)**
**זיין פרוי בריינע און 3 קינדער (געטאָ פּרוזשענע)**
**בעזרוק יקותיאל, 38 יאָר**
**זיין פרוי חיה און 3 קינדער**
**בעזרוק אברהמל, 36 יאָר**
**בעזרוק הדסה, זייערע קינדערלעך**
**בעזרוק פריידע, 33 יאָר**
**איר מאַן אהרן און קינדער**
**בעזרוק משהל, 31 יאָר**
**בעזרוקביילע און קינדער**
**בעזרוק ישעיה, 25 יאָר**

פאַראייביקט דורך גדליה בעזרוק
פלאָרידאַ, בוענאָס־איירעס — אַרגענטינע.

---

**בעקער רבקה**
**בעקער ניסן (ניסל)**
**בעקער יעקב**
**זיין פרוי הדסה (אַש) און קינד**

פאַראייביקט דורך מיכאל ליפשיץ (בן בנימין שרגא)
תל־אביב, מדינת־ישראל.
און חייקל בעקער
טשילע.

**בעקער זיידקע**
**בעקער אסתר (זיין פרוי)**
**בעקער גוטקע (זייער טאָכטער)**
**איר מאַן איטשקע איצקאָוויטש און 3 טעכטער**
**בעקער דוד**
**בעקער ליבע (זיין פרוי)**
**בעקער משה**
**בעקער שיינע (זיין פרוי) און 2 קינדער**
**בעקער שלומה**
**און זיין פרוי סאָניע פון די ראַפּאַלאָווסקים**

פאַראייביקט דורך שרה און מרים (יעקב רודיס טעכטער)
ישראל.

---

**בעקער משה**
**בעקער שיינע (יעקב נפתלים, דעם דיינס אייניקל)**
**בעקער בצלאל (זייער זון)**

פאַראייביקט דורך אליהו צעסלער
חיפה, מדינת־ישראל.

---

**בערנשטיין חנה (די מוטער)**
**בערנשטיין חנה (די פרוי פון שמואל בערנשטיין)**
**בערנשטיין אליהו (זייער זונעלע)**
**בערנשטיין משהל מיט זיין פאַמיליע**
**בערנשטיין לייבל**
**זיין פרוי שרה (איסערוק) און קינד**
**בערנשטיין זיידקע און זיין פאַמיליע**

פאַראייביקט דורך שמואל (מוליע) בערנשטיין
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

**ברענער משה, 55 יאָר**
**ברענער דינה (קאַגאַן), 52 יאָר**
**מיט זייערע קינדער**
**ברענער דוד און טאָכטער**

פאַראייביקט דורך שמואל און דבורה (קאגאן) שערער
אַדראָגע, ב״א, אַרגענטינע.

---

ג.

**גאָלדבערג מאיר, 35 יאָר**
**גאָלדבערג פאַני (פרוי)**
**גאָלדבערג יעקב (זייער זון)**
**גאָלדבערג פייגל**
**איר מאַן שמואל שמידט און זונעלע יעקב**

פאַראייביקט דורך ברוך גאָלדבערג
מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי.

**בייגל יצחק, 62 יאָר**
**בייגל אסתר (קאַגאַרנאָוויטש), 40 יאָר**
**איר מאַן נאָטקע און 2 קינדער**
**בייגל ברײַנע, 22 יאָר**
**בייגל שלום, 25 יאָר**
**בייגל רבקה, 35 יאָר**
**איר מאַן מנחם זאַזדראַ און קינד**

פאַראייביקט דורך משה בייגל און פאַמיליע ראָפע
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

**בינדער יעקב (יאַנקל יאַשטשיקס)**
**בינדער משה מיט זיין פאַמיליע**
**בינדער שמערל מיט זיין פאַמיליע**
**בינדער שיינע מיט איר פאַמיליע**

פאַראייביקט דורך ראובן בינדער
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

**בעזרוק מייטע, 58 יאָר (געטאָ פרוזשענע)**
**בעזרוק הערשל, 40 יאָר (געטאָ פרוזשענע)**
**זיין פרוי ברײַנע און 3 קינדער (געטאָ פרוזשענע)**
**בעזרוק יקותיאל, 38 יאָר**
**זיין פרוי חיה און 3 קינדער**
**בעזרוק אברהמל, 36 יאָר**
**בעזרוק הדסה, זייערע קינדערלעך**
**בעזרוק פריידע, 33 יאָר**
**איר מאַן אהרן און קינדער**
**בעזרוק משהל, 31 יאָר**
**בעזרוקביילע און קינדער**
**בעזרוק ישעיה, 25 יאָר**

פאַראייביקט דורך גדליה בעזרוק
פלאָרידאַ, בוענאָס־איירעס — אַרגענטינע.

---

**בעקער רבקה**
**בעקער ניסן (ניסל)**
**בעקער יעקב**
**זיין פרוי הדסה (אַש) און קינד**

פאַראייביקט דורך מיכאל ליפשיץ (בן בנימין שרגא)
תל־אביב, מדינת־ישראל.
און חייקל בעקער
טשילע.

**בעקער זיידקע**
**בעקער אסתר (זיין פרוי)**
**בעקער גוטקע (זייער טאָכטער)**
**איר מאַן איטשקע איצקאָוויטש און 3 טעכטער**
**בעקער דוד**
**בעקער ליבע (זיין פרוי)**
**בעקער משה**
**בעקער שיינע (זיין פרוי) און 2 קינדער**
**בעקער שלומה**
**און זיין פרוי סאָניע פון די ראַפּאַלאָווסקיס**

פאַראייביקט דורך שרה און מרים (יעקב רודיס טעכטער)
ישראל.

---

**בעקער משה**
**בעקער שיינע (יעקב נפתלים, דעם דיינס איניקל)**
**בעקער בצלאל (זייער זון)**

פאַראייביקט דורך אליהו צעסלער
חיפה, מדינת־ישראל.

---

**בערנשטיין חנה (די מוטער)**
**בערנשטיין חנה (די פרוי פון שמואל בערנשטיין)**
**בערנשטיין אליהו (זייער זונעלע)**
**בערנשטיין משהל מיט זיין פאַמיליע**
**בערנשטיין לייבל**
**זיין פרוי שרה (איסערוק) און קינד**
**בערנשטיין זיידקע און זיין פאַמיליע**

פאַראייביקט דורך שמואל (מוליע) בערנשטיין
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

**ברענער משה, 55 יאָר**
**ברענער דינה (קאַגאַן), 52 יאָר**
**מיט זייערע קינדער**
**ברענער דוד און טאָכטער**

פאַראייביקט דורך שמואל און דבורה (קאגאן) שערער
אַדראָגע, ב״א, אַרגענטינע.

---

ג.

**גאָלדבערג מאיר, 35 יאָר**
**גאָלדבערג פאַני (פרוי)**
**גאָלדבערג יעקב (זייער זון)**
**גאָלדבערג פייגל**
**איר מאַן שמואל שמידט און זונעלע יעקב**

פאַראייביקט דורך ברוך גאָלדבערג
מאָנטעווידעאָ, אורוגווייַ.

גאָניאָדזסקי רחל (ראָכטשע)
איר מאַן שבתי (שעפּסל) בינדער
זייער קינד פּסח
גאָניאָדזסקי שרה־רבקה
איר מאַן ראובן שיין
פאַראייביקט דורך אַבישי דאָלינסקי
מדינת־ישראל.

---

גאַרבער יוסף
גאַרבער כינקע און זייערע קינדער
גאַרבער עלקע און קינדער
פאַראייביקט דורך העניע אָסיפּאָוויץ
קרית־ביאַליסטאָק, מדינת־ישראל.

---

גלאַטשטיין משה (קופּעץ), 57 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)
גלאַטשטיין ציפּע (ניעמאָי) פון גאָניאָנדז, 54 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)
גלאַטשטיין יוסף, 30 יאָר (געפאַלן אויפן פראָנט ווי אַ סאָלדאַט)
גלאַטשטיין ליפּע, 28 יאָר (דערמאָרדעט נאָך דער באַפרייונג דורך די פּאָלאַקן, ביאַ־ליסטאָק)
גלאַטשטיין איטשע, 21 יאָר (געפאַלן אין דער רויטער אַרמיי)
גלאַטשטיין משה (געפאַלן אין דער רויטער אַרמיי)
גלאַטשטיין שלום (ביאַליסטאָקער געטאָ)
גלאַטשטיין גאָלדע, 21 יאָר (דערשאָסן אין ביאַליסטאָקער געטאָ)
פאַראייביקט דורך נאָטע און יעקב גלאַטשטיין און שעפּסל גלאַטשטיין
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

געלערשטיין מרדכי
זיין פרוי און זון
געלערשטיין הענאך
זיין פרוי, 3 טעכטער, אייניקלעך און איידעמס
געלערשטיין נחום
זיין פרוי, טאָכטער, איידעם און אייניקלעך
געלערשטיין יעקב
זיין פרוי און זון
פאַראייביקט דורך אליהו געלערשטיין
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

גלוך הערשל
גלוך לאה
גלוך אברהם
גלוך מאַנעס
גלוך פּסח
גלוך רחל
פאַראייביקט דורך פייגל און לאהטשע (ראָגאָוויטשעס טעכטער)
תל־אביב, מדינת־ישראל.

## ד.

דאָלינסקי שלמה־זלמן (דערשאָסן אין געטאָ ביאַליסטאָק) — פאָטער
דאָלינסקי פעשע — מוטער
דאָלינסקי באַשע
איר מאַן און קינדער
דאָלינסקי גאָלדע־לאה
איר מאַן חיים פורמאַן, 3 קינדער
דאָלינסקי נחמה
איר מאַן יוסף בעקער און גאַנצע משפחה
שמואל בעקער פון די בעדראַשעס

פאַראייביקט דורך אַבישי דאָלינסקי
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

דאָלינסקי מוליע
דאָלינסקי הינדע
דאָלינסקי שמואל

פאַראייביקט דוך משה אַבראַמיצקי
מדינת־ישראל

---

דירדאַק לאה (פייוול דעם שוחטס)
דירדאַק יוסף
דירדאַק בערל
דירדאַק רחל
דירדאַק רייע (וואכט)
איר מאַן שמעון און טעכטערל

פאַראייביקט דורך שמעון לעווין און שוועסטער פנינה
ישראל.

---

## ה.

האַלפערן קריינדל (סענדער סמאנס טאָכטער)
האַלפערן אַלטער
האַלפערן חנה
האַלפערן ליפשע
האַלפערן איסר
האַלפערן אסתר
האַלפערן מאיר
זיין פרוי און 2 קינדער
האַלפערן משה מיט זיין פאַמיליע
האַלפערן פייגל
איר מאַן ישראל און קינדער

פאַראייביקט דורך יצחק און בלומע מאַלעץ
חיפה, מדינת־ישראל.

**האַלפּערן משה**
**האַלפּערן שרה (געלערשטיין)**
**זייער זון און טעכטער**

פאַראייביקט דורך פאַמיליע געלערשטיין
מדינת־ישראל

---

**האַלפּערן אליהו, פאָטער**
**האַלפּערן יאָספע, מוטער**
**האַלפּערן חיה, טאָכטער**

פאַראייביקט דורך לאה, רחל און ציליע — ישראל

---

**העפּנער אברהם, 45 יאָר**
**זיין פרוי און 2 קינדער**
**העפּנער חנה, 40 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)**
**איר מאַן רפאל ליס און זייערע 2 קינדער (געטאָ ביאַליסטאָק)**
**העפּנער שיינדל, 38 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)**
**איר מאַן שמעון ליסאָגורסקי**
**העפּנער מערי, 47 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)**
**איר מאַן יעקב וואָלקין און 3 קינדער**

פאַראייביקט דורך יעקב העפּנער און פּאָלי (פעשקע) העפּנער־מינץ
מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי.

---

**וו.**

**וואַגמאַן לייבל, 47 יאָר**
**וואַגמאַן חיה־לאה (צעסלער), 47 יאָר**
**וואַגמאַן הערשל, 45 יאָר**
**וואַגמאַן גוטקע (רודי), 45 יאָר**
**וואַגמאַן אברהם, 43 יאָר (געפאַלן אין דער רויטער אַרמיי)**
**וואַגמאַן נחמהקע, 49 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)**
**אירע קינדער קיילע און שיינע**
**איר מאַן פישל פלעבאַן (אין מיידאַנעק)**
**וואַגמאַן רבקה, 40 יאָר**
**איר מאַן מאָטל שוסטער און זייערע 2 קינדער**
**וואַגמאַן פייגל, 35 יאָר**
**איר מאַן יעקב גאָלדשטיין און טאָכטער**
**וואַגמאַן שרה, 32 יאָר**
**איר מאַן יצחק איטקין מיט 3 קינדערלעך**

פאַראייביקט דורך משה וואַגמאַן און פרוי
אויסטראַליע.
און רייזל באַכראַך (וואַגמאַן)
מדינת־ישראל.

**וואַניעוווסקי חיים (זיידקע)**
**וואַניעוווסקי גיטל (סאַפּירשטיין) און קינדער:**
**וואַניעוווסקי שלמה**
**וואַניעוווסקי סימע**
**וואַניעוווסקי משה**
**וואַניעוווסקי זעליק (אין ראַטנפּאַרבאַנד)**
**וואַניעוווסקי חנה (געטאָ ביעלסק)**
**וואַניעוווסקי זיסל, 19 יאָר (טרעבלינקע)**
**וואַניעוווסקי סאָניע, 16 יאָר (טרעבלינקע)**
**וואַניעוווסקי גוטקע**
**איר מאַן ידידיה**
**זייער קינד יהודית**

---

**וויזניק אברהם־יצחק**
**וויזניקביילע־פייגל**
**וויזניק דבורה**
**וויזניק צאַלקע**
**וויזניק קאָפּל**
**זיין פרוי ראָזע און קינדער**
**וויזניק יוסף (יאָסל צאַלקעס)**
**זיין פרוי באַשקע און קינדער**

**וויזניק לייבל**
**זיין פרוי און קינדער**
**וויזניק צאַלקע**
**זיין פרוי און קינדער**
**וויזניק שמואל**
**וויזניק משה**
**וויזניק חיה־ריווע**

**וויזניק רחל און אירע קינדער:**
**וויזניק צאַלקע**
**וויזניק מרדכי**
**וויזניק יואל**
**וויזניק דאָבע**

**וויזניק אברהמל**
**זיין פרוי און 6 קינדער**
**וויזניק שיינע (דודס פרוי)**
**מיט 3 קינדער**
**וויזניק מיניע־ריווע**
**איר מאַן קולעצקי און קינדער**

פאַראייביקט דורך ליפשע וויזניק (גאָלדבערג)
חיפה, מדינת־ישראל.

וואַדילעוויטש לייב־הערש, 52 יאָר
וואַדילעוויטש רחל, 49 יאָר
וואַדילעוויטש יעקב
פאַראייביקט דורך זייערע קינדער מאָשקע און ליפשע — ניו־יאָרק.

ז.

זאַבלודאָווסקי אברהמל, 20 יאָר
זאַבלודאָווסקי לייבל, 17 יאָר
זאַבלודאָווסקי גוטע, 16 יאָר
זאַבלודאָווסקי סוליע, 13 יאָר
זאַבלודאָווסקי שיינע, 11 יאָר
אַלע יתומים פון משה סוליעס און מערקעס (סערלין פון מיכאַלאָווע)
זאַבלודאָווסקי רייזל (סוליעס), 57 יאָר
איר מאַן יאַשקע וויסאָצקי, 52 יאָר
זייערע קינדער סוליע, ליבע, אברהמל
פאַראייביקט דורך שמואל, יצחק, משה צעסלער און דוד זאַבלודאָווסקי בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע; פאַמיליעס זאַבלודאָווסקי אין אַמעריקע און מעקסיקע.

זאַבלודאָווסקי יוסף (דיכטער און שלום־עליכם־פאַרלייענער) — געטאָ ביאַליסטאָק
פאַראייביקט דורך זיין זון דאָדיע זאַבלודאָווסקי; שמואל, יצחק און משה צעס־לער — בוענאָס־איירעס; דוד און שמואל זאַבלודאָווסקי — מעקסיקע; לייזער לעוו — מדינת־ישראל.
זאַבלודאָווסקי מאָטקע (ברוך־מרדכי), זאַבלודאָווער בעקער פון יאַטקע־גאַס, ביאַליסטאָק
זאַבלודאָווסקי חיה־טויבע (זיין פרוי)
זאַבלודאָווסקי שמולקע
זאַבלודאָווסקי חיים
זאַבלודאָווסקי יוסף
זאַבלודאָווסקי אברהמל
אַלע מיט זייערע משפחות דערשאָסענע ערובניקעס אין „מאַלמעד־אַקט", ביאַליסטאָק
פאַראייביקט דורך דער משפחה פון נחמן זאַבלודאָווסקי ע"ה; פרומע זייבל און אירע קינדער — ניו־יאָרק; פאַמיליעס זאַבלודאָווסקי און צעסלער — מעקסיקע, אַרגענטינע און לעוו — מדינת־ישראל.

זאַבלודאָווסקי חיים־צבי (שרייבער און לערער) — געטאָ ביאַליסטאָק
זאַבלודאָווסקי לייזער
זאַבלודאָווסקי יאכע
זאַבלודאָווסקי משהקע (פראָפ' פון דער העברעישער גימנאַזיע) צווישן די „שבתדיקע"
זאַבלודאָווסקי אהרן (שאַכמאַטיסט) — פאַרברענט לעבעדיקערהייט אין דער גרויסער ביאַליסטאָקער שול.
זאַבלודאָווסקי אסתר
זאַבלודאָווסקי לאה
אַלע מיט זייערע מענער, פרויען און קינדער
פאַראייביקט דורך דוד און ד"ר שמואל זאַבלודאָווסקי — מעקסיקע; דאָדיע זאַבלודאָווסקי; שמואל, יצחק און משהל צעסלער — בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע און לייזער לעוו — גבעתיים, מדינת־ישראל.

זאַלצמאַן נחום־מענדל, 75 יאָר
זאַלצמאַן שפרינצע, 70 יאָר
זאַלצמאַן היה־זעלדער (כייטשע), 38 יאָר
איר מאַן אברהם גראָבער, 40 יאָר
טאָכטער חנהלע

זאַלצמאַן פרומע, 36 יאָר
איר מאַן שמואל ליפשיץ, 42 יאָר

זאַלצמאַן פאַניע
איר מאַן דוד עפּשטיין
טאָכטער מרים

זאַלצמאַןביילקע מיט איר מאַן
זאַלצמאַן מאָטל מיט זיין פרוי
זאַלצמאַן לייבל
זיין פרוי רחל ליפשיץ

זאַלצמאַן קאָפּל, 72 יאָר

פאַראייביקט דורך משהל און זלאַטע זאַלצמאַן (נחום מענדלס קינדער) פון חדרה, ישראל און האַוואַנאַ, קובאַ; משה זאַלצמאַן — אַרגענטינע און סולקע פעטלין־טשעראַף (סולקע משה־זעליקס) — ניו־יאָרק.

---

זלאָצמאַן אסתר (געשטאַמט פון וואָלקאָוויסק)

פאַראייביקט דורך אבישי דאָלינסקי
מדינת־ישראל.

---

יאַכנוק ירחמיאל, 60 יאָר
יאַכנוק פייגל, 17 יאָר
יאַכנוק גאָלדע
איר מאַן יקותיאל גלאַטשטיין
זייערע קינדער: בינקע, דבורה, מאַשע, ישראל
יאַכנוק אבא
יאַכנוק שרהקע (זיין פרוי)
יאַכנוק מאיר
יאַכנוק גאָלדע
יאַכנוק רחל
יאַכנוק הערשל
יאַכנוק בערל (פאָטער)
יאַכנוק מערטשע
איר מאַן משהל מילער און 2 טעכטערלעך
יאַכנוק סימע
איר מאַן הערשל אַזיע
זייער זון מאיר

**יאַכנוק כינקע**
**איר מאַן מ. טענצער און קינד**
**יאַכנוק גרשון — געפאַלן אין דער רויטער אַרמיי**
**יאַכנוק חיים**
**יאַכנוק דינה**
**יאַכנוק שיפרה**
**יאַכנוק טעמע**

פאַראייביקט דורך חיים און דבורה יאַכנוק; שיפרה און ראמאן סאַפּאָזשניק;
נחמה און אברהם לאשיצקי, בוענאָס־איירעס — אַרגענטינע.

---

כ.

**כאָראָװוסקי אברהמל (קניאַזס זון)**
**כאָראָװוסקי באַבטשע (זיין פרוי)**
**כאָראָװוסקי פריידל און איר מאַן זאַוול**
פאַראייביקט דורך ר׳ יואל און שלום כהן
מדינת־ישראל.

---

**כאָראָװוסקי ליבע (פון דאָרף סאצי)**
**כאָראָװוסקי יוסף**
פאַראייביקט דורך שמואל כאראווסקי (בן גדליה)
חיפה, מדינת־ישראל.

---

**כאָראָװוסקי ישראל־משה, 72 יאָר**
**כאָראָװוסקי באַשקע, 62 יאָר**
**כאָראָװוסקי איטקע, 30 יאָר**
**כאָראָװוסקי קאָפּל**
**זיין פרוי און קינדער**
**כאָראָװוסקי נחום־וועלוועל**
**זיין פרוי און קינדער**
**כאָראָװוסקי מענדל**
**זיינע קינדער**
**כאָראָװוסקי יצחק (איטשע)**
**זיין פרוי און קינדער**
**פרוי פון פישל כאָראָװוסקי**
**איר זון איטשע און זיין פאַמיליע**
**כאָראָװוסקי אבא־דניאל (ביאַליסטאָקער געטאָ)**
**כאָראָװוסקי ביילע**
פאַראייביקט דורך פיניע כאראווסקי
ניו־יאָרק, פאַר׳ שטאַטן.

---

**כאָראָװוסקי מנוחה, מוטער**
**כאָראָװוסקי רחל, שוועסטער**
פאַראייביקט דורך יהושע כאָראָװוסקי
מדינת־ישראל.

**בידערסקי יצחק**
**בידערסקי יאַכע**

**בידערסקי בנימין**
**זיין פרוי און קינדער**

**בידערסקי יהודה**
**בידערסקי חיה־ביילע (זיין פרוי) און 3 קינדער**

**בידערסקי שמעון**
**בידערסקי עלקע (זיין פרוי) און 3 קינדער**

**בידערסקי רייזל**
**איר מאַן יהושע גוטסמאַן און 2 קינדער**

**בידערסקי מרים**
**בידערסקי רבקה**

פאַראייביקט דורך משה בירעדסקי
חיפה, מדינת־ישראל.

---

ל.

**לאָפּאַטע איטשע**
**לאָפּאַטע מינדל**

פאַראייביקט דורך צביה און שמעון רובינס
מדינת־ישראל.

---

**לאַפּיטשיי יעקב, 46 יאָר**
**לאַפּיטשיי פייגל, 46 יאָר**
**לאַפּיטשיי מלכה, 20 יאָר**
**לאַפּיטשיי שיינע, 18 יאָר**
**לאַפּיטשיי חיים־מרדכי, 14 יאָר**
**לאַפּיטשיי חנה (באָבע), 97 יאָר**
**און די צווייטע באָבע אסתר־חיה סאָפּער (די זאָגערקע), 86 יאָר**

פאַראייביקט דורך אברהם לאפּיטשיי
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

**ליפשיץ בנימין־שרגא (ביאַליסטאָקער געטאָ)**
**ליפשיץ פּעשע (בעת באָמבאַרדירונג פון דייטשישע אַעראָפּלאַנען)**
**ליפשיץ עלקע**
**ליפשיץ יהושע (אין לאַגער בלוזני)**
**ליפשיץ בינקע**
**ליפשיץ סימע**
**ליפשיץ צילע**

פאַראייביקט דורך מיכאל (בן בנימין־שרגא) ליפשיץ
תל־אביב, מדינת־ישראל.

ליפשיץ אברהם (עמטשע, פון קוואַסאַרניע)
ליפשיץ פרומע (לין) זייערע קינדער
ליפשיץ סאָניע
ליפשיץ רחל
ליפשיץ מיכאל
לין מאַריאַשע
איר מאַן משה אָקון און זייערע קינדער
יעקב און מאיר
לין לאה
איר מאַן נתן סטאַניעצקי

פאַראייביקט דורך ר' יצחק (איטשע) לין
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

לייבטשיקס ברודער, ראובן (רוזקע)
זיין פרוי כייטשע
זייערע קינדער: מיניע, זינע, ליזע
ליפשע (רבקהס מוטער)
איר ברודער שלום
זיין פרוי גיטל

פאַראייביקט דורך רבקה לויתן, ישראל, צום אָנדענק פון איר מאַן, לייבטשיקס ברודער ע"ה און איר משפחה.

---

לעוו וועלוול
לעוו עלקע (זאַבלודאָווסקי — עלקע סוליעס)
לעוו יהודה
לעוו סאָניע (שלאַכטער)
לעוו חיים
לעוו רבקה
לעוו אברהם
אַלע מיט זייערע פרויען, מענער און קינדער

פאַראייביקט דורך לייזער לעוו — גבעתיים, מדינת־ישראל; פאַמיליע צעסלער און זאַבלודאָווסקי — אַרגענטינע, ניו־יאָרק און מעקסיקע.

---

לעוויצקי ציפע
לעוויצקי חנה
לעוויצקי פייגל
לעוויצקי הענאָך

פאַראייביקט דורך פייוול לעוויצקי, אַרגענטינע; פייגל און לאהטשע ראָגאָוויטש ישראל.

**לעווין גיטל**
**לעווין יעקב־קאָפּל**
**לעווין בינקע**
**לעווין בלומקע**
**איר מאַן יעקב גוטבעטער**
**זייער קינד אברהם־יצחק**

פאַראייביקט דורך שמעון לעווין און שוועסטער פנינה (פּעשקע) גאָלדצווייג
קרית־ביאַליסטאָק און נתניה, מדינת־ישראל.

---

## מ.

**מאַלטשיק יצחק (איטשע)**
**מאַלטשיק רחל (ראָכטשע וואַניעווסקי)**
**מאַלטשיק אסתר 12 יאָר**
**מאַלטשיק הערשעלע, 14 יאָר**

פאַראייביקט דורך גוטע אָסמאַן
ישראל.
און פאַמיליע פורמאַן
אַרגענטינע.

---

**מילער משה־וועלוול, 51 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)**
**מילער פייגע־רחל (גלאַטשטיין), 51 יאָר**
**מילער זלמן, 25 יאָר**
**מילער גדליה, 20 יאָר (דערשאָסן אין וואַרשעווער פּאוויאַק)**

פאַראייביקט דורך שמואל צעסלער און פרוי שרה־עטל (מילער)
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

**מירסקי, הרב ר׳ יוחנן זצ״ל (אוישוויץ 1943) — (לעצטער זאַבלודאָווער רב)**
**מירסקי צבי**
**מירסקי חנה (חזן) מיט איר קינד**

פאַראייביקט דורך ד״ר אברהם מירסקי און פאַמיליע
חיפה, מדינת־ישראל.

---

## נ.

**נאָווינסקי הערשל**
**נאָווינסקי באָבקע**
**נאָווינסקי חנא**
**נאָווינסקי יאָסקע**
**נאָווינסקי פייגל**
**נאָווינסקי איטקע**
**(נעמען פון די אַנדערע קינדער אומבאַקאַנט)**

פאַראייביקט דורך י. ראָזנבערג
רמת־גן, ישראל.

**נאָוויק הערשל**
**נאָוויק רבקה מיט זייערע קינדער**
פאַראייביקט דורך מ. טובי (שוואַרץ)
ישראל.

---

## ס.

**סאַפּאָוויטש מאַטקע, 70 יאָר**
פאַראייביקט דורך גדליה בעזרוק
פלאָרידאַ, ב"א, אַרגענטינע.

---

**סובאָטניק ריינע (די רביצן, פרוי פון הרב ר' אברהם־עקיבא סובאָטניק ז"ל)**
**סובאָטניק דוב און פרוי**
**סובאָטניק יצחק־אלחנן**
**זיין פרוי און 3 טעכטער**
פאַראייביקט דורך אליהו געלערשטיין און פרוי שרה־ביילע (סובאָטניק)
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

**סלוצקי גרשון (דער הויפישער), 68 יאָר (ביאַליסטאָק, 10 נאָוועמבער 1942)**
**סלוצקי יאָכע (זיין פרוי), 60 יאָר (אין אוישוויץ, 8 פעברואַר 1943)**
פאַראייביקט דורך אפרים רובינס
אויסטראַליע.
צביה און שמעון רובינס
מדינת־ישראל.

---

## ע.

**עלמאַן מאַשע (רעזניק)**
**עלמאַן שיינע־מלכה**
**עלמאַן אסתר־פייגל**
**עלמאַן יענטע־רייזל**
פאַראייביקט דורך אברהם אוןביילע־רחל בורשטיין
בוענאָס־איירעס,אַרגענטינע.

---

## פּ.

**פּאָדראַבינעק יצחק**

---

**פּאָראָזאָווסקי מיכאל**
**פּאָראָזאָווסקי פּעשקע**
**פּאָראָזאָווסקי לאה**
**פּאָראָזאָווסקי יעקב**
פאַראייביקט דורך פייגל און לייטשע (ראַגאָוויטשעס טעכטער)
תל־אביב, מדינת־ישראל.

**פאראָזאָווסקי כאַנטשע, 40 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק 1943)**
**פאראזאָווסקי חיים־מנשה, 44 יאָר (מיידאַנעק 18 אויגוסט 1943)**
**פאראזאָווסקי מאיר, 44 יאָר (מיידאַנעק 18 אויגוסט 1943)**
**פאראזאָווסקי מיכאל, 16 יאָר (מיידאַנעק 18 אויגוסט 1943)**
**פאראזאָווסקי רחל, 25 יאָר (מיידאַנעק 18 אויגוסט 1943)**
**פלעבאַן שלמה**
**פלעבאַן כייקע**
**פלעבאַן בנימין**

פאַראייביקט דורך יאָסקע ראָזנבערג (יאָסל דעם בירניקס)
רמת־גן, ישראל.

---

**פלעבאַן אברהם (פאָטער)**
**פלעבאַן רחל (מוטער)**
**און זייער גאַנצע פאַמיליע**

פאַראייביקט דורך פאַניע פלעבאַן־מישקאָף
ניו־יאָרק.

---

**פעטלין טויבע**
**פעטלין פייזול**
**פעטלין חנה**
**פעטלין דוד**
**פעטלין אלימלך**
**פעטלין לייבל**
**פעטלין בנימין־בישקע**
**זיין פרוי חנה (קאגאן) און קינדער**
**פעטלין פריידל און איר מאַן זאַוול**

פאַראייביקט דורך ר׳ יואל און שלום כהן
תל־אביב, מדינת־ישראל.

---

**פודריצקי נח**
**פודריצקי רבקה**
**פודריצקי זלמן**
**פודריצקי פריידקע**
**פודריצקי לייזער (רבקה זיידיליכעס זון)**
**פודריצקי אליהו**
**פודריצקי יואל**
**פודריצקי בלומקע**

פאַראייביקט דורך אליהו צעסלער
ישראל.

פלעבאַן חיה
פלעבאַן פישל
פלעבאַן קיילע
פלעבאַן שיינע

פאַראייביקט דורך אברהם און רייזל באַכראַך
ישראל.

---

פערלגוט לייבל
פערלגוט נחמה
פערלגוט מאיר
פערלגוט דוד

פאַראייביקט דורך דער משפחה בראַסלאַווסקי
אַרגענטינע.

---

פערלגוט קאָפּל
פערלגוט לייבל, זיין פרוי און קינדער
פערלגוט פעשע, איר מאַן מאָטל לאַנדינסקי און קינדער
פערלגוט עלקע, איר מאַן און קינדער
פערלגוט נחום, פרוי און קינדער
פערלגוט בנימין, פרוי און קינדער
פערלגוט מאָטל און זון
פערלגוט הערשל

פאַראייביקט דורך זיידקע (אברהם) קאַשטאַן און פאַמיליע.

---

## פ.

פורמאַן אסתר, 19 יאָר
פורמאַן בערל, 17 יאָר
פורמאַן בערל, 45 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)
פורמאַן נחמה, 45 יאָר (געטאָ ביאַלסיטאָק)
פורמאַן שרה־רבקה, 20 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)
פורמאַן חיים, 18 יאָר (געטאָ ביאַליסטאָק)
אַ קינד, נאָמען אומבאַוווסט (געטאָ ביאַליסטאָק)
פורמאַן חיים, 32 יאָר
פורמאַן גאָלדע, 30 יאָר
פורמאַן דרעזל, 15 יאָר
פורמאַן כאַצקל, 13 יאָר
נאָך אַ ברודער, נאָמען אומבאַוווסט

פאַראייביקט דורך יעקב־משה פורמאַן און משפחה
פלאָרידאָ, ב״א, אַרגענטינע.

פליקער פסח
פליקער חיה
פליקער לאה
פליקער מענדל
פליקער חיים

פאַראייביקט דורך פייגל און לייטשע ראָגאָוויטש
מדינת־ישראל.

---

פליקער חיים
זיין פרוי און דריי קינדער
פליקער אפרים, 22 יאָר

---

פיינמאַן משה
פיינמאַן שולמית
און זייערע משפחות

פאַראייביקט דורך אליהו געלערשטיין
ישראל, און אהרן פיינמאַן — טשיקאַגאָ.

---

פעדער נח
פעדער רבקה
פעדער זלמן

פאַראייביקט דורך גוטע אָסמאַן (פעדער)
נתניה, מדינת־ישראל.

---

פענער בערקע
און טעכטער

פאַראייביקט דורך פסח פענער און פאַם.
בוענאָס־איירעס.

---

## צ.

צוריק לייבל
צוריק מערי
צוריק שעפּסל
צוריק יונה
צוריק מענדל
צוריק יוסף
צוריק ליבע
צוריק מינדל
צוריק מיכל, 54 יאָר
צוריק גוטקע, 38 יאָר
צוריק רחל, 17 יאָר
צוריק מינדל
צוריק אברהמל, 15 יאָר

פאַראייביקט דורך בנימין צוריק און פאַמיליע רעזניק
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

צימערמאַן זעליק, 68 יאָר
צימערמאַן רחל־לאה (בעקער), 65 יאָר
צימערמאַן צאַלקע, 40 יאָר
און זיין פאַמיליע
צימערמאַן לייבל, 45 יאָר
און זיין פאַמיליע
צימערמאַן פייגל, 36 יאָר
און איר מאַן סענדער שמוקלער
זייערע צוויי קינדער

פאַראייביקט דורך כאַצקל צימערמאַן און פרוי
אַדראָגע — ב״א, אַרגענטינע.

---

ציקאָרניק באבל
איר מאַן ניסל
זייערע קינדער יואל און בלומקע
ציקאָרניק יעקב
ציקאָרניק עטקע
ציקאָרניק אליהו
ציקאָרניק יואל
ציקאָרניק אברהם
ציקאָרניק קלמן
ציקאָרניק גאָלדע
ציקאָרניק דאָבע

פאַראייביקט דורך אליהו צעסלער
חיפה, מדינת ישראל.

---

צירולניק משה, פאָטער
צירולניק מאַשע, מוטער
צירולניק שמואל
זיין פרוי
מיט זייערע קינדער
צירולניק לייבל
צירולניק זעליק
צירולניק סאָניע
צירולניק נפתלי
צירולניק לאה
צירולניק פרומע
צירולניק גוטקע
צירולניק גאָלדע (מומע), מיידאַנעק 18 אויגוסט 1943

צירולניק איסר
צירולניק איטקע
זיין פרוי און דריי קינדער
צירולניק מלך
צירולניק יוסף (מיידאַנעק, 18 אויגוסט 1943)
צירולניק זבולון (מיידאַנעק, 18 אויגוסט 1943)

פאַראייביקט דורך חנה־פעשע צירולניק (טאָפּאָראָוויץ)
תל־אביב, מדינת ישראל
און חיים שלעסער און פאַמיליע
אַרגענטינע.

---

צירולניק מלך, ביאַליסטאָקער געטאָ, געשטאָרבן
צירולניק באַשע, 36 יאָר
צירולניק איסר
צירולניק איטקע
צירולניק מינדל
צירולניק אסתר
צירולניק אברהמל
צירולניק יוסף

פאַראייביקט דורך בנימין צוריק און פאַמיליע
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע

---

צעסלער אברהם (אהרן הערשם), 62 יאָר
צעסלער ביילע זאַבלודאָווסקי (סוליעס), 62 יאָר (דערשאָסן געטאָ ביאַליסטאָק)
צעסלער ליליע (ליפשע), 21 יאָר (דערשאָסן געטאָ ביאַליסטאָק)
צעסלער סוליע, 19 יאָר (דערשאָסן געטאָ ביאַליסטאָק)
לעצטע דריי — צווישן די 100 ערובניקעס פון דעם „מאַלמעדר־אַקט"
צעסלער פאַניע, 32 יאָר (אין ווילנע)
איר מאַן משה אייזנבערג, 35 יאָר (אין ווילנע)
צעסלער לאַזערקע, 9 יאָר (אין ווילנע)
צעסלער סאלינקע, 4 יאָר (אין ווילנע)

פאַראייביקט דורך שמואל, יצחק און משה צעסלער
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.
און פאַמיליעס זאַבלודאָווסקי — אַרגענטינע, מעקסיקע, ניו־יאָרק.

---

צעסלער יעקב (פאַראווקער), (אוישוויץ)
צעסלער משה־ברוך
צעסלער בלומע (פון די ציקאָרניקעס)
צעסלער יצחק
צעסלער נתן
צעסלער אסתר

צעסלער חנא־הערשל
צעסלער מאַשע
צעסלער ראובן
צעסלער אסתר
צעסלער העניע
צעסלערביילע
צעסלער פייוול (צווישן די „שבתדיקע" אין ביאַליסטאָק)
צעסלער חנה (אַלטער בעקערס טאָכטער)
צעסלער שלמה
צעסלער יצחק

פאַראייביקט דורך אליהו צעסלער (משה־ברוכס זון)
חיפה, מדינת ישראל.

---

## ק.

קאָוואַל קריינע, 63 יאָר
קאָוואַל שמעון־זימל, 42 יאָר
קאָוואַל שיינע־חיה, 44 יאָר
איר מאַן זעליק קאַרפּ, 48 יאָר
זייערע דריי זונעלעך
קאָוואַל יודל, 32 יאָר
זיין פרוי און קינדער
קאָוואַל יעקב) 24 יאָר

פאַראייביקט דורך נח קאָוואַל
סאַן־מאַרטין, ב"א, אַרגענטינע.

---

קאַפּוסטין בנימין (לערער פון „תחכמוני"־שול) צווישן די „שבתדיקע".

---

קאַשטאַן שפרה (פּערלגוט)
קאַשטאַן זעלדע
איר מאַן מענדל ניימאַן
קינדער: אייזיק, שיינע, נעמי
קאַשטאַן עלקע
איר מאַן שמעון בידערסקי
קינדער: אייזיק, שיינע, מערע, ראובן

פאַראייביקט דורך זיידקע (אברהם) קאַשטאַן, און שוועסטער בלומקע
אַדראָגע, ב"א, אַרגענטינע.

---

קולעצקים אליהו
מיט זיין משפּחה (פון סוראזער גאַס)
קנאַראָזאָווסקי יואל (זיך דערצויגן אין דער משפּחה צירולניק)

קלעמענטאָנאָווסקי אהרן
קלעמענטאָנאָווסקי טייבל
קלעמענטאָנאָווסקי אליהו
קלעמענטאָנאָווסקי שמעון

פאַראייביקט דורך אליהו געלערשטיין
מדינת־ישראל

---

קוליש אברהמל (פאָטער)
קוליש פייגל (מוטער)
קוליש משהל
קוליש ישראל
קוליש לייזער

פאַראייביקט דורך לייבל און רבקה ברעסלאַווסקי און פאַמיליע
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

קאַץ חיה־פייגל און משפחה
קאַץ צאַלקע — פאַרברענט לעבעדיקערהייט אין דער גרויסער שול, ביאַליסטאָק

פאַראייביקט דורך אבא קאַץ און פאַמיליע
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

---

קופּלינסקי יעקב (יאַנקל־שלומה יואלס)
קופּלינסקי אסתר
קופּלינסקי שלומה
קופּלינסקי חייקל
קופּלינסקי מערי
קופּלינסקי רחל
קופּלינסקי גיטל
קופּלינסקי שרה
קופּלינסקי שיינע
קופּלינסקי דבורהקע

די מישפּחה פון וועלוול קופּלינסקי:
קופּלינסקי רחל
קופּלינסקי שלומה
קופּלינסקי קיילע

פאַראייביקט דורך יצחק קופּלינסקי
ישראל.

---

## ר.

ראַבינאָוויטש פייוול־בער, 70 יאָר
ראַבינאָוויטש עטקע, 70 יאָר

פאַראייביקט דורך שמואל ראַבינאָוויטש
בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

